לעאָן האַלפּערן

# גייסטיקע שקלאַפן

ראָמאַן

אויף דעם הינטערגרונט פון אַן
[illegible]



אויסגעבעסערטע אויפלאַגע

מאָנטעווידעאָ
1943

Editorial e Imprenta
"ANCLA"
de Bdo. Margulies



פאַרלאַג און דרוקעריי
„עונג"
פון דב מרגליות

געווידמעט מיין טאָכטער און איידעם
חנה און נאָטע מאיראָוויץ.

# ערשטער קאַפּיטל

עס איז געווען אַ זומערדיקער פרייטיק, אינעם חודש יולי 1913.
דער גרעסטער און שענסטער טייך אין ליטע, דער שטילער אָבער שטאָלצער ניעמאַן איז זיך געפלאָסן שטיל און רואיק, באַפּוצט און באַשטראַלט פון די זונענשטראַלן. זיינע שטילע און טיפע וואַסערן האָבן זיך געצויגן צום מזרח, צו דער פּרייסישער שטאָט, וואָס טראָגט דעם זעלביקן נאָמען, מעמעל, (דאָס איז דאָסזעלביקע וואָס אין ליטוויש ניעמאַן). דאָרטן נעמט דער באַלטיק אויף אין זיינע ברייטע און מעכטיקע אָרעמס דעם ליטווישן טייך און דאָרטן געפינט ער זיין רו פאַרשווינדנדיק אין זיינע טיפע טיפענישן.

און ווי וווּנדערבאַר שיין גליטשט זיך דער טייך צווישן די זאַמדיקע פעלדער און וואַלדיקע בערג פון דעם אָרעמסטן געגנט אין ליטע, וואָס הייסט היינט טראָקער וואָיעוואָדסטווע. אַט גיט ער אַ שווענק מיט זיינע וואַסערן דעם ברעג פון דעם אַמאָליקן אין רוסלאַנד באַקאַנטן, אַריסטאָקראַטישן קוראָרט „דרוסקעניק", לויפט גיך פאַרביי די רייכע און שיינע ווילעס וואָס שטייען אַזוי גדלותדיק אויסגעפּוצט אין צענטער פון קוראָרט. אויפן רעכטן ברעג זיינעם לויפט ער ווייטער פאַרביי דעם שאָטנדיקן קוראָרט־פּאַרק און שמייכלט פאַרביילויפנדיק די קלענערע דאַטשע הייזער, וואָס שטייען קאָקעטיש לענגאויס זיין ברעג, דערנאָך גיט ער זיך אַ דריי, מאַכט אַ קונציקן זיגזאַג, גייט פאַרביי אַ פּאָר אָרעמע ליטווישע דערפלעך און ציט זיך אויס סטאַטעטשנע, העט ווייט צו מערב זייט. מיטאַמאָל גיט ער זיך ווידער אַ בויג אויף לינקס, מאַכט נאָך אַ גרויסן האַלבראָד, און גייט שוין אַ שטיק וועג, בחברותא מיט דעם אַלטן שליאַך, וואָס ציט זיך צו דער ליטווישער שטעטל מערעטש.

אָפּגייענדיק אַזוי רואיק אַ זיבן־אַכט קילאָמעטער, מאַכט ער אַ נייע שטיפּעריי, גיט זיך אַ דריי, מאַכט אַ בויג און כאַפּט גאָר אַריין אין זיך דעם קליינינקן טייכעלע ליסקאָווע, וואָס גיסט זיך אַרויס מיט אַ קנאַק פון צווישן צוויי בערגלעך, וועמענס רוקן זיינען באַדעקט מיט אַלטע, ברייט אויסגעצווייגטע ווערבעס, וואָס ציען זיך כמעט ביז צום שטעטעלע מיט דעמזעלביקן נאָמען, ווי דער טייכל.

אַף איינעם פון די בערגלעך, געדיכט אַרומגערינגלט מיט אַלטע ווערבעס, טאַקע האַרט באַם ברעג פון דעם מיניאַטור טייכעלע, איז געשטאַנען אַן אַלטע הילצערנע הויז. דער גרויסער וואַסער־ראָד וואָס האָט זיך אַרויסגעזען פון לינקן זייט שטוב האָט עדות געזאָגט, אַז דאָס געהערט צו אַ מילנער, וועמענס פּרנסה איז צו מאָלן די ביסל קאָרן פאַר די פּויערים פון אַרום וואָס זיי נעמען אַראָפּ, מיט גרויס מי פון זייערע זאַמדיקע מאָגערע פעלדער.

עס איז שוין געווען אַ שטיק נאָך האַלבן טאָג, ווען צום גאַניק פון דער אַלטער מיל האָט זיך דערנענטערט אַ יונגערמאַנטשיק. אין איין האַנט האָט ער געטראָגן אַ קליינעם אָפּגעריבענעם טשעמאָדאַנטשיק און אין דער צווייטער האָט ער געהאַלטן אַ גרויסן, פריש אָפּגעשניטענעם בעריאָזעווען שטעקן, וואָס ער האָט אויסגעשניטן דורכגייענדיק אַ דערבייאיקן בעריאָזעוועלדל.

דער יונגערמאַן איז צוגעגאַנגען צום גאַניק, אַראָפּגעלאָזן אַף דער ערד זיין טשעמאָדאַנטשיק, אָנגעשפּאַרט זיין בעריאָזע שטעקן אָן וואַנט און אַליין האָט ער זיך געזעצט אַף איינע פון די צוויי בענק וואָס זיינען געווען פון ביידע זייטן פון גאַניק, אַרויסגענומען פון קעשענע אַ טאַשנטיכל און האָט זיך גענומען ווישן דעם שווייס וואָס האָט גערונען פון זיין בלייכן פּנים.

אין שטוב האָט מען, ווי עס שיינט, באַמערקט דעם יונגנמאַנטשיק, ווייל באַלד האָט זיך געעפנט די טיר און פון שטוב איז אַרויס אַ מיטליאָריקער ייד, וועמענס פּנים עס איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ געדיכטן שוואַרצן באָרד, וואָס איז געווען דיק דורכגעפּודערט מיט מעל, ער איז געווען אָנגעטאָן אַפּן דאָרפישן שטייגער, אַן אַלטן מעליקן רעקל אַרומגעגאַר־

כּעלט מיט אַ שטריק, אַ פּאָר גראָבע הויזן, אויפגענייט פון איינענע געוועבּטע שטאָף און זיינע פיס זיינען געווען אריינגעשטעקט אין אַ פּאָר גרויסע הילצערנע שיך. די קליידער ווי די שיך זיינען געווען באַדעקט מיט גראָבע שיכטן מעל און פאַרטריקנטן טייג.

ער איז צוגעגאַנגען צום יונגנמאַנטשיק, וואָס איז געזעסן אַפן באַנק מיט דער פּלייצע אָנגעשפּאַרט אין איינעם פון די גאַניק־סלופּעס, האָט אים אַ קוק געטאָן אין די אויגן און אַריינרוקנדיק אים אַ גראָבע מאָזאָלעדיקע מעליקע האַנט, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— דאַכט זיך, אַ ייד? שלום עליכם. פונוואַנען גייט דאָס אַ יונגערמאַן פּרייטיק אַזוי שפּעט? און וווהין ווילט איר נאָך היינט אָנשפּאַרן?

— עליכם שלום — האָט אים דער יונגערמאַן אָפּגעענטפערט, — איך גיי פון דרוסקעניק און וויל נאָך אַוועקגיין קיין ליסקאַווא. איך פיל מיך אָבער זייער מיד, ווייל איך דאָ אַביסל אָפּרוען.

— טאָ קומט אריין אין שטוב, — האָט אים דער מילנער איינגעלאַדן

— וואָס זיצט איר דאָ? איר מוזט דאָך זיין הונגעריק, וועט איר וואָס צובייסן.

דער יונגערמאַן האָט זיך לאַנג ניט געלאָזט בעטן. ער האָט זיך אויפגעהויבן פון באַנק, גענומען זיין טשעמאָדאַנטשיק מיטן שטעקן און איז אריין מיטן מילנער אין שטוב.

די מילנערקע האָט אים פריינטלעך איינגעלאַדן זיך זעצן צום טיש, האָט פאַרשפּרייט אַ גראָבן לייוונטענעם טישטוך אַף איין עק טיש, ארופּגעלייגט א האַלבן לאַבן דאָרפישן גראָבן ברויט, אַוועקגעשטעלט אַ ליימענע שיסעלע מיט זויערמילך און דער יונגערמאַן האָט מיט אַפּעטיט גענומען עסן.

דער מילנער האָט זיך דערווייל שטילערהייט איבערגערעדט מיט זיין פרוי און איז צוגעגאַנגען צום טיש, געווונטשן דעם יונגנמאַן גוטן אַפּעטיט און זיך אָפּגערופן:

— איר ווייסט וואָס, יונגערמאַן, עס איז דאָך שוין פרייטיק פאַרנאַכט, וווּ וועט איר זיך שלעפּן אַזוי שפּעט אין אַזאַ חמימה, בלייבט שוין דאָ אי־

בער שבת. נישקשה, איר וועט ניט פארזאמען די שטעטל, זונטיק אויך, איר וועט געפינען אייער גליק מיט א טאָג שפּעטער.

דער יונגערמאן האָט זיך לאנג ניט געלאָזט בעטן. ער האָט אָנגענומען דעם מילנערס איינלאדונג און איז דאָרט געבליבן אַף שבת.

## צווייטער קאַפּיטל

איבער שבת האָט דער מילנער זיך דערוווּסט ווייטערע איינצלהייטען פונעם יונגנמאן. הייסן, הייסט ער, וועלוול וואלדמאן. קיין פאָטער האָט ער ניט, נאָר אן אָרעמע מוטער. ער שטאמט פון דער שטעטל ריטעווע, אין קאָוונער גובערניע. ער איז געווען א קלויזניק. גלייכצייטיק זיך געגרייט צום עקזאַמען פון אכט קלאסן גימנאזיע. א פּאָר מאָל דורכגעפאלן. מיט פיל מי און אָנשטרענגונג איז אים אָבער דאָך געלונגען די עקזאמענס אויסצוהאלטן. דערווייל האָט ער זיך געמוזט מעלדן צום מיליטער דינסט אין טראָקי, ווו ער איז געווען א נכתב. האָט זיך פיל אָנגעמוטשעט. א סך זיך אָנגעליטן. מען האָט אים באפרייט פון מיליטער. איצט איז ער זייער מיד, זוכט ער א רואיק אָרט ווו זיך אויסצורוען פון די גרויסע אָנשטרענגונגען און די שווערע צייטן וואָס ער האָט לעצטנס דורכגעמאכט. ער איז געפאָרן גלייך פון טראָקי קיין דרוסקעניק, אין דער האָפענונג, דאָ צו קריגן אייניקע שטונדן און מיט דעם רעשט זומער. אָבער ער האָט פארדינסט איבערלעבן דעם זיך ארומגעדרייט אין דרוסקעניק עטלעכע טעג און גאָרניט געפונען. מען האָט אים אָבער געזאָגט, אז און ליסקאווע וועט ער יאָ קריגן שטונדן, איז ער דאָס דערפאר אונטערוועגס אהין.

ריידנדיק מיט די פריינטלעכע מענטשן פון מיל, האָט ער נאָר געגאַרט קריגן אן אָרט, ווו צו רוען און קומען צו זיינע כוחות, ווייל ער איז שטאַרק

אפגעשוואכט געוואָרן אין די לעצטע פּאָר יאָר. ער וויל איבער זומער גאָר ניט טאָן, ווינטער וועט ער נעמען ווייטער לערנען און זיך פּארפולקאָמען אין דער וויסנשאפט וואָס איס פעלט.

די מילנערקע האָט אים אין דער שטיל שטארק באַדויערט: אַזאַ יונגער אַזן שיינער בחור, איז נעבעך אַזוי אויסגעדארט און אויסגעמאָגערט, הויט און ביינער, אַ רחמנות אָף אים, — האָט זי געזאָגט צו איר מאַן — ער זעט זיך אָן אַן אָרנטלעכער און שטילער קינד, און ווי ער זעט אויס? בלייך ווי קרייד, אַ טראָפּן בלוט פאַרמאָגט ער ניט.

איבער נאכט האָבן זיי, דער מילנער מיט זיין פרוי, זיך מיטאַנאנדער פּארשטענדיקט און האָבן צומאָרגנס אים געמאַכט אַזאַ פּאָרשלאָג:

— איר ווייסט וואָס מיר וועלן אייך פּאָרלייגן? — האָט אים די מילנערקע געזאָגט, — בלייבט דאָ באַ אונדז איבערן זומער. איר וועט אביסל צולערנען מיט אונדזערע קינדער. וואָס צום עסן און צום טרינקען, זעט איר דאָך, אַ דאנק די הענט ניט געוואַשן, איז דאָ באַ אונדז. עטלעכע רובל אָף הוצאות וועלן מיר אייך געבן. דרוסקעניק האָט איר דאָ כמעט ווי אונטער דער נאָז. וועט איר זיך דאָ קענען אומגעשטערט אויסרוען און צום ווינטער אויב אייך וועט דאָ באַ אונדז ניט געפעלן, וועט איר גיין ווו אייער האַרץ גלוסט.

וואלדמאַנען איז דער פּאָרשלאָג שטארק געפעלן געוואָרן. עס זיינען אים אויך געפעלן געוואָרן די פריינטלעכע פאַמיליע פון מילנער, די פרוי און קינדער זיינען ביז גאָר געווען פריינטלעך צו אים. האָט ער, ניט לאַנג ישובנדיק, זייער פּאָרשלאָג אָנגענומען. זיין שוואכער און אויסגעדארטער קערפּער האָט געפאָדערט אביסל פרייע און געזונטע לופט, די פעלדער, דער וואלד, דאָס וואסער ארום האָבן אים געלאָקט. דער אמביענט איז אים אויך געווען היימיש. אַזוי ארום איז וואלדמאַן פּארבליבן אַלס לערער אין דעם דאָרפישן מיל.

שפּעטער מיט צוויי וואכן, איז שוין וועלוול וואלדמאַן ניט געווען דער זעלביקער. מען האָט אים שוין גאָרניט דערקענט; זיין געזיכט האָט גענומען קריגן פּארב. זיינע איינגעפאלענע באַקן זיינען געוואָרן פולער. די אויגן

זיינע האָבן שוין געקוקט מיט לעבן, ניט ווי פריער פאַבלאַז און אַפּאַטיש; זיין דארער קערפּער איז געוואָרן רונדער, ער האָט געקראָגן מוט און קראַפט, עס האָט זיך שוין געמערקט אין אים זיין מענערקראַפט און די דאָרפישע פרישקייט האָט געשפּילט פון זיין פּנים.

זיין באַנעמען זיך אין מיל, סיי מיט די עלטערן אַזוי אויך מיט די קינדער, איז געווען אָפן העכסטן גראַד איידל און פריינטלעך. ער האָט זיי אָפּגעגעבן גענוג צייט און זיך געמיט צו אַנטוויקלען אין זיי געוויסע פאַר־שטענדעניש צו זאַכן און פּראָבלעמען, פון וועלכע זיי האָבן פריער גאָר קיין אנונג ניט געהאַט. זיינע באַלעבאַטים האָבן אויך געוווסט ווי אָפּצושאַצן זיין ערנסטקייט און געוויסנהאַפטיקייט, זיי האָבן אים געהאַלטן ווי אַן אייגן קינד און פאַר דער קורצער צייט וואָס ער איז דאָרטן געווען האָבן זיי אים שטאַרק ליב באַקומען.

אַזוי וואָלט אפשר געלאָפן דער לעבן פון דעם אָרעמען לערער וועלוול וואַלדמאַן אומבאַמערקטערהייט, פּונקט ווי עס לויפט אוועק באַ אַנדערע טויזנטער אַזעלכע וואַלדמאַנס פאַר אונדזערע אויגן, ווען עס פּאַסירט ניט קיין באַזונדער געשעעניש באַ זיי, וואָס זאָל ארויסרוקן זייער לעבן פון די געוויינלעכע ראַמען אין וועלכע זיי זיינען איינגעצאַמט און זאָל זיי מאכן באַמערקבאַר. וואַלדמאַן וואָלט ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זיינע טאָג־טעגלע־כע אַרבעטן, לערנען מיט דעם מילנערס קינדער, עסן די אויסגעצייכנטע קעסט וואָס די מילנערקע האָט אים געגעבן און שפּאַצירן שעהן לאַנג איבער די ליטווישע פעלדער, דורך די פּריצישע וועלדער, לענגאויס דעם שטילן ניע־מאַן, ווען ניט זיין שוואַכקייט צום באָדן און שווימען.

וואַלדמאַן האָט געהאַט אַ שוואַכקייט זומער פיל צו באָדן זיך. פיר־פינף אַזייגער אינדערפרי האָט מען שוין אים געקענט זען באַם ניעמאַן, דאָרטן צווישן די גרינע קוסטעס וואָס האָבן געדיכט געוואָקסן אַף דעם לינ־קען ברעג פון טייך, ניט ווייט פון דעם אָרט וווּ די קליינע ליסקאַווע פליסט אריין אין גרויסן ניעמאַן, צופוסנס פון דעם ווערבע־וועלדל, אַן ערך אַ פּאָר קילאָמעטער פון מיל, האָט וואַלדמאַן געמאַכט פאַר זיין ליבלינגס־פּלאַץ. באַגינען, אַז ער פלעגט קומען צום טייך, האָט ער זיך אויסגעטאָן נאַקעט,

פלעגט זיך ארײַנוואַרפן אין די הויכע גרינע גראָזן וואָס האָבן געוואָקסן אין וועלדל. אויסציען זיך ווי לאַנג ער איז געווען, אונטערלייגן די הענט אונטערן קאָפּ, די פאַרחלומטע אויגן אויסגעשטעלט צום בלויען ליטווישן הימל, און אַזוי ליגן און טראַכטן שעהנלאַנג.

זייער אָפּט פלעגט אים אײַנוויגן די ריינע פרימאָרגן־לופט ארום אים. עס פלעגט אים אײַנשלעפערן דער פרײַלעכער געזאַנג פון די פויגלען. און וואלדמאַן פלעגט אײַנדרעמלען. אָבער דערהערנדיק די געשרייען פון פליטן טרײַבער וואָס פלעגן פאַרבײַשווימען מיט זייערע קלעצער אַף זייער וואַסערוועג קיין פרייסן, פלעגט ער זיך אופכאַפּן און ווײַטער טראַכטן.

אמאָל פלעגט ער ליגן און זיך צוהערן צו די אומעטיקע לידער פון די ליטווישע פויערטעס וואָס אַרבעטן אַף די דערבײַיאיקע פעלדער, ווי זיי באַזינגען טרויעריק און האַרצשנײַדנדיק זייערע אַמאָליקע פירשטן און העלדן. און דער געזאַנג פון די דאָרף־פויערטעס פלעגט אַף אים אָניאָגן א נייע כוואַליע פון געדאַנקען. אָבער ווער קען דאָס וויסן וואָס א יונגער מענטש קלערט? ווען זײַן צוקונפט איז פאַר אים פאַרשלאָסן; ווען זײַנע צילן און שטרעבונגען זײַנען נאָך ניט אָפּגעדעקט; זײַנע צוקונפט־פלענער ניט אויספאָרמירט?

אָפּגעלעגן זײַנע פאָר שעה האָט וואַלדמאַן מיט אַמאָל זיך אַ הויב געטאָן. געזעסן אַ מאָמענט, אַ קוק טאָן ארום זיך, זען אויב עס זײַנען ניטאָ קיין מענטשן ארום אים, און מיט אימפּעט זיך לאָזן לויפן צום טײַך. ערשט דאָרטן האָט וואַלדמאַן גענומען לעבן און הנאה האָבן פון לעבן. שטונדןלאַנג פלעגט וואַלדמאַן אָפּליגן אין וואסער און נאָר שווימען. גאַנצע שטרעקעס פלעגט ער אָפּשווימען, — שטראָם ארוף, שטראָם אראָפּ, דורכקרייצן דעם טײַך היִן און צוריק, שווימען אפן רוקן, אַפן בויך, אַלערליי קונצן פלעגט ער מאַכן אין טײַך. זיך געבאָדן און געשווומען, געשווומען און זיך געבאָדן. דאָס איז געווען וואַלדמאַנס אייניציקער פאַרגעניגן.

און אפשר האָט וואַלדמאַן אינסטינקטיוו געפילט אַז זײַן שוואַכקייט צום שווימען, זײַן פאַרגעניגן צום באָדן, וועט אים אַמאָל ארופירן אפן ברייטן שליאַך פון לעבן. ווי די זאַך זאָל ניט האָבן געווען, צום מאָמענט איז

דאָס געווען באַ אים זיין איינציקער פאַרגעניגן. וואָס דען אַנדערש האָט געקענט געבן די אַמאָליקע אונטערדריקונג פון דער צאַרישער רעגירונג אַ ייִדישן יונגנמאַן בכלל און באַזונדערס אַזאַ ייִדישן יונגן מענטשן, וועלכער איז שוין אַפילו געוואָרן אַן עקסטערן? און וואָס האָט די ייִדישע געזעל־שאַפט געהאַט אָנצובאָטן פאַר דער יוגנט וואָס פלעגט איר יוגנטקראַפט און ענערגיע אָפּגעבן, עפּעס צו דערגיין, עפּעס צו לערנען? דאָס איינציקע וואָס זי האָט פאַרמאָגט איז געווען, לופט, וואַסער און פויגל־געזאַנג אין די וועל־דער. אָט מיט דעם פאַרגעניגן זיינעם האָט וואַלדמאַן געלעבט אין מיל, באַ די שיינע ברעגעס פון ניעמאַן.

## דריטער קאַפּיטל

**און** גאָר דערביי, סך הכל מיט פינף אָדער זעקס קילאָמעטער וואַסער־אַרויף אין דעם לוקסוסדיקן קוראָרט דרוסקעניק, האָט דאָס לעבן געשלאָגן מיט זיין גאַנצן אימפּעט, זאַטקייט און איבערפלוס, רייכקייט און לוקסוס האָט מען געמערקט אין יעדער ווינקעלע פון קוראָרט. גראָד זיינען צוליב צופעליקע קאַפּריזן פון די רייכע, יענעם יאָר צוזאַמענגעקומען דאָרטן גאָר געהויבענע געסט, פאַמיליעס פון הויכן רוסישן אַדל האָבן זיך באַוויזן אין קוראָרט צו פאַרענדיקן דעם זומער.

די הויפּט־אויפמערקזאַמקייט האָט געצויגן די פאַמיליע פון דעם ניט לאַנג דערמאָרדעטן רוסישן פּרעמיער סטאָליפּין, זיין פרוי, איר שוועסטער, די פרוי פון אָדעסער גראַדאָנאַטשאַלניק, ריינהאַרדט האָט איר באַגלייט. מיט זיי איז אויך געקומען די טאָכטער פון סטאָליפּין, די וואָס איז לייכט פאַרוואונדעט געוואָרן אין טעאַטער באַם אַטענטאַט. די פרוי פון צאַרס פליגל אַדיוטאַנט פאָן באָק. די פרוי און טאָכטער פון רוסישן גענעראַל באַראָן

קאַרף זיינען דאָרטן געווען. די טאָכטער, אַ זעלטענע שיינהייט, אָקאָרשט, וואָס זי האָט פאַרלאָזן די שול־באַנק פון פּעטערבורגער אַדעליקן מיידל אינ־סטיטוט. עס זיינען נאָך געווען די פרוי און טעכטער פון טרויעריק באַרימ־טען גענעראַל רענענקאַמף און נאָך און נאָך אַנדערע הויכע פאַמיליעס האָבן דאָרטן פאַרבראַכט.

און ווי עס קריסטאַלט זיך, אַזוי יידלט זיך, זאָגט אַ גלייכוואָרט. יידי־שע מאַגנאַטן האָבן דערשמעקט אַז האַיאָר פאָרן די גרויסאַרטיקע פאַמי־ליעס קיין דרוסקעניק, האָבן זיך פלוצלינג דאָרטן באַוויזן יידישע מאַגנאַטן פון פעטערבורג, מאָסקווע, קיעוו וואָס האָבן געפונען אַ גוטע געלעגנהייט דאָרטן אַרויסצווייזן זייער גלאַנץ און איבערגעטריבענעם לוקסוס.

די צוויי־דריי טראָקער פּריצים מיטן פּאָרזיצער פון די טראָקער אַדל־לייט, וועמענס גיטער האָבן זיך געפונען אין דער שכנות מיט דעם קוראָרט האָבן אַרויסגעוויזן, בּאַ דער געלעגנהייט, די גאַנצע געמיינקייט פון זייער שטענדיקער אונטערלעקעריי צום רוסישן דעספּאָט. זיי האָבן דעם לעבן גע־לייגט צו מאַכן די געסט וואָס באַקוועמער און וואָס געמיטלעכער. מען האָט איינגעאָרדנט יעדן אָוונט בעלער, ראַוטן, אילומינאַציעס לכבוד די געהוי־בענע געסט. מען האָט געטרונקען און געגעסן, געטאַנצט און געהוליעט און פאַרבראַכט די צייט אין פאַרגעניגן און געמיינע אויסגעלאַסנקייט.

עס איז געווען אַ שבתדיקער נאָכמיטיק. דער וועטער איז געווען וווּנ־דערבאַר שיין, די לופט אַרום מחיהדיק. די געסט זיינען געזעסן אויף די טע־ראַסעס פון זייערע ווילעס און מען האָט געטרונקען טיי, געפּלוידערט און גערעדט. די טעמע פון טאָג איז געווען — דער באַל וואָס דער פאָרזיצער פון די טראָקער אַדעליקע גיט היינט לכבוד דעם געבורטסטאָג פון דער מאַ־דאַם סטאָליפּין. די יונגנט האָט צוגעקליבן זייערע טואַלעטן און די עלטערע האָבן פאַרבראַכט אין אַדעליקע רכילות טרייבן, וועמענס מאַן עס וועט אויפ־קומען און ווער עס וועט פאַלן; וועמענס פרוי איז אינטים מיט דעם הויכן רוסישן סאַנאָווניק און וועמענס — מיט יענעם.

אויף איינער פון די טעראַסעס האָבן זיך געפונען דיביידע שוועסטער, מאַדאַם סטאָליפּין, מאַדאַם ריינהאַרדט און מאַדאַם באָק, אין געזעלשאַפט

באַזוך בא דער טאָכטער פון גראף טאָטלעבן, דעם פאַראָרעמטן און פאַר־געסענעם פּוילישן אדלמאַן, וועמענס גיטער עס האָבן זיך געפונען אין שכנות מיט סטאָליפּינס, בא דער ליטווישער שטעטל קיידאַן. זיי זײנען געזעסן ארום אַ רייך סערווירטן טיי־טיש און געטרונקען טיי.

פאָרנט, אין פראכטפולן פראָנט־גאָרטן, ניט ווייט פון אַ שפּריצנדיקן פאָנטאַן, זיינען געזעסן: די ייגגערע גרעפין טאָטלעבן, אַ באַקאַנטע פאַרזעע־ניש אין יענע צייטן; פריילן רענענקאַמף, די שוין פריער דערמאָנטע באַ־ראָנעסע קאָרף און דער יונגער רײנהארדט, ארקאַדיע, וואָס איז שפּעטער געפאַלן אין די שלאַכטן פון דעניקינס ארמיי מיט די באָלשעוויקעס. זיי האָבן זיך געוויצלט און געלאַכט. מיט זייער געלעכטער האָבן זיי פאַרהילכט דעם גאַנצן ווילינעפערטל פון קוראָרט.

אונדזער װעלװל װאַלדמאַן האָט צופעליק אויך פאַרבראַכט דעם שבת אין דרוסקעניק. ער האָט זיך געוואָלט אַביסל צעשטרייען פון זיין איינזאַם־קייט אין מיל. ער האָט געוואָלט דעם טאָג זען די ווירקלעכקייט פון אמתן לעבן, הגם ער אליין האָט דאָס ניט געקענט מיטמאַכן. ווייניקסטנס אָבער האָט ער דאָס געוואָלט אָנזען מיט זיינע אויגן.

וואַלדמאַן האָט נאַטירלעך ניט פאַרבראַכט דעם טאָג צווישן די רייכע ווילִיעס, ווו עס האָבן געקלונגען די זאַטע און זאָרגלאָזע געלעכטערס, ווו דאָס לעבן האָט זיך געגאָסן איבער די ברעגעס. ער האָט דעם טאָג פאַר־בראַכט מיט אַ חבר, אַ טרוימער ווי ער, וועמענס נשמה עס האָט זיך אויך ערגעץ געריסן צו אומבאַקאַנטע האָריזאָנטן און וועמענס צוקונפט פלענער עס זיינען נאָך אויך ניט געווען אויספאָרמירט.

פאַרנאַכטלעך האָט וואַלדמאַן זיך געקליבן גיין צוריק צו זיין צייט־ווייליקער היים, אין מיל. דער חבר זיינער האָט אים באַגלייט. איידער זיי האָבן זיך אָראָפּגעלאָזן צום ניעמאַן, איבערצוקרייצן אים מיטן פּאָראָם, האָט זיך זיי פאַרגלוסט מאַכן אַ שפּאַציר צווישן די רייכע ווילִיעס און כאַפּן אַ בליק אַף דעם פּולסירנדיקן לעבן דאָרטן.

זיי האָבן זיך אַזוי שפּאַצירנדיק דערנענטערט צו דער ווילִיע, ווו די געהויבענע דאַמען מיט זייערע קינדער האָבן זיך געפונען. די ערשטע וואָס

האָט זיי דערזען איז געווען די העסלעכע גראַפינע טאָטלעבן, וואָס האָט שטענדיק גערעדט מיט פאַרביטערונג און גאַל, אַף אַלץ און אַלעמען.

— איר זעט, אַרקאַדי גריגאָראָוויטש — האָט זי זיך אָפּגערופן צום יונגן ריינהאַרדט, און געוויזן מיטן פינגער אַף די פאַרביישפּאַצירנדיקע יונגעלייט — פון די יידן האָבן מיר שוין גאָר קיין אָרט ניט. בײַ אונדז אין קיידאַן זיינען זיי אַזוי פיל, אַז מיר איז שוין נמאס געוואָרן קוקנדיק אַף זיי. קומט מען אַהער אַף אַ ווייל, זיינען זיי אויך דאָ און קריכן אַריין אין אונדזערע נשמות. עס איז דאָך פּשוט ניט אַריבערצוטראָגן — האָט זי מיט ערגער און גיפט זיך געווענדעט הויפּטזאַכלעך צום קאַוואַליר.

דער געשפּרעך איז נאַטירלעך געפירט געוואָרן אין פראַנצויזיש, ווי די מאָדע איז דעמאָלט געווען אין די הויכע רוסישע קרייזן.

— אָ, איך האָב זיי פיינט ווי די ווערים — האָט ריינהאַרדט איר געענטפערט — איך פאַרשטיי אייך, גרעפין, אַז איך וועל אַמאָל קומען צו דער מאַכט אין אונדזער הייליקער מוטערלאַנד, וועל איך ניט פירן מיט זיי קיין פּאַפּירענע מלחמה, ווי דאָס טוט אונדזער פּאָביעדאָנאָסצעוו. דער פאַרעטער פון די רוסישע אינטערעסן. ער באַהאַנדלט זיי מיט אַ ים פּאַפּירענע אויסנאַם־געזעצן, פון וועלכע זיי דרייען זיך סיי ווי אויס. איך וועל זיי איינפאַך אויסראָטן און אויסשעכטן מיט די מעטאָדן, ווי אונדזער טייערער קרושעוואַן טוט דאָס, ווי ער האָט דאָס אַמאָל אָנגעווענדעט אין קעשענעוו — האָט ער מיט היץ געשריען. — וואָס איז שייך דאָ, וועל איך היינט, באַנאַכט, ווען מיר וועלן זיין אַפּן באַל בײַ דעם פּאָרזיצער פון די אַדעליקע, נעמען בײַ אים זיינע הינט און די פּאָראָבקעס מיט זייערע בייטשן און וועל מיט זייער הילף אַרויסטרייבן מאָרגן פון דאָ אַלע פאַרשאָלטענע זשידעס, — האָט ריינהאַרדט מיט גיפט פאַרענדיקט. (פּאַקטישער אויסדרוק פון ריינהאַרדטן, — ד. מ.).

— איך זע ניט, ליבע אַנדזשעלאַ און טייערער אַרקאַדיע, וואָס איר האָט זיך מיט אַמאָל אַזוי פאַרינטערעסירט מיט די יידן, זיי טוען דאָך אייך גאָרניט — האָט זיך אָפּגערופן די פרײַלן רענענקאַמף.

די יונגע באַראָנעסע קאָרף האָט זיך אויך אופגעהויבן פון איר פּלאַץ.

זי איז צוגעגאנגען נענטער צו ריינהארדטן, ארופגעלייגט איר קלאָר ווייס הענטל אף זיין שולטער און זיך אָפּגערופן:

— וואָס טוט זיך דאָ מיט אייך, ארקאדיע גריגאָראָוויטש? איר זייט א רוסישער אדלמאַן אָדער גאָר א סיביריאַק? איך פארשטיי אייך נים. ווי קומען צו אייך אזעלכע געמיינע און פינצטערע געדאנקען און אויסדרוקן? יידן זיינען אויך מענטשן און אף מענטשן רייצט מען נים קיין הינט און מען שמייסט זיי נים מיט בייטשן. עס פאסט נים פאר אייך אזוי צו ריידן. גייט זיך אייער וועג און זאָלן די יידן גיין זייער וועג.

די גאנצע צייט איז וואַלדמאַן ארומגעגאנגען מיט זיין חבר אין זייער א פריילעכער שטימונג, צופרידן פון דעם זומער־צויבער וואָס האָט ארומגענומען דעם גאנצן קוראָרט און הנאה געהאט פון לעבן, וואָס דאָרטן האָט געשלאָגן. — פלוצלינג איז ער געבליבן שטיין אף אַן אָרט:

— שטיי איין מאָמענט, — האָט ער אַ צי געטאָן זיין חבר פארן ארבל,

— איך מוז עפּעס זיך צוהערן, — און האָט געצוווּנגען זיין חבר אויך זיך אָפּשטעלן.

דער חבר האָט באמערקט ווי וואַלדמאַן ווערט בלייך. זיין רעכטע האנט האָט זיך אויטאָמאטיש פארקוועטשט אין א פויסט. זיין קערפּער האָט אזש א ציטער געטאָן פון א פלוצלינגער אופרעגונג וואָס אין אים איז מיטאַמאָל פאָרגעקומען. זיין חבר האָט אים מיט פארוווּנדערונג אָנגעקוקט און א פרעג געטאָן:

— וואָס איז מיט דיר געוואָרן, וועלוול? זע ווי דו זעסט אויס, פילסט זיך עפּעס נים געזונט?

— עפּעס שרעקלעכעס האָט איצט פּאסירט, — האָט ער זיך אָפּגערופן און פארקריצט מיט צאָרן זיינע ציינער, — איך האָב איצט, פארבייגייענדיק די ווילע, געהערט אזעלכע רייד, וואָס מען האָט גערעדט איבער אונדז, יידן, אז די האָר שטעלן זיך מיר אין דער לופט. אויב די יונגע מענטשן, דער שפּיגל פון דעם נייעם דור, דאָס בעסטע פון דער מענטשלעכער געזעלשאפט ריידן אזוינס, זיינען מיר פארלאָרן. אזוי ווייט זיינען מיר שוין פארהאסט, אזוי טיף איז שוין אריינגעקראָכן די שנאה אף יידן, אז

יונגע לײַט, וואָס דאַרפֿן זײַן דער אַוואַנגאַרד פֿון דער נײַער צײַט; זײ, וואָס דאַרפֿן זײַן די פֿאַרקעמפֿער פֿון דער אַרײַנדרינגנדיקער דעמאָקראַטיע, וואָס זוכט זיך צו אימפּאָנירן מיט יעדן טאָג, אַלץ מער און אַלץ שטאַרקער, זײַנען אַזוי פֿאַרגיפֿטעט און פֿאַרפּעסטעט, האָבן מיר שוין גאָר קײן האָפֿענונג ניט מער, ווען עס איז צו ווערן מענטשן און זײַן אַ פֿאָלק מיט אַלעמען גלײַך. מען ווערט באַ זיך אַזוי אַנטמוטיקט און געפֿאַלן, אַז מען פֿאַרלירט די לוסט צו גײן קעמפֿן פֿאַר אונדזערע אָרעמע ברידער און שוועסטער.

— דו זאָלסט אַזוי רײדן — האָט אים זײַן חבר געענטפֿערט, — פֿאַרשטײ איך ניט, דו וואָס דו האָסט אַזוי עקשנותדיק געקעמפֿט, כּדי צו ווערן אַ געבילדעטער מענטש און צו דערגרײכן אַ פּאָזיציע אין לעבן, זאָלסטו זיך אָפּשרעקן עפּעס פֿון די רײד פֿון אַן אומפֿאַראַנטוואָרטלעכן כוליגאַן און באַ דעם ערשטן קויל שוין וואַרפֿן די פֿלינט אין די קאָרן. דאָס גלויבט זיך מיר ניט. סײדן דו ביזט אַ מענטש פֿון שטימונג. דו לאָזט זיך לײַכט באַאײַנפֿלוסן פֿון אַ ליאָדער נאַרישקײט און פֿאַלסט אַרײַן אין אַ ניט באַרעכטיקטער און אומבאַגרינדעטער פֿאַרצווייפֿלונג, גראָד פֿאַרקערט, חבר וואַלדמאַן, האַלטן דעם קאָפּ הויך, ניט פֿאַרצווייפֿלען, ניט צולאָזן צו זיך אַזוי גיך אַ יאוש שטימונג, צײַטן בײַטן זיך, אַזוי ווי זײ קומען אָן שטורמיש און ברענגען מיט נײַע מענטשן און נײַע כּוחות, אַזוי פֿאַרשווינדן זײ גיך און עס פֿאַרשווינדן מיט זײ די פֿינצטערע כּוחות מיט די מענטשן וואָס האָבן זײ אַרויסגערופֿן. מיר מוזן זײַן מוטיק און פֿעסט. די כוליגאַנעס זײַנען ניט קײן אײביקײט, זײ וועלן אַוועק, עס וועלן קומען אַנדערע מענטשן און פֿאַר אונדז, ייִדן, וועלן אויך קומען נײַע, בעסערע און גליקלעכערע צײַטן.

וואַלדמאַן האָט זיך אַביסל באַרואיקט. זײַן חברס רײד האָבן אַף אים געווירקט דערמונטערנדיק. ער האָט גענומען זײַן חבר אונטערן אָרעם און איז אַוועק פֿון דעם אָרט, וואָס איז געווען די סיבה פֿון זײַן מאָמענטאַנער פֿאַרצווייפֿלונג. אָפּגײענדיק אַ פּאָר טריט, האָט ער זיך אומגעקערט צו דער ריכטונג ווו די יונגטלעכע זײַנען געזעסן. אין דעם מאָמענט האָט זיך די

יונגע באַראָנעסע אָפּגעדרייט פון ריינהאַרדטן, האָט א שמייכל געטאָן צו דער גרעפין און איר חברטע און געזאָגט:

— צו וואָס זאָלט איר זיך אופרעגן איבער נאַרישקייטן, צו וואָס פאַר־דאַרבן אונדזער שטימונג? מיר זאָלן ניט הנאה האָבן פון היינטיקן באַל קומט, לאָמיר גיין זיך צוקלייבן.

זי האָט גיך אָנגענומען די גרעפין טאָטלעבן פאַרן האַנט און גענומען זי שלעפּן צו דער ווילע. אין דעם מאָמענט האָבן זיך באַגעגנט אירע אויגן מיט די אויגן פון וואַלדמאַנען וואָס האָבן זי אַזוי נייגעריק אָנגעקוקט, זיך טרעפנדיק אָבער מיט איר בליק, האָבן זיך זיינע אויגן פאַרשעמט אַרונטער־געלאָזן צו דער ערד. ער האָט זיך אָפּגעדרייט און איז אַוועק זיין וועג.

— דו ווייסט, — האָט ער געזאָגט, גייענדיק צו זיין חבר, — איינע פון זיי, די יונגיטשקע, די אין ווייסן קלייד, די מוז זיין אַן איידל קינד. זי האָט שוין גאַנץ וואָס אַנדערש געערדט, ניט ווי דער כוליגאַנישער שייגעץ.

## פערטער קאַפּיטל

וואַלדמאַן איז צוגעגאַנגען צום ניעמאַן, אָפּגעזעגנט זיך מיט זיין חבר און זיך אַריבערגעשיפט דעם טייך צו גיין צו זיך אהיים.

אָפּגייענדיק לענגאויס דעם טייך אומגעפער העלפט וועג, האָט ער זיך אַוועקגעלייגט אויפן גרינעם גראָז, ניט ווייט פון וועג אַביסל אָפּרוען. ווי זיין געוווינהייט איז אַלעמאָל געווען, האָט ער זיך אויסגעצויגן, די הענט אונ־טערן קאָפּ און זיך פאַרטראַכט.

וואַלדמאַן האָט געטראַכט פון זיין אַקאַרשטיקער איבערלעבונג. ער האָט ניט געקענט פאַרגעסן די ווערטער פון דעם יונגן אַדעליקן, וואָס ער האָט צופעליק געהערט פאַרבייגייענדיק די ווילע. זיינע געדאַנקען האָבן

זיך אַלץ געדרייט ארום דעם ענין. ווער זיינען מיר אייגנטלעך, יידן? וואָס
פארא אומגליקלעך פאָלק זיינען מיר דאָס? — האָט ער געטראכט. מיר, א
פאָלק פון פינף מיליאָן אין רוסלאנד אליין, זיינען מיר אזוי הפקר, אזוי דער־
נידעריקט, אַז יעדער איינער האָט דאָס רעכט אונדז צו האלטן אין מויל.
פון דעם נידעריקסטן ביז דעם העכסטן אין רוסלאנד, מעג אונדז באַשימפּן
און באַשמוצן. און ניטאָ קיינער ווער עס זאָל זיך פאַר אונדז אָנעמען. ווו
ליגט די סיבה פון אונדזער שוצלאָזיקייט? פאַרוואָס געפינען זיך ניט אין
אונדזער פאָלק מענטשן מוטיקע, ענערגישע מיט א חוש פון אַ ריכטיקן
פאָלקס־פירער, וואָס זאָל אָרגאַניזירן א געהעריקן ווידערשטאנד קעגן דעם
געמיינעם שונא? אויב מיר האָבן ניט אזעלכע פירער איז דאָך טאַקע גע־
רעכט דער מאָדערנער יידישער נביא־דיכטער און גרויסער קינסטלער, וואָס
האָט געשריען: „הנה עגלי הטבחה, הנה הם שוכבים כולם”, אז מיר יידן
שטרעקן אונדזערע העלדזער צו דער שחיטה ווי די קעלבער. מיר טוען גאָר־
ניט, מען שלאָגט אונדז, מען באַשמוצט אונדז, מען פייניקט אונדז, מען
רויבט אונדזער פאַרמעגן, מען פארגיסט אונדזער בלוט, און מיר, וואָס טוען
מיר? אין בעסטן פאַל, פאסטן מיר תעניתים, מיר זאָגן תהילים. ניט שוין
זשע זיינען מיר דאָס טאקע אַזוי גייסטיק אָרעם, פיזיש אזוי מינדערווער־
טיק, מאָראַליש אזוי געפאַלן? ניט שוין־זשע קען שוין מער אונדזער פאָלק
ניט ארויסגעבן נייע מכבעער, וועלכע זאָלן באַגייסטערן אונדזער נשמה, וועל־
כע זאָלן אונדז דערמוטיקן, פיזיש שטארקן, מאָראליש דערהויבן, מיר זאָלן
ווירדיק ארויסטרעטן צו באַשיצן אונדזער לעבן, אונדזער כבוד, אונדזער
מענטשלעכקייט, אונדזערע פרויען און קינדער פון אַזעלכע געמיינע און
נידערטרעכטיקע אָנפאַלן? און האָבן מיר ניט קיין נייע מכבעער אין אונדזע־
רע רייען, וועלכע זאָלן פיזיש דערציען אונדזערע נייע יידישע דורות, טאָ
פארוואָס זאָלן מיר ניט האָבן אין אונדזערע רייען נייע מאָדערנע יוחנן בן
זכאי'ס, מאָדערנע יבנה'ס וואָס זאָלן אונדז לכל הפחות, גייסטיק דערציען
און דערהויבן, וואָס זאָל אונדז קולטורעל שטאַרק מאכן, מיר זאָלן קענען
ווייניקסטנס מיט דעם כח פון אונדזער קולטור, מיט דעם ערנסט פון אונ־
דזער דענקען און וויסן אָפּשלאָגן די גיפטיקע אטאַקעס פון אונדזער שונא?

וואַלדמאַן האָט זיך פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען, אַזוי זיך פאַר־טראַכט אין די יידישע צרות, אַז ער האָט גאָר ניט באַמערקט, ווי די זון האָט זיך שוין לאַנג אַרונטערגעלאָזן. אין דרויסן איז שוין גוט טונקל. ער האָט זיך האַסטיק אופגעהויבן פון זיין אָרט און גענומען ווייטער גיין אין דער ריכטונג צו דער מיל, ווו ער האָט זיך אופגעהאַלטן.

גייענדיק איז אים נאָכאַמאָל ארוף אַפן זינען די סצענע אין יענער ווילע.

ווער קענען זיי זיין די דאָזיקע אויסגעפּאַשעטע און אויסגעבאַליעטע דאַמען וואָס זיינען געזעסן באַ דעם טיי־טיש? און ווער זיינען דאָס געווען די יונגע דאַמען וואָס האָבן קיין אַנדער אַרבעט ניט ווי נאָר צו ריידן פון יידן? דער יונגער איז אַוואַדע אַ מיניסטערס אַ זונדל, אָדער וועלכן ניט איז גענעראַל, וואָס פילן זיך דאָ ווי די מעכטיקסטע מענטשן. ער מוז זיכער זיין אַ פּוסטער בעל גאוה, אַ שיכור און אַ געמיינער ציניק. אַנדערש וואָלט ער ניט געהאַט די חוצפּה צו ריידן אַזוי געמיין און נידעריק אין דער אַנוועזנהייט פון דאַמען. באַלד איז אים אַרופגעשוואומען אַפן געדאַנק די ליב־טיקע און שיינע געזיכט פון דער יינגיטשקער דאַמע, וואָס האָט דעם יונגנ־מאַן אַזוי דרייסט געענטפערט. מען קען זאָגן, אַז זי האָט אַף אַן איידעלן אופן אויסגעפּאַטשט דעם דאָזיקן פראַנט. ווער קען זי זיין? אַוואַדע אויך אַ טאָכטער פון עפּעס אַ הויכן רוסישן מאַכטהאַבער און ביוראָקראַט. יאָ, מיין חבר איז גערעכט, מען דאַרף ניט פאַרצווייפלען. מען טאָר ניט קלאָגן און אריינברעכנגען אין דער געזעלשאַפט אַ יאוש־שטימונג, כל זמן עס גע־פינען זיך צווישן זיי אַנדערע ברואים. עס זיינען דאָ צווישן זיי אמת האַרצ־לאָזע און פאַרברעכערישע טיפּן; עס זיינען דאָ אָבער צווישן זיי אויך מענ־טשען מיט האַרץ און געפיל. זאָל זיין אפילו, אַז די לעצטע זיינען אַ קליינע מינדערהייט. אָבער קוים עקזיסטירן אַזעלכע, דאַרף מען די האָפענונג ניט פאַרלירן.

אין דרויסן איז שוין געוואָרן דערוויל גוט פינצטער, אַ טויטע שטיל־קייט האָט איינגעוויקלט די גאַנצע געגנט אַרום און אַרום. אין דער שטיל־קייט האָבן זיך גענומען דערטראָגן פריילעכע מוזיק־טענער פון יענער זייט

טייך. וואַלדמאַן האָט גלייך אופגעכאַפּט די דאָזיקע טענער, ער האָט אויסגעדרייט זיין קאָפּ צו יענעם זייט טייך, דאָרטן וווּ עס איז געלעגן די גרויסע גיטער פון דעם פּאָרזיצער פון די טראָקער אַדעליקע. אפן באַרג קעגנאיבער, פון צווישן די הונדערטיאָריקע אַלטע און הויכע סאָסנעס און דעמבעס, האָבן זיך באַוויזן פייערן און אילומינאַציעס, וואָס האָבן אָפּגעשיינט ווייט, איבער די שטילע וואַסערן פון טייך.

וואַלדמאַן האָט זיך דערמאָנט די סימפּאַטישע יונגע דאמע, וואָס האָט אָפּגעבאָדן אין קאַלט וואַסער דעם כוליגאַנישן יונגנמאן. האָט גערופן אירע חברטעס זיך גיין צוקלייבן צום באַל, ניט פאַרדאַרבן די שטימונג. דאָרט פּראַוועון זיי איצט זייערע הוליאַנקעס. די געוויסנלאָזע לייט האָבן זיך שוין געמוזט צוזאַמענקלייבן אין די רייכע סאַלאָנען פון גוט. מען שיכורט שוין דאָרטן, מען מאַכט פריילעכע אָרגיעס און דערביי שאַנעוועט מען געוויס ניט דעם כבוד פון יידישן פאָלק. זיי מוזן שוין געוויס אַרויסגיסן זייער גאַל און גיפט אַף אונדז. אָבער זאָלן זיי שרייען וויפל זיי ווילן, וויפל זייער האַרץ גלוסט. קוים געפינען זיך צווישן זיי אַזעלכע ווי די יונגע מיידל, איז ניט אַזוי טרויעריק. אָט די יונגע סימפּאַטישע געזיכט וואָס ער האָט נאָר פליכטיק געזען אין גאָרטן פון יענער ווילע איז אים פון זינען ניט אַרויס.

טראַכטנדיק די גאַנצע צייט פון איר האָבן גענומען דורכדרינגען ליבטיקערע שטראַלן אין זיין פאַרנעפּלטן קאָפּ. די טרויעריקע געדאַנקען וואָס האָבן אים דעם פאַרנאַכט באַהערשט האָבן ביסלעכווייז גענומען פאַרלאָזן. ער האָט גענומען ווערן מונטערער און פריילעכער. ער האָט געפילט בא זיך אַ לעבנסלוסטיקייט און אַ צופלוס פון קראַפט. נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל האָט ער גענומען טראַכטן פון דער יונגער מיידל. ווי שיין זי האָט דאָס אים אָפּגעענטפערט, אפילו שפּאַסיק, אָבער געהעריק אים באַצאָלט, געגעבן אים אַ פיינע לעקציע. פון דעם געדאַנק האָט זיך בא אים אַ שמייכל באַוויזן אַף זיינע ליפּן.

יאָ, ווער קען זי זיין? וועט מיר נאָך באַשערט זיין צו טרעפן איר אַמאָל אין מיין לעבן? האָט וואַלדמאַן געטראַכט. ניין. האָט ער זיך אַליין געענטפערט. ווו און ווען קען איך מיך מיט אַזעלכע טרעפן? צו קעגנגעזעצט זיי־

נען אונדזערע וועגן אין לעבן, בשעת מיינע וועגן פירן מיך צום עמק הבכא, צום טרערן־טאָל פון יידישן פאָלק, פירט זי אירע וועגן אין א גאנץ אנדער ריכטונג. איך לעב אין א קרייז פון פיין און ליידן, צווישן אונטערדריקטע און פארפאָלגטע. זי לעבט אין א קרייז פון גליק און פרייד. זי וועט זיכער אָנשפארן אין די סאַלאָנען פון די אונטערדריקער און פארפאָלגער. אזא איינע, ווער ווייסט, קען נאָך קריגן אזא מאן, ווי יענער נידערטרעכטיקער נפש, און זי קען נאָך אויך פארדארבן ווערן ווי די אנדערע.

אָ, ווען איך זע זי נאָכאמאָל, האָט וואלדמאן געזאָגט צו זיך אליין, ווען איך קען מיט איר אויסריידן כאָטש א פאָר ווערטער, וואָלט איך שוין געוווסט ווי איר אויסצודריקן מיין דאנקבארקייט פאר אירע הייגטיקע רייד. מיט אזעלכע געדאנקען האָט זיך וואלדמאן דערנענטערט צום מיל און איז אריין אין זיין צימערל זיך לייגן שלאָפן.

אָבער צום צווייטן מאָל איז אים אויסגעקומען איבערצולעבן אין דעם טאָג פארדריסלעכע און פארביטערטע מאָמענטן, און זיין שטימונג האָט זיך ווידער באַ אים פארערגערט. ער האָט געפונען אף זיין טישל א בריוו פון זיין מוטער, אין וועלכן זי שילדערט אים איר ביטערע לאגע. זי איז שוואך און הילפלאָז, עלנט און איינזאם. זי קען ניט מער פארדינען איר חיונה און בעט אים ער זאָל איר העלפן מיט עפעס. מיט א פארווייטיקט הארץ, מיט ערגער און פארדרוס איבער זיין אומעגלעכקייט איר עפעס צו העלפן, עפעס צו טאָן פאר זיין ליבער מוטער, האָט ער זיך געלייגט שלאָפן.

עס איז אים אָבער ניט באַשערט געווען אפילו די נאכט צו שלאָפן רואיק. בייזע חלומות האָבן אים די גאנצע נאכט פארפאָלגט, ווידער האָט ער זיך געזען אין דרוסקעניק. ער שטייט לעבן קוואַל פון וועלכן עס שפריצט מיט א טונקל גרוילעכע געדיכטע מאסע. הונדערטער מענטשן, מענער און פרויען, קינדער און דערוואַקסענע, רינגלען ארום דעם וואונדערבאַרן היילקוואַל. די מענטשן קאָרטשען זיך פון ווייטיק, דרייען זיך אין דרייען פון שמערצן. שטרעקן אויס זייערע איינגעבויגענע הענט, ציען אויס זייערע שטייפע גלידער, זייערע פארווייטיקטע קערפערס צום קוואַל. רייסן זיך, שפארן זיך, זיי ווילן אָנכאַפּן אביסל בלאָטע, וואָס פארשטייט ניט צו מאכן

קיין אַ"נטערשייד פון מענטש צו מענטש, היילט אַלעמען גלייך. האָט זיך אָבער איינגעפונען דאָרטן דער הויכער אויסגעכאַליעטער יונגאַטש, וועמען ער האָט היינט געזען אין גאָרטן באַ דער ווילע. אין האַנט האַלט ער אַ פּריציש־אויסגעפּוצטן בייטש, אַרום אים שטייען אַ כאַפּטע בייזע הינט מיט אַרויסגעשטרעקטע ראָז־פּאַרביקע צינגער, מיט אויסגעשטעלטע שפּיציקע ציין, וואָס זיינען גרייט אַף זיין באַפעל צו באַפאַלן די הונדערטער ליידנדיקע מענטשן. און ער, אָט דער מיִאוסער נפש, פאָכעט מיט דער בייטש, האַלט אין איין שרייען: אַוועק פון דאָ, איר קרעציקע יידן. נעמט אוועק אייערע שווינדלעריִשע הענט פון דעם הייל־קוואַל, דאָס איז אונדזערער, געהערט אונדזער הייליקן רוסישן פאָלק". ער רייסט זיך, ער שטופּט זיך צו אים מיט אַלע זיינע כוחות. ער וויל אַרויסרייסן פון אים די בייטש, ער בריקעט מיטן פוס, ער וויל פאַנאַנדעריאָגן די הינט פון דאָרטן, שטופּט זיך דורך צווישן פאַרזאַמלטן פּובליקום, אַ יונג מיידל, מיט אַ צאַרטן איידעלן געזיכט, מיט אַ ליבן שמייכעלע אַף אירע ראָזיקע ליפּן, אירע אויגן פול מיט ווייבערישן חן. ער דערקאָנט אין איר באַלד דאָס זעלבע מיידל, וואָס ער האָט געזען אין דער ווילע. זי כאַפּט אים אָן פאַרן האַנט, שלעפּט אים ארויס פון שרייענדיקן פּובליקום. פירט אים צו אָן אַ זייט און ווייזנדיק מיט איר פינגערל, זאָגט זי צו אים: דו זעסט, דאָ ליגט דיין קראַנקע שוואַכע מוטער, העלף איר! וואָס גייסטו איינשטעלן דיין לעבן פאַר די רייכע? זיי וועלן זיך אליין העלפן, דו העלף די אָרעמע, אַזעלכע ווי דיין מאַמע. קריך ניט צו די בייזע הינט און צו די מענטשן, וואָס זיינען נאָך פיל בייזער ווי די הינט". ער קוקט איר אריין אין אירע שיינע שוואַרצע אויגן, ער וויל אָנעמען איר צאַרטע האַנט, דריקן זי אין זיינער, ער וויל איר דאַנקען פאַר איר וואַרעמען געפיל צו אים, פאַר אירע פריינטלעכע רייד. אָבער די שטעכיקע גאָלדענע פּרימאָרגן זונענשטראַלן האָבן זיך דורכגעשפּאַרט דורך די שפּאַלטן פון האָלצערנעם לאָדן אין זיין צימערל און וואָלרמאַן כאַפּט זיך אוף פון זיין שלאָף. ער איז אינגאַנצן באַדעקט מיט שוויים. דער אומרואיקער שלאָף האָט אים ניט געקענט באַרואיקן זיינע נערוון. ער כאַפּט זיך אַראָפּ פון זיין בעטל, ער גייט צו צום פענצטערל, כאַפּט אַ קוק אין דרויסן.

עס איז שוין א שטיק אפן טאָג. גיך כאַפּט ער אָרוף אַף זיך זײַנע קליידער און כאַפּט זיך אַרויס אין דרויסן. האַסטיק האָט ער גענומען לויפן צום נייַ־מאַן, כאַפּן אַ פרישע קאַלטע באָד, שווימען אַביסל אין טײַך און אין דער פרישקייט פון וואַסער, פאַרטרייבן פון זיך דעם שווערן איינדרוק פון נעכ־טיקן טאָג און פון די אומרואיקע חלומות וואָס האָבן געשטערט זײַן שלאָף.

## פינפטער קאַפּיטל

אומגעפער אַ פּאָר קילאָמעטער העכער פון דער מיל, אין דער ריכ־טונג צום קוראָרט דרוסקעניק, אַף דעם אַנדערן זייט ניעמאַן, די אַזוי גערו־פענע רוסישע זייט, אין קעגנזאַץ צו דער זייט, וואָס איז געלעגן אין סוואַל־קער גובערניע און האָט זיך גערופן פּוילישער זייט, האָט זיך געזען ניט קיין גאַנץ הויכער באַרג, וועמענס רוקן עס איז געווען באַדעקט מיט אַ פּאַרק פון אַלטע און גערדיכטע סאָסנעס און דעמבעס. דער באָדן פון באַרג איז גע־ווען באַוואַקסן מיט אַ געדיכטן געוויקס פון גרין־גרויליכע מאָך, צווישן די הויכע בוימער פון פּאַרק האָבן געשימערט פון ווייטן, דאָ און דאָרטן, ווײַ־סע געבײַדעס פון אַ גוט וואָס איז געלעגן הינטערן פּאַרק. דאָס איז געווען דער גוט פון פּאָרזיצער פון די טראָקער אַדעליקע, און אין די סאַלאָנען פון די אַלטע הייפישע געבײַדעס איז דאָס פאַרגעקומען די נאַכט דער גרויסאַר־טיקער באַל, לכבוד די הויכגעשטעלטע געסט פון קוראָרט.

קווער איבער דעם דאָזיקן גוט, אַף דער פּוילישער זייט, האָט זיך גע־צויגן אַ פלאַכער ברעג באַדעקט מיט גרינע זאַפטיקע לאָנקעס, אין איין אָרט, דאָרטן ווו די לאָנקעס האָבן זיך פאַרענדיקט, האָט זיך געצויגן ווײַ־טער אַרופצו, אַ קליינער שמאָלער פּאַס פון אַ בעריאָזע־וועלדל באַם ברעג פון וועלכן, נענטער צום וואַסער, האָבן אים אַרומגעזוימט געדיכטע גרינע קוס־

טעם פון װערבערבוימלעך. דאָס איז געװען דער באַליבטער װינקל װאַלד־מאַנס, װו ער פּלעגט קומען אַלע טאָג זיך באָדן און זיך פאַרטיפן אין זײנע יונגע טרוימערישע פאַנטאַזיעס. און אַהין איז ער דאָס אויך היינט אַזוי האַסטיק געלאָפן, נאָכדעם װי ער האָט זיך אַזוי שפּעט אופגעכאַפּט פון זײן אומרואיקער נאַכט.

אָנגעקומען אַהין, איז ער גיך פאַרקראָכן אין דער געדיכטעניש פון די יונגע װערבעס, אַראָפּגעװאָרפן פון זיך די קליידער, אויסגעשטעלט זײן נאַ־קעטן קערפּער דער אָנגענעמער װירקונג פון דער ריינער פעלד־לופט, דעם קילן װינטל און די שטראַלן פון דער פרימאָרגן זון און זיך אָפּגעגעבן זײן פאַנטאַזיע, טראַכטן און קלערן װאָס עס איז אים אַרוף אַפן זינען.

װי אַף צו להכעיס איז אים אָבער אַלץ געקראָכן אין קאָפּ זײן נעכטיקע איבערלעבונג אין קוראָרט, מיט דער גאַנצער סצענע, דאָרטן אין גאָרטן פון דער לוקסוספּולער װילע און פון דער גאַנצער סצענע האָט זיך אויסגעטײלט דוקא די סימפּאַטישע געזיכט פון דער יונגער מײדל, מיט װעמענס בליק זײנע אויגן האָבן זיך נעכטן באַגעגנט.

װאַלדמאַן װיל פאַרטרײבן די געדאַנקען פון זײן קאָפּ. ער דרײט זיך אַף אַלע זײטן, ער ציט זיך אויס אין זײן ליבלינג־פּאָזע, די הענט אונטער־ן קאָפּ, די קני אײנע אַף די אַנדערע. ער קוקט אַפן טײך, װי שטיל עס גליטשען זיך זײנע װאַסערן. ער באַטראַכט די זונטיקדיקע שטילקײט װאָס הערשט אַרום, די פויערים פון די דערבײיאיקע דערפער רוען אַלע. װײט אַרום און אַרום איז ניט צו זען קײן לעבעדיקן נפש. ער װאַרפט זײנע בליקן אין אַלע זײטן, אומעטום אָבער ליגט אַ פאַרכישופטע רואיקײט. דער פרי־מאָרגן אַזוי שײן, די לופט מחיהדיק, דער הימל רײן און בלוי. אַפילו די בוימער אַרום זײנען אויך באַהערשט פון די יום טובדיקע רואיקײט. זײ שטײען אויך װי פאַרטראַכט. זײ װילן ניט, װי עס שײנט, שטערן די פרײד פון דעם אײנציקן גאַסט. װאָס איז געקומען רוען אין זײערע שאָטנס. עס איז קוים צו מערקן װי זײ באַגריסן אים מיט אַ לײכטן אײנבײגן זײערע שפּיצן. די פעלדער אַרום רוען אויך. די קאָרן מיט די װײץ פעלדער זײנען שװין אין דער לעצטער פאַזע פון צײטיקײט. זײ שטײען שטיל, זײערע פול

אָנגעגאָסענע זאַנגען קעפּ אַרונטערגעבויגן צו דער ערד, ווי זיי וואָלטן וועלן
אָפּשייד נעמען פון דער מוטער־ערד, האָבנדיק דעם געפיל, אַז אָט באַלד,
וועלן זיי אָפּגעשניטן ווערן פון איר. ער הערט נאָר אַ לייכט פּאַטשן פון וואַ־
סער אין די ווענט פון דעם שווערן באָט, וואָס ליגט דאָרטן גראָד איבער
לעבן גוט, מיט זיין גרעסערער העלפט אינעם וואַסער.
וואַלדמאַן דרייט זיך אויס אויפן רעכטן זייט, צו דער ריכטונג פון דעם
קוראָרט. אָבער אויך אין דער ריכטונג, אויף וויפל זיין אויג קען נאָר באַ־
מערקן, איז אויך שטיל און רואיק. נאָר אין איין אָרט, דאָרטן איבערן טייך,
גאַנץ ווייט, וווּ עס זעט זיך דער סאָסנע וואַלד, דערזעט זיין אויג, ווי פון
וואַלד־ראַנד טיילן זיך אָפּ דריי קליינע שוואַרצע פּינטעלעך. וואָס ווייטער
אָבער די דאָזיקע פּינטעלעך דערווייטערן זיך פון וואַלד, ווערן זיי אַלץ גרע־
סער און בולטער, אויף אַזוי פיל, אַז ער הויבט שוין אָן אונטערצושיידן און
באַמערקן. די פּינטעלעך דאָס זיינען דריי רייטער; דאָס זעט ער שוין איצט
קלאָר. וואַלדמאַן ווערט שוין נייגעריק. ער וואָלט וועלן זען וואָס איז דאָס
פאַר אַ רייטער און ווער רייט דאָרטן. ער דאַרף לאַנג ניט וואַרטן. די ריי־
טער דערנענטערן זיך אין דער ריכטונג צום טייך. איצט זעט ער זיי שוין
קלאָר. יאָ, דאָס זיינען צוויי דאַמען, איינע פון יעדער זייט, אינמיטן רייט
אַ הער. זיי זיינען שוין אַזוי נאָענט, אַז ער אונטערשיידט שוין אפילו די
פאַרב פון די דריי שיינע גרויסע פערד. יאָ, צוויי זיינען שימלען און איינס
איז אַ ברוינער.
נעוויס, טראַכט וואַלדמאַן, זיינען דאָס הויפישע מענטשן, איינפאַכע
פויערים קענען ניט האָבן אַזעלכע שיינע פערד מיט אויסגעבויגענע העל־
זיכער פערד פון אַ פּריצישן שטאַל; ווי באַלד אַזוי זיינען דאָך די רייטע־
דער, קורץ געשוירענע גריוועס, בלישצענדיקע פעל, דינע פיס. דאָס זיינען
אויך פּריצים. דאָס מוזן זיין געסט פון נעכטיקן באַל, וועמען עס האָט זיך
פאַרוואָלט מאַכן אַ פּרימאָרגן שפּאַציר אויף פערד. אַ קשיא אויף אַ מעשה.
ניט זיך מיט אַמאָל וואַלדמאַן אַ כאַפּ, אפשר איז דער הער גאָר יענער כולי־
גאַן פון נעכטן? דערמאָנענדיק זיך אָן אים, כאַפּט אים אָן אַ כעס. ער הייבט
אויף זיין קאָפּ אין דער הויך און גיט אַ שפּיי פון כעס. שאַ, כאַפּט ער זיך

באַלד אָון אַן אינעווייניקסטע פרייד פילט אַן זיין האַרץ. אפשר איז איינע פון די דאַמען די נעכטיקע שיינע, סימפּאַטישע מיידל? וואַלדמאַן זעצט זיך שוין אַוועק און שטרענגט אַן זיין ראיה צו דער ריכטונג פון די דריי רייטער, ווי ער וואָלט וועלן גוט באַטראַכטן זייער פּנים. ער קען דאָס אָבער בשום אופן ניט באַווייזן, ווייל פּונקט אין דעם מאָמענט האָבן זיך די ריי־טער פאַרבויגן און אַרוף אַף דעם וועג וואָס פירט צום גוט. דער וועג איז באַפלאַנצט פוןביידע זייטן מיט הויכע טאָפּאָלן, וואָס פאַרשטעלן אינגאַנצן זייער פּנים פון וואַלדמאַנען.

וואַלדמאַנען כאַפּט אַן א פאַרדרוס וואָס ער האָט ניט געקענט באַ־טראַכטן זייערע געזיכטער, נאָר אָט האָבן זיי זיך ווידער באַוויזן. זיי זיינען אַרוים פון די בוימער. זיי רייטן צו און שטעלן זיך אָפּ לעבן א הילצערנעם שטיבל, וואָס איז געשטאַנען נאָנט באַם אַריינפאָר אין גוט. דאָס איז גע־ווען א הייזל, ווו דער גוטבאַזיצער האָט געהאַלטן זיינע פישפאַנג מכשירים. אַלע דריי שפּרינגען אַראָפּ פון די פערד, אַלע דריי דיסקוטירן עפּעס צוזאַ־מען. דער הער דרייט זיך אוים, כאַפּט זיך ווידער אַרוף אַף זיין פערד, די דאַמען דערלאַנגען אים די צוימלעך פון זייערע פערד. דער הער דרייט זיך אוים און רייט אַריין אין גוט. א מאָמענט זיינען די ביידע דאַמען געשטאַ־נען. און ווען דער הער איז פאַרשוואונדן אין גוט, האָבן זיי זיך גענומען אַראָפּלאָזן מיט די שטיינערנע טרעפּ וואָס האָבן געפירט דירעקט צום ברעג, צו דעם אָרט ווו דער באָט איז געשטאַנען.

וואַלדמאַן דערנענטערט זיך צו די ווערבע קוסטעס, וואָס טיילן אים אָפּ פון וואַסער. ער רוקט פאַנאַנדער די צווייגעלעך, ער קוקט זיך גוט איין. אין דעם מאָמענט זיינען שוין די דאַמען געשטאַנען באַם באָט, און זיין האַרץ נעמט שפּרינגען פון פרייד, ער דערקענט אין איינער טאַקע די נעכ־טיקע מיידל, וואָס האָט אַזוי דרייסט געענטפערט ריינהאַרדטן אַף זיינע כוליגאַנישע ווערטער.

א מאָמענט זיינען זיי געשטאַנען ווי ניט אַנטשלאָסן לעבן באָט. באַלד אָבער האָבן זיי גענומען אַרומקוקן אַרום זיך, און וואַלדמאַן זעט ווי זיי נעמען אַראָפּוואַרפן פון זיך די קליידער. אים איז געוואָרן קלאָר, אַז זיי

האָבן חשק זיך אויסצובאָדן אין ניעמאַן. נאָך אמאָל דרייען זיי זיך אום, זיי וואַרפן זייערע בליקן אויבן אַפן בארג, זיי טרויען ניט מסתמא זייער קאַוואַליר, טאָמער וואַרפט ער דאָך נייגעריקע בליקן אַף זיי און וויל זיי זען באָדנדיק. ניין, ער איז ניטאָ. ער היט זיין קאַוואַלערסקע ערע, ער זוכט ניט זיי איבערצוראַשן מיט זיינע בליקן. זיי קענען זיך רואיק באָדן און דאַרפן קיין מורא ניט האָבן, אַז אַ מאַן וועט זיי זען אין דעם צושטאַנד. וואַרפן זיי טאַקע אראָפּ פון זיך זייערע אונטערוועש און ווי יונגע הירשן שפּרינגען זיי אריין אין די קילע, דערפרישנדיקע וואַסער פון ניעמאַן.

וואַלדמאַנס מענערישע נייגעריקייט שטייגט. ער שטעלט זיך אַף די קני, רוקט אריין זיין קאָפּ טיף אין די פאַנאַנדערגענומענע צווייגן און קוקט אַף די באָדנדיקע, נאַקעטע פרויען. עס גיט אים אַ שלאָג אַ לייכטער שווינדל. די בלוטן אין די אָדערן הויבן אָן שטאַרקער צו פּולסירן. ער זעט די מיידלעך וואַרפן זיך אין וואַסער, טונקען זיך אָפּ, מיט אַ פריילעכער שטיפעריי הויבן זיי אָן איינע די אַנדערע צו שפּריצן מיט וואַסער. זייער געזונטער געלעכטער פאַרקלינגט איבערן טייך און טראָגט זיך אריבער אי־בער ביידע ברעגעס. ער גיט זיך אָבער באַלד אַ כאַפּ, אַז עס איז ניט שייך פון זיין זייט, אויסצונוצן די זיכערקייט פון די דאַמען, אַז קיין פרעמדע מענערישע אויג באַמערקט זיי ניט. עס איז ניט קאַוואַלערמעסיק און אַ גרויסע אומטאַקטישקייט פון זיין זייט. איבער געוואַלט רייסט ער אָפּ זיין בליק פון דעם אָרט. ער וויל זיך אהינלייגן אַפן גראָז און רואיק אָפּוואַרטן, ווען זיי וועלן פאַרענדיקן באָדן זיך און ארויסגיין פון טייך. ער בלייבט העכסט צופרידן פון דעם צופאַל, וואָס ער האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו זען דאָס מיידל נאַכאַמאָל.

וואַלדמאַנס אויפמערקזאַמען בליק האָט אָבער אָן אנדער פאַל צוגעצויגן. ער האָט פּלוצלינג באַמערקט, אַז זיין באַקאַנטע פריילן האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אין וואַסער און פאַנגט אָן שווימען. אַזאַ זאַך איז געווען פאַר אים זייער אינטערעסאַנט צו בעאָבאַכטן. דאָס איז דאָך זיין ליבלינגס־ספּאָרט. ער פאַרגעסט אָן דער אומטאַקטישקייט, פאַרגעסט די אומקאַוואַ־לערישקייט פון זיין טאַט. ער עסט זיך איין מיט זיינע בליקן אין די שווי־

מענדיקע. ער זעט, אַז זי פּאַרמעסט זיך צו קרייצן דעם ניעמאַן. היינט איר טעכניק אין שווימען, ווי שיין און ריטמיש זי אַרבעט מיט אירע צאַרט־ווייסע אָרעמס; ווי גראַציעז זי וואַרפט מיט איר קאָפּ בשעת זי שווימט. דאָס איז וווּנדערבאַר, עס איז אַ פאַרגעניגן צו קוקן מיט וואָס פאַרא קראַפט זי ציט איר קערפּער פּאָרויס, כדי דורכצוקרייצן די וואַסערשטראָמען, וואָס זיינען אין מיטן טייך געגנוג שטאַרק אַזוי, אַז זיי גובר צו זיין, דאַרף מען זיין געגנוג אַ געניטער שווימער.

וואַלדמאַן איז געווען פאַרטיפט אין דעם בעאָבאַכטן פון איר שווימען און ניט באַמערקט אַז זי איז שוין צופיל פאַרטראָגן מיטן שטראָם אַראָפּ וואַסער און אַז עס איז אפשר ניט פאַר די כוחות פון אַ יונג מיידל, זיך צוריקצוקערן צום ברעג. ער האָט אָבער דערהערט די געשרייען פון דעם אַנדערן מיידל, וואָס איז געבליבן שטיין אויף איר אָרט. דאָס אַנדערע מיידל האָט זיך גלייך גענומען געבן רעכענונג, אַז יענע איז צו־ווייט פאַרשווומען, האָט זי מיט מוראדיקע קולות גענומען שרייען: „קאַטיע, קאַטיע, קער זיך אום, ווי גאָט איז דיר ליב!". די קולות האָבן אויך וואַלדמאַנס אויפמערקזאַמקייט געצויגן אויף דער ניט גינסטיקער סיטואַציע פון דער שווימענדיקער דאַמע. יאָ, זי איז שוין גאָר ווייט אַרונטער מיטן שטראָם. זי האָט זיך שוין אַפילו אַרומגעקוקט, זי שווימט שוין אויף צוריק. אָבער אים קומט פאָר, אַז דאָס איז שוין ניט דאָס פריערדיקע שווימען. די אָרעמס פאַלן שוין ניט מיט אַזאַ קראַפט און אימפּעט ווי פריער. דער קערפּער ליגט פיל טיפער אין וואַסער, דער קאָפּ וואַרפט זיך שוין אויך ניט אַזוי לייכט ווי פריער. עס האַלט ניט פריילעך מיט דעם מיידל, טראַכט ער זיך.

ווי עס ווייזט אויס, האָט די שווימענדיקע וועמען איר חברטע האָט אָנגערופן קאַטיע, גענומען מערקן אַז זי איז שוין צו ווייט אַוועק מיט איר שווימען. אומבאַמערקט פאַר איר אַליין, האָט דער שטראָם זי אַוועקגעטראָגן אַ רעכטע שטיק וואַסער אַרונטער.

דערהערנדיק די קולות פון איר חברטע, האָט זי זיך גענומען געבן רעכענונג פון איר דורכאויס ניט פריילעכער סיטואַציע, האָט זי זיך געגעבן אַ דריי אויס אויף צוריק. אָבער דאָ האָט זי זיך אָנגעשטויסן אויף דעם אייזער־

נעם קראפט פון וואסער־שטראָם. זי וויל שווימען אויף צוריק, זי שטרענגט אָן אירע גאנצע כוחות, זי ארבעט אָנגעשטרענגט מיט די הענט און מיט די פיס. זי דרייט זיך אָן א זייט, זי קומט אָבער ניט פאָרווערטס. די כוחות ווערן שוואכער, דער שרעק פארכאפט איר אינגאנצן. זי ווערט מיד. זי פרו־בירט שטעלן אַ פוס אפן גרונט, אזוי ארום אָפּכאַפּן דעם אָטעם און אָפּ־פרישן איר כח, כדי דאָך צו דערגרייכן דעם ברעג. איז דאָרטן אָבער געוואל־טיק טיף, זי דערגרייכט ניט קיין גרונט. א צעשראָקענע, א פארצווייפלטע גיט זי זיך א וואָרף צוריק איבערן וואסער־פלאך, זי הויבט ווייטער אָן צו שווימען. אָבער די שרעק, די פארצווייפלונג, די איבערנאטירלעכע קולות, וואָס דערטראָגן זיך צו איר פון איר חברטע פון ברעג שלאָגן איר שוין אינ־גאנצן ארויס פון די לעצטע כוחות. זי פילט אז איר קערפער הויבט אָן ווערן שווערער, ווי מיט בליי אָנגעגאָסן, די פיס ווערן שטייפער. די הענט קענען זיך ניט מער לייכט באוועגן, דער קאָפּ האלט זיך נאָך איבערן וואסער, אָבער ניט מער ווי ארויסצולאָזן א פארצווייפלטן, הארצשניידנדיקן געשריי:

— ראטעוועט!... ראַ־טע־וועט!...

אפן בארג האָט מען, ווי עס שיינט, דערהערט די קולות סיי פון דער טרינקנדיקער און סיי פון דער וואָס האָט גערופן צו הילף פאַר יענער. דער ערשטער וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן פון בארג איז געווען דער קאוואליר זייערער, מיט וועמען זיי האָבן פאר א ווײַלע פריער גערעדט צוזאמען.

— ארקאדיע גריגאָראָוויטש! — האָט אויסגעשריען דאָס מיידל וואָס איז געשטאנען אין טייך, — זעט דאָרטן, — האָט זי געוויזן מיטן האנט, — העלפט איר, ווי גאָט איז אייך ליב. נעמט דעם באָט, שווימט צו, ראַ־טעוועט איר.

דער קאוואליר אָבער, אַנשטאָט נעמען וואָס טאָן צו העלפן, האָט א קוק געטאָן אויף דער פארצווייפלטער מיידל.

— איך קען גאָרניט טאָן, — האָט ער געענטפערט, — איך וועל לויפן אין גוט רופן מענטשן.

ער האָט זיך אויסגעדרייט און גענומען לויפן צוריק אפן בארג. וואלדמאַן האָט אויסגעשטרעקט זיין קאָפּ צווישן די צווייגן אהינצו.

דאָרטן ווו די שרעקלעכע טראַגעדיע האָט זיך גענומען אָפּשפּילן. אים איז אויך באַפאַלן א טויט־שרעק. ער האָט זיך אַף איין מאָמענט פאַרלאָרן, ניט געוווסט וואָס צו טאָן. אָבער דאָס האָט נאָר געדויערט איין רגע.

אין דעם מאָמענט איז עפּעס ווונדערלעכעס געשען, וואָס די וויינענדיקע און צעשראָקענע מיידל האָט בשום אופן ניט דערוואַרט. זי זעט מיט איין מאָל, ווי פון קעגנאיבערדיקן ברעג, פון די געדיכטע קוסטעס וואָס זיינען דאָרטן געוואָקסן, שפּרינגט אַרויס אַ נאַקעטער מענטש. גיך, ווי אַ פייל פון בויגן, נעמט ער לויפן מיטן ברעג וואַסער אַראָפּ, צו דער ריכטונג ווו דאָס מיידל האָט זיך געהאַלטן אין טרינקען. מיט איין שפּרונג, ווי אַ קאַץ, איז ער שוין געווען אין וואַסער. ער לאָזט זיך אַרונטער אונטערן וואַסער ווי אַ טויכער און ווערט פאַרשוווּנדן אונטערן שטראָם.

די גרעפין טאַטלעבן, — זי איז דאָס געווען וואָס האָט גערופן צו הילף — איז געבליבן שטיין אַ פאַרגליווערטע פון איבעראַשונג און שרעק. וואָס זאָל דאָס באַדייטן? ווו האָט זיך דאָ גענומען מיט אַ מאָל אַ מענטש. ערשט אַ ווילע פריער, איז מיטן אויג, אַרום און אַרום, ניט געווען צו מערקן קיין לעבעדיקן נפש אין גאַנצן געגנט. זי האָט אָבער ניט געהאַט קיין צייט צו טראַכטן און געפינען דאָס רעטעניש. דער מענטש האָט זיך פּלוצלונג באַוויזן ווידער איבערן וואַסער־פלאַך, אַף דער שטעל, ווו די קאַטיע האָט גענומען פאַרשווינדן אונטערן שטראָם.

איין אויגנבליק האָט ער נאָר באַוויזן זיין קאָפּ איבערן וואַסער ווי עס שיינט אָנעמען לופט אין זיינע לונגען און האָט זיך ווידער אַרונטערגעלאָזן אונטערן וואַסער. ער האָט זיך דאָרטן געהאַלטן בלויז געציילטע מאָמענטן, אָבער פאַר איר איז דאָס געווען אַן אייביקייט.

די גרעפין, וואָס האָט צוגעזען די שרעקלעכע סצענע פון אָנפאַנג ביזן סוף, האָט דערנאָך דערציילט, אז דער מאָמענט איז געווען דער שרעקלעכסטער אין איר לעבן. פאַר אירע אויגן האָט זיך אָפּגעשפּילט אַן אויסערגעווינלעכע טראַגעדיע. איר איז פאָרגעקומען אַז צוויי לעבנס זיינען אין יעם מאָמענט פאַרשווונדן פון דער וועלט און האָבן געפונען זייער קבר אַפן דעק פון דעם אַלטן ניעמאַן. זי איז פון שרעק געוואָרן אַזוי אויסגעמאַטערט

און שוואך, אז עס האָט ניט פיל געפעלט אַז זי זאָל אויך פאלן אין וואסער און דערטרונקען ווערן. מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג האָט זי גענומען לויפן און שפּרינגען פון וואסער, ארופכאַפּן אַף זיך א קלייד און אַפוואַרטן ארקאדיע גריגאָראָוויצן, וואָס איז געלאָפן ברענגען מענטשן און הילף. זיין הילף איז שוין אָבער געווען פולקאָם נוצלאָז. אין דעם מאָמענט האָט זיך באוויזן איבערן וואסער די פיגור פון דעם וונדערלעכן מענטשן, וואָס איז ווי פון הימל אראָפּגעפאלן. מיט איין אָרעם האָט ער געהאַלטן פעסט ארומגענומען קאַטיען און מיט דער אַנדערער האָט ער געזוכט זיך מאַכן א וועג שווימענדיק דורך די שטראָמען פון טייך. א וואָרף מיט די אויגן איז געווען גענוג פאר אים צו זען, אז דער פּוילישער קעגנאיבערדיקער ברעג איז אים נענטער, האָט ער זיך געלאָזט שווימען אהין. אין געציילטע מינוטן איז דער דער ארויסגעראטעוועטער קאַטיען אַף דער טריקעניש.

## זעקסטער קאַפּיטל

אַז וואַלדמאַן האָט דערגרייכט דעם ברעג האָט ער פּאָרזיכטיק אוועקגעלייגט דעם אומבאַוועגלעכן און פאַרחלשטן קערפּער פון דעם מיידל אַפן גראָז. אַליין האָט ער זיך געשטעלט אַף די קני און גענומען באטראכטן דעם קערפּער. אַז דאָס מיידל וועט לעבן איז בא אים קיין ספק ניט געווען, ווייל ער האָט איר באוויזן צו ראטעווען אין צייט. ער האָט אופגעכאַפּט דעם קערפּער ווען ער איז נאָך ניט געווען ארונטערגעגאַנגען אַפן דעק פון טייך. א באַווייז, אַז זי האָט נאָך ניט געקענט אריינעמען אין אירע לונגען קיין סך וואַסער. ער האָט אויסגעדרייט דעם קערפּער מיטן פּניב נאָך אונטן, געריבן איר די שלייפן, געקוועטשט דעם בויך, געדריקט די נאָז. ער האָט געאַרבעט מיט זיינע אויך גענוג אָפּגעשוואכטע כוחות, ביז שטראָמען וואסער האָבן גענומען פליִיצן פון איר נאָז און מויל.

— אָ, גאָט צו דאנקען, — האָט ער מיט פרייד ארויסגערעדט, — איצט איז זי געראטעוועט, באלד וועט זי שוין פולקאָם לעבן.

א פארמאטערטער, א באגאסענער מיט שווייס האָט ער זיך אופגעהויבען פון זיין פלאץ, זיך געשטעלט אף די פיס און גענומען קוקן אין אלע זייטן, זען אפשר וועט ער דערזען א לעבעדיקן מענטשן, וועמען עס זאל אים העלפן ברענגען צו זיך די פאראומגליקטע יונגע דאמע.

ארום און ארום איז געווען שטיל, וואלדמאן האָט קיינעם ניט געזען אין זיין נאָנטקייט. עס איז געווען א זונטיק־טאָג, ווען אלע און אלץ רוען אין ליטע. פון דערווייטנס האָט ער געוואָרפן א בליק אף דעם אָרט, וווּ דיביידע מיידלעך האָבן זיך געוואָרפן אין טייך באָדן. דאָרטן האָט ער באמערקט ווי אין באָט זעצן זיך אייניקע דאמען מיט איין הער. אהא, האָט ער זיך געטראכט, דאָס ווילן זיי אריבערפאָרן אהער, קומען צו הילף דער דאמע. אָבער ביז זיי וועלן אריבערקומען, ביז זיי וועלן קומען אהער, וועט נעמען א היבשע ווײַלע. זיי האָבן קיין אנדער וועג ניט, ווי נאָר פארביי די מיל, דאָס דאַרף נעמען א געוויסע שעה צייט. דערווייל דאַרף מען עפּעס טאָן אָן זיי.

ער האָט זיך איינגעבויגן צו דער ליגנדיקער מיידל. ער האָט צוגעלייגט זיין אויער צו איר ברוסט, א שוואכן אָטעמען האָט ער דערהערט. אָבער זי האָט אָנגעפאנגען צו אָטעמען. זי געפינט זיך איצט אין א טיפן אָנמאכט. קודם, האָט וואלדמאן געזאָגט צו זיך אליין, וועל איך לויפן צום אָרט, וווּ איך האָב געלאָזן מיינע קליידער. טאָמער כאַפּט זי זיך אוף, טאָמער קומען יענע, זאָלן זיי מיך ניט טרעפן א נאקעטן ארום איר. דערנאָך וועל איך שוין זען וואָס צו טאָן.

ער איז גיך צוגעלאָפן צו דעם וועלדל ווו זיינע קליידער זיינען געלעגן, האָט ארופגעכאפּט אף זיך זיין אָרעמע קליידונג און איז געלאָפן צוריק צו איר. פון ווייטן האָט ער דערזען אף א שמאָלן לאנדוועג וואָס ציט זיך פון א דערבייאיקן דערפל, אז עס פאָרט א פויערישע פורל. אין וועגל איז געזעסן א מאן מיט א פרוי.

ער האָט לאנג ניט געקלערט, ער איז געלאָפן אנטקעגן דעם פורל, האָט

זיי אָפּגעהאַלטן און דערציילט וואָס עס האָט פּאַסירט און געבעטן רַחמים דעם פּויערל, ער זאָל מיט אים גיך צופאָרן צום אָרט ווי דאָס מיידל ליגט, נעמען זי אַף זיין פורל און פירן זי צו די נאָנטסטע מענטשלעכע וווינונג, וואָס געפינט זיך אין געגנט און ער וועט אים גוט באַצאָלן פאַר דער טרחה.

גליקלעכערווייזע האָט דער פּויערל לאַנג זיך ניט געלאָזט בעטן, איינס און צוויי, האָט ער פאַרקירעוועט דאָס פערדל און מען איז צוגעפאָרן צו דער דאַמע.

די פּויערטע איז די ערשטע אַראָפּגעשפּרונגען פון פורל, איבערגעצלמט די ליגנדיקע און אַרופגעוואָרפן אַף איר אַ טוך. ערשט דערנאָך האָט זי צו־געלאָזן צו איר די מענער מען האָט די אומעכטיקע מיידל פאָרזיכטיק אַרופ־געלייגט אַפן פורל. דער פּויערל האָט אַ שמיץ געטאָן דאָס פערדל און זיי האָבן זיך געלאָזן צו דער ריכטונג פון מיל. דאָס איז געווען די נאָנטסטע מענטשלעכע וווינונג.

אין קורצע ווערטער האָט וואַלדמאַן איבערגעגעבן דער מילנערקע אַלץ וואָס האָט פּאַסירט און מען האָט זיך גענומען צו דער קראַנקער. די מיל־נערקע מיט אירע געניטע פרויען־הענט האָט גענומען דאָס מיידל אין אירע הענט. אָנגעווענדעט די געהעריקע מיטלען, אַריינגעטריפט איר אין מויל אַביסל בראָנפן, ביז זי איז געקומען צו זיך און האָט געעפנט אירע אויגן.

ערשט דעמאָלט האָט וואַלדמאַן זיך דערמאָנט, אַז ער איז אויך שטאַרק מיד און אויסגעמאַטערט. די אָנשטרענגונג וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אין דער לעצטער שעה, די אַנגסטלעכע מאָמענטן וואָס ער האָט איבערגעלעבט, האָט אים אַרויסגעשלאָגן פון די כוחות. ער איז אַריין צו זיך אין צימערל, זיך איבערגעטאָן און זיך אַריינגעוואָרפן אין זיין בעטל.

אַז ער האָט זיך אַביסל געהאַט באַרואיקט, האָט ער געטראַכט: ווי בלינד און קאַפּריזנע דאָס איז דעם מענטשנס גורל; ווי פאַרשלאָסן עס איז זיין צוקונפט. ערשט מיט אַ פּאָר שעה פריער האָב איך געטראַכט, ווער ווייסט, אויב איך וועל נאָך האָבן די מעגלעכקייט אַמאָל צו זען דאָס מיידל, וואָס איז מיר זינט נעכטן כמעט פון זינען ניט אַרויס, און אָט ווי גיך איך האָב געפונען די געלעגנהייט זי צו זען און נאָך באַ וועלכע געלעגנהייט. ווען

ניט איך, וואָלט זי שוין געלעגן איצט אַ טויטע אַפן גרונט פון ניעמאַן. יאָ, אַזוי איז עס! דער גורל פון מענטשן ליגט פאַרשלאָסן אונטער זיבן שלעסער; קיינער קען אים ניט לייענען, קיינער ווייסט ניט וועלכע סורפּריזן די נעכסטע מינוטן קענען אונדז ברענגען.

די ערשטע זאַך, ווי דאָס מיידל האָט געעפנט אירע אויגן און גענומען פילן וואָס מיט איר טוט זיך, האָט זי ארומגעקוקט די גאַנצע אומגעבונג ארום זיך. אַפן ראַנד פון בעטל איז געזעסן די מילנערקע, איר ערשטע פראַגע איז געווען:

— ווו בין איך? ווער האָט מיך געראַטעוועט?

— באַרואיקט אייך, פריילן, — האָט איר די מילנערקע מיט פריינטליכע ווערטער געענטפערט. — איר טאָרט זיך איצט ניט אָנשטרענגען. איר זייט נאָך זייער שוואַך, דער אומגליקס־צופאַל, וואָס אייך האָט געטראָפן, האָט אייך געמאַכט פאַרלירן צופיל קרעפטן. איר זייט שרעקלעך אויסגעמאַטערט, ליגט רואיק, איר מוזט עפּעס נעמען אין מויל אריין זיך צו שטאַרקען, איר מוזט קריגן פרישע קרעפטן; אָט באַלד וועלן קומען אייערע פון גוט מיט פערד און אַ קאָטש, וועט מען אייך אַוועקפירן אין דרוסקעניק, דאָרט וועט איר פולשטענדיק געזונט ווערן. דערווייל געפינט איר זיך באַ אונדז אין מיל.

— אָ, ווי איך דאַנק אייך, — האָט דאָס מיידל געענטפערט. — איר זייט דאָך אַ גוטע און ליבלעכע פרוי. אָבער איך בעט אייך, זאָגט מיר, ווער האָט מיך געראַטעוועט, ווער איז דאָס דער מאַן, וועמען איך דאַרף פאַרדאַנקען מיין לעבן?

— דאָס איז אונדזער לערער וואַלדמאַן. אַזוי רופט מען אים. ער איז זייער אַ ווילער מענטש און אַזאַ גוטער און געבילדעטער. ער ליגט איצט אין זיין צימער און רוט זיך אָפּ, ער איז אויך זייער אויסגעמאַטערט, ער וועט באַלד אריינקומען צו אייך.

די מילנערקע האָט דערווייל צוגעגרייט פאַר דעם מיידל אַ הייסע גלאָז מילך, צוערשט איר געגעבן אַביסל מאַלינעזאַפט וואָס האָט זיך געפונען באַ איר און איז צוגעשטאַנען צו איר, אַז זי מוז דאָס אַלץ אופּעסן, אויב זי

וויל ווערן שטאַרק און קרעפטיק. דאָס מיידל האָט איר געפאָלגט און עס האָט אַף איר טאַקע זייער גוט געווירקט. זי האָט זיך געפילט אַף אַזוי פיל קרעפטיקער, אַז זי האָט זיך געזעצט אין בעט און אַ שוואַכער שמייכל האָט זיך באַוויזן אַף איר בלאַסן געזיכט.

וואַלדמאַן האָט זיך אויך באַוויזן אין טיר פון דעם אַלקערל, ווו דאָס מיידל האָט זיך געפונען.

— אָט איז ער, אייער גוטער מלאך, אָט דאָס איז דער וואָס האָט אייך געראַטעוועט, — האָט די מילנערקע מיט שמחה אויסגעשריען, — איר זעט, אַז איך בין גערעכט, — האָט זי ווייטער גענומען ריידן, קוקנדיק צו דער קראַנקער. — איך האָב אַלעמאָל אים געזאָגט, אַז ער זאָל ניט שווי־מען, ווייל גראָד גרויסע שווימער טרעפט אָן אומגליק. ווען איר וואָלט אָבער, פריילן, ניט געשווומען, וואָלט דאָך קיין זאַך ניט פּאַסירט.

— אָבער, אַז איך וואָלט אויך ניט געשווומען, וואָלט איך דאָך ניט געהאַט דאָס גליק צו ראַטעווען היינט אַזאַ יונגע, שיינע דאַמע, — האָט וואַלדמאַן שמייכלענדיק זיך אָפּגערופן.

מיט די ווערטער איז ער צוגעגאַנגען צום בעט און ווענדנדיק זיך צו דעם מיידל, האָט ער געפרעגט:

— נו, ווי פילט איר זיך, פריילן, איך זע, אַז איר פילט זיך שוין עט־וואָס בעסער. מיר פרייט דאָס אויסערגעוויינלעך. אָט קומען באַלד אייערע, וועלן זיי שוין אייך ברענגען צו אייער וווינונג, ווו איר וועט קענען גוט אויסרוען און גיך קומען צו זיך. מיך רופט מען וואַלדמאַן, ווערנער וואַלד־מאַן. — האָט ער זיך אַ בויג געטאָן צו איר ריכטונג און זיך פאָרגעשטעלט.

— און איך, קאַטיע קאַרף. איך בין אַ טאָכטער פון באַראָן קאַרף, — האָט דאָס מיידל, מיט אויגן פול דאַנקבאַרקייט, אַף אים אַ קוק געטאָן און געענטפערט, — מיר קומט פאָר, אַז איך האָב אייך שוין אַמאָל, הער וואַלד־מאַן, געזען, איז דאָס מעגלעך?

— יאָ, באַראָנעסע, און ניט פריער ווי נעכטן. איך האָב געהאַט דאָס אומגליק, און אפשר דאָס גליק, נעכטן פאַרנאַכט צו שפּאַצירן לעבן אייער ווילע, ווו איר מיט אייערע חברטעס און איינער אַ הער זייט געזעסן אין

אייער גאָרטן. גראד האָט איינע פון אייערע חברטעס פאַרפירט א געשפּרעך מיט דעם הערן איבער יידן. מיר אַלס ייד איז דאָס געווען זייער ניט אָנ־גענעם צו הערן. איר האָט צו דעם געשפּרעך אַן ענדע געמאַכט, דערמיט וואָס איר האָט זייער דרייסט אָפּגעענטפערט דעם יונגנמאַן. אין יענעם מאָ־מענט האָבן זיך באַגעגנט אונדזערע בליקן. מיר האָבן געקוקט איינער אַף דעם אַנדערן.

די באַראָנעסע האָט אויסגעצויגן צו אים איר ווייסינקע ווייכע הענטל און אָנעמענדיק זיין האנט, האָט זי אים שטאַרק געדריקט. טרערן האָבן זיך איר באַוויזן אין די אויגן, זי האָט מער קיין כוח ניט געהאַט צו זיצן, האָט זיך ווידער געלייגט אפן בעט און געזאָגט:

—מיינע עלטערן וועלן זיין איבערגליקלעך מיט אייך זיך צו באקענען און פערזענלעך אייך אָפּדאַנקען וואָס איר האָט אַזוי העלדיש און זעלבסט־אָפּפערנדיק מיך פון טויט געראַטעוועט. איך וועל זיין דער גליקלעכסטער מענטש אייך צו זען אין אונדזער גוט אין קורלאַנד, און אייך באַלוינען פאר אייער מוט און געוואַגטקייט.

— גנעדיקע באַראָנעסע, איר באַליידיקט מיך, רייידנדיק צו מיר אַזעל־כע רייד. אָבער געננג צו ריידן איבערהויפּט דערפון. איר טאָרט זיך ניט אָנשטרענגען, איר דאַרפט ניט ריידן אַזוי פיל, עס קען אייך שאַדן. וואָס איז שייך מיין באַלוינונג, בין איך געננג באַלוינט דערמיט, וואָס מיר איז געלונגען ארויסצורייסן פון די ניעמאַן־שטראָמען אַזא מענטשלעך וועזן, ווי איר זייט און ברענגען אייך צום לעבן. דאָס איז די גרעסטע באַלוינונג מיי־נע. אין דעם מאָמענט ווען איך האָב מיך געוואָרפן אין טייך אייך צו ראַ־טעווען, האָב איך ניט געפרעגט אויב איר זייט אַ באַראָנעסע, אָדער סתם גלאַט א מענטש. דאָס זעלביקע וואָלט איך געטאָן, ווען אַף אייער שטעל וואָלט דאָס געווען אַן אייגפאַך מיידל. איך באַטראַכט דאָס פאַר די עלע־מענטאַרסטע פליכט פון מענטש צו מענטש און דאָס האָב איך געטאָן.

---

# זיבעטער קאַפּיטל

**אַ רעכטע** צייט האָט גענומען דעם „העלדישן" ריינהאַרדטן, וואָס ווײַל רייצן הינט אַף יידן און טרייבן זיי מיט בייטשן, אָבער זעענדיק אַז אַ מענטש טרינקט זיך, לאָזט ער אים איבער און לויפט רופן מענטשן, קומען צוריק צום טייך, ווו די קאַטאַסטראָפע האָט פּאַסירט. עס איז גראָד געווען זונטיק אינדערפרי. די קנעכט פון גוט האָבן געשלאָפן לענגער ווי אַלע טאָג. די נאָכן באַל פאַרבליבענע געסט זיינען נאָך אויך געשלאָפן, ווי די געהרגע־טע. עס האָט אים געדויערט ביז ער האָט אופגעוועקט מענטשן, ביז ער האָט זיי קלאָר געמאַכט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

באַוואָפנטע מיט שטריק און שטאַנגען, האָבן זיי זיך דערנאָך געלאָזן באַרג אַרונטער צום ניעמאַן. קומענדיק צום ברעג, האָבן זיי שוין געטראָפן די גרעפן טאַטלעבן לויפן אַ פאַרסאָפּעטע און אַ צעטומלטע. זי האָט זיי איבערגעגעבן, אַז מען דאַרף שוין ניט זייער הילף. די באַראָנעסע איז גע־ראַטעוועט. זי געפינט זיך אָבער אַפן צווייטן זייט טייך זי האָט דערציילט וואָס עס האָט פּאַסירט, מיט וואָס פאַר אַ העלדישקייט און אָנשטרענגונג, איינשטעלנדיק זיין אייגענעם לעבן אין געפאַר, האָט פּלוצלינג אַ יונגערמאַן זיך געוואָרפן אין טייך און איר אַרויסגעשלעפּט, זי ווייסט אָבער ניט וואָס זי מאַכט און ווי זי פילט זיך.

ריינהאַרדט האָט גלייך באַפוילן אַ פּאָר קנעכט אָפּבינדן דעם באָט. אַ טייל פון די מענטשן האָבן זיך געזעצט אין באָט און מען האָט זיך אַריבער־געשיפט אַפן צווייטן זייט.

אַף יענעם זייט, ניט ווייט פון ברעג, האָבן זיי באַמערקט אַ פּאָר יינג־לעך לויפן אַרויס פון וועלדל. דאָס זיינען געווען דעם מילנערס קינדער, וועל־כע מען האָט געשיקט צום ברעג אָנזאָגן, אויב מען וועט זיך אַריבערשיפן פון קעגנאיבערליגנדיקן גוט, אַז די באַראָנעסע לעבט און ווו זי געפינט זיך.

די הויפּישע האָבן זיך גלייך געלאָזן גיין אהינצו, בשעת די קינדער זיינען געלאָפן פאָרויס אָנזאָגן, אַז מען קומט.

אָנגעקומען צום מיל, האָבן זיי געטראָפן בײַ דער טיר פון מיל וואַלד־מאַנען, וועלכער האָט זיי שוין אָפּגעוואַרט. זיי האָבן נאַטירלעך ניט גע־ווּוסט, ווער דער יונגערמאַן איז און זיין ראָלע וואָס ער האָט געשפּילט אין דער היינטיקער טראַגעדיע. אַז אַ ייד זאָל האָבן אַרויסגעראַטעוועט די באַ־ראָנעסע איז זיי גאָר אפן זינען ניט געקומען.

— גנעדיקע דאַמען און הערן, — האָט ער זיך צו זיי געווענדעט אין אַ גוטן רוסיש. — איר קומט געוויס געוויר ווערן וואָס די באַראָנעסע מאַכט. איך קען אייך זאָגן, אַז זי פילט זיך זייער גוט. אָבער איך בעט אייך, גייט נאָך דערווייל ניט אריין אין שטוב. די באַראָנעסע איז נאָך זייער שוואַך, זי איז גראָד איצט איינגעשלאָפן. מיט אייער אריינקומען וועט איר שטערן איר שלאָף, וואָס אין דעם מאָמענט איז דאָס פאַר איר וויכטיקער, ווי אַליץ. דער שלאָף וועט איר ברענגען צוריק אירע קרעפטן, וואָס זי האָט פארלאָרן בײַ דעם אומגליקספאַל.

— ער האָט פולקאָם רעכט, — האָבן די דאַמען צוגעשטימט צו וואַלד־מאַנס רייד.

זיי האָבן זיך דערווייל צוגעזעצט באַם מילנער אפן גאַניק, וואַרטן ווען די באַראָנעסע וועט וואַך ווערן.

אומגעפער שפּעטער מיט אַ האַלבער שעה איז אַרויסגעקומען די מיל־נערקע זאָגן, אַז די באַראָנעסע איז שוין אָקאָרשט וואַך געוואָרן און זי בעט די הערשאַפטן אַריינקומען.

די באַראָנעסע איז געזעסן אפן ראַנד פון דער מילנערקעס בעט, אָנ־געטאָן אין אירע אַ קלייד. איר בלאַס געזיכט האָט געשיינט פון פרייד; פון אירע אויגן האָבן אַראָפּגערונען אַ פּאָר פערלדיקע טרערן, אָבער דאָס איז שוין געווען טרערן פון פרייד.

— וואָס מאַכסטו, קאַטיושקאַ? — האָבן די אַריינגעקומענע גענומען אַלע פריידיק שרייען, — ווי גליקלעך מיר זיינען דאָס, אַז מיר זעען דיך אַ לעבעדיקע. ווי מיר זיינען דאָס אַלע געוואָרן דערשראָקן, ווען אַרקאַדיע

גריגאָראָוויץ האָט אונדז דערציילט פון דיין אומגליק.

די באַראָנעסע איז געוואָרן ערנסטער, האָט א קוק געטאָן אַף אַרקאַ־דיען, אַף די דאַמען און דער שמייכעלע פון אירע ליפּן איז פאַרשוווּנדן. אירע ליפּן האָבן קוים באַמערקבאַר זיך א קרום געטאָן.

— אַרקאַדיע גריגאָראָוויץ האָט מסתמא מורא געהאַט איינצוזעצן זיי־נע נייע לאַקשיך, — האָט די באַראָנעסע סאַרקאַסטיש זיי געענטפערט, — דערפאַר איז ער געלאָפן אייך איבערשרעקן. א דאַנק אָבער דער מוטיקייט און העלדישקייט פון אָט דעם יונגנמאַן, — האָט זי געוויזן אַף וואַלדמאַ־נען, וואָס איז געשטאַנען הינטער אַלעמען, — זעט איר מיך איצט א לע־בעדיקע. אַרקאַדיע גריגאָראָוויץ — האָט זי זיך געווענדעט צו אים, — איר זעט, אז דעם מענטשן דאַרף מען ניט אַלע מאָל זוכן צווישן די אַדעליקע. מען קען אים נאָך אפשר לייכטער געפינען צווישן די איינפאַכע און אַפילו צווישן די יידן.

ריינהאַרדט איז געשטאַנען די אויגן אַרונטערגעלאָזן צו דער ערד. ער האָט זיך געשעמט א קוק צו טאָן אין איר זייט. צו מיאוס האָט זי אים אויסגעשמיסן אין קעגנוואַרט פון זיי אַלעמען.

— איך האָב אַף אייך קיין פּאַריבל ניט, באַראָנעסע, — האָט ער גע־ענטפערט, — איר זענט זיכער אופגערעגט פון דעם אומגליקפאַל און אַביסל נערוועז, דערפאַר רעדט איר אַזוי. נישקשה, באַראָנעסע, איר וועט געזונט ווערן און זיך פולשטענדיק באַרואיקן, וועט איר אַנדערש דענקען.

אין שטוב איז אַריין דעם מילנערס אַן אַרבעטער און געזאָגט אַז עס איז געשפּאַנט א פּאָר פערד מיט א וואָגן, גרייט אָפּצופירן די קראַנקע אין דרוסקעניק. זיי זיינען אַרויס פון אַלקערל און האָבן איר געלאָזן אַליין זיך איבערטאָן אין אירע קליידער, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט.

די מילנערקע האָט זיי פאַרגעלייגט אַלעמען א גלאָז מילך, וואָס זיי האָבן גערן געטרונקען, אויסער ריינהאַרדטן, וועלכער האָט אויסגעזען שטאַרק געערגערט און פאַרדריסלעך.

אין א ווײַלע אַרום איז די באַראָנעסע, אונטערן אָרעם מיט דער גרעפין טאַטלעבן, וואָס האָט איר געהאָלפן אָנטאָן, אַרויסגעגאַנגען פון אַלקערל. זי

איז נאָך געווען זייער שוואַך, קוים וואָס זי האָט זיך געהאַלטן אויף די פיס. זי איז צוגעגאַנגען צו דער מילנערקע, אַ קוש געטאָן איר אין באַק און האַר־ציק זיך געגומען געזעגענען מיט איר.

— איך באַדאַנק אייך, גוטע פרוי, פאַר אייער האַרציקייט און פאַר דער הילף וואָס איר האָט מיר אַרויסגעוויזן. באַזונדערס אָבער וועט איר נאָך באַדאַנקט ווערן פון מיינע עלטערן, ווען זיי וועלן זיך דערוויסן פון מיין איבערלעבונג און פון אייער פריינטלעכקייט, וואָס איר האָט צו מיר אַרויס־געוויזן.

— און אייך, וואַלדמאַן, — איז זי צו אים צוגעגאַנגען און געזאָגט, — האָב איך שוין מורא צו דאַנקען, — זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים מיט אויגן פול מיט פריינטלעכקייט און ליבשאַפט, אַזוי אַז זיין פנים האָט זיך גענומען רויטלען, — אייער מיינונג וועגן דעם נאָבעלן און הומאַניטאַרן מאַט, וואָס איר האָט געטאָן צו מיר, טייל איך פולשטענדיק מיט אייך. איך בין אויך מיט דער זעלבער מיינונג, אַז מיר מוזן טאָן נאָר גוטס צו יעדן מענטשן. איך וועל אייך אָבער מיין גאַנצן לעבן ניט פאַרגעסן, איך שווער דאָס אייך צו.

— איך בעט אייך, גנעדיקע פריילן, לאָמיר מער ניט ריידן דערפון, — האָט וואַלדמאַן איר דערלאַנגנדיק די האַנט, געענטפערט. — איר זאָלט שטענדיק באַשיצן אָרעמע אומגליקלעכע מענטשן פון בייזע הינט און פון די בייטשן מיט וועלכע מען טרייבט זיי, ווי איר האָט דאָס נעכטן געטאָן. איך דאַנק אייך פון האַרצן פאַר נעכטן. האָט אין זינען דאָס רוסישע ווערטל: „אַ באַרג מיט אַ באַרג טרעפן זיך ניט, אָבער אַ מענטש מיט אַ מענטש טרעפן זיך יאָ".

ער האָט איר אַרויסבאַגלייט ביז צום וואָגן און געהאָלפן איר אוועקזעצן.

דאָס וואָגן איז געשטאַנען ריינהאַרדט. ער האָט געוואָרפן אויף וואַלד־מאַנען אַ בליק פול מיט רציחה, וואָס קיין מענטש האָט ניט געקענט פאַר־שטיין וואָס דאָס באַדייט.

וואַלדמאַן האָט זיין בליק ניט באַמערקט. ער האָט זיינע אויגן געווענ־דעט דאָרטן ווו די באַראָנעסע איז איצט געווען. ער האָט זיך נאָכאַמאָל

צו איר אַ נויג געטאָן און אַז דער וואָגן האָט געריררט, האָט ער איר צוגע־שיקט אַ לופט־קוש, וואָס די באַראָנעסע האָט דאָס מיט איר ליבן שמייכע־לע זייער גוט אופגענומען.

עס זיינען פאַרביי איייניקע טעג זינט די באַראָנעסע קארף איז ארויס־געראַטעוועט געוואָרן פון וואַסער דורך וואַלדמאַנען. די באַראָנעסע האָט זיך שוין געפילט שטארק און געזונט. איר איבערלעבונג און דער טרויעריי־קער פאַל וואָס מיט איר האָט פאַסירט איז שוין געוואָרן באַקאַנט אין גאַנ־צען קוראָרט און ווייט ארום קוראָרט האָט געקאָכט מיט דער געשיכטע. פון מויל צו מויל איז אַרומגעגאַנגען דער פאַל, ווי אַ יונגע באַראָנעסע האָט זיך געטרונקען און אַ יידישער יונגערמאַן האָט איר געראַטעוועט, איינשטע־לענדיק זיין אייגענעם לעבן. און ווי דער שטייגער אין אַזעלכע פאַלן, אפשר א דאנק דער מיטהילף פון רייִנהאַרדטן און זיין קרייז, וואָס האָבן זיך גע־פילט שטארק געטראָפן פון דער באַראָנעסעס ווערטער, אַז ניט אַלע מאָל דארף מען זוכן דעם מענטשן צווישן די אדעליקע, איז די געשיכטע באַ־וועבט געוואָרן מיט אַ געדיכטן געוועב פון ראָמאַנטישקייט. מען האָט שוין געוווּסט צו דערציילן, אַז די באַראָנעסע קען זיך שוין לאַנג מיט איר יידישן רעטער, א סברא, אַז דאָס איז געווען צווישן זיי פון פריער אַן אָפּגערעדטע מעשה. דאָס איז זי עקסטרע געלאָפן דעם פרימאָרגן זיך באָדן. והא ראיה, זי איז דאָס טאַקע געווען די. וואָס האָט די ערשטע אופגעכאַפּט דעם גע־דאַנק, נאָכן שפּאַציר רייטנדיק, זיך אָפּצובאָדן אין ניעמאַן. זי האָט שוין געוווּסט, אַז דאָרטן ערגעץ ליגט פאַרבאַהאַלטן איר יידישער ליבהאָבער.

אין די קרייזן פון די הויכע קוראָרט געסט האָט מען זיך אָנדערציילט פאַרשיידענע נאַרישקייטן און א סך רכילותן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער געשיכטע פון דער באַראָנעסע קארף. וואַלדמאַן האָט פון דעם אַלץ, פאַר־שטייט זיך, די מינדעסטע אנונג ניט געהאַט. ווי פריער, איז ער ווייטער ארומגעגאַנגען אַליין מיט זיינע געדאַנקען און חלומות, נאָר איצט איז ער געוואָרן פיל מער איינגעשלאָסן אין זיך און האָט געזוכט אויסצומיידן יע־דער געזעלשאַפט פון מענטשן, נאָר אַליין מיט זיך איז ער ארומגעגאַנגען און אַלץ געווען פארקלערט.

אפן פערטן טאָג איז געקומען אין מיל א שליח פון דרוסקעניק. ער האָט געבראַכט צו וואַלדמאַנען א בריוו. דער בריוו איז געווען פון דער באַראָ־נעסע קאַרף. אין בריוו האָט אים די באַראָנעסע געשריבן:

„טייערער רעטער מיינער, הער וואַלדמאַן! שוין דריי טעג ווי איך פיל מיך ווי א נײַ געבאָרענע, דריי טעג שוין ווי איך לעב און לעב נאָר א דאַנק אייער פליכטבאַוווסטזיין און ווילן. יאָ, איך לעב, איך פיל מיך פולקאָם גע־זונט. איך האָב שוין דערגרייכט מיין פריערדיקע פרייַלעכקייט און אפשר אויך די אמאָליקע לעבנסלוסטיקייט. קאַוואַלירן דרייען זיך ווייטער ארום מיר, אָבער אז איך דערמאָן מיך אָן זיי, אַז איך זע מיט מיינע אייגענע אויגן, אין וועלכער געזעלשאַפט איך לעב, מיט וועלכן עגאָיזם און פוסט־קייט אונדזערע געזעלשאַפטן זיינען ארומגערינגלט און וועלכע בייזע צינ־גער עס האַלטן מיך און אייך אין מויל, גיט דאָס מאָמענטן, ווען איך זאָג צו מיר אליין, אַז איר האָט אפשר געטאָן די גרעסטע נאַרישקייט, וואָס איר האָט מיך ארויסגעריסן פון די נעגל פון מלאך המות און מיך צוריק איבער־געגעבן צו דער גרויסאַרטיקער געזעלשאַפט, אפשר וואָלט געווען פיל גליי־כער, איך זאָל מיך האָבן באַפרייט פון דער אידיאָטישער געזעלשאַפט, וואָס דינגלט מיך ארום. ווי די זאַך זאָל אָבער ניט זיין, איז דאָך מיין לעבן א פאַקט און א פאַקט לאָזט זיך ניט אוועקמאַכן מיט דער האַנט. איך לעב, און לעב א דאַנק אייך, טייערער וואַלדמאַן, זייט ניט אין כעס, איך בעט אייך, וואָס איך שרייב אייך דעם דאָזיקן בריוו. אמת איז, ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַז איך טייל פולשטענדיק אייער ארויסגעזאָגטע מיינונג בנוגע די פליכטן פון מענטש צו מענטש, טאַקע דערפאַר, ווייל איך רעכן מיך אויך פאַר א מענטש. בעט איך אייך, ווי גאָט איז אייך ליב, זאָגט מיר ניט אָפּ, ווי איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט צו באַמערקן, דריקט אייך וואָס, אייך פעלט וואָס, ווען ניט אזוי וואָלט איר דאָך ניט געוואָרן קיין לע־דער אין א דאָרף און געלערנט עפּעס מיט א פּאָר דאָרפישע קינדער. בעט איך אייך, זאָגט מיר אָפן און אופריכטיק, וואָס אייך דריקט, וואָס קען איך טאָן פאַר אייך און איך וועל טאָן אַלץ וואָס אין מיינע מעגלעכקייטן וועט זיין, אָדער אין דער מעגלעכקייט פון מיינע עלטערן, אייך צו העלפן.

„מאָרגן פרי פאָר איך אַוועק פון דרוסקעניק, איך פאָר אין אונדזער גוט אין וויינאַדן, קורלאַנד. דאָרטן וועל איך לעבן צוזאַמען מיט מיינע על־טערן. שרייבט מיר ענטפער דורכן זעלבן שליח וואָס ברענגט אייך דעם בריוו, אָדער איר קענט מיר שרייבן פער פּאָסט, אױף מיין אדרעס אין וויי־גאָדען. עס דאַנקט אייך אין פאָרויס, אייער אױף אייביק דאַנקבארע, קאַ־טיע קארף״.

וואָלדמאַן האָט איבערגעלייענט דעם בריוו, א ווייל זיך פאַרטראַכט, דערנאָך איז ער ארויסגעגאַנגען צום שליח און האָט אים אָנגעזאָגט, אז ער זאָל איבערגעבן דער באַראָנעסע, אז איצט קען ער קיין ענטפער ניט געבן. ער וועט איר צושיקן דעם ענטפער דורך פּאָסט, אױף דעם אדרעס וואָס זי האָט אים אָנגעגעבן.

אויב פריער איז וואָלדמאַן ארומגעגאַנגען אַ פאַרטראַכטער און פאַר־חלומט, אויב פריער פלעגט ער אין זיין פרייער צייט, שעהנלאַנג פאַרפאַלן ווערן, שעהנלאַנג ארומבלאָנדזשען איבער פעלדער און וועלדער, ארומקריכן איבער די לאָנקעס און וואַסערברעג, ליגן שעהנלאַנג אפן גראָז און נאָר טראַכטן און פאַנטאַזירן, איז איצט, זינט ער האָט באַקומען דאָס בריוול פון דער באַראָנעסע, געווען נאָך ערגער. דעם מענטשן האָט מען שוין גאָר ניט געקענט דערקענען. מען האָט פון אים א וואָרט ניט געקענט ארויס־קריגן. מען האָט אים געהערט ריידן נאָר דעמאָלט, ווען ער פלעגט געבן די לעקציעס צו די קינדער. די איבעריקע צייט איז ער ארומגעגאַנגען ווי אַ פארשטומטער, שווייגנדיק פלעגט ער שטיין און קוקן ערגעץ אין דער ווייט, ער פלעגט אָפט קענען שטיין שעהנלאַנג אױף איין אָרט און שווייגן, ער האָט ניט געהערט וואָס מען האָט צו אים גערעדט; ניט געענטפערט אױף קיינע פראַגעס, ניט געגעסן, ניט געטרונקען. אַלץ נאָר פון עפּעס געטראַכט. אפן פערטן טאָג, ווי ער האָט דערהאַלטן דעם בריוו פון דער באַראָנעסע, האָט ער זיך איינגעמאָל פארמאַכט אין זיין צימערל און גענומען שרייבן אן ענט־פער צו איר:

„טייערע באַראָנעסע, — האָט ער אָנגעהויבן זיין בריוו, — אַנטשול־דיקט מיר וואָס איך האָב אייך תיכף ניט געענטפערט. איך האָב דאָס ניט

געקענט טאָן, איך בין פשוט ניט פעיק געווען דאָס צו טאָן. אייער בריוו האָט מיר געבראַכט אזוי פיל גליק, ער האָט מיר פארשאַפט אזוי פיל פרייד אין מיין אָרעמען אייגזאַמען לעבן, אז די געדאַנקען האָבן מיר ניט געדינט און איך האָב אייך ניט געקענט ענטפערן. אין דער צייט ווען איר זייט ווייט פון מיר, ווען אייער ליכטיק געשטאַלט זע איך נאָר אין דער פאַנטאַזיע, האָבן זיך די געדאַנקען בא מיר אביסל געקלערט און די פעיקייט צו שרייבן האָבן זיך אומגעקערט צו מיר, בין איך ערשט איצט בכוח אייך צו ענטפערן.

„איך וואָלט מיט אייער מיינונג בנוגע צו דער געזעלשאַפט פולשטענדיק מסכים געווען. אזא געזעלשאַפט ווו עס דרייען זיך ארום די ריינהאַרדטס און טאַטלעבנס, איז ניט כדאי אין אזא געזעלשאַפט צו לעבן. אָבער אויב צווישן צענדליקער און הונדערטער אַזעלכע ריינהאַרדטס און טאַטלעבנס, גייט נאָר ארום איין באַראָנעסע קארף, קען מען שוין לעבן און דאָס לעבן האָט שוין א זין.

„וואָס איז שייך אייער פאַרלאַנג, איך זאָל אייך זאָגן וואָס מיר פעלט, זאָג איך אייך אַז מיר פעלט גאָרניט. און אויב מיר פעלט עפּעס יאָ, איז דאָס זאכן וואָס איר זייט ניט אומשטאַנד מיר דאָס צו געבן. אויב אייער פאַרלאַנג פאַר מיר עפּעס צו טאָן, איז בארוט אַף מאַטעריעלע אינטערעסן, געלט, פעלט דאָס מיר ניט. איך האָב קיין באדאַרף ניט אין געלט און זוך דאָס ניט, ווייל געלט קען נאָר דאַרפן אַ מענטש, איך בין דאָך אָבער אין אייער געזעלשאַפט ניט פאַרעכנט פאַר קיין מענטש, איך בין דאָך א ייד. אזעלכער איז דאָך אין די אויגן פון די סטאָליפּינס און די ריינהאַרדטס ניט קיין מענטש. ניט מער ווי אַן עקלדיקער וואָרעם, וועמען מען קען טרעטן מיט די פיס, מיט דער גרעסטער פאַראַכטונג. טאָ וואָס קענט איר פאַר מיר טאָן אין דער הינזיכט? מיר פעלט מענטשנווירדע. מיר פעלט די עלעמענטאַרסטע רעכטן, וואָס אייערע נידעריקסטע קנעכט האָבן דאָס יאָ. און געבן מיר דאָס, ווי גוט איר זאָלט ניט זיין, קענט איר דאָס ניט. דאָס איינציקע וואָס איר קענט טאָן פאַר מיר, איז פון צייט צו צייט זיך דערמאָנען, אז עס עקזיסטירט ערגעץ אין דער וועלט א מענטשלעכער וואָרעם, וואָס פילט

צו אייך די גרעסטע אכטונג און רעספעקט און בלייבט צו אייך אין איי־
ביקער דאנקבארקייט,

אייער וואלדמאן.״

פארטיק געמאכט דעם בריוול, האט ער אנגעשריבן דעם אדרעס, פאר־
זיכטיק פארקלעפט און ניט טרויענדיק קיינעם, האט ער זיך אנגעטאן און
אליין אוועק צום שטעטל, מיט די אייגענע הענט ארייננעוואָרפן דעם בריוו
אין דער דארטיקער פאסט.

זייער אן אומאנגענעמע איבערראשונג האט דערוואַרט וואלדמאנען בא
זיין צוריקומען פון שטעטל. ארייננייענדיק אין שטוב האט ער דערזען א
פאליציי־באאמטן דארטן זיצן. ווי ער איז אריינגעקומען, האט דער באאמ־
טער זיך אופגעהויבן ,איז צוגעגאנגען צו אים און אף א ברוטאל פאליציי־
אישן אופן א פרעג געטאן:

— דו ביסט דאס דער יידישער לערער דא אין דער מיל?

— יא, האט אים וואלדמאן א פארוונדערטער געענטפערט.

— הייסט דאס, אז דו ביסט דאס דער, וואס האט דא די פאריקע וואך
געמאכט אזא טומל מיט דער בארענעסע קארף? דו גייסט אלע טאג צום
ניעמאן, באהאלטסט זיך דארטן אין די קוסטעס און לויערסט אף די נאקע־
טע פרויען, ווען זיי קומען זיך באדן? באוויז אקארשט דיינע דאקומענטן,
פיינער יונגערמאן, — איז דער פאליציי־באאמטער צו אים צוגעשטאנען.

וואלדמאן האט גאנץ רואיק ארויסגענומען זיין פאס, זיין דאקומענט
פון זיין מיליטער־באפרייאונג און האט דאס אלץ געוויזן דעם באאמטן.

— זעסט, — האט ער צו אים געזאגט, איך בין ניט קיין פארברעכער
איך האב אלע פאפירן אין ארדענונג, און האב פאר קיינעם קיין מורא ניט.
וואס דו באהויפטעסט, אז איך גיי אלע טאג צום טייך, איז אויך אמת,
אבער ניט צו קוקן אף נאקעטע פרויען, ווייל איך קום אין אזא ארט, ווו
קיין מענטש קומט דארטן קיינמאל ניט זיך באדן, איך גיי ווייל דארטן גע־
פין איך מיך אליין, פון קיינעם ניט געשטערט און קען מיך דארטן באדן.
אויב עס האט פאסירט א צופאל, אז די בארענעסע איז יא געקומען אף
דעם ארט זיך באדן, איז דאס געוועזן אף דעם קעגנעבערדיקן ברעג, און דער

איינציקער פארברעכן וואָס איך בין דאָ יאָ באַגאַנגען, קומט אויס, נאָך דיין פסיכאָלאָגיע, איז דאָס וואָס איך האָב זי געראַטעוועט פון א זיכערן טויט, איינשטעלנדיק מיין אייגענעם לעבן אין געפאר.

— איך קען מיך ניט פאנאנדערנעמען אין די אַלע יידישע דריידלעך, — האט דער פּאָליציי־באַאמטער געענטפערט, — דאָס שטייט בא מיר קלאָר, אז דו ביסט אַ ייד, טאָ ווי קומסטו אהער אין דאָרף? ווייסטו דען ניט, אז יידן טאָרן זיך ניט באַזעצן אין דאָרף? איך האָב א באַפעל דיך צו אַרעסטירן און אָפּפירן דיך צו דעם שעף אין פּאָוויאַט, דאָרטן וועלן שוין די העכערע באאמטע וויסן, וואָס מיט דיר צו טאָן.

עס האט ניט געהאָלפן די אינטערווענץ פון מילנער, וועמען עס איז שוין געווען באַקאַנט די מיטלען, וואָס מען דאַרף אין אַזאַ פאַל אָנעמען. עס האָט ניט געהאָלפן קיין בעטן.

— דער שעף האט דערהאלטן אַ שווערע דענונציע פון אַ הויכער פּערזענלעכקייט, — האט דער באאמטער דערקלערט און איך מוז אים ברענגען צום שעף.

דאָס איז געווען וואַלדמאַנס באַלוינונג פאר זיין העלדישקייט.

# אכטער קאַפּיטל

מיט אַ געפיל פון אַנטוישונג און פארביטערונג האָט וואַלדמאַן זיך אריינגעזעצט אין פורל צוזאַמען מיטן פּאָליציי באַאמטן וואָס האָט אים געזאָלט אָפּפירן אין פּאָוויאַט, קיין סייני, צו וועלכער עס האָט געהערט דער לינקער ברעג פון ניעמאַן, דאָרטן ווו די מיל האָט זיך געפונען.

דאָרטן אָנגעקומען, האָט מען אים אריינגעוואָרפן אין דעם פּאָליציי־אישן אַרעסטהויז, ביז די העכערע באַאמטע וועלן האָבן צייט אים צו פאַרהערן און פעסטשטעלן די גרויס פון זיין פאַרברעכן.

הגם וואָלדמאַן האָט געוווּסט בא זיך, אַז איבּ שטייט ניט פאַר קיין גרויסע שטראָפן, נאָך אַלעמען איז זיין פאַרברעכן דאָך געווען ניט מער ווי דאָס, וואָס ער האָט זיך געפונען אין אַ דאָרף, אַ זאַך וואָס אַ ייד האָט דאָס ניט געטאָרט, האָט ער זיך פונדעסטוועגן געפילט אין גרויס פאַרצווייפלונג. ער איז געלעגן אויף די האַרטע ברעטער פון דעם אַרעסט־קעמערל און האָט אַזש געוויינט פון גרויס ערגערניש און פאַרדרוס: פאַרוואָס קומט דאָס מיר — האָט ער אַלץ געטראַכט, — פאַרוואָס מאַטערט מען מיך אומזיסט און אומנישט? ניט מער דערפאַר ווייל איך בין אַ ייד? ניט שוין זשע פאַרמאָגט ניט דאָס רוסישע פאָלק קיין ברעקל געוויסן, וואָס זי רודפט אַזויפיל דעם יידן? אין אַ מאָמענט פון פאַרצווייפלונג, איז אים אַרויף אויפן זינען, אַז אפשר איז אין דעם אַרעסט זיינעם שולדיק גאָר די באַראָנעסע אַליין. זי האָט דאָס אויף דעם אופן געוואָלט פון אים אָפּחוזקן. זי וויל פון אים פריי ווערן און דערמיט ווייזן איר טייערער געזעלשאַפט, אַז עס איז ליגן וואָס זיי האָבן אויסגעטראַכט אויף איר, זי זאָל זיין זיינע אַ געליבטע. ניט שוין זשע האָב איך געהאַט אין איר אַזאַ טעות? ניט שוין זשע זאָל די איידעלע באַשעפעניש זיין גלייך צו די אַנדערע טאַטלעבנס און רייגהאַרדטס? ניט שוין זשע זאָלן זיי אַלע זיין אַזוי נידעריק און געמיין? אָבער ניין — האָט ער גיך פאַרטריבן דעם געדאַנק פון זיך. עס קען ניט זיין. איך האָב קיין טעות ניט געהאַט. עס זיינען טאַקע דאָ פאַרדאָרבענע און געפאַלענע ברואים צווישן זיי, אָבער ניט זי. דאָס איז אַ ליכטיקער שטערן אויף אַ פינצטערן פאַרכמאַרעטן הימל. איך וועל אַלץ טאָן און וועל מוזן דערגיין, ווער איז דאָס געווען דער נפש וואָס האָט אַזוי מיאוס געהאַנדלט קעגן מיר, פאַר־מסרנדיק מיך צו דער פאָליציי. ווער איז דער מענטש, וואָס איז פעיק אויף אַזעלכע געמיינע זאַכן? איך מוז וויסן דעם אמת. — צי זיינען טאַקע ניטאָ צווישן רוסישן אַדל קיין מענטשן מיט געוויסן און איידעלע געפילן?

מיט אַזעלכע געדאַנקען האָט וואָלדמאַן זיך אָפּגעוואַלגערט אין קאַר־צער גאַנצע דריי טעג און געוואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען מען וועט אים רופן צום שעף און פאַרהערן זיין פאַרברעכן.

די מילנערקע איז גראָד אין דעם מאָמענט ווען מען איז געקומען אַרעס־

טירן וואַלדמאַנען ניט געווען אין דער היים. זי איז געווען אין דער דער־בייאיקער שטעטל. ווען זי איז געקומען אהיים און זיך דערוווסט פון דאָס געשעענע, איז זי פשוט אויס מענטש געבליבן. זי האָט וואַלדמאַנען זייער ליב באַקומען פאַר דער צייט וואָס ער איז געווען אין זייער הויז. זי האָט אים געהאַלטן ווי אַן אייגן קינד, בפרט איצט, נאָך דער געשיכטע מיט דער באַראָנעסע, איז ער גאָר הויך געשטיגן אין אירע אויגן.

— ניין, — האָט זי געשריען און זיך געקאָכט, — ער האָט געווים ניט פאַרדינט אַזאַ האַנדלונג. איך וועל זיי ניט שווייגן. איך פאָר מאָרגן אַרי־בער אין דרוסקעניק. איך וועל אָנקומען אין די הויכע פענצטער, איך וועל אופזוכן די גרויסאַרטיקע דאַמען וואָס זיינען נאָך דאָרטן פאַרבליבן און וועל זיי אויפווייזן דאָס אומרעכט וואָס זיי האָבן געטאָן קעגן דעם אָרעמען בחורל. — דאָס האָט דאָך קיין אַנדערער ניט געקענט טאָן ווי נאָר זיי אליין, צי איז שוין גאָר קיין גערעכטיקייט ניטאָ אויף דער וועלט? איך וועל פון אונטער דער ערד אַרויסגראָבן דעם אמת. איך וועל זיי געבן אַ גאָב, די אויסגעפּאַשעטע דאַמען, אַז עס וועט זיי אין האַלדז ניט קריכן — אַזוי האָט זיך געהיצט און געשריען די מילנערקע.

גלייך אויף מאָרגן, אַז זי איז פּאַרטיק געוואָרן מיטן פרישטיק, האָט מען געשפּאַנט אַ פערד און די מילנערקע האָט געהאַלטן איר וואָרט. זי איז געפאָרן אין דרוסקעניק. עס האָט געדויערט אַ טאָג אַ גאַנצן. זי איז געקראָ־כען איבער די ווילעס, געשטאַנען אין די קיכן, זיך געבעטן און געוויינט, ביז איר איז געלונגען אָנצוקומען וווּ מען דאַרף און ריידן טאַקע נאָר מיט דער מאַדאַם סטאָליפּין אַליין. זי האָט איר אויסדערציילט די גאַנצע גע־שיכטע, געקושט איר די הענט, געבעטן ווי גאָט איז איר ליב, מען זאָל באַ־פרייען דעם אָרעמען קינד.

ווי באַצאָלט מען דאָס אַזוי אַ מענטשן, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַזוי־פיל העלדישקייט, ניט געזשאַלעוועט דאָס אייגענע לעבן, געראַטעוועט אַ מענטשן פון אַ זיכערן טויט? — האָט זי וויינענדיק געטענהעט.

ווי עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, האָבן טאַקע די דאַמען ניט געוווּסט פון דער נידערטרעכטיקייט. די מסירה איז אָוועק געהיים. קיינער, אויסער

די פּאָר מענטשן וואָס האָבן דאָס געטאָן, האָט דערפון ניט געוווסט. מען איז ארומגעלאָפן א גאנצן טאָג, מען האָט אָנגעדריקט אף דעם ריכטיקן קנעפּל און עס איז אוועק א פּאַפּירל, דאָרטן וו מען דאַרף, מען זאָל דעם יונגמאַן ניט פאַרהאַלטן, מען זאָל אים תיכף פריילאָזן.

אפן פערטן טאָג פון וואַלדמאַנס ארעסט, האָט מען אים גערופן צום שעף פון פּאַוויאַט. פאַר אים איז געזעסן אַן עלטערער מענטש, ניט ווי וואַלדמאַן האָט דערוואַרט, אַ מענטש מיט א רוגזדיקן פּנים, פון א רוסישן ברוטאַלן באַאמטן, נאָר גאָר פאַרקערט, אַן עלטערער מענטש שוין, מיט גרויסע, גרויע וואָנצעס, מילדע אויגן און א פריינטלעכן פּנים.

— זעצט זיך, יונגערמאַן, — האָט ער געזאָגט צו וואַלדמאַנען, — איך האָב אייער ענין גוט דורכשטודירט. איך זע דאָ ניט קיין שום פאַרברעכן. אַלץ זאָגט דערפאַר אז איר זייט אַן אָרנטלעכער און גוטער מענטש. איך פאַרשטיי, אז איר האָט געטאָן אייער מענטשלעכן פליכט, פאַרוואָס עס קומט צו באַלוינען. אָבער בשום אופן ניט צו באַשטראָפן. איר זייט אָבער ארומגערינגלט מיט שונאים, צווישן אונדז זאָל דאָס בלייבן. זייערע אייגע־נע האָבן אייך פאַרמסרט. זיכער אז דאָס איז צוליב קנאה, ווייל זיי איז ניט געלונגען ארויסצוווייזן אַזאַ בראַווקייט און מוטיקייט, אין קעגנוואַרט פון די יונגע דאַמען ארום וועלכע זיי דרייען זיך. איר זייט פולשטענדיק פריי, אָבער אַלס עלטערער מענטש ראָט איך אייך, אזוי גיך ווי עס איז נאָר מעג־לעך, פאַרשווינדן פון דער געגנט. אויב איר ווילט לעבן רואיק, פאַרט אוועק פון דאַנען. אייערע שונאים זאָלן אייך ניט זעען, אז ניט זייט איר אפשר מיטן לעבן ניט זיכער. פון זיי קען מען אַלץ דערוואַרטן — אזוי האָט אים געוואָרנט דער גוטער אַלטער מאַן.

וואַלדמאַן האָט פאַרלאָזן דעם קאַרצער. ער איז ארויס אפן גאַס און האָט זיך פאַרטראַכט אין דעם אַלטנס רייד. ער איז פולשטענדיק גערעכט, האָט ער זיך געטראַכט. מען מוז זיי אויסמיידן ווי בייזע הינט. אָט די בעסטיאַלישע סטאָליפּינס און רייגהאַרדטס. ווו אָבער וועל איך געפינען א רואיק ווינקל, אז איך זאָל מיך ניט מער אָנשטויסן אף זיי? ווו אַנטלויפט מען פון זיי? שטייענדיק אזוי פאַרטיפט אין זיינע מחשבות האָט ער פּלוצ־

ליגג אפן קול אויסגעשריען: „אהיים, צו דער מאמען וועל איך גיין. איך וועל זיין מיט איר צוזאמען. זאָרגן פאר איר, לעבן פאר איר און אין דער מאמעס ליבשאפט זיך אָפּרוען פון די אלע איבערלעבונגען". ער האָט זיך מיטאמאל דערמאָנט אָן דעם חלום, וואָס אים האָט זיך געחלומט יענעם שבת באנאכט, ווען ער איז געקומען צוריק פון דרוסקעניק, ווו די יונגע באראָנעסע, זי איז דאָס געווען, האָט אים געשלעפט פארן האנט און האָט אים געהייסן גיין זאָרגן פאר זיין מאמען, ניט קימערן זיך פאר די פרעמדע וואָס רינגלען אים אָרום.

וואלדמאן איז געקומען אין מיל, ער האָט באדאנקט דער מילנערקע פאר איר פריינטשאפט, וואָס זי האָט ארויסגעוויזן צו אים און זיי איבער־געגעבן זיין באשלוס, אז ער פאָרט אהיים צו זיין מאמען. ער וויל וואָס גי־כער פארלאָזן דאָס אָרט, וואָס האָט אים געבראכט אזויפיל אנטוישונג און פארדרוס.

זיין שטעטעלע ריטעווע איז געלעגן אין דער געגנט, ניט ווייט פון דער באנסטאציע מוראוויאָווע, ווו עס האָט זיך געקרייצט די ליבוי־ראמנער מיט מאָסקווע־ווינדאווער באן. אהין צו דער סטאציע, האָט דאָס איצט וואלדמאן געאיילט. די גאנצע נאכט איז ער געלעגן און געטראכט, ער האָט צום וויפלטן מאָל אלץ צו זיך אליין געזאָגט: אהיים, פארגעסן דעם עפי־זאָד, ניטאָ מער קיין באראָנעסע. ניטאָ קיין טרינקנדיקע מיידל. דאָרטן, צווישן מיינע אָרעמע ברידער און שוועסטער, אין דער אָרעמער שטיבל פון מיין מאמען, וועל איך געפינען די געגארטע רו. דער געדאנק אז ער פאָרט אהיים, האָט אים סוף כל סוף בארואיקט. ער איז איינגעשלאָפן זיי־ער שפעט, איז אָבער געשלאָפן רואיק און געשמאק. צומאָרגנס האָט ער ארנומען זיין ביסל זאכן און איז אוועקגעפאָרן פון דער מיל.

אף מאָרגן, שוין קעגן פארנאכט, — האָט דער צוג מיט וועלכן וואלד־מאן איז געפאָרן, זיך דערנענטערט צו דער סטאציע מוראוויאָווע. דער זייגער איז שוין געווען ארום האלב נאָך זעקס. די זון האָט געהאלטן באַם ארונטערלאָזן זיך. די לופט איז אָבער געווען שיין און ווארעם. ער איז גע־שטאנען באַם פענצטער פון וואגאָן און געקוקט אף די לאנגע שאָטנס וואָס

ציען זיך פון די ביימער און הייזלעך, ווו די באן לויפט פארביי. ער האט געוואָרפן זיינע בליקן דאָרט ווייט, ווייטער פון דער סטאַציע, וואָס זעט זיך שוין פון דערווייטנס, דאָרטן ערגעץ, ווו נאָך זיין מיינונג דאַרף זיך געפינען זיין שטעטל און זיין האַרץ האָט אים א צאַפּל געטאָן פון פרייד. נאָך א טאָג און ער וועט שוין זען זיין מאַמען, זי וועט אים אַרומנעמען און וועט אים קושן.

די באַן האָט שוין גענומען פאַרלאַנגזאַמען איר גאַנג. די גרויסע גרויע געביידע פון מוראַוויאָווער וואָקזאַל איז שוין געווען פאַר די אויגן. די פּאַ־סאַזשירן האָבן שוין גענומען שלעפּן זייער באַגאַזש פון די פּאָליצעס. מען האָט זיך גענומען גרייטן צו פאַרלאָזן די וואַגאָנעס. וואַלדמאַן האָט אויך גענומען שלעפּן זיין טשעמאָדאַנטשיק פון דער אויבערשטער פּאָליצע. ער האָט זיך געוואָלט שטעלן לעבן אַרויסגאַנג פון וואַגאָן, וואָס גיכער אַראָפּ־גיין און אויסשטייגן. מיט אַמאָל, ניט דערגרייענדיק צום וואָקזאַל, א רעב־טע שטיק נאָך דערווייטערט, האָט זיך דער צוג אָפּגעשטעלט. די פּאַסאַ־זשירן זיינען פאַרווונדערט געוואָרן. וואָס איז דאָס? האָט מען גענומען קוקן איינער אפן אַנדערן, ווי מען וואָלט וועלן אין יענעמס פּנים איבערלייענען די סיבה, וואָס די באַן גייט ניט ווייטער. מען האָט זיך גענומען וואַרפן צו די פענצטער, כאַפּן א קוק פאַר וואָס דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט. לאַנג האָט מען אָבער ניט געדאַרפט וואַרטן אף קיין דערקלערונג, די טירן פון די וואַגאָנען האָבן זיך געעפנט און עס האָבן זיך באַוויזן זשאַנדאַרמען, מען האָט גענומען פרעגן באַ אַלע רייזנדיקע, דאָקומענטן.

— וואָס איז געשען? — האָבן די פּאַסאַזשירן גענומען מיט שטוינונג פרעגן די זשאַנדאַרמען. קיינמאָל פרעגט מען דאָ ניט קיין פּאַס און היינט, מוז מען ווייזן דאָ דאָקומענטן.

— קיינמאָל טאָקע ניט, — האָבן די זשאַנדאַרמען מיט קאַלטער רואי־קייט געענטפערט. — היינט אָבער יאָ. היינט וועלן דאָ זיין גרויסע געסט, מוז מען היינטיקע צייטן זיין פאָרזיכטיק, האָבן די זשאַנדאַרמען צוגע־שמייכלט. מיט דעם ריגער צוג וועט באַלד אָנקומען אַהער דער מיניסטער פון צאַרישן הויף באַראָן פרעדעריקס. מיט אים קומט דער שעף פון דער

קייזער־לעבער וואָך באַראָן מייענדאָרף, זיין שוואָגער, דער שעף פון זיבעטן אַרמיי קאָרפּוס באַראָן קאַרף, וואָרט שוין אַף זיי אַ פּאָר שעה אין וואָקזאַל, האָט מען באַפוילן צו פאַרהאַלטן דעם צוג און פרעגן בא אַלעמען דאָקו־מענטן.

וואַלדמאַן האָט זיך געגעבן אַ צאַפּל, דערהערנדיק דעם נאָמען פון באַ־ראָן קאַרף. עס האָט אים גענומען ציטערן הענט און פיס.

— ווי, דער באַראָן קאַרף פון ווייַנאַדן איז אויך דאָ? — האָט ער מיט פאַרווונדערונג געפרעגט דעם זשאַנדאַרם. — איז ער דאָ אַליין אָדער זיין פאַמיליע איז אויך דאָ מיט אים?

דער זשאַנדאַרם האָט גענומען אופמערקזאַם קוקן אַף וואַלדמאַנען. עפּעס איז אים ניט געפעלן געוואָרן זיין פּלוצלינגדיקע צערודערונג. דער צאַפּל וואָס ער האָט געמערקט אין אים, דערהערנדיק דעם באַראָן קאַרפס נאָמען. ווי קומט דאָס צו אַ יידל, אַן אָרעמער ייִד, ער זאָל זיך נאָכפרעגן אַף באַראָן קאַרף? און האָט גענומען קוקן אַף וואַלדמאַנען מיט חשד. ער האָט גענומען באַטראַכטן אים פון אַלע זייטן, זיין זשאַנדאַרמישע נשמה איז אין אים וואַך געוואָרן.

— זאָג נאָר, וואָס גייט דיר אַזוי אין לעבן באַראָן קאַרף? — האָט אים גענומען דער זשאַנדאַרם פרעגן — ווער ביזטו דאָס אַזעלכער אַז דו פרעגסט זיך נאָך אַף אַזעלכע פּערזאָנען?

וואַלדמאַן האָט פאַרשטאַנען אַז ער איז באַגאַנגען אַ טאַקטישן פע־לער מיט זיין פרעגן. גראָד דעם זשאַנדאַרם האָט ער דאָס ניט באַדאַרפט פרעגן. ער האָט אַפּנים פאַרגעסן אַף אַ ווייל, וואָס מיט אים האָט פּאַסירט מיט איייניקע טעג פריער. מען קען נאָך אים אין וואָס פאַרדעכטיקן און דאָס קען אים ברענגען ווייטער צרות אומזיסט און אומנישט. ער האָט שוין ווי ניט איז זיך געוואָלט אויסדרייען פון דער לאַגע און פאַריכטן דעם איינ־דרוק, וואָס ער האָט געמאַכט מיט זיין אומפּאַרזיכטיקער פראַגע. דאָס האָט זיך אים אָבער ניט איינגעגעבן. ער האָט גענומען שטאַמלען, דרייען מיטן צונג. ער איז געוואָרן אַביסל צעטומלט און זיין האַרץ האָט אים גענומען שרעקן.

דער זשאַנדאַרם האָט באַמערקט זיין שרעק און צעטומלעניש, האָט ער לאַנג ניט געטראַכט און אַ געשריי געטאָן צו די אַנדערע זשאַנדאַרמען:

— אַהער, ברידער, דעם חברהמאַן דאַרף מען אַרעסטירן. ער איז עפּעס אַ פאַרדעכטיקער פּאַרשוין.

עס האָט ניט געהאָלפן וואַלדמאַנס שרייען, זיין פּראָטעסטירן און בעטן. צוויי פּאָר קרעפּטיקע הענט האָבן אים פעסט אָנגענומען. מען האָט אים באַפוילן נעמען זיינע זאַכן און גיין מיט זיי.

צווישן די פּאַסאַזשירן איז געוואָרן אַ פּאַניק. מען אַרעסטירט פּאַסאַזשירן. האָט מען גענומען שרייען. אַנדערע האָבן דאָס אונטערגעכאַפּט און די זאַך באַלד איבערגעטריבן. מען האָט געכאַפּט אַ וויכטיקן העכט, האָבן אַנדערע געמורמלט שטילערהייט. דאָס מוז זיין גאָר אַ גרויסער רעוואָלוציאָנער, האָבן נאָך אַנדערע אָנגעוויזן אויף דעם אַרעסטירטן. צווישן פּובליקום און אַרום וואָקזאַל איז שוין אַרויס אַ קלאַנג, אַז מען האָט געכאַפּט איינעם מיט באָמבעס וואָס האָט געוואָלט דערמאָרדן דעם באַראָן קאָרף מיט זיין שוואָגער. די שטימונג אין וואָקזאַל איז געוואָרן פול מיט שרעק. דער עולם האָט גענומען שטילערהייט פאַרלאָזן דעם וואָקזאַל, מען האָט איינפאַך מורא געהאַט דאָרטן צו בלייבן, ווער ווייסט וואָס עס קען נאָך פּאַסירן?

## ניינטער קאַפּיטל

**באַראָן** קאָרף איז מיט אַ פּאָר שעה פריער אָנגעקומען מיטן צוג פון קאַוקאַזער קוראָרט, ווו ער האָט פאַרבראַכט זיינע וואַקאַציעס. זיין פרוי און די טאָכטער וואָס האָט זיך שיר ניט דערטרונקען אין ניעמאַן, זיינען געווען אָקאָרשט געקומען פון זייערע גיטער, וועלכע זיינען געלעגן סך הכל איינ־

קע און צוואנציק קילאָמעטער ווייט פון דער סטאַנציע. זיי האָבן געוואָלט באַגעגענען דעם באַראָן און גלייכצייטיק אָפּוואַרטן די געסט וואָס קומען צו זיי.

באם וואָקזאל זיינען געשטאַנען גרייט צוויי גרויסארטיקע קאַטשן, געשפּאַנט צו פיר פערד יעדערע, וואָס האָבן געוואַרט דאָס אָנקומען פון די געסט. דער באַראָן מיט זיין פאַמיליע זיינען געזעסן אין סאַלאָן פון דעם ערשטן קלאַס און האָבן זיך אונטערגעהאַלטן. דער באַראָן האָט זיין טאָכטער זייער שטאַרק ליב געהאַט, שוין צום וויפלטן מאָל האָט זי אים געמוזט איבערדערציילן, אַלע איינצלהייטן פון דעם טרויעריקן פאַל מיט איר דאָרטן אין דרוסקעניק, און ווי דער בראַווער יונגערמאַן האָט זי אַרויסגעראַטעוועט — „איך וועל אומבאַדינגט אופזוכן דעם יונגנמאַן און אים ווי געהעריק באַלוינען פאַר זיין נאָבעלן טאַט", — האָט דער באַראָן פאַרשפּראָכן זיין טאָכטער.

— ווייסטו ליבער פאָטער, — האָט די באַראָנעסע זיך אָפּגערופן צום באַראָן, — דאָס קוריאָזסטע אין דעם פאַל איז, אז דער וואָס האָט מיך געראַטעוועט, איז א יידישער יונגערמאַן. איך האָב אפילו קיינמאָל ניט געהאַלטן פון די פאָרורטיילן קעגן יידן מיט וועלכע מיינע רוסישע חברים און חברטעס זיינען פול, אָבער איך האָב ניט געוווּסט אז צווישן זיי זאָלן זיין אזעלכע מערקווירדיקע בראַווע און אינטעליגענטע יונגעלייט ווי דער וואָס האָט מיך געראַטעוועט.

— אָ, יאָ, צווישן יידן זיינען דאָ פיל גוטע און בראַווע מענטשן, — האָט אויך דער באַראָן געענטפערט. — א שאָד, וואָס דאָ, אין רוסלאַנד, לאָזט מען זיי ניט צו, זיי זאָלן האָבן די מעגלעכקייט אַרויסווייזן זייער בראַווקייט. איך קען א סך יידן וואָס זיינען זייער פעיקע און אינטעליגענטע מענטשן, דערפאַר אין דייטשלאַנד וווּ זיי האָבן יאָ רעכטן, טרעפט מען פיל יידן גאַנץ טיכטיקע, וואָס נעמען אַן אַנטייל אין ווירטשאַפטלעכן לעבן פון לאַנד און העלפן די אַנטוויקלונג פון לאַנד אָף אַלע געביטן, זיי טראָגן פיל ביי צו דער גרויסקייט און מעכטיקייט פון דייטשלאַנד און זיי געפעלן מיר זייער גוט.

דעם באַראָנס פרוי האָט ניט גענומען קיין אָנטייל אין דעם געשפּרעך פון פאָטער און טאָכטער. זי איז געזעסן באַם פענצטער און געקוקט אין דרויסן. מיט איין מאָל האָט זי זיך אופגעהויבן פון איר פּלאַץ, איר געזיכט האָט אויסגעדריקט שרעק, — „זעט, האָט זי זיך אָפּגערופן צום מאַן א דער־שראָקענע, — וואָס איז דאָ געוואָרן פאַר א בהלה, מענטשן לויפן עפּעס פון וואָקזאַל צעשראָקן. עפּעס שרייען זיי אזוינס וואָס איך הער ניט. מען דאַרף געוויר ווערן וואָס דאָ קומט פאָר”.

דער באַראָן האָט זיך תיכף אופגעהויבן פון זיין פּלאַץ. אויך א קוק געטאָן דורכן פענצטער און ווענדנדיק זיך צו דיביידע פרויען, האָט ער גע־זאָגט:

— זייט גאַנץ רואיק, בלייבט דאָ א מאָמענט זיצן, איך וועל אַרויס־גיין זען וואָס האָט פּאַסירט און קום זאָפאָרט צוריק. — מיט די ווערטער איז ער ארויס פון סאַלאָן.

אין גרויסן רוים פון וואָקזאַל האָט ער באַמערקט, ווי צוויי זשאַנדאַרן שלעפּן א יונגנמאַן וואָס האָט אויסגעזען שטאַרק צעשראָקן, זיין געזיכט איז געווען בלייך ווי קרייד, און זיי פירן אים גלייך צו דער טיר פונעם קאַבינעט פון זשאַנדאַרמען שעף, הינטער אים איז נאָכגעגאַנגען אַן אָפיציר.

— הער אָפיציר, — האָט דער באַראָן זיך געווענדעט צום לעצטן, — וואָס האָט פּאַסירט? וואָס איז דאָס פאַר א יונגערמאַן, וואָס איר האָט גע־פאַנגען? מיינע פרויען זיינען איבערגעשראָקן אף טויט, זיי מיינען גאָט ווייסט וואָס דאָ איז. ווער איז דער סוביעקט? זאָגט מיר גיכער, איך מוז גיין באַרואיקן מיינע דאַמען.

דער אָפיציר האָט זיך אויסגעצויגן גלייך ווי א סטרונע פאַרן באַראָן, אופגעהויבן זיין האַנט צום היטל און אים אָפּראַפּאָרטירט, אז דער יונגער־מאַן איז א ייד, וואָס זיינע מענטשן האָבן א פאַרדאַכט אף אים, ווייל ער האָט געוואַגט צו פרעגן אף אייער עקסעלענץ און אף אייער געשעצטער פאַ־מיליע. ער האָט אפילו געהאַט די העזה צו פרעגן אף אייער טאָכטער.

— וואָס? — האָט דער באַראָן זיך אָפּגערופן, — גאָר אף מיר און מיין פאַמיליע, האָט ער געפרעגט, וואָס האָט עפּעס א ייד צו פרעגן אף מיין

פאמיליע? דאָס איז גאַנץ אינטערעסאַנט. — האָט דער באַראָן אַ פאַרוווּנ־דערטער צוגעגעבן, — אַנו, לאָזט מיר, איך וועל אים פערזענלעך אַ פרעג טאָן, וואָס ער וויל פון מיר און מיין פאַמיליע.

דער אָפיציר האָט זיך אויסגעדרייט אָן אַ זייט, געעפנט ברייט די טירן פאַרן באַראָן און אים אַריינגעלאָזן אין קאַבינעט.

וואַלדמאַן איז געשטאַנען לעבן שרייב־טיש פון שעף, די זשאַנדאַרמען פון ביידע זייטן. ער איז געווען בלייך און צעשראָקן. דער גאַנצער קערפּער האָט בא אים געציטערט פון שרעק. „וואָסערע אומגליקן האָט דאָס אַף מיר געבראַכט די דאָזיקע באַראָנעסע, זינט איך האָב זי דערקענט. ווו איך גיב זיך אַ קער, טרעף איך מיך אָן אַף אומאָנגענעמלעכקייטן. ווער ווייסט, ווי איך וועל דאָסמאָל אָפּשניידן פון דער געשיכטע״, — האָט וואַלדמאַן גע־טראַכט.

טראַכטנדיק וועגן זיין שלימזלדיקייט און וועגן דער באַראָנעסע, זעט וואַלדמאַן ווי די טיר פון קאַבינעט עפנט זיך און עס גייט אריין דער אָפי־ציר וואָס האָט אים שוין באַוויזן אייניקע מאָל אַריינצוזאָגן אַ רוסישן „מי שברך״ און אין זיין באַגלייטונג באַווייזט זיך אַ צווייטער הער, אַ הויכער און קרעפּטיקער, געקליידט אין ציוויל נאָך דער לעצטער מאָדע. דער מאַן איז שוין אין די מיטעלע יאָרן. ער דערנענטערט זיך צו אים, אויסגעשטעלט אַף אים זיינע אויגן און זאָגט:

— איך בין באַראָן קאַרף. דער אָפיציר האָט מיר געזאָגט, אַז איר האָט געפרעגט אַף מיר און מיין פאַמיליע. קען איך וויסן, ווער איר זייט און אין וועלכע אָנגעלעגנהייט איר אינטערעסירט זיך מיט מיין פאַמיליע?

וואַלדמאַן איז געבליבן אַ ווײַלע צעמישט פון איבעראַשונג. ער האָט אופמערקזאַם אַ קוק געטאָן אַפן באַראָן, דערנאָך זיך אַ נויג געטאָן צו אים און געזאָגט:

— אַנטשולדיקט, הער באַראָן, מיך רופט מען וואַלדמאַן. איך האָב גע־האַט דאָס גליק, אָדער בעסער געזאָגט, דאָס אומגליק, ווייל אַנדערש קען איך דאָס מיר ניט דערקלערן, מיט אומגעפער אַ פּאָר וואָכן צוריק, לעבן קור־אָרט דרוסקעניק, אַרויסצוראַטעווען אייער טאָכטער די באַראָנעסע פון אַ

זיכערן טוים, ווען זי האָט זיך געבאָדן אין ניעמאָן...

— דאָס זייט איר? — האָט דער באַראָן מיט אַן אויסדרוק פון אוי־סעראָרדנטלעכער שמחה אויף זיין פּנים, זיך אָפּגערופן, — אַ וואָס פאַר אַ גליקלעכער צופאַל דאָס איז פאַר מיר. איך האָב אָקאָרשט גערעדט מיט מיין טאָכטער וועגן אייך און פאַרשפּראָכן אייך אופצוזוכן און דאָ קומט איר צו מיר אין האַנט.

דער באַראָן האָט אָנגעכאַפּט וואַלדמאַנס האַנט און וואַרעם גענומען זי דריקן.

— איין מאָמענט, טייערער וואַלדמאַן, — האָט ער געזאָגט. מיט איין שפּרונג איז ער געווען באַם טיר, זי געטאָן אַן עפן, געלאָזן שטיין דעם אָפּי־ציר מיט ביידע זשאַנדאַרמען פאַרבלעפּטע. זיי האָבן גאָרניט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר. ער איז האַסטיק דורכגעלאָפן די טיר פון סאַלאָן, וווּ זיין טאָכטער און פרוי האָבן זיך געפונען. — קומט מיט מיר, מיינע טייע־רע, — האָט ער אַ שיינענדיקער צו זיי געזאָגט, — איך האָב פאַר אייך אַן אָנגענעמען סורפּריז. — ער האָט זיי גענומען ביידע אונטער די אָרעמס און אַריינגעפירט אין קאַבינעט צום זשאַנדאַרמען־שעף.

— הער וואַלדמאַן, — האָט די באַראָנעסע אים דערזעענדיק אויסגע־שריען, — איר זייט דאָ? וואָס פאַר אַן אָנגענעמער סורפּריז דאָס איז פאַר מיר! וועלכע פרייידיקע איבעראַשונג! ווי קומט איר אַהער?

עס פאַרשטייט זיך, אַז דער באַראָן קאָרף האָט באַלד אופגעקלערט פאַרן זשאַנדאַרמען שעף ווער דער אַרעסטירטער איז און געבעטן מען זאָל אים תיכף באַפרייען.

פאַרן נייגעריקן עולם אין וואָקזאַל און אַרום וואָקזאַל, איז דערוויי־ל צוגעקומען אַ נייע טעמע צו ריידן און אַרויסצוזאָגן פאַרשיידענע השערות.

— וואָס הייסט, איר האָט באַמערקט? — האָט מען געזאָגט איינער צום אַנדערן, — דעם חברעמאַן וואָס מען האָט פריער אַרעסטירט אַלס אַ געפערלעכן רעוואָלוציאָנער, פירט זיך גאָר אַרום מיט אים דער באַראָן און זיין פאַמיליע ווי מיט אַן אייגענעם מענטשן. עפּעס איז ער גאָר אַ גאַנצער שמעלקע מיט זיי.

איינער אַ ייִד האָט שוין געוווּסט אַפּילו צו זאָגן, אַז דער יונגערמאַן איז אַ זון פון אַ פּעטערבורגער ייִדישן מאַגנאַט, וואָס קומט אַריין צו אַלע מיניסטאָרן און גענעראַלער און עפּעס וועט שוין דאָ געשען, אַז דער ייִדישער יונגערמאַן האָט געפונען פאַר נויטיק אַראָפּצוקומען אַזש אַהער צו שמועסן מיטן באַראָן.

און וואַלדמאַן איז דערווייל געזעסן אין סאַלאָן צוזאַמען מיט דעם באַראָן און זיין פאַמיליע און מען האָט זיך רואיק אונטערהאַלטן. דער באַראָן האָט געוואָלט הערן פון וואַלדמאַנס מויל די גאַנצע פּאַסירונג מיט זיין טאָכטער. וואַלדמאַן האָט אים רואיק און געלאַסן אַלץ דערציילט. ער האָט זיך פאַרהאַלטן אין זייער געזעלשאַפט ביז גאָר קאָרעקט און העפלעך, וואָס עס האָט געמאַכט זייער אַ גוטן איינדרוק, סיי אויפן באַראָן און סיי אויף זיין פאַמיליע. מען האָט געקענט מיינען, אַז ער איז שוין פון לאַנג געוווינט צו זיין אין הויכע געזעלשאַפטן און פאַרשטייט אויסגעצייכנט ווי זיך צו פאַרהאַלטן דאָרטן.

די באַראָנעסע איז געזעסן די גאַנצע צייט, וואָס וואַלדמאַן האָט גערעדט און געקוקט אים טיף אין די אויגן. זי האָט זיך ניט געקענט אָפּוווּנדערן פון זיין אינטעליגענץ און באַהאַוונטקייט. זיי האָבן גערעדט מיט אים איבער פאַרשיידענע פראַגן און אַקטועלע טעמעס און אין אַלץ האָט ער געהאַט אַ באַגריף און געוווּסט וואָס צו ענטפערן.

וואַלדמאַן האָט דערציילט דעם באַראָן זיין גאַנצע ביאָגראַפיע, פון וואַנען ער איז, ווו ער האָט פאַרבראַכט זיין יוגנט און וויפל ער האָט זיך אָנגעמאַטערט, ביז אים איז געלונגען צו דערהאַלטן זיין עמאַריטור.

— מיין פאָטער, — האָט וואַלדמאַן דערציילט — איז געווען אַ ייִדישער מלמד. ער האָט אָבער געהאַט אַ גרויסע פאַרשטענדעניש אין וועלטלעכע לימודים. מיך האָט מען דערצויגן אויף דעם שטייגער ווי מען דערציט דאָס רוב קינדער פון אונדזער קלאַס, חדר, ישיבה א. אַ. וו. איך האָב אָבער געקראָגן חשק צו וועלטלעכער בילדונג. איך האָב שטילערהייט פאַרלאָזן די ישיבה ווו מען האָט מיך געשיקט צו שטודירן דעם תּלמוד. איך האָב גענומען אַרבעטן מיט פיל פלייס און ענערגיע. און האָב אין אַ קורצער צייט

אָפּגעגעבן עקזאמען אַף פיר קלאַסן גימנאַזיע. דאָס האָט מיך אָבער ניט באַפרידיקט. איך האָב ווייטער פאָרגעזעצט מיין שטודיום און האָב מיך פרעזענטירט אין קליינרוסלאַנד אין אַ גימנאַזיע צום עקזאמען אַף אַלע אכט קלאַסן. איך בין אָבער דורכגעפאַלן. איך האָב מיך ארומגעזען אז איך האָב אָפּגעגעבן צופיל ענערגיע אַף אַלע פראַקטישע מאַטעריעס, ווי פיזיק, מאַטעמאַטיק, כעמיע, ליטעראַטור און האָב אַזוי אַרום פאַרנאַכלעסיקט די אומפּראַקטישע מאַטעריעס, ווי גריכיש און לאַטיין און פרעמדע שפּראַכן. איך האָב ווייטער גענומען ארבעטן און דאָס מאָל בין איך געקרוינט געוואָרן מיטן געהעריקן דערפאָלג.

דער באַראָן האָט געלאָזט אריינטראָגן פאַרשיידענע דערפרישנדיקע געטראַנקען און צובייסעכץ, זיי זיינען אַלע צוזאמען געזעסן און געמיטלעך, אפן פריינטעלכסטן אופן, פאַרבראַכט.

— אויב אַזוי, זייט איר דאָך אונדזער שכן, — האָט דער באַראָן זיך אָפּגערופן צו וואַלדמאַנען, — מוז איך אייך איינלאַדן צו אונדז אין גוט. איר מוזט דורכוים אריבערקומען צו אונדז, אַזוי גיך, ווי איר וועט זיך זען מיט אייער מוטער און איר וועט זיך האָבן אויסגערוט פון וועג, וועל איך שיקן נאָך אייך. עס וועט אונדז זייער פרייען, אז מיר וועלן אייך האָבן באַ אונדז פאַר אַ גאַסט אַף אַ געוויסער צייט.

— איך דאַנק אייך זייער, הער באַראָן, — האָט וואַלדמאַן אַן עמאָציאָנירטער געענטפערט, — איך וועל טאָן אַלץ וואָס אין מיינע מעגלעכקייטן צו דערפילן אייער ווונטש. איך קען דאָס אָבער איצט ניט מיט זיכערקייט זאָגן, איך וועל זען ווי עס זעט אוים באַ אונדז אין דער היים, ווו איך בין שוין אַזויפיל יאָרן ניט געווען.

דערווייל איז מען געקומען אָנזאָגן, אז דער פּעטערבורגער צוג, אין וועלכן עס פאָרן די הויכע געסט, דערנענטערט זיך צום וואָקזאַל. דער באַראָן האָט זיך אופגעהויבן, געבעטן אַנטשולדיקונג באַ וואַלדמאַנען און מען האָט זיך גענומען פאַראָפּשיידן. די באַראָנעסע האָט באַמערקט, אז דער באַראָן נעמט זיך פּאָרקען אין זיין לעדער־טאַש, איז זי צוגעלאָפן פון דער זייט און אַ צי געטאָן דעם פאָטער פאַרן אַרבל. ער האָט גלייך פאַרשטאַנען

איר מיין: זי וויל ניט, אז ער זאָל געבן וואַלדמאַנען געלט. ער וועט זיך פילן באַליידיקט פון אזא זאך. ער האָט שטארק געדריקט וואַלדמאַנען זיין האנט, טויזנט מאָל אים באדאנקט פאר זיין מוטיקייט און אלץ איבערגעחזרט זיין פארלאנג, אז וואַלדמאַן זאָל צו זיי אריבערקומען.

באַזונדערס הארציק איז געווען דאָס געזעגענען זיך פון דער באַראָנע־סע מיט אים.

— זעט, איך בעט אייך, איר לעבט דאָך אזוי נאָנט פון אונדז, קומט צו אונדז. איך וויל אייך זען. איך מוז אייך זען, — האָט זי אים געדריקט די האַנט און אים אַזוי אופריכטיק געבעטן, אַז וואַלדמאַן האָט איר געמוזט צוזאָגן זיי צו באַזוכן.

— אי וויל מיט אייך נאָכאַמאָל ריידן, טייערער וואַלדמאַן, — האָט זי פאַרן ארויסגיין געזאָגט. — איר פארשטייט אזוי גוט יעדע זאך. מיט אייך איז אזוי גוט און אָנגענעם צו ריידן. מיט אייך איז א פארגעניגן זיך צו אונטערהאַלטן. גאָר ניט בערך בעסער ווי מיט מיינע חברים און חברטעס פון יענע קרייזן. כאָטש איך האָב געענדיקט אַ הויכשול און איר ניט, האָב איך נאָך פילעס וואָס צו לערנען באַ אייך. קומט אומבאַדינגט צו אונדז.

שוין אף יענער זייט טיר האָט דער באַראָן זיך דערמאָנט אים צו זאָגן, אז דער פריץ פון זייער שטעטל, פירשט אגינסקי, איז זיינער אַ פערזענלע־כער גוטער פריינט. ער וועט אים אומבאַדינגט שרייבן, ער זאָל זיך מיט וואלדמאַנען זען און זיך באַפריינדן מיט אים. וואַלדמאַן האָט זיי באדאנקט פאר זייער פריינטלעכקייט צו אים און מען איז זיך פאַנאנדערגעגאַנגען.

— דו ווייסט, מיין טאָכטער, — האָט גייענדיק געזאָגט דער באַראָן צו דער באַראָנעסע, — ער האָט געמאכט אף מיר זייער א גוטן איינדרוק. ווען דאָס איז דיר ניט צו ווידער, האַלט אים וואַרעם צו זיך. דער מענטש קען מיר צונוץ קומען. צו וואָס? — וועל איך דיר זאָגן אַ צווייטן מאָל.

———oOo———

# צענטער קאַפּיטל

וואַלדמאַן האָט איבערגענעכטיקט די נאַכט אין מוראַוויאָווע און צומאָרגנס זיך געלאָזט פאָרן צו זיין שטעטל. ער איז געזעסן אין דער פורל וואָס האָט אים געפירט. דער פורמאַן, א ליטווישער פויערל, איינגעוויקלט אין זיין גרויען מאַנטל, אופגענייט פון א היימיש געוועבטן שטאָף, ארומגעגאַרטלט מיט א קאָלירטן אויסגעוועבטן גאַרטל, איז געזעסן פאָרנט אף דער קעלנע פון פורל, מיט א פּיפּע פאַרביסן צווישן די ציינער און האָט געדרעמלט. די פוילע מאָגערע קליאַטשע האָט קוים געהויבן אירע פיס און געשלעפּט דעם וועגל איבערן זאמדיקן וועג. די לופט האָט שוין געשמעקט מיט אָסיען. עס איז געווען ענדע אויגוסט. די פעלדער זיינען שוין געשטאַנען נאַקעטע. וווּ־ניט־ווו איז נאָך געווען צו מערקן אף די פעלדער ליטווישע פויערטעס, אין גראָבע, טונקלגרויע לייוונטענע העמדער, שטייענדיק אף די קני, דאָס האָבן זיי נאָך ארויסגעגראָבן די לעצטע קאַרטאָפל פון א פעלד. דאָ און דאָרטן האָט זיך אופגעהויבן א רויך פון די פוסטע פעלדער. דאָס האָבן די פויערים פאַרברענט די אומנוציקע גראָזן און מיסט וואָס האָט זיך דאָרט אָנגעקליבן כדי פריי צו מאַכן דאָס אַקערן פון די פעלדער און צוגרייטן זיי צום קומענדיקן יאָר. נאָר פאַרבייפאָרנדיק א פּריצישן מאַיאָנטעק האָט מען געהערט אַמאָל א יחסונדיקן פייף פון א דאַמף־דרעש־מאַשין, וואָס האָט אָנגעזאָגט אין אַלע ארומיקע ליטווישע הייזלעך איר גרויס יחוס, ווי זי וואָלט זיי גערופן א קוק טאָן ווי זי דרייט פלינק מיטן ראָד און פון זירע אייזערנע געדערים שיטן זיך קערנער אָן א שיעור.

זיצט ער זיך, וואַלדמאַן, אפן פורל, שלינגט די ריינע לאַנד־לופט וואָס

יאָגט אים אַנטקעגן און טראַכט. אַ שלל פֿון פֿאַרשיידענע געדאַנקען טראָגן זיך אַדורך אין זיין מח. מערקווירדיק אָבער אַז אַלע געדאַנקען זיינע האָבן געהאַט איין צענטראַל־פּונקט: דאָס איז די באַראָנעסע קאָרף. וואָס האָט זי זיך מיר אַריינגעפּלאָנטערט אונטער די פֿיס, אָט די באַראָנעסע, טראַכט ער, — וואָס האָט דער גורל געוואָלט פֿון מיר, אַז ער האָט אַרופֿגעפֿירט די באַראָנעסע אַף מיין וועג? אָבער וואָס פֿאַר אַשיינהייט זי איז דאָס? טראַכט ער זיך ווייטער, מיט וועלכע שיינע צויבערנדיקע בליקן זי האָט דאָס געקוקט אַף מיר נעכטן אין סאַלאָן פֿון וואָקזאַל. וועלכן ליבן שמייכל זי פֿאַרמאָגט דאָס; ווי פֿריינטלעך און האַרציק זי האָט דאָס צו מיר גערעדט און מיט וועלכער אופֿריכטיקייט, באמת מיטן גאַנצן האַרצן, זי האָט דאָס מיר איינגעלאַדן קומען צו זיי, דערמאָנענדיק זיך דאָס אַלץ, פֿילט וואַלדמאַן ווי איבערן קערפּער גייט אים דורך אַזאַ אָנגענעמע וואַרעמקייט, וואָס מאַכט אים פֿול אַלע זיינע גלידער. ער שפּירט צו דער באַראָנעסע אַ געפֿיל פֿון גרויס דאַנקבאַרקייט, אַ געפֿיל פֿון איבערגעגעבנקייט צו איר. ער איז גרייט בלינד צו דערפֿילן אַלע אירע פֿאַרלאַנגען. אומבאַדינגט וועט ער זען צו דערפֿילן איר ווונטש און אַריבערפֿאָרן צו איר אַף עטלעכע טעג. ער פֿרייט זיך שוין איצט מיט דעם געדאַנק, אַז ער וועט איר ווידער זען און פֿאַרברענגען מיט איר צוזאַמען.

פּלוצלונג גיט זיך וואַלדמאַן אַ כאַפּ. וועלכע משוגעת, וואָס פֿאַר אַן אומזין, מיט וועלכע נאַרישקייטן מיין קאָפּ איז דאָס פֿאַרנומען. ווי קום איך צו אַזעלכע געדאַנקען? וואָס האָב איך צו טאָן מיט דער באַראָנעסע? איך בין אַן אָרעמער יידישער בחור, וואָס האָב גאָרניט און ווייס גאָרניט. פֿאַרמאָג קיין זאַך ניט און האָב גאָר קיין השגה ניט עפּעס צו פֿאַרמאָגן. אין בעסטן פֿאַל בין איך אַ צוקונפֿטיקער קרעמערל אָדער אויב מיר וועט אָפּגליקן, אַ קליינער סוחרל. זאָל איך טראַכטן פֿון אַ באַראָנעסע, פֿון אַזאַ נאַרישקייט ווי אַ נאָנטע באַקאַנטשאַפֿט מיט אַ הויכער אַריסטאָקראַטקע? אַ וווּנדערבאַרע שיינהייט, אומגעהויער רייך, אַ מאַכטפֿולער פֿאָטער, אַליין אַ צוקונפֿטיקע אַריסטאָקראַטישע דאַמע, האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט. ניין, וועלוקע, האָט ער שוין הויך אַפֿן קול אויסגעשריען, פֿאַרטרייב פֿון

זיין קאָפּ אַזעלכע משוגענע געדאַנקען! באַפריי זיך פון די נאַרישע חלומות!
— און אום צו פאַרטײַרבן די געדאַנקען פון קאָפּ, האָט ער אַרויסגענומען פון טאַש אַ ציגאַרעטל און פאַרויכערט. דעם רויך אַרײַנגעצויגן טיף אין די לונגען און פאַרמאַכט די אויגן — אָבער אין אַ מאָמענט אַרום, ווי אויף צו להכעיס, איז די באַראָנעסע ווידער דערשינען בײַ אים אין געדאַנק. אָט זעט ער זי ווידער ווי אַ לעבעדיקע, ווי זי שטייט פאַר זײַן פּנים מיט איר רייצנדיקן שמייכעלע אויף איר שיינעם געזיכט. מיט איר מיידלשער חנעוו־דיקייט, מיט אירע בלויע אויגן אויסגעשטעלט צו אים און רעדט צו אים אַזוי האַרציק און אַזוי ליבלעך, אַז עס פאַרגייט אין אַלע גלידער.
וואַלדמאַן זוכט זיך צו באַהערשן. ער עפנט די אויגן. ער דרייט זיך אויף זײַן געזעס אין אַלע זייטן. ער הויבט אָן קוקן אַרום זיך אפשר וועט ער עפּעס זען, וואָס זאָל לענקען זײַנע געדאַנקען אויף אַפּעס אַנדערש. אָבער ער זעט גאָרניט.
דאָ און דאָרט זעט ער נאָר איינצלנע בעריאָזעס אויפן וועג. ער פאָרט פאַרבײַ אַ שטיבל וואָס שטייט איינזאַם בײַם וועג, אײַנגעבויגן פון עלטער־קייט. לעבן שטיבל שטייט אַ בהמה און צופּט פון אַלטן דאַך די איבערגע־בליבענע שטרוי און מער זעט ער ניט. ווידער שטייט די באַראָנעסע פאַר אים — ווידער זעט ער נאָר אירע בלויע אויגן, איר שיינע גראַציעזע פיגור און איר גאַנצער פּרויענוועזן ווינקט צו אים און לאָקט אים. מיט אַזעלכע געדאַנקען איז וואַלדמאַן אָנגעקומען אין זײַן שטעטל און איז צוגעפאָרן צו דער מאַמעס אָרעמער שטיבל.

שוין צוויי טעג ווי וואַלדמאַן געפינט זיך אין זײַן היים, בײַ זײַן מאַ־מען. עס איז פאַרנאַכט. דער ווײַסער טיש אין אַלקערל איז אָפּגעשייערט, אַ העלפט באַדעקט מיט אַ גראָבן לײַוונטענעם היימישן טישטוך, אויפן עק טיש שטייט אַן אויסגעפּוצטער סאַמאָוואַר. פון אים שלאָגט אַ שטראָמיקע פאַרע אַרויף צום אויסגעקאַלכטן סופיטל. עס שטייען דריי אָנגעגאָסענע גלעזער טיי אויפן טיש. אַרום טיש זיצט וואַלדמאַן, זײַן מאַמע, עטל די אַל־מנה, אַ שוואַכע מיטיאָריקע פרוי און וואַלדמאַנס אַ חבר, זײַן געטרײַסטער יוגנט־חבר נח הורוויץ. וואַלדמאַן האַלט אויסגעשטעלט זײַנע אויגן צום

פענצטער און קוקט אין דער ריכטונג צו דרויסן מיט זיין פארטראכטן בליק.

— פארוואס טרינקסטו ניט דיין טיי? — רופט זיך אפ צו אים זיין מוטער און קוקט אף אים מיט אויגן פול ליבשאפט, ווי נאר א מאמע קען דאס טאן.

— טרינק, מיין קינד, — בעט זי זיך בא אים, — עס וועט קאלט ווערן און וועסט קיין הנאה ניט האבן פון דיין טיי.

— אליץ דו טראכסט, — מישט זיך אריין זיין חבר נח, — שוין צייט אז דו זאלסט קומען צו זיך. צייט אז דו זאלסט זיך אנעמען מיט ענערגיע און ווערן א מענטש, אריינגיין אין אונדזער קרייזל און העלפן אונדז אין אונדזער באוועגונג. אזעלכע ווי דו דארפן מיר האבן, אונדז פעלט אינטע־ליגענטע קרעפטן וואס קומען פון דער פאלקס־מאסע.

— ווילסט ווייסן, וואס איך טראכט, נח, — האט אים וואלדמאן גע־ענטפערט — איך טראכט פון אונדזער אומגליקלעך פאלק. איך טראכט פון די שווערע כמארעס, וואס יאגן זיך איבער אונדזערע קעפ. מיך שרעקט דער טיפער אפגרונט פאר וועלכן דאס יידישע פאלק אין רוסלאנד שטייט.

— אט וועל איך דיר וואס דערציילן, — האט וואלדמאן ווייטער גע־זאגט, — מיט אן ערך דריי וואכן צוריק, בין איך צופעליק געווען אין דעם בארימטן קוראַרט דרוסקעניק. ער ליגט ניט ווייט פון דער שטאט טראקי, ווו איך האב מיך געמוזט מעלדן צו דער מיליטערישער קאמיסיע, נאכדעם ווי מען האט מיך באפרייט, בין איך אוועק אהין. איך האב מיך געוואלט אביסל אפרוען פון דער גרויסער אנשטרענגונג וואס איך האב דורכגעמאכט בין איך דארט צופעליק פארבייגעגאנגען א ווילע, ווו עס זיינען געזעסן, ווי איך האב מיך דאס שפעטער דערוווסט, פערזאנען פון גרעסטן רוסישן אדל. און צופעליק האב איך אונטערגעהערט פון זיי א געשפרעך וועגן יידן. אין אט דער געשפרעך האט מיר אזוי נידערגעשלאגן, ער האט אזוי ווייטיקלעך דורכגעלעכערט מיין הארץ, אז נאך היינט קען איך צו זיך ניט קומען. איך קלער אליץ: ווו איז דער אויסגאנג פון אונדזער שרעקלעכער לאגע? ווי לאנג וועלן מיר אונדז אזוי מוטשען, ווי לאנג וועט מען אונדז אזוי פייניקן? און

וועלכע מיטלען נעמט מען אָן קעגן דער געפאַר וואָס דראָט דער יידישער עקזיסטענץ און זיין צוקונפט אין דעם גרויזאַמען לאַנד?

— עס וואונדערט מיר אַף דיר, חבר וועלוול, — האָט אים נח געענטפערט. — אום צו וויסן, ווו מיר, יידן, האַלטן אין דער וועלט, דאַרף מען ניט פאָרן אין די קורערטער און מען דאַרף ניט פאַרבייגיין קיין ווילייעס. מען פאַרשפּאָרט זיך אונטערהערן זייערע געשפּרעכן. מיר זעען דאָס דאָ אַף יעדן שריט און טריט און מען דאַרף ווייט ניט זוכן קיין מיטלען. דער מיטל אויסצובעסערן די יידישע לאַגע ליגט גראָד פון אויבנוף. מיר, יידן, דאַרפן אַלע צושטיין צו דער מאָדערנער באַוועגונג, וואָס דער געזונטער טייל פון רוסישן פאָלק פירט אָן אין דער לעצטער צייט. מיר מוזן העלפן ארונטערוואַרפן דעם עקזיסטירנדיקן רעזשים, וואָס דריקט און קוועטשט אַלעמען, אָן אונטערשייד, דעם יידן און דעם ניט־יידן, מיט זיינע אייזערנע לאַפּעס. וועט אונדז געלינגען די איצטיקע מאַכט ארונטערוואַרפן, אריינעמען די מאַכט אין אונדזערע אייגענע פאָלקס־הענט, וועט קומען באַשטימט בעסערע צייטן. אַז דאָס רוסישע פאָלק וועט לעבן אין גליקלעכערע און בעסערע אומשטענדן; אַז ער וועט לעבן פריי מיט זיין אייגן לעבן, וועט אויך דאָס יידישע פאָלק פריי ווערן און וועט קענען לעבן בעסער און גליקלעכער.

—איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, — האָט וואָלדמאַן געענטפערט, — מיין האַרץ איז אַזוי פאַרביטערט און פאַרזאָרגט, אַז איך האָב אָנגעוואָרן מיין גאַנצע אמונה צום רוסישן פאָלק. איך האָב לעצטנס אַ סך קענען געלערנט דאָס רוסישע פאָלק. אפשר האָב איך אַ ־עות, אָבער איך זע ניט קיין אופריכטיקייט אין קאַמף, וואָס די רוסישע אינטעליגענץ פירט קעגן דעם איצטיקן רעזשים. מיר דוכט, אַז גאַנץ ווייניק אידעאַליסטן וואַרפן זיך אין קאַמף. איך באַטראַכט דעם פּאָליטישן קאַמף אין די רייען פון דער רוסישער אינטעליגענץ ווי אַן איינפאַכער קאַמף, וואָס איז באַזירט אַף די געפילן פון קנאה. דאָס איז אַ קאַמף פאַר דער מאַכט. אַ טייל פון פאָלק פאַרדריסט הלמאי די איצטיקע מאַכטהאָבער זיצן באַם פעטן טאָפּ און נעמען צו אַליץ פאַר זיך, אין בעסטן פאַל וואַרפן זיי ארויס אַן אָפּגעגריזשעטן ביינדל פאַר די אַנדערע, זוכן זיי אַרויסרייסן די מאַכט פון זיי און זיך

בייטן מיט די ראָלעס. אַליין זיך זעצן באַם טאָפּ און די איצטיקע מאַכטהאָ־בער געבן בלויז אַן אָפּגעגריזשעטן ביינדל. דער ייִד וועט פון דעם גאַנצן קאַמף גאָר ווייניק געהאָלפן ווערן. זיינע באַקן וועלן אַלץ פּלאַמען פון די פּעטש וואָס ער וועט באַקומען. פאַרן יידן איז קיין נפקא מינא ניט, צי די פּעטש קומען פון די אָדער פון יענע. ווער עס זאָל ניט זיצן באַ דער מאַכט, אַלציינס וועט דער יידישער רוקן ליידן פון די קלעפּ. אָט דערפאַר נעמט מיר ניט קיין חשק צו גיין קעמפן.

— נו, טאָ איז וואָס זשע, נאָך דיין מיינונג, דאַרפן מיר, יידן, טאָן?

— האָט אים נח געפרעגט.

— נאָך מיין מיינונג איז, אַז עס איז אַן עבירה צו פאַרשווענדן ענער־גיע און קרעפטן פאַר פרעמדע פעלקער. זיי וועלן שוין יאַקאָש פאַרטיק ווערן אָן אונדז. — האָט וואַלדמאַן געענטפערט — מיר דאַרפן נעמען א ביישפּיל פון אַנדערע פעלקער, אויב די גאַנצע מלחמה איז נאָר צוליב דעם פּעטן טאָפּ און אויב מען רייסט זיך צום טאָפּ אין נאָמען פון נאַציאָנאַלע פּרינציפּן, טאָ פאַרוואָס קענען מיר יידן דאָס ניט טאָן? מיר קענען אויך צוקומען צו אַ טאָפּ, אין נאָמען פון נאַציאָנאַלע פּרינציפּן, אָמת, אונדזער טאָפּ וועט ניט זיין אַזוי גרויס און פעט ווי למשל דער רוסישער. אָבער דערפאַר וועט דאָס זיין אַן אייגנס, ניט קיין פרעמדס, אז מען זאָל איי איין שרעק זיין, טאָמער רייסט מען דאָס אַרויס פון אונדזערע הענט. מיר, יי , מוזן אויך האָבן אַן אייגן לאַנד און אַן אייגענע מלוכה. דאָס מוזן מיר אויסקעמפן, אָט אַף וואָס מיר מוזן אָפּגעבן אונדזער ענערגיע און קרעפטן. אונדזער פּאָליטישער קאַמף דאַרף זיין געריכטעט צום נאָענטן מזרח, האָבן מיר דאָס אויסגעקעמפט, וועט מען ממילא קוקן אַף אונדז מיט אַנדערע אויגן, מען וועט ניט וואַגן דעם יידן אַזוי צו דערנידעריקן ווי מען טוט דאָס איצט. נאָך מיין מיינונג איז די ציוניסטישע באַוועגונג די, צו וועלכער יע־דער ייד מוז זיך אָנשליסן און מיט זיין גאַנצן כח מיטהעלפן.

— איך האָב דיך אַלעמאָל געקענט פאַר אַ מענטש מיט שטימונג, — האָט נח געענטפערט, און פאַרענדיקט אויסזופּן זיין גלאָז טיי, — און ווי איך זע, ביסטו דאָס נאָך היינט אויך. געדענקסט מיט אייניקע יאָר צוריק,

וועלוול, ווען מיר האָבן געשמועסט אַף דער זעלביקער טעמע, האָסטו דעמאָלט אַרויסגעזאָגט אַ גאַנץ אַנדער מיינונג. דו האָסט געזאָגט, איך געדענק דאָס זייער גוט, אַז קודם מוז דער ייד ווערן אַ קולטורעל פֿאָלק. דער ייד מוז זיך אַליין איבערדערציִען. אַזוי האָסטו געזאָגט. דער איצטיקער דור, דור המדבר, האָסטו אים אָנגערופֿן, מוז פֿאַרשווינדן. דאָס איז אַ דור פֿון קרעמער און מעקלער, אַ דור פֿון סוחרימלעך און ווינטמענטשן. מיר זיינען אַ פֿאָלק פֿון פּאַראַזיטן, מיר ליגן אַף די פּלייצעס פֿון אַנדערע פֿעלקער און מער נישט. מיר מוזן ווערן אַ פֿאָלק פֿון פּראָדוצירער, ערדאַרבעטער, פֿאַכלייט, פֿאַבריק־אַרבעטער און האָרעפּאַשניקעס. דאָס אומשיכטן וועט אָפּשלייפֿן די גאַנצע שאַרפֿקייט פֿון אונדזער פּראָבלעם, און עס וועלן פֿאַרשווינדן די אונטערדריקונג און דערנידעריקונג. איך בין מיט דיר, וועלוול, אין דעם טייל פֿון דיין מיינונג פֿולשטענדיק מסכּים, אָבער דאָס קענען מיר דערגרייכן ערשט דעמאָלט ווען דאָס רוסישע פֿאָלק וועט פֿריי ווערן. דערפֿאַר בין איך נישט מסכּים מיט דיר אין דיין איצטיקער מיינונג. נישט קיין באַזונדערע אויסזיכטלאָזע קאַמפֿן דאַרפֿן מיר אונטערנעמען, נאָר אומבאַדינגט צוזאַמען מיטן רוסישן פֿאָלק זיך וואַרפֿן אין קאַמף, — שפּעטער וועלן מיר שוין זען, אַף וועלכן אופֿן מיר וועלן זיך איבערדערציִען.

אַ ברייוו־טרעגער איז צו צום פֿענצטער און אַ קלאַפּ געגעבן, פֿאָכנדיק מיט אַ ברייוו אין זיין האַנט. וואַלדמאַנס מוטער האָט זיך גלייך אַ כאַפּ געטאָן, אופֿגעשטאַנען פֿון איר אָרט און גענומען לויפֿן אַף דרויסן צום ברייוו־טרעגער. גייענדיק האָט זי געזאָגט: „זע, אַ ברייוו צו אונדז, פֿון וועמען קען דאָס זיין?". — באַ וואַלדמאַנען האָבן די אויגן אופֿגעבליצט, אַף זיין געזיכט איז אַרויסגעטראָטן אַ רויטקייט. זיין האַרץ האָט אים גענומען האַסטיקער קלאַפּן. ער האָט דערשפּירט, אַז דער ברייוו מוז זיין פֿאַר אים. באַלד האָט זיך די מוטער אומגעקערט מיטן ברייוו אין האַנט און מיט פֿאַרוווּנדערונג געשריִען: „זע, וועלוול, אַ ברייוו פֿאַר דיר מיט אַ קאָנווערט פֿון באַראָן קאַרף. ווי קומסטו צו אים?" — האָט זי אַ פֿרעג געטאָן.

וואַלדמאַן האָט נאָך ביז איצט קיינעם נישט געהאַט דערציילט פֿון זיין איבערלעבונג אין דרוסקעניק און אין מיל. דעם פּאָרפּאַל מיט דער באַראָ־

נעסע האָט ער געהאַלטן באַ זיך ווי אַ היילִיקטום. ער האָט ניט געוואָלט קיינעם דערפון דערציילן, כדי ניט אָפּשוואַכן דעם איינדרוק וואָס די באַ־דאַנעסע האָט לעצטנס אַף אים געמאַכט. ער האָט האַסטיק אַ כאַפּ געטאָן דעם בריוו פון זיין מוטערס האַנט און אים אַריינגעשטעקט אין זיין קעשע־נע. — איך וועל דיר שפּעטער דערציילן, ווי איך קום צום באַראָן קארף, — האָט ער געזאָגט צו דער מוטער.

זיין חבר נח האָט באַמערקט די ענדערונג וואָס דער בריוו האָט אַרויס־גערופן באַ וואַלדמאַנען. ער האָט אויך באַמערקט אַז ער האָט דעם בריוו אַריינגעלייגט אין טאַש, הייסט דאָס אַז ער וויל ניט דעם בריוו לייענען אין זיין קעגנוואַרט. האָט ער זיך אופגעהויבן, זיך געזעגנט מיט זיין חבר און מיט זיין מוטער און איז אַרויס פון שטיבל.

## עלפטער קאַפּיטל

וואַלדמאַנס מוטער איז געוואָרן שטאַרק נייגעריק. זי האָט גע־וואָלט וואָס גיכער וויסן וואָס איז דאָס פאַר אַ בריוו, וואָס איר זון האָט נאָר וואָס דערהאַלטן. איר האָט שאָקירט דער קאָנוועַרט פון באַראָן קארף. אַ קלייניקייט. אַזאַ שררה, עס האָט געקלונגען אין דער גאַנצער געגנט מיט זיין גרויסקייט און רייכקייט. טאָ וועלכע עסקים קען דאָס אַזאַ גרויסער מאַן האָבן מיט איר זון?

— זע, מיין קינד, זאָג מיר וואָס איז דאָס פאַר אַ בריוו וואָס דו האָסט אָקאָרשט געקראָגן? — זי איז צוגעשטאַנען צו אים, ער זאָל איר דאָס שוין זאָגן. ערשט דעמאָלט האָט וואַלדמאַן איר דערציילט פון דער פּאַסירונג מיט אים און דער באַראָנעסע. ווי ער האָט זי אַרויסגעראַטעוועט

פון אַ זיכערן טויט, פון די אומאָנגענעמלעכקייטן, וואָס ער האָט געהאַט צופעליק צוליב איר און ווי ער האָט זיך געטראָפן מיט דער גאַנצער פאַמי־ליע קאַרפ, דאָ אונטערוועגס, פאַרנדיק אַהיים.

די מוטער איז אים אַרומגעפאַלן אַפן האַלדז און געקושט אים אין ביי־דע באַקן. זי איז אַזוי באַגייסטערט געוואָרן פון זיין דערציילונג. זי איז אינגאַנצן באַהערשט געוואָרן פון איר מוטער־שטאָלץ און האָט זיך פון פרייד פאַנאַנדערגעוויינט. טרערן האָבן זיך גענומען גיסן פון איר אויגן.

— זאָל דיר גאָט באַצאָלן פאַר דיין גוט האַרץ, מיין טייער קינד, — האָט זי אים אָנגעוווּנטשן. — דו האָסט זייער נאָבעל און בראַוו געהאַנדלט. איך בין שטאָלץ צו האָבן אַזאַ זון.

וואַלדמאַן האָט דערנאָך געעפנט דעם בריוו און אין קעגנוואַרט פון דער מוטער האָט ער גענומען לייענען. דער בריוו איז געווען פון דער באַ־ראָנעסע:

„טייערער וואַלדמאַן, — האָט די באַראָנעסע געשריבן, — עס זיינען בלויז געציילטע טעג פאַריבער, זינט מיר האָבן אונדז געזען אין מוראַוויאָ־ווע און איך האָב אַן אינעווייניקסטן דראַנג אייך צו שרייבן. אונדזערע הויכע געסט זיינען נאָך בא אונדז. דערבייאיקע שכנים קומען אויך אַלע טאָג פאַרברענגען מיט אונדז. עס דוכט זיך אַז עס איז פריילעך בא אונדז, אָבער אינמיטן די אַלע געזעלשאַפטלעכקייטן, שפירט זיך אַ פוסטקייט. עס בענקט זיך נאָך אייך, איך דערמאָן מיך אָן אייך אין יעדן מאָמענט. עס ווילט זיך ריידן מיט אייך. נאָכדעם ווי מיר האָבן אַזוי פריינטלעך און אינ־טערעסאַנט פאַרבראַכט אין מוראַוויאָווע, האָב איך ערשט דערזען, ווי ניש־טיק עס זיינען די אַלע געזעלשאַפטן און פריינט מיט וועלכע איך האָב ביז איצטער פאַרבראַכט, אין פאַרגלייך צו אייך. קומט אַריבער צו אונדז, טייע־רער וואַלדמאַן, איך וויל אייך וויטער הערן ריידנדיק. איך וויל נאָכאַמאָל אַ קוק טאָן אויף אייך. דעם טאָג וואָס איך וועל אייך דערזען בא אונדז וועט זיין פאַר מיר אַ גרויסער יום טוב. עפעס פאַרדאַנק איך אייך דאָך מיין לעבן. דאָס איז ניט קיין קלייניקייט. טאָ דערפילט זשע אייער פאַרשפּרעכן און קומט וואָס גיכער. איך בעט אייך איבערגעבן די לעבהאַפטע גרוסן פון

מיר און פון מײַנע עלטערן צו אײַער מוטער. איך שטעל מיר פֿאָר ווי זי האָט זיך דערפֿרייט מיט אײַער קומען, — שרײַבט מיר, ווען איר ווילט קו־מען, וועט מען אײַך שיקן פֿערד. עס דערוואַרט אײַך אײַערע, אויף שטענדיק דאַנקבאַרע — קאַטיע קאַרף".

ווען וואָלדמאַן האָט פֿאַרענדיקט לייענען דעם בריוו, זײַענען ביידע, די מוטער און דער זון געבליבן זיצן אַ ווײַלע שטילשווײַגנד. יעדער איז געווען פֿאַרטראַכט. יעדער פֿון זיי איז נאָכגעגאַנגען זײַנע געדאַנקען. אָבער די גע־דאַנקען האָבן זיי ביידן פֿאַרטראָגן אין קעגנזײַטיקע ריכטונגען.

די ערשטע, וואָס האָט איבערגעריסן דאָס שטילשווײַגן, איז געווען די מוטער.

— זי מוז זײַן אַ ווױל קינד די דאָזיקע באַראָנעסע, — האָט די מו־טער זיך אָפּגערופֿן. — זי שרײַבט אַזוי שיין, אַזוי האַרציק, אַזוי פֿרײַנט־לעך. זי טראַכט אַפֿילו פֿון מיר און גריסט מיר אויך. פֿונדעסטוועגן וואָלט איך דיר ראַטן ניט פֿאָרן אַהין. פֿאַרדרייַ זיך ניט דעם קאָפּ מיט אַזעלכע זאַכן. ווי קומען מיר צו זיי? וואָסערע מחותנים זײַנען מיר מיט זיי? דו ביסט אַן ערלעכער ייִדישער יינגל און זי איז ווער ווייסט וואָס פֿאַראַ צע־לאָזענע מיידל. נאָך אַלעמען, טאָרסטו ניט פֿאַרגעסן, אַז זי איז אַ גויע און דו ביסט אַ ייִדיש קינד. ווער ווייסט וואָס פֿאַר אַן אומגליק דאָס קען ברענ־גען אויף אונדזערע קעפּ. פֿאַרשטייסט מײַן זון, איר זײַט נאָך ביידע יונגע קינדער. אַ צו גרויסע נאָנטקייט צווישן אײַך קען זיך אַמאָל פֿאַרוואַנדלען אין אַ ליבע, און דאָס קען זיך אויסלאָזן זייער ניט גוט. פֿאָלג מיר, מײַן קינד, לאָז זיך אָפּ, פֿאָר ניט אַהין.

— איך האָב אויך געקלערט דאָס זעלביקע, — האָט איר דער זון גע־ענטפֿערט, — אָבער איך מיין, אַז איך וועל דאָס מאָל דאָך מוזן פֿאָרן. פֿאַר־שטיי, מוטער, אַז איך בין ניט קיין קינד. איך בין שוין אַ דערוואַקסענער מענטש. איך קען מיך באַהערשן צו יעדער צײַט. איך מוז פֿאָרן דאָסמאָל, ווײַל איך וויל ניט זיי זאָלן מיך באַטראַכטן ווי עפּעס אַ קליינשטעטלדיקן ייִדן, בײַ וועמען אַ וואָרט איז ניט קיין וואָרט. זיי האַלטן מיך פֿאַר אַ גע־בילדעטן מאָדערנעם מענטשן, דאַרף איך זיי ווײַזן אַז איך בין טאַקע אַזאַ,

אָבער דערווייל, ליבע מוטער, לאָמיר גיין שלאָפן. איך וועל מיך מאָרגן זען מיט נחן און מיט אים זיך בּאַראַטן. ער איז אַ גאַנץ קלוגער יונג. ער וועט מיר געבן אַ ריכטיקע עצה. און מוטער און זון זיינען אַוועק יעדער צו זיין אָפּרו־אָרט.

אַף מאָרגן האָט וואַלדמאַן אופגעזוכט זיין חבר און אים איינגעלאַדן צו מאַכן אַ שפּאַציר. ער האָט מיט אים עפּעס ווינטיקעס צו ריידן. זיי זיי־נען ביידע אַרוים אויסערן שטעטל, אַף דעם אַלטן גאָסצינעץ, וואָס איז פון ביידע זייטן פּאַרפלאַנצט מיט אַלטע הונדערטיעריקע טאָפּאָלן און וואָס פירט אַזש ביז צום פּרייסישן גרענעץ. דאָרטן זיינען זיי ביידע געגאַנגען און געשמועסט. וואַלדמאַן האָט דערציילט זיין חבר אַלץ וואָס עס האָט מיט אים פּאַסירט אין דער לעצטער צייט, פון זיין פאַרשפּרעכן וואָס ער האָט געגעבן דער פאַמיליע פון באַראָן, זיי צו באַזוכן און געבעטן בּאַ אים זיין עצה וואָס ער זאָל טאָן.

זיין חבר האָט אים רואיק אויסגעהערט און געלאָזט וואַלדמאַנען אַלץ אַרויסזאָגן, דערציילן די גאַנצע געשיכטע און אַז ער איז אַנטשוויגן גע־וואָרן, האָט ער אים געענטפערט:

— הער, וועלוול, — האָט ער צו אים געזאָגט, — די גאַנצע געשיב־טע מיט דער באַראָנעסע וואָלט אַן און פאַר זיך גאָרניט געווען אַזוי אויס־טערליש. אַזעלכע פאַלן אין לעבן קענען פּאַסירן און עס פּאַסירט. טרעפט דאָס צווישן אַ באַראָנעסע און איר גלייכן איז דאָס גאָרניט מיט גאָרניט. אין העכסטן פאַל פאַרענדיקט זיך אַזאַ געשיכטע מיט אַ ראָמאַנטישן עפּי־לאָג און אויס. עס וואָלט אויך ניט אויסגעמאַכט ווען עס טרעפט אַזאַ גע־שיכטע מיט אַן אַנדערן, ניט מיט דיר. ווען דער אַנדערער איז אפילו אַ ייד. אָבער אַזעלכער וואָס קען האַנדלען פעסט און אַנטשלאָסן, וואָס באַזיצט אַ פעסטן כאַראַקטער. פאַר דיר אָבער, איז דאָס אַ שפּיל מיט פייער. דו ביסט, איך האָב דיר שוין נעכטן באַמערקט, אַ מענטש מיט ניט קיין פעסטן ווילן. דו ביסט פיל מער אונטערגעוואָרפן צופעליקע שטימונגען. קענסט באַשליסן איין זאַך און טאָן פונקט פאַרקערט. אָט פאָרסטו צום באַראָן מיטן פעסטן באַשלוס מער ניט ווי צו מאַכן אַ העפלעכקייט־באַזוך. און פּלוצים קען דיר־

באַפאַלן אַ סענטימענט פון ראָמאַנטישקייט און דו האַנדלסט דעמאָלט גאָר אַנדערש, ווי דו האָסט באַשלאָסן. וואָלט איך דיר ראַטן ניט פאָרן.

— דו קענסט נאָך ווייניק די וועלט, מיין פריינט, — האָט דער חבר פאָרגעזעצט. — באַזונדערס די דייטשן. נאָך אַלעמען איז די באַראָנעסע דאָך מער ניט ווי אַ דייטשקע. אַפילו ווי דו שילדערסט זי פאַר אַ גוטע און מיטפילנדיקע. פאַר אַזעלכע וואָס שטייט העכער פון די אַלע אַנדערע פון איר גלייכן. דאַרפסט אָבער וויסן, אַז דער דייטש איז בטבע, ווען ער באַדאַרף דיר, ווייך ווי פוטער. קען ער מער פון דיר קיינע נוצן ניט האָבן, איז ער אַ מיאוסער באַרבאַר. אַ קאַלטער מערדער. דו מיט דיין שוואַכן כאַראַקטער קענסט זיך לאָזן אַמאָל אַריינציען אין אַ נעץ און עס קען זיך אויסלאָזן די גאַנצע געשיכטע מיט אַן אומגליק פאַר דיר. היט זיך פאַר זיי און פאָר ניט אַהין.

— מיר דוכט, אַז דו האָסט אין מיר אַ טעות, — האָט וואַלדמאַן געענטפערט זיין חבר. — דו פאַרשטייסט מיר ווייניק. דו איבערטרייבסט די גאַנצע געשיכטע אַביסל צופיל. דו זעסט מער ניט ווי אַ שאָטן פון אַ באַרג און נעמסט דאָס אָן פאַר אַ באַרג. דאַרפסט וויסן, אויב איך פאָר יאָ צום באַראָן קאַרף, ציט מיך ניט אַהין אַבסאָלוט קיין ראָמאַנטישער געפיל. איך וויל בלויז דערמיט דערפילן אַ פליכט. איך וויל האַלטן מיין וואָרט און צוזאָג. — איך וויל ניט זיי זאָלן האָבן פון מיך דעם איינדרוק, אַז איך בין גלייך ווי אַלע קליינשטעטלדיקע יידן וואָס האַלטן ניט זייער צוזאָג. דאָס איז גאָר. און איך פאַרשטיי ניט איבערהויפט, פון וואַנען נעמסטו דאָס, אַז איך בין אַן אומאַנטשלאָסענער און ניט קיין פעסטער כאַראַקטער. אפשר דערפאַר, ווייל איך בין צו גוט. איך קען ניט פאַרטראָגן, אַז עמיצער זאָל האָבן פאַרדרוס צוליב מיר. מעגלעך, אַז די באַראָנעסע וועט פאַרדריסן וואָס איך קום ניט. נאָר דאָס אַליין באַוועגט מיך אַהין צו פאָרן.

— זעסטו, וועלוול, — האָט אים דער חבר געענטפערט, — דיינע אייגענע רייד, דער תירוץ, וואָס דו זוכסט אויס יאָ צו פאָרן, באַשטעטיקן מיין מיינונג וועגן דיר. דער גרונט וואָס דו ווילסט באַרעכטיקן דיין פאָרן אַהין, דאָס איז ניט מער ווי אַ פוילער תירוץ פאַר דיר אַליין. דאָס רעדן אין דיר

דיינע קליינבירגערלעכע געפילן. דאָס איז די צירלעך־מאַנירלעכקייט וואָס נאָר אַ קליינבירגער באַזיצט דאָס. דיין כלומרשטע גוטסקייט וואָס די זאָגסט, דאָס איז אין דער אמתן ניט קיין גוטסקייט, נאָר מאַנגל אין ענער־גיע. דיר פעלט ענערגיע אָנצוהאַלטן אַ באַשלוס און אים אויסצופירן. און דאָס איז דיין אומאַנטשלאָסנקייט, איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, איך האָב מורא פאַר דיר, אַזאַ אַזאַ געשיכטע קען דיך פירן גאָר ווייט. עס קען דיך ברענגען צום פאַראַט פון זיך אַליין, צום פאַראַט פון דיינע אייגענע אידייען און צום אַנטלויפן פון דיינע רייען.

— דו רעדסט שוין אַבסורד, — האָט ער געענטפערט זיין חבר.

— ניין, דאָס איז ניט קיין אַבסורד, — האָט ער אים היציק געענט־פערט. — דאָס זיינען ריכטיקע רייד. אָט זע, מיר, יידן ליידן פון אַ צרה, וואָס קיין פאָלק ליידט ניט. אונדזער אינטעליגענץ אַנטלויפט פון אונדז. ווי נאָר אַ יידישער יונגערמאַן געניסט עפּעס פון בילדונג און אינטעליגענץ — זעסטו אים שוין ניט מער צווישן אונדז. ער אַנטלויפט צו זיי, צו די שטאַרקערע און דאָרטן ווענדעט ער אָן זיין בילדונג און אינטעליגענץ, פאַר זיי גיט ער אָפּ זיין כח און ענערגיע און דו שניידסט זיך אויך אָף דעם וועג.

— דו האָסט נעכטן אַליין געזאָגט, — האָט זיין חבר פאַרגעזעצט — אַז מען דאַרף ניט קעמפן פאַר אַן אַנדער פאָלק, אַ ייד דאַרף קעמפן פאַר זיך אַליין, פאַר זיין אייגן פאָלק. דיך ציט אָבער אַהין. היינט פאַרסטו, ווייל דו ווילסט ניט מען זאָל דיך האַלטן פאַר אַ קליינשטעטלדיקן יידן, מאָרגן וועסטו פאָרן, ווייל דיין העפלעכקייט וועט דאָס פאַרלאַנגען; איבער־מאָרגן, וועסטו פאָרן, ווייל פשוט, דאָרטן איז באַקוועמער, ליכטיקער, וואַ־רעמער און פריילעכער צו פאַרברענגען. אַזוי וועסטו ביסלעכווייז אריינגע־צויגן ווערן אין יענעם קרייז, ביז דו וועסט אינגאַנצן אַוועקגיין אַהין. ווייל זיי זיינען די שטאַרקערע און די גליקלעכערע. אָט אַזוי פאַרלירן מיר אונ־דזער אינטעליגענץ. ניין, ברודער וועלוועל, — טאָרסט ניט דעם קלענסטן תירוץ געפינען וואָס זאָל באַרעכטיקן דיין פאַרקער מיט זיי. זיי זיינען אונ־דזערע שונאים. פאַר דיר דאַרף זיין גלייך, אויב מען רופט אים רייןהאַרדט, כטאַליפּין אָדער קאַרף. אַלע זיינען זיי אונדזערע שונאים. מיט זיי דאַרף

מען זיך ניט באַגיין מיט הענטשקעס. קענן זיי דאַרף מען קעמפן, דאָס איז מיין לעצטער וואָרט וואָס איך האָב דיר צו זאָגן אין דעם ענין.

זיי זיינען ביידע אַריין שווייגנדיקע אין שטעטל. נח הורוויץ האָט טאַקע מורא געהאַט אַז אזא קראַפט ווי וועלוול וואַלדמאַן קען פאַרלאָרן גיין פאַר די יידישע קעמפנדיקע רייען און האָט אים געזוכט אָפּצורייידן פון פאָרן. — וואַלדמאַנען האָט אָבער אַ באַהאַלטענער געפיל געצויגן אַהין. דער געשטאַלט פון דער יונגער באַראָנעסע האָט אים געלאָקט און ער האָט געזוכט אַ תירוץ יאָ צו פאָרן.

## צוועלפטער קאַפּיטל

וואַלדמאַן איז געקומען אַהיים פון שפּאַציר מיט זיין חבר אַביסל אין פאַרדרוס. אים האָט שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס זיין חבר האָט איבער אים אזא מיינונג, אַז ער איז אַ שוואַכלינג, האָט ניט קיין פעסטן כאַראַקטער. עס זאָל זיך נאָר מאַכן אַ געלעגנהייט, וועל איך זיי אַלעמען ווייזן, וואָס פאַר אַ כאַראַקטער איך האָב, — האָט ער בא זיך געטראַכט. אַריינגייענדיק אין שטוב, האָט ער דאָרט געטראָפן זיצנדיק זיין מוטער מיט דעם שטעטלשן איינגעפונדעוועטן באַלעבאָס, זלמן דער פאַכטער.

זלמן דעם פאַכטער, האָבן אַלע אין שטעטל גוט געקענט. מען האָט אים גוט געקענט אויך אין דער אומגעגנט. דאָס איז געווען אַ פאַרהעלטנישמעסיק רייכער ייד, מיט אייגענע הייזער, שפּייכלערס, שטאַלן און אַ גאָרטן אין שטעטל. ער האָט פאַרמאָגט אַ פּאָר גוטע פערד, אַ צוויי־דרייקי און עטלעכע רובל במזומנים. זיין געשעפט איז געווען, ער פלעגט אָפּנעמען די גאַנצע מילכיקס פון דעם שטעטלשן פּריץ אַגינסקי, און בכלל גע־

האט א גרויסן צוטריט אין הויף באם פריץ, באזארגן פאר אים אלץ וואס יענער האט באדארפט און קויפן בא אים דאס וואס יענער האט געהאט צו פארקויפן. ער איז געווען א פשוטער ייד, אבער א גאנץ ערלעכער און מיט א פראקטישן שכל.

אז וואלדמאן האט זיך באוויזן אין שטוב, האט זלמן זיך אופגעהויבן פון זיין ארט, צוגעגאנגען צו אים, דערלאנגט אים א האנט און אפגעגעבן אים דעם געווינלעכן שלום-עליכם.

— וואס מאכסטו עפעס? — האט ער אים א פרעג געטאן. — וואס הערט זיך עפעס אין דער גרויסער וועלט? זע נאר, סארא פיינער בחור ער איז אויסגעוואקסן. איר זעט עטל, ווי אין דער פרעמדווערט מען א מענטש — האט ער געזאגט, קוקנדיק אף עטלען און צוריק זיך אוועקגעזעצט אף זיין ארט.

— זאגט כאטש, קיין עין הרע, ר' זלמן, — האט עטל, א צופרידענע פון דעם גוטן איינדרוק וואס איר זון האט געמאכט אף אים, געענטפערט.

— זאל זיין קיין עין הרע, — האט זלמן גוטמוטיק צוגעגעבן, — וואס האב איך חלילה צו אים.

וואלדמאן האט זיך אויך צוגעזעצט און פון זיין זייט א פרעג געטאן בא זלמנען:

— וואס מאכט איר, ר' זלמן? ווי גייט דאס אייך?

— עט, וואס קענען מיר מאכן? — האט דער פאכטער געענטפערט.

— דו ווייסט דאך, וואס איך מאך, — האט ער שוין אריבערגייענדיק אין א ווייצלענדיקן טאן, געענטפערט, — מען מאכט קעזלעך, פומער, סמעטענע און מען לעבט א דאנק, די הענט ניט געוואשן.

— ווייסט, מיין זון, נאך וואס ר' זלמן איז געקומען אהער? — האט די מוטער זיך אריינגעמישט, — ר. זלמן איז געקומען דיר זאגן, אז דער פריץ אגינסקי האט דיך געשיקט רופן צו אים. ער וויל עפעס מיט דיר שמועסן.

— יא, — האט זלמן צוגעגעבן, — דער פריץ האט אנגעזאגט דורך מיר, אז למען השם, דו זאלסט אריבערקומען צו אים און טאקע באלד, נאך

היינט.

וואַלדמאַן איז נאָך אַלץ געווען אונטערן איינדרוק פון זיין חברס ווערטער, וואָס ער האָט צו אים פריער גערעדט. דער פאַרדרוס האָט נאָך אין אים אָנגעהאַלטן. עס האָט נאָך געקלונגען אין זיינע אויערן די אָפּ־שטעמפּלונג פון זיין חבר, אַלס מענטש אָן ענערגיע און אַנטשלאָסנקייט, איז אים עפּעס ניט געפעלן געוואָרן זלמנס ווערטער. ער איז געווען זייער נערוועז אין דעם מאָמענט, האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן צו זלמנען און מיט רוגזה אויסגעשריען:

— ר׳ זלמן, זאָגט דעם פּריץ, אַז איך בין ניט זיינער קיין קנעכט און ניט קיין יינגעלע באַ אים. מיר קען ער קיין באַפעלן ניט אָפּגעבן. אויב ער דאַרף מיך, קען ער אַריבערקומען צו מיר. ווייניקסטנס האָט ער געקענט מיך איינלאַדן דורך אַ בריוו. זיין באַפוילן דורך אייך, אַז איך זאָל אַרי־בערקומען צו אים איז פאַר מיר אַ באַליידיקונג.

— זע נאָר, קינד מיינס, — האָט עטל זיך אָפּגערופן אַ דערשראָקענע.
— וואָס רעדסטו, מיין זון? דו הויבסט אָן מיטן פּריץ? קענסט ניט זיינע משוגעתן? ער קען דאָך דיר ווער ווייסט וואָס אָפּטאָן, און וואָס לאָזטו אויס דיין כעס צו ר׳ זלמנען? וואָס איז ער שולדיק?
— מאַמע, שרעק זיך ניט, האָב קיין מורא ניט פאַר דעם פּריץ. ער וועט אונדז גאָרניט טאָן, — האָט וואַלדמאַן איר געענטפערט.

— טשעפּעט אים ניט, עטל, — האָט זלמן זיך אָפּגערופן, — אַזאַ יאָר אַף מיר, ווי אייער זון איז גערעכט. אָ, ער געפעלט מיר שוין זייער גוט, אייער זון. אַזוי דאַרף מען האַנדלען מיט זיי, מיט די פּריצים. מען דאַרף זיך ניט לאָזן טרעטן פון זיי מיט די פיס, ווי מיר עלטערע טוען דאָס און שטייען אויס אַלע זייערע משוגעתן. וואָס מער פעסטער און שטאָלציער מען האַלט זיך קעגן זיי, רעספּעקטירן זיי מער און אַכטן מער דעם יידן.

— אָהאָ, וועלוול, — האָט זלמן דירעקט ווענדנדיק זיך צו וואַלדמאַ־נען, צוגעגעבן, — דו וועסט ווייט אַוועקגיין, ווי דו זעסט מיר אַ לעבעדיקן. הלוואי וואָלט איך געהאַט אַזאַ זון, איך וואָלט געווען אַ גליקלעכער. איך

וועל דיך נעמען פאַר אַן איידעם, וועלוול, — האָט האַלב אין שפּאַס, האַלב אין ערנסט, זלמן צוגעגעבן.

וואַלדמאַן איז שוין געווען אַ ביסל באַרואיקט פון זיין פריערדיקן נערוועזן אויפברויז, — האָט ער געלאַסן געענטפערט ר' זלמנען:

— אַן איידעם נעמט מען ניט. אַן איידעם איז ניט קיין קעזל, מען זאָל אים נעמען ניט געפרעגטערהייט. אַן איידעם איז אַ מענטש, וואָס מען דאַרף אים פרעגן אויב ער וויל אָדער ער וויל ניט. איבעריקנס האַלט איך נאָך ניט בא טאָן אַ שידוך. און ניט קוקנדיק מער אין זיין זייט, האָט ער געזאָגט „אַ גוטן טאָג" און איז אַריין צו זיך אין אַלקערל.

— איר ווייסט, עטל, — האָט זלמן געזאָגט אין אַ געלעכטער נאָכ־דעם ווי וואַלדמאַן איז אַרויס, — אַז אייער זון וועט זיין מיין איידעם. און ווייסט איר פונוואַנען איך נעם דאָס? ווייל ער האָט מיך שוין פיינט...

— איך וואָלט געווים ניט האָבן קעגן דעם וואָס אויסצוזעצן, — האָט עטל אַ שיינענדיקע אים געענטפערט. — אַזאַ יאָר אַף מיר וואָס פאַראַ טייער קינד ער איז און אייער סאָניע איז גאָר אַ ווויל מיידל. איך האָב איר האָלט ווי מיין לעבן. אויב עס וועט זיין באַשערט, וועל איך געווים ניט שטערן.

נאָכמיטיק, אינעם זעלביקן טאָג, נאָך דעם פריערדיקן געשפּרעך צווישן וואַלדמאַנען און זלמן דעם פאַכטער, איז צו עטלס שטוב צוגעפאָרן דעם פריץ אַגינסקים אַ קאַטש, געשפּאַנט מיט צוויי טייערע פערד. פון קאַטש איז אַרויסגעשפּרונגען אַגינסקים עקאָנאָם און האָט זיך געלאָזט גיין צו עטלען אין שטיבל.

— דאָס ביסטו עטל, די אלמנה? — האָט ער אַריינגייענדיק אין שטוב אַ פרעג געטאָן.

— יאָ, האַרינקע, — האָט עטל אַ צעמישטע אים אָפּגעענטפערט, — וואָס פאַרלאַנגט דער הער?

— צו דיר איז די טעג געקומען דיינער אַ זון, אַ יונגערמאַן. איך וואָלט אים וועלן זען. איך האָב פאַר אים אַ בריוו פון זיין דורכלויכט דעם פירשט אַגינסקי.

עטל איז געוואָרן מלא שמחה פון זיינע ווערטער. אַ קלייניקייט, אַזאַ כבוד. אַ בריוו פון אים אַליין, פון אַזאַ מעכטיקן פּריץ ווי אַגינסקי, און צו ניט עפּעס קיינעם, ווי נאָר צו איר זון. אַט לויף איך אים אַרויסרופן, האָט זי אַ צעטומלטע געגומען לויפן צום אַלקערל.

זי האָט געעפנט די טיר פון אַלקערל. וואַלדמאַן איז דאָרטן געזעסן פאַרטיפט אין לייענען עפּעס אַ בוך. — וועלוול, זייַ אַזוי גוט, קום אַרויס אַף אַ מאָמענט. עס איז דאָ פאַר דיר אַ בריוו פון פּריץ. — האָט זי אים געזאָגט.

וואַלדמאַן איז גלייך אַרויס פון צימער. דער עקאָנאָם האָט זיך פאַר־בויגט אין זיין זייט, איז צוגעגאַנגען צו אים און אים דערלאַנגט דעם בריוו:

— מיין האַר, דורכלויכט פּירשט אַגינסקי, שיקט דיר דעם בריוו און האָט מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל וואַרטן אַף דיר מיט דער קאַרעטע. אויב דו ווילסט מיטפאָרן אין הויף צו אים, — האָט ער צוגעגעבן.

וואַלדמאַן האָט צוגענומען דעם בריוו, אופגעריסן דעם קאָנווערט אַף וועלכן עס האָט זיך געזען דער גרויסער הערב פון די אַגינסקיס משפחה און גענומען לייענען. דער בריוו האָט געהאַט פאָלגנדיקן אינהאַלט:

„זייער געערטער הער וואַלדמאַן, מיין פריינט דער באַראָן קאַרף פון וויינאַדן, האָט מיר געשריבן פון אייער אויסעראָרדנטלעכער מוטיקייט און בראַווקייט, וואָס איר האָט אַרויסגעוויזן צו זיין טאָכטער אין אַן אומגליקס־פאַל. איך שעץ אייך זייער הויך פאַר אַזאַ טאַט, איך וועל האַלטן פאַר אַ באַזונדער פאַרגעניגן, ווען איר וועט באַוויליקן אַריבערקומען צו מיר אַף אַ פריינטלעכן שמועס. אגב, וויל איך מיט אייך איבעררייזן וועגן אַן ענין וואָס קען אייך אינטערעסירן. איך שיק אייך מיין פּאַרוואַלטער און אַ קאָטש און וואַרט אַף אייער באַזוך. אייער זשאַן, פּירשט אַגינסקי".

— מאַמע, — האָט וואַלדמאַן מיט אַ טריומפירנדיק געזיכט זיך אָפּ־גערופן צו זיין מאַמען, — ווער איז גערעכט? דו זעסט ווי מען דאַרף האַנדלען מיט זיי — האָט ער אַ צופרידענער געוויזן אַפן בריוו, וואָס ער האָט נאָך אַלץ געהאַלטן אין האַנט, — ער לאַדט מיך איין צו זיך אַף אַ געשפּרעך.

— אָ, געזונט זאָלסטו זיין מיין קינד, — געוויס ביסטו גערעכט. וואָס ווייס איך, אַן אומוויסנדיקע יידענע, אָדער וואָס אַ שטייגער קען זלמן וויסן פון אַזעלכע זאַכן. דו ביסט אָן עין הרע, אַ געלערנטער מענטש, אודאי ווייסטו בעסער פון אונדז, — האָט זי אַ שיינענדיקע געזאָגט.

— פאָר מיין זון אַריבער אין הויף, — האָט זי ווי בעטנדיק צו אים געזאָגט, זי האָט מורא געהאַט טאָמער וועט ער זיך סוף כל סוף פאַרקאַפּריזן און ניט וועלן פאָרן. איר איז אָבער געגאַנגען אין לעבן, אַז ער זאָל יאָ פאָרן. זאָלן כאָטש אַלע זען אין שטעטל דעם נחת וואָס זי האָט דערלעבט אין איר קינד, האָט זי בא זיך געטראַכט.

וואַלדמאַן האָט גאָרניט געטראַכט פון קאַפּריזן זיך און ניט פאָרן. ער האָט זיך גלייך אָפּגעקערט צו דעם עקאָנאָמס זייט און אים געזאָגט:

— יאָ, הער פאַרוואַלטער, איך פאָר מיט אייך. איך וועל נאָר אַריין אין מיין צימערל איבערבייטן מיין אָנצוג.

ער איז גיך אַריין אין אַלקערל, זיך אַרומגעוואַשן, איבערגעביטן די קליידער און איז אַרויס אַפּן גאַס, אַריינגעזעצט זיך אין קאָטש און די פערד האָבן גערירט.

וואַלדמאַן האָט זיך אויסגעצויגן אין קאָטש מעשה פריץ. ברייט פאַנאַנדערגעשפּרייט זיינע פיס, די פלייצע אָנגעשפּאַרט אָן דער הינטערשטער וואַנט און מיט ניט ווייניק שטאָלץ געקוקט אַף די שטעטלשע מענער און פרויען, וואָס זיינען אַרויסגעלאָפן פון זייערע שטיבלעך, זען ווער עס פאָרט אין דעם פּריצישן רייכן געשפּאַן. אַלע האָבן אים מיט וווּנדער אָנגעקוקט און געפרעגט: „וואָס איז דאָס? ווי קומט ער דאָרטן?”.

אַז דער קאָטש האָט זיך אַריינגעקערט אין דער מאַרקגאַס, פונוואַנען מען האָט זיך געדאַרפט פאַרנעמען צום וועג, וואָס פירט צום הויף, האָט ער געבעטן דעם פאַרוואַלטער אַ ביסל אָפּשטעלן דעם קאָטש, ער מוז דרינגנד עפּעס מיט וועמען איבעריידן. דער קאָטש האָט זיך אָפּגעשטעלט, וואַלדמאַן איז פלינק אַרויסגעשפּרונגען, ער איז צוגעלאָפן צו אַ שטוב אַף וועמענס גאַניק עס איז געשטאַנען זיין חבר נח.

— דו זעסט, נח, — האָט וואַלדמאַן צו אים געזאָגט, — דו האָסט גע־

האָט אין מיר אַ גרויסן טעות. דו האָסט געזאָגט אַז איך בין ניט פעסט גע־נוג, אָט זיי, איך האָב געהאַט אַ שטרייט מיטן פירשט אַליין און אויסגע־פירט האָב איך. — ער האָט אים דערציילט די גאַנצע מעשה מיט דער איינלאַדונג פון פירשט.

— דאָס איבערצייגט מיך ניט אַף אַ האָר, איך בין נאָך אַלץ באַ מיין מיינונג, — האָט אים נח געענטפערט, — דו האָסט געהאַנדלט אונטער דער שטימונג פון מאָמענט, אָבער ניט ווייל די האַרטקייט פון דיין כאַראַק־טער האָט דאָס געפאָדערט. זייער מעגלעך, אַז אין אַן אַנדער מאָמענט, ווען דו וואָלסט ניט געווען אונטער דעם איינדרוק פון אונדזער היינטיקן גע־שפרעך, וואָלסטו קיין צווייטן וואָרט ניט גערעדט און וואָלסט תיכף גע־פאָרן. ניין, וועלוול, אַ האַרטן און פעסטן כאַראַקטער קען מען נאָר אויס־שמידן און אויספאָרמירן אין קאַמף מיטן קעגנער. דער קאַמף אין די לאַ־באָראַטאָריע פון מענטשנס ווילן און כאַראַקטער. כל זמן דו וועסט זיך ניט וואַרפן אין קאַמף קעגן די אָגינסקיס און די קאַרפּס, אַזוי לאַנג ווי דו וועסט זיך מיט זיי פריינדלען, וועסטו בלייבן די אייביקע ווישטוך. מען וועט דיך אויסנוצן נאָר פאַר זייער טובה, און איך האָב מורא, אַז דער סוף פון דעם שפיל וועט זיין, אַז דו וועסט פאַראַטן זיך אַליין, דו וועסט אַנט־לויפן פון דיינע רייען, ווי דאָס רוב יידישע אינטעליגענטן טוען דאָס.

וואַלדמאַן האָט זיך אומגעדרייט.

—דו האָסט אַ גרויסן טעות, נח, האָט ער שוין לויפנדיק צוריק צום קאָטש צוגעוואָרפן זיין חבר און איז אַריין האַסטיק אין דעם וואַרטנדיקן קאָטש, וואָס האָט אים אַוועקגעפירט אין שלאָס פון דעם מעכטיקן פירשט אָגינסקי.

# דרייצנטער קאַפּיטל

דער שלאָס פון די אַלטע פירשטן אָגינסקי איז געלעגן בסך הכל אַ דריי קילאָמעטער פון דער שטעטל ריטאַווע. דער וועג צום שלאָס האָט זיך אָפּגעצווייגט פונעם גרויסן שליאַך, וואָס האָט זיך געצויגן ביז צו דער פּרייסישער גרענעץ. דער שטיק וועג צום שלאָס איז געווען פון ביידע זייטן אויסגעפלאַנצט מיט אַלטע ביימער, וואָס האָבן געבילדעט אַ הויכע באַדעקטע אַלייע איבערן וועג. די אַלייע האָט זיך געצויגן ביז צום שלאָס. דער שלאָס איז באַשטאַנען פון אַ הויכע געראַומע געביידע פון רויטן ציגל, געבויט אין אַ שיינעם גאָטישן סטיל, פון וועלכער עס האָבן זיך גאַוהדיק אויפגעהויבן אייניקע שפּיציקע טורעמס. די געביידע איז געשטאַנען אין מיטן פּאַרק, דורך וועלכן עס האָבן דורכגעקרייצט געפלאַסטערטע שטעגן, וואָס האָבן געפירט צום מיטלפּונקט פון פּאַרק, וווּ עס איז געשטאַנען אַ ריזיקער פאָנטאַן וואָס האָט געשפּריצט אין אַלע זייטן מיט אַ קרישטאָל ריינעם פרישן וואַסער. אין הינטערגרונט פון פּאַרק האָט מען געקאָנט זען וווּנדערבאַר אינסטאַלירטע שיינע אראַנזשעריעס, וועמענס רום עס האָט זיך דערטראָגן אַזש ביז פּעטערבורג.

אַביסל אין אַ זייט פון הויפּט־שלאָס איז געשטאַנען אַ וווּנדערבאַרע שיינע האָלצערנע געביידע, מיט ריזיקע פענצטער אין אַלע זייטן. מיט אַ ברייט־פּרעכטיקע טעראַסע פון פאָרנט, די געביידע איז געווען באַשטימט פאַר זומער־פאַרווייַלונגען, וואָס דער אַלטער אָגינסקי האָט מיט אַזאַ ברייטער האַנט שטענדיק איינגעאָרדנט פאַר די פילצאָליקע געסט וואָס פלעגן קומען פאַרברענגען דאָרטן זומער.

דער קאַטש וואָס האָט נעבראַכט וואַלדמאַנען צו די אַגינסקיס, איז צוגעפאָרן צום הויפּט־שלאָס. ער איז פלינק אַרויסגעשפּרונגען פון קאַטש. די נערוועזע שטימונג וואָס האָט אים היינט פרי באַהערשט איז פון אים פאַרשוואונדן. דער אָקאָרשט געפירטער שמועס מיט זיין חבר האָט אויך ניט געווירקט אויף אים אָנצוהאַלטן די נערוועזקייט. ער איז געווען אין אַ פריי־לעכער שטימונג, צופרידן מיט זיך אַליין, וואָס ער, דער אָרעמער יידישער בחור, האָט באַזיגט דעם גרויסן פריץ אַגינסקי, דעם שטאָלצן פוילישן מאַגנאַט.

אויף די טרעפּ פון שלאָס האָט אים באַגעגנט דער קאַמערדינער פון דעם פירשט, אָנגעטאָן אין זיין פולער אוניפאָרעם, אַ באַווייז, אַז דער פריץ האַלט אים פאַר אַ חשובע פּערזענלעכקייט. דער קאַמערדינער האָט אים אַריינגעפירט אין אַ גרויסן וועסטיבול, אַרום די ווענט פון וועלכן עס זיי־נען געווען אויסגעשטעלט פאַרשיידנאַרטיקע מאַרמאָרנע פיגורן און סטאַ־טועס, טייערע קונסט־ווערק פון באַרימטע איטאַליענישע סקולפּטאָרן. צווישן די פולע פיגורן זיינען געשטאַנען הויכע שפּיגלען. וואַלדמאַן האָט אַריינגעקוקט אין איינעם פון די פילע שפּיגלען ווו ער האָט דערזען אָפּגע־שפּיגלט זיין פיגור אין איר גאַנצער גרויס, און אויף איין מאָמענט האָט ער זיך ווי פאַרלאָרן. ער האָט אַ טראַכט געטאָן, איך און אַגינסקי, וואָס פאַר אַ באַטרעף האָב איך, אַ יידישער נישטיקער וואָרעם אין פאַרגלייך צו אַזאַ אַריסטאָקראַט. דאָס האָט אָבער געדויערט נאָר איין מאָמענט, ער האָט זיך באַלד דערמוטיקט און מיט פעסטע טריט איז ער נאָכגעגאַנגען דעם קאַ־מערדינער, וואָס האָט אים געפירט צום פירשט אין זיין קאַבינעט.

וואַלדמאַן איז אַריין אין אַ צימער, ווו זיינע טריט זיינען פאַרלאָרן געוואָרן אין די וואונדערבאַרע, שיינע ווייכע טעפּיכער מיט וועלכע דער פּאָל איז געווען אויסגעשפּרייט. ער האָט געוואָרפן אַ בליק אַרום זיך. אויף די ווענט פון צימער זיינען געווען אויסגעהאָנגען פאַרשיידענע וואָפנשטיקער, בראָנזענע, גאָלדענע און זילבערנע חפצים, וואָס ער האָט דאָס נאָך קיינ־

מאָל אין זיין לעבן ניט אָנגעזען, און איז ווייטער געוואָרן בא זיך אביסל געפאלן. זיין פריערדיקע האָפערדיקייט, זיין פריילעכע שטימונג וואָס האָט אים באַהערשט פאַרנדיק צום שלאָס האָט אים ווי פארלאָזן. דער געדאַנק, אַז ער האָט באַזיגט דעם מעכטיקן פירשט אָגינסקי, איז אין יענעם מאָמענט אים פון קאָפּ אַרויס.

אָגינסקי איז געווען פון דעם אַלטן טיפּ פּוילישן אַדל, וואָס האָט שטאַרק געבענקט נאָך יענע גוטע אַלטע צייטן, ווען דער פּריץ איז געווען אַלץ; אַ קעניג אַ גאָט, ער איז געווען פון די פּריצים וואָס האָבן נאָך אין זייער יוגנט געהאַלטן דעם קנעכט און פּויער פאַר זייער אייגנטום, פאַר אַ זאַך מיט וואָס מען קען טאָן, וואָס אים פאַרווילט זיך. ער איז געווען געוווינט, אַז דער ייד פון שטעטל זאָל זיך אונטערוואַרפן זיינע קאַפּריזן. ער האָט זיך געהאַט זיינע פּריצישע משוגעתן און געוווינהייטן, אַז ער פּלעגט אַמאָל אַריינפאַלן אין אַ שלעכטער שטימונג האָבן אַלע מענטשן געמוזט אַנטלויפן פון אים, אפילו זיין אייגענע פאַמיליע פּלעגט דעמאָלט וויכן פון אים. זיי פּלעגן זאָגן, אַז אין אַזאַ מאָמענט איז גלייכער ניט וואַרפן זיך אים אין די אויגן. ער איז געווען פעיק צו נעמען זיין פּריצישן קאַנטשיק, וואָס איז געהאָנגען אין זיין צימער און איינפאַך אָפּשמייסן, אָדער ווען ער איז געווען בעסער אויפגעלייגט, יענעם גוט אויספּאַטשן. ניט איין ייד האָט געוווּסט דעם טעם פון אָגינסקים פּעטש. צום גליק זיינען אַזעלכע מאָמענטן געווען בא אים זעלטן, מערסטנטייל איז ער געווען אַ גאַנץ געמיטלעכער פּריץ. זיין פאַמיליע איז באַשטאַנען פון אַ פרוי, אַן עלטערן זון, אַן אָפיציר אין דעם צאַרס גוואַרדיע און אַ יינגערן זון מיט אַ טאָכטער פון אַ יאָר אכצן, אין דער צייט זיינען זיי ביידע געווען שילער אין די ריגער גימנאַזיעס.

אָט דער פּריץ האָט דאָס איצט אויפגענומען וואַלדמאַנען, בא זיך אין קאַבינעט, וואָס דאָס אַליין האָט שוין באַדייט אַ געוויסע חשיבות פאַר

וואַלדמאַנען, וואָרעם דאָרטן האָט אַגינסקי אופגענומען נאָר חשובע און אָנגעזעענע באזוכער און געסט.

וואַלדמאַן, דערזעענדיק זיך אַנטקעגן דעם אַלטן פּריץ, וועלכן ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען און פון וועמען ער האָט געהערט אזוי פיל דער־ציילן, האָט זיך פאַר אים טיף אַ בויג געטאָן און אין הארצן האָט ער בעת מעשה געפילט אַ ציטער. דער אַלטער מאַן איז אופגעשטאַנען פון זיין אָרט, געשטעלט אַ פאָר טריט אים אַנטקעגן און אויסגעצויגן צו וואַלדמאַ־נען די האַנט.

— איך זייט דאָס דער הער וואַלדמאַן, — האָט ער אים געזאָגט, — וועגן וועמען מיין פריינט, דער באַראָן קאַרף, האָט מיר אזוי פיל געשריבן און וואָרעם רעקאָמענדירט? דער באַראָן שרייבט, אז איר זייט אַזאַ ווילער און בראַווער מענטש, איר זייט קלוג און געבילדעט, דערצו נאָך מוטיק און העלדיש, אזוי, אַז איך האָב שטאַרק חשק מיט אייך זיך צו באַקענען. איך בעט אייך, נעמט ניט פאַר אומגוט, וואָס איך האָב אייך גלייך ניט איינגעלאַדן צו מיר ווי איר האָט דאָס פאַרדינט. איך וויל מיך אַביסל אונ־טערהאַלטן מיט אייך. עס איז דאָך אַ גרויסע זעלטנהייט, דאָ בא אונדז צו טרעפן אַ מענטש מיט וועמען מען זאָל קענען בייטן אַ פּאָר ווערטער. עס פרייט מיר גראָד, אַז די זעלטנהייט געפינט זיך צווישן מיינע ריטע־ווער יידן, — האָט אַגינסקי מיט אַ שמייכעלע אפן פּנים פאַרענדיקט און איינגעלאַדן וואַלדמאַנען זיך זעצן.

אַגינסקיס פריינטלעכע באַנעמונג צו אים האָט אים ווידער אופגעמונ־טערט, ער איז געוואָרן צוריק פעסטער און פרייעלעכער, ער האָט זיך גע־זעצט אפן אָנגעוויזענעם פלאַץ און גאַנץ העפלעך באַדאַנקט דעם פריץ פאַר זיינע קאָמפּלימענטן צו אים און זיין גוטע מיינונג וועגן אים.

— עס איז אַביסל איבערגעטריבן, — האָט וואַלדמאַן געזאָגט — וואָס דער באַראָן קאַרף שרייבט וועגן מיר, אין דער אמתן בין איך ניט העכער ווי אַלע אנדערע דורכשניטלעכע מענטשן. וואָס שייך מיין טאָן פאַר דער

באראַנעסע, מיין איך, אַז יעדער אַנדערער וואָלט דאָס אויך געטאָן. דאָס איז דאָך ניט מער ווי דער עלעמענטאַרסטער פליכט פון אַ מענטש צו אַ מענטש, עס לוינט זיך גאָרניט דערפון צו ריידן.

— וואָס וועט איר טרינקען? — האָט אַגינסקי זיך אָפגערופן צו אים

— ווילט איר קאָניאַק, רום, ליקער, אַ קאַלטן זופ שאַמפּאַן, אָדער אַן איינגעפאַכן וואָדקאַ? זאָגט וואָס איר ווילט, איך בעט אייך פילט זיך ווי בא זיך אין שטוב.

—איך דאַנק אייך, עקסעלענץ, — האָט אים וואַלדמאַן געענטפערט,

— איך טרינק קיין זאַך ניט, סיידן נאָר מילך ווען איך האָב.

— אָ דאָס פּאַסט ניט פאַר אַ העלדישן מענטשן ווי איר זייט, — האָט דער פריץ גוטמוטיק צו אים געשמייכלט, — אַ מאַן מוז טרינקען. ווו האָט איר דאָס געזען אַז אַן אינטעליגענטער מענטש זאָל ניט טרינקען?

— ער האָט אָבער גלייך אַ קלינג געטאָן און האָט באַפוילן דעם אַריינגעייענדיקן דינער אַריינטראָגן אַ קרוג קאַלטן מילך מיט אַ גלאָז.

אַ רעכטע צייט זיינען זיי ביידע געזעסן און זיך אונטערהאַלטן און עס האָט געשיינט, אַז אַגינסקי איז באמת געווען צופרידן מיט זיין מיט־שמועסער. וואַלדמאַן האָט אים דערציילט פון זיין לעבן.

מיין פאָטער — האָט וואַלדמאַן געזאָגט, — איז געווען אַ יידישער לערער, ער איז אויף זיין שטייגער געווען אַ געבילדעטער מענטש. זייער אַ גוטער און ערלעכער מאַן. מיך האָט ער געשיקט צו דער דערבייאיקער שטאָט טעלשי צו לערנען דאָרטן תלמוד און ווערן מיט דער צייט אַ יידי־שער געלערנטער. איך האָב אָבער דערצו געהאַט אַ קליינעם חשק. איך בין דאָרטן באַקאַנט געוואָרן מיט אייניקע שילער פון דער רעגירונגס־שול און מיט זייער הילף, האָב איך מיך גענומען צו וועלטלעכער ביל־דונג. אין אַ פּאָר יאָר שפּעטער איז מיר געלונגען צו האַלטן עקזאַמען אויף פיר קלאַסן, דערנאָך בין איך אַריבער אין אַן אַנדער שטאָט אין קליין־רוס־לאַנד און האָב מיך גענומען גרייטן גאַנץ ערנסט צום עקזאַמען אויף אַלע אַכט קלאַסן גימנאַזיע, צום לעבן האָב איך פאַרדינט פון געבן לעקציעס אין רייכערע הייזער. אונטער דער צייט איז מיר מיין פאָטער געשטאָרבן.

איך האָב געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונג ביז איך האָב מיין ציל דער־גרייכט.

דערווייל האָט זיך אונטערגערוקט די צייט פון מיין מיליטער־פליכט. איך האָב געמוזט פאָרן אַזש קיין טראָקי, ווו איך בין צוגעשריבן. איצט בין איך שוין פולשטענדיק פריי; גלייכצייטיק בין איך אָבער שטיין גע־בליבן אין מיטן וועג, אָן אַ ציל, אָן אויסזיכטן אַף עפּעס צו דערגרייכן אין לעבן. פאַר אונדז יידן איז היינט צו טאָג זייער שווער אין רוסלאַנד צו עפּעס זיך דערשלאָגן. מען לאָזט אונדז ניט, מען שטערט אונדז, מיר קע־נען ניט אויסקעמפן קיין פּאָזיציע אין לעבן, אַלע געביטן, סיי קולטורעלע, סיי עקאָנאָמישע און סיי סאָציאַלע, זיינען פאַר אונדז פאַרשפּאַרט. מיר יידן זיינען דאָ פאַרמשפּט צו ווערן ניט מער ווי גייסטיקע קריפּלס.

דער אַלטער אָגינסקי האָט זייער אופמערקזאַם אויסגעהערט וואַלדמאַ־נען. ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געהערט אַזוי שילדערנדיק די יידישע לאַ־גע אין רוסלאַנד. וואַלדמאַן האָט דאָס פאַר אים געשילדערט מיט די לעב־האַפטסטע פאַרבן ווי זי האָט דאָס מיט זיך דעמאָלט פאָרגעשטעלט. ער האָט שטאַרק באַדויערט די יידן און אויסגעדריקט זיין האָפענונג, אַז אפשר וועט זיך גאָר אינגיכן ענדערן אַלץ צום גוטן און די יידן וועט אויך ווערן בעסער.

ביידע שמועסער זיינען דערנאָך אריבער ריידן וועגן ליטעראַטור. אָגינסקי איז גאָר שטאַרק נתפּעל געוואָרן, ווען וואַלדמאַן האָט פאַר אים ארויסגעוויזן אַ גרויסע באַהאַוונטקייט אין דער פּוילישער געשיכטע און אין דער אַלטער פּוילישער ליטעראַטור. ער איז אַזוי עמאָציאָנירט געוואָרן, אַז טרערן האָבן זיך באַוויזן בא אים אין די אויגן.

וואַלדמאַן האָט פאַר אים ציטירט אַדאַם מיצקעוויטשעס אייניקע לי־דער און דוקא אין אָריגינאַל. ער האָט אַרויסגעזאָגט פאַר־אים אַ זאַכלעכע און גוט־אויסגעהאַלטענע קריטיק איבער שענקעוויטש, אָזשעשקאָ און אַנ־דערע פּוילישע קלאַסיקער. ער האָט זייער לעבעדיק געשילדערט אָגינסקין די פאַרשיידענע עפּאָכעס פון די פּוילישע הערשער, קאַזשימיעזש דעם גרוי־סען, יאַן סאָביעסקי און קריטיקירט די געפאַלנקייט פון פּוילישן קעניג

פּאַניאַטאָווסקי און זיינע באַציונגען מיט דער רוסישער צאַרין יעקאַטעריי־נאַ די גרויסע. ער האָט אים געוווסט צו דערציילן אַפילו פון די ליטווישע פירשטן יאַגעללאָ און זיין גליקלעכער עפּאָכע אין ליטווישן לעבן. אַגינסקי איז געווען שטאַרק צופרידן פון דער אונטערהאַלטונג מיט וואַלדמאַנען. און זיין אָנזען איז גאָר הויך געוואַקסן אין זיינע פירשטלעכע אויגן.

אַז וואַלדמאַן האָט אופגעהערט צו ריידן, האָט זיך אַגינסקי אָפּגערופן צו אים:

— יונגער פריינט מיינער, איך בעט אייך, טוט מיר אַ טובה, זאָגט מיר ניט אָפּ, איך וועל אייך אייביק דאַנקבאַר זיין, איך וויל בעטן, איר זאָלט ווערן דער רעפּעטיטאָר פון מיינעביידע קינדער. זיי לערנען אין ריי־גע אין גימנאַזיע אָבער ווי עס שיינט, זיינען זיי זייער פויל. זיי זיינען היינטיקס יאָר דורכגעפאַלן און פאַרבליבן אַף נאָך אַ יאָר, די שעלמעס, איר מיט אייער וויסן און קענען, מיט אייער ברייטער בילדונג וואָס איר באַ־זיצט, וועט זיי אַ סך העכער ברענגען ווי די לערער אין דער גימנאַזיע. טוט דאָס אַן אַלטן פאָטער און נעמט דאָס איבער, — האָט אַגינסקי זיך פּשוט געבעטן באַ אים.

וואַלדמאַן האָט ניט קלערנדיק גלייך אים געענטפערט, אַז ער וועט דאָס מיט פאַרגעניגן טאָן, אויב ער וועט נאָר דערצו פעיק זיין, סיי ווי האָט ער ניט וואָס צו טאָן און עס איז אים גענוג לאַנגווייליק אין שטעטל.

אַגינסקי האָט אָנגעכאַפּט וואַלדמאַנס האַנט און זי פריינטלעך גע־דריקט. ער האָט אים זייער באַדאַנקט פאַר דער צושטימונג צו ווערן דער רעפּעטיטאָר פון זיינע קינדער, ווייל ער איז געווען שטאַרק באַזאָרגט אי־בער זייער דורכפאַל, נאָכדעם האָט ער אים ער אריינגעפירט אין מוזיק־צימער. דאָרטן זיינען געזעסן זיין זון, דער גימנאַזיסט און די טאָכטער און מיט זיי נאָך אַ פריילן, וועמענס שיינע געזיכטס־שטריכן האָבן עדות געזאָגט, אַז דאָס איז אַ יידישע. די יונגע פריילן אַגינסקי איז געזעסן באַ דער פּיאַ־נאָ און מוזיצירט און די יידישע האָט איר באַגלייט מיט זינגען.

די יונגע מענטשן, דערזעענדיק דעם פירשט אין באַגלייטונג פון נאָך

אַן אומבאַקאַנטער פּערזאָן, זײַנען געבליבן שטיל און מיט נײַגעריקע אויגן גענומען באַטראַכטן די פרעמדע פּערזאָן.

— קינדער, — האָט אָגינסקי אויסגערופן, — קומט אַהער נענטער, באַקאַנט אײַך מיט אײַער נײַעם רעפּעטיטאָר. דאָס איז הער וואַלדמאַן פון אונדזער שטעטל, וועגן וועמען דער באַראָן קאָרף האָט געשריבן און אים אַזוי גוט רעקאָמענדירט. נעמט אים אויף אין אײַער געזעלשאַפט און גיט אים די געלעגנהייט ער זאָל זיך פילן בײַ אונדז ווי בײַ זיך אין שטוב, ער איז גאָר אַ וווילער מענטש.

די בײדע קינדער אָגינסקי זײַנען געהאָרכזאַם צוגעגאַנגען צו וואַלדמאַנען, אים דערלאַנגט די האַנט און אים געזאָגט די געוויינלעכע העפלעכקייטס־ווערטער אין אַזאַ פאַל.

— און דו, סאָניע, — האָט אָגינסקי זיך געווענדעט צו דער ייִדישער פרײַלן, — מעגסט זיך אויך באַקענען מיט אײַערן אַ שטעטלשן יונגנמאַן, אַזאַ אײנעם האָט איר נאָך ניט געזען אין שטעטל. — און זיך ווענדנדיק צו וואַלדמאַנען, האָט ער צוגעגעבן: — דאָס איז די טאָכטער פון מײַן זלמנען. זי קומט כמעט אַלע טאָג אין הויף און פאַרברענגט צוזאַמען מיט מײַנע קינדער. זי איז אויך זייער אַ ווויל מיידל.

סאָניע, אַביסל פאַרשעמט, מיט אַ לײַכטער רויטקייט אויף איר פּנים, האָט זיך אופגעהויבן פון איר פּלאַץ. זי איז צוגעגאַנגען צו די בײדע הערן, האָט געוואָרפן אַ שנעלן בליק אויף וואַלדמאַנען און אים דערלאַנגט איר האַנט, זיך פאַרשטעלנדיק פאַר אים:

— סאָניע ליכט.

וואַלדמאַן האָט זיך איבערגעוואָרפן מיט אָגינסקיס קינדער מיט אײניקע ווערטער, וועלכע צײַט עס פּאַסט זיי אָמבעסטן צו נעמען זייערע לעקציעס און אין וועלכע טעג, און זיך אָפּגעזעגנדיק מיט זיי, איז ער אַרויס מיט אָגינסקין אין וועסטיבול.



## פערצנטער קאַפּיטל

שטייענדיק אין וועסטיבול, האָט אַגינסקי געפּרעגט וואַלדמאַנען, ווען ער האָט בדעה אַנצופאַנגען צו לערנען מיט זיינע קינדער.

— אַזוי גיך ווי איך קום צוריק פון די קאַרפּס, — האָט ער אים גע־ענטפערט. — וועל איך אָנפאַנגען מיינע לעקציעס מיט זיי. איך האָב בדעה אָף אַ פּאָר טעג אַריבערצופאָרן אין גוט פון די קאַרפּס. זיי האָבן מיר שוין איינִיקע מאָל איינגעלאַדן און איך מוז זיי באַזוכן.

דער פירשט האָט באַפוילן תיכף צו שפּאַנען אַ קאָטש און אָפּפירן דעם יונגן הער אין שטעטל. דערווייל האָבן זיי זיך ביידע זייער פריינטלעך גע־זעגנט, געדריקט די הענט איינער דעם אַנדערן און וואַלדמאַן איז אַרויס אָפן הויף. דאָרטן האָט שוין די קאָטש געוואַרט אָף אים.

זיך זעצנדיק אין קאָטש האָט ער באַמערקט, ווי סאָניע ליכט, מיט ווע־מען ער האָט זיך נאָר וואָס באַקאַנט, לויפט אַרויס פון שלאָס און מאַכט צו אים אַ צייכן מיט דער האַנט, ער זאָל וואַרטן. זי איז האַסטיק צוגע־לאָפן צו אים און געבעטן, ער זאָל איר דערלויבן מיטפאָרן מיט אים אין קאָטש צו איר אַ היים. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט גאָרניט געהאַט קעגן דעם און האָט זי איינגעלאַדן זיך זעצן לעבן אים אין קאָטש

פאָרנדיק אַ היים האָט צוערשט צווישן די ביידע יונגע מענטשן גע־הערשט אַן אָנגעצויגנקייט און אַ שטילשווייגן. דערנאָך האָט וואַלדמאַן דער ערשטער איבערגעריסן דאָס שווייגן.

— איר זייט דאָך זלמן פאַכטערס טאָכטער, — האָט ער זיך געווענ־דעט צו איר, — מיר דוכט, אַז איך קען אייך נאָך פון די קינדערשע יאָרן

אונדזערע. אַלס קינד האָט מען אייך גערופן שרה'קע זלמנס, ניט אַזוי?

— יאָ, דאָס בין איך די זעלביקע, — האָט זי אים געענטפערט, אומ־דרייענדיק איר פלאַמענדיקן פּנים צו אים. — איך געדענק אייך אויך פון די קינדערשע יאָרן. אייך האָבן מיר גערופן וועלפּקע איצע דעם לערערס.

אַזוי ריידנדיק איז צוגאַנגען די אַנגעצויגנקייט צווישן זיי. זייער גע־שפּרעך איז אַריבער אויף היימישע טעמעס, מען האָט גערעדט פון דאָס און יענץ, פון שטעטלשע נייעס, פון אַגינסקיס הויף און נאָך פון פאַרשיידענע קלייניקייטן. וואַלדמאַן האָט פאַרזוכט אַ פּאָר מאָל איבערצוגיין אין זייער שמועס אויף אַלגעמיינע פּאָליטישע אָדער סאָציאַלע טעמעס, האָט ער אָבער געזען, אַז זי איז זייער ווייניק באַקאַנט דערמיט און האָט אופגעהערט. אַזוי זיינען זיי ביידע אַריינגעפאָרן אין שטעטל, ער האָט געהייסן איר צו־פירן צו איר שטוב און דערנאָך איז ער צוגעפאָרן צו זיין וווינונג.

עטל די אַלמנה האָט שוין מיט אומגעדולד געוואַרט אויף זיין צוריקקו־מען. אַלע ווייַלע פלעגט זי ארויסלויפן אפן גאַס געוווּיר ווערן אויב ער פאָרט שוין. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז אַגינסקי וועט באַשטימט אים אָפּשיקן מיט אַ קאָטש און דאָס האָט איר שטאַרק אימפּאָנירט. זי האָט געוואָלט, אַז אַלע אין שטעטל זאָלן באַמערקן די חשיבות פון איר זון, מיט וועלכן רעספּעקט דער אַלטער פּירשט באַהאַנדלט אים. זי האָט בכיוון געפרעגט אַלע פאַרבייגייער, אויב זיי האָבן ניט באַמערקט די פּריצישע קאַרעטע פאָרנדיק, ווייל איר זון דאַרף קומען פון הויף און עס איז שוין שפּעט. ער זעט זיך נאָך ניט. ענדלעך, שוין שפּעט אין אָוונט האָט זי זיך דער־וואַרט. אַגינסקיס קאָטש איז צוגעפאָרן צו איר אָרעמער שטיבל און פון דאָרטן איז אויסגעשטיגן איר זון.

— אַזוי שפּעט, מיין זון, — האָט זי אים מיט שמחה און ניט ווייניק שטאָלץ באַגעגנט, — דערציייל־זשע וואָס האָט ער דיר באַדאַרפט און פאַר־וואָס האָט ער דיך געהאַלטן אַזוי לאַנג?

— עס איז גאָרניט, מאַמע, — האָט ער איר געענטפערט, — באַראָן קאָרף האָט אים געשריבן וועגן מיר און אים רעקאָמענדירט, ער זאָל זיך מיט מיר באַקאַנען און באַפריינדן. האָט ער דאָס דערפאַר געשיקט נאָך

מיר, מיר האָבן אַביסל געשמועסט און די צייט האָט זיך פאַרצויגן, אגב, מאַמע, — האָט ער איר געזאָגט, — דער פירשט האָט מיך אופגענומען אַלס לערער פאַר זיינע ביידע קינדער, אַ זאַך וואָס איך האָב מיט צופרי־דנקייט אָנגענומען. איך וויל מיך אַביסל אויסקליידן און דו דאַרפסט דאָך אויך עפּעס אַף הוצאות.

— גאָט צו דאַנקען — האָט אים די מוטער געענטפערט, — געוויס דאַרף איך, זעסט דאָך אַליין, מיין קינד, איך בין דאָך ניט מער ווי אַ פינצטערע אַלמנה, ווער וועט מיר געבן, אַז ניט דו? — פון גרוים צופרי־דנקייט און נחת האָט זי אים ארומגענומען און אַ קוש געטאָן אין שטערן.

— נאָך וואָס וועל איך דיר זאָגן, מאַמע, — האָט ער צו איר געזאָגט — איך האָב באַשלאָסן דאָס מאָל צו פאָרן צום באַראָן קאָרף, איך מוז דאָרט זיין, עס פּאַסט מיר ניט, ערשטנס האָב איך אים טאַקע צוגעזאָגט צו קומען און צווייטנס, מוז איך אים אָפּדאַנקען פאַר זיין רעקאָמענדאַציע, אַזוי פירט מען זיך אין דער מאָדערנער וועלט. פאַר אַ טובה מוז מען פער־זענלעך קומען אָפּדאַנקען.

— טו, ווי דו פאַרשטייסט, מיין זון, — האָט אים די מוטער געענט־פערט, — דו ביזט שוין אַ דערוואַקסענער מענטש און איך קען דיר קיין דעה ניט זאָגן, אָבער מיין עצה וואָלט געווען, ווען דו פאָלגסט מיך, אַז דו זאָלסט אהין ניט פאָרן, עפּעס שרעקט מיר מיין האַרץ, איך האָב מורא, אַז דער איצטיקער פאָרן אהין, וועט דיר קיין גוטס ניט ברענגען, הלואי זאָל איך ליגן זאָגן, איך קען מיט מיין פּראָסטן שכל ניט באַגרייפן וואָס פאַר אַ פאָר דו ביזט מיט די באַראָנען.

— מאַמע, טראַכסט צופיל פון מיר, — האָט ער איר געענטפערט, — דערפאַר קומט דיר אַפן זינען אַלערליי אומרואיקע מחשבות, וואָס קען דאָ שלעכטס געשען? איך וועל דאָרטן פאַרברענגען העכסטנס צוויי אָדער דריי טעג און אַ סוף, איך קום תיכף צוריק, מער וועל איך דאָרטן ניט פאָרן און מער וועל איך שוין ניט האָבן קיינע פאַרפליכטונגען צו זיי, דאָס מאָל אָבער מוז איך פאָרן.

נאָך אין זעלבן אָוונט האָט ער זיך געזעצט און אָנגעשריבן אַ בריוו צו דער באַראָנעסע קאַרף.

„טייערע באַראָנעסע, האָט ער איר געשריבן, איך דאַנק אײַך פאַר אייער פריינטלעכן בריוו צו מיר און פאַר אייער נאָך פריינטלעכער איינלאַדונג. אייערע ליבע צײַלן זיינען געווען פאַר מיר ווי אַ דערפרישונג פאַר דעם וואָס געפינט זיך אין אַ מדבר, און ווערט פאַרברענט פון דורשט. איך האָב דאָ קיינעם ניט, מיט וועמען איך זאָל קענען אַביסל פאַרברענגען און בײַטן אַ מיינונג און איך וועל זיין דער גליקלעכסטער, אַז איך זאָל נאָכאַמאָל קענען זיין אין אייער נאָנטקייט. אַזוי גיך ווי אייערע פערד וועלן קומען, פאָר איך צו אײַך און וועל פערזענלעך אָפּדאַנקען אייער פאָטער פאַר זיין פריינטלעכקייט וואָס ער ווייזט אַרויס צו מיר. אין נאָמען פון מײַן מוטער, דאַנק איך אײַך פאַר אייערע פריינטלעכע גרוסן, נעמט צו די גרעסטע אַכטונג צו אײַך פון אייער וו. וואַלדמאַן".

אַליין האָט ער אָפּגעטראָגן דעם בריוו צו דער פּאָסט און מיט די אייגענע הענט אַריינגעוואָרפן אין פּאָסט־קעסטל, אַ באַרואיקטער און צופרידענער מיט זיך און מיט דער באַפאָרשטייענדיקער רייזע, איז ער געקומען אַ היים און האָט זיך געלייגט שלאָפן.

אַ צופרידענער מיט ניט ווייניק שטאָלץ איז צומאָרגנס וואַלדמאַן אַרומגעגאַנגען אין שטעטל. אַלע האָבן שוין געוווּסט וואָס פאַר אַ כבוד דער אַלטער פירשט האָט אים געגעבן. מען האָט אויך שוין געוווּסט, אַז ער איז אַנגאַזשירט פאַר אַ לערער צו זיינע קינדער. זיין אָנזען איז זייער הויך געשטיגן אין די אויגן פון די שטעטלשע איינוווינער און מען האָט געקוקט אַף אים מיט אַ באַזונדערן רעספּעקט.

וואַלדמאַן האָט געטראָפן זיין חבר נחן.

— נו, עס קומט דיר צו באַגריסן, — האָט זיין חבר צו אים געזאָגט — דו האָסט געקראָגן חן אין די אויגן פון דעם מעכטיקן פירשט אָגינסקי, און ווי דײַן מוטער האָט מיר געזאָגט, פאָרסטו דאָך צום באַראָן קאַרף, אָדער ריכטיקער געזאָגט צו דער באַראָנעסע.

וואַלדמאַן האָט געמערקט דעם איראָנישן טאָן אין זיין חבר'ס ווער־

טער און עס האָט אים ניט ווייניק פאַרדראָסן. ער האָט אָבער געפונען פאַר נויטיק אים ניט צו ענטפערן אין דעם זעלביקן טאָן, ער האָט אים געזאָגט זייער ערנסט:

— יאָ, איך מוז פאָרן צום באַראָן, ווייל דאָס וואָס איך בין געוואָרן דער רעפּעטיטאָר בא אַגינסקים קינדער, האָב איך דאָס אים צו פאַרדאַנקען און האָלט פאַר מיין חוב אים פערזענלעך אויסצודריקן מיין דאַנק דערפאַר. דיין מיינונג, אַז איך פאָר גאָר צו דער באַראָנעסע קארף, איז פאַלש, איך פיל צו איר ניט קיין אַנדערע סענטימענטן ווי נאָר די צו וואָס די העפלעכ־קייט צווינגט אונדז, דאָס איז אַלץ.

— אָבער לאָמיר בעסער דערפון ניט ריידן, איך וויל דיר עפּעס פאַר־האַלטן, דו שרייבסט אַלץ, אַז איר קעמפט, איר קלערט אויף, איר פאַר־שפּרייט נוציקע ידיעות צווישן דער באַפעלקערונג. איר האַלט זיך פאַר באַוווסטזיניקע בחורים, איך זע דאָס ניט. איך זע פונקט דאָס פאַרקערטע, — האָט וואַלדמאַן געזאָגט, — נעכטן האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו ריידן אַ ווײַלע מיט סאָניע, זלמן דעם פּאַכטערס טאָכטער. איך נעם אָן, אַז מסתמא זיינען דאָך די אַנדערע שטעטלשע מיידלעך אויך ניט בע־סער פון איר. זי ווייסט אַבסאָלוט ניט וואָס עס טוט זיך אין דער וועלט, זי האָט קיין אַנונג ניט ווי עס האַלט מיט אונדז יידן און איבערהויפּט אינטערעסירט איר ניט די אַלגעמיינע פּאָליטישע לאַגע, פאַר וואָס זעט איר ניט וואָס צו טאָן מיט אַזעלכע מענטשן? מען מוז זיי אויפקלערן, מען מוז זיי לערנען, מען מוז זען אויסצופילן זייער פוסטקייט מיט עפּעס באַוווסט־זיניקעס. איר מוזט זיי מאַכן פאַר נוצלעכע עלעמענטן אין אונדזער גע־זעלשאַפט.

— יאָ, מיין פריינט, — האָט אים נח געענטפערט — דאָס איז שוין אַזוי. יעדער מענטש וואַרפט דעם צווייטן פאָר דעם פעלער וואָס ער אַליין האָט, זיין אייגענעם חסרון זוכט ער באַם צווייטן. זע, וועלוול, — האָט ער אים געזאָגט מיט אַ פאַרדראָסיקן טאָן, — דו האָסט טענות, הלמאי מיר טוען גאָרניט אופצוקלערן אַזעלכע מיידלעך, ווי די סאָניע. נו, און דו, וואָס טוסטו? דו, אַן אינטעליגענטער און געבילדעטער מענטש, אָנשטאָט

זיך צו שטעלן צו רינגסט אין אונדזערע שיטערע רייען, דאָרטן ווו מען באַ־דאַרף נויטיק אַזעלכע ווי דו, שטעלסטו זיך בעסער אין די רייען פון אונ־דזערע שונאים; אַנשטאָט לערנען און אופקלערן דיינע אייגענע, גייסטו לערנען און אופקלערן אַגינסקיס קינדער. אָט דעם אַגינסקין, וואָס וועט שפּעטער ווערן אַ צאַרישער דינער און וועט זיין איינער פון די וואָס אונ־טערדריקן און פּייניקן דיינע ברידער; אַנשטאָט דו זאָלסט אָפּגעבן דיין פענטשאַפט און וויסן דיינע אייגענע אונטערדריקטע ברידער, גיסטו דאָס בעסער דעם פרעמדן לאַגער, און לסוף האָסטו נאָך טענות צו אונדז, הלמאי מיר, פּראָסטע יינגלעך, טוען גאָרניט אופצוקלערן די סאָניעס; דו שטעלסט זיך אין נאָנטע באַציונגען מיט די אַגינסקיס און קאַרפּס, וואָס זיינען גע־ווען די ערשטע וואָס האָבן דורכגעפירט די בלוטיקע עקספּעדיציע אין באַל־טיק, אויסצומאָרדן אין די טויזנטער, אַרבעטער און פּויערים, מער ניט דערפאַר, וואָס זיי האָבן געהאַט דעם מוט צו פאַרלאַנגען אַ בעסערן לעבן, פאַר זיי און זייערע פאַמיליעס, אייגנטלעך דאָס זעלבע וואָס מיר יידן פאַרלאַנגען.

דו זאָגסט, אַז דו מוזט אָפּדאַנקען דעם באַראָן פאַר זיין פריינטלעכ־קייט, — האָט דער חבר פאָרגעזעצט, — אָבער דאָס איז דאָך ניט מער ווי אַ פוילער תירוץ. דעם אמת פאַרשטייען מיר דאָך ביידע. דו פאָרסט אַהין ווייל דיך לאָקט די חנודיקע, יונגיטשקע און שיינע באַראָנעסע, אָבער טיף באַ זיך אין הארצן טראַכסטו, אז דאָס איז אַ באַזונדער כבוד און פאַר־גענינגן פאַר דיר, זיך צו חברן מיט זיי. נו, איינפאַך דערפאַר, ווייל זיי זיינען... ניט קיין יידן, ווייל זיי זיינען פון הויכער אַריסטאָקראַטיע, און דו האָסט נאָך פרעטענזיעס, פאַרוואָס מיר פאַרנאַכלעסיקן אונדזערע אייגענע. גיין, חבר, דו ביזט דער וואָס פאַרנאַכלעסיקט דיינע אייגענע, — האָט ער מיט הארץ אויסגעשריען, — דיין פּלאַץ איז צווישן דיינע ברידער און שוועסטער. איך פאַרזיכער דיר, אַז צווישן דיינע אייגענע וועסטו נאָך גע־פינען הונדערטער מיידלעך, וואָס האָבן מער געפיל און מער הארץ ווי דיין באַראָנעסע. [illegible] דעם קאַץ און מויז שפּיל, קוק זיך איין דעם

אמת אין די אויגן, נאָר זיך ניט און נאָר ניט ליידן, — האָט נח מיט ביטערניש פאַרענדיקט.

— איך פאַרשטיי דיך ניט, נח, פאַרוואָס ביזטו אַזוי אויפגערעגט, — האָט וואַלדמאַן אים געענטפערט, — אויב איך גיי ווערן אַ לערער באַ אַגינסקים קינדער, איז דאָס אויך אַ טייל פון אונדזער קאַמף. איך וועל האָבן די געלעגנהייט צו באַשיצן אונדזער פאָלק פון עווענטועלע פאַלשע פאָרורטיילן און אויב איך גיי פאַרבערענגען מיט די קאַרפּס, איז עס, אויב דו ווילסט, אויך אַ געוויסער מיטל צו אונדזער אַפּווער. איך וועל קענען באַווייזן ווי פאַלש עס איז די באַהויפּטונג פון זייערע קרייזן און ווי ניש־מיק עס זיינען זייערע מיינונגען וואָס באַ זיי הערשט לגבי אונדז, איך וועל זיי באַווייזן, אַז ניט אַלע יידן זיינען פאַרדאָרבן, איך וועל זיי אויפ־קלערן, אַז מיר זיינען פּונקט אַזעלכע גוטע מענטשן ווי זיי זיינען. אין אַ געוויסער מאָס איז דאָס די פאַרשפּרייטונג פון קולטורעלן גייסט צווישן זיי.

— אי, וועלוול, וועלוול, איך מוז לאַכן פון דיינע תירוצים. דיין פאַר־ענטפערן זיך, איז אַ באַשולדיקונג קעגן דיר, — האָט אים דער חבר גע־ענטפערט. — דו וועסט אונדז באַשיצן פון גראָבע אָנפאַלן. דו מיט דיין ענערגיע און מיט דיין כאַראַקטער. אין בעסטן פאַל, אַז דו וועסט האָבן געהערט אַ שלעכט וואָרט, איז אויב דו וועסט אין דעם מאָמענט האָבן עטוואָס מוט, וועסטו עפּעס מיט האַלבע ווערטער, אַ פאַרשעמטער ענטפּער־רען, און אַז ניט, וועסטו אין זיך טראַכטן, מיר מיינט מען דאָך דאָס ניט. דאָס גייט דאָך אַף דעם אַדרעס פון אַנדערע יידן, טאָ וואָס אַרט דאָס מיר? און אויב דו גייסט צו די באַראָנען אויפקלערן, אַז צווישן יידן זיינען אויך דאָ גוטע מענטשן, איז אַ שאָד דיין אַרבעט, ווייל אויב די באַראָנען זיינען מענטשן מיט מאַרך, מענטשן וואָס קענען געזונט דענקען, ווייסן זיי דאָס אָן דיר. זיי קאָנען אָבער ניט דענקען און טראַכטן ווי קולטורעלע מענטשן, זיי זיינען פאַרדאָרבן דורך און דורך, וועסטו זיי קענען איבער־צייגן? ניין, וועלוול, דאָס באַרעכטיקט בשום אופן ניט דיין האַנדלונג. באַ

מיר הייסט דאָס פשוט און פראָסט, אנטלאָפן פון קאמף; בא מיר הייסט דאָס פשוט אזוי גוט ווי פאראַט.

וועלוול האָט אים גאָרניט געענטפערט, ער האָט אים דערלאַנגט די האַנט, זיך שנעל אָפּגעזעגנט פון אים און יעדער איז זיך אַוועק זיין וועג.

## פופצנטער קאַפּיטל

דריי טעג נאָך דער דאָזיקער אונטעררעדונג פון דיביידע חברים, האָט זיך אַ נייער קאַטש באַוויזן אין שטעטל און זיך אָפּגעשטעלט בא דער טיר פון עטל די אלמנה, דאָס מאָל איז דאָס געווען אַ קאַטש פון באַראָן קארף.

וואלדמאַן איז אַוועקגעפאָרן צו באַראָן קארף, ווי עס איז געווען צו דערוואַרטן, האָט מען אים דאָרטן זייער וואַרעם און פריינטלעך אופגענו־מען. די גאַנצע פאַמיליע האָט זיך מיט אים דערפרייט, פונקט ווי ער וואָלט געווען זייערער אַן אייגענער. נאַטירלעך איז זייער פרייד געווען ניט ער אליין, אָבער מיט זיין פערזאָן האָט ער דערמאָנט די עלטערן, דעם גרויסן וווּנדער וואָס איז דורך אים געשען מיט זייער טאָכטער. דאָס אליין איז געווען גענוג, אַז אין שטוב באַם באַראָן איז געוואָרן אַזאַ גרויסע שמחה מיט זיין אָנקומען. מען האָט אים אָפּגעגעבן אַ שיינעם לוקסוספולן צימער אין זייער שלאָס און ער האָט זיך געפילט דאָרטן זייער גוט.

וואלדמאַן איז גלייך מיטגעריסן געוואָרן מיט דער שטימונג פון זאָרגלאָזיקייט און זאַטקייט וואָס עס האָט געהערשט אין גוט בא די באַ־ראָנען. ער האָט גלייך פאַרגעסן אָן אַלע ספיקות. עס איז אים אין זינען ניט געלעגן דער צופעליקער געשפּרעך וואָס ער האָט געהערט מיט אייני־

טע וואָכן צוריק אין דרוסקעניק, וואָס האָט איּם אין אָנפאַנג אַזוי פיל זאָרג געמאַכט. ער האָט פאַרגעסן די אַלע געשפּרעכן וואָס ער האָט געפירט מיט זיין חבר, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער טרויעריקער לאַגע פון זיינע ברידער אין רוסלאַנד און די מעטאָדן פון קאַמף קעגן זייערע שונאים. פרייליך, מיט אַ באַזונדערער צופרידנקייט איז ער ארומגעגאַנגען איבערן גוט; די באַראָנעסע האָט אים ארומגעפירט און געוויזן אַלע שיינע פּלע־צער פון זייערע גיטער, זי האָט אים געוויזן דעם שיינעם פּרעכטיקן פּאַרק וואָס איז אַזוי בארימט געווען אין יענע געגנטן. צוזאַמען זיינען זיי געזעסן אויפן גראָז, לעבן טייך אין פּאַרק, פּונקט קעגניבער זייער גרויסאַרטיקן שלאָס און האָבן געפּיטערט, מיט ברעקלעך ברויט וואָס די באַראָנעסע האָט מיטגענומען, די קאַרפּן וואָס זיינען דאָרט ארומגעשווומען הין און צוריק. די באַראָנעסע האָט געלאָזט אַרויספירן פון שטאַל צוויי שיינע אויסגעפּוצ־טע פערד און שטיפנדיק און לאַכנדיק, האָט זי גענומען געבן וואַלדמאַנען לעקציעס פון רייטן אויף אַ פערד. די תורה האָט וואַלדמאַן גיך איבערגענו־מען און נאָך דעם זעלביקן אויף דער נאַכט האָבן זיי שויןביידע געמאַכט אַ שיינעם שפּאַציר רייטנדיק אין דער אומגעגנט.

די ביידע יונגעלייט האָבן פאַרבראַכט דעם גאַנצן טאָג צוזאַמען. זיי האָבן געשמועסט און דיסקוטירט איבער פאַרשיידענע טעמעס. וואַלדמאַן האָט זיך באַמיט ארויסצווייזן זיין באַהאַוונטקייט און קענטעניש אין דער דייטשער און רוסישער ליטעראַטור, מען האָט אויך גערעדט פון פּאָליטיק און מערקווירדיק האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז די באַראָנעסע וואָס האָט גע־ענדיקט די העכסטע און אַריסטאָקראַטישסטע פּרויענשולע פון דעמאָלטיקן פּעטערבורג, האָט געהאַט גאָר אַ קליינעם אינטערעס צו רוסלאַנד און צו איר גורל, דערפאַר אָבער האָט זי מיט גרויס באַגייסטערונג גערעדט פון דייטשלאַנד און איר פּאָליטיק. זי האָט שטאַרק באַוווּנדערט די האָהענצאָ־לערן און זייער דינאַסטיע. זי האָט גערעדט מיט אַנטציקונג איבער דער גרויסקייט און קלוגשאַפט פון דייטשן קייזער און אין פאַרגלייך צו אים האָט זי פאַרגעשטעלט דעם רוסישן צאַר אַלס נישטיקן און נאַרישן הער־

שער. שוין נאָר שפּעט אין דער נאַכט איז וואַלדמאַן, פּולקאָם צופרידן, אריין אין זיין צימער און זיך געלייגט שלאָפן.

צומאָרגנס האָבן זיך באַוויזן בא די קאַרפּס נייע געסט. דאָס איז נע־זוען זייערער אַ קרוב, אַ דערבייאַיקער גוטבאַזיצער, דער באַראָן מאַנטיי־פעל מיט זיינע צוויי קינדער, אַ זון און אַ טאָכטער. די באַראָנעסע האָט זיי מיט איר נאַטירלעכער ליבנסווירדיקייט אופגענומען און מיט זייער דערשיינען איז אַביסל אָפּגעשוואַכט געוואָרן די אופמערקזאַמקייט פון די באַראָנען צו וואַלדמאַנען. פון אויבנאויף האָט מען געקענט מערקן, אַז די באַציונגען צו די מאַנטייפלס זיינען גאַנץ אַנדערע, מער הארציקער, פריינט־לעכער ווי צו וואַלדמאַנען.

לכתחילה האָט וואַלדמאַן דעם פאַקט ניט געשענקט קיין וויכטיקייט. סוף כל סוף, האָט ער זיך געקלערט, זיינען זיי דאָך נאָנטע קרובים און שטענדיקע גוטע באַקאַנטע פון די קאַרפּס, דערצו נאָך שכנים און דייטשן. אָבער צו מיטיק, אַז מען האָט אַוועקגעזעצט באַם טיש, אים וואַלדמאַנען צוזאַמען מיט דער באַראָנעסע מאַנטייפל און די באַראָנעסע קאַרפּ צוזאַמען מיטן באַראָן מאַנטייפל, האָבן זיך דערוועקט אין אים געפילן פון פאַר־דרוס און ער האָט זיך געלאָזט באַהערשן פון אייפערזוכט צו דער באַראָ־נעסע.

ער האָט אַלע ווײַלע געוואָרפן זיינע בליקן צו דער זייט פון דער באַראָ־נעסע קאַרפּ. זי האָט אָבער זיינע בליקן ניט אופגענומען און אַף זיי ניט רעאַגירט, צופיל איז זי געווען פאַרנומען מיט איר שטייפן אַריסטאָקראַ־טישן טיש־חבר, דעם יונגן באַראָן מאַנטייפל. וואַלדמאַנען איז פאַרגעקו־מען, ווי צווישן זיי ביידע ווערט געפירט אַ שטילער פלירט באַם טיש. עפּעס האָט ער געפילט צווישן זיי אַן אַלטע אינטימע פאַרבינדונג. דאָס האָט אים געערגערט, עס האָט אים גענומען פאַרדריסן, ער האָט אָנגענו־מען, אַז אַף זיין פערזאָן ווערט דאָ מער ניט געלייגט קיין אכט, מען קוקט ניט מער אַף זיין זייט, באַזונדערס איז נאָך זיין טיש־חברטע געווען אַ שווייגנדיקע, פאַרשלאָסן אין זיך, האָט ווייניק גערעדט און זייער זעלטן אַרויסגעוויזן אַ פריילעכע מינע. אים האָט נאָכמער פאַרדראָסן, ווען ער

האָט זיך דערמאָנט, אַז נעכטן האָט די באַראָנעסע אַזוי גוט און פריינט־לעך מיט אים פאַרבראַכט. זי מוז זיין פון די אמתע קאָקאָטעס, האָט ער געטראַכט, נעכטן, ווען קיינער פון פרעמדע געסט זיינען ניט געווען, איז ער, דער ייד, אויך געווען אַ גוטער און אָנגענעמער קאַוואַליר. היינט אָבער ווען עס זיינען דאָ בעסערע, חשובערע פון אים, ווערט ער באַטראַכט פאַר נול, דער געדאַנק האָט באַ אים אָפּגעצויגן זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון טיש, ער איז געזעסן שטאַרק צעשטרייט, איגנאָרירט זיין טיש־פּאַרט־נערן און אין געוויסע מאָמענטן אפילו אַרויסגעוויזן בולטע אומהעפלעכ־קייטן אין קעגנוואַרט פון די הויכע אַדל־לייט.

נאָך מיטיק, אַז מען האָט זיך אויפגעהויבן פון טיש, זיינען די באַראָ־נען אריין אין הויך־סאַלאָן רויכערן זייערע ציגאַרן. די יוגנט, צוזאַמען מיט דער באַראָנין קאַרף האָט געוואָלט גיין אין פּאַרק אַביסל פאַרברענגען. וואַלדמאַנען האָט מען נאַטירלעך אויך איינגעלאַדן צו דעם שפּאַציר, אָבער אונטער דעם אויסרייד, אַז ער פילט זיך ניט מיט אַלעמען, האָט ער זיך אַנטשולדיקט און איז אַריין צו זיך אין צימער.

אין זיין צימער, אַליין, האָט דער ערגער באַ אים נאָכמער געשטיגן. ער האָט זיך אַנידערגעוואָרפן אַף דער סאָפע און גענומען נאָכטראַכטן די אויפירונג פון דער באַראָנעסע קאַרף. אַזאַ טעות אין איר צו האָבן. גע־האַלטן איר פאַר אַן אויפריכטיקע, הארציקע און איידעלע מיידל, געמיינט, אַז איר באַציונג איז אַ פריינטלעכע און ערנסטע, אַז זי באַמערקט ניט אין אים דעם ייִדן; צום סוף, ווי נאַר עס האָט זיך באַוויזן דער באַראָנדל, ווי זי האָט זיך דאָס צו אים צוגעקלעפּט, ווי זי האָט דאָס מיר שוין ניט באַמערקט. אַ ווײַלע שפּעטער אָבער, האָבן זיינע געדאַנקען אָנגענומען אַן אַנדער ווענדונג. וואָס אייגנטלעך וויל איך פון דער באַראָנעסע, האָט ער זי אין געדאַנק פאַרענטפערט, וועלכע פּרעטענזיעס קען איך צו איר האָבן? וואָס זיינען מיר, אַ פאַרליבט פּאָרל? האָט זי מיר אפנים עפּעס פאַרשפּראָ־כען, עפּעס געגעבן אָנדייטונגען, אַז זי זאָל ניט האָבן קיין רעכט צו ריידן

א ווארט, אדער אפילו פארברענגען מיט אן אנדערן? עס איז דאך מער ניט ווי נאטירלעך, אז דער באראן מאנטייפל שטייט אין אירע אויגן הע־בער ווי איך. מיך קען זי צופעליק, ערשט א פאר וואכן און אים קען זי שוין זייט איר לעבן. עס איז פון איר זייט אזוי אויך שיין, אז זי האט מיר נעכטן אזויפיל אופמערקזאמקייט און פריינטלעכקייט געשענקט. דער געדאנק האט אים אבּיסל בארואיקט, ער האט זיך אופגעמונטערט און איינזעענדיק, אז זיין אופירונג קען ווארפן אף אים א שלעכטן שאטן, האט ער זיך אופגעהויבן, צורעכט געמאכט זיינע קליידער און איז אוועק זיך אנשליסן אן די יונגע מענטשן, ווו זיי האבן נאך אלץ פארווײלט אין פארק.

פארנאכטלעך איז מען צוזאמענגעקומען טרינקען קאפע. דעם קאפע האט מען סערווירט אף דער טעראסע פון שלאס. באם טיש האט די יונגע באראנעסע ארופגעפירט דעם געשפרעך אף וואלדמאנען. מען האט גענומען שמועסן, מען האט פארפירט דעבאטן אף אקטועלע ליטעראַרישע טעמעס. דאס איז געווען וואלדמאנס ספעציאליטעט. ער האט זיך בא די שמועסן געפילט ווי בא זיך אין דער היים. עס האבן זיך גענומען שיטן לויבגע־זאנגען אף זיין אדרעס. זיין פערזאן איז מיטאמאל געווארן דער צענטער פון דער אונטערהאלטונג. מען האט פונדאסניי גענומען באוואונדערן זיין העלדישקייט, שטארק געריסט זיין קולטורעלע אנטוויקלונג און זיין וויסן.

נאך קאפע, זיינען די דריי יונגע מענטשן עפעס ווי אפגערעדט צווישן זיך, ארויסגעגאנגען אנקוקן א פאמיליענאלבום. אף דער טעראסע זיינען געבליבן די ביידע עלטערע באראנען מיט וואלדמאנען. מען האט ווייטער געפירט פאליטישע שמועסן און אומבאמערקטערהייט, האבן די שמועסן באקומען יידישע מאמענטן. דער באראן קארף האט באדויערט וואס די יידישע לאגע אין רוסלאנד איז אזוי אומדערטרעגלעך, אן וועלכן ניט איז גרונט דערצו. דער באראן מאנטייפל האט אויך צוגעשטימט צו זיין מיי־נונג.

— זאָגט נאָר, ליבער וואַלדמאַן, — האָט מיטאַמאָל באַראָן קאַרף אים א פרעג געטאָן, — אָבער איך בעט אייך איר זאָלט מיר ענטפערן אופריכטיק און קלאָר, איר זאָלט ניט ענטפערן מיר ווי א רוסישן מיליטערמאַן, נאָר ווי א פּרעמדשפּראַכיקן רוסישן בירגער, אַזעלכער, ווי איר אַליין זייט, אין פאַל פון א מלחמה מיט דייטשלאַנד, וועלן יידן העלפן רוסלאַנד, א לאַנד. וואָס אונטערדריקט זיי, אָדער זיי וועלן בעסער אַרויסווייזן זייער סימפּאַטיע דעם שונא, וועלכער גיט זיי אַלע רעכטן?

וואַלדמאַן איז איבעראַשט געוואָרן פון דער פראַגע, ער האָט א ווײַלע געטראַכט און דערנאָך געענטפערט:

— אַנטשולדיקט מיינע הערן, איך קען אייך אַף דער פראַגע ניט געבן קיין ענטפער. איך בין ניט קיין יידישער פירער און וויים ניט וואָס די פירער טראַכטן איבער דער פראַגע. פאַר מיר קען איך אייך ענטפערן, אַז נאָך מיין מיינונג איז רוסלאַנד ניט ווערט די שטיצע פון יידן, אייגּפאַך דערפאַר, א לאַנד וואָס גיט ניט קיין רעכטן דאַרף ניט פאַרלאַנגען קיין פליכטן.

דיביידע באַראָנען האָבן זיך באַדייטונגספול איבערגעבליקט איינער מיטן אַנדערן.

— איך אַף אייער אָרט וואָלט אויך אַזוי געהאַנדלט, — האָט דער באַראָן קאַרף אים געענטפערט.

וואַלדמאַן האָט דערנאָך זיך אַנטשולדיקט און פאַרלאָזט די טעראַסע.

אַריינגייענדיק אין וועסטיבול האָט אים דער דינער געזאָגט, אַז די יונגע הערן זיינען אויבן אין מוזיק־צימער. גייענדיק אַף די טרעפּ צום מוזיק־צימער, האָט ער באַ זיך א קלער געטאָן, וואָס האָט באַדייט קאַרפס פראַגע, וואָס מיטאַמאָל זיין גרויסער אינטערעס פאַר די יידישע האַלטונג אין צייט פון מלחמה? צי איז דאָס ניט עפּעס א נעץ, מיך אַריינצוקריגן און אין עפּעס באַשולדיקן, כדי אינגאַנצן פון מיר פּטור צו ווערן? אָבער ניין, האָט ער זיך באַלד אַליין געענטפערט, דער באַראָן איז אַן ערן־מאַן,

ער וועט מיר דאָ ניט פאַרשאַפן קיינע אומאַנגענעמלעכקייטן, ער האָט דאָס פּשוט געפּרעגט, ווייל זיין מיטגעפיל צו אונדז יידן איז אזוי שטאַרק, אַז עס האָט זיך בא אים דערוועקט אַזאַ פראַגע א דאַנק די אומרעכטן וואָס ער אַליין זעט, ווי מען טוט אונדז, דאָס האָט אים באַרואיקט און ער איז אַריין אין מוזיק־צימער.

דאָרטן האָט ער געטראָפן די יונגע מאַנטייפל זיצן באַם קלאַוויר שפילן. די באַראָנעסע קאַרף מיטן יונגן באַראָן מאַנטייפל, האָבן ביידע געזונגען אַ דועט, אונטער דער באַגלייטונג פון די קלאַוויר־טענער. אין צי־מער איז שוין געווען טונקל, די געדיכטע ביימער פון פאַרק, צו וועלכן די פענצטער פון צימער זיינען אַרויס, האָבן ניט דורכגעלאָזן די לעצטע שטראַלן פון דער פאַרשווינדנדיקער זון דאָרטן אַריינצודרינגען. עפּעס אַז אידילישע ראָמאַנטישקייט האָט געהערשט אין דעם מאָמענט צווישן די דריי יונגעלייט, זיי האָבן וואַלדמאַנס אַריינקומען ווי ניט באַמערקט.

וואַלדמאַן איז געשטאַנען אַ מאָמענט באַם אַריינגאַנג און געוואָרפן זיינע בליקן אַפן זינגנדיקן פּאָרל. עפּעס דאַכט זיך אים, האַלט זיך די קאַרף צופיל פאַמיליאַר מיט מאַנטייפל. עס קומט אים אויס, אַז זי קוקט אים צופיל און מיט גרויס ליבשאַפט אין די אויגן באַם זינגען. זיין אַרומ־נעמען זי בא דער טאַליע בעתן־זינגען קומט אים אויך אויס צופיל ליידנ־שאַפטלעך. עפּעס ניט ווי צופעליקע פאַרטנערן, וואָס זינגען אַ דועט, זיי לייענען עפּעס איינער בא דעם אַנדערן אין די אויגן, זייערע בליקן זיינען צו ראָמאַנטיש. אַט באַמערקט ער ווי זיי טוליען צו אַ באַק צו אַ באַק, ער שפּירט ווי אין דעם מאָמענט האָבן זייערע שטימען אַ ציטער געגעבן, אַזאַ האַרמאָנישער זינגען וואָס דרינגט אַריין אַזוי טיף אין דער נשמה באַם צוהערער קען נאָר קומען פון אַ פאַרליבט פּאָרל, באַשליסט בא זיך וואַלדמאַן.

און ווייטער באַפאַלט אים אַ נאָגנדיקער געדאַנק, ווייטער האָבן אים באַהערשט פינצטערע מחשבות, וואָס אייגנטלעך טו איך דאָ? טראַכט ער

זיך. איך בין דאָך דאָ אַן איבעריקער, קיינעם אינטערעסיר איך ניט, וואָס מיש איך מיך בא פּרעמדע מענטשן אונטער די פיס? איך זע דאָך אַז די באַראָנעסע איז גאָר פאַרליבט אין מאַנטייפל. און בא דעם גערדאַנק האָט אים אַ צופ געטאָן דאָס האַרץ, אַ געפיל פון שטאַרקן פאַרדרוס האָט אים באַהערשט, ער האָט זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען פון ערגערניש.

מען האָט אופגעהערט צו זינגען. די קלאַוויר־שפּילערן האָט זיך אופ־געהויבן פון איר פּלאַץ, דאָס זינגנדיקע פּאָרל האָט זיך פאַנאַנדערגעלאָזן. זיי האָבן פריילעך אַ קוק געטאָן איינער אַף דעם אַנדערן. דער יונגער באַ־ראָן איז צוגעגאַנגען צו זיין שוועסטער און זיך העפלעך פאַרנייגט פאַר איר, באַדאַנקנדיק איר פאַר איר שיינער באַגלייטונג. וואַלדמאַן ווערט בא זיך אַביסל אופגעלעבטער. זיינע גערדאַנקען הויבן אָן ווערן העלער, ער ווערט מונטערער, ער זעט ניט מער די באַראָנעסע אַרומגענומען מיטן יונגן באַראָן. דאָס אַליין איז שוין פאַר אים אַ גרויסע דערלייכטערונג. ער וויל צוגיין צו דער באַראָנעסע און באַדאַנקען איר פאַרן שיינעם זינגען, אָבער אין דעם מאָמענט עפנט זיך די טיר און דיביידע עלטערע באַראָנען קומען אַריין אין צימער.

— קינדער — זאָגט באַראָן מאַנטייפל — מיר פאָרן אַהיים. עס ווערט שוין טונקל אין דרויסן. מיר מוזן זיך צעוויילן. מען גייט אַראָפּ פון די טרעפּ. אונטן וואַרטן שוין די דינער מיט די רייזע־קליידער אין האַנט, גרייט צו דינסט די אָוועקפאָרנדיקע. מען געזעגנט זיך איינער מיט דעם אַנדערן.

הער וואַלדמאַן, — זאָגט צו אים דער באַראָן מאַנטייפל, — איך האָב גאָר וואָס געשמועסט מיטן באַראָן וועגן אייך. איר געפעלט מיר אויסער־אָרדנטלעך. איר האָט איצט אַ שטעלע אַלס רעפּעטיטאָר באַם פירשט גינ־סקי, דאָס איז אָבער ניט מער ווי אַף איניקע חדשים. אַזוי גיך ווי איר וועט פריי ווערן דאָרט, שרייבט מיר אומבאַדינגט, איך דאַרף אַזאַ מענטש

ווי איר זענט. בא מיר וועט איר קענען בלייבן פערמאנענט און איר וועט זיין באזארגט מיט אייער אויסקומען.

וואלדמאן האט זיך פארנייגט פאר אים, באדאנקט אים פאר זיין פאר־שלאג און זיי זיינען ארויס פון שלאס, זיך ארייננעזעצט אין דעם געשפאנ־טען קאטש און אפגעפארן.

# זעכצנטער קאפיטל

וואלדמאן און די בארא̇נעסע זיינען נאך געבליבן א רעכטע ווייל'ע שטיין אף זייערע ערטער און נאכגעקוקט דעם אלץ מער פארשווינדנדיקן קאטש פון די מאנטייפלס. וואלדמאן האט א קוק געטאן אף דער בארא̇נע־סע קארף און אים איז אויסגעקומען, אז זי שטייט א פארטראכטע און איר אומעטיקער בליק איז געצילט אהין, ווו דער קאטש מיט דעם יונגן באראן מאנטייפל זיינען פארשוונדן און זעען זיך ניט מער. ער האט גע־געבן א נערוועזן ציטער. זיין הארץ איז אים ווייטער פול געווארן מיט די נאכמיטיקדיקע פארצווייפלונג. יא, האט ער צו זיך געזאגט, זי איז פארט פארליבט אין דעם יונגן באראן. זי באדויערט זיין גיכן אוועקפארן, מיך זעט זי גאר ניט אן. אין דעם אויגנבליק האט די בארא̇נעסע א ווארף גע־טאן מיט איר קאפ, ארייננעקוקט וואלדמאנען טיף אין די אויגן, אף אירע קליינע ראזעווע ליפן האט זיך באוויזן דער שטענדיקער ליבער שמייכל. די האנט אירע האט זי ארייננעשטעקט אונטער וואלדמאנס ארעם און א שלעפ טוענדיק אים צו זיך, האט זי געזאגט:

— קומט וואלדמאן, לאמיר גיין אביסל שפאצירן אין פארק.

**— אנו, וואלדמאן, — האט זי צו אים געזאגט, ארייננייענדיק אין**

פארק — אז איר קענט גוט שווימען דאָס ווייס איך, לאָמיר זען אויב איר קענט גוט לויפן. איך וויל איר זאָלט מיך כאַפּן לויפנדיק. — און די באַראָנעסע האָט זיך אַוועקגעלאָזן לויפן איבער די מיט זאַמד אויסגעשאָטענע אַלייען פון דעם גרויסן פארק.

פלינק ווי אַ יונגער הירש איז זי געלאָפן דורכן פארק, אין דער טונקעלקייט פון פארק האָט מען נאָר געזען שימערירן איר ווייסע קלייד. וואַלדמאַן איז איר נאָכגעלאָפן,ביידע הענט האָט ער געהאַלטן אויסגעשטרעקט, גרייט איר אָנכאַפּן, אָבער שנעל ווי אַ וועווערקע, פלעגט זי אַ שפרונג טאָן אין אַ זייט און ווייטער איז זי שוין געווען ווייט פון אים, ווייטער איז זי געלאָפן פאָרויס און וואַלדמאַן נאָך איר. מיטאַמאָל האָט זי זיך אָפּגעשטעלט און זיך געלאָזט כאַפּן פון וואַלדמאַנען. ווען ער האָט איר אַריינגעקוקט אין די אויגן, באַטראַכט איר פנים וואָס האָט געגליט פון רויטקייט, אירע צוויי פעסטע רונדע בריסטן וואָס האָבן זיך געהויבן פון מידקייט, האָט ער גיך פאַרגעסן אַלע זיינע געדאַנקען וואָס ער האָט דעם גאַנצן טאָג געהאַט איבער אירע באַציונגען מיטן דעם יונגן באַראָן מאַנטייפל, ער האָט נאָר געזען די יונגע, פריילעכע, לעבנסלוסטיקע און ליבלעכע באַראָנעסע קאַטיע קאַרף, און איז געוואָרן אַנטציקט פון איר.

געאָרעמט זיינען זיי ביידע געגאַנגען צוריק צום שלאָס, ווו מען האָט זיי גערופן צום אָוונטברויט.

— אָ, ווי הערלעך, ווי שיין היינטיקער אָוונט איז, איך האָב שוין לאַנג אַזוי אָנגענעם און שיין ניט פאַרבראַכט ווי היינטיקן אָוונט. זייט איר אויך צופרידן מיט אייער פאַרברענגען בא אונדז, הער וואַלדמאַן? — האָט אים די באַראָנעסע פלוצלונג אַ פרעג געטאָן.

— מיין צופרידנקייט איז ניט איבערצוגעבן, — האָט ער איר געענטפערט. — איך בין ניט צופרידן, נאָר פשוט גליקלעך, ווייל איך קען פאַרברענגען די פּאָר טעג אין קעגנוואַרט פון אַזאַ וווּנדערבאַרן און ליבן מלאך ווי איר זייט.

— אָ, איך האָב גאָרניט געוווּסט אַז איר קענט אויך געבן ניט קיין פּאַרדינטע קאָמפּלימענטן, — האָט זי אים מיט אַ שמייכל געזאָגט, — אָבער גענוג דערפון, איצט קומט, מיר ווען מיט אַ גוטן אַפּעטיט פאַרצערן אונדזער עסן, — און די ביידע יונגעלייט זיינען אַריין אין עס־סאַלאָן ווו עס זיינען שוין געזעסן דער באַראָן מיט זיין פרוי און האָבן געוואַרט אַף זיי ביידן.

נאָך אָוונטברויט איז דער באַראָן אַריין אין זיין קאַבינעט; זיין פרוי האָט זיך איינגעאָרדנט אין איר צימער לייענען איר פראַנצויזישן ראָמאַן און די באַראָנעסע קאַטיע האָט איינגעלאַדן וואַלדמאַנען גיין אויבן אין מוזיק־צימער מיט איר, זי האָט היינט חשק אַביסל צו מוזיצירן, — האָט זי אים געזאָגט.

קאַטיע קאַרף האָט זיך געזעצט בּאַ דעם קלאַוויר. זי איז געווען אַ מין קינסטלערן אין איר שפּילן, זי האָט באַהערשט אויסגעצייכנט גוט די טעכ־ניק פון שפּילן און האָט געהאַט זייער אַ גוטן מוזיקאַלישן געהער. וואַלד־מאַן האָט זיך געזעצט באַם עק פון קלאַוויר און האָט צוגעקוקט ווי אירע פינגער טאַנצן איבער די קלאַווישן.

וואָס מער זי האָט געשפּילט איז וואַלדמאַן אַלץ מער פאַרגאַפט גע־וואָרן פון איר ווונדערבאַר שיינעם שפּילן. ער איז באַגייסטערט געוואָרן פון די ווונדערבאַרע טענער וואָס זי האָט אַזוי קינסטלעריש אַרויסגע־בראַכט פון דעם אינסטרומענט. די אויגן אירע זיינען געווען ווי פאַר־חלומט, אירע בליקן פאַרטיפט אין די נאָטנבלעטער, אירע געטאָקטע אַל־באַסטער־ווייסע פינגער זיינען ווי מעכאַניש געלאָפן איבער די קלאַווישן, דער קאָפּ האָט זיך לייכט באַוויגן נאָך דעם קלאַנג פון די טענער. אין דעם מאָמענט האָט זי אויסגעזען בּאַ אים אין די אויגן ווי אַ מלאך וואָלט זיצן באַם קלאַוויר און ברענגט אַרויס אַ שירה צו גאָט, זיין האַרץ איז אויסגע־גאַנגען פון זיסקייט און גלייכצייטיק איז זי פול געווען מיט ליבשאַפט צו איר.

— וואַלדמאַן, — האָט די באַראָנעסע אויסגעשריען, — וואָס זיצט

איר אזוי מאָדנע פּאַרטראַכט, וואָס זעט איר אין מיר, אַז איר קוקט מיך אָן אזוי קאָמיש? שטעלט זיך נענטער לעבן מיר, מישט מיר איבער די נאָטן. — ער האָט זיך גלייך אַוועקגעשטעלט בּאַ איר זייט. זיין קערפּער האָט ער לייכט איבערגעבויגן איבער איר קאָפּ. מיט איין האַנט האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אָן דעם אינסטרומענט און מיט דער צווייטער האָט ער געבלעטערט די נאָטן, לויט דעם צייכן וואָס זי האָט אים געגעבן מיטן קאָפּ.

ער איז געשטאַנען אזוי איבערגעבויגן, אירע האָר האָבן אַלע ווײלע בּאַרירט זיין באַק. בּאַ יעדער בּאַרירונג איז אים אַ וואַרעמקייט דורכגעלאָפן איבערן גאַנצן קערפּער. דער איידעלער ריח פון אירע פּערפומען האָבן אים בּאַרוישט. ער האָט אינגאַנצן ווי געציטערט, זיינע אויגן וואָס האָבן געקוקט אַף איר קלאָר ווייסן האַלדז, זיינען געווען ווי פאַרגאָסן, דאָס האַרץ האָט געצופּט פון זיסקייט. אַ געפיל פון אומבּאַגרענעצטער ליבע האָט אים בּאַ־נומען. ער האָט געפילט, אַז אָט אָט און ער וועט אַרומכאַפּן מיט זיינע הענט דעם שיינעם האַלדז און וועט אים בּאַדעקן מיט הייסע קושן. ער האָט גענומען שווער עטעמען, ער האָט דערשפּירט אין דעם מאָמענט, אַז ער ליבט די בּאַראָנעסע.

מיט זיין גאַנצער אָנגעשטרענגטער קראַפט האָט ער זיך בּאַהערשט ניט אַרויסצובּרענגען דעם שטורעם פון ליבע מיט וועלכן זיין האַרץ איז איצט פול געווען. אים האָט אויסגעפעלט דרייסטקייט און מוט דאָס צו טאָן. ער האָט זיך דערשראָקן פאַר זיך אַליין. ער האָט מורא געהאַט צו בּאַליידיקן די בּאַראָנעסע, ער האָט מורא געהאַט, טאָמער רופט דאָס אַרויס בּאַ איר אַ צאָרן צו אים, ער האָט זיך געשראָקן פאַר אירע עלטערן, זיי קע־נען נאָך אים אַראָפּוואַרפן פון די הויכע הימלען אין וועלכע ער האָט איצט געשוועבט. אַ לייכטער זיפץ האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיין אינעווייניק. ער האָט דערפילט אַ שוואַכקייט אין זיינע קני. אַ קאַלטער שוויים האָט בּאַ־דעקט זיין פּנים.

די בּאַראָנעסע האָט דערווייל פאַרענדיקט איר שפּילן, זי האָט זיך

אופגעהויבן פון איר פלאַץ, אַראָפּגעלאָזן דעם דעק פון קלאַוויר, אַ קוק געטאָן אױף װאַלדמאַנען, װאָס איז נאָך אַלץ געשטאַנען אין דער זעלביקער פּאָזע און אים אַ פרעג געטאָן:

— װאָס שטייט איר װידער אַזאַ פאַרטראַכטער און אַ פאַרומערטער? װאָס איז מיט אײַך געװאָרן היינט? איר זעט עפּעס אַזוי מאָדנע אויס, איר מוזט זיין מיד. לייגט זיך שלאָפן. איך גיי זיך אויך לייגן.

צוגייענדיק צו די טרעפּ װאָס האָבן געפירט אין װעסטיבול, האָט די באַראָנעסע אָנגעכאַפּט זיין האַנט און געזאָגט:

— קומט, לאָמיר אַראָפּלויפן פון די טרעפּ, איך װעל זען אויב איר װעט מיך דאָ כאַפּן.

זיי האָבן ביידע שטיפנדיק גענומען לויפן פון די טרעפּ, זי איז די ערשטע אַרונטערגעלאָפן און געבליבן שטיין. דערנאָך איז צוגעלאָפן װאַלדמאַן צו איר, האָט איר אָנגענומען פאַרן האַנט און האַלטנדיק זי אין זיינע האָט ער איר געזאָגט:

— איר האָט מיך געפרעגט פריער װאָס מיט מיר איז, פאַרװאָס זע איך אַזוי מאָדנע אויס היינט. באַראָנעסע, באַ מענטשן שװימען אַמאָל אַרויף אַזעלכע געדאַנקען, עס דערװעקן זיך באַ אים אָפּטמאָל אַזעלכע געפילן, װאָס קומען אַרויס פון די פאַרבאָרגנסטע װינקעלעך פון זיין נשמה, װאָס ער קען זיי ניט און טאָר דאָס ניט אַרויסברענגען פאַר דער װעלט, אַפילו פאַר זיין אינטימסטן פריינט קען ער דאָס ניט אַרויסזאָגן. ער מוז זיי דערשטיקן אין זיך, װי שװער דאָס זאָל אים ניט אָנקומען, אַזעלכע געפילן האָבן זיך באַ מיר היינט דערװעקט און איך מוז זיי באַגראָבן אין זיך, עס טוט מיר אופריכטיק לייד, װאָס איך קען ניט דערפילן היינט אייער פאַרלאַנג און קען דאָס אייך ניט זאָגן.

— ניין, װאַלדמאַן, איר זייט ניט גערעכט, — האָט אים די באַראָנעסע געענטפערט, — נאָר אַרויסריידן און אופדעקן דאַרף מען די פאַרבאָרגנסטע געפילן, עפענען דאָס פאַרבאָרגענע קעמערל פון דער נשמה און אַריינפירן אַהין אַ פריינט, דעמאָלט װערט לייכטער, דעמאָלט קען מען

גרינגער אריבערטראָגן אַלץ וואָס קוועטשט אינעווייניק אין הארצן, און אַזאַ פריינט בין איך אייך.

וואַלדמאַן האָט איר קיין זאַך ניט געענטפערט. ער האָט נאָר שטאַרק אַ קוועטש געטאָן איר האַנט, צוגעטראָגן זי צו זיינע ליפּן און אָפּגעדרוקט אַף איר אַ קוש.

— אַ גוטע נאַכט, באַראָנעסע, — האָט ער געזאָגט און איז האַסטיק אריינגעלאָפן אין זיין צימער, לאָזנדיק שטיין די באַראָנעסע אַליין.

געפינענדיק זיך אַליין אין זיין צימער, האָט ער געפילט, אַז אים איז דושנע, עס פעלט אים לופט צו אָטעמען, כאָטש דער צימער איז געווען גענוג גרויס און רוימיק. ער איז האַסטיק צוגעלאָפן צום פענצטער און עס ברייט פאַנאַנדערגעעפנט. פון פּאַרק האָט אריינגעשטראָמט אַ שטראָם פרישע לופט, ער האָט אַרויסגעקוקט אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט, קיין זאַך איז ניט געווען צו זען, אַ טויטע שטילקייט האָט געהערשט אַרום און אַרום. דאָס בילן פון אַ הונט האָט נאָר אָפּגעהילכט אין צימער. ער איז אַוועק פון פענצטער, גענומען שפּרייזן איבערן צימער הין און צוריק, די געדאַנקען האָבן זיך גענומען מישן בא אים אין קאָפּ, ווי אַ ווירבל האָבן זיי זיך גענומען טראָגן דורך זיין צעהיצטן מח. ער האָט זיך געכאַפּט פאַרן קאָפּ ווי אַ משוגענער, ער האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט ווי פאַרלאָרן, ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז עס פעלט אים ווער, ער האָט ניט געקענט פאַרטראָגן דאָס אַליין זיין.

וואָס טוט זיך דאָ מיט מיר? האָט ער גענומען קלערן, פאַרוואָס ציט מיך אַזוי צו דער באַראָנעסע? פאַרוואָס פיל איך אַז זי פעלט מיר? פאַרוואָס גלוסט זיך מיר צו זיין אין איר געזעלשאַפט? ניט שוין זשע זאָל דאָס טאַקע זיין ליבע? ניט שוין זשע בין איך אין איר פאַרליבט? אָבער געוואַלט געשריען, ווי קומען צו מיר איבערהויפּט אַזעלכע געפילן? און וואָס טו איך דאָ בכלל? ווי קום איך ארומצולויפן מיט איר און נאָכגיין אירע טריט? ווער בין איך דאָ? וועלכע נאַרישע ראָל שפּיל איך דאָ? און אויב דער צופאַל האָט מיך שוין יאָ אריינגעשלעפּט אין די סאַלאָנען פון

רייכע פּריצים, דאַרף איך מיך אַזוי פאַרגעסן און טראַכטן פון ליבע? און צו וועמען? צו אַזעלכע וואָס איז ניט מיין גלייכן, וואָס שטייט אַזוי ווייט פון מיר? מיר זיינען דאָך ביידע ווי צוויי קעגנזייטיקע פּאָליוסן, ווי אַזוי קען איך מיר דאָס דערלויבן זיך לאָזן אריינציען פון אַזעלכע ליבעס־געפילן וואָס קענען זיך אויסלאָזן פאַר מיר מיט אַן אומגליק? אַזאַ ליבעס־אַוואַנ־טורע קען מיך פירן צו זייער שלעכטע קאָנסעקווענצן. ניין, איך מוז מיך קאָנטראָלירן, איך מוז זיין פעסט. אין אַזאַ קריטישן מאָמענט מוז איך קענען אַרויסווייזן ענערגיע און געהעריקע רעזיסטענץ. ניין, — האָט ער זיך אַליין געזאָגט, נאָך אַלץ אַרומלויפנדיק איבערן צימער. — שוין צום וויפלטסטן מאָל, איך מוז ווייזן מיין מוטער און מיין חבר נחן, אַז זיי האָבן געהאַט אין מיר אַ טעות. איך וועל אַרויסרייסן די דאָזיקע געפילן פון מיין האַרצן צוזאַמען מיטן וואָרצל, ניט דערלאָזן פאַר קיין פאַל, אַז זיי זאָלן זיך פאַנאַנדערוואַקסן און אויפבליען. שוין מאָרגן פאָר איך אַהיים. איך וועל מיך נעמען צו דער אַרבעט און מאַכן אַן ענדע צו דער דאָזיקער פאַר מיר פיינלעכער לאַגע. גענוג זיך אַרומגעשלעפּט בא פּריצים און באַ־ראָנען! אַהיים, צו מיין גלייכן גיי איך מאָרגן. דאָרטן איז מיין אָרט. נח איז גערעכט. טויזנט מאָל גערעכט. מיט דעם באַשלוס האָט ער זיך אַריינ־געוואָרפן אין בעט און איז איינגעשלאָפן.

ווען וואַלדמאַן האָט פּלוצלונג פאַרלאָזן איר און איז פאַרשוווּנדן אין זיין צימער, איז קאַטיע קאַרף געבליבן אַ רעכטע ווײַלע שטיין און נאָכ־געקוקט דעם פאַרשוווּנדענעם. זי האָט שוין גוט פאַרשטאַנען וואָס עס טוט זיך באַ אים אין האַרצן. זי האָט געזען דעם גרויסן שטורעם וואָס האָט זיך אופגעהויבן אין זיין נשמה און אַז ער ווערט פאַרפּלייצט מיט אַ שטאַרקער ליבעס־כוואַליע, וואָס דער שטורעם האָט מיטגעבראַכט. זי האָט געזען אַז ער האַלט באַם פאַלן צו אירע פיס און ווערט פאַרברענט פון ליבע צו איר. זי האָט זיך דערנאָך אומגעדרייט און איז אויך אַריין צו זיך אין צימער.

קאַטיע האָט אַליין, אָן דער הילף פון איר קאַמערמיידל, אָנגעצונדן

די לאָמפּ, אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך אירע אויבערשטע קליידער, אַרופֿגעוואָרפֿן אויף זיך אַ זײַדענעם פּעניואַר, זיך אַוועקגעזעצט קעגן דעם גרויסן שפּיגל, פֿאַרנאַנדערגעלאָזן אירע לאַנגע בלאָנדע האָר און גענומען קוקן אויף דער אָפּשפּיגלונג פֿון אירע רונדע, שיין אויסגעטאָקטע ווײַסע אַקסלען. עס איז מיטאַמאָל איר געוואָרן היים, זי האָט צוריק אַראָפּגעוואָרפֿן דעם אָקאָרשט אָנגעטוענעם פּעניואַר, זיך געמאַכט פֿרײַ. זי האָט געוואָרפֿן בליקן אויף איר גאַנצן קערפּער, פֿון איר פֿײַנעם, זײַדענעם ברוסטנהאַלטער האָבן אַרויסגעשפּאַרט אירע האַרטע, שיין־פֿאָרמירטע מיידלשע בריסטן. זי האָט באַטראַכט אין שפּיגל אַלע אָנטבלויזטע טיילן פֿון איר קערפּער, פּונקט ווי זי וואָלט זיי געזען צום ערשטן מאָל. זי האָט גענומען דעם פּאַראַפֿים צעשטרייער פֿון טואַלעט און באַגאָסן די אַלע טיילן פֿון איר שיינעם קערפּער מיט דעם שמעקנדיקן פּאַראַפֿים און האָט אויך גענומען קלערן.

וואָס איז געשען מיט וואַלדמאַנען? פֿאַרוואָס האָט ער אַזוי גיריק און זשעדנע געקוקט אויף מיר? איז דאָס טאַקע אמתע ליבעס־בליקן? אַז ער ליבט מיך, איז דאָך גאָר קיין צווייפֿל ניט. דאָס האָב איך געמערקט. ניין, ניט געמערקט נאָר געפֿילט. איך שפּיר זײַן ליבע צו מיר. נו, און ווי זײַנען מײַנע געפֿילן צו אים? ליב איך אים אויך? ווען איך שטעל מיך פֿאָר די ביידע, מאַנטייפֿלען און וואַלדמאַנען אַרום מיך, איז קיין צווייפֿל ניט, אַז עס ציט מיך צום צווייטן. מיר געפֿעלט זײַן נאָנטקייט. איך זוך זײַן געזעלשאַפֿט. עס איז מיר זייער אָנגענעם אין זײַן אָנוועזנהייט, דאָס איז אָן צווייפֿל ניט קיין אײַנפֿאַכע געפֿילן פֿון דאַנקבאַרקייט, דערפֿאַר וואָס ער האָט מיך געראַטעוועט פֿון טויט. ניין, דאָס זײַנען פֿיל טיפֿערע געפֿילן. אַז איך זע אים, פֿיל איך אין האַרצן דעם פֿאַרלאַנג צו זײַן אַרומגענומען פֿון זײַנע אָרעמס און צוגעדריקט צו זײַן ברוסט, בשעת איך טראַכט פֿון דעם באַראָן איז דאָס מיר פֿולשטענדיק גלײַכגילטיק. איז וואַלדמאַן דער מאַן, וועלכן איך האָב מיר פֿאָרגעשטעלט אין מײַנע קינדערשע פֿאַנטאַזיעס? דוכט מיר אַז יאָ. ער איז הויך און שלאַנק, שיין און פֿײַן געבויט

קערפּערלעך. זיינע שיינע קאַרשנאָויגן, אַז זיי קוקן אַף מיר, גיבן מיר אַ ברען אינעווייניק. ער איז גייסטיק גוט אַנטוויקלט און איז אַ מענטש מיט פיל וויסן און בילדונג. דאָס איז אַלץ קלאָר. אָבער וואַלדמאַן און איך, ער. אַ ייד, אַלס מיין מאַן און געליבטער. איז דאָס ניט אַביסל צו ראַדי־קאַל? אמת, מיין איבערצייגונג איז אַז ליבע איז שטאַרקער און קרעפטי־קער פון אַלע נאַרישע פאָרורטיילן, ליבע קען פאַרייניקן צומאָל פערזאָנען פון גאַנץ קעגנגעזעצטע מיינונגען און ריכטונגען. אָבער וואָס וועלן זאָגן מיינע עלטערן דערצו? ווי וועלן קוקן מיינע פריינט און באַקאַנטע אַף מיר און אַף מיין יידישן געליבטן?

יאָ, איך ליב וואַלדמאַנען. דאָס מוז איך מיר קלאָר מאַכן, איך פיל דאָס אין מיין גאַנצן וועזן, אָבער די אומשטענדן פאָדערן פון מיר פאַר־נונפט, איך מוז זיין פעסט, ניט אַרויסווייזן מיין שוואַכקייט צו אים, אַי־בערלאָזן דאָס דער צייט. איך מוז ווייזן אַז איך בין אַ דערוואָקסענער מענטש און פאַרגעסן די מיידלשע אילוזיעס. מיט דעם געדאַנק האָט זי זיך אַריינגעוואָרפן אין איר בעט.

פונקט ווי שמעטערלינגען וואָס זוכן וואָס ווייטער צו אַנטלויפן פון פייער און טאַנצן אַרום אים ביז זיי פאַלן אַריין אין פלאַם און ברענען אָפּ זייערע פליגלען, אַזוי זיינען געווען ביידע יונגע מענטשן, קאַטיע קאַרפּ און וואַלדמאַן. ביידע האָבן זיי געזוכט צו אַנטלויפן פון דעם ליבעספייער און זיך האַלטן ווייט פון אים. זיי האָבן אָבער אַזוי לאַנג געטאַנצט אַרום אים, ביז זיי זיינען ביידע אַריינגעפאַלן און אָפּגעברענט זייערע יונגע שמעטערלינג־פליגלען.

# זיבעצנטער קאַפּיטל

**צומאָרגנס** האָט וואַלדמאַן זיך אופגעכאַפּט פרי. דער קאָפּ איז אים געווען קלאָר. ער האָט זיך געשפּירט גוט און אויסגערוט. ער האָט זיך באַלד דערמאָנט נעכטיקן אָוונט, זיין אַנטלויפן פון קאַטיעס נאָנטקייט און זיין באַשלוס וואָס ער האָט געפּאַסט פאַרן איינשלאָפן, און איז געבליבן צופרידן מיט זיך — נאָר ניט געוואַקלט, נאָר פעסט זיין באַ זיך. האָט ער זיך געטראַכט. ער האָט זיך אין דער גיך אַרויסגעכאַפּט פון בעט און זיך גענומען אָנטאָן. ער האָט זיך אָרומגעוואַשן מיט פריש קאַלט וואַסער און האָט זיך געפּילט אָפּגעפרישט און קרעפטיק. ער איז אַראָפּ אונטן אין עס־סאַלאָן, מיט דעם געדאַנק דאָרטן צו טרעפן דעם באַראָן און אים בעטן, ער זאָל אים אָפּשיקן אַהיים.

אין עס־סאַלאָן האָט ער קיינעם ניט געטראָפן. די לעטישע דינסט וואָס האָט באַדינט דעם סאַלאָן, האָט אים באַגעגנט מיט דעם געוויינלעכן אונטערטעניקן שמייכעלע. זי האָט אים באַגריסט ווי זי טוט דאָס צו יעדן גאַסט וואָס באַווייזט זיך אין דעם סאַלאָן. וואַלדמאַן האָט איר געענטפערט און זיך געזעצט צום טיש. די דינסט האָט אים צוגעטראָגן אַף אַ זילבערנעם טאַץ דעם פרישטיק. ער האָט מיט דער גרעסטער רואיקייט געטרונקען דעם פיין־ריכנדיקן קאַפע און פאַרלאָזן דעם סאַלאָן.

וואַלדמאַן איז אַרוים אָפן הויף. ער האָט גערעכנט וועמען דאָרט צו טרעפן און בעטן מען זאָל אים אָפּשיקן אַהיים. ער האָט אָבער דאָרטן קיינעם ניט געזען און האָט זיך געלאָזט גיין צום פאַרק, דאָרט אַ ווײַלע שפּאַצירן. ער איז אַריין אין פאַרק און מיט אַ זייטיקער אַלייע איז ער

אַוועק טיפער, צווישן די געדיכטע ביימער פון פּאַרק. דאָרטן איז געשטאַ־נען אַן אַלטע גאָרטנביידל, ארומגעוואַקסן מיט גרינע ארומגעפלאָכטענע צווייגן. ער איז אריין אין ביידל און האָט זיך צוגעזעצט אַף אייפער פון די בענק, און האָט פאַרויכערט אַ ציגאַרעטל. באַלד וועל איך ארויסגיין אין הויף און בעטן אַ פור צו פאָרן אַהיים, האָט ער זיך געטראַכט.

אַ קוק טוענדיק דורך די צווייגן, וואָס האָבן פאַרשטעלט די ביידל, האָט ער פלוצלונג באַמערקט ווי אַף איין אָרט, ניט זייער ווייט פון ביידל שימערירט זיך דורך אַ ווייסע פרויען־קלייד. דאָס האָט צוגעצויגן זיין אופ־מערקזאַמקייט. צוערשט האָט ער געמיינט, אַז דאָס איז געווען די באַראָנין, וואָס מאַכט איר פרימאָרגן־שפּאַציר אין פּאַרק. ער איז אָבער געוואָרן ניי־געריקער, האָט פאַנאַנדערגענומען אייניקע אראָפּהענגנדיקע צווייגן כדי בעסער צו זען די פרויען־פיגור. צו זיין גרויס איבעראַשונג האָט ער דער־קענט אין דער פרויען־פיגור די יונגע באַראָנעסע.

וואַלדמאַן האָט באַמערקט ווי זי שטייט איינגעבויגן איבער איינער פון די בלומען־אַראַנזשעם פון פּאַרק און רייסט בלומען. ער האָט זיך איינ־געקוקט אַף איר און צוריק ארונטערגעלאָזן די צווייגן. ער האָט ניט גע־וואָלט מער קוקן אין איר זייט. ער האָט ניט געוואָלט זען דעם אָרט ווו זי שטייט. ער האָט געוואָלט ביזן סוף בלייבן פעסט און אנטשלאָסן.

די באַראָנעסע האָט פאַרענדיקט רייסן אירע בלומען, האָט זי זיך אויסגעגלייכט, צוגעטראָגן די אָנגעריסענע בלומען צו דער נאָז, אריינגע־צויגן אין זיך זייער דופטיקן אַראָמאַט און ארומגעקוקט אין אַלע זייטן. זי האָט באַמערקט די גאָרטן־ביידל און האָט זיך געלאָזט גיין אין איר ריכטונג. צוקומענדיק נאָנט צום ביידל, האָט זי דאָרט דערזען וואַלדמאַנען זיצן. זי איז אַ מאָמענט געבליבן שטיין ווי איבעראַשט. זי איז אָבער גלייך אריין אינעווייניק און אויסגעשריען:

— וואַלדמאַן, ווי קומט איר אַהער? אַזוי פרי זייט איר שוין אַף די פיס?

וואַלדמאַן האָט אַ קוק געטאָן אַף דער באַראָנעסע, אַף איר פרישן

שײנענדיקן פּנים, אױף דעם פרײלעכן אױסדרוק פון אירע שײנע אױגן, אױף איר ליבלעכן שמײכל און אין האַרצן האָט אים עפּעס אַ צוק געטאָן. זײן געזיכט האָט זיך באַדעקט מיט אַ רױטקײט. ער האָט זיך אױפגעהױבן פון זײן אָרט, איז צוגעגאַנגען צו דער באַראָנעסע, װאָס איז נאָך אַלץ געשטאַנען אין טיר פון דער בײדל און זי באַגריסט.

— יאָ, האָט ער מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ געענטפערט, — איך בין אופגעשטאַנען הײנט אַביסל פריער װײל איך האָב געװאָלט בעטן מען זאָל מיך אָפּשיקן אַהײם. איך אײל מיך צו מײן אַרבעט. גענוג שױן געהוליעט. מען מוז עפּעס טראַכטן פון טאָן אַן אַרבעט. — װאַלדמאַן האָט זיך געגעבן די מי ניט צו קוקן איר אין די אױגן בעת מעשה.

— אָבער, װאַלדמאַן, אַזױ גיך װילט איר מיך שױן פאַרלאָזן? אַזאַ קורצע צײט זײט איר דאָ און איר װילט שױן אַװעקפאָרן? נײן,װאַלדמאַן, — האָט די באַראָנעסע געזאָגט און אַ קלאַפּ געטאָן מיט איר קלײן פּיסל.

— איך לאָז אײך ניט אַזױ גיך אַװעק פון מיר.

— באַראָנעסע, איך בעט אײך, פאַרהאַלט מיך ניט. איך האָב גענומען אױף זיך אַ פליכט. איר װײסט דאָס אױך. איך מוז פאָרן. דערבאַרעמט אײך, — האָט װאַלדמאַן זיך גענומען בעטן און געפּרוװט געבן אַ שמײכל.

— נײן, — האָט די באַראָנעסע אָנגעפאַנגען דרײסטער און ענערגישער. — מיט אײן האַנט האָט זי אים אַרומגענומען. זי האָט אים אַרײנגעקוקט אין די אױגן מיט איר ליבן שמײכעלע און מיט דער אַנדערער האַנט אין װעלכער זי האָט געהאַלטן די אָנגעריסענע בלומען, האָט זי אים גענומען פירן מיט זײ איבער זײן פּנים — פאָרט נאָך ניט. איך בעט אײך איך באַפעל אײך דאָ צו בלײבן! זעט, טוט דאָס מיר — האָט זי אים גענומען בעטן װי אַ קאַפּריזנע קינד. איר זײט דאָך אַזאַ גוטער, אַזאַ האַרציקער, אַזאַ ליבער. עס איז מיר אַזױ גוט דאָ מיט אײך. יאָ, טײערינקער, איר װעט בלײבן? כאָטש נאָך אױף אײן טאָג, און מאָרגן װעל איך אײך אָפּשיקן.

בא װאַלדמאַנען איז צעגאַנגען דאָס האַרץ פון זיסקײט. אַזױ אָנגע־

נעם זיינען אים געווען אירע רייד. עס איז מיטאַמאָל פאַרשוווּנדן פון אים זיין גאַנצע פעסטקייט. עס איז מער קיין זכר ניט געבליבן פון זיין נעכ־טיקן באַשלוס. ער האָט אַ שמייכל געטאָן צו איר זייט און געזאָגט:

— גוט, באַראָנעסע, איך בלייב. אייך צוליב טו איך עס און וועל בלייבן, אָבער מער ניט ווי איין טאָג. מאָרגן מוז איך אומבאַדינגט פאָרן.

— אָט אַזוי האָב איך אייך האָלט, וואַלדמאַן, אַ דאַנק אייך אַ גרויסן — האָט איר די באַראָנעסע אַ פריילעכע געענטפערט. — וואַרט דאָ אויף מיר אַ ווײַלע. איך גיי נאָר אויסטרינקען מיין קאַפע און מיך אַביסל אי־בערטאָן, קום איך אַהער צוריק צו אייך, און ניט וואַרטנדיק אויף זיין ענט־פער, איז זי גיך פאַרשוווּנדן צווישן די ביימער פון פאַרק.

וואַלדמאַן איז געבליבן שטיין אַליין אויף זיין פּלאַץ ווי אַ צעטומלטער. ער האָט גענומען שפּרייזן איבער די אַלייען הין־און־צוריק. וואָס טוט זיך מיט מיר, האָט ער ווייטער געטראַכט, איך האָב דאָך געהאַט באַשלאָסן צו פאָרן, האָב געוואָלט אַרויסווייזן מיין פעסטקייט און מיין אַנטשלאָסנ־קייט און קוים האָט די באַראָנעסע מיר אַרויסגעוויזן איר שמייכעלע, זי האָט מיט מיר גערעדט אַ פּאָר ליבלעכע ווערטער, איז שוין פאַרשוווּנדן מיין גאַנצע פעסטקייט. אויב אַזוי איז דאָך מיין חבר גערעכט. אויב אַזוי בין איך אין דער אמתן אַן אומאַנטשלאָסענער און וואַקלדיקער מענטש. אָבער צוריק גערעדט, וואָס איז דאָ אייגנטלעך פאַר אַ געפאַר, אַז איך וועל בלייבן דאָ נאָך אַ טאָג?

עס האָט זיך באַוויזן די באַראָנעסע. איר פּנים האָט געשיינט. אירע אויגן האָבן געלויכטן, עס האָט געשפּריצט פון איר מיט לעבן, ווי שטענ־דיק איז זי געווען איצט לוסטיק און פריילעך.

— נו, איך בין שוין פאַרטיק, טייערער וואַלדמאַן, — האָט די באַראָ־נעסע נאָך פון דערווייטן געשריען צו אים. זי איז צוגעגאַנגען נענטער צו אים, האָט אים אָנגענומען פאַר דער האַנט און געזאָגט:

— קומט, לאָמיר מאַכן אַ שפּאַציר רייטנדיק, דעם לעצטן טאָג פון אייער זיין דאָ וויל איך נאָך מיט אייך פאַרברענגען.

— הער וואַלדמאַן, — האָט די באַראָנעסע אַף אַ מינוט זיך אָפּגע־שטעלט און אַ פרעג געטאָן, — ווי איז אייגנטלעך אייער ערשטער נאָמען? איר האָט מיר דאָס נאָך ניט געזאָגט.

— װעלוול, וואָלף, — האָט וואַלדמאַן אַביסל שעמענדיק איר געענט־פערט.

— װעלוול, וואָלף, דאָס געפעלט מיר ניט. דאָס איז צו יידיש. איך וועל אייך רופן איינפאַך, ווילי, דאָס קלינגט שענער און דאָס איז מער דייטש, און איר מיך, זאָלט ניט רופן באַראָנעסע, איך וויל דאָס ניט. רופט מיך מיט מיין ערשטן נאָמען, קאַטיע.

— גוט, האָט וואַלדמאַן געענטפערט, זאָל זיין ווילי און זאָל זיין קאַ־טיע. זיי זיינען ווייטער געגאַנגען. מען האָט אַרויסגעפירט פון שטאָל צוויי אָנגעזאָטלטע פערד. זיי האָבן זיך ביידע געזעצט און זיינען אַוועקגעריטן, טרייבנדיק די פערד אין לייכטן גאַלאָפּ.

זיי האָבן דעם טאָג זייער פיל געריטן. זיי זיינען אַוועק גאַנץ ווייט. דעם גאַנצן טאָג האָט קאַטיע געלאַכט און גערעדט און אַזוי ניט מערקנדיק האָבן זיי זיך דערוויייטערט ווייט איבער די גרענעצן פון באַראָן קאַרפּס גיטער. זיי זיינען צוגעקומען צו די גרויסע פּרעקולנער וועלדער, דאָרטן האָט זיך די באַראָנעסע געכאַפּט, אַז זיי זיינען שוין צו ווייט פון שלאָס. ביידע האָבן זיי זיך געפילט עטוואָס מיד פון פיל רייטן. פון וויטן האָבן זיי דערזען אַ פויערשע קרעטשמע וואָס איז געשטאַנען באַם שליאַך, וואָס האָט געפירט צו ליבוי. זיי זיינען דאָרטן צוגעריטן, אַראָפּגעשפּרונגען פון די פערד, צוגעבונדן זיי צו דעם הילצערנעם צוים און אַריין אין קרעטש־מע. זיי האָבן פאַרלאַנגט צו גלאָז פרישע מילך מיט גראָבן ברויט. די פּויע־רטע האָט זיי הכנעה׳דיק דערלאַנגט וואָס זיי האָבן פאַרלאַנגט.

— איר זעט, ווילי, האָט די באַראָנעסע געזאָגט, — ווי גוט עס איז דאָרטן ווו מען קען אונדז ניט. מען באַהאַנדלט אונדז ביידן גלייך, איך בין דאָ ניט קיין באַראָנעסע און איר זייט ניט קיין ייד. אַזוי געפעלט מיר, — האָט זי שמייכלענדיק פאַרענדיקט, ווען אַלע פאָרורטיילן און סאָציאַלע

דיפערענצן פון מענטש צו מענטשן וואָלטן פאַרשווינדן, וואָלט דאָך געווען אַזוי גוט צו לעבן אויף דער וועלט.

וואַלדמאַן האָט אַ קוק געטאָן אויף איר מיט דאַנקבאַרקייט. ער האָט נאָך דעם כאַראַקטער־שטריך אירן ניט געהאַט ביז איצט באַמערקט אין איר:

— יאָ, באַראָנעסע, — האָט ער אָבער גלייך זיך פאַרכאַפּט און גע־זאָגט — אַנטשולדיקט, קאַטיע, די איצטיקע וועלט שטרעבט צו דערגרייכן אָט דעם אידעאַל פון גלייכקייט אין סאָציאַלן לעבן, דערפאַר איז דער חוב פון יעדן דענקנדיקן מענטשן צו העלפן די קעמפנדיקע.

זיי האָבן זיך גלייך געלאָזט אין וועג צו דערגרייכן וואָס פריער דעם שלאָס, צוריקוועגס האָבן זיי ביידע ווייניק גערעדט. זיי האָבן געטריבן די פערד אין אַ גרעסערן גאַלאָפּ, כדי וואָס גיכער צו קומען אַהיים.

ווען זיי זיינען געקומען אין שלאָס איז שוין געווען שפּעט, פיל נאָך האַלבן טאָג. דער מיטיק האָט שוין אויף זיי לאַנג געוואַרט. די מוטער האָט איר געמאַכט אַ לייכטן פאַרוואורף, הלמאי זי האָט זיך אַזוי לאַנג געזאַמט אין איר שפּאַציר און געלאָזט דעם גאַסט הונגערן און מען האָט זיך גע־זעצט צום טיש. נאָכן עסן זיינען יעדער פון זיי אַוועק אין זייערע צימערן, דאָס רייטן האָט זיי געמאַכט גוט מיד און זיי האָבן געוואָלט אַביסל רוען.

פאַרנאַכט, נאָך קאַפע, זיינען ביידע יונגע מענטשן ווידער אַרויס צו־זאַמען פאַרברענגען אין פּאַרק. ווי זיי וואָלטן געהאַט שוין פון פריער צווישן זיך אָפּגערעדט, זיינען זיי גלייך אַרויף אויף דער אַלייע וואָס האָט זיי געפירט צו דער אַלטער גאָרטן־ביידל, ווו זיי האָבן זיך אינדערפרי צופע־ליק געטראָפן. זיי זיינען אַריין אין ביידל און האָבן זיך צוגעזעצט אויף אַ באַנק, האַרט איינער לעבן דעם אַנדערן. אין פּאַרק איז שוין געווען טונקל, דער אָוונט איז געווען אַ וואַרעמער און שטילער. דער הימל אויסגע־שטערנט, די ביימער זיינען געשטאַנען באַוועגונגסלאָז, קיין ווינט האָט זיי ניט געשטערט. די גאַנצע נאַטור אַרום האָט אויסגעזען ווי פאַרחלומט און פאַרקלערט. זיי ביידע האָבן אויך מיט קיין וואָרט ניט געשטערט דאָס

אָנקומען פון דער נאַכט. זיי זיינען געזעסן און באַוואונדערט די אידילישע רואיקייט און האָבן זיך צוגעהערט צו דעם קראַקען פון די פרעש וואָס האָט זיך דערטראָגן צו זיי פון דעם דערבייאיקן זומפּ.

— ווילי, — האָט די באַראָנעסע די ערשטע איבערגעריסן זייער שווייגן. — איר ווייסט ניט ווי צופרידן איך בין, אַז איר זייט דאָ געבליבן דעם טאָג. מיר איז אַזוי גוט מיט אייך. מיר איז אַזוי אָנגענעם אין אייער נאָנטקייט, אַז איך קען אייך דאָס גאָר ניט איבערגעבן. זאָגט, ווילי, איז זי צו אים צוגעשטאַנען, אייך פאַרדריסט ניט וואָס איר זייט דאָ געבליבן מיט מיר און מיר געשענקט אַ טאָג?

— קאַטיע, האָט וואַלדמאַן שטאַרק עמאָציאָנירט געענטפערט. — די טעג וואָס איך האָב דאָ פאַרבראַכט מיט אייך אין אייער גוט, זיינען די גליקלעכסטע אין מיין לעבן. איך וועל זיי קיינמאָל ניט פאַרגעסן. איך בין איינפאַך גערירט פון אייער פריינטלעכקייט און ליבלעכקייט. הלואי וואָלטן די פאַרבראַכטע טעג נאָר ניט געמאַכט קיין איבערקערעניש אין מיין ווייטערדיקן לעבן, ווייל — האָט וואַלדמאַן ציענדיק זיינע ווערטער, ווי ער וואָלט זיך מישב זיין, ריידן אָדער ניט, געזאָגט — מיין גאַנצער דענקען, מיין גאַנצער וועזן און מיין גאַנצע נשמה דרייען זיך נאָר ארום אייך. איך ווייס ניט וואָס מיט מיר איז געוואָרן, קאַטיע, לעבן אייך איז מיר פרייליך, לעבן אייך לעב איך. מיט אייך פיל איך מיר גוט. אָן אייך בין איך אוים מענטש, אָן אייך געפין איך מיך אומעטיק און עס פעלט מיר וואָס.

ווייטער האָט זיך איינגעשטעלט אַ שווייגן צווישן דיביידע יונגע מענטשן, ביידע האָבן געקוקט דורך דער טונקלקייט פון דער אָנקומענדיקער נאַכט און זיינען געווען אין עפּעס פאַרטראַכט. ווידער איז געקומען קאַטיע די ערשטע וואָס האָט איבערגעריסן דאָס שווייגן.

— ווילי, האָט זי אָנגעפאַנגען, וואָס וואָלט איר געטאָן, ווען אין אייך פאַרליבט זיך פלוצלונג אונדזערע אַ מיידל? לאָמיר זאָגן, ווען איך פאַרליב מיך אין אייך? וואָלט איר געפונען פאַר איר קעגנליבע און גע־

האט דעם מוט און דעם קוראזש, אוועקצוווארפן אייער ביז־איצטיקן לעבן און צוזאמען מיט אייער געליבטער בויען א ניי לעבן, אף אנדערע באַזעס און מיט אַנדערע געוווינהייטן, אָדער איר וואָלט פאַרשלאָסן אייער האַרץ צו איר ליבע און געלאָזט דאָס מיידל מיט אַ צעבראָכן האַרץ באַ איר אומגליקלעכער ליבע, דערפאַר ווייל זי איז ניט אייערע. זאָגט מיר דעם אמת, איך בעט אייך, ליבער ווילי, האָט די באַראָנעסע בעטנדיק צו אים געזאָגט.

וואַלדמאַן האָט פאַרשטאַנען וווהין קאַטיע צילט, אין דעם מאָמענט האָט ער געשפּירט ווי ער וואָלט געווען אין זיבעטן הימל. זיין האַרץ איז פול געוואָרן מיט וואַרעמקייט און גליק.

— אָ, קאַטיע, איך וועל אייך זאָגן דעם אמת און מיט מיין גאַנצער אופריכטיקייט, האָט ער איר געענטפערט. ליבע איז אַ זאַך וואָס קען ניט קיין פאָרורטיילן. ליבע קען ניט קיין ראַסן און ניט קיין גלויבנס. ליבע האָט ניט קיין גרענעצן. ליבע קען איבערשפּרינגען אַלע מניעות וואָס מענטשן האָבן אויסגעטראַכט, דאָס איז מיין אופריכטיקע מיינונג.

אָ, ווי גליקלעך איך בין דאָס צו הערן פון אייך, אייער מיינונג איז געווי אַזוי ווי מיינע. איך וועל דאָס האָבן אין זינען פאַר דעם פאַל, אַז איך זאָל מיך ווען פאַרליבן אין אַ יידישן יונגנמאַן. פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אין דער שטילקייט פון דער נאַכט אַ שטילער שלוכצן, די באַראָנעסע האָט איינגעבויגן איר קאָפּ אף וואַלדמאַנס ברוסט און האָט געשלוכצט.

— קאַטיע, — האָט וואַלדמאַן גענומען רופן, — גאָט איז מיט אייך, וואָס איז אייך געוואָרן, פאַרוואָס מיט אַמאָל דאָס וויינען?

— ווילי, ווילי, — האָט זי שלוכצנדיק אַרויסגערעדט, — איך קען מיך מער ניט קאָנטראָלירן. ווילי, איך ליב דיך, איך ליב דיך מיט דעם גאַנצן ברען פון מיין יונגער נשמה.

וואַלדמאַן האָט ניט געענטפערט. מיט אַמאָל האָט אים גענומען אויספעלן ווערטער, אָבער ער האָט זי אַרומגעכאַפּט מיט זיינע אָרעמס און אין

דער פינצטערניש פון דער נאַכט האָבן אָפּגעהילכט קלאַנגען פון הייסע ליבע־קושן, אַזוי זיינען זיי געבליבן זיצן אין בײדל אַ רעכטע ווײַלע. אײי־נער דעם אַנדערן ארומגענומען און די ליפּן אײינגעגעסן אײינער אין דעם צווייטן.

— קום, מײַן ליבער ווילי, — האָט קאַטיע אים גענומען רירן, — עס איז צייט אַרײַנצוגיין אין שטוב. דרויסן איז פריש, מיר זיינען לייכט אָנגעטאָן, קום מײַן ליבער. וואַלדמאַן האָט זי געפירט אונטערן אָרעם ביז צום טיר פון איר צימער, דעם גאַנצן וועג האָבן זיי ניט גערעדט. זיי זײַ־נען געווען אונטער דער ווירקונג פון זייער ליבעס־אויסברוך, זייערע הער־צער זיינען געווען איבערפולט מיט גליק און זעעלישע צופרידנקייט.

באַם טיש זיינען זיי ביידע געזעסן ווי גאַרניט וואָלט צווישן זיי פאָרגעקומען. ביידנס געזיכטער האָבן געשטראַלט פון פאַרגעניגן. פרייד און גליק האָבן אויסגעדריקט זייערע ביידנס אויגן. אַלע האָבן זיך באַם טיש אונטערהאַלטן מיט פיל הומאָר און געלעכטער.

נאָכן עסן האָט דער באַראָן געזאָגט אַז מאָרגן גאַנץ פרי וועלן שוין וואַרטן אַף וואַלדמאַנען די פערד מיטן קאָטש אָפּצופירן אים אַהיים, ער האָט אים דערמאָנט נאָכאַמאָל אָן באַראָן מאָנטיפּלס רייד, און האָט אים געראַטן אומבאַדינגט אָנעמען זיין פאָרשלאַג, ווייל ער איז זייער אַן אײינ־פלוסרייכער מאַן. ער איז דער פאָרזיצער פון די אַדעליקע אין דעם קרייז און זיין פּריינטשאַפט קען אים זייער פיל נוצן.

די באַראָנין איז געווען די ערשטע, וואָס האָט זיך גענומען פאָראָפּ־שיידן פון וואַלדמאַנען. זי האָט אים צום טויזנטסטן מאָל באַדאַנקט פאַר זיין ראַטעווען איר ליב קינד, האָט אויסגעדריקט איר גרויס צופרידנקייט מיט זיין באַזוך בא זיי און געבעטן זיי ווייטער און אָפטער באַזוכן.

קאַטיע האָט זיך אויך אופגעהויבן פון איר פּלאַץ. זי איז צוגעלאָפן צו וואַלדמאַנען. זי האָט זיין האַנט אָנגענומען מיט ביידע אירע און גענו־מען מיט אים זיך געזעגענען.

— איך דאַנק אייך, ליבער וואַלדמאַן, פאַר דעם דרוסקעניקער עפּי־זאָד, אַ זאַך וואָס איך וועל אין מיין גאַנצן לעבן געדענקען און צוזאַמען

מיט דעם עפּיזאָד אויך אייך, זי האָט אים באַדאַנקט פאַר זיין באַזוך. זי האָט גערעדט ניט קוקנדיק אים אין די אויגן און אונטער דעם אויסרייד, אַז זי פילט זיך ניט גוט, איז זי האַסטיק אַרויסגעלאָפן פון סאַלאָן.

וואַלדמאַן האָט זיך אויך זייער וואַרעם געזעגנט מיטן באַראָן און מיט זיין פרוי. ער האָט זיי באַדאַנקט פאַר זייער פריינטלעכער אופנאַמע און איז אַרויס פון סאַלאָן. אַריינגייענדיק אין צימער איז ער ווידער באַ־ערשט געוואָרן פון זיין גליק. אַ פריידיקע איבעראַשונג האָט אָף אים גע־וואַרט אין צימער. אָפן נאַכט־טישל האָט ער דערזען קאַטיעס אַ בילד שטיין מיט אַ בוקעט פרישע כאַסמינען. מיט ביידע הענט האָט ער אַריינגענומען דאָס בילד, צוגעטראָגן דאָס צום מויל און געקושט אָן אופהער.

# אַכצענטער קאַפּיטל

אָף מאָרגן אינדערפרי האָט אַ דינער אופגעוועקט וואַלדמאַנען. אינ־דערגיך האָט ער זיך אָנגעטאָן, צוזאַמענגענומען זיינע זאַכן. אַ דינסט האָט אים אַריינגעטראָגן וואַרעמע קאַפע. ער האָט דאָס מיט אַפּעטיט אויס־געזופּט און איז אַרויס צום אַרויסגאַנג, וווּ דער קאַטש האָט שוין געוואַרט אָף אים און איז האַסטיק אַריינגעשפּרונגען אין קאַטש.

וואַלדמאַן האָט געקוקט אין אַלע זייטן. ער האָט געזוכט מיט זיינע אויגן. ער האָט געמיינט צו טרעפן ערגעץ ווו קאַטיען, אָבער ער האָט זי ניט געזען. דער קאַטש האָט זיך אַ ריר געטאָן, וואַלדמאַן וואַרפט זיין לעצטן בליק אָפן שלאָס, ווי ער וואָלט וועלן גוט באַהאַלטן אין קאָפּ דאָס גאַנצע אויסזען פון שלאָס. אויבן, אין צווייטן שטאָק, אינעם לעצטן פענצ־טער האָט ער באַמערקט ווי אַ ווינקל פון פאָרהאַנג האָט זיך אופגעהויבן

און קאַטיעס פאַרשלאָפענע געזיכט קוקט דורכן פענצטער אַף אים. וואַלד־מאַן האָט אופגעהויבן זיין האַנט צו יענער ריכטונג, אָבער דער פאָרהאַנג האָט זיך שוין ווידער אַראָפּגעלאָזן. קאַטיעס געזיכט איז שוין געווען פאַר־שוווּנדן פון דאָרטן.

וואַלדמאַן איז געזעסן אין קאַטש אויסגעצויגן אין אַ באַקוועמער פּאָ־זע. די זאַטע, אויסגערוטע פערד זיינען געלאָפן האַסטיק. דער פרימאָרגן איז געווען זעלטן שיין. דורך די פענצטערלעך פון קאַטש קוקן אריין צו אים די גאָלדענע שטראַלן פון דער אופגייענדיקער זון, אַפן האַרצן איז אים פרייליך. דער געפיל פון טריומף האָט אים באַרוישט. אַ געמיש פון פאַר־שיידענע געדאַנקען לויפן דורך דורכן מח.

ליבט זי מיך טאַקע באמת? אָדער איז דאָס געווען ניט מער ווי אַ מאָ־מענטאַלער סענטימענטן אופברויז? מען איז געזעסן איןביידל, אַליין, דער אָוונט איז געווען וואַרעם און שטיל, אויבן דער הימל פּרעכטיק אויסגע־שטערנט, יונגע מענטשן זיצן איינער לעבן דעם אַנדערן, די געדאַנקען רייצן, דאָס יונגע בלוט ברויזט, די ראָמאַנטישקייט פון דער אומגעבונג ווירקט, וואַרפט מען זיך איינער דעם אַנדערן אין די אָרעמס. די ליפּן ציען זיך מע־כאַניש צו אַ קוש. אָבער איז דאָס טאַקע אופריכטיקע ליבע? נאָך אַלעמען איז דאָך קאַטיע אַ פרוי. פרויען זיינען דאָך אומבאַשריבענע בלעטער, מען קען קיינמאָל נים איבערלייענען וואָס דאָרטן אינעווייניק טוט זיך. אַמאָל איז אַ פרוי אַ דעמאָן, ברענט און בראָט פון גרויס ליבע. הערשט און באַ־פעלט איבער איר געליבטן, און אָפטמאָל ווערט זי גאָר ווי אַ שוואַך לע־מעלע. ווי אַ בלינדער שקלאַף, וואָס פאָלגט און טוט בלינד און געהאָרכ־זאַם וואָס איר געליבטער באַפעלט איר. מען קען קיינמאָל זיי ניט גענוג פאַרשטיין און גלויבן.

ער קערט זיך אָבער צוריק צו די געשעעענישן פון נעכטיקן אָוונט און קומט צו דעם אויספיר אַז יאָ. זי ליבט אים טאַקע באמת און ווי זי האָט דאָס איר ליבע אַרויסגעבראַכט, מיט דעם גאַנצן ברען פון איר נשמה. ער גלויבט דאָס ווייל פאָרט איז זי דאָך געווען די ערשטע וואָס האָט זיך דער־קלערט אין ליבע, הגם ער האָט זי שוין אויך לאַנג געליבט. אָבער ער האָט

ניט געוואַגט אַ טריט צו טאָן אין דער ריכטונג. אָבער איצט זיינען זיינע געפילן צו איר אופריכטיק און שטאַרק.

און ווידער כאַפּט זיך אַריין דער פריערדיקער געדאַנק אין קאָפּ. און טאָטשעט אים ווי אַ זלידנע פליג. — ס'טייטש, דו וועלוועקע, אַ געוועזענער קלויזניק, אַ זון פון אַ נאַציאָנאַלן יידישן טאַטן, זאָל זיך מיט אַמאָל פאַר־ליבן אין אַ קריסטלעך מיידל. לאָז זיין אַז דאָס מיידל איז קאַטיע קאַרפּ, אָבער זי איז דאָך אַ פרעמדע. זי קומט פון די רייען פון אונדזערע שונאים. איז מיין ענטפער טאַקע געווען אַ ריכטיקער? שטייט שוין טאַקע ליבע הע־כער ווי אַלע אידעאַלן? דאָס איז צו לייכט געענטפערט. ניין, מען קען ניט אַוועקוואַרפן אַן אייגן פאָלק, פאַרלאָזן אייגענע רייען און פּחדנותדיק אַנט־לויפן צו זיי, ווייל איך ליב אַ קאַטיע קאַרפּ, ווייל זי איז שיין, רייך, גע־בילדעט, ווייל זי געהערט צו די שטאַרקע, צו די פאַרפאָלגער און ניט צו די פאַרפאָלגטע, אַזוי טוט מען ניט, זאָגט וואַלדמאַן צו זיך אַליין. ווו איז מיין מאַמע? ווו זיינען מיינע חברים? וואָס וועלן זיי טראַכטן איבער מיר? ניין! אַזוי ווייט טאָר איך ניט גיין. הייראַטן קאַטיען וועל איך ניט. דאָס איז פעסט באַשלאָסן. אמת, איך ליב זי אויסערגעוויינלעך. איך פאַרגע־טער זי. איך בין משוגע פון ליבע צו איר. אָבער עס העלפט ניט. איך מוז די אַלע געפילן דערשטיקן אין זיך און ניט לאָזן נאָך מער פאַנאַנדערגלי־ען דעם פלאַם פון ליבע וואָס האָט זיך אָנגעצונדן אין מיר.

אַזוי טראַכטנדיק, קומט וואַלדמאַן צום אויספיר אַז דאָס וואָס איז געכטן אָוונט פאָרגעקומען צווישן אים און דער באַראָנעסע איז ניט קיין אופריכטיקע ליבע וואָס איז גרייט צו אַלע קרבנות. דאָס איז געווען נאָר אַ שפּיל פון אַ צעהיצטער פאַנטאַזיע, אַ קאָנסעקווענץ פון אַ מאָמענטאַ־לער שוואַכקייט. איז גלייכער דערפון ניט צו קלערן. אמת, אין דעם מאָ־מענט האָבן מיר ביידע געטרונקען פון אַ פולן בעכער מיט גליק און פרייד. מיר זיינען אַביסל באַרוישט געוואָרן פון צופיל גליק. מיר זיינען ביידע פאַרשיכורט געוואָרן פון יוגנט, אָבער איצט זיינען מיר שוין ווידער ניכ־טער. מיר זיינען געקומען צו אונדזער געזונטן געדאַנק. איך פון מיין זייט, ווי איך קום נאָר אַהיים, שרייב איך איר באַלד אַ בריוו. איך קלער איר

אויף מיין שטאַנדפּונקט. געוויס איז זי שוין אויך געקומען צו דעם געדאַנק און מיר וועלן בלייבן גוטע פריינט. אַזוי באַשליסט וואַלדמאַן און מיט דעם געדאַנק איז ער אַנגעקומען, שוין שפּעט אין אָוונט אין זיין שטעטל און צוגעפאָרן צו זיין היים.

תיכף ווי נאָר ער איז אַריין אין שטוב, האָט זיך געזעגן מיט זיין מו־טער און אויסגערעדט מיט איר אייניקע ווערטער, איז ער פאַרשוווּנדן אין זיין אַלקערל און זיך געזעצט שרייבן קאַטיען אַ בריוו, כדי דאָס אָפּשיקן מיטן זעלבן קאָטש נאָך צו איר.

„קאַטיע ליבינקע, — האָט ער איר געשריבן אין בריוו, — אַז איך דערמאָן מיר נעכטיקן אָוונט, דאָרטן באַ אייך אין גאָרטנביידל אין פּאַרק, בין איך דער גליקלעכסטער מענטש אין דער וועלט. אַזויפיל גליק וויפל איך האָב נעכטן געגאָסן האָב איך קיינמאָל ניט דערוואַרט. אַזאַ פּראַכטיק קינד ווי דו ביסט, קאַטיע, אַזאַ איידעלע און פיינע, אַ קינד פון אַזעלכע שטאָלצע אַריסטאָקראַטישע עלטערן, אַ קינד וואָס האָט אָפּגעלעבט איר לעבן אין רייכקייט און לוקסוס, אין כבוד און פאַרגעניגן, זאָל אַרויסברענ־גען פון איר מויל די ווערטער, אַז זי ליבט אַן אָרעמען, כמעט אומבאַקאַנטן יידישן עקסטערניק; אַזאַ גליק האָב איך מיר קיינמאָל ניט געקענט פאָר־שטעלן. און טאַקע דערפאַר, טאַקע צוליב דעם צו גרויסן גליק, בעט איך דיך, מייערע קאַטיע, מיר זאָלן פאַרגעסן נעכטיקן אָוונט. לאָמיר אויסמעקן פון אונדזער געדעכטעניש די שיינע באַצויבערנדיקע ווערטער „איך ליב דיך", ווייל איך מיין, אַז מירביידע זיינען געווען צופיל באַרוישט פון דעם ליבעטשאַד, וואָס האָט אונדז אין דעם מאָמענט ארומגעכאַפּט און דאָבן אונדז ניט געלאָזן געוני באַרעכענען, ווי גרויס דער אָפּגרונט איז וואָס טיילט אונדז אָפּ איינעם פון אַנדערן. צו שווער וועט זיין די מלחמה וואָס מיר וועלן מוזן פירן, אויב מיר זאָלן וועלן אַף אייביק פאַרייניקן זיך. ניט פאַר אַזאַ איידל קינד ווי דו ביסט, איז אָנפצונעמען אַזאַ שווערן קאַמף און אים געווינען. לאָמיר באַהאַלטן די נעכטיקע דערינערונג און דאָס וואָרט „ליבע" וואָס מיר ביידע האָבן אַרויסגערעדט, אין אַ מאָמענט ווען אונדזערע ביידנס אומבאַפלעקטע נשמות זיינען געווען אין העכסטן

עקסטאַז פון אופריכטיקייט און פריינטשאַפט, אַלס מאָנומענט וואָס וועט בלייבן אַף אייביק צום צייכן פון אונדזער אופריכטיקער פריינטשאַפט.

„דיך וועט קיינמאָל אין לעבן ניט פאַרגעסן, דיין אופריכטיקער פריינט, ווילי".

אָנגעשריבן דעם בריוו האָט אים וואַלדמאַן פאַרמאַכט אין א קאָנ־ווערט, אויפגעשריבן דעם אַדרעס און אַן א וועלכע ניט איז וואַקלעניש, אי־בערגעגעבן.־דעם קוטשער, מיט דער ביטע, דאָס אָפּצוגעבן דער באַראָנעסע אין האַנט און ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין זיין בעטל שלאָפן.

## ניינצנטער קאַפּיטל

וואַלדמאַן איז געשלאָפן די גאַנצע נאַכט אויסגעצייכנט. זיין שלאָף האָבן ניט געשטערט קיינע געדאַנקען אָדער חלומות. ער איז געשלאָפן אין איין אָטעם ביז א שטיק אַפן טאָג, ווען ער האָט זיך אופגעכאַפּט פון זיין שלאָף איז שוין די האַרבסטיקע זון געווען גאַנץ הויך. ער האָט זיך ניט געאיילט אַרויסצוגיין פון בעט. ער איז געלעגן אין זיין אַלקערל און געגו־מען דערמאָנען נעכטיקן אָוונט. ווי גוט און אַנטשלאָסן ער האָט געהאַנדלט אָנשרייבנדיק צו דער באַראָנעסע דעם בריוו, זייענדיק גאַנץ צופרידן מיט זיך, האָט ער גענומען זיך אָנטאָן.

אָנטוענדיק זיינע קליידער האָבן זיך אָבער צוריקגעקערט צו אים זיי־נע ספיקות. הא, האָט ער זיך גענומען פרעגן, צי איז זיין טאַקע גוט אַזוי ווי איך האָב געהאַנדלט? צי איז מיין האַנדלונג געווען א גוט איבערגעלייגטע אָדער גאָר צו אַן איבערגעאיילטע, אַלס גרונט פון שלעכטער שטימונג, א צופעליקע שטימונג? מיין האַנדלונג שטימט ניט אַבסאָלוט מיט דער מיי־

נונג, וואָס איך אַליין האָב אַרויסגעזאָגט, אַז אין ליבע איז ניטאָ קיינע גרענעצן, ליבע שפּרינגט אַריבער אַלע מניעות. צום סוף, קוים, האָט די ליבע געשאָסן אין מיר איר ערשטע קויל, האָב איך זיך דערשראָקן ווי אַ קליין יינגל און געוואָרפן די פּלינט אין די קאָרן, מורא באַקומען טאָמער וועט מיך די ליבע אוועקשלעפּן ערגעץ ווו. ווו־זשע איז מיין פעסטקייט? ווו איז מיין ענערגיע, ניט שוין זשע גייט מען אין קאַמף מיט אַזאַ שוואַכקייט? וואָס יועט פון מיר די באַראָנעסע אַליין טראַכטן? זי וועט דאָך דערזען מיין גאַנצע שוואַכקייט און מיין אומאַנטשלאָסנקייט. ניין, האָט ער זיך מיטאַמאָל געכאַפּט, דאָס טאָר ניט געשען, קאַטיע דאַרף ניט זען אַז איך בין אין דער אמתן אַזאַ שוואַכלינג. וואָס האָב איך געטאָן? האָט ער גענומען זיך אַליין מאַכן פאָרווורף. געהאַלטן דאָס גליק אין האַנט און דאָס אַזוי פּחדנותדיק אַרויסגעלאָזן. גיך איז ער אַרויסגעלאָפן אין גאַס, ער האָט געמיינט נאָך דאָרטן צו טרעפן דעם קאַטש פון באַראָן, וועט ער צוריק אָפּנעמען דעם בריוו. ער וועט אים צערייסן און פאַרברענען, הגם ער האָט אַליין שוואַך געגלויבט, אַז ער זאָל נאָך געפינען דעם קאַטש, איז ער דאָך אַרומגעלאָפן ווי אַ משוגענער איבערן שטעטל און געזוכט. אָבער זיין לויפן איז געווען אומזיסט. נאָך באַגינען איז שוין דער קאַטש געווען אָפּגעפאָרן און מיט אים אויך זיין בריוו צו קאַטיען.

פול מיט פאַרדרוס און ערגערניש אַף זיך אַליין האָט ער זיך אומגעקערט אהיים. אָט וואָס פאַרא נישטיקער מענטש איך בין, ווי איך האַנדל דאָס אַזוי איבעראיילט און ניט איבערלייגט, איך וועל שוין בלייבן מיין גאַנצן לעבן אַ פאַרפאַלענער — האָט ער זיך אַליין געזאָגט — איצט קען איך מיר שוין גאַרניט העלפן. די זאַך מוז שוין גיין איר נאַטירלעכן גאַנג.

אַ צעטראָגענער און אַ נידערגעשלאָגענער האָט ער זיך געזעצט צום טיש ווו זיין מוטער האָט אים צוגעגרייט זיין פרישטיק.

זיין מאַמע האָט זיך צוגעזעצט לעבן אים און געקוקט מיט ליבשאַפט אים אין די אויגן, געזען ווי ער טראָגט די ביסנס אין מויל.

— מיר דוכט זיך אַז דו ביסט עפּעס פאַרזאָרגט און צעטראָגן, מיין זון, — האָט זיך די מוטער צו אים אָפּגערופן, האָסטו פאַרדרוס פון דיין

רייזע? האָסט׳ געהאַט דאָרטן אומאַנגענעמלעכקייטן? דערצייל מיר, מיין קינד, ווי האָט מען דיך דאָרטן אופגענומען, ווי האָבן זיך באַצויגן אַזעלכע גרויסע שררות צו דיר?

וואַלדמאַן האָט זיך אָנגעשטרענגט צו פאַרטרייבן פון זיך די געדאַנ־קען וואָס האָבן אים פאַרורזאַכט די דאָזיקע צעטראָגנקייט. ער האָט ניט געוואָלט אַז זיין מוטער זאָל עפּעס פאַרדעכטיקן, האָט ער געענטפערט, אַז ער האָט דאָרטן פאַרבראַכט אויסגעצייכנט. מען האָט אים זייער פּריינט־לעך אופגענומען און איז זייער צופרידן מיט זיין רייזע.

— ווייסט, מאַמע, — האָט ער צוגעגעבן — מען מוז אַמאָל קומען צווישן מענטשן, מען מוז זיך צוקוקן ווי מען פירט זיך אין אַזעלכע געזעל־שאַפטן, און עס טוט מיר גרויס הנאה וואָס איך בין געפאָרן. עס האָט מיר קיין זאַך ניט געשאַדט, פאַרקערט, איך האָב מיך דאָרטן געטראָפן מיט נאָך אַ גרויסער פערזענלעכקייט, איינעם אַ באַראָן מאָנטיפל, ער האָט מיר פאַרשפּראָכן גאָר אַ גרויסן פּאָסטן באַ אים.

— אַ דאַנק זיין ליבן נאָמען, — האָט זיין מוטער אים געענטפערט.

— דיין טאַטע, אַ ליכטיקן גן עדן זאָל ער האָבן, און אונדז צו לאַנגע יאָר, האָט מסתמא גאָר אַ גרויסן זכות אין הימל. ווייסט, מיין קינד, אין איינע פון די נעכט וואָס דו ביסט ניט געווען אין דערהיים, ווען דו האָסט פאַר־בראַכט באַם באַראָן איז דאָך דיין טאַטע מיר געקומען צו חלום, אָט ווי אַ לעבעדיקער איז ער געשטאַנען פאַר מיינע אויגן. מיר איז פאָרגעקומען אין חלום: אַז דו ביסט נאָך אַ קליין יינגל, דו ביסט געקומען פון דער ישיבה אהיים, איך האָב דיר אויסגעוואָשן דאָס קעפּל, איך האַלט דיך ארומגענער מען אין שויס און קאָם דיינע האָר, גייט צו דיין טאַטע צו מיר, ער קוקט זיך איין אין דיין פּנים און זאָגט מיר: — עטל, דו האַלטסט אונדזער וועלווינקען, האַלט אים פעסט דעם יונגאַטש, זע ער זאָל זיך ניט אַרויס־רייסן פון דיינע הענט. ער וויל אוועקגיין פון דיר, אַזוי האָט ער מיר גע־זאָגט, דיין טאַטע, דיר צו לאַנגע יאָר זאָל זיין, און איז פאַרשוווּנדן. דער חלום האָט אויף מיר אַרופגעיאָגט אַ שרעק. איך האָב מורא געהאַט פאַר

דיר. איך האָב געטראַכט, גאָט ווייסט וואָס עס קען דאַרטן מיט דיר פּאַ־
סירן — האָט זי פאַרענדיקט.

— אָבער זעסטו, מאַמע, אַז עס האָט מיט מיר קיין זאַך ניט פּאַסירט,
האָסט זיך ניט וואָס צו שרעקן. איך גיי פון דיר ניט אַוועק, איך בלייב
מיט דיר.

— אַ דאַנק זיין ליבן נאָמען, — האָט זיין מאַמע אַ צופרידענע און
אַ בארואיקטע זיך צו אים אָפּגערופן און האָט אים אַ קוש געטאָן אין שטערן.

וואַלדמאַן האָט ניט געקענט איינזיצן אין שטוב, זיין אינעווייניקסטע
אומרואיקייט האָט אים נאָך אַלץ ניט פאַרלאָזן. ער איז אַרויס אין גאַס
אַביסל זיך צעשטרייען. ער האָט געוואָלט געבן צו ווייסן אין הויף בא
אָגינסקין, אַז ער איז שוין דאָ און קען אָנפאַנגען זיין אַרבעט. פון דער
ווייטנס האָט ער באַמערקט סאָניע ליכט גייענדיק. ער האָט פאַרשטאַנען,
אַז זי מוז גיין אין הויף, האָט ער גענומען מאַכן צו איר צייכנס, זי זאָל
אַף אים וואַרטן. סאָניע ליכט איז געבליבן שטיין און האָט אַף אים גע־
וואַרט.

וואַלדמאַן איז צוגעגאַנגען צו איר, האָט זיך מיט איר באַגריסט און
דערוויסנדיק זיך אַז זי גייט טאַקע אין הויף, האָט ער מיטאַמאָל באַשלאָסן
אויך דאַרטן צו גיין.

— נעמט מיך מיט, — האָט ער געזאָגט צום מיידל. — איך וועל
אייך באַגלייטן אַהין. איך דאַרף גראָד האָבן דאַרטן. און זיי זיינען ביידע
אַוועק.

גייענדיק צוזאַמען מיט סאָניען, האָט ער גענומען זי באַטראַכטן. ער
האָט מיטאַמאָל דערזען זלמן דעם פאַבטערס טאָכטער גאָר אין אַן אַנדער
ליכט, ווי ער האָט זי געזען צום ערשטן מאָל. ער האָט געזען, אַז זי איז
אַ גאַנץ שיין מיידל. זי איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ העלע פון דורכזיכ־
טיקן שטאָף, עלעגאַנט אויפגענייט קלייד. אירע שיינע מיידלשע פאָרמען,
האָבן זיך בולט אויסגעשניטן פון איר פרויען־קערפּער. איר פּ[illegible] גע־
ווען רונד און שיין. עס האָט געשפּריצט פון איר מיט פרישקייט און לעבן.
אירע באַקן זיינען געווען נאַטירלעך רויט און אונטערגעשטראָכן איר גע־

זונטקייט. זי האָט געקוקט אױף אים מיט אַ פּאָר גרויסע, בלויע דורכדרינג־לעכע אויגן. איר שטאָלצן קאָפּ האָבן באַצירט אַ געדיכטער וואַלד פון בלאָנדע, האַלב־געקרויזטע האָר, איר קערפּער איז געווען שיין געוואַקסן און גלייך ווי אַ סאָסנע־בוים. זי האָט געמאַכט אױף אים דעם בעסטן איינ־דרוק מיט איר פיזישן אויסערלעכן אויסזען.

דעם גאַנצן וועג זיינען זיי געגאַנגען צוזאַמען און געשמועסט. וואַלד־מאַן האָט פּאַרזוכט צו פאַרפירן מיט איר שמועסן איבער פאַרשיידענע טע־מעס. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז זי איז גאָרניט אַזוי אומוויסנד, ווי ער האָט לכתחילה אָנגענומען. ער האָט געהאַט אין איר אַ טעות, משמעות, צוליב דעם וואָס זי האָט אים געזען צום ערשטן מאָל, האָט זי זיך גע־שעמט צו ריידן מיט אים, באַטראַכטנדיק זיך אַליין, אין פאַרגלייך מיט אים, אַלס אומוויסנדיקע. איצט האָט ער איינגעזען אַז זי אָריענטירט זיך ניט שלעכט אין פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע פראַגן און פּראָבלעמען, וועלכע ער האָט באַרירט אין זיין שמועס מיט איר. זי ווייסט אויך אַביסל פון ליטעראַטור. זי האָט געלייענט מאָדערנע יידישע קלאַסיקער, זי באַ־גרייפט זייער גוט פראַגן, וואָס ביז איצט האָט זי נאָך קיינמאָל דעריבער ניט געטראַכט און ניט געהערט דיסקוטירנדיק. וואַלדמאַן האָט געמוזט צו־געבן אַז זי שטייט פיל העכער אין איר קולטורעלן ניוואָ, ווי די אַנדערע דורכשניטלעכע שטעטלשע מיידלעך אָדער יינגלעך און בכלל איז זי אַן אָנגענעמע מיטשמועסערן.

זי זיינען אָנגעקומען אין הויף. וואַלדמאַן האָט געלאָזט מעלדן אָגינ־סקין פון זיין אָנקומען. דער אַלטער פּריץ האָט אים גלייך אופגענומען. ער איז געווען אין אַ זייער גוטער שטימונג. נאָכן באַגריסן אים האָט ער אים אַ קלאַפּ געגעבן איבערן פּלייצע און געזאָגט:

—אָהאָ, די שעלמעשע, דאָס איז געווען זיין באַליבט וואָרט, ווען ער איז געווען אין זיין פריילעכער שטימונג, קאָרף און מאָנטייפל צערייסן זיך לויבנדיק אייך, מיין ליבער וואַלדמאַן. איך בין שטאָלץ מיט אייך און פריי מיך זייער, אַז איר זייט אַ ייד פון מיין שטעטל, איך קען מיך מיט אייך איבערנעמען.

מען האָט אָפּגערעדט, אַז דעם ערשטן האַלבן טאָג זאָל וואַלדמאַן זיך פאַרנעמען מיט די קינדער. ווײַנען וועט ער באַ זיך אין דער היים, אַלע טאָג וועט מען פאָרן אים אָפּנעמען, און מען וועט אים נאָכן לערנען, צוריק אָפּפירן אַהיים.

וואַלדמאַן איז אַרײַן צו זײַנע שילער אין זייער צימער, אַדורכשמועסן זיך מיט זיי, אין וועלכע לערנמאַטעריעס זיי זײַנען שוואַך און וואָס נאָך זיי ווילן לערנען,—א חוץ דעם אָפיציעלן גימנאַזיע־פּראָגראַם. נאָכן שמועס מיט זיי, האָט ער זיך געקליבן גיין אַהיים.

סאָניע ליכט איז אויך בײַגעווען זײַן שמועס מיט אַגינסקיס קינדער. זי האָט אים רעספּעקטפול באַטראַכט בעת מעשה, און האָט זיך צוגעהערט צו זייער שמועס. זי האָט זיך געפילט ניט ווייניק שטאָלץ, וואָס אירער אַ ייד ווערט זייער לערער און פאַרשטייט צו פירן אַזעלכע ערנסטע שמועסן מיט זיי. זי האָט מיט גרוים יראת הכבוד צוגעהערט זײַנע דערקלער־רונגען וואָס ער האָט זיי געגעבן און ער האָט אַלץ מער געוווּנען באַ איר אין אָנזען. זי האָט די גאַנצע צײַט קיין אויג פון אים ניט אַראָפּגענומען.

באַ זײַן אַרויסגיין פון סאַלאָן, איז זי צו אים צוגעגאַנגען און גע־בעטן, ער זאָל איר דערלויבן מיטפאָרן מיט אים אַהיים. זי האָט גראָד באַמערקט, ווי צום אַרײַנגאַנג פון שלאָס איז צוגעפאָרן אַ קליינער לײַב־טער פּריצישער וועגל, וואָס האָט געזאָלט אָפּפירן וואַלדמאַנען אַהיים.

—מיטן גרעסטן פאַרגעניגן — האָט ער איר געענטפערט. — איר דאַרפט זיך מיט מיר ניט צערעמאָניען. מיר זײַנען היימישע מענטשן.

פאָרנדיק האָט ער איר געפרעגט:

— זאָגט נאָר, פרײַלן ליכט, ווי איך זע, זײַט איר אַן אָפטע אײַנ־גייערן צו די אָגינסקיס, געפעלט אײַך דאָרטן באַ זיי. און בכלל וואָס זײַ־נען דאָס פאַרא מענטשן?

— יאָ, זיי געפעלן מיר זייער גוט. איך קום דאָ זייער אָפט און פאַר־ברענג באַ זיי אַלעמאָל ווען איך בין פרײַ. ניט זעלטן בלײַב איך דאָ אפילו איבער נאַכט. איך קום דאָ, האָט זי אים דערקלערט, אין מײַן טאַטנס גע־שעפטן, וואָס ער פירט מיטן פּריץ. אַזוי גיך ווי איך ווער מיט זיי פאַרטיק,

פאַרברענג איך אַ ווײַלע מיט די קינדער מיט וועמען מיר זײַנען גוט באַ־קאַנט שוין פון יאָרן.

— נו, — האָט ער געזוכט באַ איר צו דערגיין — באַמערקט איר ניט קיין פײַנטלעכע אַרויסטרעטונגען פון זיי קעגן אײַך, באַזונדערס קעגן אונדז, ייִדן? זוכן זיי ניט אײַך צו באַאײַנפלוסן, איר זאָלט ווערן אָן אָנהענ־גערן פון זייער קולטור און געוווינהייטן? אָדער פאַרזוכן זיי ניט צו ווירקן אויף אײַך, איר זאָלט ווערן אַן אָנהענגערן פון זייער גלויבן?

— ניין, — האָט סאָניע אים געענטפערט. די אַגינסקיס זײַנען גאַנץ ווײַלע מענטשן, הגם זיי האָבן זיך זייערע משוגעתן צײַטנווײַז. אָבער וועלכע פּריצים האָבן דאָס ניט? וועגן זייער באַציונג צו אונדז, ייִדן, ווי ווײַט איך קען דאָס פאַרשטיין, איז אַ גאַנץ אַנדערע ווי פון די רוסישע רעגירונגס־לײַט. זיי זײַנען גרויסע פּוילישע פּאַטריאָטן, אַלס אַזעלכע זײַ־נען זיי פײַנטלעך געשטימט צו די רוסן, ממילא זײַנען זיי שוין פרײַנט־לעכער צו אונדז, ייִדן. איך אונטערשטרײַך אָבער אַז איך וויל ניט דערמיט זאָגן, אַז זיי זײַנען פרײַנט פון ייִדן. יעדנפאַלס ניט אַזעלכע שונאים ווי די רוסישע באַאַמטע, וועלכע איך קען. זיי האָבן זיך זייערע אידעאַלן, זייערע פּלענער און זייערע האָפענונגען פאַר דער צוקונפט.

— איך פאַרשטיי אײַך אויסגעצייכנט, האָט איר וואַלדמאַן געענטפערט, — אָבער איר האָט מיר נאָך אַלץ ניט געענטפערט אויף מײַנע פראַגן, איבערהויפּט וועגן אויסאיבן וועלכן ניט אײַנפלוס אויף אײַך.

סאָניע האָט אים אָנגעקוקט. זי האָט לכתחילה ניט גוט פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט. דערנאָך האָט זי זיך געכאַפּט צו וואָס ער צילט:

— אַ, דאָס מיינט איר — האָט זי געזאָגט — נו, אין אַזעלכע דיס־קוסיעס לאָז איך מיר ניט אַרײַן. איך בין אַן אײַנפאַכע ייִדישע מיידל. איך שפּרינג ניט אין די וואָלקנס, גיי ניט אַרום מיט קיינע אילוזיעס. מיך אימפּאָנירן ניט זייערע פּריצישע געזעלשאַפטן און עס אינטערעסירן מיר ניט זייערע רײַכקייטן. איך קען זיך. איך קען מײַן טאַטן און מאַמען. מיר איז ניט פרעמד מײַן אָפּשטאַם און זוך ניט צו פאַרלייקענען מײַן פאָלק. אַלעם אַנדערעס אינטערעסירן מיר ניט.

וואַלדמאַן האָט זיך צוגעהערט צו אירע רייד און האָט זיך פאַרטראַכט. אים זיינען געפעלן געוואָרן אירע פּשוטע, ניט געקינסטלטע ווערטער און האָט גוט אָפּגעשאַצט איר נאַטירלעכן יידישן סענטימענט.

— יאָ, — האָט ער שפּעטער צו איר געזאָגט, — איר זייט גערעכט, סאָניע, אונדז דאַרף גאָרניט אָנגיין, וואָס באַ זיי טוט זיך. אונדז דאַרף אינטערעסירן נאָר דער יידישער מאָמענט און אונדזער אייגענער לעבן.

## צוואַנציקסטער קאַפּיטל

עס איז שוין געווען שפּעט אין אלול. די שטעטלשע יידן האָבן זיך גענומען גרייטן צו די פאָרכטיקע טעג, ווען אַפילו פיש אין וואַסער ציטערן. די קליינשטעטלשע אלול שטימונג איז שוין אריינגעדרונגען אין אַלע יידי־שע הייזער.

באַ עטל די אלמנה אין שטוב האָט מען זיך אויך געגרייט צו די יום־טובים. עטל איז לעצטנס שטאַרק באַפריינדעט געוואָרן מיט זלמן דעם פאַכטערס פאַמיליע. עס איז ניט פאַרביי קיין טאָג, עטל זאָל ניט זיין באַ זלמנען אין שטוב אָדער ווער ניט איז פון זלמנס פאַמיליע זאָל ניט זיין באַ איר.

וועלוול, איר זון, איז אַלע טאָג רעגלמעסיק געפאָרן אין הויף צו זיי־נע לעקציעס, דאָרטן האָט ער זיך אָפּט געטראָפן מיט סאָניען און ניט זעלטן פלעגן זיי ביידע צוזאַמען קומען אהיים. זיי האָבן זיך פאַר דער צייט זייער גוט אופגעטראָגן און באַפריינדעט. קומענדיק צוזאַמען אין הויף האָט ער זי באַגלייט ביז איר שטוב, אָדער זיי האָבן נאָך אַ ווײַלע שפּאַצירט איבער דער שטעטלשער הויפּט־גאַס. אין שטעטל האָבן שוין

אַלע גערעדט אַז וועלוול און סאָניע זיינען אַ פּאַסנדיקע פּאָר. ער איז אַ קער־נער, געבילדעט, אָבער אָרעם. דערפאַר איז זי שיין, קלוג און רייך.

זינט וואַלדמאַן האָט אָפּגעשיקט זיין בריוו צו דער באַראָנעסע, איז שוין פאַרביי דריי וואָכן און נאָך האָט ער פון איר קיין ענטפער ניט דער־האַלטן. ער האָט זיך גענומען טראַכטן אַז דער ענין איז שוין פאַר אים דערליידיקט. קאַטיע וועט שוין זיכער ניט וועלן וויסן פון אים. אָבער איינמאָל איז ער געווען אָקאָרשט געקומען פון הויף. סאָניע איז דעם טאָג דאָרטן ניט געווען. ער האָט זי געטראָפן בא זיין מאַמען. זי איז געקומען העלפן עטלעכן צוגרייטן דעם יום טוב. זי איז געשטאַנען און אויסגעשניטן פון קאָלירטע פּאַפּיר בלומען צו באַפּוצן די שטוב לכבוד יום טוב. וואַלד־מאַן האָט מיט איר פריילעך געפּלוידערט. זיי האָבן זיך שטיפעריש גע־וויצלט. עטל אַ פאַרגעניגטע און אַ צופרידענע, האָט זיך צוגעהערט צו זייער פּלוידעריי. מיט אַמאָל אַ קלאַפּ אין פענצטער. דער בריוונטרעגער איז געשטאַנען אין פענצטער און געוויזן אַ בריוו אין זיין האַנט. וואַלדמאַנען האָט גלייך דאָס האַרץ גענומען קלאַפּן. ער איז גיך אַרויסגעלאָפן אין דרויסן, אַ כאַפּ געטאָן דעם בריוו פון דעם בריוונטרעגערס האַנט. יאָ, דאָס איז אַ בריוו פון קאַטיען. ער האָט אַריינגעשטופּט דעם בריוו צו זיך אין קעשענע און איז אַריין צוריק אין שטוב.

— פון וועמען איז דער בריוו? — האָט אים זיין מוטער געפרעגט.

— דאָס איז אַ בריוו פון מיינעם אַ חבר, — האָט ער אביסל אַ צע־טומלטער איר געענטפערט. ער האָט זיך גלייך אַנטשולדיקט פאַר סאָניען און איז אַריין בא זיך אין אַלקערל. ער האָט געוואָלט וואָס גיכער וויסן, וואָס קאַטיע שרייבט אים.

„מיין ליבער ווילי, — האָט זיך דער בריוו אָנגעפאַנגען. — דיין בריוו האָט מיר ניט ווייניק איבעראַשט. ער האָט מיך געהאַט אַף אַזויפיל צערודערט מיינע געדאַנקען, אַז איך האָב דיר ניט געקענט ענטפערן. איך האָב איינפאַך ניט געקענט אָרדענען מיינע געדאַנקען. ערשט איצט בין איך געוואָרן רואיקער און קען דיר ענטפערן.

„דו שרייבסט מיר: לאָמיר פאַרגעסן וואָס עס איז אין יענעם אָווגט

צווישן אונדז פאַרגעקומען דאָרטן אין גאָרטנביידל, אין אונדזער פּאַרק".
ניין, ווילי, דו ביסט אין טעות. דאָס פאַרגעסט מען ניט, דאָס זיינען ניט געווען ווערטער פון דער לופט געגומען. דאָס האָבן גערעדט יונגע הערצער וואָס ליבן. איידער איך האָב עס אַרויסגערעדט, וואָס מיין האַרץ האָט שוין געפילט אייניקע טעג, האָב איך מיך גוט איבערלייגט.

„עס איז פולשטענדיק ריכטיק, וואָס דו שרייבסט, איך אַ מיידל פון דער העכערער געזעלשאַפט, רייך און אָנגעזען, וועמען עס פעלט ניט קיין פריינט און ניט קיין פאַרערער, איידער איך האָב געוואַגט אַרויסצולאָזן פון מויל די ווערטער „איך ליב דיך" האָב איך גוט געוווסט וואָס דאָס באַדייט פאַר מיר. טאַקע ווי דו זאָגסט, איך האָב געזען דעם טיפן אָפּגרונט, וואָס ליגט צווישן אונדז ביידן. איך האָב פאָרויס געזען דעם קאַמף, וואָס שטייט מיר פאָר, דו זאָלסט ווערן מיינער. איך האָב אָבער דאָך אַרויסגעזאָגט די ווערטער, ווייל איך פאַרשטיי, אַז איך וועל קעמפן און שרעק מיך ניט פאַר קיין קאַמף. איך וועל דעם קאַמף אויפנעמען און זיגן. איך האָב אָבער אין דיר, ווילי, געהאַט אַ קליינעם טעות. איך האָב גערעכנט אַז דו, אַן אָרעמער יינגל, געהאָדעוועט און דערצויגן אין נויט, אויב דו האָסט געהאַט אַן אַמביציע צו דערגרייכן דיין פּאָזיציע, זיך דערשלאָגן צו דער בילדונג וואָס דו פאַרמאָגסט, איז דאָס אַ דאַנק דיין אייזערנער ענערגיע. מיט אַזאַ ענערגיע, האָב איך געדענקט, וועט דיר ניט שווער זיין אויפצונעמען אַ קאַמף פאַר אַ פרוי, וואָס דו ווילסט זי באַזיצן. אַ פרוי, נאָך דיינע רייד, וואָס דו ליבסט אַזוי שטאַרק. לסוף, אַז דו האָסט דערזען דעם קאַמף פאַר דיינע אויגן, ביסטו דער ערשטער וואָס אַנטלויפט.

„ניין, ווילי, איך אַנטלויף ניט. איך זאָג מיר ניט אָפּ פון קאַמף, ווייל איך ליב דיך. מיט דעם גאַנצן פיבער פון מיין נשמה ליב איך דיך, און דו מיך ליבסט אויך. איך ווייס דאָס, איך שפיר דאָס מיט מיין האַרץ, טאָ צו וואָס אַנטלויפן פון זיך אַליין? באַהאַלט זיך ניט פון דיין אייגענעם שאָטן, אַלץ איינס וועסטו מיט דער צייט קומען צו מיר, טאָ צו וואָס דער גאַנצער שפּיל? — אָבער אויב דאָס געפעלט דיר, לאָז איך דיר דאָס טאָן, שרייב מיר גאָרניט, זאָג מיר קיין זאַך ניט, לאָז דיינע געדאַנקען אויס־

קריסטאַליזירן. אין דיין נשמה ליגט אַ גאַנצער מישמאַש. עס קומט פֿאַר אין דיין וועזן אַ געראַנגל פֿון קעגנגעזעצטע כוחות, לאָז דאָס אַלץ איבער־ברויזן, דערנאָך וועסטו קומען אַ ריינער, אַ געלייטערטער צו דיין קאַטיען".

אַזוי האָט זיך פֿאַרענדיקט דער בריוו.

וואַלדמאַן האָט איבערגעלייענט דעם בריוו. דאָס האַרץ האָט אים גע־נומען קלאַפּן ווי מיט האַמערן. ער האָט זיך געפֿילט נישטיק, צעבראָכן, נידערגעשלאָגן און פֿאַרשעמט. זי אַ מיידל, אַ צעבאַלעוועטע אַריסטאָ־קראַטקע, קען זיך אַנטשליסן און קוקן די פֿאַקטן גלייך אין די אויגן, און ער קען ניט קומען צו קיין באַשלוס.

ער איז לאַנגזאַם אַרום פֿון צימער. די פֿיס האָבן אים קוים געטראָגן. דער פּנים איז אים געוואָרן פֿאַרכמורעט. דאָס האַרץ באַטריבט. קיין שפּור איז אים ניט געבליבן פֿון זיין פֿריערדיקער פֿריילעכקייט און גוטמוטיקייט. סאָניע איז נאָך געווען באַ זיי. זי האָט צו אים גערעדט. זי האָט אים גע־פֿרעגט. ער איז אָבער געווען אַזוי צעשטרייט און צעטראָגן, אַז ער האָט גאָרניט געהערט וואָס מען רעדט צו אים. צום שלוס האָט סאָניע איינגע־זען אַז צו אַן אונטערהאַלטונג מיט אים וועט שוין מער ניט קומען. עפּעס איז ער צופֿיל צעפֿלויגן, זינט ער האָט דעם בריוו באַקומען. האָט זי פֿאַר־לאָזן זייער וווינונג.

דעם אָוונט איז שוין וואַלדמאַן פֿון שטוב ניט אַרויס. ער האָט אָפּ־געגעסן אָוונטברויט און איז געגאַנגען שלאָפֿן. ליגנדיק אין בעט האָט ער גענומען איבערקלערן קאַטיעס בריוו. זי איז טויזנט מאָל גערעכט, האָט ער זיך געזאָגט. איך האָב דאָך געהאַנדלט ווי דער גרעסטער טרוס. ווו איז געבליבן מיין פֿאַרשטאַנד? איך האָב דאָך געקענט זיין דער גליקלעכסטער מענטש אין דער וועלט, האָבן קאַטיען פֿאַר אַ פֿרוי, דערשלאָגן זיך לייכט צו אַ געזיכערטער קאַריערע און לעבן זאָרגלאָז. האָב איך מיך אָפּגעשראָקן פֿאַר עפּעס נאַרישע פֿאָרורטיילן. איך האָב מורא געהאַט וואָס מען וועט זאָגן און ריידן און האָב אַרויסגעלאָזן אַזאַ גליק. און ווער זאָגט דאָס, אַז איך וואָלט געמוזט גיין אַהין? עס איז דאָך מעגלעך, אַז זי וואָלט געקומען צו מיר. זי ליבט דאָך מיך אַזוי שטאַרק. זי איז אַנטשלאָסן, ענערגיש,

וואָלט זי זיכער געמאַכט דעם טריט און וואָלט זיך דערנענטערט צו מיר, פּונקט ווי זי איז געווען די ערשטע וואָס האָט זיך דערקלערט אין ליבע.

און ווי אַף צו להכעיס זעט ער פֿאַר זיך קאַטיען אין איר גאַנצער פּראַכט און רייץ. ער פֿילט ווי זי שטייט לעבן אים. ער שפּירט איר אָטעם אַף זיין פּנים. ער הערט איר האַרץ קלאַפּן. עס קלינגט אים אין די אויערן אירע ווערטער: „ווילי איך ליב דיך". אַ בענקשאַפט איז אים באַפאַלן. דאָס האַרץ האָט אים גענומען נאָגן. פֿון זיין מויל רייסן זיך אַרויס די ווערטער: „אָ, ווי איך ליב דיך, קאַטיע." שטיל האָט ער אייניקע מאָל איבערגעחזרט די דאָזיקע ווערטער. ער האָט·געמיינט צו געפינען אַ באַרואיקונג. אָבער דאָס האַרץ הייבט נאָך מער אָן צו ציען. ער שפּירט אַ ווייטיק. עס דריקט אים דאָס האַרץ און געפינט זיך ניט קיין אָרט פֿון כעס און שמערץ. וואַלדמאַן האָט איינגעגראָבן זיין קאָפּ אין קישן און האָט זיך פֿאַנאַנדערגעוויינט.

אַ רעכטע צייט איז ער אַזוי געלעגן און קאָנוואָלסירט פֿון ווייטיק. דערנאָך האָט ער אופגעהויבן זיין קאָפּ, דורכגעדרונגען מיט זיינע אויגן אין דער פֿינצטערניש פֿון זיין צימערל און האָט כמעט הויך ווי מיט אַ קיל אויסגעשריען: „זאָל זיין וואָס עס וויל זיך, איך וועל מיך מיט איר איבערבעטן. איך מוז אָפּשאַפֿן אַלע שטרויכלונגען פֿון וועג און קאַטיע מוז בלייבן מיינע". מיט דעם געדאַנק איז ער איינגעשלאָפֿן.

סאָניע ליכט האָט פֿאַר דער צייט, וואָס זי איז אַרומגעגאַנגען מיט וואַלדמאַנען זיך שטאַרק צוגעבונדן צו אים. אין איר פֿאַנטאַזיע איז וואַלדמאַן געוואָרן איר אָפּגאָט. זי האָט אין אים געזען די פֿאַרקערפּערונג פֿון אירע מיידלשע אַמביציעס. וואַלדמאַן איז איינפֿאַך געוואָרן איר אידעאַל. זי האָט אים אָנגעהויבן פֿאַרגעטערן. זי האָט אים ליב באַקומען מיט איר גאַנצן אומבאַרירטן האַרץ. וואַלדמאַן איז געוואָרן אַ טייל פֿון איר לעבן. זי האָט אין איר פֿאַנטאַזיע אויסגעמאָלן איר צוקונפֿטיקן לעבן נאָר מיט וואַלדמאַנען אַלס איר מאַן. אַנדערש האָט זי זיך ניט געקענט פֿאָרשטעלן.

פֿון דעם גאַנצן פֿלאָנטער און פֿון דעם נשמה־געראַנגל, וואָס עס קומט פֿאָר באַ אים, האָט נאַטירלעך, סאָניע קיין אַנונג ניט געהאַט. זי האָט נאָך

ניט געהאַט די געלעגנהייט צו דערקענען זיין אומאַנטשלאָסנקייט און וואַקלדיקן כאַראַקטער. ער האָט מיט איר זייער ווייניק גערעדט וועגן ליבע און וועגן זיינע פּלענער פאַר דער צוקונפט, האָט זי ניט געקענט וויסן פון זיינע ספיקות. זי מיט איר קליינשטעטלשער נאַיווקייט האָט ניט געקענט פאַרדאַכטן אַז זיין הארץ זאָל שוין זיין פון וועמען פאַרכאַפּט. זי האָט געגלויבט, אַז אויך ער איז אין דער הינזיכט אומבאַרירט. ער וואַרט נאָר אַף דער ערשטער געלעגנהייט אום איר אָפּצוגעבן זיין גאַנצע ליבע און אומבאַרירט הארץ. און אַז די ערשטע איז זי, איז זי אין דעם כמעט געווען זיכער. זיין ארומגיין מיט איר, זיין נאָנטקייט צו איר און זיין איידעלע און פריינטלעכע באַנעמען צו איר, איז דען דאָס ניט קיין באַוויז אַז אין דער שטיל פאַרגעטערט ער זי און ליבט זי אויך?

אין איינעם פון די טעג, האָט וואַלדמאַן פאַרענדיקט זיינע לעקציעס באַ אָגינסקין און האָט זיך געקליבן צו פאַרלאָזן דעם גוט און פאָרן אהיים.

— הער וואַלדמאַן — האָט זיך צו אים אָפּגערופן זיין שילערן אַגנעסיע, די יונגע פירשטן אגינסקי — איין מאָמענט, איך דאַרף אייך איבערגעבן אַ גרוס. איך האָב די טעג דערהאַלטן אַ בריוו פון קאַטיע קאַרף, זי פרעגט זיך נאָך אַף אייך און בעט מיך דורכוים אייך צו גריסן פון איר נאָמען. זי זאָגט, אַז זי איז אַף אייך ברוגז פאַרוואָס איר שרייבט ניט.

— איך דאַנק אייך, פירשטן, פאַר אייער פריינטלעכקייט, — האָט וואַלדמאַן געענטפערט, און אַ לייכטע רויטקייט האָט באַדעקט זיין געזיכט. קאַטיעס נאָמען האָט אים געמאַכט אופציטערן.

וואַלדמאַן האָט פאַרלאָזן דעם שלאָס. דער-קאַטש וואָס האָט אַף אים געוואַרט אַלע טאָג האָט ער אַוועקגעלאָזן מיט דעם אויסרייד, אַז אים ווילט זיך אַביסל גיין צופוס. ער האָט איינפאַך געוואָלט בלייבן אַליין מיט זיך, קיינער זאָל אים ניט שטערן, ער זאָל זיך קענען איבערגעבן זיינע געדאַנקען, דער פריערדיקער גרוס וואָס די פירשטן האָט אים איבערגעגעבן, האָט אופגהויבן אין אים אַ גאַנצן שטורעם פון געדאַנקען.

ער איז שוין געווען אָפּגעגאַנגען אַ שטיק וועג, דער וועטער איז געווען אָסיענדיק, אָבער נאָך שיין און וואַרעם. אים האָט זיך פאַרוואָלט צור־

זעצן זיך באַם ראַנד פון גראָבן, וואָס האָט זיך געצויגן לענגוויס דעם וועג און זיך אַביסל אָפּרוען.

ער האָט זיך אויסגעצויגן אויפן גראָז ליגנדיק אָנגעשפּאַרט מיטן רוקן אָן אַ בוים און האָט זיך גענומען שפּילן מיט זיין שטעקעלע.

אין דעם מיש־מאַש פון געדאַנקען וואָס האָבן זיך אופגעהויבן אין זיין מח, האָט ער באַשלאָסן זיך אָנפאַרטרויען צו סאָניען, דערציילן איר אַלץ און בעטן באַ איר אַן עצה.

זייענדיק אונטערן איינדרוק פון אָקאָרשט געפאַסטן באַשלוס, האָט ער זיך אַביסל באַרואיקט און גענומען אויסקריצן פאַרשיידענע פיגורן מיט שטעקן אין זאַמד און אומבאַוואוסטערהייט, האָט זיך אויסגעקריצט דאָס וואָרט „סאָניע“ אָפן זאַמד.

אין דעם מאָמענט האָט זיך דערהערט פונווייטנס דאָס פאָרן פון אַ וואָגן מיטן וועג. וואַלדמאַן האָט אויסגעבויגן זיין קאָפּ צו דער ריכטונג, פונוואַנען דאָס פאָרן האָט זיך דערהערט און האָט דערזען, עס קומט אָן אַ לייכטער וועגל, אין וועלכן עס זיצן צוויי מענטשן, זלמן דער פאַכטער און זיין טאָכטער, סאָניע.

דער וואָגן האָט זיך דערנענטערט צו אים און האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— וועלוול, דו ביסט דאָס? — האָט זלמן אים אַ פרעג געטאָן, — וואָס עפּעס צופוס היינט? קום אַריין צו אונדז אין וועגל וועלן מיר דיך מיטנעמען אין שטעטל.

— איך דאַנק אייך, ר' זלמן, איך וויל גיין אַביסל צופוס. איך וועל מיט אייך ניט פאָרן דאָס מאָל. — האָט ער געענטפערט.

סאָניע האָט אים צוגעוואָרפן אַ פריינטלעכן גרוס פונווייטן, דער־הערנדיק, אַז ער זאָגט זיך אָפּ מיטצופאָרן מיט זיי, האָט זי זיך אָפּגערופן צו איר פאָטער:

— ווייסטו וואָס, טאַטע, דער וועטער איז דאָך אַזוי שיין, עס איז דאָך אַזאַ מחיה צו גיין אַביסל צופוס. איך וועל אויך גיין צופוס, איך וועל דאָ שפּאַצירן צוזאַמען מיט וועלוולען — און איז לייכט אַרויסגעשפּרונגען פון וועגל.

פאַר וואַלדמאַנען איז דאָס געווען ווי צו דער האַנט. ער האָט דאָך סיי ווי באַשלאָסן מיט איר זיך אדורכשמועסן וועגן זיינע ספיקות, — האָט ער זי איינגעלאַדן, זי זאָל זיך צוזעצן אַ מאָמענט, דערנאָך וועלן זיי צוזאַמען גיין.

זלמן האָט זיי געזאָגט „אַ גוטן טאָג“, צוגעוואָרפן זיי אַ פּאָר ווערטער, זיי זאָלן זיך היטן און ניט זאַמען לאַנג, און אַ שמיץ טוענדיק זיין פערד איז ער גיך פאַרשווונדן פון זייערע אויגן.

## איינונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

סאָניע ליבט האָט געוואָלט אויסנוצן די געלעגנהייט און דורכפירן איר באַשלוס, וואָס זי האָט בײַ זיך שוין לאַנג באַשטימט, זאָגן וואַלדמאַנען פון איר גרויסער ליבע צו אים און עפענען פאַר אים איר האַרץ. מיט דעם געדאַנק האָט זי זיך דערנענטערט צו אים און זיך צוגעזעצט בײַ זיין זייט, אויפן גראָז לעבן בוים. נאָך איידער זי האָט באַוויזן אויסצורײדן מיט אים אַ פּאָר ווערטער, האָט זי באַמערקט, אַז קעגניבער אויפן זאַמד, איז אָקאָרשט פריש אויפגעשריבן איר נאָמען. דאַרף מען נאָך האָבן אַ גרעסערן באַווייז אַז דער מענטש ליבט מיך און טראַכט פון מיך — האָט זי זיך געקלערט.

סאָניע האָט ארײנגעקוקט וואַלדמאַנען אין געזיכט און אַ דאַנקבאַרער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף אירע ליפּן.

— הער, וועלוול, — האָט סאָניע אָנגעפאַנגען. אויף דו זײנען זיי שוין לאַנג געווען ביידע, אַזוי ווי אין די אַמאָליקע יאָרן. — די לעצטע טעג זעסטו עפּעס אויס שלעכט. גייסט ארום אַ צעטראָגענער. דיינע אויגן זײ־

נען פול מיט טרויער און זאָרג, דיין פּנים שטענדיק פאַרכמורעט. וואָס איז דיר? וואָס האָט מיט דיר פּאַסירט? איך בעט דיר, זאָג מיר דאָס, ווייסט דאָך, אַז מען רעדט זיך אַראָפּ פון הארצן ווערט לייכטער. דו ביסט דאָך אַן עלנטער, דו האָסט קיינעם ניט, אויסער דיין מאַמען. אָבער פאַר אַ מאַמען קען מען ניט אַמאָל אַלץ אַרויסריידן, וואָס מען וואָלט געוואָלט, מוז מען זיך אויסריידן פאַר אַ פריינט, און אין מיר געפינסטו אייביק, אַ טרייען און איבערגעגעבענעם פריינט. בעט איך דיך, זאָג מיר, וואָס דריקט דיר און פאַרוואָס ביסטו אַזוי פאַרזאָרגט.

— דו ביסט גערעכט, סאָניע, — האָט איר וואַלדמאַן געענטפערט, די ביסט פולקאָם גערעכט. איך בין טאַקע לעצטנס אַביסל פאַרזאָרגט און וועל דיר זאָגן די אורזאַך דערפון. איך האַלט דיך אויך פאַר אַ גוטן פריינט און וועל מיך אַלץ דיר פאַרטרויען, סיי ווי האָב איך שוין באַ מיר באַשלאָסן, דיר אַלץ צו דערציילן...

אַז סאָניע ליכט האָט דאָס דערהערט, האָט באַ איר דאָס האַרץ אַ ציטער געטאָן פון פרייד. אָט, האָט זי געטראַכט, וועל איך דערהערן דאָס וואָרט, נאָך וועלכן מיין האַרץ גאַרט אַזוי. איך וועל דערהערן אַז ער ליבט מיך.

— סאָניע, — האָט וואַלדמאַן אָנגעפאַנגען און זיינע אויגן האָבן גע־קוקט ערגעץ אין אַ וויטן פונקט בעת מעשה — קודם זאָלסטו וויסן, אַז איך האָב מיט מיין גאַנצן האַרצן ליב באַקומען אַ מיידל...

סאָניעס האַרץ האָט שיעור ניט געפּלאַצט פון גרויס שמחה אין דעם מאָמענט איז זי געוואָרן זיכער, אַז דאָס מיידל וואָס ער האָט ליב באַקומען איז זי. פון דעם גרויסן גליק וואָס עס איז איר מיטאַמאָל געקומען, האָט זי זיך מער ניט געקענט באַהערשן, זי האָט פאַרלאָרן דעם קאָנטראָל אי־בער זיך, זי האָט אים מער ניט געלאָזט ריידן, ארופגעפאַלן אים אַפן האַלדז, ארומגעכאַפּט זיין קאָפּ מיט אירעביידע הענט און אַן אויסברוך פון ליידנשאַפטלעכע קושן האָט באַדעקט זיין פּנים, זיינע ליפּן און זיין קאָפּ. פון סאָניעס אויגן האָבן זיך געגומען גיסן טרערן פון פרייד. די פון יאָרנלאַנג איינגעצוימטע מיידלשע ליידנשאַפט האָט זיך אַרויסגעריסן פון

אירע פאַרשטעלטע דאַמבעס און עס האָט געוואָלט מיט אַמאָל אַלץ אַרום דערטרינקען און פאַרפלייצן, מיט דער היץ וואָס עס האָט גענומען שלאָגן פון איר אומשולדיקן פרויען־קערפּער, האָט זי געוואָלט פאַרברענען דעם, וואָס זי האָט אַזוי שטאַרק ליב באַקומען, דער וואָס איז געוואָרן איר איינ־ציקער אידעאַל.

וואַלדמאַן איז אַ צעמישטער געוואָרן פון דעם פּלוצלינגן אויסברויז סאָניעס. ער האָט גאָרניט געוווּסט וואָס דאָ טוט זיך. ער האָט נאָר געפילט, אַז די פרוי פאַרברענט אים און עסט אים אויף מיט איר אויסערגעוויינלע־כער ליבע. ער האָט געוואָלט זי באַרואיקן, אויפקלערן, האָט ער מיט אַ פאַר־שטיקט קול גענומען ריידן צו איר. ער האָט געזוכט זיך לויז צו מאַכן פון אירע הענט, וואָס האָבן אים נאָך אַלץ געהאַלטן אַרומגעקלאַמערט ווי מיט צוואַנגען.

— סאָניע, — האָט ער געשריען — דו מאַכסט אַ טעות.

סאָניע האָט אָבער ניט געוואָלט הערן זיינע קולות. פאַר איר האָט אין דעם מאָמענט קיין זאַך ניט עקזיסטירט ווי נאָר וואַלדמאַנס ליבע צו איר. זי האָט אים מיט איר האַנט פאַרשטאָפּט דאָס מויל און געקושט.

— ניין, מיין טייערער וועלוול, רייד נים. שווייג שטיל. — האָט זי זיך באַ אים געבעטן. — צעשטער מיר ניט די גליקלעכסטע מינוט אין מיין לעבן. לאָז מיר אומגעשטערט אויסטרינקען דעם פולן בעכער פרייד, וואָס דו גיסט מיר, — און זי דריקט אים צו איר קערפּער, לייגט זיין קאָפּ צו איר ברוסט און שעפּטשעט שטיל: וועלוול, מיין ליבער, מיין איינציקער. מיין נשמה, מיין גאַנצער לעבן..

און וועלוול וואַלדמאַן ליגט מיט זיין פּנים איינגעגראָבן אין אירע ברוסטן און טראַכט, וואָס טוט מען דאָ? זאָל איך ברוטאַל צעשטערן די אידיליע פון דער נאַיווער. אָבער ריינער אומבאַפלעקטער נשמה, און זאָגן איר, אַז עס הייבט זיך גאָרנים אָן, אַז איך ליב זי ניט? אויפקלערן איר בי־טער'ן טעות? זי וועט דאָס ניט אויסהאַלטן. ניין, איך טאָר דאָס ניט טאָן. ניט אין דעם מאָמענט. און ווי מעכאַניש קלאַמערן זיך זיינע הענט אַרום איר שלאַנקן קערפּער. זיינע ליפּן זוכן אירע. סאָניעס הייסער אָטעם האָט

אַף אים מיט היץ געשלאָגן. איר האַסטיקער האַרצקלאַפּן, איר וואַרעמער מייז־לשער קערפּער שטעקט אים אויך אָן מיט ליידנשאַפט אין דעם מאָ־מענט. וואַלדמאַן פאַרגעסט אָן אַלץ און ענטפערט סאָניען מיט די זעלביקע ליידנשאַפטלעכע קושן.

נאָך אַ ווײַלע זיצן אַרומגעקלאַמערט, נאָכן לעשן זייער זודיקן בלוט מיט הייסע קושן, האָבן זיך די יונגע מענטשן אופגעהויבן צו גיין אַהיים. דעם גאַנצן וועג צום שטעטל האָט סאָניע אַלץ גערעדט. זי האָט אים אויס־דערציילט ווי שטאַרק זי האָט געגאַרט צו אים. וויפל נעכט זי האָט ניט געשלאָפן טראַכטנדיק אַלץ פון אים, ווי זי האָט סיי אין חלום און סיי אַף דער וואָר, געלעבט נאָר מיט אים. — וואַלדמאַן האַלט איר האַנט אין זיי־נער און הערט זיך איין צו אירע רייד. אירע רייד זיינען געווען אַ סאַטיס־פאַקציע פאַר זיין מענערשן עגאָיזם, און האָט דאָס אַלץ שווייגנדיק מיט צופרידנקייט אָראָפּגעשלונגען.

ווען זיי זיינען אַריין אין שטעטל, האָט ער איר צוגעפירט ביז איר היים. פאַרן צעשיידן זיך האָט ער איר געבעטן, זי זאָל דערווייל קיינעם ניט דערציילן, וואָס צווישן זיי איז פאָרגעקומען. ער האָט איר דערקלערט, אַז איצט זיינען זיי נאָך אונטערן איינדרוק פון דעם שטורמישן מאָמענט, זייערע געמיטער זיינען נאָך אופגעברויזט. מען מוז וואַרטן ביז מען וועט זיך באַרואיקן און קומען צו זיך פון דעם אויסגעבראָכענעם ליבעס־שטורעם, דערנאָך וועלן מיר זיך אַדורכשמועסן און באַשליסן ווי בעסער צו האַנדלען. זיין כוונה איז דערביי געווען אַ גוטע, שפּעטער איר אופצוקלערן איר מיס־פאַרשטענדעניש.

וואַלדמאַן איז אַריין צו זיך אַהיים. אין דער גיך האָט ער וואָס צוגע־ביסן און אַריין צו זיך אין אַלקערל. ער האָט זיך דערפילט שטאַרק נערוועז. ער איז געווען אינגאַנצן צעבראָכן און צאָרנדיק פון דאָס וואָס איז מיט אים פאָרגעקומען, פון כעס אַף זיך אַליין. ער האָט גענומען אַזש די האָר פון קאָפּ רייסן. גוואַלט, האָט ער געשריען, פאַרוואָס האָב איך ניט קיין ברעקל שטאַנדהאַפטיקייט, פאַרוואָס בין איך אַזאַ שוואַכלינג, אָנשטאָט

רואיק און געלאַסן אופצוקלערן סאָניען די סיטואַציע, לאָז איך מיך אריינ־שלעפּן אין איר טעות, וואָס קען ברענגען זייער שלעכטע קאָנסעקווענצן סיי צו איר און סיי צו מיר. ניין, האָט ער ענערגיש אויסגעשריען. — כ׳מוז איינמאָל פאַר אַלעמאָל זיך נעמען אין די הענט, פּאַסן אַ פעסטן באַשלוס און מאַכן אַן ענדע צו דער טראַגיקאָמעדיע. איך טאָר זיך ניט לאָזן אריינ־שלעפּן אין אַ נייעם פּלאָנטער. מאָרגן גופא מוז איך ריידן מיט סאָניען און אופקלערן דעם גאַנצן טעות. מעג קומען וואָס עס וויל, דאָס וועל איך אומ־באַדינגט דורכפירן.

צו מאָרגנס, ווען וואַלדמאַן איז געקומען פון זיינע לעקציעס אַהיים, ווי נאָר ער האָט אָפּגעגעסן זיין מיטיק, איז ער אַוועק צו זלמן דעם פּאַכ־טער זען סאָניען און מיט איר איבערריידן וועגן דער נעכטיקער פּאַסירונג.

באַ זלמן אין שטוב איז געווען אַ שטיקל איבערקערעניש. עס איז געווען גראָד אַ טאָג פאַר יום טוב, מען האָט געבאַקן, געפּרעגלט, געשייר־ערט און געפּוצט. די גאַנצע פאַמיליע זלמנס האָט געאַרבעט. סאָניע אַליין איז אויך געווען שטאַרק פאַרטאָן. זי איז ארומגעלאָפן אַ טאַנצנדיקע און אַ זינגנדיקע איבערן שטוב, מיט אַלעמען געשטיפּט און צו אַלעמען גע־לאַכט.

— זע נאָר, זע, — האָט די מוטער צו איר געשריען — וואָס ביסטו עפּעס אַזוי פריילעך היינט? זינט דו ביסט נעכטן אַף דער נאַכט געקומען אַהיים פון הויף, פאַרקלינגסטו די שטוב מיט דיינע געלעכטערס, מעגסט זיך שעמען, טאָכטער מיינע, — האָט איר די מוטער פאָרגעוואָרפן. — עס איז ערב ראש השנה, לייט ציטערן פון שרעק פאַר דעם פאָרכטיקן טאָג, און דו שטיפּסט ווי גאָר ניט וואָלט געווען. פּע, ס׳איז מיאוס פאַר אַ יידי־שער טאָכטער אַזוי זיך נאַריש צו מאַכן אין די הייליקע טעג, מען דאַרף מורא האָבן פאַר גאָט, — האָט איר די מאַמע אויסגעמוסרט.

אַז וואַלדמאַן האָט זיך באַוויזן אין טיר, איז זלמנס ווייב שטיל גע־בליבן. סאָניע האָט אים דערזען און איז צו אים צוגעלאָפן. אירע הענט זיינען געווען איינגעשמירט אין טייג, האָט זי שטיפעריש אים אַ שמיר גע־טאָן מיט זיי איבער זיין באַק.

— נו, וועלוול, וואָס מאַכסטו עפּעס? — האָט זי אים מיט אַ שמייכל געפרעגט און בעת מעשה אַ קוק געטאָן אים אין די אויגן, פּונקט ווי אַ געטרייע מאַמע איר איינציק קינד.

— הער, סאָניע, — האָט וואַלדמאַן צו איר געזאָגט אין אַן ערנסטן טאָן. — איך האָב געוואָלט מיט דיר אַביסל שמועסן. האָסטו איצט אַביסל צייט, קום אַרויס אַף אַ ווייל.

סאָניעס מאַמע האָט דערהערט, אַז וואַלדמאַן וויל אָפּרייסן די טאָכטער פון דער אַרבעט, וואָס עס פאַלט פון די הענט ערב יום טוב, האָט זי זיך אַריינגעמישט:

— קינדערלעך, — האָט זי געזאָגט — ערב יום טוב איז ניט קיין צייט אַרומצוגיין. איר וועט באַווייזן נאָך יום טוב אויך.

וואַלדמאַן האָט זיך אַרומגעזען אַז ער איז אַריינגעפאַלן אין ניט קיין גינסטיקן מאָמענט, האָט ער שעמעוודיק אַ שמייכל געטאָן צו דער זייט פון סאָניעס מאַמע און שטיל אַ זאָג געטאָן סאָניען, אַז ער וועט אַריינקומען אַן אַנדערש מאָל און איז אַרויס פון שטוב מיט אַ לייכטערן האַרצן. אים האָט הנאה געטאָן וואָס ער האָט אַף דעם מאָמענט אויסגעמיטן דעם אומאָנגענעמען אונטערגייד מיט סאָניען. זי וואָלט דאָך געהאַט פון דעם גרויס צער און פאַרדרוס און דאָס וואָלט ער ניט געקענט פאַרטראָגן.

אַף מאָרגן איז געקומען דער יום טוב, דאָס גאַנצע שטעטל איז באַהערשט געוואָרן פון יום טוב שטימונג. וואַלדמאַן האָט נאָך אַלץ ניט געפונען די פּאַסיקע געלעגנהייט ווען צו ריידן מיט סאָניען. איינמאָל האָט זי קיין צייט ניט געהאַט, אַ צווייט מאָל איז אומבאַקוועם, אַ דריט מאָל האָט אַ חבר אָדער אַ חברטע געשטערט, אַזוי האָבן זיך אָוועקגערוקט די אומעטיקע טעג און זיין באַשלוס, אופצוקלערן סאָניען. איר טעות, האָט ער נאָך אַלץ ניט דורכגעפירט, ביז עס זיינען אונטערגעקומען די פריילעכע סוכות טעג.

אין איינעם פון די טעג, אַז וואַלדמאַן איז געקומען אין הויף צו זיינע געווייינלעכע לעקציעס, האָט ער געטראָפן זיינע תלמידים אין גאָר אַ געהויבענער שטימונג. אגנעס אָגינסקי, זיין שילערן, האָט אים באַלד גע־

זאָגט דעם גרונט פון זייער שמחה, זיי האָבן דערהאַלטן איינלאַדונגען צו קומען דעם 10־טן סעפּטעמבער צו די קאַרפּס, אַף דעם געבורטסטאָג פון זייער טאָכטער קאַטיע. די קאַרפּס, האָט זי אים דערקלערט, ווילן היינטיקן יאָר פייערן איר געבורטסטאָג מיט אַ גרויסאַרטיקן יום טוב, לכבוד דעם וואָס זי איז אַף אַזאַ ווונדערבאַרן אופן געראַטעוועט געוואָרן פון אַ זיכערן טויט און דאָס איז דאָך געשען אַ דאַנק אייך. הער וואַלדמאַן, וועט איר זיך דאָך אויך געווים פרייען.

— פאַר אייך איז דאָ אַ באַזונדערע איינלאַדונג — האָט זי אים געזאָגט. זי האָט אים גלייך דערלאַנגט אַ פאַרמאַכטן קאָנווערט, מיטן בראָך קאַרפּס הערב פון אויבן. — איר פאָרט דאָך מיט אונדז? — האָט זי אים לסוף אַ פרעג געטאָן.

וואַלדמאַן האָט אַף אַ מאָמענט זיך פאַרטראַכט און האָט איר געענטפערט, אַז ער ווייסט ניט געווים אויב ער וועט פאָרן, אָבער ער וועט זען טאָן אַלעס מעגלעכעס, נאָכצוקומען דעם ווונטש פון בראָן קאַרפּ.

ער האָט געעפנט דעם קאָנווערט. דאָרט איז געלעגן די איינלאַדונג מיט אייניקע ווערטער געשריבן פון בראָן אַליין. ער האָט אים געבעטן דורכויס קומען צום יום טוב פון זיין טאָכטער. גראָד אַף דעם טאָג מוז ער אומבאַדינגט קומען, ווייל אין דעם טאָג וועט עקסטראַ באַטאָנט ווערן דער ווונדערבאַרער מאָמענט פון קאַטיעס רעטונג דורך אייך. אָן אייך וועט דער יום טוב ניט זיין פולקאָם און אונדז אַלעמען וועט פאַרדריסן אייער אויספעלן.

וואַלדמאַן האָט באַהאַלטן דאָס בריוול אין קעשענע און האָט געטראַכט: „פאַרוואָס זאָל איך טאַקע ניט פאָרן? ער בעט אַזוי אופריכטיק און פריינטלעך, אַז עס איז פשוט ניט שיין אָפּצוזאָגן, און גלייכצייטיק וועל איך טאַקע ווייזן דער בראָנעסע, אַז איך האָב ניט קיין מורא צו קוקן די פאַקטן אין די אויגן. איך שרעק מיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּ. אַז איך האָב איינמאָל באַשלאָסן די ליבע צו איר אַרויסצורייסן, פיר איך דאָס געוויסנהאַפט דורך.

אין דעם מאָמענט אָבער האָט זיך פאַר אים פאַרגעשטעלט קאַטיעס

בילד פאַר זיינע אויגן, און זיין גאַנצע ליבע צו איר האָט מיטאַמאָל זיך אָפּגעפרישט. ער פילט, אַז עס ציט אים צו איר, די האַרץ גייט אויס פון בענקשאַפט צו איר. ער וואָלט וועלן אַ קוק טאָן אויף איר, הערן איר שטימע, זען איר ליכטיקן פּנים, הערן נאָכאַמאָל דעם צוויבערנדיקן קלאַנג: „ווילי, איך ליב דיך!".

די פירשטן אַגינסקי איז נאָך ניט געווען אַוועק פון אים. זי האָט אים בעאָבאַכטעט און באַמערקט די ענדערונג אויף זיין פּנים.

— נו, הער וואַלדמאַן, וואָס האָט איר באַשלאָסן? — האָט זי אים געפרעגט.

— יאָ, פירשטן, איך פאָר מיט אייך, איך וויל דורכוים זיין אויף דעם יום טוב פון דער באַראָנעסע קאָרף.

אין אַ געהויבענער שטימונג, אופגערוימט און פריילעך, האָט ער דעם טאָג געגעבן זיינע לעקציעס, מיט דעם פעסטן באַשלוס, אַז ער פאָרט צו די קאָרפס אויף דער טאָכטערס געבורטסטאָג.

פאָרנדיק אַהיים פון הויף, האָט ער נאָכאַמאָל אַלץ איבערגעטראַכט און זיין פריערדיקער באַשלוס איז געוואָרן בא אים נאָך פעסטער. איך וועל דורכוים פאָרן, איך וועל זאָגן סאָניען, זאָל זי זען, אַז איך האָב אינטערעס נאָך פאַר אַנדערע פרויען, זאָל זי וויסן אַז זי ליגט מיר גאַנץ ווייניק אין זינען, וועט זי זיך גיכער אָפּטשעפּען פון מיר און וועל גאָר אפשר אויסמיידן די אומאָנגענעמע אונטערריידונג מיט איר.



## צוויאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

וואַלדמאַן איז געקומען פון הויף אופגעלעבט און פרייליך, ער האָט גאַנץ געמיטליך אָפּגעגעסן זיין מיטיק און איז אַרויס אין גאַס זען, אויב עס זיינען ניטאָ קיין פרישע ציימונגען.

דעם טאָג זיינען די רוסישע יידן און מיט זיי אויך די יידן פון דער גאַנצער וועלט, שטאַרק אופגערודערט געוואָרן. שוין צוויי יאָר ווי עס איז געלעגן אַ קאָשמאַר אַפן יידישן פאָלק. שוין צוויי יאָר זיינען פאַרביי, ווי דעם צאַרישן יוסטיץ־מיניסטער, שטשעגלאָוויטאָוו, האָט זיך פאַרוואָלט, עפנטליך, פאַר דער גאַנצער וועלט, דערקלערן אַלע יידן פאַר מענטשנפרע־סער און בלוט־זויגער, און געוואָלט האָט ער דאָס באַווייזן, דורך פאַר־משפּטן דעם אומשולדיקן בייליסן, אַז ער, אַלס ייד, האָט אין שליחות פון יידישן פאָלק, און אין נאָמען פון יידישן גלויבן, דערמאָרדעט אַ קריסטליך יינגל כדי אויסצוזאַפּן זיין בלוט פאַר רעליגיעזע צוועקן.

דעם זעלבן טאָג האָבן די צייטונגען געבראַכט די ידיעה, אַז דעם 13־טן אָקטאָבער 1912, וועט פאָרקומען דער משפּט איבער בייליסן וואָס זיצט שוין צוויי יאָר אַרעסטירט און באַשולדיקט אין אויספירן דעם בעסטיאַלישן מאָרד. דאָס וויל זאָגן, אַז דעם 13־טן אָקטאָבער וועלן צוועלף איינפאַכע רוסישע פּויערים, וואָס דער גורל האָט זיי פאַרוואַנדלט אַף דעם טאָג אין צוועלף ריכטער, זיך אַרויסזאָגן, צי זיינען יידן אַ פאָלק, וואָס זייער גלויבן הייסט זיי זיין מערדער און בלוט־זויגער, אָדער ניט.

די יידן פון ריטעווע, ניט קוקנדיק וואָס דער טאָג איז געווען אַ וואָ־כנדיקער אַרבעטסטאָג, זיינען זיי געשטאַנען גרופּעסווייז, בא די טירן פון

זייערע קלייטלעך, אַף די גאַנקעס פון זייערע הייזער, אָדער גלאַט אַזוי אַפן מאַרק און מען האָט דיסקוטירט די אָקאָרשט געבראַכטע ידיעות אין די צייטונגען, אַז דעם 13־טן אָקטאָבער וועט מען משפּטן ביילִיסן.

וואַלדמאַן איז צוגעלאָפן צו איינער פון די גרופּעס און דערווייסנדיק זיך די אורזאַך פון די הייסע דיסקוסיעס, האָט ער זיך אויך גענומען באַטייליקן אין זיי. אופגערעגט, מיט אַ פּנים פון כעס און צאָרן, מיט פאַרביטערונג און ערגער. האָט ער גענומען אופווייזן פאַר די צוהערער דעם פאַרברעכן פון דער צאַרישער יוסטיץ, דעם גאַנצן אבסורד פון ביילִיסעס באַשולדיקונג, די גאַנצע אומגעלומפּערטקייט וואָס מען וואַרפט אַפן יידישן פאָלק אַזא פאַרברעכן.

— ניין! — האָט ער געשריען מיט ברען און פאַרביסנקייט. — דאָס רוסישע פאָלק איז דאָ גאָרניט שולדיק. פאַרדאַמען מוז מען נאָר די צאַרישע דינער וואָס באַהאַנדלען אַזוי אונדזער פאָלק. די רוסישע מאַסע, דורכן כּייל פון די 12 „איינפאַכע אָרנטלעכע מענטשן, די ריכטער וואָס וועלן משפּטן ביילִיסן, וועלן אינטואיטיוו פאַרשטיין, ווו דער אמת איז און וועלן זיכער ווייזן דער וועלט די פאַרברעכערישע כונה פון דער צאַרישער רעגירונג, צו מאַכן אַ זעכצן־מיליאָניק פאָלק פאַר ווילדע פאַנאַטיקער און פאַרברעכער. די איינפאַכע מענטשן, — האָט וואַלדמאַן לסוף מיט פּאַטאָס אויסגעשריען — וועלן אונדז ריינוואַשן פון דעם שרעקלעכן בלבול.

אַז וואַלדמאַן האָט געענדיקט רײדן זיינען די צוהערער ווי באַגייסטערט געבליבן פון זיינע רייד. „אָט איז אַ ייד", האָבן זיך געהערט שטימען, „וואָלטן מיר געהאַט אַ סך אַזעלכע ייִנגעלייט, האָבן נאָך אַנדערע צוגעגעבן, וואָלטן מיר זיכער אַנדערש אויסגעזען".

פון גאַס איז וואַלדמאַן געקומען אופגערעגט און פאַרדריסלעך, עס האָט דער צאָרן אין אים געברענט. ער איז געווען בייז אַף דער גאַנצער וועלט. ער האָט געטראָפן אין שטוב כאַניען, האָט ער אויך פאַר איר גענומען אַרויסגיסן זיין פאַרביטערונג קעגן די שונאים פון יידישן פאָלק.

— ניין, — האָט ער זיך געקאָכט, — מיט אַזעלכע פאַרביסענע שונאים פון יידן טאָר מען ניט קיין מגע און משא האָבן. די אַלע אָגינסקיס

מיט די קאַרפּס זיינען אין האַרצן אונדזערע געפּערלעכסטע פיינט, כאָטש זיי ריידן מיט אונדז מיט אַ לאַקריץ־זיסער שפּראַך, בעת מעשה טראַכטן זיי נאָר ווי אונדז געפערלעכער צו פאַרוווּנדן.

סאָניע האָט אָנגעקוואָלן פון וואַלדמאַנען. זי האָט אים שטיל אויסגע־הערט און מיט דאַנקבאַרע בליקן געקוקט אַף אים. ווען זי וואָלט געקענט וואָלט זי אים אויסגעקושט אַלע גלידער פון דאַנקבאַרקייט, איבערהויפּט האָט איר הנאה געטאָן, וואָס ער איז אַזוי אין כעס אַף די קאַרפּס, ווייל אין דער שטיל איז זי געווען אייפערזיכטיק אַף דער באַראָנעסע, זיך דער־וויסנדיק ווי נאָנט איר וועלוול איז געקומען מיט איר אין באַרירונג, און אַף דער פריינטשאַפט וואָס יענע ווייזט אים אַרויס. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז בײַ אַזעלע אומשטענדן, מיט אַזאַ אופגעבראַזטן געמיט, איז שוין וואַלדמאַ־נען אפילו אין זינען ניט געלעגן צו ריידן מיט סאָניען וועגן איר טעות מיט איר ליבע צו אים און וועגן די האָפענונג וואָס זי האָט געהאַט אין זיין כלומרשטער ליבע צו איר. ער האָט איצט אין האַרצן פעסט באַשלאָסן, אַז צו די קאַרפּס פאָרט ער בשום אופן ניט, ער קען ניט פאַרטראָגן מער אַזעל־כע געזעלשאַפטן, ווו מען קען האָבן דעם מינדעסטן פאַרדאַכט, אים אַלס יידן, צו האַלטן פאַר אַ מענטשנפרעסער און בלוט־זויגער. בײַ אים איז רעכט געווען אפילו ניט גיין מער צו די לעקציעס צו אָגינסקין, אַזוי איז ער אופגעבראַכט געוואָרן אַף זיי אַלעמען.

אַז דער סוכות איז אָנגעקומען, האָבן די שטעטלשע יידן גענומען פרייער אָפּאָטעמען, נאָך די פאַרכטיקע טעג, איז דער יום טוב סוכות גע־ווען ווי אַ פריילעכס וואָס כלי זמרים שפּילן אוף נאָך אַן אומעטיקן באַ־זעצנס. אַף זייער שטייגער האָבן יידן פאַרבראַכט דעם יום טוב גאַנץ גע־מיטלעך, יעדער נאָך זיינע פאַרהעלטעניש. מען האָט זיך פאַרבעטן איינער צים צווייטן צו גאַסט, פאַמיליעס האָבן זיך מיט איינאַנדער געפריינטלט, מען האָט גערעדט שידוכים, מען איז געגאַנגען איינער צום אַנדערן אַף ברכה, בכלל האָט מען זיך געהאַלטן נאָנט איינער צום צווייטן אין די טעג.

בײַ זלמן דעם פאַכטער אין שטוב האָט זיך אויך געפילט די פריילעכ־קייט און פריינטלעכקייט. מען פלעגט דאָרטן זייער גוט פאַרברענגען, באַ־

זונדערס פרייליך האָט מען זיך געגרייט היינטיקן יום טוב צו פאַרברענגען באַ אים, ווייל שטילערהייט האָט מען שוין געמערקט באַ אים אין שטוב, אַז צווישן וועלוולען און סאָניען קומט עפּעס פאָר. ניט היינט איז מאָרגן, וועלן זיי זיך דערקלערן פאַר חתן־כּלה, אַ זאַך וואָס די עלטערן זייערע האָבן דאָס אין האַרצן שטאַרק געוואָלט זען.

מען האָט איינגעלאַדן אַלע פריינט און באַקאַנטע, מען האָט געלאַדן סתם חשובע באַלעבאַטים פון שטעטל. עס פאַרשטייט זיך, אַז וועלוול און זיין מוטער זיינען געווען די ערשטע און די חשובסטע פון אַלע איינגעלאַדענע און מען האָט פאַרבראַכט דאָרטן ביז שפּעט אין דער נאַכט, באַ טישן פון אַלדאָס גוטס, מיט אַ באַזונדערער פריילעכקייט.

שוין גאָר שפּעט אין אָוונט, ווען מען האָט זיך שוין געקליבן אַהיים צו גיין, האָט זיך עפּעס ווער עס איז אָפּגערופן, אַז וועלוול מיט סאָניען זיינען אַ צוגעפּאַסטע פּאָר. זיי פּאַסן זיך אויסגעצייכנט איינער צום אַנדערן. מען דאַרף צושטיין, אַז זיי זאָלן ווערן חתן־כּלה. אַנדערע האָבן דאָס באַלד אונטערגעכאַפּט, נאָך אַנדערע פון די איינגעלאַדענע האָבן שוין גערעדט ווי פון אַ געשעענעם פאַקט, אַלע זיינען געווען אונטער דער ווירקונג פון די אויסגעטרונקענע משקאות, אין אַ זייער פריילעכער שטימונג. ניט פרעגנדיק באַ קיינעם, ניט באַראַטנדיק זיך מיט קיינעם, איז עפּעס ווער צוגעגאַנגען צו דיביידע פרויען, עטל די אַלמנה און זלמנס פרוי, וואָס האָבן צוזאַמען פאַרבראַכט און מען האָט זיי געזאָגט, אַז זייערע קינדער זיינען חתן־כּלה געוואָרן. די ביידע פרויען האָבן זיך ארומגענומען און קושנדיק איינע דער צווייטער, האָבן זיי זיך קעגנזייטיק אָפּגעגעבן מזל טוב. „מזל טוב". — האָט זיך מיט אַמאָל דערהערט איבערן שטוב פון אַלע זייטן. — „וועלוול און סאָניע זיינען געוואָרן חתן־כּלה". אַף דער שטעל האָבן זיך באַוויזן טעלער, מען האָט שוין גענומען ברעכן, לאַנג ניט וואַרטנדיק, האָט זיך באַוויזן אַפן טיש טינט, אַ פעדער און פּאַפּיר און מען האָט גענומען שרייבן תנאים.

וואַלדמאַן האָט לכתחילה גאָרניט געוווּסט וואָס דאָ טוט זיך. ער האָט אויך אַביסל צופיל געטרונקען, צופיל איז ער געווען פאַרטאָן מיט דער יוגנט, וואָס האָט אין אַ באַזונדער ווינקל אויסגעצייכנט פאַרבראַכט, אַז די קולות „חתן־כלה" האָבן זיך דערהערט, האָט ער אַפילו ניט געוווּסט. אַז דאָס באַציט זיך צו זיין פּערזאָן. שפּעטער האָט דאָס אים אויסגעוויזן ווי אַ פריילעכער שפּאַס. אָבער ווען מען האָט נאָך אַלעמען פאָרגעלייענט דעם טעקסט פון די תנאים, ווו עס האָט זיך געזאָגט, אַז ער איז אַ חתן געוואָרן פאַר סאָניען, זלמנס טאָכטער, האָט ער שוין ניט באַוויזן צו פּראָטעסטירן. סאָניעס קושן האָבן אים אַזוי פאַרטומלט, אַז אים איז די זאַך געווען אַבסאָלוט גלייכגילטיק. ער האָט זיך קיין זאַך ניט קעגנגעשטעלט און האָט אַפילו ניט די מינדעסטע באַמיונג געמאַכט, זיין אייגענעם ווילן דאָ אַרויסצוברענגען. אַזוי אַרום איז וואַלדמאַן אָפיציעל געוואָרן אַ חתן פאַר סאָניע ליכט.

אַף מאָרגן, ווי גאָרניט וואָלט געשען אין וואַלדמאַנס לעבן, איז ער ווי אַלע טאָג אַוועקגעפאָרן אין הויף צו די לעקציעס. ער האָט געטראָפן אין הויף אַז זיי קלייבן זיך שוין צו דער רייזע צום באַראָן קאַרף. זיי האָבן געזאָלט דעם צווייטן טאָג, גאַנץ פרי, אַרויספאָרן.

— נו, וואַלדמאַן, — האָט דער אַלטער אָגינסקי שפּאָטנדיק אָנגעפאַנגען— איך האָב אַ באַפעל פון קאַרף איך זאָל אייך אומבאַדינגט ברענגען. זייט איר שוין צוגעקליבן?

— איך האָב מורא, עקסעלענץ, — האָט ער רואיק געענטפערט, — אַז איך וועל ניט קענען מיטפאָרן מיט אייך. איך פיל מיך ניט אינגאַנצן און וועל וואַרשיינלעך מוזן בלייבן אין דער היים.

— וואָס רעדט איר, וואַלדמאַן? — האָט דער אַלטער פּריץ גאַנץ ערנסט געענטפערט. — איך פּראָטעסטיר קעגן אייער באַשלוס. וואָס הייסט איר וועט ניט מיטפאָרן? דער באַראָן וועט זיכער האָבן פאַרדרוס דערפון און מיר פאַרדריסט דאָס אויך ניט ווייניק.

— איך האָב ניט דערוואַרט פון אייך, אַז איר, אַזאַ געבילדעטער און אויפגעקלערטער מאַן, זאָלט אויך זוכן זיך אָפּצוזונדערן פון אונדז, — האָט

פלוצלונג דער אַלטער אָגינסקי גענומען פילאָזאָפירן. — איך האַלט אַבסאָ־לוט ניט פון אַזאַ יידישער טאַקטיק. לעבן אַ פּולשטענדיק אָפּגעזונדערט לעבן ווי איר יידן פירט, בין איך ניט איינפאַרשטאַנדן, דאָס פאַרשטאַרקט די שנאה צו אייך פון אייערע שונאים. עפּעס פאַרבאַהאַלטנס, זיי פאַר־דאַכטן אייך אין דאָס ערגסטע צוליב אייער אָפּגעזונדערטן לעבן. עס איז זייער מעגלעך, אַז ווען ניט אייער אָפּגעזונדערט לעבן, וואָלט ניט מעגלעך געווען קיין ביילים־אַפערע, ווי דאָס איז איצט געמאַכט געוואָרן קעגן אייך. פאָלגט מיך, וואַלדמאַן, פאַרט מיט אונדז.

— ניין, עקסעלענץ, — האָט וואַלדמאַן שוין אָפענער, אָבער קאַטע־גאָרישער אים געענטפערט. — איך פאָר ניט, און טאַקע צוליב דער ביילים־אַפערע, ווי איר האָט איצט אַליין דערמאָנט, קען איך ניט פאָרן. איך פיל מיך זייער אומבאַקוועם זיך צו געפינען אין אַ געזעלשאַפט, וואָס קען אַף איין מאָמענט גלויבן, אַז איך געהער צו אַ ראַסע פון מענטשנפרעסער.

— וואָס איז שייך אונדזער אָפּגעזונדערטקייט וואָס איר האָט דער־מאָנט, וועט איר מיר, עקסעלענץ, אַנטשולדיקן, אויב איך וועל אייך זאָגן, אַז איר אַלע האָט אַ טעות. איר מיינט, ווי פיל אַנדערע מיינען דאָס, אַז אונדזער אָפּגעזונדערטקייט איז אַ פּועל יוצא פון אונדזער יידישער עקשנות צו לעבן איינגעשלאָסן אין אונדזערע פיר איילן. איר מיינט געוויס, אַז דאָס וואָס מיר זיינען דערווייטערט פון אייך אין לעבן, איז דאָס דערפאַר ווייל מיר האַלטן זיך פאַר אתה בחרתנו׳קעס און שטאָלצער פון אייך, איר גלויבט, אַז מיר האַלטן אייך פאַר אומווירדיקע און דערפאַר זונדערן מיר זיך אָפּ פון אייך? ניין, דאָס איז אַ טעות. אונדזער אָפּגעזונדערט לעבן איז אין דער אמתן ניט מער ווי אַ פאַרהיטונגס־מיטל קעגן אונדזערע שונאים. איר אַלע פאַרפאָלגט אונדז, איר אונטערדריקט אונדז, איר לאָזט אונדז ניט לעבן, ניט עקאָנאָמיש און ניט קולטורעל, איר דערווייטערט אונדז פון אַלע ערלעכע פרנסות, איר צווינגט אונדז צו נעמען זיך צו אומפּראָדוקטי־ווע געשעפטן, איז דאָס מער ניט ווי דער געזעץ פון דער נאַטור, אַז דער שוואַכער מוז זיך שיצן פון שטאַרקערן, די אָפּגעזונדערטקייט אונדזערע

איז אונדזער שוץ פון אייערע אָנפאַלן. צוזאַמען פאַרייניקט איז לייכטער זיך אָפּצוּווערן.

— מיר ייִדן, — האָט וואַלדמאַן ווייטער פּאַטעטיש גענומען ריידן צו אָגינסקין, — לעבן און עקזיסטירן אַלס פאָלק, ניט צוליב אונדזער אייגנאַרטיק אָפּגעזונדערט לעבן, נאָר צוליב אונדזער אייגנאַרטיקער סאָציאַל־עטישער סטרוקטור, וואָס האָט זיך אין אונדזער לעבן איינגעשטעלט שוין פון טויזנטער יאָרן, פריער נאָך ווי בא אַלע אַנדערע פעלקער. איך ווייס, — האָט ער מיט ברען פאַרגעזעצט, — איר וועט זאָגן, אַז אונדזער באַהויפּטונג, אַז מיר זיינען דאָס ערשטע קולטורעלע פאָלק אַף דער וועלט איז א טעותדיקע, דערפאַר איז אויך אַ טעות צו באַהויפּטן, אַז מיר זיינען די אמתע טרעגער פון די עטישע פּרינציפּן אַף דער וועלט, איר וועט זאָגן אַז עס זיינען געווען נאָך אַנדערע קולטורעלע פעלקער אַף דער וועלט, אפשר נאָך פריער פאַר אונדז, אין יענער עפּאָכע, ווי צום ביישפּיל די העלענער, די רוימער א. אַ. וו. דאָס איז טאַקע אמת, מיר גיבן דאָס צו, אָבער זייער קולטור איז געווען אַ ריין עסטעטישע, געבויט אַף דעם יסוד פון אינדיווידואַליזם, דאָס איז געווען אַ קולטור צו באַפרידיקן דעם פּערזענלעכן עגאָיזם בשעת אונדזער קולטור איז געבויט אַף עכטע עטישע יסודות, וואָס זיינען געוואָרן די גרונט פּרינציפּן פון אונדזער סאָציאַל־קולטורעלן לעבן.

ד אָ ס א י ז דער פונדאַמענטאַלער צעמענט פון אונדזער לעבן, אָט די פּרינציפּן צוזאַמען מיט די יסודות פון אונדזערע מאָנאָטעאיסטישע אידעאַלן, מיט וועלכע מיר טראָגן זיך אַרום, די ערשטע אין דער וועלט, וואָס איר אַליין גיט דאָס צו, האָט אונדז געהאָלפן אויסצושמידן אונדזער קאָלעקטיוו לעבן, דאָס איז אויך דער יסוד פון אונדזער טויזנט־יעריקער קאָנסערוואַציע.

— דערווייטערט איר אונדז ניט מיט אייערע אומענטשלעכע באַהאַנדלען. באַציט זיך צו אונדז מיט די זעלביקע פּרינציפּן ווי מיר באַציען זיך צו דער מענטשהייט, היט אָפּ דעם אָנזאָג פון אייערע נביאים און פירער פּינקט ווי מיר היטן אונדזערע. וואָס אין דער אמתן זיינען דאָס איינע אין די זעלביקע, וועלן מיר זיך ניט געפינען דערווייטערט פון אייך און עס

וועט אף דער וועלט ניט קומען קיין ביילים־פּראָצעס, — האָט וואַלדמאַן פאַרענדיקט.

— איר הערט, וואַלדמאַן, — ווען איר רעדט מיר נאָך אַ האַלבע שעה, שווער איך אייך, אַז איך ווער אַ ייִד, אַזוי איבערצייגנד זיינען אייערע ווערטער, — האָט דער אַלטער אָגינסקי שפּאַסנדיק אים געזאָגט, — אָבער פונדעסטוועגן וועט איר מיטפאָרן מיט אונדז צו קאַרפּן.

וואַלדמאַן איז ניט געפאָרן צו די קאַרפּס, ער איז געבליבן אינדערהיים. סאָניע האָט ניט געוווסט וואָס צו טאָן פון גרויס שמחה, וואָס ער איז ניט געפאָרן. ער איז בא איר אין די אויגן דאָפּלט אַזוי גרויס געוואָרן און זיין אָנזען איז געוואַקסן בא איר. זי האָט ניט געוווסט פון זיינע אינעווייניקסטע ספקות און האָט צוגעשריבן דעם פאַקט, אַז ער האָט זי שטאַרק ליב, אַז פאַרוואָס ער איז איינגעהאַלטן צו איר, פאַרוואָס ער ווייזט דאָס ניט אַרויס אַזוי שטורמיש ווי זי, איז פשוט דערפאַר, ווייל ער איז צו איידל און פיין צו אַזעלכע זאַכן.

## דרייאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

ווען די אָגינסקיס האָבן זיך צוריקגעקערט פון די קאַרפּס, האָבן זיי מיטגעבראַכט אַ בריוו פאַר וואַלדמאַנען פון דער באַראָנעסע. אין בריוו שרייבט זי אים: „מיין ליבער ווילי, ווי דו זעסט רוף איך דיר נאָך אַלץ מיין ליבער, אַ באַווייז, אַז איך ליב דיך נאָך אַלץ, איך ליב דיך און זאָג זיך ניט אָפּ פון מיין ליבע. דו ביסט צו מיר ניט געקומען, דו האָסט זיך ניט געוואָלט באַטייליקן אין דעם יום טוב פון מיין געבורטסטאָג, ווילי, איך ווייס אָבער, אַז דאָס איז ניט געווען צוליב דעם ווייל דו ליבסט מיך

ניט מער, איך ווייס, אַז דו האָסט ניט אופגעהערט מיך צו ליבן. ניין, דאָס ניט. איך פאַרשטיי דיך דורך און דורך, איך לייען אין די פאַרבאָרגנסטע ווינקעלעך פון דיין נשמה, דו ליבסט מיך און וועסט ניט אופהערן מיך צו ליבן. אָבער דו האָסט ניט דעם מוט דאָס צוצוגעבן, דו פּרוּווסט פאַרלייקענען דיין ליבע צו מיר, ווילסט די ליבע צו מיר דערשטיקן אין זיך. ווילסט זי פון זיך אַליין אויסבאַהאַלטן. דו האָסט זיך ניט אָפּגעשטעלט אפילו פון דעם מיטל, זיך צו פאַרקנסן מיט אַן אַנדער מיידל. אָבער ווילי, עס וועט דיר ניט העלפן, דו קענסט אפשר אַף אַ ווײַלע איינהאַלטן אין זיך דעם ליבע־אויסברוך וואָס דיין יונג אומשולדיק האַרץ האָט פאַר מיר, אָבער די ליבע וועט געפינען אַן אויסגאַנג, פריער אָדער שפּעטער, מוז זי קומען, ווייל אונדזער ליבע איז אַ ריינע, אַ נאַטירלעכע, אַ הייליקע, וואָס קומט פון אונדזערע יונגע אומבאַרירטע הערצער און דאַן וועסטו קומען צו מיר, דיין בלאָנדזשענדיקע נשמה וועט שטענדיק געפינען רו בײַ דיין קאַטיע”.

צולעצט האָט זי נאָך צוגעגעבן אַ פּאָר ווערטער, אַז גאָר אינגיכן וועט זי אים פערזענלעך זען.

אַז וואַלדמאַן האָט איבערגעלייענט דעם בריוו, האָט דער קאָפּ בײַ אים גענומען שווינדלען. דאָס האַרץ האָט גענומען שלאָגן האַסטיקער, ער איז געבליבן שטיין אַף זיין אָרט אַ צעדרודערטער. זיינע לעקציעס דעם טאָג האָט ער געגעבן אָן אופמערקזאַמקייט. ער איז בשעת מעשה געווען שטאַרק צעטראָגן. מיט זיינע תלמידים האָט ער ווייניק גערעדט, ער האָט זיך געאײַלט, ווי שטענדיק ווען ער איז געווען אין אַזאַ צושטאַנד, צו בלייבן אַליין מיט זיך און באַטראַכטן זיין מאָמענטאַלן זעעלישן צושטאַנד.

דעם טאָג איז ער געגאַנגען אהיים צופּוס און גייענדיק האָט ער געגעבן פרייען וועג זיינע געדאַנקען, נאַטירלעך איז דער צענטער פון זיינע געדאַנקען געווען קאַטיע.

צי איז ניט אַמאָל קאַטיע גערעכט, האָט ער געטראַכט, איך ליב דאָך פּאָרט ניט סאָניען. קאַטיעס בילד שטייט דאָך פּאָרט שטענדיק פאַר מיינע אויגן, מיין נשמה איז דאָך פול נאָר מיט קאַטיען, און רייד איך מיט סאָניען, זע איך דאָך נאָר קאַטיען. טאָ פאַרוואָס בין איך דאָס אַזאַ אומגליק־

ליבער? פאַרוואָס האָב איך מיך געלאָזט פאַרפּלאָנטערן און קען ניט אַרויס פון דעם פּלאָנטער? ווי אַזוי איז איבערהויפּט סאָניע געוואָרן מיין כלה? עס איז דאָך איינפאַך צו לאַכן פון דער גאַנצער זאַך. מיטאַמאָל האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער האָט קאַטיעס בילד בײַ זיך אין קעשענע, ער האָט אַרויסגענומען איר בילד און האָט דאָס גענומען באַטראַכטן און אַ שטראָם טרערן האָט זיך גענומען גיסן פון זיינע אויגן, דאָס האַרץ האָט אים פאַר־קוועטשט פון ווייטיק, ער האָט געהאַלטן דאָס בילד אין האַנט און צו זיך אַליין גערעדט: „יאָ, קאַטיע, דו ביסט גערעכט, איך ליב דיך, דו ביסט מיין גאַנץ לעבן. איך אָטעם נאָר מיט דיר און אָן דיר קען איך ניט לעבן. ער האָט צוגעדריקט דאָס בילד צו זיין האַרץ, פונקט ווי יענעם אָוונט, ווען ער האָט דאָס בילד געפונען אַף זיין נאַכט־טישל אין קאַרפּס שלאָס און האָט דאָס געקושט אָן אויפהער. און אין די אויערן האָבן אים געקלונגען די ווער־טער: „ווילי, איך ליב דיך".

נאָך דעם נייעם ליבע־אויסברוך, וואָס ער האָט דערפילט בײַ זיך צו קאַטיען, האָט זיך וואַלדמאַן אַביסל אויסגעלייטערט. דאָס וויינען האָט אים געמאַכט מונטערער, ער האָט זיך געפילט אין דעם מאָמענט עטוואָס פעסטער. יאָ, האָט ער זיך געטראַכט, איך מוז מאַכן אַ סוף צו דער טראַגי־קאָמעדיע. דער קאָמישער שפּיל מוז אויפהערן, עס קען ווייטער אַזוי ניט גיין. איך ליב קאַטיען און ווייטער קיינעם ניט. ווי ביטער דאָס זאָל ניט זיין, וועלכע קאָנסעקווענצן דאָס זאָל ניט ברענגען, מוז איך רעדן מיט סאָניען, דערציילן איר דעם גאַנצן אמת, אויפקלערן איר מיין לאַגע און בעטן זי זאָל מיר מוחל זיין און עס מוז נעמען אָן ענדע דערצו. איך וועל ערגעץ ווייט אַוועקפאָרן, דאָרט וווּ קיינער קען מיך ניט און וועל אַ סוף מאַכן צו מיינע וואַקלענישן, איך וועל ווייזן קאַטיען, אַז איך האָב ניט קיין מורא פאַר דער ליבע צו איר און קיינער שטערט מיר ניט זי צו ליבן און זיך פאַרייניקן מיט איר.

אונטער דעם איינדרוק פון דאָס וואָס ער האָט איצט באַשלאָסן, איז ער געקומען צו זיך אַהיים. ער האָט גיך אָפּגעגעסן זיין מאָלצייט און גענו־מען פאַרווירקלעכן זיין באַשלוס.

— הער, מאַמע, — האָט ער זיך געווענדעט צו זיין מוטער, — איך וויל מיט דיר עפּעס ריידן. דו ווייסט, אַז מיין חתן־ווערן פאַר סאָניען איז צוגעגאַנגען אַזוי קאָמיש, אַז עס איז פּשוט לעכערלעך. דער גאַנצער שידוך האָט זיך געשאַפן אַ דאַנק אַ גאַנצער ריי צופעליקע אומשטענדן, אָבער איך האָב דעם שידוך ניט געוואָלט און וויל אים אויך איצט ניט. איך ליב ניט סאָניען אין אַזאַ מאָס, אַז איך זאָל זי מאַכן פאַר מיין פרוי און דערפאַר וויל איך מיט איר ניט הייראַטן.

— סאָניע, — האָט ער ווייטער גערעדט צו זיין מוטער, — האָט זיך ביטער טועה געווען אין מיינע באַציונגען צו איר, הגם איך האָב קיינמאָל איר ניט געגעבן קיין אָנצוהערעניש פון ליבע צו איר, האָט זי אָנגענומען מיינע רייד צו איר, וועגן אַן ענין וואָס איך האָב געוואָלט איר זאָגן, פאַר אַ ליבעס־דערקלערונג פון מיין זייט. וואָס איז שייך אונדזערע תנאים, האָסטו דאָך אַליין געזען, אַז מען האָט מיר פּשוט אָנגעהאָנגען אַ כלה אויפן האַלדז, אַזעלכע צו וועמען מיין האַרץ ציט ניט און צו וועמען איך פיל ניט דעם מינדעסטן ליבעס־געפיל. איך וויל, מאַמע, דו זאָלסט פאַרזיכטיק מיט סאָניען וועגן אַלץ איבערריידן און געבן איר צו פאַרשטיין פון דעם טעות און פון דער גאַנצער געשאַפענער סיטואַציע.

— ניין, מיין זון, — האָט אים קאַטעגאָריש זיין מאַמע געענטפערט, — איך וועל דאָס ניט טאָן. ערשטנס זע איך ניט אַיין פאַרוואָס סאָניע איז דיר ניט קיין כלה. סאָניע איז אַ ווילע און גוטע יידישע טאָכטער, זי איז שיין און קלוג, געראָטן און רייך, קיין בעסערע כלה פאַר דיר האָב איך מיר גאָרניט געקענט פאַרשטעלן, און, צווייטנס, וואָס טוט זיך מיט דיר? ווי האַנדלסטו דאָס אַזוי אַ דערוואַקסענער מענטש? ווי רעדט דאָס אַזוי אַ מענטש וואָס וויל זיין געבילדעט? ווי לאָזטו זיך דאָס אַריינציען ווי אַ לעמעשקע אין אַן ענין וואָס איז פאַרבונדן מיט דיין גאַנצן לעבן, קעגן דיין ווילן? דאָס איז דאָך די גרעסטע חרפּה פאַר דיר, וואָס וועלן לייט זאָגן אויף דיר? שעם דיך כאָטש איבערצוריידן וועגן אַזאַ נאַרישקייט. היינט די חרפּה וואָס דו ברענגסט אויף אַ יידישער טאָכטער? ווו איז דאָס צו הערן, מען זאָל אַזוי מיאוס אויסלאַכן אַן אָרנטלעכע און ערלעכע יידישע מיידל?

דו קענסט דאָך מיט אַזאַ האַנדלונג דעם גרעסטן אומגליק, חלילה. ברענגען אַף אַ מענטשן. געהערט אַ געשיכטע, אַזאַ אומשולדיק שיין קינד, פשוט אויסלאַכן, באַזונדערס, אַז זי ליבט דיך אַזוי שטאַרק, אַז דו ליבסט זי נישט אַזוי, איז דאָס גאָרניט אַזוי וויכטיק. דו וועסט זי ליב באַקומען נאָך דער חתונה. פאָלג מיך מיין זון, מאַך ניט קיין לייטישע געלעכטער און טראַכט ניט מער פון אַזעלכע נאַרישקייטן. אַזאַ מענטש ווי דו, דאַרף זיין מער אויסגעהאַלטן און מער ענערגיש. — האָט אים זיין מוטער צום סוף אויסגעמוסרט און אים געלאָזן אַליין.

נאָך דער לעקציע וואָס ער האָט באַקומען פון זיין מוטער, האָט ער זיך געפילט, ווי אַן אָפּגעשמיסענער. ער איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם נאָז, ער האָט זיך געשעמט פאַר זיך אַליין, פון זיין מוטערס איינפאַכע אָבער גערעכטע ווערטער. ער איז אַריין צו זיך אין צימערל און די פעסטקייט וואָס ער האָט פריער בא זיך באַשלאָסן אַזוי צו האַנדלען, איז צעפאַלן ווי אַ קאָרטן־שטיבל.

אין איינעם פון די נאָנטסטע טעג, זייענדיק אין הויף בא זיינע לעקציעס, האָבן אים זיינע תלמידים אָנגעזאָגט די שמחה, אַז זייערער עלטערער ברודער, אַן אָפיציר אין פעטערבורג, קומט אַהיים צוגאַסט און זיי האָבן באַשלאָסן לכבוד אים צו מאַכן אַ גרויסאַרטיקן באַל, אַף וועלכן עס וועלן זיין איינגעלאַדן אַלע פּריצים פון אַרום.

בא וואַלדמאַנען איז דאָס בלוט אַרופגעשטיגן אין קאָפּ, דערהערנדיק די דאָזיקע נייס. ער האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז אַף אַזאַ באַל וועט געוויס קומען קאַטיע. ער וועט זיך מוזן מיט איר זען, זי וועט וועלן זיכער אופקלערן זייער לאַגע. ווי זאָל ער איר קוקן אין די אויגן? וואָס זאָל ער מיט איר ריידן און וואָס האָט ער איר צו זאָגן?

דערווייל האָט מען זיך גענומען גרייטן אין הויף צו דעם אָנאָנסירטן באַל. עס זיינען פאַנאַנדערגעשיקט געוואָרן איינלאַדונגען צו אַלע שכנות־דיקע פּריצים און אַלע אַדעליקע פון דער געגנט. סאָניע מיט וואַלדמאַנען האָבן אויך באַקומען אָפיציעלע איינלאַדונגען צו דעם באַל.

סאָניע האָט זיך זייער געפרייט מיט דער איינלאַדונג, זי האָט איינ־סע מאָל איבערגערעדט מיט וואַלדמאַנען, ווי פריילעך דאָרט וועט זיין, וועלכע שיינע קאָסטיומען מען וועט דאָרטן זען, וועלכע גרויסאַרטיקע לייט דאָרטן וועלן דערשיינען. זי האָט באַשלאָסן צו פאָרן קיין מעמעל, די נאָנט־סטע דייטשישע שטאָט פון גרענעץ, זיך מאַכן א קלייד צום באַל.

מיט איר אָפּפאָרן אַף איינצקע טעג, האָט זיך וואַלדמאַן געפילט דער־לייכטערט אביסל פון דאָס וואָס עס האָט אים האָט אים אַזוי געדריקט. קודם איז אים פאַרשפּאָרט, דערוויל לכל הפחות, צו מאַכן פאַר איר די פּיינלעכע דערקלערונג, וואָס ער האָט זיך נאָך אַלץ געקליבן צו מאַכן, אגב וועט ער בלייבן א צייט אַליין, וועט ער צייט האָבן איבערצוטראַכטן די גאַנצע סי־טואַציע און באַשליסן ווי זיך צו האַלטן, באַם זען זיך מיט קאַטיען.

די גאַנצע צייט האָט וואַלדמאַן אויסגעמיטן צו בלייבן אויג אַף אויג מיט זיין מוטער, ער האָט זיך געפילט שטאַרק געטראָפן פון אירע רייד, וואָס זי האָט אים דעמאָלט לאַנג אַזוי אויסגעמוסרט פאַר זיין נאַרישער, ניט אויסגעהאַלטענער און כאַראַקטערלאָזער האַלטונג. אַזוי זיינען פאַרביי די עטלעכע טעג וואָס האָבן אים דערוויטערט פון זיין צוקונפטיקער אונ־טערריידונג מיט קאַטיען. ער האָט דערוואַרט דעם טאָג, ווי א פּראָצעסיר־טער דערוואַרט אַף זיין משפט, וו מען דאַרף אים אַרויסטראָגן א באַשול־דיקונג און א האַרבע שטראָף. ער האָט וויפל מאָל זיך געווינטשן בעסער קראַנק ווערן אַף איינצקע טעג כדי אויסצומיידן די זעאונג און אונטערריידונג מיט דער באַראָנעסע. זיין ווונטש איז אָבער ניט מקוים געוואָרן, דער טאָג איז דאָך געקומען.



## פיראונצוואנציקסטער קאפיטל

אין קעגנזאץ צו וואלדמאנען, איז די באראנעסע קארף געווען מיט א פעסטן, אפענעם און אויסגעהאלטענעם כאראקטער. ביז זעכצן יאר האט זי זיך דערצויגן אונטער דער אויפזיכט פון איר מוטער, די באראנין שאר־לאטע קארף, פון פראנצויזישן אפשטאם. די באראנין האט געהאט א שטארקע נייגונג צו ליבעראלע און דעמאקראטישע לעבנס־אנשויונגען און האט די דאזיקע נייגונג אויך איינגעפלאנצט בא דער טאכטער. איר פאטער, דער באראן, כאטש ער איז געווען א רוסישער מיליטערמאן, איז ער אבער אליין קיין דיספאט ניט געווען, אף וויפל ער איז געווען פריי פון זיינע מי־ליטערישע פליכטן און פייערלעכע פאראדן, האט ער זיך געפירט זייער פריי, ער איז ניט געווען קיין רעליגיעזער און האט ניט געהאלטן פון דעם רוסישן קלער.

קאטיעס לערער זיינען געווען: דער סטודענט־אגראנאם אלפרעד ראָ־זענבערג, א באלטישער דייטש, פון לעבן ריגע, און דער פראנצויז דעליר־פער, א מאן פון א סך וויסן און פון א גאר הויכער קולטור. א פאנאטישער אנהענגער און ליבהאבער פון דער פראנצויזישער רעפובליק און אירע פריי־הייטס־דאקטרינען.

דער לערער ראזענבערג האט שרעקלעך געהאסט רוסלאנד און האט ניט פארטראגן די רוסישע רעגירונג. ער האט ניט ליב געהאט די רוסישע שפראך און פיינט געהאט אלע רוסישע באאמטע, ער האט ניט געליטן אפילו דעם באראן קארף אליין. דערפאר וואס ער האט זיך געשטעלט צו דינסט דעם רוסישן מיליטאריזם. אין קאטיען האט ער געזוכט צו אנטוויק־לען אן עכטן גערמאנישן גייסט. ער האט זי געוואלט מאכן פאר א פריי

דענקנדיקע, ניט אָנערקענען קיין רעליגיעזע אויטאָריטעט. רעליגיע, האָט ראָזענבערג אײנגעטענהט, ליגט ניט אין די הימלען און ניט בײַ גאָט. רעליגיע ליגט אין מענטשן גופא, פאָלגלעך איז רעליגיע ניט קיין הימלישע נאָר אַן ערדישע זאַך. יעדער מענטש פאַר זיך איז אַ גאַנצע וועלט אין מיניאַטור, און אין דער מיניאַטור וועלט וואָס דער מענטש טראָגט ארום אין זיך ליגט דאָרטן אויך זײַן רעליגיע, נאָר וואָס דען, ניט אַלעמען וועמען מיר באַטראַכטן פאַר מענטשן זײַנען טאַקע ריכטיקע מענטשן. אום צו זײַן אַ ריכטיקער מענטש, דאַרף מען שטאַמען פון אַ העכערער און אײדעלערער ראַסע. נאָך זײַן מײנונג איז די רײנסטע ראַסע נאָר די גערמאַנישע, דער־פאַר קענען אָנערקענט ווערן פאַר עכטע מענטשן נאָר די וואָס שטאַמען פון דײטשן, רײנעם ניט געמישטן בלוט. צוליב דעם גרונט זײַנעב, צוליב דער דאָזיקער טעאָריע זײַנער, האָט ער געהאַסט יידן. די יידן, האָט דער צעדרײטער סטודענט געטענהט, זײַנען פון גאָר אַ נידעריקער ראַסע, דער־פאַר קען מען זיי ניט אָנערקענען פאַר מענטשן.

דער פראַנצויזישער לערער האָט, אין קעגנזאַץ צו דעם ערשטן, גע־זוכט צו אַנטוויקלען בײַ איר פרײַהייט פון געדאַנק, אַכטונג צו אַלע מענ־טשען, ליבע צו פרײַהייט און גלײַכהייט, ער האָט אין איר אַנטוויקלט דעם באַוווסטזײַן, אַז לעבן קען מען נאָר אונטער אַ דעמאָקראַטישן רעגירונגס־רעזשים. אַן אַנדער לעבן, ווי אַ דעמאָקראַטישער איז ניט קיין לעבן, דאָס הײסט בײַ אים שקלאַפערײַ. דערפאַר זײַנען אַלע רוסן געווען בײַ אים פאַ־רעכנט ווי שקלאַפן.

אָט אונטער דער השפּעה פון די צוויי לערער האָט זי זיך געפונען ביז איר 17־יאָריקן עלטער. אין דעם דאָזיקן עלטער איז שוין בולט געווען צו מערקן דעם אײנפלוס פון אירע לערער אַף איר כאַראַקטער, פון דעם ערשטן לערער האָט זי איבערגענומען אַ פאַרגעטערונג און ליבע צום גער־מאַניזם, אין דער זעלבער צײַט האָט זי אָבער איבערגענומען פון איר צווײטן לערער, דעם פראַנצויז, די ליבע צו פרײַהייט און זעלבסטשטענדי־קײט, און אַ שטאַרקע נייגונג צו אַ דעמאָקראַטישן לעבן, האַס און טאָד־לונג צו אַלץ וואָס עס שמעקט מיט טיראַניזם און געוואַלט.

צו זיבעצן יאָר האָט קאַטיע קארף געמוזט פאַרברענגען אין דעם באַ־רימטן פעטערבורגער טעכטער־אינסטיטוט, ווו דער גרעסטער טייל פון די רוסישע אדעליקע האָבן דערצויגן זייערע טעכטער און פאָרבאַרייטעט זיי צו פאַרנעמען זייער צוקונפטיקן פּלאַץ אין דער רוסישער הויכער געזעל־שאַפט, וואָס עס קומט זיי, אַ דאַנק דעם וואָס דער פאָטער זייערער פאַר־נעמט אַ הויכן פּלאַץ אין דער רוסישער געזעלשאַפט, באַזיצט אַ הויכן טיטל אָדער האָט אַ גרויסן ראַנג, אָבער ניט חלילה צוליב זייערע פּערזענלעכע פאַרדינסטן.

אין דעם אינסטיטוט האָט זי פאַרבראַכט דריי יאָר. אף קאַטיען האָט דער דערציונגס־אַנשטאַלט ניט געמאַכט קיין באַזונדערן איינדרוק און האָט איר כאַראַקטער אין גאָרניט געענדערט. די שטרענגע דיסציפּלין און די באַגריפן פון מאָראַל, וואָס האָט געהערשט אין די פיר ווענט פון יענעם אינסטיטוט, די אַריסטאָקראַטישע מאַניערן וואָס מען האָט זיי דאָרטן אַריינגעשלאָגן אין קאָפּ, האָט קאַטיע באַטראַכט בלויז ווי אַן איבעריקער באַלאַסט, פון וועלכן מען דאַרף וואָס גיכער פּטור ווערן. זי האָט שוין גע־האַט איר אייגענעם קוק אַפן לעבן בכלל און וועגן רוסלאַנד באַזונדער.

פאַרלאָזנדיק דעם אַנשטאַלט איז קאַטיע קארף געבליבן פּונקט די פריערדיקע קאַטיע, איר האַס צו אַלץ וואָס איז רוסלאַנד, איר ליבע צו פרייהייט און דעמאָקראַטיע, איר פאַראַכטונג פון גערמאַניזם, און איר נעגאַטיווע באַציונג צו דער רעליגיע, איז שוין בא איר דעמאָלט געווען איינגעוואָרצלט. דערצו האָט זי נאָך איבערגענומען פון איר פאָטער זיינע אויסגעהאַלטענע, רואיקע און מאַכטליבנדיקע כאַראַקטער־שטריכן און צו־זאַמען דערמיט די פאָלקסטימלעכקייט פון איר מוטער.

אַזאַ איז געווען קאַטיע קארף, ווען דער גורל האָט צוזאַמענגעפירט וואַלדמאַנען מיט איר.

אירע געפילן צו וואַלדמאַנען זיינען געווען אַבסאָלוט ריינע, האַרצי־קע און אופריכטיקע. ביז וואַלדמאַנען האָט זי נאָך קיינעם ניט געליבט, הגם מען האָט זי באַטראַכט אין דער געזעלשאַפט אַלס צוקונפטיקע כלה פון יונגן באַראָן מאַנטייפל, האָט זי אַליין אָבער וועגן דעם נאָך קיינמאָל

ניט געהאַט פאַרטראַכט זיך. אירע באַציונגען צו אים זיינען געווען פריינט־לעכע און ביז גאָר העפלעכע. אין האַרצן אָבער האָט זי פאַר אים גאָרניט געהאַט, אין דעם מאָמענט וואָס זי האָט דערפילט אין איר האַרץ אַ געפיל פון ליבע צו וואַלדמאַנען, איז דאָס געווען דער ערשטער געפיל וואָס איז אין איר האַרץ געבוירן געוואָרן צו אַ מאַן, זי האָט גוט איבערגעטראַכט וואָס עס באַדייט ליבן וואַלדמאַנען, זי האָט געוווסט מיט וואָס אַזאַ ליבע איז פאַרבונדן, האָט געצויגן אין באַטראַכט די קרבנות וואָס אזא ליבע וועט פון איר פאָדערן און די קאָנסעקווענצן וואָס דאָס וועט מיט זיך ברענגען.

אירע נאַטור איינגנשאַפטן, איר נייגונג צו זעלבסטשטענדיקייט און פרייהייט האָבן ניט געשטערט, אַז די דאָזיקע ליבע זאָל קריגן וואָרצלען און זאָל זיך פאַנאַנדערוויקלען אין איר האַרץ. דערצו האָט זי גאַנץ גוט געוווסט די צוגעבונדנקייט פון אירע עלטערן צו איר. זי האָט געקענט איר מוטערס אָנשויונג און האָט געגלויבט, אַז סוף כל סוף וועט זי איבערקומען אַלע מעגלעכע געזעלשאַפטלעכע פאָרורטיילן און וועט זיך קענען פאַרייניקן מיט דעם וועמען זי ליבט. וואָס איז שייך די סאָציאַלע דיפערענצן צווישן זיי ביידן, האָט זי זיך אַף דעם ניט איין מאָמענט פאַרטראַכט, דאָס האָט פאַר איר ניט עקזיסטירט, זי האָט נאָר מורא געהאַט, אַז די ראַסע אָדער רעליגיעזע דיפערענצן צווישן זיי ביידן וועלן אפשר שטערן זייער פאַרייני־קונג. האָט זי אָבער אין דער הינזיכט שטאַרקע האָפענונגען געלייגט אַף וואַלדמאַנס בילדונג און זיין באַוווסטזיניקייט. זי האָט גערעכנט, אַז אַזאַ יונגערמאַן ווי וואַלדמאַן, שטרעבט צו פרייהייט ווי זי, אַנטירעליגיעז ווי זי, וועט זיך ניט אָפשטעלן אַף אַזאַ קלייניקייט ווי ראַסן איינפלוס אָדער רעליגיעזער סענטימענט און ער וועט זיין דער ערשטער אַריבערצוטרעטן די גרענעץ פון די דאָזיקע דיפערענצן, אין לעצטן פאַל, האָט קאַטיע גע־רעכנט, וועט זי דאָס טאָן, זי וועט זיך ניט אָפשרעקן פאַר די קלייניקייטן און וועט אַריבערגיין צו אים.

פאָרנדיק איצט אין איר לוקסוס־קאָטש צו די אָגינסקים, איז קאַטיע געזעסן באַקוועם אַפן געזעם און האָט אין געדאַנק איבערגעטראַכט, אַז איינגנטלעך וואָלט זי גאָרניט געפאָרן צו דעם באַל, די גאַנצע זאַך וואָס איר

ציט צו די אַגינסקים, צו די דאָזיקע פּוילישע פּאַטריאָטן, איז ניט מער ווי כאַפּן אַ קוק אַף וואַלדמאַנען. איר ליבע צו אים איז שוין געוואָרן איינגע־וואָרצלט אין איר האַרצן, זי קען אים ניט פאַרגעסן, זי קען ניט אָן אים לעבן און זי וויל דאָס גאָרניט, זי ליבט אים מיט אַלע אירע כוחות און וויל אים זען.

דער בריוו וואָס וואַלדמאַן האָט איר געשריבן, אין וועלכן ער זאָגט זיך אָפּ פון איר ליבע צו אים, האָט זי ניט אַף איין מאָמענט גענומען ערנסט. אַז ער ליבט איר איז באַ איר געווען אויסער יעדן צווייפל. דאָס האָט זי געפילט. איר פאַרליבט האַרץ האָט דאָס איר געזאָגט, זי האָט דאָס געפילט מיט איר פרויען־אינסטינקט. דער בריוו האָט איר נאָר געגעבן אַ גרונט צו באַטראַכטן די אומשטענדן וואָס האָבן אים געקענט באַוועגן צו שרייבן אַזאַ בריוו. נאָך פיל טראַכטן און דענקען איז זי געקומען צו דעם אויספיר, אַז דאָס איז געשען נאָר אַ דאַנק זיין שוואַכן כאַראַקטער וואָס ער האָט, דאָס ווידער איז ניט מער ווי אַ קאָנסעקוועניץ פון זיין אומסיס־טעמאַטישער דערצויגנקייט, אָרעמע אומשטענדן אין וועלכע ער איז גע־וואַקסן. דאָס מוז מען ציען אין באַטראַכט און מען דאַרף דאָס ניט נעמען פאַר ערנסט.

זי האָט בשום אופן ניט געגלויבט, אַז זיין ווידערשטאַנד זאָל זיין אַ פּועל יוצא דערפון, וואָס זיינע געפילן צו איר זיינען שוואַכער געוואָרן, אָדער ניט אַף אַזוי פיל שטאַרק, אַז אונטער אַלע אומשטענדן זאָל ער זוכן מיט איר זיך צו פאַרייניקן. קענענדיק אַביסל דאָס יידישע לעבן, האָט זי גיכער געגלויבט, אַז דאָס מוזן ווירקן אַף אים רעליגיעזע אָדער יידיש־נאַ־ציאָנאַלע סענטימענטן.

אויב דאָס זאָל זיין אַזוי, איז פאַרפאַלן, וועט זי זיין די ערשטע פון זיי ביידן אין נאָכגעבן. פאַר איר איז דאָס גאָרניט. ס׳איז אַ קלייניקייט. נאָר וואָס דען, האָט זי איצט געטראַכט, דאָס זאָל בלייבן גאָר צום לעצט. די קאָרט דאַרף מען נאָך פאַר אים ניט עפענען. צוערשט מוז מען אָנווענדן אַנדערע מיטלען אים צו באַוועגן, ער זאָל אָנפאַנגען האַנדלען, אין באַצוג צו איר, מיט מער ענערגיע.

קאַטיע האָט שוין אויך געוווסט פון וואַלדמאַנס פאַרקנסן זיך. זי האָט אָבער דעם פאַקט קיין באַדייטונג ניט צוגעגעבן. זי האָט דאָס באַטראַכט פאַר אַ נאַרישער יינגלשער קאָמעדיע. זי האָט ניט מורא געהאַט אַפילו דאָס זאָל זיך פאַרענדיקן מיט אַ חתונה פון זיין זייט, זי האָט צייט, זי איז זיכער אין זיין ליבע צו איר און האָט קיין איין מאָמענט ניט געצווייפלט, אַז ער וועט צו איר קומען און מוז קומען.

זיצנדיק אין באַקוועמען קאָטש, האָט זי דאָס אַלץ איבערגעטראַכט און האָט באַשלאָסן, אַז וואַלדמאַן טאָר בשום אופן ניט דערפאַרן פון איר באַשלוס אין נאָכגיביקייט. ער דאַרף זיין בא דעם געדאַנק, אַז אויב עס האַנדלט זיך אין נאָכגעבן, מוז ער זיין דער ערשטער, און האַנדלען וועט זי איצט מיט מער אַנטשלאָסנקייט. קודם, האָט זי געטראַכט, דאַרף מען צו אים אָנווענדן די געוויינלעכע סטראַטעגיע פון פרויען, ווען זיי שטויסן זיך אָן אַף גלייכגילטיקע ליבע פון מענער, מען מוז אַרויסרופן אַ געפיל פון אייפערזוכט בא וואַלדמאַנען, אין אַזאַ פאַל איז דאָס זייער אַ גוטער מיטל און מוז ווירקן, נאָכדעם וועט מען ווייטער זען. מיט דעם באַשלוס איז קאַטיע געקומען צו די אָגינסקיס.

סאָניע מיט וואַלדמאַנען האָבן זיך צוגעקליבן צום באַל. זיי האָבן זיך אָנגעטאָן אין די שענסטע קליידער, וואָס זיי האָבן לעצטנס אופגענייט, זיי האָבן זיך באַזאָרגט מיט אַלע קליינקייטן, וואָס מען האָט געדאַרפט האָבן אַף דעם באַל; דעם אָוונט האָט זיי זלמן פאַכטער איינגעשפאַנט זיין בעסטן פערד אין זיין לייכטן וועגל און האָט דאָס זיי געגעבן צו פאָרן צום באַל. זיי זיינען אָבער ביידע געפאָרן מיט גאַנץ אַנדערע געדאַנקען.

סאָניע האָט זיך שטאַרק געפרייט מיט דעם באַל. זי איז געווען ניט ווייניק שטאָלץ דערמיט, וואָס אַף דעם באַל וועט דאָך זיין די באַראָנעסע קאָרף, וועמען איר חתן האָט געראַטעוועט פון טויט. געוויס וועט ער דאָך זי פאָרשטעלן פאַר איר און פאַר די אַנדערע באַקאַנטע זיינע, באַראָנען, זאָלן זיי אַלע זען, אַז דער העלדישער יונגערמאַן, וועמען מען נעמט אוף מיט אַזויפיל רעספּעקט און אַכטונג, אין אַלע פריצישע סאַלאָנען, איז איר חתן.

וואַלדמאַן איז געווען פאַרנומען מיט זיינע געדאַנקען. ער האָט גע־טראַכט פון קאַטיען. היינט וועט ער זי זען. ער וועט מיט איר ריידן. ער וועט ווידער קענען באַוווּנדערן אירע ליכטיקע שיינע אויגן, באַטראַכטן איר רייצנדיק געזיכט, זען דעם ליבן שמייכעלע אויף אירע ליפּן. ער וועט האָבן קאַטיען לעבן זיך. דערמאָנענדיק זי, האָט באַ אים דאָס בלוט אין זיינע אָדערן געגומען זידן. עס האָט אים אויפגערעגט אַזוי, אַז זיינע שלייפן האָבן געקלאַפּט ווי מיט האַמערן.

היינט, האָט ער געטראַכט, מוז ער איר אָפן זאָגן, אַז ער ליבט זי שטאַרק, אַז ער טראַכט נאָר פון איר, אַז אָן איר קען ער ניט לעבן, אַז דאָס אַלץ וואָס ער האָט געטאָן איז נאָר געווען אַ מיטל ווי זי צו פאַרגעסן. אָבער עס פאַרגעסט זיך ניט. ער מוז איר זאָגן, אַז ער איז באַרייט אויף אַלץ אין דער וועלט, אַבי נאָר קענען אָנהאַלטן זייער קעגנזייטיקע ליבע.

דער באַל איז פאָרגעקומען סוף אָקטאָבער. דער אָוונט איז געווען אַ האַרבסטיקער, קאַלט און פינצטער. די ביימער אין אָגינסקיס פּאַרק האָבן זיך געבויגן צום טאַקט פון שטאַרקן ווינט, וואָס האָט געבלאָזן פון אַלע זייטן. עס האָט געשפּריצט אַ דינער רעגן, וואָס האָט אָבער באַוויזן, בשותּפות מיטן שטאַרקן ווינט, דורכצונעמען דעם מענטשנס קערפּער ביז צום ביין. עס פאַרשטייט זיך, אַז באַ אַזאַ וועטער האָט מען אין פּאַרק קיין לע־בעדיקן נפש ניט אָנגעזען. אַלע געסט האָבן זיך פאַרקליבן אין גרויסן, העל באַלויכטענעם סאַלאָן, וווּ מוזיק האָט געשפּילט און פרעלעך האָבן זיך שוין אַרומגעדרייט, ניט וואַרטנדיק אויף דער אָפיציעלער דערעפענונג פון באַל.

די הויפּט באַלעבאָסטע פון באַל איז געווען די יונגע אָגינסקי. זי איז אַרומגעגאַנגען צווישן די געסט, פאַרגעשטעלט די אומבאַקאַנטע. פריילעך, מיט אַ פריינטלעכן שמייכעלע. האָט זי באַגריסט באַקאַנטע און מיט יעדן אויסגערעדט אַ פּאָר ווערטער. די באַראָנעסע קאַרף האָט שוין געהאַט איי־ניקע פּאָלקעס געטאַנצט מיט דעם יונגן גוואַרדיע־אָפיציר אָגינסקי. אָקאָרשט, ווי זי האָט פאַרענדיקט מיט אים אַ טאַנץ, ער האָט נאָך ניט באַ־וויזן אַראָפּנעמען זיינע הענט פון איר טאַליע, ווי אין די ברייט געעפנטע טירן פון סאַלאָן האָבן זיך באַוויזן וואַלדמאַן און סאָניע. די פירשטן אָגינ־

סקי האָט זיך דערנענטערט צו זיי אום זיי אופצונעמען און אריינפירן אין סאַלאָן.

קאַטיע איז שוין געווען צוגעלאָפן באַם זייט פון דער אַגינסקי. זי האָט די ערשטע באַמערקט דעם אריינגייענדיקן וואַלדמאַנען. זי איז צוגעגאַנגען צו זיי שטאָלץ, מיט אַ גלייכגילטיקער מינע, ניט ארויסגעוויזן קיין שום איבערראַשונג. איר פּנים האָט ניט אויסגעדריקט קיין סימן פון אינעוויי־ניקסטער פרייד, מיט וועלכער מען ווערט אָנגעפילט, ווען מען דערזעט אַ געליבטע פּערזאָן נאָך אַ געוויסער צייט פון דערווייטערונג.

— אָט קומט מיין וואַלדמאַן. — האָט זי שטיל אַ זאָג געטאָן צו דער אַגינסקי, — אַפּנים, אַז דאָס מיידל באַ דער זייט מוז זיין די כלה זיינע.

— יאָ, דאָס איז סאָניע ליכט, מיין באַקאַנטע יידישקע, וואָס פאַר־ווײַלט מיר אין די אומעטיקע טעג, ווען קיין געסט זיינען ניטאָ באַ אונדז. — האָט די פירשטין איר געענטפערט און זיי זיינען צוגעגאַנגען נענטער צו זיי. גייענדיק האָט קאַטיע איר עפּעס אריינגעשעפּטשעט אין אויער, וואָס קיינער האָט ניט געהערט.

— אָ, וואַלדמאַן, וואָס מאַכט איר? — האָט קאַטיע אויסגעשריען און אים אויסגעשטרעקט איר שיינע קליינע הענטעלע.

וואַלדמאַן האָט אַ בליק געטאָן אַף קאַטיען. דאָס בלוט האָט אים אַ זעץ געטאָן אין די שלייפן. דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט אַזוי אַז מען האָט גע־קענט הערן פון ווייטן. ער האָט גענומען קוקן איר אין די אויגן. ער האָט געוואָלט דערזען איר באַקאַנטן ליבן שמייכעלע. ער האָט געוואָלט הערן ווערטער פון איבערראַשונג פון איר. ער האָט געוואָלט אראָפּלייענען סמנים פון ליבשאַפט, צייכנס פון צופרידנקייט אַף איר פּנים. ער האָט דאָס אָבער קיין זאַך ניט געמערקט, שטאָלץ און גלייכגילטיק איז זי געשטאַנען לעבן אים, גאָרניט די קאַטיע, וואָס ער האָט דערוואַרט צו זען. גאָרניט די. וואָס ער האָט געקאָנט. ניט יענע, וואָס האָט צו אים געזאָגט די פּאַרכישופטע ווערטער: „ווילי, איך ליב דיך“, גאָר אַן אַנדערע איז פאַר אים געשטאַנען. זי וואַרפט אירע גלייכגילטיקע בליקן דאָ אַף אים, דאָ אַף זיין באַגלייטערן. אָבער אַלץ מיט רואיקייט און זאַכטקייט, וואָס נאָר אַ דייטש קען דאָס.

וואַלדמאַן איז געוואָרן אַנטוישט פון אַזאַ באַגעגעניש. ער האָט דער־פילט אַ פוסטקייט אין האַרצן, אים איז געווען פונקט ווי מען וואָלט אים אָפּגעגאָסן מיט אַן עמער קאַלט וואַסער. זיין גאַנצער מענערישער עגאָיזם איז דאָ אָנגערירט געוואָרן. ער האָט קיין וואָרט ניט געקענט פון מויל אַרויסריידן. בײַ די אומשטענדן האָט ער שוין געזען, אַז אים איז ניט גע־בליבן עפּעס אַנדערש, ווי אויך אַזאַ קאַלטקייט אַף זיך אַרופציען.

— דאָס איז אייער כלה, וואַלדמאַן? — האָט קאַטיע ווידער אָנגע־פאַנגען — וואָס שטייט איר עפּעס ווי אַ סטאַטוע? פאַרוואָס שטעלט איר זי ניט פאָר פאַר מיר? איך וויל מיך מיט איר באַקענען און באַפריינדן.

פאַר וואַלדמאַנען זיינען אירע ווערטער געווען ווי נאָדלשטעכן אין לייב. ער האָט אָבער קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט און האָט גענומען פאָרשטעלן סאָניען פאַר איר.

קאַטיע האָט שעלמיש עפּעס אַ ווונק געטאָן צו דער אָגינסקי. זי האָט גענומען וואַלדמאַנען אונטערן אָרעם און אים געפירט טיפער אין סאַלאָן. און זי האָט געטאָן דאָס זעלבע מיט סאָניען. זי האָט מיט איר אויסגערעדט אייניקע ווערטער, צוגעפירט איר צו אייניקע באַקאַנטע. האָט איר געלאָזן דאָרטן שטיין און אַליין האָט זי זיך אַוועקגעלאָזן טאַנצן מיט דעם יונגן באַראָן מאַנטייפל, וואָס האָט זיך אין דעם מאָמענט באַוויזן אין סאַלאָן.

וואַלדמאַן איז געבליבן שטיין בײַ דער זייט פון דער אָגינסקי, ווי אַן אָפּגעשמיסענער. ער האָט בשום אופן ניט דערוואַרט אַזאַ קאַלטע באַגע־געניש מצד דער וואָס האָט זיך צו אים די ערשטע דערקלערט אין ליבע. אמת, ער האָט איר געשריבן, אַז זי זאָל אים פאַרגעסן. ער האָט איר דער־מאָנט אַז צווישן זיי ליגט אַ תהום, וואָס עס וועט שווער זיין אַריבערצו־טרעטן. אָבער זי האָט דאָך אים געענטפערט, אַז זי ליבט אים טראָצדעם, טאָ וואָס איז דאָ מיטאַמאָל געשען? פאַרוואָס אַנטלויפט זי פון אים? ער האָט געזוכט קאַטיען מיט זיינע אויגן. ער האָט געוואָלט נאָכאַמאָל אַ קוק טאָן אַף איר. ער האָט געוואָלט זיך איבערצייגן, אויב עס איז טאַקע אַזוי. ער האָט זי דערזען, אָבער גאָר אין די אָרעמס פון באַראָן מאַנטייפל, ווי דער באַראָן האָט איר דאָס אַזוי צוגעטוליעט צו זיך, ווי ער שמייכלט דאָס

איר אין פּנים, ווי ער רעדט דאָס צו איר. און זי? זי אויך. ווי גראַציעז זי האָט דאָס אַרופגעלייגט איר האַנט אַף זיין שולטער, ווי זי קלעפּט דאָס צו אים. זי זעט גאָר קיינעם ניט, ווי נאָר אים. און דער כעס האָט גענומען ברענען אין אים. ווען ער וואָלט געקענט. וואָלט ער מיט זיינע הענט צע־ריסן אַלעמען דאָ אין סאַלאָן, קאַטיען ניט אויסגעשלאָסן.

נידערגעשלאָגן, אָן מוט, אַ בלייכער און אָן אַ טראָפּן בלוט אין זיין פּנים, איז ער געבליבן שטיין אַף דעם זעלביקן פּלאַץ וווּ אַגינסקי האָט אים געלאָזן. ער האָט קיינעם ניט געזען. ער האָט קיין זאַך ניט געהערט, קיין זאַך ניט באַמערקט, זיינע אויגן זיינען געוואָרן ווי פאַרגלעזערט. ער אַליין ווי פאַרגליווערט, פון פאַרדרוס און צאָרן.

דעם גאַנצן אָוונט האָט ער זיך קיין אָרט ניט געפונען. אייניקע געסט האָבן געפּרוווט ריידן צו אים. האָט ער עפּעס צו זיי געמורמלט אין אַן אומפּריינטלעכן טאָן און זיי האָבן אים גלייך פאַרלאָזן. זיי האָבן דאָס אָנ־גענומען פאַר אומהעפלעך און אומדערצויגן פון זיין זייט. קאַטיע איז יאָ געווען צו אים אַ פּאָר מאָל צוגעגאַנגען, האָט מיט אים יאָ אויסגערעדט אַ פּאָר ווערטער. איין מאָל אַפילו צום טאַנצן איינגעלאַדן, אָבער צו אַ גע־מיטלעכן געשפּרעך צווישן זיי איז אַ גאַנצן אָוונט ניט געקומען.

סאָניע האָט יאָ פאַרבראַכט גאַנץ פריילעך דעם אָוונט. זי איז געוואָרן איינגעלאַדן צום טאַנצן פון די יונגעלייט. זי איז געווען זייער צופרידן. זי האָט אַפילו ניט באַמערקט, אַז איר חתן גייט אַרום איבער די ווינקלען פון סאַלאָן אַליין, אומעטיק און פאַרדריסלעך, ביז ער האָט איר אָפּגערופן אָן אַ זייט און גענומען צוויילן, מען זאָל פאָרן אַהיים. זי האָט אַפילו ניט גע־האַט קיין חשק צו פאַרלאָזן אַזאַ פריילעכע געזעלשאַפט, אָבער זי האָט גע־מוזט אים צוליב טאָן און פאָרן.

אומבאַמערקט כמעט, ניט נעמענדיק קיין אָפּשייד, האָבן זיי פאַרלאָזן דעם באַל און זיינען אַרויס אופזוכן זייער וועגל.

———oOo———

# פינפאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

אויף מאָרגן נאָך דעם באַל, אַז וואַלדמאַן האָט זיך אופגעכאַפּט פון שלאָף, איז ער געלעגן אין בעט און גענומען באַטראַכטן די געשאַפענע לאַגע. ער האָט זיך דערמאָנט דעם נעכטיקן אָוונט. אָבער דער שלאָף האָט אים שוין געהאַט אַביסל אויסגעניכטערט. זיינע אייפערזוכט געפילן קעגן קאַטיען זיינען שוואַכער געוואָרן. אייגנטלעך, וואָס האָט דאָ פּאַסירט? — האָט ער זיך אַליין געפרעגט. — קאַטיע איז געווען צו מיר קאַלט. נו, האָב איך דאָך דאָס אַליין געוואָלט. איך האָב דאָך איר דער ערשטער געשריבן, אַז צווישן אונדז שטייט אַ גרויסע וואַנט. עס וואָלט דאָך געווען פון מיין זייט אַן אַבסורד, פאַרלאַנגען פון אַזאַ פרוי ווי קאַטיע, נאָכדעם ווי איך האָב איר אָפן און קלאָר דערקלערט, אַז מיר זאָלן אונדזער ליבע פאַרגעסן, זי זאָל מיך נאָכלויפן, זי זאָל זיך בעטלען באַ מיר אַביסל ליבע, דאָס וואָלט געקענט פּאַסירן מיט אַ מיידל פון מיין שטאַנד. אָבער ניט באַ אַזאַ שטאָלצער אַריסטאָקראַטקע ווי די באַראָנעסע. אַזאַ ווי זי וועט מיר ניט נאָכלויפן. נאָך אַלעמען ווער זאָגט, אַז זי איז געווען באַזונדערס קאַלט צו מיר. זי האָט מיך באַגעגנט געגנוג העפלעך און פריינטלעך. זי האָט זיך פאַרינטערעסירט מיט סאָניען אַלס מיינע אַ כלה. זי קען זיך דאָך ניט וואַרפן מיר אַפן האַלדז אין קעגנוואַרט פון אַזאַ עולם, דאָס וואָלט דאָך געצויגן אַלעמענס אופמערקזאַמקייט. איי, זי האָט פאַרבראַכט און געטאַנצט מיט אַנדערע דעם גאַנצן אָוונט, איז מה רעש? וואָס דען האָב איך געוואָלט, זי זאָל נאָר מיט מיר פאַרברענגען? דאָס איז דאָך נאַריש, דאָס וואָלט בולט אונטערגעשטראָכן מיין נאַרישן עגאָיזם.

אזוי זיך איבערלייגנדיק, האָט ער גענומען פילן זיך אביסל מוטיקער. ער איז געוואָרן לעבעדיקער. ער האָט זיך מיטאמאָל א הויב געטאָן פון בעט, צו זיך אליין א זאָג געטאָן: — א סוף מוז איך מאכן. מען קען ניט ווייטער דינען קיין צוויי געטער. אָדער סאָניע, אָדער זי. אָבער אזוי ווי קאַטיעס ליבע צו מיר שטייט שוין אונטער א פראַגעצייכן, בלייבט סאָניע. אַלזאָ, מיט קאַטיען א סוף, פאַרגעסן די קורצע אוואַנטורע מיט איר, געווען אַמאָל און ניטאָ מער.

ער האָט מיט א באַזונדער אפּעטיט גענעסן זיין פרישטיק. האָט זיך אָנגעטאָן און אונטערזינגנדיק שטילערהייט א ניגונדל, איז ער ארוים אין גאַס.

זייענדיק אינדרויסן, האָבן אָבער ווידער, ערגעץ אין א פאַרבאָרגן ווינקל אופגעוואכט זיינע געפילן צו קאַטיען. עס האָט גענומען שווימען פאַר זיינע אויגן איר יונגע שיינע געזיכט. ער האָט געזען איר ליבן שמייכעלע, זיינע אויגן האָבן געזען איר שלאַנקע פיגור, איר פרישקייט און הנעוודיקייט האָבן גענומען וועקן בא אים א בענקשאַפט צו איר. עס האָט אים גענומען ציען צו איר. ער האָט זיך אָבער אָנגעשטרענגט און פאַרטריבן די דאָזיקע געפילן פון זיך כדי נאָך זיכערער צו זיין מיט זיך, האָט ער גענומען טראַכטן פון סאָניען.

ער האָט אין געדאנק גענומען פאַרגלייכן קאַטיען מיט סאָניען אזוי, ווי ער האָט זיי ביידן געזען נעבטן אפן באַל. ער האָט פּלוצלונג אַנטדעקט, אַז סאָניע איז א שיין מיידל, ניט מיאוסער פון קאַטיען. אירע געזיכטשטריכן און אירע אויגן זיינען גענוג שיין. איר פיגור פיין געבוים. איר האַלטונג קאָרעקט, איי, זי איז ניט אַזוי געבילדעט ווי קאַטיע, ניט אַריסטאָקראַטיש דערצויגן, טאָ איז וואָס? דערפאַר איז זי דאָך סאָציאַל גלייך מיט מיר, פון איין אָפּשטאַם. אויב איך האָב זי ליב, איז דאָך דאָס ניט קיין פאַרברעכן, אויב איך האָב מיט איר חתונה באַגיי איך דאָך ניט קיין פאַראַט, מיין געוויסן איז דאָך ריין. איך דאַרף מיך ניט פון קיינעם באַהאַלטן מיט מיין ליבע צו איר, אויב זי איז מיין כלה דאַרף איך זיך דאָך ניט שעמען צו קוקן מיינע חברים גלייך אין די אויגן.

מיט די געדאַנקען, טראַכטנדיק אַהין און צוריק, האָט ער זיך דערזען מיטאַמאָל שטייענדיק בײַ סאָניעס טיר. ניט צווייפלענדיק און ניט ראַכטנ־דיק מער איז ער אַרײַן אין שטוב צו איר. ער איז געווען פריילעך און מונ־טער. קיין סימן ניט מער פון זיין געוויינלעכער דעפּרימירונג. ער האָט באַ־זונדער פריינטלעך זיך מיט איר באַגריסט. צערטלעך זי ארומגענומען און זי געקושט. סאָניע איז געווען אין זיבעטן הימל פון זיין צערטלעכקייט. זי איז דערצו ניט געוווינט געווען. זי האָט דאָס פון אים ניט געזען זייט זי איז געוואָרן זיין כלה. זי האָט אים אַזוי פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט און אַליין ניט געגלויבט, ווי קומט צו אים אַזאַ צופלוס פון ליבשאַפט, און אַזאַ אינ־טימקייט, בשעת נעכטן, אַז זיי זיינען געפאָרן פון באַל, האָט זי באַ אים קיין וואָרט ניט געקענט ארויסרייסן. ער איז געווען שרעקלעך נערוועז און דערדריקט. ער האָט דעמאָלט ניט געשפּירט אירע הענט וואָס האָבן אים אַזוי ליב געצערטלט אַפן גאַנצן וועג. היינט איז ער אַזוי אופמערקזאַם, אַזוי פריינטלעך און אַזוי האַרציק.

מען האָט אַרייַנגעטראָגן אין שטוב פרישע צייטונגען. אָקאָרשט דער־האַלטענע. וואַלדמאַן האָט זיך אַ וואָרף געגעבן צו די צייטונגען און אַ גע־שריי געטאָן:

— שוין, די טראַגעדיע אין קיעוו האָט זיך אָנגעפאַנגען!

סאָניע האָט זיך ווי דערשראָקן פון זיין געשריי. זי האָט אויסגע־שטעלט אַף אים אירע צעשראָקענע אויגן און אַ צעטומלטע, אינגאַנצן צי־טערנדיק, האָט זי געזוכט צו דערגיין פון אים, וואָס איז געשען.

— שוין ווייטער אַ נייער אומגליק? וואָס איז דאָרטן אין די צייטונ־גען? — האָט זי אים געפרעגט.

באַ וואַלדמאַנען האָבן זיך די פאַרבן אין געזיכט געביטן. זיין פּנים איז ווי מיט אַ וואָלקן באַצויגן געוואָרן. זיין פריערדיקע פריילעכקייט איז פון אים פאַרשוווּנדן. מיט אַ ציטערנדיקן קול, טיף גערירט פון צער, האָט ער גענומען לייענען די ידיעה פון דער צייטונג „דער פריינד", אַז אין קיעוו האָט זיך שוין אָנגעפאַנגען דער טרויעריקער ביילים־פּראָצעס. אַ פּראָ־צעס וואָס האָט אַזוי אופגערודערט די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט, אַ רע־

גירונג זאָל באַשולדיקן אַ גאַנץ פאָלק אין געברויכן מענטשלעך בלוט צו־ליב ריטועלע צוועקן.

דאָס איז איינער פון די טרויעריקסטע קאַפּיטלען אין דעם מאַרטירער־לעבן פון אונדזער אומגליקלעך פאָלק — האָט וואַלדמאַן אַ פאַרביטערטער געשריען. — דאָס איז דער שרעקלעכסטער פאַטש אין פּנים, וואָס אַ פאָלק קען ווען עס איז באַקומען, איצט אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט זאָל פּאַסירן אַזאַ זאַך, איצט אין אונדזערע מאָדערנע צייטן, אין אַ צייט פון פּראָגרעס און ציוויליזאַציע זאָל מען אויפגראָבן אַן אומגעלומפּערטן בלבול, וואָס שטאַמט נאָך פון אַמאָליקע פינצטערע און שרעקלעכע מיטאַלטער־צייטן, און דאָס קען נאָר פּאַסירן אין אַזאַ לאַנד ווי רוסלאַנד, ווו מען האַלט אַ פאָלק פאַרשקלאַפט און אונטערדריקט. מען מוז מיט אַלע אונדזערע כוחות און מיט אַלע מיטלען וואָס מיר קענען דערגרייכן, פּראָטעסטירן קעגן אַזאַ באַהאַנדלונג פון אַ גאַנץ פאָלק.

וואַלדמאַן איז שטיל געבליבן אַף אַ מאָמענט, ווי ער וואָלט וועלן עפּעס באַטראַכטן.

— ניין! — האָט ער דערנאָך מיט זיין געוויינלעכן פּאַטאָס אויסגע־שריען. — ניט קעגן דער רעגירונג אַליין דאַרפן מיר פּראָטעסטירן, ניט זי אַליין איז שולדיק אין דער באַהאַנדלונג. דאָס גאַנצע פאָלק איז שולדיק. אַ פאָלק טאָר ניט בלייבן גלייכגילטיק צו אַלץ וואָס איר רעגירונג טוט. דאָס פאָלק טאָר ניט דערלאָזן אַז זיינע רעגירער זאָלן טאָן אַזעלכע שענד־לכע זאכן, דאָס איז אַ שאַנדפלעק אַף דעם גאַנצן פאָלק, און מיר טאָן קיין מגע און משא ניט האָבן מיט אַזאַ פאָלק.

וואַלדמאַן האָט זיך מיטאמאָל גענומען אינטערעסירן מיט זיין באַ־פאָרשטייענדיקער חתונה. ער האָט גענומען ריידן מיט סאָניען און מיט אירע עלטערן איבער אַלע איינצלהייטן פון דער חתונה, אַ זאַך וואָס ער האָט פריער אבסאָלוט ניט דערמאָנט און זיך קיינמאָל ניט אינטערעסירט. אים איז פאַרגעקומען, אַז מיט זיין חתונה וועט ער נקמה נעמען פון די קאַרפּס און אַגינסקיס. ער איז געווען אַזוי אויפגעבראַכט אין צוזאַמענהאַנג מיט בייליסעס פּראָצעס, אַז בּאַ אים איז רעכט געווען, אַז קאַרף און אַגינ־

סקי זיינען די הויפּט־שולדיקע אין דעם דערמענגלעכן פון אזא פּראָצעס; אין זיינע גערדאַנקען האָט ער גענומען האַסן אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו די רוסישע ביוראָקראַטן און פּריצים, ווי די קאַרפּס, מאָנטייפלס און אָגינ־סקים זיינען. ער האָט געהאַלטן, אַז זיי זיינען פאָרשטייער פון רוסישן פאָלק, טראָגן זיי די הויפּט־שולד פון דער טראַגעדיע.

אין דער זעלביקער וואָך נאָך איז אָפּגערעדט געוואָרן צווישן אים און סאָניעס פאַמיליע דעם טאָג פון זייער חתונה, עס איז באַשטימט געוואָרן צו מאַכן זייער חתונה דינסטיק דעם פינפטן טאָג חנוכה, דאָס איז אויס־געקומען קעגן ענדע נאָוועמבער.

סאָניע האָט זיך געקליבן צו פאָרן קיין מעמעל, נייען איר גאַרדעראָב. עס איז אָפּגערעדט געוואָרן אַז זי וועט דאָרטן פאַרברענגען די גאַנצע צייט, וואָס דאָס וועט דויערן. דערנאָך וועט אויך וואַלדמאַן אהין אריבערקומען. ער וועט זיך מאַכן זיין חתונה־אָנצוג, און ביידע וועלן זיי שפּעטער קומען אהיים.

דערווייל איז באַ וואַלדמאַנען אַנטשטאַנען אַ נייער פּראָבלעם, איבער וועלכן ער האָט זיך געבראָכן דעם קאָפּ ווי צו טאָן. ער האָט געהערט, אַז אין שטוב באַ סאָניען רעדט מען וועגן איינלאַדונגען צו דער חתונה. אין דער ערשטער ריי איז באַ זיי געווען די פּערזאָן פון אַלטן פּריץ און זיינע קינדער. דאָס איז גאָר אָן צווייפל, האָט זיין צוקונפטיקער שווער געטענהט, אַז זיי מוז איך איינלאַדן. אַזאַ איינלאַדונג איז געווען אויסגערעכנט, פון עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט. דער האָט דערוואַרט, אַז אָגינסקי זאָל שענקען אַ ווערטפולע מתנה דעם יונגן פּאָר, באַ אַ גוטער שטימונג, קען אַזאַ מתנה פון זיין זייט, באַיינפלוסן די צוקונפט פון דעם פּאָרל און זייער מאַטעריעלע איינאָרדענונג, אַזוי האָט באַרעכנט דער פּראַקטישער שווער זיינער.

באַ דער געלעגנהייט האָט זיך וואַלדמאַנען געשטעלט די פראַגע, וואָס טוט מען מיט די קאַרפּס? באַזונדערס איז די שווועריקייטן געווען וועגן קאַטיען, איינלאַדן זי אָדער ניט? און וואָס מאַכט מען מיט די אַנדערע באַ־קאַנטע באַראָנען, ווי די מאָנטייפלס?

ער האָט זיך גענומען אַזוי איבערלייגן. אייגנטלעך, דעם באַראָן קאַרף, זיין פרוי און קאַטיען מוז איך דאָך איינלאַדן, איך בין דאָך געווען בא זיי אין הויז. זיי האָבן מיך אַזוי פריינטלעך אופגענומען, מיך גוט באַהאַנדלט, קען מען דאָך ניט זיין אַזוי גראָב און זיי ניט לאַדן. איי, זיי זיינען פון די, וואָס ווילן זען אַ פאַרמשפּטן דאָס יידישע פאָלק, ווי איינפאַכע קאַניבאַלן, ווי די איינפּאַכסטע ברואים אַף דער וועלט, אָבער איינס מיט דעם אַנדערן האָט דאָס ניט. מען איז דאָך אָבער אַ מענטש, מוז מען האַנדלען ווי עס איז אָנגענומען אין אַ מענטשלעכער געזעלשאַפט, העפלעך און קאָרעקט, הייסט דאָס, אַז די קאַרפס מוז איך איינלאַדן און אויב זיי, איז דאָך זיכער אַז קאַטיען מוז איך אויך איינלאַדן. אָט בא דעם טייל פון דער פראַגע איז אים געוואָרן ניט גוט צום מוט. קאַטיע וועט קומען אַף מיין חתונה, איך וועל זי זען, עס וועט זיך ווידער דערמאָנען אַלץ וואָס איך האָב די לעצטע צייט איבערגעלעבט אין שייכות מיט איר, זי מיט איר פערזאָן קען נאָך אַמאָל ברענגען אַ צעשטערונג אין דער גאַנצער חתונה, און ער האָט זיך ניט געקענט באַשליסן ווי צו האַנדלען.

סוף כל סוף האָט ער אָבער דאָך אָנגענומען אַ פּאָזיטיוון באַשלוס. ער האָט אַזוי אויסגערעכנט. יאָ, עס איז אמת, איך בין טאַקע ברוגז אַף קאַ־טיען, אָבער פּערזענלעך צו איר האָב איך דאָך גאָרניט. איך בין נאָר אַף איר ברוגז, ווייל זי איז ניט פון מיין פאָלק און האָב געמוזט רעזיגנירן פון איר ליבע, זי איז ניט פון מיין פאָלק און אַלץ וואָס עס איז ניט יידיש איז אַ שונא פון מיר, אָבער קיין אַנדער זאַך האָב איך דאָך ניט וואָס אויסצו־זעצן קעגן איר, איז אדרבא, זאָל זי טאַקע זיין אַף מיין חתונה, זאָל זי זען, ווי ווייניק זי ליגט מיר אין זינען, ווי איך האָב אַבסאָלוט קיין מורא ניט פאַר דער פריערדיקער ליבע צו איר און ווי אַנטשלאָסן איך קען האַנדלען ווען מען דאַרף.

איבערלייגנדיק די פראַגע פון קאַטיעס איינלאַדונג, איז אים עפּעס יאָ אַרוף אַפן געדאַנק. ערגעץ פון אַ באַהאַלטענעם ווינקעלע אין זיין האַרצן איז אַרופגעשוווּמען קאַטיע. איר ליבע צו אים, וואָלדמאַן האָט זיך דערביי שטילערהייט אומבאַוווּסטזיניק געשטעלט די פראַגע, ווי זשע האַלט דאָס

איצט מיט אונדזערעביידנס ליבע? ליבט זי מיך ניט מער? אָדער ליב איך זי ניט מער? און ווי אַף צו להכעיס, זעט ער זי. ער זעט איר שיינע ליכטיקע געשטאַלט, אירע ברענענדיקע דורכדרינגנדיקע אויגן, איר ליבן שמייכעלע, איר רייצנדיקן גראַציעזן קערפּער. ער זעט ווי קאַטיע שטרעקט צו אים אירע ווייסע אַנטבלויזטע אָרעמס, ווי די אָרעמס נעמען אים אַרום, זיי ציען אים צו זיך, זיי דריקן אים צו איר וואַרעמען דופּטיקן קערפּער, ער שפּירט אירע ליידנשאַפטלעכע קושן, ער הערט איר זאָגנדיק: ווילי, איך ליב דיך...

דערמאָנענדיק זיך דאָס אַלץ, גיט אים אַ ברי דאָס האַרץ, דאָס בלוט אין די אָדערן הויבט אָן האַסטיקער און שטאַרקער צו פּולסירן. דאָס האַרץ פאַרקוועטשט, אַ געפיל פון שרעקלעכער בענקשאַפט צו איר באַהערשט אים אַף אַ מאָמענט, עס ווילט זיך אים אַזש וויינען, אָבער ער שטרענגט זיך אָן, מיט אַלע זיינע כוחות טרייבט ער פון זיך די פאַרפירערישע געדאַנקען, ער נעמט זיך אָן מיט מוט, זיין אַנטשלוס ווערט נאָך שטאַרקער. — „יאָ, איך וועל זי גראָד איינלאַדן, איך וועל דערמיט אונטערשטרייכן, אַז צווישן אונדז איז אַלץ געענדיקט, אונדזערע ליבעס־באַציאונגען זיינען דעפיניטיוו איבערגעריסן, איך קען קוקן דעם געשעענעם פאַקט גלייך אין די אויגן, און האָב קיין מורא ניט. איי זי? זאָל זי דענקען וואָס זי וויל".

אָט אַזוי באַשליסנדיק איז ער אַוועק צו סאָניעס עלטערן און האָט זיי אָנגעזאָגט, אַז מען מוז באַשטעלן ספּעציעלע איינלאַדונגען פאַר זיינע פריצישע באַקאַנטע. ער וועט שיקן איינלאַדונגען דעם באַראָן קאַרף און זיין פאַמיליע, דעם באַראָן מאַנטייפל און פאַמיליע און די אַנדערע באַקאַנטע זיינע. דעם פּראַקטישן זלמנען איז די זאַך שטאַרק געפעלן געוואָרן. ער האָט מיט צופרידנקייט אופגענומען וואַלדמאַנס ווונטש און וואַלדמאַן האָט זיך געפילט באַרואיקט.

די צייט, ווען זיין כלה איז געווען אַוועקגעפאָרן מאַכן איר גאַרדעראָב, איז וואַלדמאַן געווען אינגאַנצן פאַרשלונגען מיט דעם ביילים־פּראָצעס. ער האָט נאָכגעפאָלגט יעדע איינצלהייט פון פּראָצעס, שטודירט יעדערנס עדות זאָגן, יעדע אומבאַדייטנדיקע באַמערקונג פון אַן עדות אָדער פון אַן אַד־

וואָקאַט, האָט ער ניט דורכגעלאָזן, מיט איין וואָרט, ער האָט געלעבט נאָר מיטן פּראָצעס. אין דעם מאָמענט האָט ער טאַקע געהאַט פאַרגעסן קאַטיען. באַראָן קאַרף אַפּילו סאָניען אויך. אין געדאַנק איז אים געלעגן נאָר איין זאַך: ביילים.

ענדלעך איז געקומען דער מאָמענט ווען דאָס יידנטום אין רוסלאַנד און אויך אין גאָר דער וועלט, האָט פרייער אָפּגעאָטעמט. דער טעלעגראַף האָט בליצשנעל צעטראָגן די ידיעה, אַז ביילים איז פריי. אַ כוואַליע פון פרייד און יובל האָט זיך אַ גאָס געטאָן אויף די יידן פון אַלע שטעט און שטעטלעך אין גרויסן רוסלאַנד. די שמחה האָט אויך דערגרייכט ביז ריי־טעווע.

וואַלדמאַן האָט אויך געשיינט פון שמחה, ער איז אַרומגעלאָפן איבערן שטעטל, פונקט ווי ער אַליין וואָלט עס געווען דער באַפרייטער. ער האָט זיך געקושט מיט יעדן וועמען ער האָט געטראָפן. אַ קליין־קייט, אַזאַ שמחה, ביילים איז פריי. ד. ה. ניט ער אַליין, נאָר דאָס גאַנצע יידישע פאָלק איז פריי. עס איז פאַרשוווּנדן דער שווערער קאָשמאַר, דער געדיכטער וואָלקן, וואָס איז געלעגן צוויי יאָר איבער זייערע קעפּ.

ערשט נאָך דעם פּראָצעס איז וואַלדמאַן געפאָרן קיין מעמעל, אָפּגע־מען סאָניען, לויט ווי עס איז געווען פון פריער באַ זיי אָפּגעמאַכט. ער האָט זיך דאָרטן געגייט זיינע חתונה־קליידער און געקומען זיינען זיי ביידע פון דאָרטן צופרידענע און אין דער גרעסטער האַרמאָניע, ווי אמתע פאַרליב־טע יונגע מענטשן. אין דער זעלביקער צופרידנקייט און האַרמאָנישקייט איז אויך געפּראַוועט געוואָרן זייער חתונה.



# זעקסאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

צו וואַלדמאַנס איינלאַדונגען אױף זיין חתונה האָבן זיך אַלע שררות זייער וואַרעם אָפּגערופֿן. דער פּריץ אָגינסקי האָט געהייסן אַרויסגעבן פון זיין גוט אַלץ וואָס עס איז נויטיק צום חתונה־מאָלצייט, פלייש, געפליגל, אַלץ, אַלץ וואָס מען וועט פאַרלאַנגען, באַזונדערס האָט דער חתן באַקומען, אין נאָמען פוןביידע קינדער אָגינסקיס, אַ ווערטפולן גאָלדענעם פּאָרטסיגאַר, מיט דעם פירשטלעכן עמבלעם פון אויבן, מיט די געהעריקע אױפֿשריפטן. צו דער חתונה האָבן זיך געמאָלדן די ביידע קינדער.

דער באַראָן קאָרף האָט אַריינגעשיקט אַ טייערע גאָלדענע פּלאַקע, באַזעצט מיט דימענטן מיט אַן אױפֿשריפט: „דעם בראַוון רעטער פון מיין טאָכטער צום אייביקן אָנדענק". אַלס פאָרשטייער פון זיין פאַמיליע אױף דער חתונה איז געווען געמעלדעט די באַראָנעסע קאַטיע.

די גרעסטע איבעראַשונג פאַר וואַלדמאַנען און זיין כלה איז אָבער געווען, ווען אַ הויכער באַאַמטער פון צאַרישן הויף האָט זיך געמאָלדן, מיט דער מיטיילונג, אַז לויט דער פאָרשטעלונג פון מיניסטער פון צאַרישן הויף, באַראָן פרעדעריקס, האָט דער צאַר באַוויליקט צו שענקען וואַלדמאַנען אַ גרויסע גאָלדענע מעדאַל מיט דער אױפֿשריפט: „פאַר העלדישקייט, אַרויסגעוויזן באַם ראַטעווען אַ מענטשלעך לעבן", וואָס ער האָט דאָס אים באַלד איבערגעגעבן.

וואַלדמאַן איז געווען אַזוי פאַרטאָן מיט דער צוגרייטונג פון זיין חתונה און מיט די מתנות וואָס ער האָט באַקומען, אַז ער האָט ניט געהאַט קיין צייט צו באַטראַכטן וועלכע שטעלונג זאָל ער נעמען אין דעם מאַ־

מענט, ווען עס וועלן קומען צו אים די אַלע אָנגעמאָלדענע געסט. ער האָט גאָר פאַרגעסן, אַז דאָרטן וועט אויך זיין קאַטיע, די צו וועמען זיין האַרץ ציט נאָך היינט אויך אין דער שטיל.

ווי אַ קינד האָט ער זיך געפרייט מיט זיין פאָרשטייענדיקער חתונה, אים איז ניט מיאוס געוואָרן אַלע ווײַלע אַריינפירן באַקאַנטע און גלאַט נייגעריקע, ווייזן און שאַצן די טייערע מתנות און די ווערטפולע זאַכן וואָס ער האָט געקראָגן. אין יענע טעג איז אים קיין זאַך ניט געלעגן אין זינען. ניט קאַטיע, ניט אָגינסקי, ניט דאָס יידישע פאָלק, זיינע געדאַנקען זיינען אויסגעפילט געוואָרן נאָר דערמיט אַליין.

די חתונה איז צוגעגרייט געוואָרן מיטן גאַנצן גלאַנץ און פּראַכט ווי עס איז נאָר מעגלעך געווען אונטער יענע אומשטענדן. זלמן פאַכטער האָט מיט אַ ברייטער האַנט אַלץ פאָרבערייט, נעמענדיק אין אַכט די הויכע געסט וואָס האָבן געדאַרפט זיין אַף דער חתונה און די פאַרבינדונג פון זיין צוקונפטיקן איידעם מיט די אַלע אַדלייט.

פאַר די הויכע געסט האָט מען צוגעגרייט באַזונדערע צימערן. אין אָוונט פון דער חתונה איז אָגינסקים קאַטש, געשפּאַנט מיט פיר שיינע פערד אָנגעפאָרן און אַרויסגעזעצט זיינע ביידע קינדער און די באַראָנעסע קאַרף, וואָס איז געקומען אין זייער באַגלייטונג. חתן־כלה זיינען אַרויס ווי אופנעמען. די אופנאַמע איז געווען אַ פייערלעכע לויט די אָנגענומענע געזעלשאַפטלעכע עטיקעטן. מען האָט באַגריסט, מען האָט זיך געביטן מיט חתן־כלה מיט קאָמפּלימענטן און באַגריסונגען און מען האָט די געסט אַריינגעפירט אין זייער צימער.

די כלה האָט געשיינט פון גליק און פרייד, אַ קלייניקייט אַזאַ כבוד, אַזעלכע הויכע געסט זיינען געקומען צו איר חתונה. אַ צופרידענע און אַ גליקלעכע איז זי אַריין אין זאַל ווו די שטעטלשע יידן האָבן פאַרבראַכט און געוואַרט אַף דער חופּה. צו אַלעמען האָט זי געשמייכלט. פאַר יעדן האָט זי געהאַט אַ פריינטלעך וואָרט. מיט אַלעמען האָט זי זיך געקושט, זי האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז צו איר גרויסן גליק איז גאָר קיין גרענעץ ניטאָ. וואָלדמאַן דאַקעגן איז שוין ניט געווען אַזוי צופרידן ווי זיין כלה,

דאָס אָנקומען פון קאַטיען האָט אים מיט אַמאָל אויסגעגניכטערט פון דעם טשאַד אין וועלכן ער האָט זיך געפונען אין די לעצטע טעג פאַר זיין חתונה דערזעענדיק די באַראָנעסע קאַרעט, אַרויסשטייגנדיק פון עלעגאַנטן קאָטש, איז ער געבליבן אַ צעמישטער, דאָס האַרץ האָט אים גענומען קלאַפּן שטאַרקער, ער האָט ניט געהאַט דעם מוט אַפילו איר אין די אויגן קוקן, ער האָט אַראָפּגעלאָזט זיינע אויגן צו דער ערד. ער האָט זיך געפילט ווי אַ שולדיקער, ווי ער וואָלט עפּעס געטאָן אַ פאַרברעכן קעגן איר. די געדאַנקען אין קאָפּ האָבן זיך גענומען דרייען. קוים וואָס ער האָט איר געגעבן די האַנט און שטיל כמעט פאַר זיך אַליין, האָט ער אַרויסגעבראַכט די געוויינלעכע באַגריסונגס־ווערטער פון אַזאַ פאַל. ער האָט אַפילו ניט באַמערקט די סאַרקאַסטישע באַמערקונג פון דער באַראָנעסע, אַז ער זעט ניט אויס ווי אַ גליקלעכער חתן אין דעם טאָג פון זיין חתונה. וואַלדמאַן איז געווען אין דעם מאָמענט אַזוי נידערגעשלאָגן, אַז ער האָט פאַרגעסן אָן דער גאַנצער חתונה. ער איז נאָכגעגאַנגען סאָניען און די געסט ווי אַן אויטאָמאַט. דערנאָך, אַז ער האָט זיך אומגעקרעט אין זאַל ווו אַלע געסט האָבן געוואַרט, האָט ער קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט, שטום און אַנטמוטיקט האָט ער זיך געזעצט אויף זיין פּלאַץ און געקוקט אויף זיין אַרום מיט מאַטע, גאָרניט זאָגנדיקע אויגן.

וואַלדמאַן האָט ניט געהערט וואָס מען רעדט צו אים, ער האָט נאָר געזען ווי מען הייבט גלעזלעך, מען שרייט „לחיים“ און האָט צומאָל ניט באַגריפן צוליב וואָס מען טוט דאָס. ער האָט פאַרגעסן וואָס פאַרא שמחה איז היינט.

פון צייט צו צייט האָט ער געוואָרפן בליקן צו דער ריכטונג פון דעם צימער ווו די הויכע געסט זיינען פאַרשוווּנדן. פּלוצלונג האָט זיך אים גענומען דערמאָנען זיין גאַנצע יוגנט, זיינע איבערלעבונגען, און ווי אויף להכעיס האָט זיך אין יעדער איבערלעבונג בולט אַרויסגערוקט דאָס געשטאַלט פון קאַטיע קאַרעט, די פיגור פון זיין כלה איז פון אים פאַרשוווּנדן. ער האָט אין זיין פאַרשטעלונגס־קראַפט געזען נאָר קאַטיען, סאָניע האָט אין זיין האַרץ גאָר קיין פּלאַץ ניט פאַרנומען, אים איז פאַרגעקו־

מען אַז קאַטיע איז דאָס זיין כלה און ער דאַרף מיט איר באַלד גיין צו דער חופה.

עפּעס האָט ער באַמערקט ווי מען שרייבט אַ פּאַפּירל לעבן אים. דער רב דערלאַנגט אים עפּעס אַ זאַך, אַ גאָלדענער רינג איז דאָס. נעמט ער דאָס צו. מען הייסט זיך אים שטעלן, פאָלגט ער, מען פירט אים, גייט ער. ער האָט פאַרלאָרן יעדן לעבעדיקן געפיל ארום זיך, מעכאַניש האָט ער געטאָן וואָס מען האָט פון אים פאַרלאַנגט, ווי ער וואָלט גאָר דערביי ניט געווען.

די געסט און די צושויער האָבן עס אָנגענומען פאַר נאַטירלעך, זיי האָבן געקלערט אַז זיין איצטיקער זעעלישער צושטאַנד איז אַ פּועל יוצא פון זיין אופרעגונג צוליב זיין חתונה און האָבן דערצו קיין גרויסע באַדייטונג ניט געגעבן.

פּלוצלונג האָט ער דערהערט אַ פרייליכן אופשפּיל פון די קלעזמער, ער האָט דערזען, ווי מען נעמט אים אונטערן אָרעם, מען פירט אים ארוים אפן הויף און מען שטעלט אים אוועק אונטער אַ חופה, אַ ווײַלע שפּעטער, האָט ער מער אינסטינקטיוו דערשפּירט ווי דערזען, אַז אַ פרוי שטייט בײַ זיין זייט, ער האָט געפילט, אַז דאָס מוז געוויס זיין סאָניע.

דורכן גרויסן געדראַנג פון די חתונה־געסט ארום דער חופה, דורך דעם טונקעלן שיין פון די אומצייליקע קליינע ליכטלעך וואָס האָבן ארום און ארום געפינקלט, האָט וואַלדמאַן באַמערקט ווי אַ פּאָר דורכדרינגענדיקע אויגן מיט אַן אויסדרוק פון פאַרדרוס זיינען אויף אים אָנגעשטעלט. אַ לייכטער ציטער איז אים אין דעם מאָמענט דורכגעלאָפן דורכן קערפּער. ער האָט אַ קוק געטאָן צו יענע אויגן. ביידנס בליקן האָבן זיך באַגעגנט, יענע אויגן האָבן אים דורכגעשטאָכן מיט זייער שאַרפן בליק. דאָס איז געווען קאַטיע קאַרף, וואָס האָט אים אַזוי שאַרף אָנגעקוקט און באַאָבאַכטעט, ווי ער שטייט אונטער דער חופה, בײַ דער זייט פון סאָניען. ער האָט אָבער ניט אויסגעהאַלטן, ער האָט ניט געהאַט דעם מוט זי אָנצוקוקן, זיינע אויגן האָבן זיך באַלד ארונטערגעלאָזן. זיי האָבן גענומען קוקן אויף די שפּיצן פון זיינע שיך. אין דעם מאָמענט האָט אים דער רב אופגעפאָדערט, ער זאָל

מקדש זיין, זיין כלה. מעכאניש האָט ער אויסגעפּאָלגט דעם רבס פאַר־לאַנג און אַן אויסגעשריי פון מזל טוב האָט פאַרהילכט דעם פינצטערן הויף.

סאָניעס האַרץ האָט אַלעמאָל געשפּירט, אַז אַ שטילער ליבעס־שפּיל קומט פאָר צווישן איר חתן און דער באַראָנעסע, וואָס האָט גענומען שפּילן אַ ראָל אין זיין לעבן, זינט דעם פאַל דורך וועלכן ער איז אַזוי שטאַרק באַרימט געוואָרן בײַ אַלע פּריצים. — זי האָט אים אין דער שטיל גוט באַאָבאַכטעט. איר גליק איז אָבער געווען אַזוי גרויס, די פרייד אירע צו קריגן דעם וועמען זי ליבט מיט איר גאַנצן לעבן איז געווען אַזוי פיל, אַז עס האָט זיך גאָרניט געמערקט די פּאָר ביטערע טראָפּנס וואָס דאָס האָט גע־קענט אַריינטריפן אין איר פרייידנסבעכער. זי האָט פריער איינפאַך קיין אַכט ניט געשאָנקען דעם אומשטאַנד. איצט אָבער, ווען איר חתן האָט זיך צוריקגעזעצט בײַם טיש נאָך דער חופה, איז זיין האַלטונג און באַנעמונג איר געוואָרן שטאַרק אויפאַלנדיק. זי האָט אים גענומען שטיל דריקן זיין האַנט.

— וועלוול, — האָט זי אים געשעפּטשעט אפן אויער, — וואָס טוט זיך מיט דיר? עס איז דאָך מיאוס פאַר מענטשן, דו זיצסט ווי אַ שטו־מער, רעדסט צו קיינעם קיין וואָרט ניט, ווי אַ געצוווּנגענער געפינסט דו זיך אַף דיין אייגענער חתונה. נעם זיך צוזאַמען, מיין ליבער, באַהערש דיך, רייד צו די געסט, אונטערהאַלט זיך מיט זיי, אַנדערש קען ווערן אויפאַלנד די זאַך פאַר אַלעמען.

ערשט דעמאָלט איז ער געקומען צו זיך, ער האָט מיט געוואַלט געגנו־מען שמייכלען דאָ צו איינעם, דאָ צו דעם אַנדערן. ער האָט זיך גענומען געבן רעכענונג וואָס מיט אים טוט זיך און ווו ער געפינט זיך.

אַז ער איז געוואָרן אַביסל מונטערער, האָט אים סאָניע אַרויסגעפירט פון אונטערן טיש, האָט אים אַריינגעפירט אין צימער ווו די הויכע געסט זיינען געזסן, זיי האָבן זיך דאָרטן צוגעזעצט, מען האָט גענומען שמועסן, עס איז אָבער צו קיין געמיטלעכן אונטערהאַלט צווישן זיי ניט געקומען. זיי זיינען דערנאָך אַלע אַרויסגעגאַנגען אין אַלגעמיינעם זאַל, מען האָט גע־

כאַפּט מיט דער כלה אַ טענצל און מען האָט זיך גענומען קלייבן אהיים.

ווען די געסט האָבן זיך גענומען געזעגענען, סאָניע איז געווען פאַר־נומען מיט דער פירשטן אַגינסקי, איז קאַטיע צוגעגאַנגען צו וואַלדמאַנען, האָט אים אָנגענומען פאַרן האַנט און געזאָגט:

— קומט, וואַלדמאַן, ארויס אַפן גאַס, איך וויל עפּעס מיט אייך אי־בערריידן.

אומבאַמערקט האָט זי אים אָפּגעפירט אָן אַ זייט און האָט אים צו־געפירט הינטערן קאָטש, וואָס איז שוין געשטאַנען גרייט און געזאָגט:

— ווילי, איך האָב געוווסט, אַז דו ביסט אַ שוואַכלינג, דיר פעלט אַנטשלאָסנקייט. איך האָב געזען אַז בא דיר זיצן צוויי פאַרשיידענע נשמות, איינע אַ פעסטע, אַן ענערגישע, אַ פאַרהאַרטעוועטע, וואָס האָט דיך געהאָלפן איבערצוקומען פאַרשיידענע שטערונגען און דערגרייכן דעם שטאַפל וואָס דו האָסט זיך אָנגעצייכנט, אַ צווייטע נשמה האָסטו אַ שוואַכע, אַ שרעקעוודיקע, אַ טרוסליווע. ביידע נשמות קעמפן אין דיר. איך האָב מיך צוגעקוקט צו זייער געראַנגל, האָב אָבער ניט דערוואַרט, אַז די צווייטע, די שוואַכע, וועט בא דיר נעמען די אויבערהאַנט.

— צו וואָס די גאַנצע קאָמעדיע, — האָט זי ווייטער גערעדט — מיט דיין היינטיקער חתונה? צו וואָס דיין אַנטלויפן פון זיך אַליין? איך קען דיך גוט. איך לייען די פאַרבאָרגענע מחשבות אין דיין האַרצן, איך זע וואָס עס טוט זיך בא דיר אינעווייניק. דו ליבסט ניט סאָניען. דו ליידסט ניט דיין כלה. דיין האַרץ ציט צו מיר. אין די פאַרבאָרגענע ווינקעלעך פון דיין נשמה ליגט די אמתע ליבע דיינע צו מיר. טאָ צו וואָס האָסטו אָפּגע־שפּילט די גאַנצע קאָמעדיע מיט דער חתונה?

— ווילי, איך רייד צו דיר אופריכטיק, — האָט קאַטיע ווייטער גע־רעדט, — איך רייד צו דיר מיט דער גאַנצער ריינקייט פון מיין יונגער נשמה. טאָ הער זיך צו, וואָס איך וועל דיר זאָגן. סאָניע קען ניט זיין דיין פרוי. זי קען דיך ניט פסיכאָלאָגיש, זי וועט זיך מיט דיר ניט איינלעבן. זי קען דאָס ניט, איר בליק איז ניט קיין ווייטער. זי באַנעמט דיך ניט גייסטיק. אויב זי ליבט דיך, אַ זאַך וואָס איך צווייפל ניט, איז דאָס נאָך

קערפּערלעך. גייסטיק שטייט זי זייער ווייט פון דיר. דער גורל האָט אונדז באַשאַפן איינער פאַרן אנדערן. מיר דאַרפן געהערן צו אַנאַנדער און וועלן געהערן איינער צום צווייטן.

אויב סאָניע וויל זיך מיט דיר אָנזעטיקן קערפּערלעך,— האָט זי ווייטער פאָרגעזעצט — פאַרגין איך דאָס איר. דיין קערפּער קען איר געהערן צייטווייליק. דיין גייסט איז מיינער און דו וועסט קומען צו מיר. איך בין אין דעם זיכער. דערווייל לאָז איך דיך לויפן. אָבער מיר וועלן אונדז נאָך צוזאַמענטרעפן, ווייל איך ווייס אַז דו ליבסט מיך. איך האָב דאָס געזען אין דיינע אויגן. אין דעם מאָמענט ווען עס האָט זיך אָפּגעשפּילט די חתונה־קאָמעדיע, גאָר גיך וועט דיך באַהערשן דיין אַנדערע נשמה, יענע די האַרטע, די פעסטע, די ענערגישע, דאַן וועסטו מיך אויפזוכן, ווייל דו ביסט באַשאַפן צו עפּעס העכערס, צו עפּעס גרעסערס, דאָס קענסטו דערגרייכן נאָר דורך מיר. סאָניע וועט דיך פירן צו קרעמעריי, צו קליינע אומוויכטיקע סוחרישע אַקטיוויטעט, צו אומבאַקאַנטהייט, דאָס איז ניט פאַר דיר.

קאַטיע איז אַף אַ מאָמענט שטיל געוואָרן. עס האָבן זיך דערהערט די טריט פון סאָניען מיט די אָגינסקיס. זי האָט אין דער פינצטער אריינגעקוקט אין זיינע אויגן. זי האָט געוואָלט לייענען דאָרטן דעם איינדרוק וואָס אירע רייד האָבן אַף אים געמאַכט, זי האָט אָנגערירט די באַהאַלטענע סטרונעס פון זיינע אַמביציעס און אין דעם אויסדרוק פון זיינע אויגן האָט זי געזען, אַז זי נאַרט זיך ניט. זי האָט געזען, אַז אירע מיטלען זיינען ווירקזאַם, איר איינפלוס אַף אים איז נאָך שטאַרק גענוג. ניט היינט איז מאָרגן, און ער וועט ליגן בא אירע פיס.

צו זיין זיכערערער אין איר דערוואַרטונג, האָט זיך דערנאָך שטיל אים צוגעגעבן:

— דו ווייסט אפשר אַליין ניט, ווילי, אין דיר ליגן באַהאַלטן גרויסע פעיקייטן צו מאַטעמאַטישע און פיזישע וויסנשאַפטן. איך האָב דאָס ארויסגעזען פון די פילע געשפּרעכן, וואָס איך האָב מיט דיר געפירט, ווי וועסטו

דאָס אַנטוויקלען? אפשר מיט דער הילף פון דער קליינשטעטלשער ייִדי־שער מיידל? קיינמאָל אין לעבן ניט. דאָס קען איך נאָר אַליין: באַ דיר אַנטוויקלען און איך קען באַ דיר אַרויסרופן דיינע פאַרבאָרגענע טאַלאַנטן, ווייל איך בין דיין ליכטיקער שטערן, וואָס קען דיר באַלויכטן אין דעם וועג, נוץ אויס, ווילי, דיין מזל. יעדער מענטש האָט מזל אין לעבן. ער דאַרף דאָס נאָר וויסן ווי אָנצונעמען. איצט, איז דיין מאָמענט. איצט האָס־טו אַ געלעגנהייט אָנצוכאַפּן דיין מזל. נעם דיין מזל מיט דיינע אייגענע הענט. אין מיר ליגט דיין צוקונפט, ניט אין סאָניען.

וואַלדמאַן האָט זיך ניט געקענט מער איינהאַלטן. זיין באַהאַלטענעם געפיל וואָס איז באַ אים געווען צו קאַטיען האָט זיך מיט אַמאָל אופגע־וואַכט.

— קאַטיע, טייערע קאַטיע, — האָט ער מיט אַ וויינענדיקן קול גענור־מען זאָגן, — זיי מיר מוחל, קאַטיע, — מער האָט ער אָבער ניט באַוויזן צו זאָגן.

סאָניע מיט די אָגינסקים האָבן זיך באַוויזן לעבן זיי. שנעל, ווי אַ פויגל, האָט קאַטיע אַ שפּרונג געטאָן אין אַ זייט, אַ ריס געטאָן די טירל פון קאַטש, האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין ווייכן געזעס און־פאַרן טונקעלן לעמפּל וואָס האָט געברענט אין קאַטש, האָט מען געקענט זען אַז אירע אויגן זיינען פול מיט טרערן. אַט, אַט וועלן זיי אַראָפּרינען איבער אירע באַקן, אָבער דער קאַטש האָט אַ ריר געטאָן און זי איז פאַרשוווּנדן אין דער געדיכטער פינצטערניש פון דער האַרבסטיקער נאַכט.

סאָניע מיט וואַלדמאַנען זיינען געבליבן שטיין אַליין אַפן גאַס. זי האָט גוט געמערקט וואָס עס טוט זיך מיט וואַלדמאַנען. זי האָט פאַרשטאַ־נען אַז עפּעס איז דאָ פאָרגעקומען צווישן דער באַראָנעסע און אים. זי האָט דאָס געקענט זען פון זיין דערשלאָגנקייט. זי האָט אַפילו אין דער פינצטערניש געזען, אַז פון זיינע אויגן רינען טרערן. דער שטילער פאַר־דאַכט וואָס האָט געטליעט אין איר האַרץ אַז צווישן איר וועלוועלען און דער באַראָנעסע קומט עפּעס פאָר, האָט זיך איצט אין אירע אויגן פולקאָם באַ־שטעטיקט. זי איז אָבער געווען טאַקטיש גענוג אים גאָרניט צו זאָגן, אָדער

פאַרצוואַרפן. אין איר נאַיווקייט און אומדערפאַרנקייט אין ליבעס, האָט זי געגלויבט, אַז וואָס עס זאָל ניט האָבן געווען צווישן זיי ביידן, איז דאָס אַ זאַך פון פאַרגאַנגענהייט. איצט איז וועלוול איר מאַן פאַר גאָט און פאַר לייט, און דאַרף פאַר קיין זאַך ניט מורא האָבן. וועלוול בלייבט אירער אַף אייביק.

נאָך אַ מאָמענט פון וואַרטן, האָט זי אָנגענומען וועלוולען פאַרן האַנט האָט אים אַ קוש געטאָן אין ביידע באַקן און אַריינגעפירט אים אין שטוב. דאָרטן ווו די געסט האָבן זיך משמח געווען.

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער חתונה־אָוונט פון וועלוול וואַלדמאַן און סאָניע ליבט.

# זיבנאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

זעקס וואָכן זיינען פאַרביי זינט סאָניע ליבט איז געוואָרן וואַלד־מאַנס פרוי. זי איז געווען זייער צופרידן אין איר לאַגע, אַלס די פרוי פון וועלוולען. זי האָט געקראָגן דעם, וועמען זי האָט מיט דעם גאַנצן פיבער פון איר נשמה ליב געהאַט, וועמען זי האָט אין גדאַנק אַזוי געאַכטעט און געשעצט, צו וועמען זי האָט קערפּערליך אַזוי שטאַרק געשטרעבט. יאָ, וועלוול, דער שיינער, קלוגער געבילדעטער, דער ווער עס האָט אַזאַ צו־טריט אין אַלע גרויסע פּריצישע הויפן, איז איר מאַן.

וואַלדמאַן איז אָבער ניט געווען אין דער זעלביקער גליקלעכער לאַגע, ווי זיין פרוי. אויב זיין פרוי איז אַרומגעגאַנגען אַ ליכטיקע און שיינענ־דיקע, אַ לאַבעדיקע און אַ זינגענדיקע, — איז ער אַרומגעגאַנגען אַ שטי־לער און אַ פאַרטראַכטער. צעטראָגן און פאַרומערט. עס זיינען געווען מאָ־

מענטן, באזונדערס ווען ער פלעגט בלייבן אליין, אָן זייטיקע באָאבאַכטער, אַז אַף זיין פּנים איז געלעגן סמנים פון צער און פּאַרדרוס, מען האָט גע־קענט מערקן אַז ער טראָגט זיך אַרום מיט עפּעס, וואָס עם דריקט אים, עפּעס אַ געדאַנק מאַטערט אים, עפּעס קומט פאָר אין אים, וואָס ער קען דאָס פאַר מענטשן ניט אַזוי אָפן אַרויסריידן.

יאָ, וואַלדמאַנען האָט אַ געדאַנק ניט געלאָזט רוען. דער קערנדל וואָס קאַטיע קאָרף האָט אין אים פאַרזייט, בעת זי האָט זיך מיט אים פאַראָפּ־שיידט, אין דעם אָוונט פון זיין חתונה, האָט זיך איינגעוואָרצלט אין זיין האַרצן און האָט גענומען וואַקסן. ער האָט אַריינגענומען אין קאָפּ קאַטיעס ווערטער, אַז אין אים ליגט באַהאַלטן גרויסע פעיקייטן צו מאַטעמאַטישע און פיזישע וויסנשאַפט. יאָ, ער האָט זיך איצט אַרומגעזען אַז מאַטעמאַ־טיק איז געווען אַלעמאָל זיין באַליבטע מאַטעריע. ער האָט טאַקע האָלט זיך צו באַשעפטיקן מיט מאַטעמאַטיק און פיזיק, ווי זי זעט דאָס אַלץ, וואָס אין אים טוט זיך. האָט זיך וואַלדמאַן געטראַכט. — פאַרוואָס פאַר־שטייט דאָס ניט סאָניע? יאָ, קאַטיע איז גערעכט, סאָניע קען ניט זיין מיין גייסטיקע פרוי, מיין חבר אין לעבן. דאָס איז נאָר אַ פרוי צו שטילן די קערפּערלעכע פאַרלאַנגען. אַ גייסטיקע פרוי מיינע וואָלט געקענט זיין נאָר קאַטיע, — אַזוי האָט וואַלדמאַן געטראַכט.

ער איז אין זיינע געדאַנקען אַוועק נאָך ווייטער. וואָס וועט פון אים ווערן איצט נאָך זיין חתונה? און פאַרוואָס האָט ער זיך איבערהויפּט גע־לאָזן זיך פאַרדרייען אַ קאָפּ מיט אַ חתונה אַזוי גיך? ער איז דאָך אייגנט־לעך אינמיטן וועג געבליבן. צו קיין זאַך צוגעשלאָגן, פון זיינע פּלענער, וואָס ער האָט אַמאָל געטראַכט, דערשלאָגן זיך צו אַ הויכער פּאָזיציע אין לעבן, שטודירן, לערנען, ווערן אַ גרויסער מענטש, האָט זיך איצט אויסגע־לאָזן אַ בוידעם. סאָניע וועט דאָך אים ניט לאָזן. זי ליבט אים אַזוי, אַז זי לאָזט אים ניט אָפּ אַ טריט פון זיך.

ווייטער איז קאַטיע גערעכט. גאָרניט וועט ווערן פון מיר. אין בעסטן פאַל, אַ קרעמערל. אַזעלכע געדאַנקען האָבן אים די גאַנצע צייט נאָך זיין חתונה פאַרפאָלגט.

סאָניע און אירע עלטערן האָבן דאָס צוגעשריבן, אַז וואַלדמאַנס צו־שטאַנד, זיין צעטראָגנקייט, זיין טראַכטן, זיין אומעטיקייט, איז אַ נאַ־טירלעכער פּועל יוצא פון זיין חתונה. ער איז געוואָרן אַ פאַמיליע־מענטש. ער גייט אַרום באַזאָרגט און פאַרקלערט, וואָס אָנהויבן טאָן, ווי בעסער בויען זיין היים, ווי צו מאַכן זיין לעבן. זיי האָבן ניט אויף איין מאָמענט חושד געווען וואַלדמאַנען אַז עפּעס וואָס אַנדערש ליגט אים אין זינען. נשקשה, האָבן זיך אַלע אין דער שטיל געטרייסט, — נאָך אַ וואָך, נאָך אַ חודש, עפּעס וועט ער דאָך נעמען טאָן, וועט ער ווערן מונטערער, פריילע־כער. ער וועט ניט האָבן קיין צייט צו טראַכטן און צו קלערן, וועט ער ווערן אַן אַנדער מענטש, אַז אין זיינע אויערן זאָלן קלינגען קאַטיעס ווער־טער, מיט וועלכע זי האָט זיך פון אים געזעגנט, האָבן זיי קיין אַנונג ניט געהאַט. דאָס האָט נאָר ער אַליין געוווּסט.

עס זיינען געווען מאָמענטן, ווען סאָניען האָט אַפילו יאָ באַאומרואיקט איר מאַנס צושטאַנד. ווער ווייסט — האָט זי זיך געטראַכט — צי ליגט אים ניט אין זינען אָט די באַראָנעסע. באַ די פרויען, וואָס ליבן דערוועקט זיך שטענדיק אַ באַהאַלטענער געפיל פון אייפערזוכט, באַרעכטיקט אָדער אומבאַרעכטיקט, דאָס גיבן זיי זיך ניט אָפּ קיין רעכענונג. עס האָט סאָ־ניען צייטנווייז גענומען מאַטערן דער געדאַנק, אפשר? האַ? אָבער זי האָט זיך תיכף באַלד באַרואיקט. — ניין, עס קען ניט זיין. איר וועלוול איז דאָך אַזאַ פיינער און שטילער מאַן. אַזאַ אָרנטלעכער און גוטער. זי האָט אַפילו אַמאָל זיך גענומען די דרייסטקייט און אים געפרעגט די סיבה פון זיין מוטלאָזיקייט אין די ערשטע וואָכן נאָך דער חתונה. זי האָט אָבער זיין ענטפער דערשטיקט מיט אירע לייזנשאַפטלעכע קושן. איר שמחה און צופרידנקייט איז געווען אַזוי גרויס אַז זי האָט קיין אַכט ניט געלייגט אויף דעם אומשטאַנד. זי האָט געוווּסט נאָר איינס, וועלוול איז פאַר גאָט און לייט אירער, און האָט ניט וואָס צו זאָרגן. איי, די פּריצטעלקע האָט זיך אַמאָל געשאַרט אַרום אים? וועלוול איז אַמאָל געשטאַנען נאָענט צו איר? טאָ איז וואָס, נאָך איז זי אַ גויע און ער אַ ייד. טאָ ווי האָבן זיי געקענט קומען איינער צום אַנדערן? נשקשה, — האָט זי זיך געטראַכט, — נאָך

א וואָך, נאָך אַ מאָנאַט — וועלוול וועט ווערן פריילעכער און לעבעדיקער.

אָבער איינמאָל האָט וואָלדמאַן גענומען רײדן צו סאָניען אָפענע און קלאָרע דיבורים:

— הער, סאָניע, — האָט ער צו איר געזאָגט, אין אַ מאָמענט ווען זיי האָבן זיך געפונען אַליין אין זייער צימער, ווען עס האָבן אים שוין דערעסן אירע לאַסקעס און קושן, איר צערטלען און גלעטן, — וואָס פאַר אַ תכלית וועט זיין פון אזא לעבן אונדזערן? גוט, מיר האָבן חתונה געהאַט. עס איז געווען אַ גרויסע שמחה, אַ פייערלעכער מאָמענט אין אונדזער לעבן, אַ גרויסער טאָג פאַר אונדז ביידן. אָבער אָט זיינען שוין אַוועק כמעט ווי צוויי מאָנאַטן נאָך אונדזער חתונה. די פייערלעכקייטן זיינען שוין לאַנג פאַרביי, די שמחה האָט אופגעהערט, די יום־טוב־שטימונג, אין וועלכער מיר ביידע האָבן געלעבט, פאַר און נאָך דער חתונה, איז שוין אַוועק. עס קומט צוריק די נאַקעטע גרויקייט פון לעבן. מיר האָבן געגרינדעט אַ פאַמיליע, מיר מוזן בויען אַ היים, דאַרף מען דאָך נעמען טראַכטן ווי אזוי דער היים אופצובויען, מען דאַרף דאָך זוכן די מיטלען ווי אונדזער לעבן צו פירן.

— דו ווייסט גאַנץ גוט, סאָניע, — האָט ער ווייטער צו איר גערעדט, — אַז קיין פאַכמאַן בין איך ניט, אַרבעטן האָט מען מיך ניט געלערנט, צו מסחר, אַזוי ווי דיין פאָטער, טויג איך מיר ניט אויס. וואָס זשע פאָרט זאָל איך אָנפאַנגען טאָן? מיין יוגנט האָב איך אָפּגעגעבן צו בילדונג. איך האָב ליב די וויסנשאַפט. מיין ליבסטע וויסנשאַפט איז מאַטעמאַטיק. איז דאָס אָבער אַזאַ וויסנשאַפט וואָס דאָ דאַרף דאָס קיינער ניט. ווען איך וואָלט וועלן אַפילו לערנען דאָס מיט שילער, וועלן זיך דאָ אַזעלכע ניט געפינען. איך קען דאָ אַזוי זיצן אין שטעטל און פאַרעלטערט ווערן. וואָס זאָל איך דאָ אָנהויבן צו טאָן? איך פאַרברענג די טעג אין גאָרניט, די צייט רוקט זיך אַוועק לאַנגזאַם און פון אונדז וועט גאָרניט ווערן. דאָס פאַרשטייסטו, סאָניע, איז ניט קיין תכלית, מיר מוזן עפעס טאָן, מיר מוזן זיך דערטראַכטן צו עפּעס, איך וואָלט וועלן הערן דיין מיינונג, ליבע סאָניע, — האָט וואָלדמאַן פאַרענדיקט.

סאָניע האָט אים אופמערקזאַם אויסגעהערט. זי האָט מיט ליבשאַפט אים געקוקט אין די אויגן, די גאַנצע צייט וואָס ער האָט גערעדט. זי וואָלט אים אויסגעקושט זיינע גלידער, האָט זי זיך געטראַכט — אַזוי שיין רעדט ער און אַזוי קלוג איז ער. נאָך אַ ווײַלע שווייגן האָט זי אים געענטפערט:

— ליבער וועלוול, אַז דאָס וואָלט זיך געוועגדעט אין מיר, וואָלט איך דיר זאָגן, טו גאָרניט, לאָמיר אַזוי לעבן און זיך ליב־האָבן אייביק. גלויב מיר, מיין טייערער, אַז איך טראַכט ניט און קען ניט טראַכטן פון אונדזער צוקונפט, אַז די קעגנוואַרט איז דאָך אַזוי גוט און שיין, טאָ וואָס דאַרף איך אַ צוקונפט? איך בין די גליקלעכסטע פרוי אין דער וועלט, אַז איך האָב דיך פאַר אַ מאַן. איך וויל מיר גאָרניט נעמען די מי צו טראַכטן וועגן עפּעס; דו ביסט אַ געבילדעטער און אַ קלוגער, מען זאָגט, אַז דו ביסט זייער אַ געלערנטער, וועסט שוין מסתמא עפּעס געפינען וואָס צו טאָן. איך קען דיר נאָר אין פאָרויס זאָגן, אַז איך גיב דיר מיין פולסטע צושטימונג צו וואָס דו וועסט באַשליסן, וואָס דו וועסט פאַרנעמען וועל איך דיר אין אַלץ העלפן. דאָס איז דאָס איינציקע וואָס איך קען דיר זאָגן, — האָט זי אים געענטפערט.

וואַלדמאַן האָט איר אויסגעהערט און איז געבליבן שטיין אַ פאַר־טראַכטער אויף זיין אָרט. אַ רעכטע ווײַלע איז ער אַזוי געשטאַנען און גע־טראַכט. ענדלעך האָט ער גענומען לויפן איבערן צימער, הין און צוריק, זיינע אויגן האָבן געקראָגן אין דעם מאָמענט אַן ענערגישן אויסדרוק, ער האָט קענטיק עפּעס גאָר וויכטיקעס באַשלאָסן. סאָניע איז געזעסן און אים אָנגעקוקט אָבער האָט אים ניט געשטערט; זי האָט פאַרשטאַנען, אַז זיינע געדאַנקען מוזן זיין מיט עפּעס גאָר וויכטיקעס פאַרנומען, זי האָט געזען אַז ער וויל איר איצט עפּעס גאָר אַ וויכטיקע זאַך זאָגן. זי האָט רואיק גע־וואַרט.

פּלוצלונג איז ער געבליבן שטיין לעבן איר, ער האָט אַרופגעלייגט זיין האַנט אויף איר אַקסל און האָט זיך אָפּגערופן:

— ווייסט, סאָניע, וואָס איך האָב באַשלאָסן? און איך וואַרט פון דיר, אַלס קלוגע און פּראַקטישע פרוי, די פולסטע אונטערשטיצונג פון מיין

פּלאַן, אַזוי ווי דו האָסט מיר אָקאָרשט פאַרשפּראָכן. איך וויל פאַרזעצן מיין שטודיום, איך וויל ווערן אַן אינזשעניער.

— איך ווייס, סאָניע, אַז עס וועט דיר אויסקומען קאָמיש מיין באַשלום. דאָס איז אַן אַרבעט אַ קאָלאָסאַל שווערע. מיר וועלן מוזן וואַרטן יאָרן אַף אַ רעזולטאַט. דערווייל וועלן מיר מוזן לעבן צעשיידט, מען וועט זיך מוזן פּלאָגן און קוועלן, אָבער דערפאַר איז די צוקונפט אַ שיינע, אַ רייצנדיקע. אַלס אינזשעניער וועל איך אומשטאַנד זיין דיר געבן אַ באַקוועמען און שיינעם לעבן. דו וועסט זיין אַ גליקלעכע פרוי און איך וועל זיין מיט מענטשן גלייך. מיר וועלן ביידע לעבן שפּעטער אין גרוים כבוד און פאַרגעניגן.

— דו מוזט, ליבע סאָניע, — האָט ער ווייטער מיט באַגייסטערונג גערעדט — זיך אָנעמען מיט געדולד, די געשיכטע אונדזערע, סיי די אַלטע ווי די מאָדערנע, ווייסט צו דערציילן פון אַ סך ביישפּילן, ווי פרויען האָבן מיט זייער געדולד און אויסדויער, געהאָלפן זייערע מענער דערגרייכן זייער אָנגעצייכנטן ציל אין לעבן. יידישע פרויען האָבן זייער יוגנט געאָפּפערט, זיי האָבן די גרעסטע ליידן איבערגעטראָגן, אָבער זיי האָבן דערמוטיקט זייערע מענער זיך צו דערשלאָגן צו אַ קאַריערע אין לעבן. דו מוזט זיין איינע פון זיי, סאָניע. דו מוזט מיר העלפן, העלפן אַליין איז נאָך ווייניק, דו מוזט מיר צוגעבן מוט, דו מוזט מיך באַגייסטערן אין מיין אידייע; דו מוזט פאַרציכטן אַף אַ געוויסע צייט אַף דיינע באַקוועמלעכקייטן. דו מוזט אַף אַ געוויסער צייט באַהאַלטן אין זיך, דערשטיקן אַף אַ ווייַלע דיין ליבע צו מיר, דו מוזט זען מיט אַלע דיינע קרעפטן, אַז איך זאָל קענען ווערן אַן אינזשעניער.

סאָניע האָט באַטראַכט זיין באַגייסטערונג, זי האָט געזען דעם פייער וואָס האָט זיך אָנגעצונדן אין זיינע אויגן, ווען ער האָט איר פאָרגעלייגט זיין פּלאַן און האָט אים מיטגעפילט, הגם קלאָר האָט זי ניט געוווסט, וואָס דאָס איז אַזוינס אַן אינזשעניער, אָבער אַז דאָס איז גלייך צו אַ דאָקטאָר אָדער אַן אַדוואָקאַט, דאָס האָט זי זיך פאָרגעשטעלט.

לכתחילה האָט זיך אַף אַ מאָמענט דערוועקט אין איר האַרצן דער

אינסטינקט פון אַן אייפערזיכטיקער פרוי. עס האָט דערוואַכט אין איר די חיה'שע מורא, טאָמער וועט ווער אַוועקנעמען איר קינד. זי האָט אַ קלער געטאָן: — אהאַ, אינזשעניער, דאָס איז דאָך עפּעס אַ פּריצישע זאַך, ועלוול וועט צוזאַמענקומען מיט פּריצים און שררות, ווער ווייסט, — האָט זי געטראַכט, — עס קען נאָך אַרופשווימען אויף דער סצענע ווידער די באַראָנעסע, צו וועלכער זי האָט לעצטנס געגומען פילן אַ ווידערווילן און אַ פאַרבאַהאַלטענע שׂנאה. אָבער די פּערספּעקטיוון פון דער שיינער צוקונפט וואָס איר מאַן האָט איר געשילדערט, איר אייגענע פאַנטאַזיע צו זיין די פרוי פון אַן אינזשעניער האָט גובר געווען, עס האָט איר אימפּאָנירט, אַז זי וועט דאָך אויך אַמאָל זיין אַ מין פּריצטע, זי וועט זיין אַ גלייכע מיט אַזעלכע ווי אַגנעס אַגינסקי און די באַראָנעסע קאַרף, און פון שמחה און עמאָציע, האָבן זיך צוויי טראָפּן פּערלדיקע טרערן באַוויזן אויף אירע פייכטע אויגן. זי האָט אַרומגענומען איר מאַן מיט ביידע הענט, האָט אים מיט ליבשאַפט צוגעצויגן צו זיך, האָט אָפּגעדריקט אויף זיינע באַקן צוויי וואַרעמע קושן און אָנשפּאַרנדיק איר קאָפּ אויף זיין ברוסט, האָט זי שטיל אַרויסגערעדט:

— וועלוול, ווי שווער עס זאָל מיר ניט זיין, וויפל איך זאָל ניט ליידן, וויפל איך זאָל מיך ניט קוועלן, זאָג איך דיר צו, אַז איך וועל דיר העלפן דערגרייכן דיין ציל, איך וויל אויך זיין איינע פון די פרויען פון וועלכע דו האָסט פריער גערעדט.

— אָ, ווי וואונדערבאַר דו ביסט, סאָניע, — האָט וואָלדמאַן מיט באַגייסטערונג קוקנדיק איר אין די אויגן געענטפערט. — איך מוז דיר זאָגן דעם אמת, עס זיינען געווען מאָמענטן ווען איך בין אַרומגעגאַנגען אַ פאַרצווייפלטער, איך האָב מיר אַליין געמאַכט די ביטערסטע פאָרווורפן, הלמאי איך האָב חתונה געהאַט, גענומען אויף זיך אַ לאַסט, דעמאָלט, ווען איך בין ניט צוגעגרייט צום לעבן, אָבער איצט, הערנדיק דיינע ווערטער, טייערע, זיינען פאַרשוואונדן פון מיר אַלע ספקות, איך בין פּשוט גליקלעך דיך בא מיין זייט צו האָבן, דו וועסט מיך דערמונטערן, דו וועסט מיך באַגייסטערן און געבן מוט, דו וועסט מיר פאַרלייכטערן די שווערע מאָמענטן,

וואָס מיר שטייט פאָר, איך דאַנק דיר, סאָניע, פון גאַנצן האַרצן, פאַר דײַנע אומפּמונטערנדיקע ווערטער. איך וועל ווייסן ווי דיך צו שעצן.

וואַלדמאַן האָט אין דעם מאָמענט גערעדט גאַנץ אופּריכטיק. ער האָט פאַרגעסן, אַז קאַטיע איז דאָס געווען די, וואָס האָט בײַ אים אַרויסגערופן די אַמביציע צום ווייטערדיקן שטודיום, אין דעם מאָמענט האָט ער פאַרגעסן די ווערטער וואָס קאַטיע האָט אים געזאָגט אין דעם אָוונט פון זײַן התונה, בשעת איר אַוועקפאָרן. איצט איז ער אינגאַנצן געווען אויף דער זײַט פון זײַן פרוי סאָניע, ער האָט זי ממש פאַרגעטערט פאַר איר גוטסקייט און גרייטקייט אים צו העלפן דערגרייכן זײַנע אַמביציעס.

סאָניע און וואַלדמאַן האָבן צווישן זיך אָפּגערעדט, אַז מען מוז זיך זען מיטן פאָטער און מיט אים אַדורכשמועסן די גאַנצע אָנגעלעגנהייט, און צוזאַמען מיט אים באַשליסן ווי אַזוי דאָס דורכצופירן אין דער ווירקלעכקייט, דען עס זײַנען נאָך געווען אַ סך שוועריקייטן בײַצוקומען. ניט אַזוי לײַכט האָט אַ ייִד געקענט דערגרייכן זײַן ציל, צוצוקומען צו העכערער בילדונג אין רוסלאַנד. דאָס איז אין יענע צײַטן געווען פאַרבונדן מיט גאָר גרויסע שטערונגען, וואָס מען האָט געמוזט, מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג און גרויסע פאַרמעגנס אָפּרוימען פון וועג.

## אַכטאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

**אייניקע** טעג שפּעטער, נאָכדעם ווי עס איז באַשלאָסן געוואָרן צווישן סאָניען און איר מאַן, אַז ער וועט פאָרן ערגעץ שטודירן, האָט סאָניע געבעטן איר פאָטער, ער זאָל אין אַן אָוונט אַרײַנגיין צו זיי, זי האָט מיט אים עפּעס איבערצושמועסן וועגן אַ זייער וויכטיקן ענין.

נאָך אָוונט־עסן איז דער אַלטער זלמן אַריין צו זיי אין צימער. וואַלד־מאַן האָט אין אַ ברייטער אופקלערונג דערציילט וואָס זיי ביידע, ער מיט כאַניען, האָבן באַשלאָסן בנוגע זייער צוקונפט און געבעטן זיין אונטער־שטיצונג און מיטהילף דאָס דורכצופירן.

לכתחילה איז דער פּלאַן דעם אַלטן גאָרניט געפעלן געוואָרן. וואָס הייסט, מיר ניט, דיר ניט, גענומען נאָך דער חתונה לאָזן אַ יינג ווייבל, אפשר נאָך מיט אַ קינד אונטערוועגנס, און זיך אַוועקזעצן שטודירן.

— איך הער דאָס צום ערשטן מאָל — האָט זלמן געטענהט, — צי דען פאַר דעם האָב איך חתונה געמאַכט אַ טאָכטער? דערצו האָב איך מיך אַזוי פיל אָנגעשטרענגט און געמטאַרעט צו נעמען אַ גוטן איידעם? ניין, האָט ער געשריען, דאָס וועט ניט זיין. איך פאַרשטיי ניט אַזעלכע משוגעתן, איך קען דערצו בשום אופן ניט מסכים זיין, אַז מען האָט חתונה ווי גאָט און לייט האָבן געבאָטן, דאַרף מען זיך פירן ווי לייט פירן זיך. איך דאַרף ניט קיין איידעמס אינזשעניערן. וואָס וועסטו דאָ אין ריטעווע אויסאינ־זשעניערעוועון?

שפּעטער אָבער, אַז די יונגע מענטשן האָבן אים געגעבן צו פאַרשטיין וואָס פון זיין שטודירן קען אַרויסקומען, די פּערספּעקטיוון אין דער צו־קונפט וואָס זיי שטייט פאָר, ווען וואַלדמאַן וועט זיין אַן אויסגעשטודיר־טער אינזשעניער, דער בכבודיקער לעבן זייערער, זייער פּלאַץ אין דער גע־זעלשאַפט, די נוצן וואָס ער קען אַלעמען ברענגען, באַזונדערס דעם יידישן כלל, ער וועט שטיין נאָענט צו די רעגירונגס־קרייזן, דער עיקר, דעם כבוד און פּרעסטיזש וואָס ער קען ברענגען זייער גאַנצער פאַמיליע, איז אים דער ענין געוואָרן אַביסל ליבטיקער און האָט ביסלעכווייז גענומען נאָכגע־בען, ביז זיי האָבן אים אינגאַנצן געוווּנען אויף זייער זייט.

איצט האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה ווו שטודירט מען. וואַלדמאַן האָט גערעדט פון פאָרן קיין אויסלאַנד, ערגעץ אין פראַנקרייך, שווייץ אָדער דייטשלאַנד. ער האָט דערקלערט פאַר זיין שווער די מאָטיוון וואָס באַוועגן אים צו פאָרן שטודירן דווקא קיין אויסלאַנד. אייגנטלעך, האָט ער דער־קלערט, קען מען שטודירן דאָ, אין רוסלאַנד אויך. עס זיינען פאַראַן דאָ

געגוג טעכנישע הויכשולן, ווו מען קען ווערן א גוטער אינזשעניער, אָבער דאָ הויבט זיך אָן די צרה מיט די פּראָצענט נאָרמעס, יידן ווערן ניט אָנ־גענומען אין די הויכשולן, נאָר אין א געווויסן פּראָצענט און דער פּראָצענט וואָס ווילן אָנקומען, איז אַלע מאָל פיל מער וויפל מען קען אריינעמען. נאַטירלעך אין אַזעלכע פאַלן, קומען אַריין דאָרטן די יחסנים און רייכערע — נאָר די רייכערע וואָס האָבן אַ צוטריט צו הויכע פּערזאָנען און קריגן די געהעריקע פּראָטעקציעס, אָדער די וואָס קענען עפּענען די טירן פון די הויכשולן מיט דער הילף פון זייער געלט. אַזוי ווי איך האָב דאָך ניט קיין געלט דערצו און אויך ניט קיין פּראָטעקציעס, וועט זיין פאַר מיר זייער שווער אָנצוקומען אין רוסלאַנד אין אַ שול, איך וועל מוזן וואַרטן יאָרן און יאָרן, בלייבט מיר ניט מער ווי נאָר צו פאָרן קיין אויסלאַנד.

וואָס שייך די מיטלען צו מיין שטודירן, זאָלט איר, שווער, גאָרניט זאָרגן. איך וועל שוין אַדורכקומען. איך וועל בא אייך ניט נעמען קיין געלט — האָט מיט אים וואַלדמאַן איינגעטענהט, — איך וועל זיכער קריגן עפּעס בא וואָס צו פאַרדינען און איך וועל מיך קענען אויסהאַלטן פון מיין פאַר־דינסט. סאָניע וועט פאַרלויפיק בלייבן בא אייך אין שטוב, זי וועט לעבן פון דעם געלט וואָס איר האָט מיר געגעבן, אַזוי לאַנג ביז איך וועל האָבן געקומען צו מיין ציל.

דער אַלטער זלמן האָט באַטראַכט דעם גאַנצן ענין אַף זיין פּראַקטישן אופן און האָט דאָס אופגענומען ווי ער פאַרשטייט. מילא, אַז ער זאָל ניט פאָרן שטודירן, דער איידעם זיינער, זעט ער דאָך, אַז עס איז ניט צו מאַכן. אויב זי, סאָניע, איז אויך אַף זיין זייט, מוז איך מסכים זיין, צי איך וויל אָדער וויל ניט. אָבער אַז ער זאָל פאָרן קיין אויסלאַנד, אין פראַנקרייך, שווייץ אָדער דייטשלאַנד, דאָס קען איך ניט באַגרייפן און קען צו דעם ניט צושטימען.

מילא, האָט זלמן געטראַכט, וועט ער נאָך שטודירן דאָ אין רוסלאַנד, איז דאָך דאָס אַ היימישע זאַך, ער וועט קענען קומען דאָס רוב אַהיים. סאָניע וועט אַמאָל קענען צופאָרן צו אים; זיי וועלן זיך אָפט זען, עס וועט ניט איבערגעריסן ווערן דער קאָנטאַקט צווישן מאַן און ווייב. עס קען טאַ־

קע זיין אז עס וועט זיך אויסלאָזן גוט, אז אַלץ וועט פּאַסירן ווי זיי שטעלן זיך פאָר, עס וועט זיין אַזוי ווי ער זאָגט. אָבער אַוועקפאָרן אין ווייטן אויסלאַנד, ער זאָל דאָרטן זיין אַליין, זיך טרעפן מיט אַלערליי חברים און געזעלשאַפטן, זייער אָפט ניט קיין געוווּנטשענע, ער וועט זיין אָפּגעריסן פון זיין ווייב און פון זיין היים, בּאַ זיין שוואַכן כאַראַקטער קען זיך די זאַך ניט אויסלאָזן גוט און ברענגען צו זייער שלעכטע רעזולטאַטן. אמת, האָט ער ווייטער געצויגן דעם פאָדים פון זיינע מחשבות, היינטיקע יונגע מענטשן זיינען טאַקע געבילדעטע יונגעלייט, קלוגע און ווילע, אָבער צו שטאַרק געטרויען אין פרויען־אָנגעלעגנהייטן דאַרף מען זיי ניט. עפּעס איז היינט בּאַ זיי דער גאַנצער ענין פון חתונה האָבן זייער לייכט, פיל לייכטער ווי דאָס איז געווען אַמאָל אין אונדזערע יאָרן. חתונה האָבן און זיך אָפּגטן, שטייט בּאַ זיי אַף איין וואָגשאָל, מען מוז זיין זייער פאָרזיכ־טיק בּאַ היינטיקע מאָדערנע צייטן, ווען די חכמים זיינען זיי, די יונגע.

זלמן האָט זיך אופגעכאַפּט פון זיינע געדאַנקען אין וועלכע ער איז געווען אַ היבשע ווילע פאַרטראַכט און האָט זיך אָפּגערופן צו זיין איידעם:

— דו זאָגסט אַז מען קען דאָ אין רוסלאַנד אויך שטודירן, טאָ צו וואָס איז דאָס זוכן אויסלאַנד? איי, אַ פּראָטעקציע? אַ רעקאָמענדאַציע אַנצוקומען ערגעץ צו שטודירן? אַ גוט וואָרט צו ריידן פאַר דיר? דאַכט זיך מיר, אַז דאָס קענסטו קריגן די גרעסטע און ווירקזאַמסטע — האָט זלמן גאַנץ געלאַסן געזאָגט צו זיין איידעם. דו, וואָס מיט דיין העלדישקייט קאָכט די גאַנצע געגנט, עס קלינגט אַ וועלט מיט דיר, ווי דו האָסט אַרויס־געראַטעוועט אַ באַראָנס אַ טאָכטער פון וואַסער, דו האָסט געקראָגן אַ מעדאַל אַזש פון צאַר אַליין, דאַרפסטו טראַכטן פון פּראָטעקציע?

— פאַרשטייט איר מיר, שווער, — האָט וואָלדמאַן אים געענטפערט, — מיר וואָלט זיך זייער ניט וועלן אָנקומען צו די פּריצים נאָך אַ פּראָ־טעקציע. איך האָב איבערגעריסן מיטן באַראָן קאָרף יעדע פאַרבינדונג, איך האָב מיך פריי געמאַכט פון די פּריצים, איך קום ניט מער צו זיי, ווייל דאָס פאַרפליכטעט אין אַ געוויסער מאָס אַ מענטשן און איך וויל דאָס ניט, איך וויל זיין פולשטענדיק פריי און אומאָפּהענגיק פון זייערע קאַפּריזן,

אגב גיין בעטן באַ זיי אַ טובה איז אַ דערנידעריקונג פאַר מיר, דער מענטש פאַרלירט דורך דעם זיין ווירדע, דאָס וואָלט איך וועלן זייער אויסמיידן.

זלמן האָט זיך ווידער פאַרטראַכט. ער האָט ווידער דורכגענומען דעם גאַנצן ענין מיט זיין פּראַקטישן שכל. אפשר איז ער טאַקע דאָ אויך גערעכט. די יונגע מענטשן האָבן דאָך אַן אַנדער קוק אַף די זאַכן. אָבער איך בין דאָך אַ טאַטע, ווען אַ טאַטע דאַרף עפּעס טאָן פאַר זיין קינד קוקט ער דאָך ניט אַף קיינע דערנידעריקונגען, זיין כבוד שפּילט דאָך דעמאָלט זיכער ניט קיין ראָל, דאַרף מען דאָס טאָן אַף מיין רעכענונג.

— זאָג מיר, וועלוול, — האָט דער אַלטער זיך אָפּגערופן נאָך אַ ווײַלע שווייגן, — אין וועלכע שטעט אין רוסלאַנד געפינען זיך די הויכשולן וו מען קען שטודירן אַף אַן אינזשעניער?

דער איידעם האָט אים אָנגעקוקט און אים קורץ געענטפערט:

— אין פּעטערבורג, ריגע. מאָסקווע, קיעוו, וואַרשע.

— גוט, קינדער, — האָט זלמן אַנטשלאָסן געזאָגט, — איך וועל טאָן אַלץ וואָס עס וועט נאָר מעגלעך זיין, העלפן דיר אַריינקומען אין איינע פון די שולן. דו וועסט זיך ניט דאַרפן דערנידעריקן, דו וועסט ניט פאַרלירן פון דיין ווירדע. איך בין אַ טאַטע, דערצו אַ יידישער טאַטע, בין איך שוין געוווינט צו דערנידעריקונגען. קענסט זיך גרייטן, גאָר אינקורצן, האָף איך, וועט ווערן דערפילט דיין ווונטש.

דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט די אונטעריידונג צווישן זלמן און זיין איידעם.

אַף מאָרגן, עס איז נאָך געווען באַגינען אַף טאָג, האָט שוין זלמן געשפּאַנט זיין פערד און וועגל און האָט זיך געלאָזן אין וועג, העלפן זיין איידעם דערגרייכן זיין ציל.

זלמן האָט געהאַט באַ זיך באַשלאָסן, אַז די בעסטע פּראָטעקציע וועט זיין דער באַראָן קאַרף, אַ מעכטיקע פּערזענלעכקייט, דערצו איז ער דאָך שולדיק זיין איידעם אַ טובה, וועט ער אים בעטן אומבאַדינגט ער זאָל זען מען זאָל זיין איידעם אַריינעמען אין אַ שול. ליידער האָט ער שוין דעם באַראָן אין זיין גוט ניט געטראָפן. די גאַנצע פאַמיליע, האָט מען אים גע־

זאָגט, איז מיט איייניקע טעג צוריק אָפּגעפאָרן קיין פּעטערבורג. זלמן האָט זיך אָבער ניט פאַרלאָרן. האָט ער זיך אונטערגענומען מוז ער דאָס אויס־פירן, זאָל זיין וואָס עס וויל זיך. ער האָט זיך געזעצט אין דעם ערשטן אָפּגייענדיקן באַן און האָט זיך געלאָזט קיין ליבוי. דאָרטן האָט ער גע־רעכנט צו טרעפן דעם באַראָן מאַנטייפעל, וועט ער אים בעטן די טובה.

אין ליבוי האָט זלמן געהאַט מער גליק. ער האָט געטראָפן וועמען ער האָט געזוכט. און דער באַראָן, אויסהערנדיק זלמנס בקשה, האָט קיין צווייטן וואָרט ניט איבערגערעדט, האָט זיך תיכף פאַרבונדן מיט אין יע־נער צייט באַקאַנטער שיפּסקאָנטאָר קני, פאַלק און קאָ., וועמענס פאַרזיצער עס איז געווען אַ באַקאַנטער זשאַנדאַרמסקער פּאָלקאָווניק, אַ געוויסער מיאַסאָיעדאָוו. צו אים האָט ער זיך געווענדעט. דער פּאָלקאָווניק איז גע־ווען מיט דעם באַראָן מאַנטייפעל און קאַרף זייער באַפריינדעט. דערהערנדיק פון באַראָן, וואָס דער ייד האָט געטאָן פאַר דער באַראָנעסע קאַרף, האָט ער פאַרצייכנט זיין נאָמען, געגעבן זלמנען זיין וויזיט־קאַרטע ער זאָל דאָס איבערגעבן זיין איידעם, און האָט אים פאַרזיכערט, אַז ער וועט גאָר אינ־קורצן אופגענומען ווערן אין אַ הויכשול, אין וועלכער שטאָט קען ער נאָך אים ניט זאָגן.

אַ צופרידענער און אַ גליקלעכער האָט זיך זלמן אומגעקערט אַהיים אין האָט איבערגעגעבן זיין איידעם אַלץ וואָס ער האָט אופגעטאָן פאַר אים, דאָס פאַרשפּרעכן פון פּאָלקאָווניק און זיין וויזיט־קאַרטע.

דער פּאָלקאָווניק האָט געהאַלטן וואָרט. אין צען טעג אַרום האָט וואָלדמאַן באַקומען אַ טעלעגראַמע פון קיעווער פּאָליטעכניקום, אַז ער איז דאָרט אופגענומען פאַר אַ פּולבאַרעכטיקטן סטודענט. צוויי וואָכן שפּעטער איז שוין וואָלדמאַן אָרומגעגאַנגען אין קיעוו אין דעם אוניפאָרעם פון אַ סטודענט פון פּאָליטעכניקום. ער האָט אויסגעפירט זיין אַמביציע, ער האָט שטודירט אינזשעניריע. וואָלדמאַן האָט אָנגעפאַנגען אַ נייעם לעבן פון יענער צייט אָן.



# ניינאונצוואנציקסטער קאפיטל

וואלדמאן האט זיך ארייגעוואָרפן מיט דעם גאנצן ברען פון זיין נשמה אין לערנען. מיט דער גאנצער עקשנותדיקייט און פליים, מיט וועל־כער ער האט אמאל געארבעט אף זיין עקסטערן עקזאמען, האט ער זיך איצט גענומען צו שטודירן. בא אים איז דאס געווארן אן אמביציע, וואס בעסער און וואס גיכער צו ווערן א גוטער און בארימטער אינזשעניער.

ער האט אף א צייט פארגעסן זיין ראמאן מיט קאטיע קארף. זיין אייגן יונג ווייבל איז אים ניט געלעגן אין זינען. ער איז געווען פארנומען נאר מיט דעם איינציקן געדאנק, לערנען און שטודירן. דאס איז געווארן דער ציל פון זיין לעבן, טריומפירן אין לעבן; זיין גלייך צו די קארפס און די אגינסקים, ניט זיין סאציאל נידעריקער פון קאטיען, שטיין אף איין שטאנד מיט דעם יונגן באראן מאנטייפל, מיט איין ווארט, שטיין אין די אויגן פון זיינע באקאנטע וואס ער האט זיך דערוואָרבן א דאנק זיין צופאל מיט קאטיען, ווי א גלייכער מיט א גלייכן. דאס איז געווען זיין געדאנק אין דעם מאמענט.

אין פאליטעכניקום האט מען אים באלד באמערקט. זיינע פעיקייטן אין מאטעמאטיק און פיזיק, זיין באגאבטקייט צו צייכענען זיינען געווארן גלייך באקאנט איבערן גאנצן פאליטעכניקום, זיין אייגנארטיקע ליזונג פון מאטעמאטישע פראבלעמען האט אים גלייך ארויסגערוקט אין פאדערגרונט פון דער סטודענטנשאפט, זיין שטרעבונג אלץ צו קענען, אלץ צו וויסן און דערמיט זיך טיילן מיט זיינע חברים, האט אים גיך פארשאפט א סך אינ־טימע פריינט און חברים, דאס רוב קריסטלעכע, מיט די יידישע חברים האט ער זיך זייער ווייניק אופגעטראגן.

אין פּאָליטעכניקום האָט זיך אויך פאַרשפּרייט די ידיעה פון זיין העל־דישקייט, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן לגבי עפּעס אַ באַראָנעסע. זיין זעלבסטאָפּפערונג באַם ראַטעווען דאָס לעבן פון אַ טאָכטער פון איינעם פון אַ גרויסער פּערזענלעכקייט, האָט געקלונגען אַזש אין לערנאַנשטאַלט, ווי געוויינלעך אין אַזאַ פאַל, האָט מען צוגעטשעפּעט אַ סך לעגענדעס צו דעם אמת. ווי דאָס זאָל אָבער ניט זיין, האָט די ידיעה שטאַרק אופגעהויבן דעם אָנזען פון וואָלדמאַנען אין די אויגן פון די סטודענטן און די פּראָפעס־סאָרן. מען קען זאָגן, אַז וואָלדמאַן איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ מין וווּנ־דער־קינד אין פּאָליטעכניקום.

די פאַרבינדונג זיינע מיט דער היים האָט ער אופגעהאַלטן וואָס ער האָט אָנגעשריבן אַלע וואָך אַ קורצן בריוול צו סאָניען מיט אַ פּאָר ווער־טער צו זיין מוטער, הגם ער פלעגט קריגן בריוו פון סאָניען אַלע פּאָר טעג, האָט ער איר אָבער געענטפערט נאָר איינמאָל אין וואָך. אירע בריוו זיי־נען געווען, ווי מען האָט באַדאַרפט דערוואַרטן אין אַזאַ פאַל, פול מיט בענקשאַפט צו אים, מיט אַן אויסדרוק פון הייסער ליבע און איבערגעגעבנ־קייט. זיינע זיינען געווען טרוקענע, קורצע, ער איז געזונט, לערנט און שטו־דירט, איז צופרידן און האָט גוטע האָפענונג.

די ידיעה וואָס ער האָט באַקומען פון דער היים, אַז זיין פרוי שוואַנ־גערט, האָט ער אופגענומען קאַלט און גלייכגילטיק, אים האָט דאָס זייער ווייניק אינטערעסירט. דעם אמת זאָגנדיק האָט ער אין געדאַנק זיך קיינ־מאָל ניט פאַרגעשטעלט זיין צוקונפט אין פאַרבינדונג מיט סאָניען און עס האָט אים ניט אינטערעסירט וואָס זי טוט און ווי זי לעבט.

אויב עס זיינען געווען מאָמענטן ווען וואָלדמאַן האָט אין זיין פאַנ־טאַזיע געזען זיין צוקונפט, אויב ער האָט זיך אַמאָל געגומען פאָרשטעלן ווי עס וועלן אויסזען די קאָנטורן פון זיין צוקונפטיקן לעבן, האָט ער דאָרטן באַמערקט נאָר דאָס בילד פון קאַטיען, זיין אייגענע פרוי האָט ער דאָרטן קיינמאָל ניט געזען, כאָטש ער האָט זיך געגעבן גרויס מי איבערהויפּט ניט צו טראַכטן וועגןביידע פרויען וואָס האָבן צופעליק דורכגעקרייצט זיין לעבן, ער האָט געזוכט אין די ביכער און אין לערנען צו פאַרגעסן אַלץ וואָס

ער האָט איבערגעלעבט ביז איצט, איז אָבער ווי אַף צו להכעיס שטענדיק גאָטיע ארופגעשווומען אין זיין געדאנק, די גליקלעכע מאָמענטן וואָס ער האָט פאַרבראַכט מיט איר, אירע ווערטער: „ווילי, איך ליב דיך", האָבן אים ווי פאַרקלונגען זיין גאַנצע נשמה. ער האָט זיך געפילט אין אַזאַ מאָמענט מור־טיק און לעבעדיק. זיין שטימונג דערהויבן און פריילעך. פארקערט, ווען ער פלעגט זיך דערמאָנען אין סאָניען, האָט ער גלייך געפילט אַ נידערגע־שלאָגנקייט, עס פלעגט אים באהערשן אַ מוטלאָזיקייט און אַפּאַטיע.

אין אַזאַ שטימונג האָט ער געלעבט די ערשטע חדשים פון זיין שטודירן אין קיעוו. סוף מאַי האָבן אַ סך פון זיינע חברים און פריינט גע־נומען פאַנאַנדערפאָרן אַף די זומער־וואַקאַציעס, אַ סך האָבן אים איינגע־לאַדן ער זאָל מיט זיי מיטפאָרן אין זייערע מאַיאָנטקעס איבער זומער, ער האָט אָבער אַלעמען דאנקנדיק אָנטזאָגט, מיט דעם אויסרייד, אַז ער מוז פאָרן צו זיך אַהיים.

סאָניע האָט אין אירע בריוו צו אים אויסגעדריקט איר האָפענונג באַלד אים צו האָבן באַ זיך, ווייל עס פאַנגען זיך אָן וואַקאַציעס אין אַלע לערנאַנשטאַלטן, האָט ער איר געענטפערט, אַז ער וועט זיכער קומען, אָבער שפּעטער. איצט קען ער ניט אַוועקפאָרן, ער וויל אויסנוצן די רואיקע צייט אין לערנען און אַרבעטן אין ביבליאָטעק און אין דער פיזישער לאַבאָראַ־טאָריע, אָניאָגן די צייט וואָס ער האָט פאַרשפּעטיקט מיט זיין אָנקומען, כדי ניט צו פאַרשפּילן דאָס יאָר. אַזוי האָט ער איר געשריבן. באַ זיך האָט ער געוווּסט גאַנץ גוט, אַז דאָס איז ניט מער ווי אַ תירוץ, זייגע אַרבעטן וואָס ער האָט געדאַרפט מאַכן, האָט ער רואיק געקענט מאַכן אויך אין שטוב באַ זיך. אים האָט זיך איינפאַך ניט געגלוסט צו פאָרן צו סאָניען.

עס האָט זיך אָנגעפאַנגען דער יוני. אין שטאָט איז געוואָרן היים. יע־דער ווער עס האָט נאָר געקענט איז געלאָפן פון שטאָט, וואַלדמאַנב באַ־קאַנטע האָבן זיך געוווּנדערט: ס'טייטש, הלמאי ליגט ער אין שטאָט, בשעת אין די קליינע שטעטלעך איז אַזאַ מחיה. סאָניעס בריוו וואָס האָבן אים גערופן אַהיים זיינען אויך געוואָרן מער פאָדערנדיקער, ער וועט מוזן אַף אַ קורצע צייט לכל הפחות פאָרן אַהיים, הגם ער האָט דערצו גאָר קיין

חשק ניט, אָבער עס העלפט דאָך ניט. סאָניע איז דאָך זיין פרוי, דערצו איז פּשוט מיאוס פאַר מענטשן, די פרוי אין אַזאַ צושטאַנד, ווי קומט מען דאָס ניט געוויר ווערן. האָט ער באַשלאָסן, אַז סוף דעם חודש וועט ער אַריבערפאָרן אַהיים.

דעם צוואַנציקסטן יולי איז דאָס געווען, וואַלדמאַן האָט באַשטימט סוף חודש אַהיימצופאָרן. ער האָט שוין צוגעגרייט אַלע זאַכן, וואָס ער וואָלט געדאַרפט מיטנעמען אַהיים און איז אַריין אין קאַנצעלאַריע פון פּאָליטעכניקום, אַרויסנעמען זיינע לעגיטימאַציעס און זיך אָפּגעזעגענען מיט די באַאַמטע פון קאַנצעלאַריע.

מען האָט אים ווי שטענדיק דאָרטן אויפגענומען פריינטלעך און מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט. אין קאַנצעלאַריע האָט מען געוווסט, אַז ער איז פּראָטעזשירט פון באַראָן קאַרף, דערצו איינער פון די בעסטע סטודענטן פון פּאָליטעכניקום, וועמען מען דאַרף רעספּעקטירן.

— הער וואַלדמאַן, — האָט זיך אָפּגערופן צו אים איינער פון די באַאַמטע — פאַר אייך איז היינט אָנגעקומען אַ פּאַקעט, ווילט איר אים אָפּנעמען?

— פאַר מיר אַ פּאַקעט? און אַף דעם אַדרעס פון פּאָליטעכניקום? דאָס וווּנדערט מיר זייער, דאָס איז פאַר מיר אַ נייס, מען זאָל מיר שרייבן אַף דעם אַדרעס — האָט ער געזאָגט אַ פאַרוווּנדערטער.

דאָס רעטעניש האָט זיך אָבער באַלד געלייזט און עס איז אַלץ אויפגעקלערט געוואָרן. וואַלדמאַן האָט אַריינגענומען אין האַנט דעם פּאַקעט, האָט ער דערקענט אַף דעם קאָנווערט קאַטיעס האַנטשריפט.

מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, אין אַ פריידיקער אויפרעגונג, האָט ער מיט זיינע ציטערדיקע פינגער געעפנט דעם קאָנווערט און אַרויסגענומען פון דאָרטן אַ קליין, פיין אויסגעצירטע שאַכטעלע, וואָס איז געווען איינגעוויקלט אין זיידן פּאַפּיר. עפענענדיק דאָס שאַכטעלע האָט ער דאָרטן דערזען אַ גאָלדענע פילפעדער און אַ גאָלדענעם בליישטיפט. אַף דעם פילפעדער האָט ער איבערגעלייענט די אויפשריפט: „דעם אומפאַרגעסלעכן ווילי צום טאָג פון 20־טן יולי, פון דער דאַנקבאַרער קאַטיע".

— אהאַ, איצט פאַרשטיי איך שוין אַלץ, — האָט ער אַ שמייכלענדי־קער זיך אָפּגערופן צום באַאַמטן, וואָס האָט די גאַנצע צייט מיט נייגיר גע־קוקט וואָס איז דאָרטן אין פּאַקעטל. — דאָס איז פון באַראָנס טאָכטער, — האָט ער אים מיט שטאָלץ דערקלערט. — דאָס איז די וועמען איך האָב פאַראיאָרן געראַטעוועט פון טויט. היינט איז פונקט אַ יאָר פון יע־נעם צופאַל, איך האָב דאָס אינגאַנצן פאַרגעסן.

— איך בין אייך זייער מקנא — האָט אים דער באַאַמטער געענט־פערט. — איר זייט אַ גליקלעכער, אַז איר האָט געהאַט די געלעגנהייט זי אַרויסצוראַטעווען. אַ קלייניקייט אַזאַ אַריסטאָקראַטקע, דערצו זאָגט מען איז זי אַ גרויסע שיינהייט, אַ וואָס פאַר אַ גליקלעכער מענטש איר זייט.

וואַלדמאַן האָט געוואָרפן אַ בליק אינעווייניק אין קאָנווערט און האָט דאָרטן דערזען אַ קליין שטיקל פּאַפּיר צוזאַמענגעלייגט. דאָס איז געווען אַ קורץ בריוול פון קאַטיען. זי האָט אים געשריבן: „ליבער ווילי, איך בעט דיך, נעם צו מיין קליינע מתנה, צום אָנדענק פון היינטיקן טאָג. ווייסט דאָך, אַז פונקט היינט, מיט אַ יאָר צוריק, האָסטו מיין לעבן געראַטעוועט. און היינט איז אויך אַ יאָר ווי מיין האַרץ געהערט דיר. יאָ, ווילי, איך ליב דיך נאָך אַלץ, איך פאַרגעס דיך ניט. קאַטיע קאָרף זאָגט קיינמאָל קיין ליגן ניט, אויב איך האָב דיר געזאָגט, אַז איך ליב דיך, וועל איך דאָס טאָן מיין גאַנץ לעבן, איך קען אַלע דיינע באַוועגונגען, איך קוק אויף דיר אויך פון ווייטן, איך פריי מיך מיט דיינע דערפאָלגן, באַזונדערס דערפאַר, ווייל איך האָב דיך דערמוטיקט דערצו און איך האָב דאָס אינספּירירט בײַ דיר. עס קושט דיך דיין קאַטיע".

וואַלדמאַן האָט איבערגעלייענט די עטלעכע ווערטער און זיין האַרץ איז אים שיעור ניט אַרויסגעשפּרונגען פון שמחה, שנעל האָט ער זיך אויס־געדרייט, ער איז אַרויסגעלאָפן פון קאַנצעלאַריע, אַראָפּגעלאָפן די טרעפּ און איז אַרויס אויפן גאַס. אים איז אויסגעקומען, אַז די גאַנצע וועלט טאַנצט איצט מיט אים אויף זיין שמחה. אַזוי האָט ער זיך געפרייט מיטן בריוול.

ער איז אַריין אין זיין צימער, האָט זיך אַנידערגעלייגט אויף זיין קור־

שעטקע און געדאנקען איינע נאָך די אנדערע האָבן פול געמאכט זיין מוח. אָך, האָט ער געטראכט, וואָס פאַרא וואונדערבאַר מיידל די קאטיע איז, ווי זי ליבט מיך, ווי צוגעבונדן זי איז דאָס צו מיר. אייביק, אייביק, וועל איך דיך ליבן, אַזוי זאָגט זי. קאטיע קאָרף זאָגט ניט קיין ליגן, אַזוי שרייבט זי. פאַרוואָס האָב איך דאָס אָפּגעוואָרפן איר ליבע? פאַרוואָס בין איך פון איר געלאָפן? אמת, סאָניע ליבט מיך אויך זייער שטאַרק, אָבער דאָס איז גאָר אַן אנדער ליבע. סאָניע איז פון אַן אנדער טייג געקנאָטן, סאָניעס איז גאָר אַן אנדער ליבע, סאָניעס ליבע איז אַ מאַטעריעלע, אַ אויסגערעכנטע, אַ ליבע פון קאָנוועניענץ, זי איז אַן איינפאַכע קליינבירגערלעכע מיידל, זי דענקט פונקט ווי די אנדערע מיידלעך פון איר לעבנס־שטייגער, זיי זעען אין זייער ליבע די פאַרקערפּערונג פון זייער תכליתדיקע שטרעבונגען, חתונה צו האָבן און האָבן אַ מאַן, ווער עס זאָל זיי געבן צו לעבן און זאָרגן פאַר זיי. סאָניע קוקט אָף מיר מיט די אויגן פון איר פּראַקטישן טאַטן. עס וועט ווערן פון מיר אַמאָל זייער אַ גוטער מאַן, אַ פאַרדינער און אַ ברויט־געבער. דאָס איז סאָניעס ליבע, בשעת קאטיעס ליבע איז אַ ריינע גייסטי־קע ליבע, זי זעט ניט אין מיר דעם מאַן וואָס זאָל איר געבן ברויט, כבוד און יחוס, דאָס האָט זי גענוג, נאָך מער פאַר מיר, זי זעט אין מיר די דער־גרייכונג פון אירע אידעאַלן. זי זוכט ניט אין מיר קיין קערפּערלעכע באַ־פרידיקונג נאָר אַ גייסטיקע. דערפאַר איז איר ליבע ריינער און אידעאַלער און אַ געפיל פון פאַרדרוס האָט אים באַהערשט. ער איז געווען אין כעס אָף זיך אַליין, פאַרוואָס ער האָט דערלאָזט דערצו, ער זאָל חתונה האָבן מיט סאָניען, בשעת אים איז פאַרגעשטאַנען אַזאַ גרויס גליק. פון פאַר־דרוס און ערגערניש האָט ער זיך פאַנאַנדערגעוויינט ווי אַ קליין קינד. אין דעם צושטאַנד איז וואַלדמאַן אָפּגעלעגן אַ גאַנצן פאַרנאַכט אָף זיין קושעט־קע.

אונטער דעם איינדרוק פון דעם בריוול וואָס ער האָט דערהאַלטן, און די געדאַנקען וואָס זיינען אים באַפאַלן, האָט ער געטראַכט, אַז ער וועט שוין גאָרניט פאָרן צו סאָניען. אים אַרט ניט וואָס עס וועט געשען, איינ־מאָל מוז ער דאָך מאַכן אַן ענדע צו אַזאַ סיטואַציע. באַלד אָבער האָט ער

זיך ארומגעזען, אַז עס וועט אַרויסרופן אַ טומל באַ סאָניען אין שטוב, זיין מוטער וועט אויך האָבן פאַרדרוס, זלמן וועט נאָך קומען צו לויפן, ער וועט מאַכן סקאַנדאַלן און געשרייען און דאָס האָט ער בשום אופן ניט געוואָלט. ער האָט געוואָלט אויסמיידן יעדע איבערײַדונג מיט זיי. זיי טאָרן איבער־הויפּט ניט וויסן וואָס באַ אים אין האַרצן קומט פאָר. אַגב קען דאָס אים שטערן אויסצופירן זיין אַמביציע צו ווערן אַן אינזשעניער און זיין גלייך מיט אַנדערע פּריצים. איז ער געבליבן באַ זיין אַלטן באַשלוס, פאָרן, אָבער נאָך אַף אייניקע טעג. מער ניט ווי יוצא זיין פאַר זיי.

# דרייסיקסטער קאַפּיטל

אין דער זעלבער צייט, ווען באַ וואַלדמאַנען אין האַרצן האָבן זיך ווידער אופגעוועקט זיינע ספקות, ווען זיינע ביידע נשמות וואָס זיינען גע־זעסן באַ אים האָבן ווידער גענומען קעמפן וועגן די אַליין־הערשאַפט איבער אים, ווען די איינגעשלאָפענע ליבע צו דער באַראָנעסע קאַרפ, האָט באַ אים ווידער אופגעוואַכט און גענומען שלאָגן וואָרצלען אין זיין האַרצן, איז פאָרגעקומען אין דער גרויסער רוסלאַנד אַן אינטערעסאַנטע פאַרזאַמ־לונג פון רוסישע אַריסטאָקראַטן, די עליטע פון די באַלטישע דייטשן.

דאָס איז געווען ענדע יולי 1914, אין דער פּראַכטפולער ווילע פון דעם אַלטן באַראָן פרידריך ראָזענבערג, אין דעם לוקסוספולן קוראָרט קעמערן באַ ריגע, האָבן זיך „צופעליק" געטראָפן הויכע געסט, דאָרטן האָט מען געקענט זען דעם גרייזגרויען אַלטן באַראָן מייענדאָרף וועמענס זון האָט פאַרנומען אַ הויכן פּאָסטן אין רוסישן גענעראַל־שטאַב; דער הויכער אַריסטאָקראַט באַראָן אָסטען סאַקען, וואָס האָט פאַרנומען אַ הויכן אַמט אין רוסישן מלוכה־ראַט, דער מיניסטער פון צאַרישן הויף, דער באַקאַנטער

דאָן זשואַן, באַראָן פרעדעריקס, דער ליבלינג פון דער צאַרינאַ, הויפּט פּאַר־טרעטער פון רוסישן פּריוויליקן פּלאַט, באַראָן ראַאַף; דער ליבווישער סוחר, דער דייטש באַניץ; דער דירעקטאָר פון פּאַרייניקטן באַנק אין ליבוי, פאָן ווינקלער; באַראָן מאַנטייפל און נאָך אַנדערע.

דער צוועק פון זייער צוזאַמענטרעפן דאָרטן איז געווען, דער גאַסט פון באַראָן ראָזענבערג, וואָס איז געקומען פון דייטשלאַנד, אַ געוויסער דר. פּאַו.

די טעמע פון דער אונטערהאַלטונג איז געווען, ווי שטענדיק באַ אַזעל־כע צוזאַמענקונפטן, קייזער ווילהעלם און דייטשלאַנד. ווי באַצויבערטע זיינען זיי אַלע געזעסן און זיך צוגעהערט וואָס דער גאַסט האָט זיי דער־ציילט, ווי גרויס ווילהעלם איז, ווי קלוג ער איז, וואָס פאַרא וווּנדערבאַרע פּאָליטיק ער פירט, ווי ריזיק און מעכטיק די דייטשישע אַרמיי איז און וווּהין עס צילט די דייטשישע פּאָליטיק.

ווען דער גאַסט האָט דערזען מיט וועלכער באַגייסטערונג מען הערט אים אויס, וואָס פאַרא עמאָציע זיינע רייד האָבן אַרויסגערופן באַ זיינע צוהערער, האָט ער אָנגעפאַנגען צו טענהן אַז אייגנטלעך איז שוין געקו־מען די צייט, אַז דייטשלאַנד זאָל ווערן די אויבערמאַכט אין אייראָפּע, און ניט נאָר אין אייראָפּע, נאָר אויך אין דער גאַנצער וועלט. דעם אמת זאָגנ־דיק, האָט דער גאַסט אויסגעפירט, איז שוין דייטשלאַנד לאַנג צוגעגרייט צו דערלאַנגען דעם דעצידירנדיקן קלאַפּ און אָנפאַנגען דורכזעצן איר אַמ־ביציע. דייטשלאַנד איז אָבער נאָך ניט זיכער מיט איר פאַרבינדעטן, דעם אַלטן פראַנץ יאָזעף, זיין אַרמיי איז ניט גרייט אַזוי ווי די דייטשישע. דאָס איז דער איינציקער אָפּהאַלט, ווען ניט דאָס וואָלטן מיר שוין אָפּגע־ראַמט פון וועג די אַלע מלוכות וואָס שטייען אויף וועג צו אונדזער לעבנס־רוים און דערגרייכן אונדזערע אַלע אַמביציעס, — אַזוי האָט דער גאַסט פאַרענדיקט זיין שמועס.

— אָ, ווי דערלעבן מיר שוין דעם מאָמענט, — האָט דער אַלטער ראָ־זענבערג, אָפּזיפצנדיק איבערגעריסן דאָס שטילשווייגן, וואָס איז איינגע־טרעטן נאָכדעם גאַסטס דערציילונגען. — מיר קענען שוין ניט דערוואַרטן

דעם מאָמענט ווען דער לײמענער קאָלאָס װעט צעפאַלן און מיר, באַלטי־שע דײטשן, וועלן ווערן אַליין די באַלעבאַטים איבער אונדזער לאַנד.

— גוטער ווילן אַליין איז ווייניק — האָט זיך ווידער אָפּגערופן דער דייטשישער גאַסט, — איך קען אייך זאָגן דעם אמת, איך בין עקסטרא אַהער געקומען צו דערמאָנען אייך אייערע פליכטן. איר זייט דייטשן, איר האָט אין זיך דייטשיש בלוט, און אַ ווו אַ דייטש זאָל זיך ניט געפינען, אונטער וועלכע אומשטענדן ער זאָל ניט לעבן, וואָס מיט אים זאָל ניט גע־שען, דאַרף ער געדענקען, אַז ער געהערט דעם דייטשישן רייך. מיר זיינען אַלע פון איין בלוט, איז אייער פליכט אונדז צו העלפן. מיר זיינען אייערע באַפרייער. פאַר דער לעצטער צייט איז אַנטשטאַנען אַ סך ענדערונגען אין אייערע מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס. די סיסטעם פון אייערע גרענעץ־באַ־פעסטיקונגען איז געענדערט געוואָרן אין פיל ערטער. דער קייזער מוז דאָס אַלץ וויסן. מיר דאַרפן האָבן די אַלע ידיעות, עס איז שוין אַ שטיק צייט ווי מיר דערהאַלטן פון אייך גאָרניט, נים קיין פּלענער, ניט קיין ידיעות. עס קען יעדן מאָמענט אויסברעכן די לאַנג געגאַרטע מלחמה. עס קען זיך אָנפאַנגען פון אַ ליאַדע קלייניקייט, איר מוזט זיך דערפאַר אָנשטרענגען און פאַרשאַפן אונדז די אַלע נויטיקע ידיעות. דאָס איז אייגנטלעך דער צוועק פון מיין היינטיקן קומען צו אייך, דערמאָנען אייך אין אייערע פליכטן צום רייך.

אַ טויטע שטילקייט האָט געהערשט צווישן די פאַרזאַמלטע. זיי האָבן זיך אַלע געפילט ווי שולדיקע קעגן דעם דייטשישן קייזער. באַראָן קאַרל איז געווען דער ערשטער וואָס האָט די שטילקייט אונטערבראָכן.

— איך פון מיין זייט טו אַלץ וואָס עס איז מיר מעגלעך, אום די נויטיקע דאַטן איבערצוגעבן דעם באַראָן מאַנטייפל, וועלכער איז באַ־שטימט די אַלע זאַכן צו ברענגען אין אָרדענונג און אויסגעפינען דעם וועג ווי דאָס אַריבערצושיקן צו אייך.

— יאָ, עס שטימט, — האָט מינטייפל מיט פאַרלעגן געענטפערט, — כ'האָב אַ גאַנצע מאַסע וויכטיקע ידיעות און דאַטן, אָבער איך מוז דאָס אָר־דענען, קאָלעקציאָנירן, קאָפּירן א. א. וו. איך האָב אָבער ניט די פּאַסנדיקע

פערזאָן וואָס זאָל דאָס מאַכן. אַבי וועמען קען מען דאָס ניט אָנפאַרטרוי־ען. איך וועל אָבער איצט דורכווים אַזעלכן געפינען.

— די בעסטע זאַך דערצו איז אַ ייד, — האָט דער גאַסט געזאָגט זיין מיינונג. — די יידן זיינען אומצופרידן מיט דער באַציונג פון דער רוסי־שער רעגירונג צו זיי. איז דאָס אַ גוטער עלעמענט אונדז צו העלפן. ניט אומזיסט האָט אונדזער קלוגער קייזער שטענדיק געזוכט ניקין צו אינטערי־גירן קעגן די יידן, ער האָט געוואָלט זיי געווינען אַף אונדזער זייט.

דערהערנדיק ריידן פון יידן, האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן דער יונגער ראָ־זענבערג, וואָס האָט נאָר וואָס געענדיקט אַגראָנאָם אין דערפּאַט, — איך בעט אייך, מיינע הערן, האָט ער געזאָגט, דערמאָנט ניט דעם נאָמען „ייד“ בּאַ אונדז. זיי זיינען אַלע שווינדלער, בלוטזויגער, פּאַראַזיטן, נידעריקע ברואים, דאָס איז אַ ראַסע וואָס מען טאָר ניט צולאָזן אין אַ ריינע דייט־טשישע געזעלשאַפט.

אַלע האָבן אויסגעשטעלט די אויגן אַף דעם יונגן ראָזענבערג. זיי האָבן אים מיט נייגער באַטראַכט, פּונקט ווי זיי וואָלטן אים צום ערשטן מאָל דערזען, כאָטש אָן צווייפל, אַז קיינער פון זיי איז ניט געווען קיין באַזונדערער פריינט פון יידן, זיי האָבן קיינער ניט געפילט קיין באַזונדער פריינטשאַפט צו יידן, אָבער ריידן מיט אַזאַ פאַרביטערונג, מיט אַזוי פיל גאַל, ווי ער האָט גערעדט, האָבן זיי געהערט צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן.

דער אַלטער ראָזענבערג האָט באַמערקט די ווירקונג פון זיין זונס רייד, האָט ער זיך אָפּגערופן: איך ווייס ניט וואָס מיט מיין זון איז גע־וואָרן. זייט אַ געוויסער צייט קען ער איינפאַך ניט פאַרטראָגן קיין יידן, כאָטש ער האָט שטודירט אַגראָנאָמיע און זיין ספּעציאַליטעט האָט גע־דאַרפט זיין באָטאַניק, האָט ער זיך אויסגעקליבן ביאָלאָגיע. ער טראָגט זיך אַרום מיט אַ נייער טעאָריע, — יידן, — זאָגט מיין זון — שטאַמען פון אַ נידעריקער ראַסע. און מען מוז זיי דערווייטערן פון אונדזער ריינער ראַסע.

— דו ביסט ניט גערעכט, אַלפרעד, — האָט ער גענומען ריידן דיי־

רעקט צום זון — די יידן האָבן מיר נויטיק אין דעם מאָמענט, זיי קענען אונדז זייער פיל העלפן אין אונדזער זאך. אָט צום ביישפּיל, ווען די פאַר־זאָגסט ניט פון אונדזער גוט די יאַקאָבסאָנס, וואָלטן מיר אים זיכער גע־קענט אויסנוצן, ער איז געווען אַן אָרנטלעכער און צופאַרלעסיקער מאַן.

— זאָג דעם אמת, אַלפרעד, דו האָסט נאָך אַלץ ניט פאַרגעסן די גע־שיכטע מיט דער שיינער רעבעקאַן? — האָט אים באַראָן ראַאַפּ, מיט א שמייכל אַף די ליפּן, געפרעגט.

— איר ווייסט, מיינע הערן, ווי אַזוי אַלפרעד האָט זיך דערטראַכט צו זיין ראַסן־טעאָריע? אין זייער גוט האָט געוווינט א ייד יאַקאָבסאָן, וואָס האָט געהאַט א וווּנדער־שיינע טאָכטער, רעבעקאַ. אַזאַ שיינהייט איז טאַ־קע זעלטן ווו צו טרעפן. איז די רעבעקאַ שטאַרק געפעלן געוואָרן אונדזער אַלפרעדן, ווי עס שיינט איז ער געוואָרן צו פרעך אין זיינע פאַרלאַנגען צו איר. ער איז אַמאָל צוגעשטאַנען צו איר מיט גאַנץ ברוטאַלע פאָדערונגען. די שיינע רעבעקאַ אָבער, אויסער איר שיינקייט, איז זי אויך מוטיק און שטאָלץ, האָט זי אים איינפאַך אָפּגעשטעמפּלט אירע שייניקע פינף פינ־גער אַפן באַק. פון יענער צייט אָן האָט ער זיך אָנגעזעצט אַף די יאַקאָב־סאָנס, פאַרטריבן זיי פון גוט און זיך דערטראַכט צו זיין ראַסן־טעאָריע.

דער יונגער ראָזענבערג האָט זיך געפילט אַביסל אומבאַקוועם צו זיין דער הויפּט־ציל פון א געשפּרעך און פון צוויי זייטיקע געלעכטערס, האָט ער זיך אופגעהויבן און פאַרלאָזן דעם זאַל.

— זאָגט נאָר — האָט דער אַלטער באַראָן מאַנטייפל זיך געווענדעט צום באַראָן קאַרף — ווו איז איצט דער יונגער יידל, וואָס האָט אַמאָל גע־ראַטעוועט אייער קאַטיען פון אַן אומגליק? יענער וואָלט זייער גוט גע־פּאַסט פאַר אונדזער צוועק. ער איז אינטעליגענט, באַשיידן, דערצו ווייך, אומאַנטשלאָסן, מען קען אים בייגן אַף אַלע זייטן. מען קען אים לייכט אויסנוצן צו וואָס מען וויל.

— דער יונגערמאַן דאַרף זיך געפינען אין קיעוו. ער איז דאָרטן סטו־דענט אין פּאָליטעכניקום. מען קען אָנקניפּן מיט אים די פאַרבינדונג און פאַרזוכן אריינציען אים אין דעם עניין.

דער יונגער מאַנטײפֿל, דערהערנדיק ווי מען רעדט פֿון דעם ייִד, וואָס איז געוואָרן אַ מחותּן מיט קאַטיע קאַרף, האָט ער אָנגעשפּיצט זײַנע אויערן. אַ בייזער פֿײַערל האָט זיך באַוויזן אין זײַנע אויגן. ער האָט דעם ייִדל ניט געקענט פֿאַרטראָגן. ער האָט געפֿילט, אַז דאָס וואָס קאַטיע איז געוואָרן לעצטנס צו אים אַזוי קאַלט, האָט ער צו פֿאַרדאַנקען אָט דעם ייִדל און מיט גרויס אויפֿמערקזאַמקייט האָט ער גענומען הערן וואָס מען וועט דאָ ריידן פֿון דעם פֿאַרהאַסטן ייִדן.

— איר ווייסט וואָס? — האָט באַראָן ראַאַפּ געזאָגט, — איך פֿאָר מאָרגן אין אָדעס, וווּ אונדזער הויפּטקאָנטאָר געפֿינט זיך. איך פֿאָר איבער קיעוו. וועל איך מיך דאָרטן פֿאַרהאַלטן און אויפֿזוכן אײַער העלדישן ייִד. איך וועל פֿאַרזוכן אים צו באַאַרבעטן און אים געווינען פֿאַר אונדזער זאַך. אויב ער איז באמת אַ פּאַסיקע פּערזאָן, ווי איר מיינט, וועל איך אים שוין אַרײַנעמען אין מײַנע הענט.

— אַלזאָ, מײַנע הערן, — האָט ווײַטער דער גראָבער דײַטש דר. פֿאָן, אָנגעפֿאַנגען — איר זאָלט וויסן וואָס איר האָט צו טאָן. דער קייזער פֿאַרלאַנגט פֿון אײַך זײַן געטרײַ און איבערגעגעבן דעם דײַטשישן רײַך, איר מוזט אויסנוצן אײַער גאַנצן איינפֿלוס וואָס איר האָט אין די הויכע רעגירונגס־קרײַזן און באַזעצן מיט אונדזערע מענטשן אַלע העכסטע אַמטן אין די וויכטיקסטע סטראַטעגישע פּונקטן בײַ דער גרענעץ מיט אונדז, ווארשע, קאָוונע, גראָדנע, ליבוי און אַנדערע גרענעץ־פּונקטן מוזן אומבאַדינגט זײַן באַזעצט מיט געטרײַע מענטשן פֿון די אונדזעריקע, אַזוי פֿאַרלאַנגט זײַן מאַיעסטעט, דער דײַטשישער קייזער, — האָט דר. פֿאָן פֿאַרענדיקט.

— דאָס איז שוין אַן ענין אַן וואָס געהערט צום מיניסטער באַראָן פֿרעדעריקס און צום גענעראַל באַראָן מייענדאָרף, זיי האָבן דעם געהעריקן איינפֿלוס אויף דעם אידיאָטישן ניקי (ניקאָליי דער 2־טער) און אויף די באַטרעפֿנדיקע מיניסטאָרן און זיי וועלן דאָס לײַכט דורכפֿירן, — האָט צוגעגעבן באַראָן אָסטען סאַקען.

— יאָ, דאָס איז אַ קלייניקייט — האָט באַראָן פֿרעדעריקס צוגעגעבן

— גיט מיר אַ צעטל מיט די פּערזאָנען, וועט איר זיי האָבן אַלעמען דאָרטן ווו איר פאַרלאַנגט.

— גערעכנט, אַז דער וויכטיקסטער פּונקט פאַר אונדזער קייזער איז וואַרשע — האָט דר. פּאָו באַמערקט, אופהויבנדיק זיך פון זיין פּלאַץ און דערמיט געגעבן אַ צייכן, אַז די באַראַטונג איז צו ענדע.

— דער פּונקט וואַרשע מוז דורכויס באַזעצט ווערן פון באַראָן קאָרף, — האָט עפּעס ווער באַמערקט, און אַלע האָבן זיך אופגעהויבן פון זייערע פּלעצער.

# איינאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

נאָך דער באַשריבענער פאַרזאַמלונג פון די הויכע געסט באַ ראָזענבערגן אין דער ווילאַ, זיינען ביידע יונגעלייט, דער יונגער מאַנטייפל און דער יונגער ראָזענבערג, אַרויס אַביסל זיך אָפּקילן צום ים־ברעג. זיי האָבן אַביסל שפּאַצירט און שפּעטער זיינען זיי אַריין אין קורהויז עפּעס אויסטרינקען.

עס איז שוין געווען שפּעט. געסט אין קורהויז זיינען שוין פאַרבליבן ווייניק, נאָר פון די טעראַסעס האָבן זיך נאָך דערטראָגן איינצלנע קולות און פרויען־געלעכטער. דער גרויסער קורהויז־זאַל איז שוין געווען כמעט ליידיק, זיי האָבן אויסגעזוכט אַן אָפּגעזונדערטן טישל אין ווינקל פון זאַל און האָבן זיך דאָרטן אַנידערגעזעצט.

באַם טישל זיצנדיק, האָבן זיי גענומען אַרומריידן די אָקאָרשט פאָרגעקומענע באַראַטונג.

— הער קורט, — האָט ראָזענבערג זיך געווענדעט צום באַראָן מאַנ־

טייפל, — וואָס איז מיט דיר לעצטנס געשען? מיינסט, איך באַמערק ניט? דו גייסט אַרום אַ צעטראָגענער, פאַרהרסלעך, אומעטיק און מוטלאָז. דאָס מערקט יעדער מענטש, דו מיזט זיך אַרומטראָגן מיט עפּעס וואָס דיר דריקט. עפּעס האָסטו אין האַרצן, וואָס דו ווילסט ניט אַרויסריידן, אָבער קורט, בין איך ניט דיין בעסטער פריינט? פאַרוואָס זאָלסטו פאַר מיר זיך אויסבאַהאַלטן? רייד, זאָג מיר, וואָס דיר דריקט, אפשר בין איך גראָד דער וואָס קען דיין שמערץ לינדערן.

דער יונגער מאַנטייפל האָט אַ קוק געטאָן ראָזענבערגן אין די אויגן, אַ ווײַלע האָט ער געטראַכט און געשוויגן. ער האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה, קענטיק, ער האָט מיט זיך אַליין מישב געווען. זאָגן ראָזענבערגן פון זיין ווייטיק אָדער ניט. עס איז אמת — האָט מאַנטייפל צו זיך געזאָגט, אַלפרעד איז טאַקע מיין בעסטער פריינט, אָבער ער איז עפּעס אַזאַ מאָדנער, שטענדיק טראָגט ער זיך אַרום מיט אַזעלכע ווילדע געדאַנקען און פּלענער. זיין לעבן לאַנג טראָגט ער זיך אַרום מיט זיין ווילדן פּלאַן וועגן אַראָפּוואַרפן די רוסישע הערשאַפט פון באַלטיקום, זי איינגלידערן צו דייטשלאַנד און מאַכן פון דייטשישן פאָלק הערשער איבער גאַנץ אייראָפּע און אפשר גאָר איבער דער וועלט. ער, קורט, קען גאָר ניט באַגרייפן אַזעלכע הויכע פּלענער. אים לייגט זיך דאָס ניט אויף שכל. דער פאַרצווייפל־טער, אויב ער זאָל איצט אַלפרעדן דערציילן פון זיינע אינטימע געדאַנקען און צווייפלונגען וואָס באַפאַלן אים לעצטנס. ער האָט אָבער ווי עס ווייזט אויס, באַשלאָסן יאָ אים צו דערציילן.

— דו ביסט גערעכט, אַלפרעד, — האָט ענדלעך מאַנטייפל גענומען צו אים ריידן, — איך גיי טאַקע אַרום נידערגעשלאָגן און פאַרביטערט, עס איז אָבער אַ גרויסע פראַגע, אויב דו וועסט מיר קענען עפּעס העלפן, ווייל עס האַנדלט זיך דאָ ניט פון פּאָליטיק, נאָר פון גאַנץ אינטימע אָנגע־לעגנהייטן.

— אָהאָ, איך פאַרשטיי שוין, — האָט ראָזענבערג אים איבערגע־שלאָגן זיין ריידן — מסתמה איז עפּעס פאָרגעקומען צווישן דיר און דיין כלה, קאַטיע קארף? זעסטו, אז פון די יידן איז ניט מער אויסצוהאַלטן, זיי

קריכן דיר אַריין אין די אינטימסטע ווינקעלעך פון דער נשמה. איך האָב געהערט די געשיכטע מיט קאַטיען, אַז עפּעס אַ יידל האָט זי אַרויסגעראַטעוועט פון וואַסער. דער יידל איז אָבער אַזוי כיטרע, אַז ער האָט די גאַנצע פאַמיליע קאָרף מיט קאַטיען צוזאַמען פאַרכישופט, עס איז גאָר קיין וווּנדער ניט אויב זי איז אין אים פאַרליבט און דיך האָט זי אָן אַ זייט אָפּגערוקט. די יידן זיינען אַף אַלץ פעיק, אַף זיי איז אַלץ צו גלויבן.

— אומעטום פּלאָנטערן זיך די יידן אונטער די פיס, — האָט ראָזענבערג ווייטער גערעדט, — זעסט דאָך אַליין, קורט, אַזאַ הייליקע און גוטע זאַך וואָס מיר גייען טאָן, מיר ווילן זיך פריי מאַכן פון רוסישן בער, אַראָפּוואַרפן די אייזערנע קייטן פון אונדזערע העלדזער, מיר גייען העלפן אונדזערע ברידער די דייטשן און דעם גרויסן דייטשישן קייזער, קען מען דאָ אויך אָן יידן ניט אויסקומען. האָסט דאָך אַליין געהערט וואָס די אַלטע האָבן באַשלאָסן אַריינצוציען דעם יידל אין שפּיל. איך פאַרשטיי איינפאַך ניט די אַלטע באַראָנען, וואָס זיי לאָזן זיך אַזויפיל באַאיינפלוסן פון די יידן.

— דו הויבסט שוין ווייטער אָן דיין לידל, אַלפרעד, דו האָסט פאַרגעסן וואָס דר. פּאָו האָט אָקאָרשט געזאָגט, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ געוויסן ציל, דער יידל איז נאָר אַ מיטל צום ציל און דער ציל הייליקט דעם מיטל. דאָס זעסטו וואָלט מיך אַף אַ האָר ניט אָנגעהויבן צו אַרן, דאָס איינציקע וואָס מיר פאַרדריסט, איז וואָס זיי האָבן גראָד דעם יידל אויסגעקליבן. איך האָב מורא אַז דערמיט וועט ער נאָך נענטער ווערן צו די קאָרפס און צו קאַטיען.

— יאָ, אַלפרעד, איך ווייס ניט אויב דו ווייסט וואָס אַזעלכעס ליבע איז. איך ווייס ניט אויב דיין אַוואַנטורע מיט דער יידן יאַקאָבסאָן האָט געהאַט הינטער זיך עפּעס ערנסטעס, מעגלעך, אַז דיין אָפּשניט פון איר האָט איבערהויפּט קאַלט געמאַכט דיין האַרץ צו די אייַדעלע געפילן פון ליבע. איך אָבער ווייס וואָס ליבע איז. איך ליב קאַטיען מיט מיין גאַנצער נשמה. זינט אָבער דער יידל האָט זיך באַוויזן אַף דער סצענע, פיל איך, אַז פון קאַטיען ווייעט מיט קעלט צו מיר. זי איז שוין מער ניט די וואָס זי איז פריער געווען צו מיר. שוין יאָרנלאַנג ווי מיר זיינען געווען פאַרעכנט

אַלס חתן־כלה, הגם נאָך ניט אָפיציעל, אָבער אַלע ווייסן דאָס און אַנדערש האָט גאָר קיינער ניט געטראַכט. די צייטן האָב איך דערוואַרט ווען די קאַרפּס עפּנטלעך מעלדן אונדזער פאַרלאָבונג, האָט זיך ווי אַף להכעיס אונטערגעדרייט דאָס יידל און מיין האַרץ זאָגט מיר, אַז מיט מיין האָפע־נונג צו באַזיצן די שיינע קאַטיע איז עס אויס, איך פיל, אַז עפּעס איז צווישן זיי פאָרגעקומען, אַנדערש קען דאָס ניט זיין, ווייל איינפאַך זי ווייכט מיך אויס, זי דערווייטערט זיך פון מיר. אָט איז זי געפאָרן פאַר־ברענגען דעם זומער־סעזאָן אין צאָפּאָט, איך האָב מיך באַ איר געבעטן מיטפאָרן, איך האָב זי געוואָלט באַגלייטן, געוואָלט בלייבן מיט איר איי־ניקע טעג, האָט זי מיר איינפאַך דאָס פאַרבאָטן. אַפילו אַ בריוול שרייבט זי מיר ניט. אויב איך דערהאַלט יאָ אַמאָל פון איר אַ קאַרטל איז דאָס נאָר אַ פּאָר קאַלטע ווערטער. אָט דאָס איז דער גרונט פון מיין פאַרביטערונג און מוטלאָזיקייט, — האָט מאַנטייפל פאַרענדיקט.

— דו, קורט, כאָטש דו קענסט מיך אַזוי גוט און נאָנט, האָסטו דעם זעלביקן טעות אין מיר ווי די אַנדערע וואָס לאַכן פון מיר, — האָט יאָ־זענבערג אים געענטפערט. — דו זאָגסט, אַז איך ווייס ניט וואָס דאָס איז ליבע, אַז די צאַרטלעכע געפילן זיינען מיר פרעמד. עס איז אַ מעות. קורט, איך ווייס שוין וואָס ליבע איז, איך האָב די פאַרפלוכטע יידישקע, רעבע־קאָן, געליבט מיט אַלע פיבערן פון מיין נשמה. איך האָב זי געליבט ניט ער־גער ווי דו דיין קאַטיען, דער אונטערשייד איז נאָר דער, וואָס דו, קורט, קענסט דיינע געפילן צוימען, דו קענסט זיך באַהערשן, קענסט קאָנטראָלירן דיין באַגער, איך קען עס ניט, איך בין שטורמיש, מיין ליבע צו דער פאַר־פלוכטער יידישקע איז אויך געווען שטורמיש. איך האָב מיין באַגער ניט געקענט און ניט געוואָלט צוימען. איך האָב ניט געוווסט, אַז מיט יידישע פרויען דאַרף מען אויך אַזוי צאַרט און איידל אומגיין ווי מיט אונדזעריקע דאַמען, דערפאַר האָט מיר די יידישקע אַזוי פאַרשעמט, אָבער איך האָב ניט אַדורכגעלאָזט אַזוי גלאַט מיין חרפה, איך האָב זי רואינירט און פאַר־טריבן פון דעם געגנט און איך וועל זיי נאָך ניט שווייגן. איך וואַרט נאָר די געלעגנהייט זיך מיט זיי אָפּצורעכענען, און ניט נאָר מיט זיי אַליין, די

אַנדערע יידן וועלן אויך טייער באַצאָלן מיין חרפה. רעבעקאַס פּעטש האָבן מיך געבראַכט צום ריכטיקן טעוטאָנישן באַוווסטזיין, און איך ראַט דיך אויך, קורט, ניט פאַרשווייגן דעם יידל. עס איז איינפאַך אַ חרפּה פאַרן דייטשישן פאָלק, אַז אַזאַ געמיינער יידל זאָל האָבן די העזה אַוועקצוגעמען אַ כלה בא אַן אַדלמאַן פון אונטער דער נאָז, פאַרשוועכן דיינע דייטשישע בלוט. פאַרפירן אַ דייטש מיידל, אַזאַ שמוציקן יידל טאָר מען ניט פאַר־שווייגן. לאָזט דו דאָס צו, קורט, באַגייסטו אַ פאַרברעכן און פאַראַט קעגן דעם גאַנצן דייטשישן פאָלק. איך וואָלט גאָר אָן צערעמאָניעס אָפּגעראַמט דעם שמוציקן יידל פון וועג און אויס.

— אַזעלכע רייד, אַלפרעד, — האָט מאַנטייפל אים געענטפערט, — קען איך ניט הערן. דאָס זיינען רייד פון אַן איינפאַכן מערדער. אָפּראַמען פון וועג, הרגענען אַ מענטש, פאַרגיסן מענטשלעך בלוט, ניין. דאָס איז ניט פאַר מיר, דאָס וועל איך ניט טאָן. וואָלט ער וויניקסטנס געווען אונ־דזערער אַן אַדעליקער, וואָלט איך שוין יאָ געוווסט, וואָס צו טאָן מיט אים, אָבער שטענדיק אַף אַ לעגאַלן און איידעלן אופן. איך וואָלט אים איינפאַך, קאַוואַלערמעסיק אופגעפאָדערט, ער זאָל מיר פריי מאַכן דעם וועג צו דער וואָס איז יאָרנלאַנג באַשטימט צו זיין מיין פרוי. אָבער מיט דעם יידן קען איך דאָס ניט טאָן, דאָס וואָלט געווען אונטער מיין כבוד. אָבער איינפאַך ווי דו ראַטסט, אָפּראַמען אים פון וועג, זאָל זיין אפילו דורך אַנדערע, ניט מיינע הענט, דאָס וועט מאַנטייפל קיין מאָל ניט טאָן. איך וועל קעמפן, איך וועל מיך ראַנגלען, איך וועל פאַרזוכן אופקלערן די קאַרפּס, איך וועל זיי אופווייזן צו וואָס זייער ניט קאָנטראָלירטע, פרייע דערציונג פון קאַטיען קען ברענגען, אָדער האָט שוין געבראַכט, פאַרבייטן אַן אַדעליקן אַף וועלכן ניט איז יידל, אָבער איך וועל דאָס טאָן אַף אַ קולטורעלן און מענטשלעכן אופן. בלוט וועל איך ניט פאַרגיסן.

— אָט דעם פעלער באַגייען מיר אַלע, ליבער קורט, — האָט ראָזענ־בערג אים געענטפערט. — מיר קוקן ניט ווייט, מיר זען ניט וואָס פון אונדזערע מעשים קען אַרויסקומען. מיר זוכן צו זיין איידל, קאַוואַלירמע־סיק, ווי דו האָסט זיך אויסגעדריקט, און ווילן ניט זען, אַז אַזאַ האַנדלונג

איז אָפּט קענען אונדז אַליין, קענען אונדזערע אייגענע אינטערעסן. מיר ווילן עפּעס דערגרייכן און מיר ווילן ניט אָנעמען די ריכטיקע מיטלען ווי אַזוי דאָס צו דערגרייכן. מיר הערן זיך צו צופיל צו אונדזערע סענטימענטן, מיר לייגן צופיל אַכט אויף דער מענטאַליטעט און מיינונגען פון דער געזעל־שאַפט, אַזוי, ליבער קורט, קענען מיר ווייט ניט אַוועקגיין. ווילן מיר זיך צו וואָס דערשלאָגן, מוזן מיר זיין פעסט און ענערגיש, אַלץ וואָס אָפּן וועג צום ציל ליגט, מוז אומברחמנותדיק אָפּגעראַמט ווערן. ניטאָ קיינע סענטי־מענטן, ניטאָ קיינע איינזעעניש, דער שונא מוז אומקומען, דערצו זיינען אַלע מיטלען כשר. טוטסטו דאָס ניט, וועסטו אַליין אומקומען, דאָס איז אַ מלחמה און אין מלחמה איז אַ כלל, הרגעסטו ניט, וועט מען דערהרגענען דיך.

— דו אַליין, קורט, האָסט פריער געהערט, — האָט ראָזענבערג מיט ברען פאַרגעזעצט זיין געשפּרעך, — ווי מען האָט פון מיר געלאַכט און פון מיין גאַנצער ראַסן־טעאָריע וואָס איך האָב דערפונדן. מען מאַכט חוזק פון מיין האַס צו יידן, מיינסטו אפשר, אַז אין האַרצן גלויב איך אין דער ראַ־סן־טעאָריע? אָדער מיינסטו, אַז איך בין טאַקע אַזאַ בלוטיקער שונא פון יידן? עס הויבט זיך גאָרניט אָן. מיין ראַסן־טעאָריע איז נאָר אַ מיטל צום ציל, מען דאַרף דאָס פאָלק אַריינוואַרפן אין אַ בלינדן פאַנאַטיזם, מען מוז פון דער מאַסע מאַכן אַ וויכן טייג, מען זאָל דערפון קענען אויסקנעטן וואָס מען וויל, דאָס קען מען נאָר דערגרייכן ווען מען געפינט עפּעס מיט וואָס אָפּצווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון פאָלק, און דערצו איז גוט מיין ראַסן־טעאָריע.

מיר אַרבעטן און דערוואַרטן, אַז אונדזער לאַנד זאָל פריי ווערן פון רוסישן יאָך, מיר ווילן אַליין ווערן באַלעבאַטים פון אונדזער לאַנד, מיר ווילן האָבן אַן אייגענע רעגירונג. איך און דו און נאָך אַזעלכע ווי מיר, וועלן זיך שטעלן באַם רעגירונגס־רודער, אָבער אויף וועמען וועלן מיר זיך קענען שטיצן? אויף אונדזערע באַראָנען און אַדליימ? אויף זיי געוויס ניט, זיי וועלן זיך דרייען אַרום די רעגירונגס־שיסל, אַלע וועלן האָבן חשק צום פעטן קעז, מוז מען שאַפן אַ שיכט וועמ עס זאָל אונדז שטיצן. מען מוז

דערצו צוגרייטן די מאַסע. דאָס קען מען אָבער ערשט דעמאָלט אויספירן, ווען מען גיט עפּעס דער מאַסע. וואָס־זשע האָבן מיר איר צו געבן? אונ־דזערע אייגנטימער, אונדזערע גיטער? דאָס ווען מיר זיי דאָך ניט געבן. האָב איך מיך דערטראַכט, אַז דאָס בעסטע וועט זיין ווען מיר קענען זיי אָפּגעבן דאָס יידישע האָב און גוטס, יידישע געשעפטן, יידישע אונטער־נעמונגען א. א. וו. ווי אַזוי, וועט מען פרעגן, איינפאַך אריינברענגען אין דער מאַסע דעם פאַנאַטישן געדאַנק, אַז די ריינסטע באַשעפענישן אַף דער וועלט זיינען מיר, די דייטשן; מיר געהערן צו אַ העכערער ראַסע, זיי די יידן, זיינען פון גאָר אַ נידעריקער ראַסע, זיי זיינען געמיינע ברואים, מען מוז זיי דערווייטערן פון זיך, בכדי זיי זאָלן ניט פאַראומרייניקן אונדזער ריין בלוט, אין לאַנד באַ אונדז, איך מיין אויך אין דייטשלאַנד, וועמענס קינדער מיר אַלע זיינען, זיינען דאָ יידישע אונטערנעמונגען אין די צענד־ליקער טויזנטער. דאָס לאַנד איז איבערפולט מיט יידישע דאָקטוירים, אַד־וואָקאַטן, אינזשעניערן, זשורנאַליסטן, כעמיקער, קינסטלער, זיי מוזן דער־ווייטערט ווערן פון אומעטום, זייערע ערטער זאָלן פאַרנעמען אונדזעריקע. מיר מוזן שטענדיק קלאַפּן אַפן קאָפּ פון דער מאַסע, אַז זייער פאַרמעגן איז אַנגערויבט געוואָרן פון אונדז, אַוועקנעמען איז ניט קיין זינד, דאָס איז אונדזערס, אַזוי אַרום געווינען מיר די מאַסע פאַר זיך. דאָס פאָלק וועט לייכט אויפכאַפּן אַזאַ טעאָריע, ווייל עס איז אין זייערע אינטערעסן.

דער פאַנאַטיזם, ווי ווילד ער זאָל ניט אויסווייזן, וועט לייכט קענען פאַרווירקלעכט ווערן, ווייל די מאַסע וועט הויפּטזאַכלעך דערפון געניסן, און מיר געווינען זי פאַר אונדזער זאַך, מיר שאַפן אַזוי אַרום אַ שטיצע פאַר זיך. דאָס אַלץ זע איך פאַר שוין איצט, און זיי, די אָפּגעלעבטע, לאַכן פון מיר, אָבער מיר וועלן זען ווער עס וועט בלייבן גערעכט: מיר וועלן זען ווער עס זעט ווייטער, איך אָדער זיי, הלואי קומט נאָר דער מאָ־מענט וואָס גיכער, הלואי געפין איך דעם בלינדן פאַנאַטיקער וואָס זאָל מיין אידייע אויפכאַפּן, וועלן מיר שוין פאַרשטיין ווי אָנצוצינדן די מאַסע און דער זיג אונדזערער וועט זיין אַ געזיכערטער.

— איך בין אַ קליינער פּאָליטיקער, — האָט מאַנטייפל געענטפערט.

— נאָר איינס קען איך דיר זאָגן, אַלפרעד, אויב געווינען און זיגן, דאַרף מען אָנווענדן באַטרוג, שווינדל, מאָרד און אַנדערע פאַרברעכנס, רייצט מיך ניט אַזאַ זיג. דאָס הייסט בײַ מיר אײַנפאַך מערדעריי. דאָס איז אַ לעגאַלע רויבעריי, ניט מער. דער רויבער באַגייט אויך זײַן פאַרברעכן, ווײַל ער וויל דורך זײַן פאַרברעכן עפּעס געווינען; איבעריקנס, אַלפרעד, בין איך אַ גראַדליניקער מענטש, איך בלײַב בײַ דאָס מײַניקע. אויב איך קען געווינען קאַטיען דורך אַזעלכע געמיינע פאַרברעכנס, איז ווי שטאַרק איך זאָל זי ניט ליבן, וועל איך דאָס ניט טאָן, איך שעץ קאַטיען זייער הויך, איר ליבע איז פאַר מיר אַ הייליקטום, וועל איך מיר קיינמאָל ניט דערלויבן אַרײַנקומען אין אַ הייליקטום, האָבנדיק פריער באַגאַנגען געמיינע פאַרברעכנס. נאָך אַלעמען בין איך נאָך ניט זיכער, אַז זי ליבט טאַקע דעם יידן, אפשר קומט דאָס נאָר מיר פאָר, אפשר זעט דאָס נאָר מײַן צעהיצטע פאַנטאַזיע. עס איז מעגלעך, אַז די ענדערונג צו מיר פון קאַטיען איז ניט מער ווי אַ פאַרבײַגייענדיקע דערשײַנונג, אַ מאָמענטאַלער קאַפּריז פון אַ פרוי. איך וועל האָבן געדולד און אָפּוואַרטן, איך וועל מיט רואיקייט זען וואָס עס וועט קומען.

— דאָס איז דער ריכטיקער סימפּטאָם פון דײַטשישן געדולד און זײַן רואיק אָפּוואַרטן, ניין. דאָס טויג ניט פאַר דער איצטיקער צײַט, — האָט אים ראָזענבערג מיט היץ געענטפערט. — איצט איז אַ צײַט וואָס מען מוז יעדער זאַך נעמען שטורמיש, מיט געוואַלט, אַז ניט האָט מען גאָרניט. דו, קורט, פאַרלאָז דיך אויף מיר. איך וועל די זאַך שוין גוט אויספאָרשן און איך וועל וויסן אַלץ וואָס קומט פאָר צווישן קאַטיען און דעם יידל. אויב דײַן פאַרדאַכט האָט יאָ אַ גרונט, קענסטו זיך אויף מיר פאַרלאָזן, איך וועל שוין געפינען אַ וועג ווי דעם סוביעקט צו באַזייטיקן, ניט אײַנשמוצנדיק מײַנע הענט אין זײַן אומרייניקעם בלוט. מען טאָר בשום אופן ניט דערלאָזן, אַז אונדזערס אַ מיידל זאָל באַשמוצט ווערן דורך אַזאַ אומרייניקעם כלב.

אויף מאַנטייפל ליפּן האָט זיך באַוויזן אַ לייכטער שמייכל.

— נו, און פאַרוואָס האָסטו געוואָלט דײַן ריין דײַטשיש בלוט פאַראומרייניקן מיט דעם בלוט פון אַ יידיש מיידל? — האָט ער איראָניש גע־

פרעגט ראָזענבערגן. — דאָס וואָלט דאָך געווען קעגן דיין טעאָריע. אָדער ווילסטו גאָר אַז אַנדערע זאָלן דאָס אָפּהיטן און דו אַליין זאָלסט טאָן וואָס דיר גלוסט זיך?

— יאָ, — האָט אים ראָזענבערג קאַטעגאָריש געענטפערט. — דאָס גייט אַריין אין מיין פּראָגראַם וואָס איך האָב מיר אויפגעשטעלט פאַר אונ־דזער צוקונפטיקער אַקטואַציע. דער דייטש איז דאָס העכסטע באַשעפעניש אויף דער וועלט. אַלץ וואָס די וועלט האָט אַרויסגעבראַכט דינט דאָס צו באַ־פרידיקן דעם ווונטש פון דעם ריינעם אַריער, דערפאַר איז קיין פאַרברעכן ניט, ווען איך צעטרעט מיט עקל אַלץ וואָס עס געפינט זיך אויפן וועג, ווייל דאָס אַלץ איז דאָך אויף דער וועלט געקומען נאָר צוליב מיר. דערפאַר איז אויך ניט קיין פאַרברעכן ווען איך וואָלט געשטילט מיין ליידנשאַפט דורך אַזאַ באַשעפעניש ווי די רעבעקאַ. זי איז אויך ניט מער באַשאַפן ווי צו באַ־פרידיקן מיין דייטשישן „איך". און דער דייטשישער „איך" איז דאָס העכסטע אין דער וועלט.

מאַנטייפל האָט אים גאָרניט געענטפערט. ער האָט נאָר אַ קוק געטאָן אויף זיין געזיכט און שטום געשמייכלט.

— איך זע, אַז דו לאַכסט פון מיר, — האָט ראָזענבערג נאָך אַלץ זיך ניט געקענט באַרואיקן, — דו טראַכסט, אַז איך בין אַ משוגענער, אַ מאַ־ניאַק, אַ פאַנטאַזיאָר, זאָג איך דיר, אַז איך בין שוין גאָר קיין משוגענער ניט, איך ווייס וווהין איך ציל. גלויב מיר, ווען איך וואָלט ניט געהאַט אין זינען דייטשלאַנדס גליק און אין פאַרבינדונג מיט דייטשלאַנד אויך אונ־דזער פערזענלעך גליק, וואָלט שוין דער יידל לאַנג געווען אַ דערליידיקטער, איידער ער וואָלט נאָך אָנגעזען אונדזער ליבע דייטשלאַנד, אָבער איך טאָר דאָס ניט טאָן, איך בין איבערצייגט, אַז ער וועט געווים אויסגענוצט ווערן אין אונדזער הייליקער אויפגאַבע. די טעג וועט מען דורך אים עפּעס איבער־שיקן קיין דייטשלאַנד. אַזוי פאַרשטיי איך, איך וועל אים אָבער פּאַקן אויף צוריקוועגס און וועל שוין וויסן וואָס מיט אים צו טאָן. פאַר מיר איז שליסלעך גלייך, צי האָט ער באַציונגען מיט קאַטיען אָדער ניט. עס איז

געגוג, אַז דו, אַ דייטשישער, פאַרדעכטיקסט בלויז. דאָס אַליין איז שוין אַ גרונט פּטור צו ווערן פון אַ יידן.

— דאָס איז דיין געשעפט, — האָט מאַנטייפל אים רואיק געענט־פערט. — איך וועל מיינע הענט ניט באַשמוצן אין אַזעלכע געמיינע פאַר־ברעכנס. איך בין טאַקע אַ דייטש, אָבער אַן ערלעכער און אַ גראַדער. איך וועל קיינמאָל ניט קענען קוקן קאַטיען גלייך אין די אויגן, אויב איך וועל מיר דאָס דערלויבן צו טאָן. איך פאַרשטיי, אַז אַ מענטש, וואָס האָט זיין אייגן לעבן איינגעשטעלט אום צו ראַטעווען פון טויט אַן אַנדער מענטש, זאָל ער זיין אַ ייד, גאַנץ גלייך, איז ער ווערט אַנדערש באַהאַנדלט צו ווערן.

זיי האָבן זיך ביידע אופגעהויבן פון זייערע פּלעצער און האָבן זיך גע־לאָזט צום אַרויסגאַנג פון קורהויז, ניט ריידנדיק קיין וואָרט מער צווישן זיך. אין דרויסן האָבן זיי זיך שטום דערלאַנגט די הענט און זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען.

## צוויי און דרייסיקסטער קאַפּיטל

דער סטודענט וואַלדמאַן איז געזעסן באַ זיך אין צימער שטאַרק פאַרטיפט איבער אַ בוך, וואָס איז געלעגן פאַר אים אָפן טישל. זיין אָפּעַ־נער טשעמאָדאַן אין וועלכן עס זיינען שוין געלעגן איינגעפּאַקט זיינע זאַכן וואָס ער האָט באַדאַרפט מיטנעמען אַף זיין רייזע אַהיים, איז געשטאַנען אַף אַ שטול. אין פּאָליטעכניקום האָט ער שוין געהאַט אַלץ דערליידיקט, אַלע פּאַפּירן האָט ער שוין געהאַט אין קעשענע און איז שוין גרייט געווען אונטערנעמען די רייזע אַהיים, צו וואָס ער האָט קיין חשק ניט געהאַט, אָבער לויט זיינע אויסרעכענונגען האָט ער דאָס געמוזט אומבאַדינגט טאָן.

א קלאפּ אין טיר האָט אים געמאַכט זיך אופכאַפּן פון זיין פאַרטיפונג. אַ לייכטן ציטער האָט געטאָן זיין קערפּער, דערהערנדיק דעם קלאַפּ. ער האָט אויסגעדרייט זיין קאָפּ צו דער ריכטונג פון דער טיר. די דינסט איז דאָרטן געשטאַנען.

— הער סטודענט, — האָט זי שטייענדיק אין טיר געזאָגט, — עפּעס אַ הער פרעגט אַף אייך. ער זאָגט, אַז ער מוז מיט אייך דרינגנד ריידן.

— אַ הער פרעגט אַף מיר, — האָט וואַלדמאַן אַ פאַרוווּנדערטער גע־פרעגט, — ווער איז דער הער, און וואָס פאַרלאַנגט ער פון מיר?

—דאָס ווייס איך ניט, — האָט אים די דינסט געענטפערט, — דאָס מוזט איר אים אַליין פרעגן.

— גוט, זאָל ער אַריינגיין.

די דינסט איז פאַרשוווּנדן און אַ מאָמענט שפּעטער איז אַריין אין צימער אַ שיינער, עלעגאַנטער הער, אין מיטעלע יאָרן, רייך און מאָדערן געקליידעט, לייכט זיך פאַרנייגנדיק צו וואַלדמאַנען, האָט ער אַ פרעג גע־טאָן:

— האָב איך דעם כבוד צו ריידן מיטן הער וואַלדמאַן, סטודענט פון קיעווער פּאָליטעכניקום?

— יאָ, איך בין וואַלדמאַן, — האָט ער אים געענטפערט און נאָך אַלץ ניט געקענט זיך אָפּהיטן פון דער פּלוצלומדיקער דערשיינונג פון הער.

— איך בין באַראָן ראַאַפּ, — האָט דער הער זיך פאָרגעשטעלט, — איך בין דער פאַרטרעטער פון דעם רוסישן פּריוואַטן פּלאַץ, איך בין זייער באַפריינדעט מיט די פאַמיליעס פון באַראָן קאַרף, באַראָן מאַנטייפל און די אַנדערע אַדעליקע פון יענער געגנט. אייערנעכטן האָב איך מיך צופעליק געטראָפן מיט זיי אין קוראָרט קעמערן, דערוויסנדיק זיך אַז איך פאָר קיין קיעוו, האָבן זיי מיך געבעטן אייך אופזוכן און איבערגעבן אייך זייערע האַרציקע באַגריסונגען.

„מיר האָבן באַ דער געלעגנהייט גערעדט פון פאַרשיידענע זאַכן. דער באַראָן האָט מיר דערציילט פון דעם פאַל, ווי איר האָט אַזוי העלדיש געראַ־טעוועט זיין איינציקע טאָכטער פון אַ זיכערן טויט און האָט אייך זייער

שמארק געריםט, ער האלט פון אייך א וועלט. האב איך שוין אליין אויך געקראגן חשק מיט אייך אביסל פארברענגען, איך דענק, אז איר וועט ניט האבן קעגן דעם גארניט?

וואלדמאן האט דערהערט אז דער באזוכער זיינער איז א באראן, איי־נער פון קארפס באקאנטע, האט ער זיך גיך בארויקט, ער האט גלייך גע־בעטן דעם באראן זיצן, זיך אנטשולדיקט וואס ער נעמט אים אוף אין אזא באשיידענעם צימער און אויסגעדריקט זיין ווילן, זיך צו שטעלן צו זיין דיספאזיציע, וואס נאר ער וועט פון אים פארלאנגען.

— דאס חידושט מיר טאקע, ליבער וואלדמאן, — האט דער באראן ראאפ צו אים געזאגט, — איר, אזא קלינגנדיקע פערזאן, מיט אזא נאמען, מיט אזעלכע פעיקייטן, מיט אזעלכע גלענצנדיקע פערספעקטיוון, נאטיר־לעך, רעכענענדיק אזא באקאנטשאפט, פון אזעלכע אויטאריטעטע פערזא־נען, זאלט איר לעבן אין אזא צימער, אין אזעלכע באשיידענע פארהעלטע־נישן, אן באקוועמלעכקייטן, אן קאמפארט און אזוי ארעם אויסמעבלירט, פארוואס זאלט איר זיך ניט אריבערציען אין א רייכערער געגנט, אין א שיינער דירה?

— עס דארף אייך גארניט וואנדערן, געשעצטער הער באראן, — האט אים וואלדמאן האלב פארלעגן געענטפערט. — אייגפאך, מיינע מיטלען דערלויבן מיר ניט צו מאכן מיר באקוועמער. איך בין ניט מער ווי אן ארע־מער סטודענט, לעב פון א פאר לעקציעס און פון א קליינער אונטערשטי־צונג פון מיין פאמיליע. איך האב נאך לאנג צו שטודירן, מוז איך מיך אזוי איינטיילן ווי איך קען.

— זעט איר, דאס בין איך מיט אייך ניט מסכים, מיין ליבער וואלד־מאן, — האט דער באראן שמייכלענדיק אים געענטפערט. — איר דארפט גאר איין פיפס טאן, וועט איר האבן גענוג מיטלען און איר וועט זיין מאַ־טע־יעל גוט איינגעארדנט. איר זאלט האבן אלץ וואס איר דארפט און ניט ליידן קיין מאנגל אין קיין זאך. ווי איך האב אייך שוין פריער באמערקט, האלט דער באראן קארף פון אייך זייער פיל, זיין טאכטער, הער איך, איז אויך גאר אנטציקט פון אייך. די איבעריקע באקאנטע אייערע אכטן אייך

זייער, טאָ פאַרוואָס זאָלט איר ניט אויסנוצן די לאַגע און די גוטע געלעגנ־הייטן צו אייער גונסטן? שטעלט אייך פאָר, מיין טייערער וואַלדמאַן, ווי דער באַראָן איז צו אייך געגוייגט, אַז איך האָב נאָר געזאָגט, אַז איך וועל זיין אין קיעוו, האָט ער מיך ניט אָפּגעלאָזט, דורכוים זאָל איך אייך אויפ־זוכן, איבערגעבן אייך זייערע ווארעמע גרוסן און טאַקע געוואָר ווערן ווי איר לעבט, און אויב איר נויטיקט זיך ניט אין וואָס.

— איך דאַנק אייך זייער, באַראָן, — האָט וואַלדמאַן אַן עמאָציאָ־נירטער פון זיינע ווערטער געענטפערט, — איך בעט אייך פון מיין זייט אויך איבערגעבן דער פאַמיליע פון באַראָן קאַרף מיינע האַרציקסטע גרוסן און אופריכטיקן דאַנק פאַר זיינע גוטע אבזיכטן צו מיר. אָבער מיר פעלט גאָרניט. איך פאַרדין מיין אויסקומען. צו גרויסע קאָמפאָרטן אין לעבן בין איך ניט געוווינט, איך לעב מיר גאַנץ רואיק דאָ, איך לערן גוט, אַרבעט פלייסיק און מער פאַרלאַנגען האָב איך ניט לעת עתה. גלויבט מיר, הער באַראָן, איך וועל פאַרשטיין ווי הויך צו שעצן דעם באַראָן מיט זיין פאַמי־ליע פאַר זייער גוטסקייט צו מיר און זייער וואַרעמען אינטערעס אין מיין באַשיידענעם לעבן.

— צום טייל וואָלט איך אפשר מיט אייך מסכים געווען — האָט דער באַראָן נאָך אַ ווײַלע שטילשווייגן געזאָגט. — עס איז אָבער נאָך אַלעמען, ניט באַקוועם צו פאַרלאַנגען אונטערשטיצונגען פון איינעם, אפילו אַזאַ פריינט און איבערגעגעבענער מענטש ווי דער באַראָן קאַרף איז. מעגלעך, אַז דאָס דערנידעריקט דעם מענטשן אין אַ געוויסן זין און מען פילט זיך ניט אין גאַנצן אומאָפּהענגיק פון יענעם פריינט, אָבער זאָגן מיר, אַזאַ זאַך ווי אויסנוצן דעם נאָמען פון באַראָן קאַרף, זיינע אַ רעקאָמענדאַציע, זיינס אַ גוט וואָרט און קריגן עפּעס אַ גוטן פּאָסטן, ווו איר זאָלט אפשר אַ פּאָר שעה אין טאָג נאָר זיין באַשעפטיקט און קריגן דערפאַר גוט באַצאָלט, איר זאָלט קענען לעבן באַקוועם און אָנשטענדיק, זעט איר דערין בין איך מיט אייך שוין ניט מסכים.

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, איך האָב נאָך דעריבער גאָרניט געטראַכט, — האָט וואַלדמאַן געענטפערט. — איך ווייס גאָרניט אויב איך

קען מיך צו וואָס אויסטויגן. איך האָב דאָך גאָר קיינע דערפאַרונגען אַף דעם געביט, וואָס אַ שטייגער קען איך אופטאָן אַף אַ פּאָסטן? ווער וועט דאָס מיר אומזיסט האַלטן?

דער באַראָן ראַאַפּ איז געבליבן זיצן. ער האָט גאָרניט געענטפערט וואַלדמאַנען. ער האָט אָנגעשטעלט זיינע בליקן ערגעץ אָן אַ זייט און האָט זיך געמאַכט ווי ער וואָלט עפּעס שטאַרק וועגן וואָס זיין פאַרקלערט. הגם ער האָט שוין פון פריִער געהאַט באַשלאָסן, ווי אַריינצושלעפּן וואַלדמאַנען אין דעם נעץ וואָס זיי האָבן פאַר אים אויסגעשפּרייט, האָט ער אָבער איצט געמוזט מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ער קלערט עפּעס וועגן אַ פאָרשלאָג פאַר אים.

— הערט, וואַלדמאַן, איך האָב עפּעס פאַר אייך, — האָט ער דער־נאָך מיט אַ מינע פון אַ פּלוצימדיקן באַשלוס, זיך געווענדעט צו אים. — איך האָב עפּעס פאַר אייך, וואָס איר און נאָר איר קענט דאָס לייכט אויס־פירן. די אַרבעט וועט ברענגען נוצן און לייסטן אַ גוטן דינסט מיין אונ־טערנעמונג און אונדזער קאַנטאָר וועט פאַרשטיין, ווי אָפּצושאַצן אַזאַ אַר־בעט און אייער דינסט און וואָס דאָס וויכטיקסטע, איר וועט ניט דאַרפן קיין איבעריקע צייט פאַרלירן דערביי. איר וועט די אַרבעט קענען דורכ־פירן אין אייער צימער, ווען און וויפל אייך וועט דאָס זיין באַקוועם.

„איך ווייס ניט אויב אייך איז באַקאַנט, — האָט דער באַראָן וויי־טער פאָרגעזעצט זיין געשפּרעך. — אַז דאָ אין רוסלאַנד האָבן מיר אַ נאַ־ציאָנאַלע אונטערנעמונג, וואָס הייסט רוסישער פרייוויליקער פלאָט. זיין הויפּט־זיץ איז אין אָדעס. אָבער אָפּטיילונגען געפינען זיך אין אַלע גרע־סערע פּונקטן פון רוסלאַנד און אויסלאַנד. די ערן־פאָרזיצערן פון דער גע־זעלשאַפט איז די צאַרינע אַליין.

„אין די דאָזיקע קאַנטאָרן פון דער געזעלשאַפט ווערט אָנגעפירט אַ גענויע סטאַטיסטיק פון דער באַוועגונג פון רוסישן האַנדלס־פלאָט, וויפל מענטשן זיי פירן אַריבער אין און פון אויסלאַנד, וויפל משא זיי פירן אין אַ יאָר א.א.וו. די דאָזיקע אַרבעט איז אָבער שטאַרק פאַרנאַכלעסיקט. מיר

דאַרפֿן האָבן אַ פּעיקן מענטשן וואָס זאָל אָנפֿירן מיט דער אַרבעט, קאָנט־ראָלירן די אויספֿירונג, כּדי מיר זאָלן האָבן אַ ריכטיקן בילד פֿון דער גאַנ־צער פֿאַרצווייגטער אונטערנעמונג. איר מיט אייער פּעיקייט און פֿלייס, וואָלט געווען דער ריכטיקער דערצו. איר וועט קריגן אַ געהאַלט פֿון הונ־דערט רובל אַ חודש און דערצו פֿריי רייזע־הוצאות.

„אייער אַרבעט וועט איר קענען תּיכּף אָנפֿאַנגען און טאַקע דאָ, אין דער קיעווער אָפּטיילונג. איר וועט אַרויספֿאָדערן די נויטיקע דאַטעס, וואָס איר וועט דאַרפֿן פֿון אַלע אַנדערע קאָנטאָרן און איר וועט עס ברענגען אין אָרדענונג. געפֿעלט אייך אַזאַ אַמט? זאָגט מיר דעם אמת, זשעניִרט אייך ניט, ליבער וואַלדמאַן".

וואַלדמאַן איז געזעסן ווי אַ געפּלעפּטער. דער פֿאָרשלאָג פֿון באַראָן איז געווען פֿאַר אים אַן אומדערוואַרטער גליק, ווי פֿון הימל וואָלט דאָס אים אַראָפּגעפֿאַלן. ער האָט געקוקט אויפֿן באַראָן און אַליין ניט געגלויבט, איז דאָס אַ חלום אָדער הערט ער דאָס אויפֿן וואָר. עס איז פֿאָרגעקומען ווי אַ מעשׂה פֿון טויזנט און איין נאַכט. וואָס איז דאָס פֿאַר אים ווערט, אַז ער וועט זיין זעלבסטשטענדיק, ניט דאַרפֿן אָנקומען צו זיין שווער נאָך מאַטעריעלער אונטערשטיצונג, וואָס ער דאַרף צו זיין שטודירן, ער וועט ניט זיין אָפּהענגיק פֿון זיין פֿרוי, ער וועט קענען טאָן וואָס אים וועט איינ־פֿאַלן, ניט דאַרפֿן אָפּגעבן קיינעם חשבון.

ער וואָלט מיט פֿאַרגעניגן גלייך צוגעלאָפֿן צום באַראָן און אים אָנגע־כאַפּט פֿאַר ביידע הענט און שטאַרק זיי געדריקט. ער האָט אָבער ניט גע־וואָלט אַרויסווייזן עפּנטלעך זיין צופֿרידנקייט. האָט ער אָנגעפֿאַנגען מיט האַלבע ווערטער אים זאָגן:

— אין גרונט גענומען איז אייער פֿאָרשלאָג ניט שלעכט. איך ווייס אָבער ניט, אויב איך קען אים גלייך אַקצעפּטירן. איך האָב מורא עס זאָל מיר ניט אַוועקנעמען פֿיל צייט פֿון מיין שטודיום, אַ זאַך וואָס איך וואָלט דאָס זייער ניט געוואָלט. איך וויל ענדיקן דעם פּאָליטעכניקום נאָרמאַל. וועל איך מיר דערלויבן אייער פֿאָרשלאָג צו באַטראַכטן און מאָרגן וועל איך אייך קענען געבן מיין ענטפֿער.

— וועגן דעם זאָלט איר אייך גאָרניט באַומרואיקן, טייערער וואַלדמאַן, — האָט דער באַראָן געענטפערט מיט זיין פריינטלעכן שמייכעלע, זייענדיק איבערצייגט, אַז אים איז געלונגען זיין פּלאַן, אריינעמען אין זיינע הענט דעם נאַיוון סטודענט, וואָס זיצט דאָ אַנטקעגן אים, — איר וועט קענען אַרבעטן ווען אייך וועט פּאַסן און וויפל איר וועט וועלן. קיין באַלעבאָס איבער זיך וועט איר ניט האָבן. אונדז איילט ניט. מיר האָבן גענוג צייט, מיר וועלן האָבן געדולד צו וואַרטן ביז איר וועט פאַרטיק ווערן מיט אייער אַרבעט.

דער באַראָן האָט געוואָרפן זיין בליק אַף דעם אָפענעם טשעמאָדאַן, וואָס איז געלעגן אַפן שטול און זיך אָפּגערופן צו וואַלדמאַנען:

— ווי איך זע, הער וואַלדמאַן, קלייבט איר זיך ערגעץ צו פאָרן, וועל איך ניט זיין צופיל נייגעריק, אויב איך וועל אייך פרעגן וווהין צילט אייער רייזע? איך בין דאָך אויך אַ מענטש. וואָס איז שטענדיק אַף דער רייזע. פאָרן מיר ניט אַמאָלביידע איין וועג?

— איך האָב מיר געקליבן צו פאָרן אַף אַ פּאָר וואָכן צו מיר אַהיים, אין שטעטל, — האָט וואַלדמאַן, ווי אָן חשק אים געענטפערט, — אָבער נאָכדעם ווי איר זייט געווען אַזוי פריינטלעך מיר פאָרצולייגן אַזאַ אָנלאָקנדיקן פּאָסטן, אויב איך וועל אים אָנעמען ווייס איך שוין ניט אויב איך וועל קענען אויספירן מיין ווונטש צו פאָרן.

— וואָס איז שייך אייער ווונטש צו פאָרן, מיין ליבער וואַלדמאַן, באַטאָן איך אייך נאָכאַמאָל, דאַרפט איר זיך אַבסאָלוט ניט באַומרואיקן, אויב איר וועט אייער פּאָסטן אַקצעפּטירן. איר קענט פאָרן וווהין איר ווילט. עס זאָל אייך אַף דעם מינדעסטן ניט באַומרואיקן. אַדרבא, איך האַלט, אַז אַ יונגערמאַן, ווי איר, מוזט דורכוים פאָרן. איר דאַרפט אָנזען לאַנד און לייט. אייך שטייט פאָר אַ גלענצנדיקע פּערספּעקטיוו. בא אונדז אין רוסלאַנד איז אַ זעלטנהייט אַ פעיקער אינזשעניער. אייך וועט אויסקומען צו פאַרקערן אין דער געזעלשאַפט פון העכערע קרייזן. איר וועט האָבן צו טאָן מיט מענטשן פון גרויסקאָמערץ און אינדוסטריע, מוזט איר

האָבן די געהעריקע עקספּעריענץ און געוואַנטקייט, און אַזעלכעס קענט
איר דערווערבן נאָר דורך רייזעס און וועלט־אָנזען אין פרעמדע לענדער.

אויב איר ווילט מיר פאָלגן, ליבער וואַלדמאַן, — האָט באַראָן ראָאָפּ
ווייטער אָנגעפאַנגען מיט זיינע לאַקריץ־זיסע רייד, זאָלט איר אויסנוצן
אייערע וואַקאַציעס און צופאָרן אין אויסלאַנד, זאָגן מיר דערווייל אין דייט־
טשלאַנד, דאָס איז אַ לאַנד פון גאָר אַ הויכן קולטורעלן און טעכנישן ניוואָ.
איר אינדוסטריע איז אָרגאַניזירט לויט די נייסטע סיסטעמען פון אונדזער
אולטראַ־מאָדערנער צייט, דאָרטן וועט איר אַ סך קענען לערנען און דער־
פאַרן, אייך וועט דאָס שפּעטער ברענגען גאָר גרויסע נוצן, איר וועט קענען
אויסנוצן וואָס איר וועט דאָרטן זען, סיי איצט אין דער פאָרזעצונג פון
אייער שטודיום און סיי שפּעטער, ווען איר וועט שוין זיין אַ געענדיקטער
אינזשעניער.

שאַ, איר ווייסט גאָר וואָס? איך האָב פאַר אייך אַ טייערן פּלאַן. איר
פאָרט איצט אַהיים, פאַרברענגט דאָרטן אַ שטיקל צייט, דערנאָך פאָרט
אַריין אין ליבוי. דאָרטן האָבן מיר אַ גרויסן קאַנטאָר. איר וועט זיך דאָרטן
באַקענען מיט איינעם, גאָר אַן אינטערעסאַנטער פּערזאָן, אַ געוויסער פּאָל־
קאָווניק מיאַסאָיעדאָוו. ער איז אגב אַ שטיקל אַקציאָנער און טיילהאַבער
פון אונדזער געזעלשאַפט. דאָרטן וועט איר זיך צוקוקן, און זיי וועלן אייך
דערנאָך פון דאָרטן אַריבערשיקן קיין דאַנציק. איר וועט דאָרטן איבערגעבן
די פאַרשיידענע פּאַפּירן וואָס זיי וועלן דורך אייך איבערשיקן צו דער דאָר־
טיקער קאַנטאָר און איר וועט דערנאָך פון דאַנציק אַריבערברענגען די דאָ־
קומענטן וואָס זיי וועלן אייך געבן פאַר אונדז.

בײַ וואַלדמאַנען האָבן די אויגן אַ גלאַנץ געטאָן מיט אַ פייערל. ער
האָט אינגאַנצן גענומען פיבערן פון פרייד. אין זיין לעבן איז ער נאָך אין
ערגעץ ניט אַרויסגעפאָרן, קיין זאַך נאָך ניט געזען. ער האָט נאָך גאָרניט
אויסעראָרדנטלעכעס איבערגעלעבט און מיטאַמאָל אַזאַ איבערראַשונג, פאָרן
אין אויסלאַנד, אָנזען מענטשן און וועלט. ער האָט זיך אַזש געהויבן פון
שמחה און אופרעגונג. דער באַראָן האָט גלייך באַמערקט דעם פיבער וואָס

האָט זיך אין זיינע אויגן אָנגעצונדן און האָט באַשלאָסן אויסנוצן דעם מאָ־מענט, שמידן דעם אייזן אַזוי לאַנג ווי ער איז נאָך הייס.

— זייט איר צופרידן מיט מיין פּלאַן, וואַלדמאַן? — אָט האָט איר אַף די נויטיקע רייזע־קאָסטן. — ער האָט גלייך אַרויסגענומען פון טאַש זיין לעדערנעם פּאָרטמאָנע, אַרויסגענומען פון איר צוויי פּאַפּירענע הונ־דערטער און געלייגט אַפן טיש לעבן וואַלדמאַנען, באַמערקנדיק דערביי:

— וואָס שייך די לעגאַלע זייט פון אייער רייזע, וועט איר מאָרגן קריגן אייערע אַלע פּאַפּירן וועלכע איר האָט נויטיק צו דער רייזע.

וואַלדמאַן האָט ניט געקענט ביישטיין אַזאַ אָנלאָקונג, ווי אַ רייזע אין אויסלאַנד. ער האָט זיך ניט געקענט אָפּזאָגן פון דעם פאַרגעניגן און צוגע־שטימט צום באַראָנס פּאָרשלאַג. ער האָט אים בלויז געבעטן, אַז פּאָרלוי־פיק זאָל דאָס בלייבן בסוד פאַר זיין פאַמיליע אין דעם קליינעם שטעטל, ווייל זיי וועלן דאָס ניט אַזוי לייכט באַגרייפן און ניט וויסן ווי געהעריק אָפּצושאַצן די גוטסקייט פון באַראָן.

— איר וועט אַזוי פריינטלעך זיין, מאָרגן אַריבערקומען אין אונדזער קאַנטאָר, — האָט דער באַראָן שוין זיך אופהויבנדיק פון זיין פּלאַץ גע־זאָגט וואַלדמאַנען, — דאָרטן וועט מען אייך איבערגעבן אייערע רייזע־פּאַפּירן און נאָך אייניקע דאָקומענטן פאַר אונדזער ליבווישער אָפּטיילונג, איר זאָלט זיין פאָרזיכטיק, זייענדיק אין שטוב באַ אייך, די דאָזיקע פּאַ־פּירן ניט פאַרלירן, ווייל זיי זיינען זייער וויכטיקע. דאָס בעסטע איז, לייגט זיי אַריין ערגעץ אין אייערע ביכער, ווו קיינער זאָל זיי ניט זען.

אגב, וויל איך אייך נאָך צום שלום עפּעס מיטיילן, פון וואָס איר וועט שטאַרק צופרידן זיין. ווי מיר איז באַקאַנט, איז די באַראָנין און באַראָנע־סע קאַרף איצט אין קוראָרט צאָפּאָט, לעבן דאַנציק, אויב איר וועט לאַנג באַ אייך אין דער היים ניט זאַמען, וועט איר קענען די דאַמען נאָך דאָרטן טרעפן, ווען איר וועט זיין אין דאַנציק און איר וועט קענען פאַרברענגען מיט זיי אַ פּאָר טעג אין צאָפּאָט.

וואַלדמאַן, דערהערנדיק קאַטיעס נאָמען, איז לייכט אופגעציטערט גע־

וואָרן. ער האָט מיטאמאָל דערפילט אין הארצן אַ שטאַרקע בענקשאַפט צו קאַטיען. ער האָט געוואָלט וואָס גיכער זיין לעבן איר און פילן איר נאָנט־קייט. אין דעם מאָמענט האָט ער שוין פאַרגעסן אָן אַלץ אין דער וועלט. ער האָט נאָר געוואָלט וואָס גיכער זיצן אין וואַגאָן און פאָרן אהין, דאָרטן ווו קאַטיע געפינט זיך איצט.

עס איז נאָך אַרומגערעדט געוואָרן צווישן זיי אַ פּאָר קלייניקייטן אין פאַרבינדונג מיט וואַלדמאַנס באַפאָרשטייענדיקער רייזע, און ביידע צופרי־דענע פון דעם רעזולטאַט פון זייער אונטעררעדונג, האָבן זיי זיך אָפּ דאָס פריינטלעכסטע פאַראָפּשיידעט און באַראָן ראַאָפּ האָט פאַרלאָזט זיין צי־מער.

## דרייאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

אָפּ מאָרגן נאָכן באַזוך פון באַראָן ראַאָפּ, האָט וואַלדמאַן זיך גע־מאָלדן אין קאַנטאָר פון קיעווער אָפּטיילונג פון רוסישן פּריוואַטן האַנדלס פּלאַט. אַז דאָרטן האָט מען שוין געוווסט פון אים און פון דעם אַמט וואָס מען האָט אים אָנפאַרטרויט, האָט באַוויזן די ביז גאָר פריינטלעכע און רעספּעקטפולע אופנאַמע, וואָס ער האָט דאָרטן געפונען. מען האָט אים באַלד דערלאַנגט אַלע לעגיטימאַציעס און רייזע־פּאַפּירן, וואָס ער האָט באַ־דאַרפט. ער האָט געקראָגן די באַשטעטיקונג, אַז ער איז איינער פון די הע־כערע באַאַמטע אין דער געזעלשאַפט, מיט דער געהעריקער רעקאָמענדאַ־ציע, אַז אומעטום זאָל מען אים אופנעמען ווי אַן אייגענעם מענטשן און אים העלפן דורכפירן זיינע אַרבעטן. נאָך דעם זעלביקן אָוונט האָט ער גע־

נומען אַ צוג, וואָס זאָל אים פירן צו זיין שטעטל ריטעווע, צו זיין פרוי, וואָס האָט אַף אים אַזוי שטאַרק געוואַרט און צו זיין מוטער, וואָס האָט אים אומבאַגרענעצט געליבט.

עס איז אָבער אַ טעות צו מיינען, אַז וואַלדמאַן האָט זיך אין דער אמתן אַזוי געאײַלט, ווייל ער האָט מיט אומגעדולד שוין געוואָלט זען און אומאַרמען זיין פרוי און מוטער, וועלכע ער האָט שוין ניט געזען אַכט מאָנאַטן — אין דעם מאָמענט האָט וואַלדמאַנען ניט אָנגעהויבן צו אינטערעסירן ניט זיין פרוי, ניט זיין מוטער און ניט דאָס וואָס זי האָט זיך געקליבן צו ברענגען אים אַ קינד אַף דער וועלט. ער איז דערצו געווען פולשטענדיק גלייכגילטיק. אין קעגנטייל, די באַפאָרשטייענדיקע זאָרג האָט אים געשראָקן, עס איז אים אין זינען ניט געלעגן די אַלע נאַרישקייטן, פרוי, קינד, מוטער. ער האָט זיך געפונען אין אַ מאָמענט, ווען זיין גאַנצע שטימונג איז געווען באַהערשט פון איין זאַך, זיין גאַנצער וועזן איז געווען פאַרנומען מיט איין געדאַנק: קאַטיע. איר מתנה, איר קורצער בריוול, וואָס צוריק מיט אַ פאָר טעג האָט ער פון איר דערהאַלטן. איר נאָמען, וואָס איז אַזוי ביטרע, ניט מער ווי פאַרבייגייענדיק דערמאָנט געוואָרן פון דעם דורכגעטריבענעם באַראָן ראַאָפ, האָט אים אַרויסגעריסן פון גלייכגעוויכט און זיינע געדאַנקען האָבן זיך פיבערהאַפט געדרייט אַרום דעם איינציקן נאָמען: קאַטיע.

ער איז געזעסן אין וואַגאָן און קיינעם ניט און קיין זאַך, ניט באַמערקט — איך מוז פאָרן אַהין, האָט ער געטראַכט, איך מוז זיין באַ סאָניען. איך זאָל ניט פאָרן, קען דאָס ציען די אויפמערקזאַמקייט פון איר, איבערהויפט פון איר פאָטער, דעם קלוגן און פראַקטישן זלמנען, פאַר אים האָט ער זיך געשראָקן מער ווי פאַר סאָניען. אייננאַנצן ניט פאָרן, קען אַרויסרופן ניט קיין געוואונטשענע קאָנסעקווענצן. אַ קשיא אַף אַ מעשה, סאָניע וועט זען, אַז איך קום ניט, קען זיך איר פאַרגלוסטן קומען אַהער מיך זען, אָדער נאָך ערגער, איר פאָטער קען זיך אַריבערכאַפּן אַ בליק טאָן, וואָס איך טו און אַ שמועס טאָן מיט זיין נאָז, וואָס איז די מעשה, פאַרוואָס איך קום ניט אין דער וואַקאַציע־צייט אַהיים. דאָס טאָר בשום אופן

ניט געשען, פאָרן מוז איך, אָבער לאַנג דאַרף מען דאָרטן ניט בלייבן. איי־ניקע טעג בלויז און דאַן זוכן אַן אויסרייד און זיך לאָזן ווייטער אין וועג. איך מוז זיין אין דאַנציק, טאָן ווי דער באַראָן האָט מיך געראַטן און איך מוז אומבאַדינגט באַזוכן קאַטיען אין צאָפּאָט. אגב איז דאָך דאָס פון מיין זייט קיין פאַרברעכן ניט. עס איז דאָך ניט מער ווי אַ העפלעכקייט־זשעסט פון מיר. איך וועל איר פערזענלעך באַדאַנקען פאַר איר אופמערקזאַמקייט צו מיר. דאָס האָט זי דאָך זיכער פאַרדינט. אָבער סאָניע טאָר דערפון ניט וויסן. צו וואָס איר אָנמאַכן אומזיסטע פאַרדרוס, ווען מען קען דאָס לייכט אויסמיידן? איך וועל שוין דערטראַכטן אַ פּלאַן ווי אַזוי איך זאָל מיך אַרויסרייסן פון אירע הענט און פאָרן. אַזוי האָט ער געשפּונען דעם פאָדים פון זיין געדאַנק, די גאַנצע צייט וואָס ער האָט זיך געפונען אויף זיין רייזע.

באַ זיין אָנקומען אין שטעטל, איז וואַלדמאַן געווען אין אַ געדריק־טער שטימונג. ער איז געקומען אַהיים מוטלאָז, פאַרכמורעט, אָן פרייליכ־קייט, אָן לעבן, ווי אַ געצוווּנגענער איז ער אַרומגעגאַנגען, ניט געמערקט די פרייליכקייט, וואָס עס האָט געהערשט אין שטוב באַ זיין קומען. ער האָט ניט געזען די גלאַנצנדיקע געזיכטער פון זיין פרוי, זיין מוטער און פון דער גאַנצער פאַמיליע באַ זלמנען. ער איז געווען דעם גאַנצן טאָג ווי איינ־געשלאָסן אין זיך. קוים וואָס ער האָט געענטפערט אויף די באַגריסונגען וואָס האָבן זיך געשאָטן פון אַלעמען.

מיט אַזאַ שטימונג איז וואַלדמאַן אַרומגעגאַנגען די ערשטע פאָר טעג פון זיין קומען. נערוועז, ווי אַ צעדולטער. אָן אַ סימן פון פריינטלעכקייט. קיין שמייכל האָט זיך אויף זיינע ליפּן די גאַנצע צייט ניט באַוויזן. ער האָט ניט געוווּסט אויף וואָסער וועלט ער איז. — גאַנץ שטעטל בוכשטעבלעך איז אים געקומען באַגריסן. אַלע, קליין און גרויס, האָבן זיך מיט אים גע־פרייט. ער איז געווען דער ערשטער און איינציקער סטודענט אין זיין שטעטל, יעדער האָט אים געוואָלט זען. מען איז געווען נייגעריק צו הערן פון אים אַ וואָרט. מען האָט אים געוואָלט אָנקוקן, אָנזען זיין סטודענטן־אוניפאָרעם, מען האָט געטאַפּט מיט דער האַנט די בלישטשענדיקע קנעפּ־

לעך פון מונדיר, מען האָט באַוואונדערט די גאָלדענע אָפּצייכנס אויף זיינע אַקסלען, מען האָט באַרירט מיטן פינגער דעם סאַמעטענעם סטודענטן־באַנד פון זיין היטל, אַלע האָבן זיך געפילט שטאָלץ מיט זייער סטודענט. מען האָט קאָמענטירט די פעיקייט פון זייערן אַ שטעטלשן יידן, אַז ער האָט מיט זיין אייגענעם כח זיך דערשלאָגן צו אַזאַ הויכער פּריווילעגירטער סי־טואַציע, וואָס אפילו ניט אַלע גויים קענען דאָס דערגרייכן.

נאָענטע פריינט, פריערדיקע חברים און חברטעס, זיינע ווי אירע, זיי־נען געקומען זיי באַגריסן. זיי האָבן זיך געפרייט מיט איר שמחה, זיי האָבן זיך אופריכטיק געפרייט מיט דעם פאַרגעניגן אירן וואָס זי האָט פון דעם מאַנס קומען. סאָניע האָט געפונען פאַר אַלעמען אַ פריינטלעך וואָרט, מיט איר ספּעציפישקייט און קליינשטעטלשער איינפאַכקייט, האָט זי אַלעמען באַדאַנקט און צוגעוווּנטשן: „הלואי בא אייך געזאָגט געוואָרן". — וואָלד־מאַן אַליין איז אָבער געווען שווייגנדיק און האָט זיך געפונען ווי אויף אַ פרעמדער חתונה, ניט געפונען פאַר קיינעם קיין פריינטלעך וואָרט, ניט אַרויסגעוויזן די מינדעסטע אופמערקזאַמקייט צו זיינע אַמאָליקע פריינט און באַקאַנטע, און האָט זיך ניט גערעכנט מיט דער קלענסטער העפלעכקייט אין דער באַציונג צו זיי. די באַזוכער האָבן זיך ניט געקענט אָפּוואונדערן, וואָס מיט אים איז געוואָרן. זיי האָבן געקוועטשט מיט די פּלייצעס און זיינען אַרויסגעגאַנגען. איינער צום אַנדערן האָבן זיי געזאָגט, אַז וועלוול איז געוואָרן פשוט אַ בעל גאוה, יאָ — האָבן זיי פילאָזאָפירט, אַז אַ מענטש ווערט אופגעריכט, דערקענט ער שוין ניט זיינע אַמאָליקע חברים און פריינט און האָבן בא זיך באַשלאָסן מער ניט באַזוכן די וווינונג פון אַזאַ בעל גאוה.

סאָניע האָט זיך דאָס אַלץ געמאַכט ניט זעענדיק, אין די מאָמענטן ווען זי איז געבליבן אויג אויף אויג מיט אים, ניט קוקנדיק אויף איר צושטאַנד, זי איז שוין געווען גאָר אין די הויכע חדשים, האָט זי זיך געטוליעט צו אים מיט דער גרעסטער צערטלעכקייט און הייסער ליבע. פאַר איר איז ער אַלץ געבליבן דער גאָט, וועמען זי דינט מיט איר גאַנצן לייב און לעבן. —

אפשר ווערסטו וואָס עסן, מיין טייערער, — האָט זי זיך באַ אים געבעטן, זע, עס וואָס, טרינק וואָס, טו מיר דעם געפֿאַלן, וואָלף, דו ביסט דאָך אַזוי אויסגעמאַטערט, דו האָסט דאָך זיך אַזויפֿיל אָנגעשטרענגט אין דיין לערנען, זע ווי דו זעסט אויס. ביסט דאָך אַזוי שוואַך און מיר, — פֿלעגט זי צו אים צושטיין. און ער, ער האָט אַפֿילו ניט געגונען אַ קוק צו טאָן אויף איר שטראַלענדיקן פּנים. ער האָט ניט געפֿונען פֿאַר נויטיק, כאָטש מיט איין פֿריינטלעך וואָרט צו פֿאַרזיסן איר די שׂמחה. ער האָט ניט אַרויסגעוויזן דעם מינדעסטן צייכן צו וועלן איר דערפֿרייען און מאַכן איר אָנגענעם דעם מאָמענט, אַף וועלכן זי האָט מיט אַזויפֿיל איבערגעגעבנקייט און טרייַשאַפֿט, מיט אַזאַ בענקשאַפֿט און מיט אַזויפֿיל ליבע געוואַרט. נאַטירלעך האָט זי דאָס אויך געמערקט און אינעווייניק האָט איר דאָס געגוג געקרענקט. אָבער זי האָט אים מיט קיין איינציקן וואָרט ניט פֿאַרגעוואָרפֿן זיין באַנעמונג. זי האָט זיך געוואָלט טרייסטן דערמיט, וואָס זי האָט געהערט פֿון עלטערע ווייבער, אַז אַ פֿרוי מיט אַזאַ הויכן לייב, ווי זי, איז ניט אַלע מענער זעען דאָס גערן. אַנדערע קענען פּשוט אַזאַ פֿרוי ניט אָנזען. — האָט זי דאָס אָנגענומען פֿאַר אַ פֿאַקט און מיט פֿאַרדרוס אַראָפּגעשלונגען זיין ניט פּאַסיקע אופֿירונג און האָט דערפֿון קיין ווען ניט געמאַכט.

סאָניע מיט אירע אַלע מעלות איז אָבער דאָך ניט געווען מער ווי אַ מענטש און נאָך אַ פֿרוי דערצו. זי האָט געשוויגן, געליטן, אַף אַ סך זאַכן זיך ניט זעענדיק געמאַכט, אָבער סוף כּל סוף האָט זי שוין מער ניט געקענט שווייגן, זי האָט ניט אויסגעהאַלטן מער און גענומען צושטיין צו אים.

— זע, וואָלף, — האָט זי געזאָגט, און מיט אויגן פֿול ליבע און וואַרעמקייט אים געקוקט אין פּנים. — וואָס איז מיט דיר דער מער? מען דערקענט דיך איינפֿאַך ניט. דו האָסט זיך פֿולקאָם געענדערט זינט דו ביסט אַוועקגעפֿאָרן, ביסט גאָרניט דער וואָלף וואָס איז געווען. גייסט אַרום ווי אַ דערשלאָגענער, אָן מוט און אָן לעבן, ווייזט ניט אַרויס קיין פֿריינטלע־

כע מינע פאַר קיינעם. זעסט אוים ווי חלילה עס וואָלט מיט דיר געשען אַן אומגליק. זע מיין ליבער, דו ביסט געקומען אהיים, דו האָסט געפונען אַ ליבע און שיינע היים. אַלע רינגלען דיך אַרום מיט ליבשאַפט און אכטונג. מען ווייסט ניט וואָס מיט דיר פריער צו טאָן.

— דיין פרוי האָט דיך אופגענומען — האָט סאָניע ווייטער גערעדט — ווי שטענדיק, מיט דער גרעסטער און הייסעסטער ליבע און דו געפינסט ניט פאַר נויטיק אויסצוריידן אַ פריינטלעך וואָרט מיט קיינעם. ניט אזוי אַ וואָרט, אפילו אַ פריינטלעכע מינע צו ווייזן, פאַרגינסטו ניט קיינעם. דו קוקסט אַף אַלעמען אָנגעכמורעט, עפּעס ווי מיט גאווה, פון אויבן אַראָפּ קוקסטו אַף זיי, דו ביסט דאָן דאָך קיינמאָל אזוי ניט געווען. שטענדיק ביסטו געווען אזוי פריינטלעך און צוגעלאָזן, ביסט געווען אַן אמתער פאָלקס־קינד, איך בעט דיך, וואָלף, טו דאָס מיר צוליב און זאָג, ענטפער, רייד, וואָס איז דיר. אפשר האָט מיט דיר טאַקע פּאַסירט אומאָנגענעמלעכקייטן. אפשר האָט מען דיך באַליידיקט, שלעכטס געטאָן, אָדער חלילה, גאָר ניט געזונט. דערצייל דאָס מיר און איך וועל טאָן אַלץ אין דער וועלט דיר לייכ־טער צו מאַכן און העלפן דיר.

די גאַנצע צייט, וואָס סאָניע האָט גערעדט צו אים איז וואָלדמאַן גע־זעסן די אויגן אַראָפּגעלאָזן, ערגעץ אַנגעשטעלט אַף אַ פּונקט און מיט קיין וואָרט איר ניט געענטפערט. ער האָט איינפאַך ניט געפונען דאָס פּאַסיק־סטע וואָרט פאַר איר און וואָס טאַקע האָט ער איר געקענט ענטפערן, אַז זי פרעגט אים אויב ער איז ניט געזונט? אים איז אָבער שוין געוואָרן אומ־באַקוועם צו שווייגן. עפּעס האָט ער געדאַרפט ענטפערן, ער האָט אופגע־הויבן לאַנגזאַם אַף איר זיינע פאַרכמורעטע אויגן, ווי ער וואָלט זיך מיט־אַמאָל אָן עפּעס דערמאָנט און קוים וואָס מען האָט דערהערט, איר געזאָגט:

— ס'איז מיר גאָרניט, סאָניע. איך פיל זיך זייער גוט, אָבער איך בין צופיל אויסגעמאַטערט. איך האָב זייער פיל געאַרבעט פאַר די עקזאַמענעס, איך האָב מיר זייער אָנגעשטרענגט און איך בין שוואַך. איך דאַרף האָבן רו, איך מוז זיין מער אַף פרישע לופט, שפּאַצירן, באָדן, וועט מיר איבער־

גיין און איך וועל זיין דער זעלביקער וואָס אַמאָל. דאַרפסט ניט זיין אַזויפיל באַזאָרגט וועגן מיר און קימער דיך ווייניקער פון מיין פּערזאָן.

סאָניע איז אַ לעבעדיקע געוואָרן פון זיינע עטלעכע ווערטער. אָט אַזוי — האָט זי אַ שיינענדיקע געזאָגט, — מען הערט ווייניקסטנס פון דיר אַ וואָרט, איך האָב געוווסט, אַז דו וועסט מיר ניט פאַרשאַפן קיין עגמת נפש. דו ביסט דאָך אַזאַ גוטער און ווילער, ניט אַזוי, מיין ליבער וואָלף? דו זעסט דאָך אַליין מיין צושטאַנד, פאַרדרוס קען מיר שאָדן טאָן. עס קען שאָדן דעם קינד, וואָס איך טראָג אונטערן האַרצן, דיין קינד, וואָלף, אונדזער קינד, וואָס איך וועל אין אַ גוטער שעה ברענגען אַף דער וועלט. טאָ זיי מיין ליבער מער פריינטלעך און אויפמערקזאַם צו מיר און צו פּרעמדע מענטשן.

— ווייסט גאָר וואָס, וואָלף? מיר איז איינגעפאַלן עפּעס אַ זאַך, — האָט סאָניע געזאָגט, — גיי אַריבער מאָרגן צו די אָגינסקים אין הויף. דער אַלטער פּריץ האָט דאָך דיך אַזוי גערן געהאַט, ער האָט וויפל מאָל זיך נאָכגעפרעגט אַף דיר. זיינע קינדער, די אַמאָליקע תלמידים דיינע, זיינען אויך איצטער אין דער היים, דו האָסט זיך מיט זיי גוט פאַרטראָגן, גיי אַריבער צו זיי, וועסטו זיך אַביסל צעשטרייען, וועסט פאַרברענגען דאָרטן אַ פּאָר שעה, אפשר וועט דאָס דיר גוט מאַכן און וועסט זיך אַביסל אויפמונטערן. דו וועסט ווערן פריילעכער, איך ווייס דאָך, וואָלף, ווען דו קומסט צוזאַמען מיט פּריצים, ביסטו דאָך אויפגעלייגטער און אויפמערקזאַמער. דו ווערסט גאָר אַן אַנדערער.

וואַלדמאַנען איז סאָניעס פאָרשלאַג באַלד געפעלן געוואָרן. די גאַנצע צייט האָט ער געהאַלטן אין צוטראַכטן אַ פּלאַן ווי אַזוי זיך אַרויסדרייען פון שטוב און ער זאָל קענען פאַרלאָזן אַף איייניקע טעג דאָס שטעטל און פאָרן אַהינצו, וווּ עס ציט **אים אַזוי שטאַרק. האָט ער זיך** באַלד אָנגעכאַפּט אָן סאָניעס פּלאַן. ער האָט דערזען אין דעם פאָרשלאַג עפּעס אַ שטיקל מיטל ווי צו פאַרווירקלעכן זיין ווונטש. קודם גיט אים דער פּלאַן סאָניעס אַ מעגלעכקייט צו בלייבן מיט זיך אַ פּאָר שעה. וועט ער שוין באַקלערן דאָס איבעריקע.

— יאָ, סאָניע, דו ביסט גערעכט, — האָט וואַלדמאַן געזאָגט. — איך וועל דאָס טאַקע טאָן. איך וועל דיר פאָלגן. איך גיי אַריבער צום פּירשט. אַ שפּאַציר איבער די גרינע פעלדער, דאָס זיין אין פרישער לופט און בייטן דעם אַמביענט, וועט מיר געוויס גוט טאָן און באַרואיקטע האָבן מאַן אונז פרוי זיך געלייגט שלאָפן.

אויף מאָרגן איז וואַלדמאַן אופגעשטאַנען אַ סך פרישער און מונטערער ווי אין די פאָריקע טעג, דערמוטיקט מיט דעם מאָמענטאַלן אויסגאַנג פון זיין פיינלעכער לאַגע אין וועלכער ער האָט זיך געפונען. סאָניע האָט זיך שוין אין הארצן שטאַרק דערפרייט איבער זיין אויסערלעכן אויסזען. ער האָט אויסגעזען נאָרמאַל, ניט פאַרדרייט. עס האָט זיך באַוויזן אויף זיין פּנים אַ ביסל פרייעלעכקייט. זי איז איבערגליקלעך געווען דעם פרימאָרגן, זיין באַנעמען האָט איר פּשוט אופגעלעבט. זי איז נאָך געלעגן אין בעט ווען ער האָט זיך אָנגעטאָן און האָט מיט איר געשמועסט פון דאָס און יענץ.

— ווייסט וואָס, סאָניע, — האָט ער אויך געזאָגט, — איך וועל גיין עסן פרישטיק און מאַכן אַ שפּאַציר אין הויף. צו וואָס זאָל איך גיין שפּעטער אין די היץ?

— יאָ, גיי טאַקע, אָבער וואַרט איין מאָמענט. איך שטיי אויף און וועל דיר געבן עסן. דאָס איז בײַ מיר אַ גרויס פאַרגעניגן, — האָט סאָניע באַמערקט — איך פאַרגין ניט דעם פאַרגעניגן אַן אַנדערן, און סאָניע האָט אין דער גיך זיך צוגעקליבן און האָט אים דערלאַנגט זיין פרישטיק.

נאָך פרישטיק האָט ער גענומען זיך זאָרגפעלטיק צוקלייבן צום באַזוך. ער האָט אויסגעפּוצט זיינע סטודענטישע קליידער, אָפּגעפּוצט די קנעפּ און די אָפּצייכנס. ער האָט געוואָלט מאַכן אַ גוטן איינדרוק אין הויף מיט די בלישטשענדיקע שטיקלעך מעטאַל פון זיין ראָק, געלאָזט אויספּרעסן זיינע הויזן, האָט זיך עלעגאַנט אָנגעטאָן, גענומען דעם שטעקל אין האַנט און איז אַרויס אין גאַס, זאָגנדיק זיין פרוי, אַז ער גייט אַביסל דורך די שטעטל און פון דאָרטן וועט ער שוין גיין צו אָגינסקין.

אַרויסגייענדיק אָפן שליאַך, וואָס פירט צו אָגינסקיס גוט, האָט ער

אומדערוואַרט זיך אָנגעטראָפֿן מיט זיין אַלטן חבר נח, זינט ער איז געקומען אַהיים, האָט ער אים נאָך ניט געזען. די חברים האָבן זיך דערפֿרייט און ווי געווייינלעך בא אַזעלכע באַגעגענישן האָבן זיי זיך געביטן מיט די פּאַסנדיקע באַגריסונגס־פֿראַזן.

וואַלדמאַן האָט ניט געהאַט קיין געדולד לאַנג צו בלייבן מיט זיין חבר. אים האָט זיך געוואָלט וואָס גיכער מאַכן אַן ענדע צו דער אומגעוווּנטשענער באַגעגעניש. אים האָט זיך ניט געוואָלט בלייבן מיט נחן לאַנג, ווייל וואַלדמאַן האָט צו גוט געוווּסט, אַז גראָד דער חבר זיינער קוקט אים אַריין טיף אין די פֿאַרבאָרגנסטע ווינקעלעך פֿון זיין נשמה און לייענט זיינע פֿאַרבאַהאַלטענע געדאַנקען, אים איז פֿאַרגעקומען, אַז דער חבר זיינער זעט אין אים אַלץ, וואָס ער טראַכט וועגן זיין פֿרוי און די פּלענער וואָס ער טראָגט אַרום וועגן קאַטיען.

— אַנטשולדיק מיר, נח, — האָט ער געזאָגט, — איך איל מיך זייער, איך באַדאַרף אַריבערגיין צו די אָגינסקיס, איך האָב פֿאַרשפּראָכן סאָניען, זיין צו מיטיק אין שטוב. אויב דיר איז אָנגענעם קום אַריבער צו מיר אַהיים. היינט אַף דער נאַכט, וועלן מיר כאַפּן אַ חברשן שמועס.

— ווי איך זע, — האָט נח אַביסל אין אַן איראָנישן טאָן זיך אָפּגערופֿן צו אים, — זיינען דיינע געדאַנקען נאָך אַלץ פֿאַרנומען מיט דיינע פּריצים און באַראָנען. אַ קוק טאָן אַף דיר, אַף דיינע עלעגאַנטע קליידער און דעם ראָק פֿון דעם אַריסטאָקראַטישן קיעווער פּאָליטעכניקום, קען מען האָבן דעם איינדרוק, אַז דו ווילסט אָנשפּאַרן גאַנץ ווייט. אַ שאָד, אַ שאָד, — האָט נח געשאָקלט מיטן קאָפּ און אין אַ טאָן פֿון באַדויערונג ווייטער גערעדט ניט אַכטנדיק וואָס ער, וואַלדמאַן, איילט זיך אַזוי, — אָט די בלישטשענדיקע קנעפּלעך, אָט די שיין אויסגעפּוצטע נאַרישע שטיקלעך בלעך, אָט די עלעגאַנטע קליידער מאַכן אַ תל פֿון אונדזערע בעסטע יונגעלייט. זיי פֿאַרלאָזן צוליב די נאַרישקייטן זייערע אייגענע רייען און גייען אַריבער צו די אונטערדרייקער זייערע, אפילו די אָרנטלעכסטע און אָנשטענדיקסטע פֿון זיי, זיינען שוין פֿאַרן יידישן פֿאָלק ווי פֿאַרלאָרן. אין

בעסטן פאל, ווערן זיי פאסיווע צושויער פון דער יידישער טראגעדיע, און פאדערן נאך א דאנק באם פאלק, פארוואס זיי זיינען געווארן דאס, וואס זיי זיינען. זיינע פארטיידיקער און פארקעמפער וועלן זיי שוין קיינמאל ניט זיין. מיט זייער הילף אין אונדזער לעבנסקאמף פאר אונדזער פרייהייט און פראגרעס קען מען שוין קיינמאל ניט רעכענען.

וואלדמאנען האט שטארק ווי געטאן זיין חברס באמערקונג, זיין איראנישער טאן האט אים אביסל אופגערייצט. אן ארויסגעזאגטער אמת טוט אמאל מער וויי ווי א שקר, — האט ער אים אביסל אופגערעגט געענטפערט:

— דו, נח, נעמסט יעדע קלייניקייט באלד אוף ווי אן אמתע טראגעדיע, שטענדיק זעסטו אין מיר די שוואכע זייט, די ליכטיקע זייט ווילסטו ניט באמערקן. ערשטנס, זע איך ניט איין, אז א פשוטער העפלעכקייט-באזוך צו באקאנטע פריצים און באגריסן זיך מיט זיי נאך א יאר ניט זען זיך, זאל זיין אזא פארברעכן אז מען זאל דאס רעכענען פאר פאלקס-פאראט; צווייטנס, הייסט נאך ניט שטודירן, אנטאן סטודענטנקליידער און גיין ווי א מענטש אין זיי, פארלאזן דאס פאלק, אין קעגנטייל, אונדזער פאלק באדארף צו האבן אינטעליגענטע כוחות און אינטעלעקטואלן. בא מיר הייסט דאס גראד פארקערט, האבן א שטארקן וואפן קעגן אונדזערע שונאים, אט פארמאגט דאך אונדזער פאלק א סך געבילדעטע מענטשן, אקאדעמיקער, קינסטלער און וויסנשאפטסלייט, וואס זיינען די וווּנדערבארסטע קעמפער פאר אונדזער פאלק. איז ניט א בולטער באווייז דערצו די פערזענלעכקייט פון א דר. מאנדלשטאם, טשלענאוו, אינזש. טיאמקין און אנדערע? מען דארף ניט קוקן דורך אזעלכע טונקעלע ברילן ווי דו. מען דארף באטראכטן דעם מעדאל פוןביידע זייטן.

נח האט א שמייכל געטאן. ער האט אים ניט געלאזט ווייטער ריידן. ער האט אים גלייך אפגעהאקט.

— יא, וועלוול, דאס ווייס איך אויך גאנץ גוט. איך ווייס פון אזעלכע נעמען וואס דו האסט אקארשט אויסגערעכנט. עס זיינען דא גענוג אזעלכע.

אָבער די זיינען פון אָנפאַנג אָן געגאַנגען אַף אַ גלייכער ליניע. עס מאַכט ניט אויס, צי דער וועג האָט זיי געפירט רעכטס אָדער לינקס, אָבער שטענ־דיק זיינען זיי געגאַנגען גראָד, פאָרויס און זיכער, ניט געבויגן זיך אַהין אָדער אַהער, ביזן סוף אויסגעהאַלטן. דו אָבער גייסט ניט גלייך און זי־כער. דו ביסט וואַקלדיק. אָט אינטערעסירט דיר אַלץ וואָס איז יידיש. דו ווערסט ענטוזיאַזמירט פון יידישן פּראָגרעס. דו טרויערסט איבער יידישע ליידן. ווערסט אופגעבראַכט פון אַ ביילים פּראָצעס און אָט קריגסטו אַן אַנדער שטימונג. פאַרגעסט דאָס אַלץ. עס אינטערעסירט דיר וויניק די יידישע פּראָבלעמען און וואַרפסט זיך אין די אָהעמס פון די אויסגעכאַליִע־טע פּריצים. פאַרמעסט זיך צו קריכן אַף זייער לייטער. אַזוי זיינען דיינע פּאָליטישע אַבזיכטן, און נעם ניט פאַר אומגוט, וועלוול, ווי איך האָב באַ־אָבאַכטעט האָסטו די זעלביקע באַציונגען אויך אין דיין פּריוואַטן לעבן. אָט ביסטו אַנטציקט און איבער די אויערן פאַרליבט אין סאָניען, און אָט גייסטו אַרום אַ פאַרדרייטער און קרימסט זיך איבער איר, ווייל עס האָט דיר פאַרשמעקט אַ פּריצטעלקע. דיינע וועגן גייען אין צו גרויסע זיגזאַגן. אָט דאָ ליגט דער אומגליק, מיין פריינט.

איבעריקנס, חבר וועלוול, האָב קיין פאַריבל ניט אַף מיר. עס זיינען ניט געווען מיינע אַבזיכטן דיר צו זאָגן מוסר. איך האָב עס גלאַט אַזוי גער־דעדט כדי אַראָפּצורעדן זיך אַביסל פון האַרצן, צווישן אַזעלכע חברים און פריינט ווי מיר זיינען, דערלויבט מען זיך אַמאָל אַן איבעריק וואָרט, זאָלסט ניט זיין פאַרערגערט קעגן מיר און לאָמיר אונדז חבריש פאַראָפּשיידן וועלוול, ווייל איך פאָר היינט אין קאָוונע. די באַוועגונג רופט מיך אַהין. עס איז דאָ זייער פיל אַרבעט איצט און יעדער באַוווסטזיניקער אַרבעטער מוז זיין אַף זיין פּאָסטן. איך וואָלט מיך זייער ווינטשן אַז מיר זאָלן אונדז טרעפן אין די זעלביקע רייען. עס קימערט מיר ניט אויב דו וועסט שטיין רעכטס אָדער לינקס. עס איז פאַר מיר קיין אונטערשייד ניט, אָבער נאָר אין דעם זעלביקן קאַמף, פאַר די רעכטן און פרייהייט פון אונדזער פאָלק. אַ גוטן טאָג, וועלוול, און פאַרבלייב געזונט, און איידער וואַלדמאַן האָט

באַוויזן אַ וואָרט אַרויסצורײדן, איז שוין זיין חבר געווען פאַרשוווּנדן.

וואַלדמאַן איז געבליבן צופרידן מיטן פאַרשווינדן פון זיין חבר. אים האָט ניט אַף אַ האָר פאַדראָסן וואָס יענער האָט זיך דערלויבט אים אַזוי אַריינצוזאָגן, דאָס הייסט דאָך, ווי געשטאָכן אין זיבעטן ריפּ אַריין. אַריינקוקן ציניש אין זיין שלאָפצימער, דאָס האָט אים ניט געאַרט, וואָס קען מען פאַריבל האָבן אַף אַ פאַנאַטיקער, האָט ער צו זיך געזאָגט. איך פייף אַף אים. — ער האָט זיך אויסגעדרייט צום שליאַך, האָט גענומען דרייען דעם שטעקל צווישן זיינע פינגער און אונטערפייפנדיק אַ פריילעכן מאַרש, האָט ער זיך געלאָזט גיין צו דער ריכטונג פון אָגינסקים מאַיאָנטקעס.

פונדעסטוועגן, ווי לייכט וואַלדמאַן האָט זיך ניט באַצויגן צו נחם רייד איז אים עטוואָס דאָך אַריינגעדרונגען אין קאָפּ, וואָס ווייטער ער איז אַוועק פון יענעם אָרט, וווּ ער האָט געטראָפן מיט זיין חבר, אַלץ קלאָרער האָט גענומען קלינגען אין זיין קאָפּ אַ שטים, אַ פאַרבאָרגענע אָבער אַ מאָנענדיקע, אַן אופאָדערנדיקע שטים: וועלוול, באַדענק זיך, דו גייסט טאָן אַן אומגערעכטע און אַ שלעכטע זאַך, האַלט דיך אָפּ! ער האָט אָבער מיט געוואַלט פאַרטריבן פון זיך די דאָזיקע פאַרדאָרבענע שטים: עט, נאַרישקייטן, — האָט ער צו זיך געזאָגט, מען דאַרף געבן דעם צעזאַר וואָס אים קומט, דאָס איבעריקע נעמען פאַר זיך. דאָס איז פּוסטע מעשיות, וואָס ער האָט מיר אָנגעדרייט אַ קאָפּ. טעאָרעטישע דיסקוסיעס ניט מער, און ער האָט זיך אָנגעשטרענגט, געמאַכט זיך אַליין קוראַזש: קאַטיע איז ניט אַבי וואָס און אַבי ווער, אַז מען זאָל אַף איר פאַרציכטן. נאַטירלעך, האָט ער ווייטער געטראַכט, איך וועל קודם קלאָר מאַכן אונדזערע באַציונגען, זייענען נאָר אונדזערע געפילן קעגנזייטיק און עס איז דאָ אַן אויסזיכט אַף אַ צוזאַמענלעבן מיט איר, לאָך איך פון אַלע נחס, מיט סאָניעס צוזאַמען. איך וועל האַנדלען ענערגיש אין דעם פאַל, ניט קוקן אַף גאָרניט, ווי ביטער עס זאָל ניט זיין, ווי שווער עס זאָל מיר ניט אָנקומען, מוז איך מאַכן אַן ענדע צו מיינע פאַרהעלטענישן מיט סאָניען. אמת, עס איז ניט אינגאַנצן מענטשלעך. סאָניע האָט דאָך דאָ אַבסאָלוט קיין שולד ניט. זי איז אַריינגעצויגן

געוואָרן אין פּלאָנטער אַ דאַנק איר קליינשטעטלדיקער נאַיווקייט און מיינע שוואַכקייט. עס איז אויך אמת, אַז זי דאַרף באַלד ווערן מוטער. זי וועט האָבן באַלד אַ קינד אָבער מען טאָר ניט קוקן אַף קיינע גליקן. עס האַנדלט זיך אין מיין אייגענעם גליק, אויסקעמפן פאַר זיך אַ פּאָזיציע אין לעבן, טאָר מען זיך ניט רעכענען מיט קיינע סענטימענטן, ווי גרויזאַם, ווי אומ־מענטשלעך דאָס זאָל ניט פאָרקומען, מוז מען קעמפן ביזן סוף, ביז אַ פול־שטענדיקן זיג.

## פיראונדרייסיקסטער קאַפּיטל

באַ אָגינסקין אין מאַיאָנטעק האָט מען וואַלדמאַנען אופגענומען אַפן פּריצישן אַרט. זיין סטודענטן ראַק האָט אים שטאַרק אופגעהויבן אין די אויגן פון די אָגינסקים. עס האָט אים אוועקגעשטעלט אַף אַ סך אַ העכערן שטאַפּל ווי פאַראיאָרן, ווען ער איז געווען אַן איינפאַכער רעפּיטאָר זייע־רער. דער אַלטער אָגינסקי איז געזעסן באַ זיך אין קאַבינעט. ער האָט זיך די לעצטע טעג געפילט ניט געזונט, און דער נייער דאָקטער וואָס האָט זיך ניט לאַנג באַזעצט אין שטעטל, האָט אים באַהאַנדלט ווען וואַלדמאַן איז געקומען, האָט ער זיך שוין געפילט בעסער. ער איז געזעסן פאַרטיפט אין אַ שמועס מיטן דאָקטער, ווען מען איז אריין אים אָנזאָגן פון וואַלדמאַנס באַזוך.

— זאָל ער גלייך אריינקומען, איך וויל אים זען, — האָט ער געזאָגט, און ווען וואַלדמאַן האָט זיך באַוויזן אין קאַבינעט, האָט ער אים אַף דאָס פריינטלעכסטע באַגריסט און אופגענומען, ווי זיינס אַ גלייכן.

דער אַלטער פּריץ האָט פאָרגעשטעלט וואַלדמאַנען פאַרן דאָקטער. ער האָט אים פאָרגעשטעלט ווי אַ הויך־אינטעליגענטן מענטשן, אַ העלדישן

יידן, אַזעלכער וואָס פאַרדינט מען זאָל אים אַריינעמען אין די אַריסטאָ־קראַטישע קרייזן. ער האָט איבערגעגעבן דעם דאָקטער די גאַנצע געשיכטע מיט קאַטיע קאַרף און פון די גרויסע דערפאָלגן, וואָס זיינע קינדער האָבן געהאַט באַ אַזאַ אינטעליגענטן לערער, ווי ער איז, אין גאָר אַ קורצער צייט.

וואַלדמאַן האָט זיך געפילט שטאַרק געשמייכלט פון אָגינסקיס קאָמ־פּלימענטן צו אים און זיין קוראַזש און באַריידעוודיקייט איז פיל געשטיגן.

וואַלדמאַן האָט פאַרבראַכט אַ פּאָר שעה אין מאַיאָנטעק באַ אָגינסקין

אין זייער אַ געהויבענער שטימונג. ווען אַ דינער איז אריין מעלדן אָגינ־סקין, אַז דער קאָטש וואָס דאַרף אָפּפירן דעם דאָקטער אהיים שטייט גרייט און ווען דער דאָקטער האָט גענומען זיך געזעגענען מיטן פּריץ, האָט וואַלד־מאַן איוסגענוצט די געלעגנהייט און געבעטן דערלויבעניש אויך מיטפאָרן מיטן דאָקטער אהיים, צו וואָס אַלע האָבן נאַטירלעך מיט פאַרגעניגן צוגע־שטימט, און ער האָט זיך געזעצט אין קאָטש צוזאַמען מיטן דאָקטער.

וואַלדמאַן האָט זיך קיינמאָל ניט אויסגעצייכנט מיט דרייסטקייט און מוט אין זיינע האַנדלונגען. דאָס מאָל אָבער, האָט ער באַ זיך באַשלאָסן יאָ צו האַנדלען דרייסט, אויסנוצנדיק די באַקאַנטשאַפט מיטן דאָקטער וואָס איז גיך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פריינטשאַפט, האָט ער זיך אָנגע־נומען מיט קוראַזש און געזאָגט: דאָקטער, איך האָב צו אייך אַ גרויסע בי־טע און איך וויל האָפן, אַז איר וועט מיך פאַרשטיין און איר וועט מיר ניט אָפּזאָגן אין דערפילן מיין פאַרלאַנג.

— איר זייט דאָך געווען אַמאָל יונג, דאָקטער, — האָט וואַלדמאַן ווייטער גערעדט — איר ווייסט גאַנץ גוט דעם פרייליכן לעבן פון אַ סטו־דענט און וועלכער סטודענט האָט דאָס ניט געהאַט אין זיין לעבן זיין ראָ־מאַנטישע אַוואַנטורע? איר אַליין האָט אויך זיכער איבערגעלעבט אַזעלכע אַוואַנטורעס, און איר וועט מיך פאַרשטיין און איך האָף, אַז איר וועט מיר געבן אַ האַנט פון אַ קאַמעראַד און אַ פריינט, צו העלפן מיר אין דער אָנ־געלעגנהייט. איך האָב אַ שטיקל אַוואַנטורע מיט אַ מיידל, איך מוז אומ־

באַדינגט זיך זען מיט איר. מיין פרוי און די שטוביקע אָבער טאָרן דערפון ניט וויסן, זיך זען מיט דער פּערזאָן איז פאַר מיר אַ פראַגע פון לעבן און טויט. עס איז פאַר מיר פון גרויס וויכטיקייט, העלפט מיר דאָקטער צו דערגרייכן דאָס. איך פאַרשפּאַר אייך זאָגן, אַז איר וועט דערמיט זיך קויפן אַן אייביקן איבערגעגעבענעם פריינט.

— אַזוי, אַזוי, מיין ליבער סטודענט, אָקאָרשט נאָך דער חתונה און שוין אַוואַנטורעס מיט מיידלעך — האָט דער דאָקטער אַף אים שעלמיש אַ קוק געטאָן, — נו, און אין וואָס דאַרף באַשטיין מיין הילף? — האָט זיך דער דאָקטער פאַראינטערעסירט.

— איינפאַך, איך וועל מיך מעלדן קראַנק. מען וועט אייך איינלאַדן צו מיר. טאָ, פאַראָרדנט מיר אומבאַדינגט קאַלטע ים בעדער, ווייל איך וויל פאָרן קיין ליבוי, דאָרטן וועל איך מיך זען מיט דער פּערזאָן, — האָט וואַלדמאַן אים געזאָגט.

— הם, האָט דער דאָקטער אַ ברום געטאָן, — דאָס איז ניט שווער צו אַראַנזשירן. עס פאַרשטייט זיך. אַן אַנדערן וואָלט איך דאָס בשום אופן ניט געטאָן. דאָס שמעקט מיט פאַרלעצונג פון מיין פּראָפעסיאָנעלער עטיק. אָבער איר זייט וואָס אַנדערש. איך האָב פיל געהערט פון אייך. דער פירשט האָט מיר דערציילט פון אייך, איר זייט אַ לייטישער מענטש און אַ פריינט, זאָג איך אייך צו.

וואַלדמאַן איז אופגעשפּרונגען פון זיין זיץ פון שמחה. ער האָט אָנגעכאַפּט דעם דאָקטערס האַנט און וואַרעם געדריקט, באַדאַנקענדיק אים פאַר זיין גרייטקייט אים צו העלפן.

אָנגעקומען אַהיים, האָט וואַלדמאַן זיך געגומען באַלד פאַר דער דורכפירונג פון זיין פּלאַן. ער האָט אין שטוב קיינעם ניט דערציילט, אַז אין הויף האָט ער זיך באַקאַנט מיטן נייעם דאָקטאָר פון שטעטל. ער האָט זיך געזעצט באַם טיש עסן, אָבער האָט געגעסן אָן אַפּעטיט. געענטפערט מיט אַ האַלב מויל אַף סאָניעס פראַגן:

—איך פיל זיך ניט גוט, — האָט ער זיך גענומען קלאָגן — די נערוון

זייגען מיר צעשרויפט. די גלידער זיינען מיר שווער. איך האָב מורא, אַז איך וועל מוזן גיין זיך צוליייגן, — האָט ער געזאָגט.

סאָניע איז ניט ווינציק צעשראָקן געוואָרן. זי איז צוגעלאָפן צו אים.

— וואָס איז דיר, וואָלף? — האָט זי מיט צעשראָקענע אויגן געקוקט אים אין פּנים און געפרעגט. זי האָט אים די ערשטע זאַך גענומען אונטערן האַנט און אַוועקגעפירט צו זיך אין שלאָפצימער. האָט אים אַוועקגעלייגט אַפן קושעט און איז צוגעשטאַנען, ער זאָל איר זאָגן וואָס ער פילט און אַף וואָס ער קלאָגט זיך. אפשר דאַרף מען גאָר רופן דעם דאָקטער, — האָט זי צוגעגעבן.

— עס איז גאָרניט, סאָניטשקע, — האָט ער קרעכצנדיק געענטפערט, און אין האַרצן זיך ניט ווייניק געפרייט, וואָס זיין צוגעטראַכטער פּלאַן האַלט באַם פאַרווירקלעכט ווערן. ר'האָט אָנגעכאַפּט אירע הענט, געדריקט אירע פינגער און געזאָגט: איך בין זייער שוואַך, סאָניע, איך האָב דאָס דערפילט היינט, גייענדיק אין הויף צו אָגינסקין. איך בין אָפּגעמאַטערט. צופיל האָב איך מיך אָנגעשטרענגט, דאָס איז אַלץ. איך דענק אָבער, אַז עס מוז איבערגיין, מען דאַרף זיך ניט באַומרואיקן. דעריבער לאָז מיך מיין טייערע אליין אַף אַ פּאָר שעה, וועט מיר ווערן בעסער. איך מוז מיך אויס־רוען.

פאַרנאַכט, ווען וואַלדמאַן האָט זיך אופגעכאַפּט, איז ער נאָך אַלץ גע־לעגן. ער האָט זיך ווייטער גענומען קלאָגן אַף שוואַכקייט, אַפּעטיטלאָזי־קייט, קאָפּשווינדל, די שטוביקע האָבן ערנסט זיך דערשראָקן און זיינען געוואָרן באַזאָרגט איבער זיין געזונט־צושטאַנד. זיין מוטער און סאָניע זיי־נען געוואָרן אומרואיק און האָבן גענומען פאָדערן מען זאָל רופן דעם דאָק־טער, זאָל מען זען וואָס איז אים איז, וועט מען ווייסן וואָס צו טאָן.

ערשט אַף מאָרגן איז געקומען דער דאָקטער. קודם האָט ער געהייסן אַלעמען, חוץ סאָניען, פאַרלאָזן דאָס צימער, אַרויסגענומען זיינע אינסטרו־מענטן, און מיט דער גרעסטער ערנסטקייט און זאָרגפעלטיקייט איז ער צו־געטראָטן צום אונטערזוכן דעם חולה.

א זיכערע האַלבע שעה האָט ער געדרייט וואַלדמאַנען אַף אַלע זייטן, געקלאַפּט און געהאָרכט, ביז ער איז ענדלעך פאַרטיק געוואָרן. ער איז צו־געגאַנגען צו דער דערשראָקענער סאָניען און איר געזאָגט:

— איר האָט זיך ניט וואָס צו שרעקן, יונגע פרוי, קיין לעבנסגעפאַר איז דאָ ניטאָ. קיין ערנסטע קאָמפּליקאַציע, אויך ניט. אייער מאַן איז ניט געזונט, בעסער געזאָגט, ווען מען זאָל אים איצטער ניט אופּפּאַסן און פאַר־כאַפּן, קען ער ערנסט קראַנק ווערן. עס קען זיך אַנטוויקלען בא אים אַנע־מיע, דאָס מוז מען פאַרכאַפּן אין דער צייט. דאָס איז אים געקומען פון פיל אָנשטרענגונג, צו שווערע קאָפּ־אַרבעט, און דער דאָקטער האָט גע־וואָרפן א בליק אַף דעם חולה און עס האָט זיך געמערקט א שמייכל אין זיין בליק — די ראַדיקאַלסטע רפואה, האָט ער צוגעגעבן, אים געזונט צו מאַכן, איז קאַלטע ים־בעדער, אבסאָלוטע רו, וויניקסטנס פופצן טעג דאַרף ער זיך באָדן. אָט גיב איך אייך א רעצעפּט, זאָל ער נעמען די רפואות, אומבאַדינגט פאָרן באָדן, וועט איר באַלד האָבן צוריק אייער מאַן פריש און געזונט. ווען ניט, קען איך ניט גאַראַנטירן.

אַז דער דאָקטער האָט פאַרלאָזן זייער שטוב, האָט זיך אין שטוב אופ־געהויבן א טומל. סאָניע איז אַרומגעלאָפן אָן א קאָפּ. זי האָט געשריגן און געוויינט. וואַלדמאַנס מוטער האָט גענומען ברעכן מיט די הענט און איז געוואָרן אויסער זיך. סאָניעס מוטער איז אַרומגעגאַנגען א צעמישטע: — ווער ווייסט וואָס, — האָט זי געטענהט, וועט זיך סאָניע אָנמאַכן מיט דעם פּאַרדרוס, און זי האָט זיך געגעבן די גרעסטע מי צו באַרואיקן די טאָכ־טער, עס זאָל חלילה מיט איר ניט טרעפן וואָס.

ערשט אַף דער נאַכט, ווען זלמן איז געקומען אַהיים, איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַן אימפּראָוויזירטער פאַמיליען־ראַט בא וואַלדמאַנען אין צימער און עס איז אָנגענומען געוואָרן דער באַשלוס, אַז וועלוול זאָל פאָרן אין ליבוי, נעמען ים־בעדער, נאַטירלעך, האָט ניט געקענט זיין קיין רייד, אַז סאָניע זאָל מיטפאָרן אין דעם צושטאַנד. איבעריקנס, האָט זלמן געזאָגט, ליבוי איז דאָך א קאַצנשפּרונג ווי ווייט איז דאָס, אייניקע שעה פאָרן פון

ריטעווע, וועט ניט שאַדן, אַז ער וועט אַליין פאָרן. אַזוי קראַנק, חלילה, אַז ער זאָל דאַרפן אַ באַגלייטער, איז ער דאָך ניט.

עס האָט עפּעס וועגן אַרייננעוואָרפן אַ באַמערקונג, צי מען וועט וועלוועלען איבערהויפּט דערלויבן דאָרטן צו זיין. ער איז דאָך אַ פרעמדער, וואָס האָט ניט קיין רעכט צו וווינען אין קורלאַנד. אָבער זלמן האָט געזאָגט, נישקשה, דאָס קענט איר זיך פאַרלאָזן אויף וועלוועלען, מיט זיינע באַקאַנטשאַפטן, מיט דעם באַראָן מאַנטייפעל, דער פּאָרזיצער פון די דאָרטיקע אַדעליקע, וועט ער אַלץ פועלן.

וואַלדמאַן איז געבליבן מיט זיך שטאַרק צופרידן, זיין שווינדלעריש־צוגעטראַכטער פּלאַן, ווי זיך אַרויסרייסן פון שטוב און אָפּנאַרן סאָניען האָט זיך אים איינגעגעבן בעסער ווי געוווּנטשן. ניט זי האָט געוואָלט און ניט זי האָט געקענט אים באַגלייטן. זי האָט אים מיט דער גרעסטער זאָרגזאַמקייט און געטריישאַפט, פול מיט ליבע און וואַרעמקייט, אַרויסבאַגלייט אין ליבוי און האָט אים אָנגעזאָגט, ער זאָל למען־השם זען זיך גוט אויסרוען, אָנקלייבן נייע כוחות און געזונט און ער זאָל ניט פאַרגעסן צו שרייבן יעדן טאָג אַ בריוול ווי אים גייט און ווי ער פילט זיך נאָך די ים־בעדער. און וואַלדמאַן האָט זיך געלאָזן אין וועג.

## פינפאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

די גאַנצע צייט וואָס וואַלדמאַן איז געזעסן אין צוג און געפאָרן, איז אויף איין מאָמענט ניט אַרויס אים פון זינען קאַטיע קאַרף. שוין וואָסערע צען טעג זיינען אַריבער זינט ער האָט געקראָגן איר קליינעם בריוול מיט

דער מתנה און האָט אַלץ ניט געקענט זי פאַרגעסן. אויב אַמאָל איז אַזעל־
כע מאָמענטן פלעגט זיך באַווייזן קאַטיעס געשטאַלט און אַ ווײַלע שפּע־
ער פלעגט קומען סאָניעס געשטאַלט און זי אַרויסגעשטויסן פון זיין גע־
ר אומגעקערט, האָט איצט קאַטיע אָפּגעהאַלטן דעם גרעסטן זיג.
איר געשטאַלט האָט פולשטענדיק פאַרטונקלט סאָניעס און זי אינגאַנצן
אַרויסגעשטויסן פון אים.

האָט ער זיך יאָ אַ מאָמענט דערמאָנט אָן סאָניען, איז דאָס געווען
נאָר צו זען ווי אומעסטעטיש זי זעט דאָס אויס מיט איר הויכן לייב, ווי
באַנאַל, קליינבירגערלעך זי באַנעמט זיך דאָס, ווי געשמאַקלאָז זי האָט
דאָס אויסגעפּוצט זייער צימער. היינט די מעבל פון צימער, אַזוי איינפאַך,
אַזוי ניט שיין. אָט די דערינערונגען האָבן בײַ אים אַרויסגערופן אַ ווידער־
געפיל. ער האָט מיט אַמאָל זיך אַרומגעזען, אַז ער קען ניט פאַרטראָגן די
פיל וואַרעמקייט און צופיל האַרציקייט מיט וועלכע זיי אַלע רינגלען אים
אַרום. עס איז אים געוואָרן איבערדרייסיק דער גאַנצער אַמביענט אין
שטעטל. ער קען ניט ליידן די מענטשן וואָס זיינען אַזוי שטאָלץ מיט אים
און פאַרגעטערן אים. ער האָט דערפילט אַז עס ציט אים צו אַן אַנדער לעבן,
צום לעבן פון די גרויסע שטעט, צו די מאָדערנע עלעגאַנטע סאַלאָנען, צו
די אויסגעפּוצטע און אָפּגעשמירטע דאַמען וואָס ער האָט געזען אין דער
גרויסער שטאָט, באַזונדערס שטאַרק האָט אים געריסן אַהין צו קאַטיעס
קרייז. דאָרטן וווּ זי האָט זיך געדרייט, און פאַרוואָס ניט? האָט ער זיך
אַליין געשטעלט די פראַגע. פאַרוואָס זאָל איך דאָס אָפּפינצטערן מיין לעבן
צווישן די קליינשטעטלשע אידיאָטן? איך בין היינט אַ סטודענט פון קיע־
ווער פּאָליטעכניקום. מיר פּאַסט צו זיין אַזאַ פּריץ, ווי זיי אַלע און שוין
שטעלט אים זיין פאַנטאַזיע פאָר, ווי ער גייט געאָרעמט מיט קאַטיען האַנט
אין האַנט. זי שיינט און גלאַנצט פון פרייד און שטאָלץ. זי שטעלט אים
פאָר אַלע אירע באַקאַנטע, אַלס אינזשעניער וואַלדמאַן, איר חתן, איר רע־
טער. איר איינציקער העלד און זיי אַלע קריגן די אַפּאָפּלעקסיע פון קנאה.
אַזאַ מענטשל — ריידן זיי צווישן זיך — און האָט אַזאַ אַריסטאָקראַטקע

און אזא שיינהייט פאַר אַ כלה. און דערצו איז ער דער ליבלינג פון דער פאַמיליע און אַ גלענצנדיקער אינזשעניער.

פאַרשיכורט פון זיינע פאַנטאַזיעס, פאַרטשאַדעט פון די אַלע חלומות, וואָס ער אַליין האָט אַרויסגערופן אפן וואָר, איז ער אָנגעקומען אין ליבוי. ער איז פאַרפאָרן אין אַ האָטעל און האָט זיך געלאָזט מעלדן אין דער קאַנטאָר פון קני, פאַלק און קאָ. וואָס איז געווען די דאָרטיקע אָפּטיילונג פון דעם רוסישן פּריוואַטן האַנדלס-פּלאַץ.

זיך פאָרשטעלנדיק אין קאַנטאָר, אַלס הויכער באַאַמטער פון דער געזעלשאַפט, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז אייגנטלעך איז ער דאָך שולדיק אַ דאַנק דעם פאָלקאָווניק מיאַסאָיעדאָוו, פאַר זיין אומדירעקטער הילף, אריינצונעמען אים אין פּאָליטעכניקום, האָט ער זיך געלאָזט אָנמעלדן באַם פאָלקאָווניק, וועלכער איז צו יענער צייט געווען דער פאַקטישער פּאָרזיצער אין קאַנטאָר.

דער פאָלקאָווניק האָט אים אופגענומען זייער העפלעך און פריינטלעך. פון זיין באַשטימונג אף דער שטעלע האָט אים שוין באַראָן ראַאַפּ געשריבן — ער האָט אים אויסגעדריקט זיין צופרידנקייט וואָס ער, אַזאַ באַגאַבטער און פלייסיקער יונגערמאַן, איז אַריינגעפאַלן צו זיי אף דינסט. ער האָט אים רעקאָמענדירט אַ פּאָר טעג זיין אין קאַנטאָר און זיך באַקענען מיט דער אַרבעט, וואָס ער וועט דאַרפן טאָן און דערנאָך וועט ער קענען פאָרן וווהין ער וועט וועלן.

— איר וועט קענען דערווייל אופזוכן אונדזער פריינט דעם באַראָן מאַנטייפל און אים באַגריסן און איר וועט דאָ זייער גוט פאַרברענגען די צייט.

— שאַ, ווייסט איר גאָר וואָס, הער וואַלדמאַן — האָט אים דער פאָלקאָווניק אומדערוואַרט. ווי ער וואָלט זיך דאָס איצט דערמאָנט, אַ זאָג געטאָן, — וואָס האָבן מיר היינט, מיטוואָך? שבת נאָכמיטיק גייט אָפּ אַ שיף אונדזערע קיין דאַנציק. אויב איר וועט וועלן, קענט איר מיטפאָרן מיט דער שיף. איר האָט שוין אַמאָל געזען דאַנציק? כדאי זי צו זען. אגב

וועט איר דאָרטן כאַפּן אַ בליק אין אונדזער קאַנטאָר. איר וועט זען ווי מען אַרבעט דאָרטן און פון דאַנציק וועט איר קענען פאָרן צוריק איבער קעניגסבערג, איידקונען, וווהין איר וועט דאַרפן. אין קיעוו, אָדער באַ אייך אַהיים.

וואַלדמאַן האָט דערהערט, דאַנציק, האָט ער אַזש אופגעציטערט פון פרייד — דאָרטן רייסט ער זיך דאָך מיטן גאַנצן האַרצן. יאָ, — האָט ער ניט וואַרטנדיק פיל געענטפערט, — העדר פּאָלקאָווניק, — איך פאָר מיט. — דערביי האָט ער שמייכלענדיק צוגעגעבן — עס וועט דאָך זיין אַ שאַנדע פאַר מיר, אַ באַאַמטער פון אַזאַ גרויסער געזעלשאַפט, זאָל נאָך ניט האָבן געררייזט מיט אַ שיף.

— אויסגעצייכנט, — האָט דער פּאָלקאָווניק געענטפערט, — איך וועל לאָזן צוגרייטן פאַר אייך אַלע פּאַפּירן, וואָס איר דאַרפט צו אייער רייזע און וועל צוקלייבן די דאָקומענטן, וואָס איר דאַרפט מיטנעמען פאַר דער דאַנציקער קאַנטאָר און האָט אַ גליקלעכע רייזע.

וואַלדמאַן איז אַרויס פון קאַנטאָר פול מיט פרייד. אַ נייע וועלט האָט זיך פאַר אים געעפנט. אַלץ גייט ווי געוווּנטשן — האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט און געריבן די הענט פון צופרידנקייט. — דער פּאָלקאָווניק, אַזאַ מעכטיקע פּערזאָן אין דער געזעלשאַפט, איז געווען צו מיר זייער ליבנסווירדיק. אַלע באַאַמטע העפלעך ביז גאָר. עס איז באמת אַ גליק, וואָס איך האָב דאָס קיינמאָל ניט דערוואַרט. און אַז איך גיב אַ טראַכט, אַז צו דעם גליק בין איך געקומען, נאָר אַ דאַנק מיין פריינטשאַפט מיט די קאַרפּס און דורך זיי, מיט די אַנדערע, איז גאָר ווייניק פאַר זיי מיין דאַנק. איך מוז טאָן פאַר זיי אַלץ, וואָס מיר איז נאָר מעגלעך. עס וואָלט געווען די גרעסטע אידיאָטישקייט פון מיין זייט, — האָט ער ווייטער געקלערט, אַז איך זאָל מיך צוהערן צו די דאָקטרינעס און פּאָליטישע נאַרישקייטן פון די נחם און זייער גלייכן, ניט צו פירן קיינע באַקאַנטשאַפטן און פריינטשאַפט מיט פּריצים און בורזשויען. אָן דער באַקאַנטשאַפט וואָלט איך קיינמאָל ניט צוגעקומען צו אַזאַ סיטואַציע אין וועלכער איך בין היינט. איך וואָלט

געלעגן און געפוילט אין דער קליינשטעטלשער בירגערלעכער אטמאָספערע, אָדער אין מיין פארשטיקטן צימער אפן קרעשטשאַטיק אין קיעוו. היינט, ווייניקסטנס, בין איך דאָך אַ מענטש מיט לייטן גלייך. איך האָב געלט, אָנזען, רעספּעקט, און קען מיך ווייזן פאר מענטשן, קען פארברענגען ווו און מיט וועמען מיר פּאַסט.

אין אַזאַ פריילעכער שטימונג איז וואַלדמאַן געקומען אין האָטעל און זיך איבערגעגעבן זיין ברייטער פאַנטאַזיע.

טיף אין הארצן, ערגעץ אין אַ פארבאָרגן ווינקעלע, האָט זיך דאָך נאָך באַוויזן אַ ווערימל, וואָס האָט פון צייט צו צייט אים גענאָגט און געטאָ־טשעט. וויפל ער האָט פון זיך ניט געטריבן, וויפל ער האָט ניט געיאָגט פון זיך, האָט ער זיך דאָך דערמאָנט אָן סאָניען, אָן זיין מוטער, אָן זיין שטעטל. ליגנדיק איצט אויסגעצויגן אַף דעם קושעט אין זיין האָטעל־צי־מער, פאַנטאַזירנדיק פון זיין באַפאָרשטייענדיקער רייזע, פון זיין טרעפן זיך מיט קאַטיען אין צאָפּאָט און פון זיין מעגלעכער צוקונפט, איז אים קעגן זיין איינענעם ווילן ארוף אפן זינען סאָניע.

וואָס טוט מען? — האָט ער גענומען טראַכטן, ווי וועל איך באַהאַלטן פון איר מיין רייזע, וואָס וועט פאָרט זיין, אַז זי וועט זיך דערוויסן פון גאַנצן שווינדל? מיט וואָס בין איך זיכער, אַז דער דאָקטער אַליין וועט זיי ניט אויסזאָגן דעם גאַנצן אמת. שרייבן איר דעם אמת און זאָגן איר אַז איך בין אַנטשלאָסן זי צו פאַרלאָזן, אַז איך האָב בדעה זיך שיידן פון איר, איז אין דעם איצטיקן מאָמענט אומעגלעך. אין אַזאַ צושטאַנד ווי זי איז היינט, איז דאָס איינפאַך אומענטשלעך פון מיין זייט. דאָס וואָלט הייסן אַ קאַלטער מאָרד. ווער ווייסט וואָס עס קען פּאַסירן. ניין, דאָס איז אויס־געשלאָסן, דאָס טאָר איך ניט טאָן. איך מוז ווייניקסטנס איבערוואַרטן אַ פּאָר מאָנאַטן ביז איבערן געבורט, הייסט דאָס, אַז איך מוז איר ווייטער נאַרן און באַטריגן. שיטן איר זאַמד אין די אויגן. אָך, ווי שרעקלעך, ווי נידעריק דאָס איז. אָבער וואָס קען איך מיך העלפן? אַז די אומשטענדן האָבן זיך אַזוי צוזאַמענגעלייגט?

פלוצלונג האָט ער זיך אַראָפּגעכאַפּט פון קושעט, ווו ער איז געלעגן. ער האָט גענומען אַרומלויפן איבערן צימער הין און צוריק, מיט ביידע הענט האָט ער זיך גענומען קלאַפּן אין קאָפּ און האָט גענומען אַפן קול טענהן: ווו איז געווען דעמאָלט מיין קאָפּ, ווו איז געבליבן מיין שכל? איך האָב מיך געלאָזט אַריינשלעפּן אין אַזאַ אומגליק און חתונה געהאַט מיט סאָניען. דאָס איז דאָך פּשוט צום לאַכן. עס קומט אויס, אַז מען האָט מיך חתונה געמאַכט אָן מיין ווילן. ווו זיינען געווען מיינע אויגן? מיין פאַרנונפט, געלאָזט זיך באַאיינפלוסן פון אַ מאָמענטאַלער שטימונג און פאַרקראָכן אַזוי ווייט, און ווער ווייסט ווי איך וועל אַרויסקריכן פון דעם גאַנצן פּלאָנטער. ניט שוין זשע וועט זי זיך לאָזן אַזוי לייכט שיידן פון מיר? נו, און דאָס קינד. וואָס איז דאָס שולדיק? דאָס איז דאָך מיינס אַ קינד.

איבערטראַכטנדיק דאָס אַלץ, איז וואַלדמאַן געקומען צום שלום, אַז דאָס איז אַ שפּעטערדיקער ענין. — אויב עס וועט האַלטן אַזוי ווייט וועט שוין קאַטיע געפינען אַן אויסוועג. זי איז דאָך אַזוי קלוג, האָט אַזאַ געזונטן לאָגישן שכל, זי וועט מיר שוין העלפן דערגרייכן מיין אָנגעצייכנטן ציל. קודם מוז איך אָנשרייבן אַ בריוול צו סאָניען און באַרואיקן זי אַף דער ווייל.

ער האָט זיך געזעצט באַם טישל, גענומען אַ בויגעלע פּאַפּיר און געוואָלט אָנפאַנגען שרייבן. מיט אַמאָל איז ער ווייטער אופגעשפּרונגען, פּונקט ווי אַ בין וואָלט אים איינגעביסן. ער האָט ווייטער גענומען לויפן איבערן צימער הין און צוריק. סצענקעס און דערינערונגען פון זיין יוגנט זיינען אים באַפאַלן און אָנגעפילט זיינע געדאַנקען. ער האָט דערזען פּונקט אים קעגניבער איז געהאָנגען אַ בילד פון אַ פּאַטריאַרכאַלן יידן, און קוקנדיק אַפן בילד, האָט ער זיך דערמאָנט זיין פאַרשטאָרבענעם פאָטער. אים איז פאָרגעקומען אַז ער הערט זיין פאָטערס שטים, דער פאָטער רעדט צו אים שטיל און געלאַסן, ווי זיין שטייגער איז געווען: — „וועלוול, באַזין דיך, וואָס גייסטו טאָן, מאַכסט דיך און אַנדערע מענטשן אומגליקלעך. צי דיך צוריק כל זמן עס איז נאָך צייט. פלי ניט אַזוי הויך. אַז מען פליט הויך, פאַלט מען נידעריק און ער דערמאָנט זיך אַ סצענקע ווי זיין פאָטער

האָט מיט אים געלערנט די מעשה פון יענעם געלערנטן יידן, וואָס אים האָט זיך פאַרגלוסט צו פאַרשן און פילאָזאָפירן פון זאַכן וואָס שטייען העכער פון דעם מענטשנס לאָגיק. דער סוף איז געווען, אַז דער געלערנטער איז גע־וואָרן אַן אַנדערער. ער איז אַראָפּ פון גראַדן וועג, ער איז געפאַלן. ווען ער האָט געפרעגט זיין פאָטער, פאַרוואָס ער איז געפאַלן, דער געלערנטער, האָט אים דער פאָטער געענטפערט, ווייל ער איז געפלויגן צו הויך. דער־פאַר איז ער געפאַלן נידעריק. אַ מענטש, האָט אים זיין פאָטער דערקלערט, דאַרף שטענדיק איינהאַלטן זיין גלייכגעוויכט. אפשר וועט מיט מיר אויך זיין דאָס זעלביקע. האָט ער זיך געפרעגט. אפשר פלי איך צו הויך. איך בין אַן איינפאַכער יידישער יונגערמאַן. מיר איז געלונגען אריינקומען אין פּאָליטעכניקום. איך האַלט באַם דערגרייכן מיין ציל, דאַרף מען ניט זוכן קיינע גליקן, אוועקוואַרפן די גליקלעכע שטעלעס, פאַרלאָזן די רייכע באַראָ־נען, די קאַפּשווינדלערישע פאַנטאַזיעס פון גרויסקייט און אָנזען, ניט טראַכטן פון ראָמאַנטישקייט און פוסטע חלומות און לעבן מיט סאָניען ווי אַלע מענטשן און אַן ענדע צו דעם אַלעם.

אַ ווײַלע איז ער געבליבן שטיין אין מיטן צימער אַ פאַרטראַכטער, באַם אָפענעם פענצטער פון זיין האָטעל־צימער און געקוקט. פאַר זיינע אויגן האָט זיך אויסגעשפּרייט דער שיינער ליבויער האַפן. זיין אויג האָט אויפגעכאַפּט די באַוועגונג אין האַפן. שיפן גייען אריין און ארויס. קליינע, גרעסערע און מיטעלע שיפן, מיט זעגלען, מיט גרויסע קוימענס און גאָר קליינע מיט מאָטאָרן. ער האָט דערזען ווי די בלויע שוימיקע וואַסערן פון באַלטיק שפּרייטן זיך אויס ווייט, ווייט, און ווערן פאַרלאָרן ערגעץ אין די ברייטע האָריזאָנטן. ער האָט דערזען די כוואַליעס וואָס קייקלען זיך מיט אַזאַ אימפּעט צום ברעג, און אים איז פאָרגעקומען אַז זיי לאָקן צו אים, זיי ווינקען צו אים. דער רויש זייערער האָט אויסגעשריען: קום, קום צו אונדז. באַ אונדז איז אַזוי פריילעך, אַזוי לוסטיק. און ער האָט אַ געשריי געטאָן: „ניין, ניטאָ קיין צוריק! איך פאָר, זאָל זיין, וואָס עס וויל!". ער האָט זיך געזעצט צוריק צום טיש, אָנגעשריבן האַסטיק אייניקע ווערטער

סאַניען, אַז ער איז בשלום געקומען אין ליבוי. מאָרגן, וועט ער אָנפאַנגען נעמען זיינע בעדער. ער פילט זיך זייער גוט. אין צען, שפּעטסטנס פופצן טעג ארום, וועט ער קומען אַהיים.

די פּאָר טעג האָט וואַלדמאַן פאַרבראַכט אין קאַנטאָר. דער הויפּט־בוכהאַלטער האָט אים באַקענט מיט אַלע סטאַטיסטישע דאַטן וואָס ער האָט געזאָלט שפּעטער באַארבעטן. ער האָט זיך גוט צוגעקוקט צו דער ארבעט אין קאַנטאָר, און שבת האָט ער זיך שוין גענומען קלייבן צו דער רייזע קיין דאַנציק, וווהין די שיף „קריסטיאַן" האָט אים געדאַרפט אָפּפירן. און צו וועלכער ער האָט זיך אַזוי געריסן.

## זעקסאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

אין דער לוקסוס־קאָנדיטעריי „באַניץ", וואָס איז געלעגן אין דער הויפּט־גאַס פון דער האַפּנשטאָט ליבוי, אין אַ באַזונדער רעזערווירטן קאַ־בינעט וואָס האָט זיך געפונען אין הינטערשטן טייל פון דער קאָנדיטעריי מיט די פענצטער צום הויף, ווו עס האָבן געהאַט אַ צוטריט נאָר אַ קליינער טייל פון די געסט, וואָס זיינען געווען פּערזענלעך באַקאַנט דעם אייגנטי־מער, זיינען דעם זעלביקן שבת אַף דער נאַכט געווען פאַרזאַמלט אַ גרופּע באַקאַנטע פּערזאָנען, צווישן זיי, דער פּאָלקאָווניק מיאַסאָיעדאָוו, באַראָן ראַאָפּ, דער שעף פון דער ליבוישער זשאַנדאַרמעריע, פאָן וועקסלער, דער דירעקטאָר פון דער ליבוישער פּאַרייניקטער באַנק, האַנס באַניץ, דער ייִנג־סטער זון פון קאָנדיטעריי־אייגנטימער, אויבערלייטענאַנט פון דער דייטשי־שער אַרמיי און נאָך אייניקע פּערזאָנען וואָס האָבן געהאַט פאַרבינדונגען מיט דער גרופּע.

די געזעלשאפט האט זייער געמיטלעך פארבראכט, ווי עס ווייזט אבער האבן זיי געוואַרט אף נאך איינעם. יעדן אויגנבליק האבן זיי געקוקט אף די זייגערס און נערוועז געוואָרפן אלע ווײַלע בליקן צום טיר, וואס איז געווען פארהאנגען מיט שווערע פלושענע פארטערן.

דער אלטער באניץ האט זיך מיטאמאל באוויזן אין ארייַנגאנג. ער האט אפגערוקט מיטן האנט די שווערע פארטיערע און ארייַנגעלאזן א הויכן יונגנמאן מיט א פארבלאזן געזיכט, מיט אויגן וואס האבן דורכגעשטאכן יעדן, אף וועמען זיי זיינען געווען געצילט.

ער האט זיך לייכט א נויג געטאן צו דער ריכטונג פון די געסט וואס זיינען געזעסן ארום טיש און געמאכט א פאר טריט נענטער צו זיי. דאס איז געווען א באאמטער פון דער ליבווישער פאליציי־פארוואלטונג, ניימאן.

— הער ניימאן — האט זיך אפגערופן דער ערשטער בראן ראאפ,

— איז שוין די שיף אוועק? אלץ אין אדרענונגג? ניט פארגעסן ארופנע־מען פאטאגראפיעס?

— א, הער בראן, אלץ איז אין בעסטן ארדענונג. איך האב ארא־זשירט אלץ אזוי, אז זיינע געפעק וועט מען ניט זוכן, מען האט אים ארופ־געלאזן אפן שיף אפילו זיינע פאפירן ניט באקוקט.

— נו, איצט לאמיר אויסהערן דעם באריכט פון אונדזער געשעצטן איוואן וואסיליעוויץ, וועלכע סחורה ער האט צוגעגרייט און וועלכע ער האט טראנספארטירט קיין אויסלאנד.

אלע האבן געווענדעט זייערע בליקן צו דעם פאלקאווניק מיאסאיע־דאוו און האבן אנגענומען אן ערנסטע מינע.

מיאסאיעדאוו, צו וועמען די ווערטער זיינען געווען געווענדעט, האט מיט ווירדע א זופ געטאן פונעם גלאז וואס איז געשטאנען לעבן אים, אפ־געווישט זיינע גראבע וואנצעס מיטן האנט, ארויסגענומען פון אינעווייניק פון טאש א פאק פאפירן, פון א צווייטער קעשענע האט ער ארויסגענומען א ברילן־שאכטל, ארופגעזעצט אפן נאז א פאר גאלדענע פאנסנע, לאנג־זאם ארופגענומען פון דעם פאק פאפירן א גומי מיט וועלכן זיי זיינען

געווען ארומגענומען און פאַנאַנדערגעמענדיק זיי האָט ער גענומען דער־קלערן אַלע אַנוועזנדע:

— דאָס, — האָט ער געזאָגט. — זיינען די קאָפּיעס פון די מאַטע־ריאַלן, וואָס אונדזער געשעצטער באַראָן האָט מיר איבערגעגעבן. איך האָב דאָס אַלץ אייגנהענטיק אָפּגעקאָפּירט און ווי אייך איז שוין באַקאַנט, אָפּ־טראַנספּאָרטירט זיי אין אויסלאַנד, דורך דעם סוביעקט וואָס דער באַראָן האָט פאַר אונדז באַזאָרגט.

דער פּאָלקאָווניק האָט פאַנאַנדערגעקנייטשט די פּאַפּירן, אויסגעגלעט זיי מיטן האַנט און אײנציקווייז גענומען ווייזן.

— דאָס איז, — האָט ער געוויזן מיטן פינגער, ווו עס איז געווען באַצייכנט מיט פּינטעלעך און פּאַסיקלעך — די נייע פעסטונג פון קריגס־האַפן, דאָס איז אַ פעסטונגס־באַטעריע, וואָס איז אייך באַקאַנט, מיט האַל־צערנע קאַנאָנען, קאַמופלאַזשירט גענוי ווי אייזערנע, (ליידער איז דער פאַקט באַשטעטיקט געוואָרן און אַלע האָבן דאָס געזען, ווען די דייטשן האָבן באַזעצט ליבוי — ד. מ.), דאָס — האָט ער געוויזן אַף אַנדערע שטרי־כעלעך און קייקעלעך — זיינען די ערטער דורך וואַנען מען קען אַמלייכט־כטן ארייַנדרינגען אין דער פעסטונג, דאָס זיינען די אמתע קאַנאָנען מיט די איינגעזעגטע שלעסער, וואָס קענען ניט שיסן.

דער פּאָלקאָווניק האָט אַוועקגעלייגט דעם פּאַפּיר און גענומען אַן אַנ־דערן.

— דאָס — זאָגט ער ווייטער — איז אוסט־דווינער פעסטונג, דאָס איז די גרענעץ־פּונקטן פון קרעטינגען, אין פאַל פון אַ מלחמה, ווייסט אונ־דזער פריינט, דער לייטענאַנט באַניץ, ווי ארייַנצוקומען אין דעם פּונקט, און דאָס זיינען די ערטער ווו עס ליגן די רעזערוון אַמוניציע און פּראָוויאַנט אין די פעסטונגען אַסאַוועצק, קאָוונע און גראָדנע. די אַלע דאַטן וואָס זיי־נען אָנגעגעבן, זיינען גענוי קאָנטראָלירט פון אונדזערע אייגענע מענטשן, וואָס מיר האָבן דאָרטן.

— אויסגעצייכנט, העָר פּאָלקאָווניק, — האָט דער יונגער באַניץ גע־

זאָגט, רייבנדיק די הענט פון שמחה, — נו, און די איבעריקע דאָקומענטן, יוען וועט מען זיי צושטעלן?

— געדולד, מיינע הערן, — האָט דער פּאַלקאָווניק געענטפערט, — מען מוז וואַרטן, זען ווי דער טראַנספּאָרט וועט געלינגען.

— נו, און וואָס הערט זיך מיטן טראַנספּאָרטירעד אַליין? — האָט עמעס ווער אַ פרעג געטאָן.

— איך קען אייך אינפאָרמירן, — האָט זיך דער באַראָן ראַאָפּ אָפּגערופן, אַז ער איז אויסגעצייכנט צוגעפּאַסט פאַר אונדזער צוועק. ער איז אָרנטלעך, אנטשטענדיק, זייער נאַיוו. ניט קיין צו גרויסער חכם, ער לאָזט זיך בויגן אין וועלכער ריכטונג מען וויל, אַן אבסאָלוט צופאַרלעסיק, נאַמירלעך, וויים ער נאָך ניט צו וועלכן צוועק מיר נוצן אים אויס. ער מיינט, אַז מיר זיינען זיינע פריינט און זוכן זיין טובה. שפּעטער, ווען מיר וועלן אים האָבן פעסט אין די הענט, וועלן מיר אים עפענען די אויגן, דערפאַר האָב איך דאָס געבעטן, אַז אַלע זיינע באַוועגונגען זאָלן אין געהיים פאָטאָגראַפירט ווערן, דאָס וועלן מיר אויסנוצן אַמאָל אויסצואיבן איבער אים אַ דרוק, ווען דאָס וועט נויטיק זיין און צווינגען אים צו לייסטן דינסט פאַר אונדז.

— עס איז אַלץ ריכטיק, ווי דער געשעצטער באַראָן האָט אים געשילדערט — האָט דער פּאַלקאָווניק באַמערקט — ער האָט אָבער גרויסע חסרונות אויך, ווי איך האָב באַמערקט. ער איז ניט אַנטשלוסעפּיק. באַ אַזאַ אַרבעט ווי די, לויט די דערפאַרונגען וואָס איך האָב, איז דאָס אַ גרויסער מינוס. איך מיין אָבער, אַז מיט דער צייט, ווען ער וועט וויסן אַז עס לויערט אַף אים געפאַרן, וועט ער קריגן מער איניציאַטיוו און וועט שוין האָבן די אייגנשאַפטן וואָס אים פעלט היינט.

עס איז זייער גוט וואָס איך האָב אים אַנגעזאָגט און שטרענג אינסטרואירט, ער זאָל זיך היטן צו דערמאָנען נעמען, איבערגעבנדיק אים די דאָקומענטן, האָב איך אים געוואָרנט, ער זאָל ניט זאָגן פאַר קיינעם דעם נאָמען פון דעם וואָס גיט דאָס אים איבער. טאָמער פרעגט מען אים אַמאָל

אפן גרענעץ, זאָל ער זאָגן, אז א באַאמטער האָט דאָס אים געגעבן. ער גע־דענקט ניט דעם נאָמען, בכלל בין איך פון דער זעלבער מיינונג, אז דער יונגערמאַן וועט זיין גוט צוגעפּאַסט פאַר אונדז — האָט דער פּאָלקאָווניק פאַרענדיקט.

— ווייסט איר, מיינע הערן, אז דער באַראָן קאַרף ווערט גאָר אינגיכן באַשטימט פאַר וואַרשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר? — האָט עמעצער אַריינגעוואָרפן א וואָרט. — די אָפיציעלע באַשטימונג ווערט דערוואַרט נאָר אינקורצן.

— דאָס איז א גרויסער טריומף פאַר אונדזער זאַך, מען מוז זען וואָס גיכער, אז אונדזערע מענטשן זאָלן באַשטימט ווערן אף אַלע גרענעץ־פּונקטן — האָט לייטענאַנט באַניץ געזאָגט, און די גרופּע האָט זיך גענומען איינ־ציקווייז פאַרלאָזן דעם קאַבינעט.

## זיבנאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

אין דער צייט ווען די באַנדע פאַרברעכער האָבן פאַרבראַכט אין דער קאָנדיטעריי בא באַניצן, און באַטראַכט זייערע פּלענער ווי ווירקזאַמער אויסצופירן זייער שפּיאָנאַזש־אַרבעט, האָט די שיף „קריסטיאַן 2“ פאַר־לאָזט דעם ליבויער האַפן. וואַלדמאַן איז געשטאַנען אפן דעק פון דער שיף, אָנגעשפּאַרט מיט די הענט אין באַריער און האָט געקוואָלן פון פרייד און פאַרגעניגן.

וואַלדמאַן האָט ניט געוווסט אף וואָס פריער צו וואַרפן זיינע בליקן. זיינע אויגן האָבן זיך ניט געקענט אָנזעטיקן געננוג פון דער וווּנדערבאַרער פּאַנאָראַמע וואָס האָט זיך מיטאַמאָל אַנטפּלעקט פאַר אים.

ער האָט געקוקט מיט דעם גרעסטן אינטערעס ווי די שיף גליטשט זיך אַרויס פון האַפן און הויבט אָן שניידן מיט איר שאַרף, די בלויע און שוימיקע כוואַליעס פון באַלטיק. ער האָט באַטראַכט פון ווייטנס די גרינע שאַכמאַטנע קוואַדראַטן פון דעם קריגס־האַפן, וואָס האָט באַקומען אין זיי־נע אויגן אַן אויסזען פון אַ גרויסן לעבעדיקן שאַכמאַט־ברעט, דאָס זיינען געווען די אומצייליקע פּאַרקן און אָפיצירן־גערטנער, וואָס האָט געמאַכט דעם קריגס־האַפן אַזוי צויבערנדיק שיין און גערייצט דאָס אויג פון ווייטן. ער האָט מיט באַגייסטערונג געקוקט אַף דעם גרויסן לייכטט־טורעם וואָס שטייט אַף דער ליבויער קיסטע און וואָס ווערט מיט יעדער רוק פון שיף, אַלץ קלענער און קלענער. ער איז באַצויבערט געוואָרן פון דעם בליק אַף די וועלדער און גרינע בערג, וואָס ציען זיך ווייט, ווייט, לענגויס דער באַל־טישער קיסטע און גרייכן אַזש ביזן ברייטן ניעמאַן, ווו ער קלייבט זיך אופּצוגעבן זיין זעלבסטשטענדיקייט און אַריינפאַלן אין דעם מאַיעסטעט־טישן באַלטיק. אים האָט די שיינקייט אַזוי פאַרכאַפּט, אַז ער האָט ניט געקענט אָפּטרעטן פון זיין פּלאַץ, ווו ער איז געשטאַנען.

דער טאָג איז געווען וווּנדערבאַר שיין, פון אויבן האָבן אים געשטאָכן די שטראַלן פון דער יולי־זון, וואָס האָבן זיך אונטן אַזוי שטיפעריש גע־שפּילט אין וואַסער, ער איז ווי פאַרשיכורט געוואָרן פון דער שטאַרקער לופט און ווי אַ דורשטיקער האָט ער געשלונגען די ים־לופט וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן אויסגעמישט מיט דעם ריח פון זאַלצוואַסער, אַלץ איז געווען פאַר אים אַזוי ניי און פריש, דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער פאָרט אַרויס אין דער גרויסער וועלט און אַזוי פּראַכטפול, אַזוי רייצנד, ער איז אַזוי באַצוי־בערט געוואָרן פון דעם וואָס עס האָט אים אַרומגערינגלט, אַז אים האָט זיך געגלוסט צו טאַנצן פון פאַרגעניגן וואָס דאָס האָט אים פאַרשאַפט. ער האָט זיך געווונטשן, אַז די רייזע זאָל זיך ציען אָן אַ שיעור לאַנג, עס האָט אים באַנג געטאָן וואָס מאָרגן פאַרנאַכט וועט ער שוין מוזן פאַרלאָזן די שיף און באַטרעטן דעם באָדן פון דער שטאָט דאַנציק, ער האָט געוואָלט עס זאָל די רייזע געדויערן אייביק.

צו זיין גרעסטן באַדויערן האָט די זון זיך גענומען באַלד אַראָפּזעצן צו מעריב זייט, אַז ער האָט דערעזן דעם ווונדערלעכן בילד פון זון־אונטער־גאַנג, איז ער אַריינגעפאַלן אין התפעלות. זעט, זעט — האָט ער גענומען ווייזן אַ צופעליקן פּאַסאַזשיר, וואָס איז אין דעם מאָמענט געשטאַנען ניט ווייט פון אים, — איר זעט דעם פייערדיקן ראָד, וואָס גייט זיך טובלען אין וואַסער? ערשט, אַז דער פּאַסאַזשיר האָט אים רואיק און קאַלט געענט־פערט, אַז דאָס איז פאַר מיר ניט קיין נייס, איך האָב דאָס שוין פיל מאָל געזען, איז ער אַביסל אָפּגעקילט געוואָרן פון זיין באַגייסטערונג. ער האָט גענומען שפּירן די נאַכט פרישקייט אויפן שיף, וואָס קומט אָן און ער האָט זיך געלאָזט אופזוכן זיין קאַיוטע, כדי צו נעמען זיין מאַנטל.

אים האָט זיך געוואָלט בלייבן אַליין אין זיין קאַיוטע און מיט זיין פולער ברוסט אַריינאָטעמען אין זיך די הנאה וואָס ער האָט פון דער רייזע, אים האָט זיך געוואָלט פאַרשטעלן אין די שענסטע פאַרבן די באַפאַר־שטייענדיקע זעאונג מיט קאַטיען, ער איז אָבער געווען צופיל פאַרכאַפּט פון דער נייער אומגעבונג, עס איז זיך אים ניט געזעסן אין דער פאַרשטיק־טער קאַיוטע, ער האָט געכאַפּט זיין איבערציער און איז צוריק אַרויס אַפן דעק.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט זען ווי די מאַטראָסן אַרבעטן, זיי גרייטן די שיף צו נאַכט, אַן אומבאַקאַנטער האָט זיך דערנענטערט צו אים, ער האָט אים קוים באַמערקט, אומדערייסט איז ער צו אים צוגעטראָטן און זיך פאָרגעשטעלט פאַר אים. מאָריץ האָט ער זיך אָנגערופן, איך בין יאָזעף מאָריץ, דער הויפּט־אינספּעקטאָר פון דער קאָנטאָר קני, פּאַלק און קאָ. האָב איך דאָס פאַרגעניגן צוריידן מיט אונדזער נייעם סטאַטיסטישן קאָנטראָ־לער? — האָט ער אים מיט אַ העפלעכן שמייכל געפרעגט.

וואַלדמאַן איז געבליבן שטיין אַן איבעראַשטער. ער האָט קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסריידן. ער האָט אים אויסגעשטרעקט זיין ציטערנדיקע האַנט און אים אָנגעקוקט, פון וואַנען האָט זיך דאַ דער סוביעקט גענומען, האָט ער געטראַכט, און ווי קומט דאָס. אַז ער ווייסט פון מיין פּאָסטן,

בשעת עס איז אויסדריקלעך אָפּגעמאַכט געוואָרן, דערווייל דאָס צו האַלטן בסוד.

— ניין, דאָס בין איך ניט, — האָט ער שטאַמלענדיק גענומען זאָגן.

— דאָס הייסט, — האָט ער זיך גלייך פאַרכאַפּט — איך בין דאָס יאָ, אָבער בלויז פּראָוויזאָריש. איצט בין איך אין וואַקאַציע, איך בין אַליין אַ סטו־דענט פון קיעווער פּאָליטעכניקום. נוץ איך דאָס איצט אויס די געלעגנהייט צו מאַכן אַ רייזע מיטן שיף, מיר ווילט זיך זען ווי עס פונקציאָנירן די מאַ־שינען, ווי עס איז דאָס אַלץ אינסטאַלירט, אָבער גלייך ווי עס פאַנגען זיך אָן די לימודים אין די הויכשולעס, גיב איך אויף דעם פּראָוויזאָרישן פּאָסטן און וועל אָנגיין צוריק מיט מיין שטודיום.

— מיר טוט דאָס הנאה, הער וואַלדמאַן — האָט מאָריץ געזאָגט, — מען זעט אין אייך, אַז איר זייט אַן אָנשטענדיקער און אינטעליגענטער הער, האָט דאָס מיך איינפאַך געוווּנדערט, אַז איר זאָלט דינען אין דער געזעלשאַפט. פאַר אייך מעג איך דאָך ריידן, — האָט מאָריץ זיך צובויגנ־דיק צו אים שטיל געזאָגט, — איך האַלט אייך פאַר אַן אייגענעם מענטשן און דערצו נאָך פון אחינו בני ישראל. מיר הויבט ניט אָן צו געפעלן די גאַנצע געזעלשאַפט. עס קומט מיר פאָר, אַז בא אונדז אין קאַנטאָר איז די לופט אָנגעפילט מיט גאָלע סודות, אַלץ איז דאָ בא אונדז אַזוי געהיימניש־פול, אומדורכדרינגבאַר. יעדער היט זיך, אַלץ מען זיצט פאַרשפאַרט אין די קאַבינעטן, די שעפן האַלטן זיך אין איין סודן, דער פאָרזיצער מיאַסאָ־יעדאָוו לאָזט קיינעם צו זיך ניט צו, אַלץ איז ער אַליין, מען רעדט דאָ בא אונדז אַלץ אָפּן וווּנק. יעדע קליניקייט איז פאַרשלאָסן אָפּן שלאָס און ריגל. איך זאָג אייך זיכער, אַז אָפּט קומט מיר פאָר, ווי איך וואָלט מיך געפינען אין אַ קאָנספּיראַטיווער אָרגאַניזאַציע. מען פילט זיך דאָ בא אונדז זייער אומאָנגענעם, ווען ניט מיין פאַמיליע, וואָלט איך דאָ אַ טאָג ניט פאַרבליבן, אָבער וואָס זאָל איך טאָן? איך האָב אַ פרוי מיט דריי קינ־דער, איך מוז זיי דערנערן, זיי צאָלן גוט, האַלט איך מיך בא זיי.

וואַלדמאַן האָט אים פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט.

— איך האָב, — זאָגט ער — קיין זאַך ניט באַמערקט אין די פּאָר טעג; מיר איז קיין זאַך ניט אופגעפאַלן. איך וועל זען שפּעטער, ווען איך וועל טאָן מיין ארבעט, אפשר וועל איך דעמאָלט מערקן וואָס, דערווייל זע איך קיין זאַך ניט און קען גאָרניט זאָגן.

וואַלדמאַנען איז מאָריץ אויסגעקומען אביסל אומסימפּאַטיש, האָט ער פון העפלעכקייט אויסגערעדט מיט אים א פּאָר ווערטער און זיך פאַראָפּשיידט פון אים.

געבליבן אליין, האָט וואַלדמאַן גענומען נאָכטראַכטן מאָריצעס רייד, ער מוז דאָך שוין זיין אַן אַלטער באַאַמטער אין קאַנטאָר, מוז ער דאָך ווּיסן פין עפּעס אויב ער רעדט אזעלכע זאַכן. ער מוז דאָך האָבן א שטיקל גרונט. און צום ערשטן מאָל האָט זיך אריינגעגנבעט בא אים א צווייפל, צי האָט ער גוט געטאָן וואָס ער האָט אָנגענומען דאָרט א שטעלע. וואָס עפּעס מיטאַמאָל זיינען אלע טאָקע אזוי גוט געוואָרן צו מיר? ניט שוין זשע האָבן זיי ניט געקענט געפינען א בעסערן און א דערפאַרענערן פון מיר? עס איז אים פּלוצלונג איינגעפאַלן דער געדאַנק, גיין א קוק טאָן וואָס איז דאָס פאַר א פּאַפּירן וואָס מען האָט אים געגעבן אריבערפירן און איבערגעבן אין דאַנציק. און ער וואָלט שוין אפשר אויסגעפירט זיין באשלוס, האָט ער זיך אָבער געכאַפּט, אַז די גאַנצע מעשה מוז זיין א שטיקל ארבעט פון מאָריצן. ער וויל אים אריינציען אין עפּעס ניט קיין אָרנטלעכע זאַך, ווער ווייסט, ווער דער מענטש איז און וואָס ער טראַכט? ניט אומזיסט האָט אים דער פּאַלקאָווניק אָנגעזאָגט, ער זאָל זיך היטן אינטערוועגנס פאַר אומבאַקאַנטע פּערזאָנען, ניט אונטערהאַלטן זיך פיל מיט צופעליקע פּאַסאַזשירן. עס, פּוסטע זאַכן, האָט ער צו זיך געזאָגט און ניט געלייגט קיין אכט אַף מאָריצעס באַמערקונגען.

שפּירנדיק דעם עפעקט פון דער ים־רייזע, האָט וואַלדמאַן גענומען פילן זיך ניט גוט. ער איז געוואָרן אַפּאַטיש, שוואַך, ניט געהאַט קיין אַפּעטיט צום עסן, איז ער אַוועק צו זיין קאַיוטע און איז דאָרטן געבליבן די גאַנצע נאַכט ביז א שטיק אַפּן מאָרגנדיקן טאָג.

ווען ער האָט זיך אָפּן צווייטן טאָג אופגעכאַפּט איז שוין געווען גוט שפּעט. ער איז נאָך אַלץ געווען שוואַך, נאָך אַלץ אונטער דער ווירקונג פון דער ים־קראַנקייט. האָט ער זיך לאַנגזאַם אָנגעטאָן, געמאַכט זיין טואַלעט און האָט זיך אַריינגעשלעפּט אין עס־צימער, גענומען אַ גלאָז טיי און אַרויפגעקראָכן אָפּן דעק. דאָרטן האָט ער אָפּגעזוכט אַן אָפּגעלייגטן ווינקל, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָף די הענט און איז אַזוי אָפּגעזעסן אייניקע שעה, ניט זייענדיק אין דער לאַגע אויסצוריידן אַ וואָרט מיט קיינעם. נאַטירלעך, אונטער אַזעלכע אומשטענדן האָבן זיך די געדאַנקען באַ אים אין קאָפּ ניט געבונדן.

שפּעט נאָכמיטיק האָט מען זיך גענומען באַוועגן אָפּן דעק, מען האָט זיך גענומען גרייטן צום אַריינפאָר אין דאַנציק. עס איז שוין געווען ניט ווייט, די שיף איז שוין געשווומען לענגזיים דער פּיוואַלער בוכטע.

וואַלדמאַן האָט פרייער אָפּגעאָטעמט. עס איז אים געוואָרן בעסער, ער האָט זיך שוין געפילט גוט און האָט שוין געוואָלט צוזאַמענעמען זיינע זאַכן, זיין גרייט אַראָפּצוגיין פון שיף. מיטאַמאָל איז פאַר אים אויסגע־וואַקסן מאַריץ, אַ פרישער, אַ לעבעדיקער, אויסגעפּוצט אין אַן עלעגאַנטן אָנצוג, מיט אַ שטעקעלע אין האַנט. אין דער צווייטער אַ לעדערנעם אקטן־טאַש.

— נו, האָט ער זיך געווענדעט צו אים, — ווי פילט איר זיך, גוט? זענט איר גוט געשלאָפן די־נאַכט? גוט זיך אויסגערוט? זיכער וועט איר דאָך אַריינפאָרן אין קאַנטאָר, וועלן מיר צוזאַמען אַראָפּגיין פון שיף און מיר וועלן גיין צוזאַמען אין קאַנטאָר.

וואַלדמאַן האָט אים העפלעך באַדאַנקט און צוזאַמען זיינען זיי צוגע־גאַנגען צום באָרד, אָנצוקוקן די אומגעגנט. ער איז ווייטער אַנטציקט גע־וואָרן פון אַלץ וואָס זיין אויג האָט געקענט אופכאַפּן. ער האָט פאַרגעסן זיין אַנטיפּאַטיע צו מאַריצן, האָט זיך מיט אים לעבעדיק אונטערגעהאַלטן, זיך געלאָזט דערקלערן פון אים אַלע מערקווירדיקייטן פון דאַנציק, פון דער דאַנציקער בוכטע, אָליוואַ און צאָפּאָט, ביז די שיף האָט שוין גענומען אַריינפאָרן אין האַפן פון נייפאַרוואַסער.

אין דרויסן איז שוין געוואָרן טונקל. מען האָט שוין אָנגעצונדן די גאַז־לאַמטערנעס פון ברעג, מען האָט שוין געקענט זען די פאַרשיידענע באַאַמטע וואָס זיינען געשטאַנען אין האַפן און האָבן אָפּגעוואַרט דאָס אָנקור־מען פון שיף. ענדלעך האָט זיך די שיף אָפּגעשטעלט. די מאַטראָסן האָבן אַרונטערגעלאָזט די טרעפּ, די פּאַרמאַליטעטן זיינען דערלייריקט, די באַאַמטע פון קאָנטאָר זיינען אַן וועלכע ניט איז שוועריקייטן אַרונטערגעלאָזן געוואָרן. וואַלדמאַן גייט צוזאַמען מיט מאָריצן. מאָריצעס אויג האָט עפּעס באַמערקט וואָס איז אים אויסגעקומען ווונדערלעך. ער האָט זיך אַף אַ מאָמענט אָפּגעשטעלט, ער האָט געוואָלט באַטראַכטן גוט, דאָס וואָס זיין שאַרף אויג האָט דערזען.

— נו, וואָס שטייט איר, מאָריץ, פאַרוואָס גייט איר ניט? — האָט אים וואַלדמאַן אַ פרעג געטאָן.

— דער טייוול ווייסט זיי, — האָט מאָריץ געענטפערט פאַרזעצנדיק זייער וועג. — אַ בהלה איז אַף זיי אַרופגעפאַלן מיט פאָטאָגראַפירן, נאָכאַנאַנד מען פאָטאָגראַפירט. איך פאַרשטיי ניט וואָס זיי האָבן אויסגעקליבן צו פאָטאָגראַפירן אַזאַ אַלטע לופּעטע ווי די „קריסטיאַן 2". איר האָט ניט באַמערקט, הער וואַלדמאַן? נעכטן, ווען מיר האָבן געדאַרפט אָפּפאָרן פון ליבוי, האָט מען אונדז פאָטאָגראַפירט, און דוקא האָט מען אויסגעקליבן אייך פאַר דער פאָטאָגראַפיע. ווי איר זייט נעכטן געשטאַנען אַפן שיף, אָקאָרשט ווי איר זייט אַרויף, מיטן טשעמאָדאַנטשיק אין איין האַנט, מיטן מאַנטל אין דער צווייטער. איר זייט געשטאַנען און געשטוינט אַף דער אומגעבונג, האָט מען אייך אַראָפּגעכאַפּט אַף אַ בילד. איך האָב דאָס גלייך באַמערקט און היינט האָט מען אויך אַף אייך אָנגעשטעלט דעם אַפּאַראַט, איך האָב דאָס גאַנץ גוט געזען.

— עס קומט אייך אַזוי פאָר, מאָריץ, וואָס גראַד זאָלן זיי מיך וועלן אַרײַנטערנעמען? איך האָב דאָ קיינעם ניט, קיינער קען מיך דאָ ניט, ווער וועט דאָס האָבן אַן אינטערעס צו האָבן מיינס אַ בילד? — האָט וואַלדמאַן געענטפערט און מען איז אַראָפּ פון די טרעפּ.

— ניין, הער וואַלדמאַן. מיר דוכט זיך דאָס גאָרניט. איך האָב אַלץ געזען גוט און קלאָר, אָבער עס פעלט מיר ניט איין אין מאָמענט וואָס דאָס באַדייט. איך וועל נאָך מיר דאָס גוט איבערלייגן און מאָרגן אפשר וועל איך אייך קענען זאָגן וואָס דאָס איז.

זיי זיינען ביידע גלייך צוגעגאַנגען צום באַן וואָס איז שוין געשטאַנען גרייט זיי צו פירן אין דאַנציק.

— איר וועט דאָך זיכער בלייבן דאָ אייניקע טעג, — האָט מאָריץ צו אים געזאָגט, — פאָרט אריין אין רייכסהאָטעל, דאָס איז דאָס בעסטע אין דאַנציק. איך האָב דאָ פאַמיליע. פאָר איך אריין צו זיי. מאָרגן וועלן מיר זיך טרעפן אין קאַנטאָר און די ביידע צופעליקע פריינט האָבן זיך פאַראָפשיידט, ווען די באַן איז שוין געשטאַנען באַם דאַנציקער וואָקזאַל.

וואַלדמאַן וואָלט אַמליבסטן שוין געלאָפן אין צאָפּאָט, אים האָט זיך שוין געוואָלט זען מיט קאַטיען. זיין האַרץ איז שיר ניט צעשפּרונגען גע־וואָרן פאַר פרייד. ער האָט געברענט מיט אומגעדולד, אָבער ער האָט זיך איינפאַך געשעמט פאַר מאָריצן. אַ שיינער באַאַמטער, וועט ער זאָגן, אפילו אַ קוק טוט ער ניט אין קאַנטאָר. אגב דאַרף ער דאָך איבערגעבן די פאַפּירן צו דעם, פאַר וועמען זיי זיינען באַשטימט, האָט ער געפאָלגט מאָריצן און איז אריינגעפאָרן אין דעם האָטעל וואָס ער האָט אים רעקאָמענדירט.

מיד פון וועג, האָט וואַלדמאַן גלייך זיך געלייגט אין בעט און גע־שלאָפן די גאַנצע נאַכט אין איין אָטעם. צו מאָרגנס נאָך פרישטיק איז ער אַוועק אין קאַנטאָר. דער שעף פון קאַנטאָר, אַ דייטש, האָט אים אופגענו־מען זייער העפלעך, איבערגענומען זאָרגפעלטיק פון אים דאָס געבראַכטע פּאַקעט, געדרייט דאָס אַ ווייַלע אין זיינע הענט, דערנאָך גענומען אַ בליי־שטיפט, אַף אַ ווינקל פון קאָנווערט אָנגעצייכנט מ־וו, און דאָס איינגע־שלאָסן אין דעם גרויסן אייזערנעם שראַנק, וואָס איז דאָרט געשטאַנען.

וואַלדמאַנען איז אפילו אופגעפאַלן וואָס דער שעף האָט ניט געעפנט דעם קאָנווערט, אַ קוק טאָן וואָס דאָרט ליגט. ער האָט אָבער ניט געהאַט קיין סך צייט נאָכצודענקען דעם פאַקט, דער קאָפּ האָט זיך אים געמישט, עס

איז אים געלעגן אין זינען דער באלדיקער זען זיך מיט קאטיען, האט ער באלד פארגעסן די גאנצע געשיכטע, ער האט אופמערקזאם אויסגעהערט דעם שעף, וועלכער האט אים פארטרויט מיט דעם קונץ צו פירן סטאטיס־טיק, ווי מען נוצט אוים ציפערן און ווי מען שטעלט צוזאמען פון זיי פאר־שיידענע דאטן.

און וואלדמאן האט זיך דערוואוסט. נאכמיטיק איז געקומען אין קאנ־טאר מאריץ, פארנומען זיין אקטן־טאש און מאנטל און זיך געזעגנט מיט אים. ער פארט מיט דער זעלביקער שיף צוריק אין ליבוי. וואלדמאן האט לייכטער אפגעאטעמט, ווען מאריץ האט פארלאזן דעם קאנטאר. ענדלעך, ענדלעך, האט ער זיך געטראכט, זיין האפענונג ווערט דערפילט, באלד וועט ער זען קאטיען און וועט זיין אין איר נאנטקייט.

סוף פון ערשטן טייל.

## געשעצטער פריינט!

דאָס בוך איז נאָר דער ערשטער טייל פונעם ראָמאַן. דער צווייטער טייל געפינט זיך אין דרוק. אזוי גיך ווי ער וועט פאַרטיק ווערן, וועט ער תיכף צוגעשיקט ווערן אַלע פריינט און אבאָנענטן.

**דער מחבר**

לעאָן האַלפּערן

# גייסטיקע שקלאַפֿן

ראָמאַן

צווייטער טייל

מאָנטעווידעאָ
1944

Editorial e Imprenta
"ANCLA"
de Bdo: Margulies



פאַרלאַג און דרוקעריי
„עוגן"
פון דב מרגליות

# ערשטער קאַפּיטל

**אינעם** שענסטן קוראָרט פון באַלטיק, אין צאָפּאָט, ניט ווייט פון דאַנציק, איז געווען פרייליך און לוסטיק. אָן אַ שיער געסט האָבן זיך דאָס יאָר פאַרזאַמלט אין דעם קוראָרט. אַלע האָטעלן און פּריוואַטע פּענ־סיאָנען זיינען געווען איבערפולט פון קורגעסט. און וועלכע געסט? די עליטע פון רוסיש און דייטשן אדל האָט מען דאָרטן געקענט טרעפן. די אַריסטאָקראַטיע פון פּעטערבורג און בערלין זיינען דאָרטן געווען דאָס יאָר. אַלע שטאָלצע יונקערשע אָפיצירן פון די אָסט־פּרייסישע גאַרניזאָנען האָבן זיך דאָרטן אַרומגעדרייט דעם זומער.

עס איז געווען אינעם צווייטן העלפט פון חודש יולי 1914. דער טאָג איז געווען אַ וווּנדערבאַרער. די זון האָט אין איר גאַנצער פּראַכט געשיינט איבער די זאַמדיקע פּלאַזשעס פון צאָפּאָט. די געסט האָבן זיך געבראָטן און געבאַקן אַפן מעליקן זאַמד פון באַלטישן ברעג. דער הימל אין יענעם טאָג איז געווען ריין און בלוי, זעלטן פאַר די געגנטן וואָס ליגן האַרט אַרום באַלטישן ים. אַפילו ער אַליין, דער שטענדיק בייזער און שטורמישער באַלטיק, האָט אויך דעם טאָג געהאַט גרויס איינזעעניש מיט די געסט. ער האָט זי פאַרגונען דעם פאַרגעניגן צו געניסן מיטן פולן ברוסט פון דעם הערלעכן זומער־טאָג. גלאַט ווי אַ טיש איז געווען דער בלוי־געלבלעכער וואַסער פון ים. מער ניט ווי די זונען־שטראַלן האָבן זיך שטיפעריש געשפּילט אינעם וואַסער און באַשטראַלט דעם גאַנצן אויבערפלאַך פונעם צאָפּאָטער ברעג.

אַף דער טעראַסע פון דעם לוקסוס־האָטעל „מעטראָפּאָל“ אין צאָפּאָט, זיינען געזעסן די באַראָנין און באַראָנעסע קאַרף. אָקאָרשט ווי זיי האָבן פאַרענדיקט זייער מיטיק. זיי האָבן געוואַרט מען זאָל זיי סערווירן דעם

קאפע און דערנאָך גיין אין זייערע צימערן זיך אָפּרוען אַ ביסל פון די בעד־דער, וואָס זיי האָבן גענומען אינעם ערשטן האַלבן טאָג און פון זייער פּאַרברענגען אויף דער פּליאַזשע. דער אויסגעפּוצטער אָבער פון האָטעל האָט זיך דערנענטערט צו זייער טישל און מיט דעם געוויינלעכן חניפה׳דיקן שמייכעלע זיך פאַרנייגט פאַר די דאַמען און זיי דערלאַנגט, אויף אַ קליינעם זילבערנעם טאַץ, אַ קאָנווערט מיטן אָפּדרוק פון צאָפּאָטער קאַזינאָ־האָטעל.

— דאָס איז פאַר אייך, אייער דורכלויכט, — האָט ער זיך נייגנדיק אין דרייען, געזאָגט.

די באַראָנין האָט לאַנגזאַם גענומען דעם קאָנווערט אין איר האַנט. אַרויסגענומען פון דאָרטן אַ גרויסע קאַרטע באַצירט מיט אַ גאָלד־ראַנד אַרום. האָט געוואָרפן אַ בליק אויף דער אונטערשריפט.

— דאָס איז פון פרוי רענענקאַמף, — האָט זי געזאָגט דער טאָכטער, — זי לאַדט אונדז ביידן איין, היינט פיר אַזייגער צום קאַפע און קוכן אין זייערע צימערן, אין קאַזינאָ־האָטעל. זי שרייבט, אַז זי האָט היינט אַ באַזוך. דער יונגער אַלפרעד ראָזענבערג איז אויך דאָ היינט. ער וועט אויך זיין צום קאַפע בא איר.

— ווי מיינסטו, מאַמאַ, — האָט די באַראָנעסע געפרעגט — דו וועסט גיין? — מאַמאַ — האָט די טאָכטער, אַ קרים טוענדיק איר שיינעם פון זון אָפּגעברוינטן פּנים, געזאָגט — איך קען אַזוי ניט ליידן ראָזענבערגן, מיין געוועזענעם לערער, אַז ער איז מיר איינפאַך דערווידער געוואָרן. שטענדיק מיט זיינע קאָמישע, אייגנאַרטיקע פילאָזאָפיעס און ווילדע טעאָריעס. נאָכאַנאַנד קומט ער מיט זיינע ראַסן־פּלענער און בלוט־ריינקייט, דייטש און ניט דייטש. איך פאַרטראָג עס איינפאַך ניט. דערפאַר האָב איך קיין לוסט ניט צו גיין אַהינצו.

— ניין, קינד, עס טויג נישט, אַז מיר זאָלן ניט גיין, דאָס וואָלט געווען אַ גרויסע געזעלשאַפטלעכע אומטאַקטישקייט פון אונדזער זייט. פאַרגעס ניט טאָכטער, אַז פּאַפּאַ איז שוין באַלד וואַרשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר. פרוי רענענקאַמף איז די פרוי פון אַ רוסישן הויכן מיליטערמאַן. די צייטן וועט ער זיכער באַשטימט ווערן אויף גאָר אַ הויכן פּאָסטן און זייער מעגלעך, נאָך אינעם זעלביקן ראַיאָן ווו פּאַפּאַ איז, ניט גיין אויף איר איינ־

לאדונג קען אמאָל שלעכט אויסגעטייטשט ווערן און אזא קליינקייט קען ארויסרופן רייבונגען און אָנגעצויגענע באַציונג צווישן פאפא און גענע־ראל רעננענקאמף. דאָס מוזן מיר אונטער אלע אומשטענדן אויסמיידן. שוין אזוי ריידן זיי איבער אונדז גענוג. דאָס געפעלט זיי ניט מיין פראנצויזי־שע אָפּשטאַמונג, דאָ בין איך צו פריי געזאָגנען פאר זיי, ניט גענוג רעלי־גיעז. זיי טאדלען די פרייע דערציונג וואָס מיר האָבן דיר געגעבן. נאָך זייער אָנזיכט, איז דאָס פּאַר א רוסישע פריילן צו פריי און צופיל זעלבסט־שטענדיקייט. זיי וואָלטן דיך אויך וועלן זען, ווי די אנדערע רוסישע אריסטאָקראטישע מיידלעך, פאלשטענדיקע שקלאפנס, אָפּהענגיקע פון דעם אָדער יענעם אריסטאָקראטישן רכילות־סאלאָן.

— אויב דו, מאמא, געפינסט, אז מיר מוזן גיין, איז נאטירלעך קען דעם ניט צו מאכן. איך וועל מיך זיכער אונטערוואַרפן דעם געצוווּנגענעם געזעלשאפטלעכן טאקט. אָבער זע, מאמא, אָט האָסטו אליין גערעדט פון די אריסטאָקראטישע שקלאפנס, וואָס זיינען שטענדיק אונטערוואָרפן א פרעמדן ווילן. זיינען מיר אליין ניט די זעלביקע שקלאפנס? מיר זיינען דאָך אויך געצוווּנגען צו אונטערדריקן אונדזער אייגענעם ווילן און זיך אונטערוואַרפן דעם אָנגענומענעם געזעלשאפטלעכן עטיקעט.

— דו ביזט אפשר ניט אומגערעכט, קאַטיע, אין דער הינזיכט, אָבער דאָך דאַרפסטו ניט פארגעסן אונטער וועלכע אומשטענדן מיר לעבן היינט. מיר לעבן אין א דעספּאָטישן לאנד. מיר אלע זיינען אָפּהענגיק פון דעם דעספּאָטישן טיראַן־צאר. מיר האָבן דאָ נאָך ניט אויסגעקעמפט די מעג־לעכקייט צו לעבן אזוי פריי ווי בא אונדז אין פראנקרייך. דער ווילן פון פאָלק ווערט ניט גענומען אין באטראכט. מוזן מיר פאַרלויפיק אונטער־דריקן אונדזער ווילן און צווינגען זיך אליין צו דער גרעסטער געדולדזאמ־קייט. מיר מוזן לעבן דערווייל אין אן אטמאָספערע, וואָס איז קעגן אונדזער גייסט און זיך רעכענען מיט דער הערשנדיקער געזעלשאפטלעכער מיינונג".

פונקט פינף אזייגער פונעם זעלביקן טאָג, איז אין איינעם פון די סאלאָנען פון גרויסן צאַפּאָטער קאזינאָ־האָטעל, געווען פארזאמלט הויכע אריסטאָקראטישע פּערזענלעכקייטן פון רוסישן און דייטשן אדל. די גענע־

ראָלשע רענענקאמף האָט געגעבן א פייף־דע־גלאָק לכבוד די געסט וואָס זיינען געקומען דעם טאָג זי באזוכן, דער אלטער גראף בענקענדאָרף און זיין פרוי, אינטענדענט פון דער רוסישער ארמיי אין יענער צייט. זייער נאָנטער קרוב, דער אגראָנאָם אלפרעד ראָזענבערג פון ריגא מיט זיין דײַטשן חבר, דער יונגער לייטענאנט הערמאן גערינג, פונעם דערבייאיקן פעסטונגס־גארניזאָן קיסטרין. דער מאיאָר צימערמאן, אדיוטאנט אין דייטשן גענעראל־שטאָב איז אויך „צופעליק" געווען דעם טאָג אין צאָפּאָט און האָט זיך געזען מיטן גראף בענקענדאָרף. די פרוי און טאָכטער פון באַראָן מייענדאָרף און נאָך אנדערע רוסישע און דייטשע אדעליקע, וואָס האָבן צופעליק פארבראכט יענעם זומער אין צאָפּאָט.

נאָך קאפע האָבן די יונגעלייט פארוויקלט א לעבעדיקן און לוסטיקן שמועס. איינער דעם אנדערן האָט אריינגעזאָגט, מען האָט זיך געוויצלט, געלאכט און געפלירטעוועט. די עלטערע דאמען האָבן אופמערקזאם צוגעהערט די פרישע אינטריגעס פון צארישן הויף, וואָס די גענעראלשע בענקענדאָרף האָט מיטגעבראכט. די אופאליקע ליבע וואָס האָט זיך אנטוויקלט צווישן דעם פרומען מאָנאך ראספוטין און דער צארינע, די נייסטע רכילות'ן פון קייזערלעכן הויף אין בערלין וואָס די דייטשע דאַמען האָבן געהאט צו דערציילן און די התפעלות זייערע, איבער די קלוגשאפט פון זייער קייזער ווילהעלם.

דערפאר זיינען די עלטערע הערן, געג. בענקענדאָרף, מאיאָר צימערמאן און די איבעריקע הערן געזעסן בא אן אנדער טישל און געפירט זייערע פּאָליטישע שמועסן. מען האָט גערעדט פון דער פּאָטענץ פון דיביידע ארמייען, די רוסישע און די דייטשע. וועגן די פריינטשאפט צווישן די ביידע מאָנארכן און זייערע טראדיציעס, אז די רוסישע פרינצן הייראטן שטענדיק דייטשע פרינצעסינס א. א. וו.

איינער פון די יונגעלייט האָט זיך מיטאמאָל אפגערופן:

— אין אזא הערלעכן טאָג ווי היינט, איז פשוט א פארברעכן צו זיצן אין די דושנע סאלאָנען, לאָמיר גאָר מאכן אן אויספלוג אין דער אומגעגנט. מיר וועלן זיין אין אָליוואָ, באזיכטיקן דאָרטן דעם שיינעם שלאָס־

פּארק מיט דעם אלטן היסטאָרישן דייטשן שלאָס. דערנאָך וועלן מיר אריינגיין אין דער ספּאָרט־האַלע פון לאנגפור. דאָרטן וועלן מיר כאפּן א טענצל, מיר וועלן דאָרטן עסן אָוונט־ברויט און דערנאָך וועלן מיר גיין הערן די וואלדאָפּערע.

די יוגנט האָט זיך ענטוזיאסטיש אָנגעכאפּט אָן דעם פּאָרגעלעגטן פארוויילונגס־פּראָגראם און מען האָט זיך אופגעהויבן פון די פּלעצער. דער גראף בענקענדאָרף און גרעפין האָבן זיך אנטשולדיקט, זיי זיינען מיד פון וועג און האָבן זיך געוואָלט אויסרוען.

באם געזעגענען זיך מיטן מאיאָר צימערמאן, האָט דער לעצטער, דריקנדיק די האנט פון אלטן גראף, געזאָגט לאכנדיק:

— הער גראף, איך האָף, אז איר האָט גוט צוגעגרייט פאר אונדזערע רעגימענטן אמוניציע און שפּייז. איר ווייסט דאָך ווי שטאַרק מיר ליבן די שיינע רוסישע פּראָדוקטן. ווען אונדזערע ארמייען וועלן אריינגיין אין אייער לאנד, זאָלן זיי האָבן באקוועם און זאָלן זיך פילן ווי בא זיך אין דערהיים.

— געוויס מאיאָר, — האָט דער גראף שמייכלענדיק געענטפערט — מיר ווייסן אויסגעצייכנט וואָס איר האָט ניט פיינט און זיינען געניי אָריענטירט פון אייער קייזערס ווונטש.

דער געפּלאנטער אויספלוג אין אליווא האָט זיך איינגעגעבן גלענצנד. מען האָט פארבראכט אויסגעצייכנט דעם רעשט טאָג און שוין שפּעטלעך אין אָוונט האָט מען גענומען דעם צוג צו פאָרן אהיים אין צאָפּאָט. די גאנצע געזעלשאפט האָט זיך אויסגעזעצט אין איין וואגאָן גאנץ געמיטלעך. ראָזענבערג האָט געהאלטן אין דערציילן איינעם פון זיינע אמוזירנדיקע וויצן און עס האָט אויסגעבראָכן א שטאַרק געלעכטער צווישן דער געזעל־שאפט. פלוצלינג איז עפּעס געשען, וואָס האָט מיטאמאָל אונטערבראָכן די פריילעכקייט בא דער יוגנט.

קאטיע קארף האָט זיך געשטעלט, אופגעהערט לאכן און אירע שיינע בלויע צוויבער־אויגן האָט זי אָנגעשטעלט צום קעגנזעצטן ווינקל פון וואגאָן. קאטיע איז געוואָרן ביז גאָר ערנסט. זי האָט געקוקט אין יענעם ווינקל און זיך אליין ניט געגלויבט. זעט זי ריכטיק אָדער קומט דאָס איר

נאָר פּאָר. זי האָט דערזען אין ווינקל, אויף דער ערשטער באַנק, לעבן דער טיר, זיצט דאָרטן וואַלדמאַן און איז פאַרטיפט אין אַ שמועס מיט אַן אומבאַקאַנטער פּערזאָן.

— וואָס איז געשען? — איז צו איר צוגעשטאַנען פריילן רענענקאַמף, — וועמען האָסטו דאָרטן אין ווינקל אַנטדעקט, אַז דו ביזט מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי ערנסט ווי אַ שטרוי־זאַק?

קאַטיע האָט אָבער ניט געענטפערט, האַסטיק האָט זי זיך אַ ריס געטאָן פונעם פּלאַץ ווו זי איז געשטאַנען, שטופּנדיק מיט אירע ביידע עלנבויגנס דורך די מענטשנמאַסע אין וואַגאָן, האָט זי זיך געשפּאַרט צו יענעם ווינקל ווו וואַלדמאַן איז טאַקע געזעסן און געשמועסט מיט אַן אומבאַקאַנטן און האָט קיין זאַך ניט געמערקט וואָס אין וואַגאָן טוט זיך.

— ווילי, — האָט ער מיטאַמאָל דערהערט אַן אויסגעשריי, פון אים אַ גוט באַקאַנטער שטימע, — ווי קומט איר אַהער? פון וואַנען האָט איר זיך דאָ גענומען פּלוצלינג, און וווהין פאָרט איר?

וואַלדמאַן האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן פון זיין פּלאַץ אַן איבעראַשטער, ער האָט דערזען מיטאַמאָל פאַר זיך קאַטיען. אין מאָמענט האָט ער זיך פאַרלאָרן און ניט געקענט אַ וואָרט ענטפערן פון איבעראַשונג. אַ שטראָם בלוט האָט אים אַ זעץ געטאָן אין געזיכט, זיין האַרץ האָט גענומען האַסטיקער קלאַפּן. ער האָט אויסגעשטעלט זיינע אויגן אויף קאַטיען און זיך ניט גערירט פון אָרט.

— וואָס קוקט איר אויף מיר אַזוי מאָדנע — האָט קאַטיע, אַנכאַפּנדיק זיין האַנט געזאָגט — איר דערקענט מיך ניט מער צי וואָס?

ערשט דאַמאָלסט איז ער געקומען צו זיך פון איבעראַשונג, מיט אַ שטילן, קוים באַמערקבאַרן שמייכעלע אויף זיין געזיכט, האָט ער זיך דערנענטערט צו איר און דערלאַנגט איר זיין האַנט.

— ווי קומט איר אַהער, באַראָנעסע? פון וואַנען פאָרט איר דאָס, און וואָס מאַכט די באַראָנין? — האָט ער געפרעגט.

— אַ דאַנק אייך, הער וואַלדמאַן, — האָט זי אים געענטפערט, באַמערקנדיג, ווי אַלעמענס אויגן פון דער געזעלשאַפט זיינען אויסגעשטעלט אויף איר, — מיר פאָרן פון אַ צופעליקן אויספלוג אין דער געגנט, צוזאַמען

מיט א גאַנצע גרופּע חברים און חבר'טעס. אָבער וואָס שטייען מיר דאָ, קומט, נעמט אייער געפּעק און לאָמיר גיין דאָרטן, צו מיינע באַקאַנטע. איך וועל אייך פאַר זיי פאָרשטעלן.

דער צוג האָט שוין אָבער דערווייל פאַרלאַנגזאַמט זיין גאַנג און איז שוין געשטאַנען באַם צאָפּאַטער וואָקזאַל. די פּאַסאַזשירן האָבן זיך גענו־מען שטופּן און איילן צום אַרויסגאַנג. קאַטיע האָט זיך געשפּאַרט פאָרויס, וואַלדמאַן הינטער איר, ביז זיי האָבן זיך געפונען אַפן פּעראָן, וווּ פריילן רענענקאַמף איז שוין געשטאַנען און זיי אָפּגעוואַרט.

— קום קאַטיע, האָט זי געזאָגט, — דאָרטן שטייען אַלע אונדזערע און וואַרטן אַף דיר, אייל דיך אַביסל. ווער איז דער הער, קאַטיושאַ?

קאַטיע וואָלט אין דעם אויגנבליק אַמליבסטן געשיקט פריילן רענענ־קאַמף מיט די איבעריקע צום טייוול. זי איז געווען אויסעראָרנטלעך אופּ־גערעגט. איר האָט שטאַרק אימפּאָנירט דער פאַקט, אַז ווילי איז דאָך גע־קומען צו לויפן אַף איר רוף. ער האָט זי דאָך נאָך אין זינען, זי וואָלט גערן געכאַפּט אים אונטערן אָרעם און וואָלט אַנטלאָפן מיט אים ערגעץ אין אַן אָפּגעזונדערטן ווינקל און זיך אויסבאַהאַלטן מיט איר ליבע פון אַלעמענס אויגן. א גוואַלדיקער צושטראָם פון ליבע און וואַרעמקייט צו אים האָט זי בא זיך דערפילט אין איצטיקן מאָמענט. „הייסט דאָס, אַז איך האָב מיך ניט גענאַרט אין זיינע געפילן צו מיר ,ער ליבט מיך, ער איז געקומען צופליען צו מיר, ווי איך האָב דאָס דערוואַרט, אַזוי האָט זי געטראַכט, אָבער דערמאָנענדיק זיך אָן היינטיקן געשפּרעך מיט איר מו־טער, האָט זי ניט געוואָלט זיך אויסשטעלן פאַר אומטאַקטיש אין קעגנ־וואַרט פון אירע פריינט און באַקאַנטע. זי האָט זיך באַנומען ערנסט.

— אַך, נאַדיע, אַנטשולדיק מיר, איך האָב פאַרגעסן דיר פאָרצו־שטעלן דעם הער. דו ווייסט ווער דאָס איז? דו ווייסט דאָך פון דער געשיכטע וואָס מיר האָט פּאַסירט פאַריאָרן אין דרוסקעניק? דאָס איז דער הער וואָס האָט מיך אַזוי אָפּפערווייליק אַרויסגעראַטעוועט. זייט באַקאַנט — האָט זי צוגעגעבן — פריילן, רענענקאַמף, הער וואַלדמאַן, — און ביידע יונגע מענטשן האָבן זיך פריינטלעך געדריקט די הענט.

— הער וואַלדמאַן, — האָט קאַטיע דערנאָך זיך אָפּגערופן צו אים,

— איך פֿאָרט אריין אין האָטעל „מעטראָפּאָל". — דאָרטן וועלן מיר אונדז שפּעטער קענען טרעפֿן מיר שטייען אויך דאָרטן, און צוּוואַרפֿנדיק אים א פֿיל באַדייטנדיקן בליק, האָט זי א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און איז אַוועק מיט דער פֿריילן הענענקאַמף.

ווען קאַטיע, געאָרעמט מיט פֿריילן רענענקאַמף, זיינען געקומען צו דער גרופּע, וואָס האָבן אף זיי געוואַרט, זיינען אַלעמענס אויגן געווען געווענדעט צו זיי. פֿאַר זיי איז נאָך אַלץ געווען אומפֿאַרשטענדלעך, פֿאַר־וואָס זי איז אַזוי איבעראַשט געוואָרן פֿון דעם פֿרעמדן יונגנמאַן וואָס זי האָט אַזוי אומדערוואַרטעט דערזען אין וואַגאָן.

דער ערשטער וואָס האָט גענומען ריידן, איז געווען ראָזענבערג:

— ווי איך פֿאַרשטיי, — האָט ער געזאָגט, — איז דאָס דער יונגער־מאַן, וואָס האָט אייך אַזוי אַוואַנטוריסטיש אַרויסגעשלעפּט פֿון טייך, ניט אַזוי? עס איז גאָרניט צו מערקן אין אים קיין העלדישקייט און בראַוווּקייט. ווי אַן אויסגעקוועטשטע לימאָנע זעט ער אויס — האָט ער איראָניש צוגע־געבן.

— אַלפֿרעד, — האָט די באַראָנעסע א ברוגז'ע אף אים א קוק געגעבן און געזאָגט. — איך פֿאַרבאָט אייך אַזוי אָפּשפּאָטעריש זיך אויסצודריקן אין מיין קעגנוואַרט אף דעם יונגנמאַן. יעדנפֿאַלס האָט ער באַוויזן, אַז ער איז מער העלד ווי אייער ריינהאַרדט. יענער האָט מורא געהאַט איינ־צוּנעצן זיינע לאַקשיך אין וואַסער, ווען עס האָט מיט מיר פּאַסירט דער טראַגישער פֿאַל, איז ער געלאָפֿן זוכן שטריק און מענטשן אום מיך צו ראַטעווען, אַליין האָט ער גאָרניט געטאָן. בשעת דער יונגערמאַן האָט אָן וואַקלעניש, גלייך זיך געוואָרפֿן אין טייך מיך צו העלפֿן. שוין צוליב אַזא טאַט אַליין, איז ער ווערט די גאַנצע אכטונג און פֿולן רעספּעקט — האָט קאַטיע פֿאַרענדיקט.

— אָ, איך קען זיי צו־גוט די יידן, — האָט ראָזענבערג, ווענדיק צו־נישט מאַכן דעם איינדרוק פֿון קאַטיעס רייד אף אַלעמען, אָפּגעענט־פֿערט, — אויב ער האָט דאָס געטאָן, איז דאָס ניט פֿון העלדישקייט, אַזא זאַך איז ניט בנמצא בא יידן. ער האָט דאָס פּשוט געטאָן פֿון קאָנוועניענץ. מיט זיין פֿלינקן יידישן קעפּל האָט ער גלייך אויסגערעכנט, אַז עס לוינט

זיך אים צו ריזיקירן און ראַטעווען אַן אַריסטאָקראַטיש מיידל פון אַן אומגליק, וואָס קען מיט דער צייט, ברענגען אַ גוטן פאַרדינסט און אַ שיינע קאָמפּענסאַציע. אָט דאָס איז אַלץ מיין ליבע באַראָנעסע.

— אָבער וואָס באַטאָנט איר דאָ אַזוי שטאַרק זיין יידישן אָפּשטאַם, נאָך אַלעמען איז ער דאָך אַ מאַן ניט קיין יידישע פריילן, ער האָט דאָך נאָך קיינעם ניט געפּאַטשט, — האָט זיך קאַטיע אָפּגערופן אין אופגערעקטע.

איר געדענקט, אַז מיין אָנזיכט אויף מענטשן איז אַנטשידן אַנדערש ווי אייערע. איך פאַרשטיי ניט צו אונטערשיידן העכערע און נידעריקערע מענטשן. איך דערקען נאָר דעם מענטשן נאָך זיינע הומאַניטאַרע, מאָראַלישע און עטישע קוואַליפיקאַציעס. באַזיצט דאָס דער מענטש, איז פאַר מיר קיין אונטערשייד ניט, צו ער איז אַ כינעזער, טערק, ציגיינער אָדער ייד. אַלע זיינען זיי פאַר מיר אין אַזאַ פאַל גלייך און אַזאַ מענטשן וועל איך שטענדיק אַכטן און רעספּעקטירן.

— איך האָב אינגאַנצן פאַרגעסן, — האָט ראָזענבערג, וועלנדיק אָפּשוואַכן דעם איינדרוק וואָס זי האָט געמאַכט, דערמאָנענדיק יענעם פּאַטש פון דער יידישקע, געזאָגט — איר זייט דאָך פון דער פראַנצויזישער שולע. אין אייך שטעקט דערציונג, דערפאַר האָט איר לײדער, אַזאַ אויסטערלישע אָנזיכט.

די אַנדערע פון דער גרופּע האָבן זיך ארומגעזען, אַז דער שטרייט צווישן זיי ביידן קען אַוועק צו ווייט און וועט צושטערן די פרייד פון היינטיקן אָוונט, האָט זיך ארויסגעכאַפּט פריילן רענענקאַמף און אַ געשריי געטאָן.

— גענוג, קינדער, איר קריגט אייך צוליב אַ נאַרישקייט. לאָמיר בעסער גיין אין האָטעל עפּעס וואָס עסן.

אַלפרעד ראָזענבערג האָט זיך אויך ארומגעזען, אַז דער קליינער צווישנרייד מיט קאַטיען, קען אים צושטערן זיינע פאַרבאַהאַלטענע פּלענער מיט וועלכע ער טראָגט זיך ארום בנוגע דעם דאָזיקן יידל, איז ער צוגעגאַנגען צו קאַטיען, גענומען איר אונטערן האַנט און געזאָגט:

— אַנטשולדיקט מיר באַראָנעסע, וואָס איך האָב ארויסגערופן אייער צאָרן מיט מיינע באַמערקונגען. איך זע אַז איר ווילט דאָס ניט ליידן. איך

צי צוריק מיינע ווערטער און לאָמיר לעבן בשלום. אום קעגנטייל, איך וועל אייך זייער דאנקבאר זיין, ווען איר וועט מיך געבן די מעגלעכקייט, מיך פּערזענלעך צו באקאנען מיט אייער יונגנמאן. איר וועל מיר געבן די גרעסטע מי אים צו רעספּעקטירן, ווי איר אַליין ווילט דאָס.

די גאנצע גרופּע האָט זיך געלאָזט גיין צום האָטעל.

— איר מוזט מיר אנטשולדיקן, ליבע נאדיע, — האָט קאטיע זיך גע־ווענדעט צו די רענענקאמף, שוין באם אריינגאנג אין האָטעל, — איך מוז אריבערלויפן אין מיין האָטעל, ברענגען מיין טואלעט אין אָרדענונג. אין געציילטע מינוטן בין איך צוריק, און ניט וואַרטנדיק אַף אַן ענטפער איז קאטיע פארשוווּנדן אפן וועג צו איר האָטעל.

אין האָטעל האָט זי געפונען וואלדמאנען אין גרויסן האל. ער האָט נאָך געוואָרט מען זאָל אים אָנווייזן זיין צימער. זי איז צוגעלאָפן צו אים, אָנגעכאפּט פאר ביידע הענט, טיף אים אריינגעקוקט אין די אויגן און געזאָגט:

ווילי, ווי נעט, ווי גוט דאָס איז פון דיר, אז דו ביזט געקומען, דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך שטענדיק אינטויטיוו געפילט, אז דו וועסט קו־מען. איך האָב געוואָרט, אז ניט היינט איז מאָרגן און דו וועסט ווערן פעסטער און מענערישער. דו וועסט מאכן אן ענדע צו יענער שטימונגס־אוואַנטורע, ווען דו האָסט זיך געלאָזט אָנטאָן אַף דיין האלדז סאָניען און זיך פארפלאָנטערן מיט א חתונה, וואָס איז ניט פאר דיר, דאָס איז געשען בלויז א דאנק א מאָמענטאלע גייסטיקע דעפּרימירונג דיינע. איך האָב אָבער ניט געוואָרט, אז דאָס וועט געשען אזוי גיך, איך האָב נאָך ניט דערוואָרט אז דו האָסט זיך שוין געגעבן רעכענונג פון דיין טעות און וועסט קומען צו מיר. ליידער, מיין ליבער ווילי, קען איך ניט ארויס־ווייזן צו דיר די אופמערקזאמקייט און דאנקבארקייט וואָס דיר קומט, וואָס דו האָסט פארדינט מיט דיין קומען, ווייל גראָד היינט האָבן זיך אָנגעדרייט געסט בא די רענענקאמפס און מיר זיינען איינגעלאָדן צו זיי, צי מיר ווילן דאָס אָדער ניט, האָב איך מיט דער מוטער געמוזט די איינ־לאָדונג אָננעמען. דאָס איז פארבונדן מיט טאקטישע און פּאָליטישע מאָ־טיוון, און צו מיין גרעסטן באדויערן, מוז איך נאָך דעם רעשט אָוונט

פארברענגען מיט זיי. אָבער זיי רויק, מיין ליבער ווילי, מיין הארץ בלייבט דאָ מיט דיר. אויב איך וועל מיך גוט אמוזירן דאָרטן און מיך מאכן לוסטיק, וועט דאָס זיין בלויז דער אויסדרוק פון מיין צופרידנקייט און פרייד, אין פארבינדונג מיט דיין קומען. ניי, מיין גוטער ווילי, אין דיין צימער, רו דיך אָרנטלעך אוים, מאָרגן בין איך אינגאנצן צו דיין דיספּאָזיציע. מיר וועלן ריידן צוזאמען, לאכן, שפּאצירן, באָדן אומגעשטערט און וועלן האָבן פארגעניגן פון אונדזער צוזאמענזיין.

קאטיע האָט אים ווארעם געדריקט די האנט און באם פארלאָזן דעם האָטעל, א פרעג געטאָן:

— ווי לאנג מיינסטו דאָ צו פארברענגען ווילי?

— א פּאָר טעג — האָט וואלדמאן געענטפערט, — און קאטיע איז פארשוואונדן, איבערלאָזנדיק אים אליין פארטיפט אין זיינע געדאנקען.

## צווייטער קאַפּיטל

**דעם** אָוונטעסן האָט מען סערווירט אף דער הינטערשטער טעראסע פון קאסינאָ־האָטעל. די נאכט איז געווען א רויקע און שטילע. פון ים האָט זיך דערטראָגן א קילער, דערפרישנדיקער ווינטל. עס האָט זיך געהערט דער ריטמישער גערויש פון די ים־כוואליעס. דורך די געדיכטע אקאציעס פון האָטעל־פּארק האָט זיך ארויסגעוויזן שטיקער בלויער הימל מיט די פינקלדיקע שטערן. ערטערווייז האָט זיך דורכגעשפּארט די לבנה דורך די געדיכטע צווייגן און פריינטלעך צוגעשמייכלט די געסט, אופגעמונטערט זיי צו פריילעכקייט און צוגעגעבן זייער פארווײלונג א ראָמאנטישן קאָלאָריט. דאָ און דאָרטן האָט זיך דערטראָגן צום טיש א פארשטיקטער געלעכטער פון א באנאכטיקן פלירט, וואָס איז געקומען ערגעץ פון א פארבאָרגן ווינקעלע אין פּארק. די שטימונג באם טיש האָט זיך פונדאָסניי איינגעשטעלט א פריילעכע און לעבעדיקע.

קאטיע איז אריינגעפאלן א לוסטיקע און צופרידענע, זי איז צוגע־לאָפן צו דער מוטער, וואָס איז שוין געזעסן באם טיש, א קוש געטאָן זי און געזאָגט:

— ווייסט שוין, מאמא, ווער עס איז געקומען צו אונדז צו באזוך? הער וואלדמאן איז דאָך דאָ, האָסט אים נאָך ניט פארגעסן?

— וואָס רעדסטו קינד, — האָט די באראָנין געענטפערט, ווי אזוי קען איך דאָס אים פארגעסן? אזוי לאנג ווי איך וועל לעבן, וועל איך ניט פארגעסן דעם גוטן מלאך. ווען ניט ער, ווער ווייסט ווו דו וואָלסט שוין געווען היינט.

— איר זעט ראָזענבערג, — האָט זיך אָפּגערופן נאדיע, — ווי די באראָנין פארגעטערט דעם גוטן יונגנמאן, אבי ער האָט געוואָלט אופרעגן אונדזער קאטיושאן, טאדלענדיק איר רעטער.

— אָ, מיין קאטיע איז א שלעכטע — האָט די באראָנין מיט א פארבאָרגענעם סארקאזם געענטפערט — שטענדיק רייסט זי זיך ארום מיט אונדזער ליבן אלפרעדן. אפילו באם לערנען מיט אים האָט אלפרעד אויך געהאט צרות פון איר. איך ווייס ניט וואָס זי האָט צו אים, ער איז דאָך נאָך אויסערדעם, אזא ליבער און גוטער שכן אונדזערער.

קאטיע האָט גוט פארשטאַנען ווו עס צילן איר מוטערס ווערטער. אינדער׳אמת׳ן האָט איר מוטער, פונקט אזוי ווי זי, ניט פארטראָגן ראָ־זענבערגן, אָבער דאָס האָט געהערט צום גוטן טאָן, צום טאקט און באַ־נעמונג, צו דער פארמאסקירטער היפּאָקריטסטווע אין די אריסטאָקראַ־טישע סאלאָנען, האָט קאטיע זיך אָפּגערופן:

— ערגער דיך ניט, מאמא, דאָס איז נאָר געווען א שפּאס פון אונדזער גוטן אלפרעדן. מיר פארשטייען זיך זייער גוט איין, און איך שענק ניט דעם מינדעסטן ווערט דעם גאנצן ענין.

ראָזענבערג האָט אויך געפונען פאר נויטיק עפּעס צו זאָגן:

— די באראָנעסע, האָט ער געזאָגט, — האָט פולשטענדיק רעכט, דאָס האָב איך אבזיכטלעך אביסל גערייצט קאטיען, ווייל איך האָב זי געוואָלט זען אין אן אופגערעקטן צושטאנד, אין איר אופרעקונג, ווערט

זי דאָפּלט אזוי שיין און רייצנדער ווי שטענדיק, דאמאָלסט איז זי אומ־פארגלייכלעך אין איר שיינקייט און חן.

אלע געסט האָבן אפּלאָדירט ראָזענבערגן פאר זיין געלונגענעם מאנעוור און דער ראָזער פארב וואָס האָט זיך באוויזן אף קאטיעס באקן, האָט עדות געזאָגט, אז אויך זי האָט אָנגענומען דעם קאָמפּלימענט פאר ליב.

לייטענאנט הערמאן גערינג איז אויך געווען צווישן די געסט באם טיש. דאָס איז געווען א טיפּישער הונדערטפּראָצענטיקער פּרייסישער יונקער. די העכסטע דערגרייכונג פון זיינע אמביציעס איז געווען זיין מי־ליטער־ראַק. די דייטשע ארמיי איז געווען זיין העכסטער אידעאל אין לעבן און דער דייטשער קייזער איז געווען בא אים די פארקערפּערונג פון דאָס גרעסטע און הייליקסטע וואָס אף דער וועלט איז פאראַן.

גערינג אליין האָט געשטאַמט פון א פאראָרעמטער דייטשער אדע־ליקער פאמיליע. זיין פאָטער האָט פארטאכלעוועט גאָר גיך זיינע מאַ־יאָנטקעס און אייגנטימער, זיין רעשט לעבן האָט ער געלעבט פונעם גנאָד פון דייטשן קייזער און פון די דערינערונגען פון אמאָליקע גוטע צייטן האָט טאקע גערינג פיינט געהאט זיין פאָטער און ניט געליטן דער מוטער. דעם פאָטער האָט ער געהאסט פארוואָס ער איז אָרעם. ער קען אים ניט געבן די מעגלעכקייט צו לעבן מיטן ברייטן האנט, ווי עס פּאסט פאר אן אָפיציר פון קייזערס ארמיי. די מוטער האָט ער ניט געליטן. פאר־וואָס זי האָט ניט ארייננגעבראכט צו איר חתונה מיטן פאָטער קיין פעטן נדן, אָדער לכל הפחות, פארוואָס זי שטאַמט ניט פון גרויסע מאכטהאָבנ־דיקע פערזענלעכקייטן, א דאנק וועמען ער וואָלט געקענט לייכט זיך ארויסהויבן פון דער סביבה, אין וועלכער די אָרעמקייט האָט אים אריינ־געוואָרפן, ער האָט געגאַרט נאָך מאכט, ער האָט געזענט נאָך גרויסקייט. מאכט איז געוואָרן באַ אים דער ציל פון לעבן. די ערשטע זאך צו וואָס אן אָפיציר מוז זיך דערשלאָגן, האָט ער געזאָגט, איז מאַכט. האָט מען מאכט, איז מען שוין רייך, אָנגעזען, געשעצט און געאכטעט. דורך מאכט קען מען צוקומען צו די שענסטע און פארנעמסטע פרויען. פאר א מענטשן מיט מאכט וועט אפילו דער קייזער אליין האָבן אָפּשיי און דער־

פילן אַלע זיינע פאַרלאַנגען. און לייטענאַנט גערינג האָט זיך ארומגעטראָגן מיט אַ שטילע האָפנונג, זיך דערשלאָגן צו מאכט, אונטער אַלע אומ־שטענדן, מיט ערלעכע אָדער אומערלעכע מיטלען. אַלצאיינס, אבי דער־גרייכן זיין פאַרלאַנג, נאָר זיין מעכטיק, ווערן באַרימט, גרויס. די מאכט־גיריקייט זיינע איז מיט דער צייט געוואָרן בא אים אַ מאַניע, וואָס האָט אים שטענדיק פאַרפאָלגט. מאכטגיריקייט איז געוואָרן זיין אידעע־פיקס.

אַלס פרייסישער יונקער איז ער אויך געווען אַ יוראָפּאַב, אַף דעם שטייגער ווי אַלע פרייסישע יונקערס, זיינען דאָס געווען. ער האָט אָבער ניט ארויסגעוויזן אין דעם אַזאַ משוגעת ווי זיין פריינט ראָזענבערג. אַ ייד איז געווען בא אים אַ נידעריקע זאַך, וואָס מען מוז דאָס באַזייטיקן פון וועג, אָבער ניט מיט הוילן האנט, די האנט דאַרף מען ניט באַשמוצן מיט אַזאַ נידעריקע זאַך. די דערציונג וואָס ער האָט באַקומען אין דער מיליטער־שולע האָט אים געצוווּנגען צו דיסציפּלין און פאַרמאַסקירטער העפלעכקייט. אַלץ וואָס איז ניט געווען יונקעריש און האָט ניט צוטאָן מיטן מיליטערישן ראַק, איז געווען פאַר אים פון מינדערווערטיקן כאַ־ראַקטער. דערפאַר האָט ער זיך ניט אריינגעמישט אין דעם גאַנצן צווישנ־רייד וואָס איז ארויסגעקומען צווישן ראָזענבערגן און קאַטיע קאַרף.

גערינג האָט גוט געקענט ראָזענבערגס האַס צו יידן, ער האָט אויך געוווּסט די סיבה דערפון. די געשיכטע מיט דעם פּאַטש פון דער יידיש־קע, האָט אים ראָזענבערג אַליין דערציילט. ווען ראָזענבערג האָט אַזוי געשיקט שלום געמאַכט מיט דער באַראָנעסע, האָט ער זיך אָנגעשטויסן, אַז מסתמא האָט ראָזענבערג אַ געוויסן מיין דערבייַ. אים אָבער האָט פאַרדראָסן, הלמאי זי, אַן אריסטאָקראַטישע דאַמע, זאָל זיך אַזוי וואַרים באַציען צו אַ יידן. ער איז גאָר אַ גאַנצער מלאך אין זייערע אויגן. ניין. דאָס טאָר ניט זיין, האָט ער בא זיך באַשלאָסן. זי פאַרגעטערט אים ווייל זי האַלט דעם יידל פאַר אַ גאַנצן העלד. גרויסקייט, באַרימטקייט און העלדישקייט פאַרדרייען אַלעמאָל די פרויען דעם קאָפּ. דאַרף מען אים דערנידעריקן, קליין מאַכן, נישטיק מאַכן און עפנטלעך אויסלאַכן. זאָלן די פרויען זען, אַז ניט ער איז אַ העלד און ניט קיין באַרימטקייט, וועט שוין דאַמאָלסט זייער פאַרגעטערונג צו אים אָפּגעקילט ווערן. דאַמאָלסט

וועלן זיי גיך זיך דערוויטערן פון אים און אים מער ניט שענקען קיין אופמערקזאמקייט.

גערינג האָט זיך צוגעבויגן צו ראָזענבערגן, אים עפּעס אפן אויער שטיל אריינגערעדט אף וואָס ראָזענבערג האָט מיט א שמייכל אף די ליפּן, צושטימענדיק מיטן קאָפּ צוגעשאָקלט.

— דאָס וועל איך שוין מאכן — האָט גערינג געזאָגט צו ראָזענבערגן, — אף א ריין פּרייסישן אופן וועל איך דאָס דורכפירן, לעגאל און אנשטענדיק, קיינער וועט אונדזער כונה ניט מערקן. וויל מען א שונא צערייבן, ארויסרייסן בא אים זיין הארץ, פארניכטן אים, דארף מען דאָס טאָן מיט גומענע הענטשקעס. פאר א דייטש פּאסט ניט דאָס צו טאָן מיט הוילע הענט. זיי פארגעטערן אים פאר זיין שווימען, וועל איך אים כאפּן אף דער זעלביקער ווענטקע. איך וועל ווייזן עפנטלעך, אז ער קען ניט שווימען. מיין פּלאן איז איינפאך געניאליש. ניט אזוי אלפרעד?

און וויטער האָט ער זיך צוגעבויגן צו ראָזענבערגן און אים עפּעס אריינגעשושקעט אין אויער. דערנאָך האָט ער זיך אָפּגערופן צו דער גאנצער געזעלשאפט:

— מיינע געשעצטע דאמען. ווי איך האָב געהאט דאָס פארגעניגן צו הערן, זאָל דער יונגער הער, וואָס איז געקומען צו דער באראָנין קארף צו באזוך, זיין א גרויסער קינסטלער אין שווימען. טאקע א דאנק דעם איז אים געלונגען אזוי וווּנדערבאר ארויסצוראטעווען די באראָנעסע פון אן אומגליק. איך שלאָג פאָר, אז די באראָנעסע קארף זאָל ליבנסווירדיק איינלאדן דעם הער, זיך באטייליקן אין דעם שווימגעווועט, וואָס דער דאנציקער שווימקלוב אָרדנט איין, דעם שבת דאָ אין צאָפּאָט. ווי באַקאנט קריגט דער זיגער פון געוועט דעם גאָלדענעם בעכער וואָס די מוניציפּאליטעט אין דאנציק האָט צו דעם צוועק געשאָנקען. אויסער א גאנצע ריי אנדערע באערונגען וואָס דער שווימקלוב פאראנשטאלטעט. זאָלן מיר אלע אויך האָבן דעם פארגעניגן צו זען זיין מייסטערשאפטן שווימען.

גערינג האָט ארויסגעזאָגט זיין פאָרשלאג און באדייטונגספול א קוק

געטאָן אויף זיין חבר ראָזענבערגן. ווי ער וואָלט אים געפרעגט, אויב ער האָט דאָס קונציק געגוג אָפּגעטאָן, וואָס זיי האָבן אָקאָרשט צווישן זיך באַשלאָסן.

אַלעמענס אויגן האָבן זיך געווענדעט צו דער באַראָנעסע קאָרט-פּונקט ווי די רעאַליזירונג פון דעם פּלאַן וואָלט געווען פון איר אַליין אָפּהענגיק.

— וואָס קוקט איר אויף מיר אַלע? — האָט זי געזאָגט — איך האָב דאָך ניט קיין דעה אויף אים. שלאָגט דאָס אים דירעקט פאָר. איך וועל מיך פרייען אויב ער וועט דערצו צושיטמען.

— אויסגעצייכנט באַראָנעסע, — האָט זיך ראָזענבערג ארויסגע-כאַפּט — איר וועט מיך מאָרגן באַקענען מיט אים און איך אַליין וועל דאָס אים פאָרלייגן. איך וועל מיך באמיען, אַז ערזאָל מיין פאָרשלאָג אָנעמען.

די געזעלשאַפט האָט נאָך פארבראכט באם עסן ביז א שטיק אין דער נאכט און מען איז זיך פונאנדערגעגאנגען. ראָזענבערג איז ארויס צוזאמען מיט געריננן. זיי האָבן נאָך געכאַפּט אַ קליינעם שפּאציר אפן שטראַנד.

— דו האָסט דאָס געמאכט אויסגעצייכנט, הערמאַן, — האָט ראָ-זענבערגן צו אים געזאָגט. זייער גוט האָסטו צוגעטראכט. דאָס איז וונ-דערבאר. איך קען וועטן, אז אפילו די ערשטע פינפהונדערט מעטער וועט ער ניט מיטמאכן. אַזאַ אויסגעדארטער פּלאָקן. גוט, זאָלן אַלע זען זיין נישטיקייט. זאָלן אַלע זען, אז קענן א ריכטיקן דייטשן שווימער איז ער נול. זאָל די באַראָנין זען וועער איר מלאך איז. דו וועסט דיך דאָך באַ-טייליקן, הערמאַן אין שווימגעוועט — האָט ראָזענבערג געפרעגט געריננן, און אַליין האָט ער געריבן די הענט פון פאַרגעניגן. ער האָט שוין געזען אין פאָרויס, ווי דער פארהאסטער יידל פאלט דורך אין שווימען און אַלע מאכן חוזק פון אים. ער אַליין וועט שוין פון בושה מוזן אנטלויפן פון דאנען.

וואַלדמאַן איז אופגעשטאַנען גאַנץ פרי. עס האָט זיך אים ניט גע-שלאָפן. עס האָט געברענט אין אים די אומגעדולד, ער האָט שוין גע-וואָלט וואָס גיכער זיין מיט קאַטיען צוזאמען, אומארמען זי און צודריקן

זי צום הארצן. א קוש טאָן זי און אַליין אויך ווערן געקושט פון דעם בילד־שיינעם מיידל. ער האָט פארשטאַנען, אז נאָך אַן אָוונט פון פאר־ברענגען אין געזעלשעפט, וועט זי געוויס שלאָפן לענגער, און כדי צו פארטרייבן די איינזאמקייט און לאנגוויילקייט אין האָטעל, איז ער ארויס אַף אַ ווײַלע א שפאציר טאָן איבערן שטראנד.

קוקנדיק אַף דעם גרויסן ים וואָס האָט זיך אויסגעשפרייט פאר זײַ־נע אויגן אין זיין גאנצער הערלעכקייט און גרויסקייט; באטראכטנדיק די בלויע וואסער פון זיין אויבערפלאך, וואָס האָט אין יענעם פרימאָרגן קוים זיך באוועגט, האָט ער געטראכט, — סארא רחבות, סארא שיינקייט! זיך אָפּצובאָדן אין ים מוז זיין דער גרעסטער גענוס אין דער וועלט. זיך אביסל א פּליושקע טאָן מוז זיין גרויסארטיק! און די אלטע ליידנשאפט זיינע האָט זיך אין אים דערוועקט צום באָדן און שווימען. — א, — האָט ער געזאָגט אַף א קול, — מיט וועלכן פארגעניגן וואָלט איך מיך געפּלושקעט. איך וואָלט געווען דער גליקלעכסטער מענטש אין צאָפּאָט. מיט דעם געדאנק איז ער ארומגעגאנגען דעם גאנצן פרימאָרגן.

ווען ער איז אריין אין האָטעל עסן זיין פרישטיק, האָט ער שוין גע־פונען קאטיען, וואך, זי איז געזעסן און געוואַרט אַף אים. דערזעענדיק אים אריינגיין, האָט זי זיך אופגעהויבן פון איר פּלאץ און געלאָזן אים אטקעגן.

— ווי פילסטו זיך דאָ, איז דאָ ניט געטלעך שיין? — האָט זי אים באגריסט און ווארים געדריקט זיין האנט.

— א, קאטיע, עס איז דאָ וואונדערבאר. איך האָב נאָך אזוי שיין קיינמאָל ניט פארבראכט, איך האָב איצט געכאפּט א שפאציר באַם ים־ברעג. איך האָף, — האָט ער צוגעגעבן, — אז היינט וועסטו האָבן פאר מיר מער צייט ווי נעכטן — און מיט ליבשאפט אריינגעקוקט איר אין די אויגן.

**— הא, וואָס איז דאָס? האָט זי לאכנדיק געזאָגט, — צי איז דאָס ניט סימפּטאָמען פון אייפערזוכט בא דיר? נאָך צו פרי, מיין ליבער. — האָט זי אים גלעטנדיק זיי האנט געזאָגט. — קודם האָב איך נאָך ניט גע־הערט פו דיר קיין קלאָרע דיבורים בנוגע דיין ליבע צו מיר און ווייס**

ניט בכלל, אויב דו האָסט א רעכט צו אייפערזוכט, און צווייטנס, לאָמיר שוין איצט אָפּמאכן, נאָר אָן אייפערזוכט־סצענעס. דאָס פארביטערט נאָר דאָס לעבן און פארוואָלקנט די זוניקע הימלען פון דער אמת'ער ליבע. אָבער וועגן דעם שפּעטער. קום, מיר ווערן צופיל באָאָבאכטעט, לאָמיר עסן צוזאמען פרישטיק און דערנאָך וועלן מיר ערגעץ אין א ווינקל אנטרונען ווערן און דאָרטן וועלן מיר ריידן וועגן אונדזער ליבע און וועגן אלץ וואָס מיר האָבן אפן הארצן, ניט אזוי, מיין ליבער ווילי?

— הער ווילי, האָט זי אים געזאָגט נאָך פרישטיק — האָסטו א באָד־אָנצוג? דו וועסט דאָך געוויס וועלן כאַפּן א באָד, דיך וועט דאָך זיך גלוסטן אביסל א שווים טאָן, טאָ באזאָרג דיך אָן אָנצוג אָבער א שיינעם און עלעגאנטן. שפּעטער וועל איך דיר שוין זאָגן, פארוואָס איך וויל, אז דו זאָלסט האָבן א עלעגאנטן באָד־קאָסטיום. אין א האלבע שעה טרעפן מיר זיך ביידע באם שטראנד — און א שטאַרקער דרוק אין האנט האָט אים געגעבן צו וויסן, אז צו אים רעדט א הארץ וואָס איז פול מיט ליבע צו אים.

וואלדמאן האָט געניי אויסגעפאָלגט קאטיען. זיך באזאָרגט מיט א שיינעם עלאסטישן באָד־קאָסטיום, אראָפּגעוואָרפן פון זיך זיינע קליי־דער, זיך געמאכט קורגאסטמעסיק און איז ארויסגעלאָפן צום שטראנד, געפינען ערגעץ קאטיען און פארברענגען מיט איר.

## דריטער קאַפּיטל

אז קאַטיע איז געקומען אפן שטראַנד, האָט זי גענומען וואלדמאַ־נען פאר א האנט און געזאָגט:

— נו איצט, ווילי, זיינען מיר אליין, דערצייל מיר פון דיין לעבן, דיין לערנען, דיינע דערפאָלגן, ווייסט דאָך ווי איך פריי מיך מיט יעדן

דערפאָלג דיינעם אין לעבן. איך וואָלט וועלן, ווילי, אז דו זאָלסט זיך אנטוויקלען און ווערן א זשעני אין דיין פאַך, וואָס דו האָסט אויסגע־קליבן. איך גלויב אין דיינע פעיקייטן און דיין פלייס. נאָר איין זאַך פארשטיי איך נאָך ניט. דר. דיל, דער שעף פון דער היגער רוסישער פרייוויליקער שיפס־געזעלשאפט, האָט נעכטן אונדז געזאָגט, אז דו ביזט זייערער א מיטארבעטער. דאָס זעסטו געפעלט מיר ניט. עס גע־פעלט מיר בכלל ניט די גאנצע געזעלשאפט מיט זייערע דירעקטאָרן און שעפן, עס שלאָגט פון זיי מיט חניפה און פאלשקייט. איך וואָלט ניט וועלן, אז דו זאָלסט דיך פון זיי לערנען און פארלירן דיין אופריכטיקייט און ערלעכקייט, דאָס קען פיל שטערן דיין קאריערע, וואָס קען דיך אָפּ־ציען פון לערנען, דאָס געפעלט מיר אודאי ניט.

— זע ווילי, — האָט זי ווייטער געזאָגט — דו ווייסט גוט, אז איך ליב דיך. איך קען דיר דאָס מיט ווערטער ניט גענוג איבערגעבן, ווי שטארק מיין ליבע צו דיר איז. עס גליט אין מיר א שטענדיקער פייער פון ליבע. שטענדיק וואָלט איך וועלן זיין מיט דיר צוזאמען, האלטן דיך אין מיינע אָרעמס, גלעטן דיינע באקן, קושן דיין געזיכט. אָבער איך באהערש מיך. איך האלט מיך אין צוואנג. איך וויל ניט מיט מיין ליבע שטערן דיין אנטוויקלונג און קאריערע. איך וויל דיך זען א גאנצן, פולקאָמען און ריכטיקן מאן מיט אן ענערגישן און פעסטן כאראקטער. ערשט דאמאָלסט וועסטו פארשטיין וואָס מיין ליבע באדייט. און דו נעמסט און שענקסט דיין צייט און ענערגיע צוליב שמוציקע עטלעכע רובל. פארוואָס האָסטו מיר ניט געזאָגט, אז דו נויטיקסט זיך אין געלט? איך וואָלט דיר באזאָרגט מיט מיטלען כדי דו זאָלסט קענען קומען צו דיין ציל.

וואלדמאנס הארץ איז שיעור ניט צעשפּרונגען פון שמחה. קאטיעס אופריכטיקע ווערטער האָבן אף אים געמאכט א גוואלדיקן איינדרוק. ער האָט געקוועטשט איר האנט, געקוקט איר אין די אויגן און געמורמלט:

—א דאנק דיר, טייערע קאטיע, פאר דיינע ליבע ווערטער. איך בין טיף עמאָציאָנירט. איך בין פשוט אַנטציקט פון דיר. איך פיל מיט מיינע אלע חושים דיין ריינע אופריכטיקע ליבע צו מיר. זיי מיר מוחל, קאטיע

טייערע, וואָס איך האָב ביז איצט געקווענקלט, וואָס איך האָב תיכף ניט אָנגענומען דיין ליבע. פאַרגיב מיר, וואָס איך האָב געזוכט מיט גע־קינסטלטע מיטלען צו דערשטיקן אין מיר די געפילן פון ליבע, וואָס זיינען אין מיין האַרץ געבאָרן געוואָרן. איך וועל אויך פאַרברענט פון ליבע צו דיר. איך באַדויער זייער, וואָס אַ גאַנצע ריי פון אומשטענדן האָבן מיר דערווייטערט פון דיר. פון היינט און ווייטער, קאַטיע טייערע, טראַכט איך פון קיין זאַך אין דער וועלט ניט. דו ביזט די איינציקע פּערזאָן וואָס וועט אויספילן מיין גאַנצן וועזן. דו, נאָר דו, וועסט קענען מאַכן פון מיר אַלץ וואָס דו ווילסט. בלינד וואַרף איך מיך אונטער אַלע דיינע פאַרלאַנגען. איך וועל די וועלט איינעמען און איך וועל ווערן דער ווערן דער וועמען דו דערוואַרטסט צו זען. איך וועל די גאַנצע וועלט באַזיגן, איינדרייען זי אין איין באַל און וואַרפן זי צו דיינע פיס, קאַטיע, — האָט ער פּאַטעטיש פאַרענדיקט.

— איך האָב גאַרניט געוווּסט, מיין ליבער, אַז דו, אַזאַ ערנסטער ווי דו ביזט שטענדיק, זאָלסט קענען אַזוי ראָמאַנטיש ריידן. אָבער זאָג מיר אָקאָרשט, ווי שטייט דאָס מיט דער געשיכטע פון דער אומאיבערלעגטער אַוואַנטורע דיינע אין ריטעוועץ? איך מיין ווי האָלסטו עפּעס מיט דיין פרוי? איך וואָלט וועלן — האָט זי געזאָגט — אַז קיין זאַך זאָל ניט שטערן אונדזער ליבע און די שפּעטערדיקע פּלענער אונדזערע. פאַרשטיי דיך גוט איין, קינד, — האָט זי באַטאָנט. — איך ווייס אַז דו ליבסט זי ניט און האָסט געהייראַט מיט איר, אונטער דעם דרוק פון געוויסע אומ־שטענדן און שטימונגס־אימפּולס, וואָס דו האָסט ניט געקענט אַף אַ פאַר־נונפטיקן אופן באַזייטיקן, ווי אַ מאַן מיט אַ פעסטן כאַראַקטער און ענערגיע האָט באַדאַרפט האַנדלען. אָבער דו האָסט זי דאָך געהייראַט. ווילנדיק אָדער ניט, האָסטו זיך אָנגעזעטיקט מיט איר קערפּער, זי איז דאָך פולקאָם אומשולדיק, מוזטו האַנדלען ווי די אָנשטענדיקייט פאָדערט דאָס. דו קענסט ניט דערוואַרטן און דאַרפסט דאָס ניט פאַרלאַנגען, אַז איך זאָל איבערטרעטן יענעמס קערפּער אַפּן וועג צו מיין פּערזענלעכן גליק. דאָס ניט, קאַטיע קאַרף וועט דאָס קיינמאָל ניט טאָן. אמת, זי קען ניט פאַרלאַנגען, אַז דו זאָלסט דיין גאַנצן לעבן און דיין גליק אָפּפערן פאַר איר און מיט גוואַלט זיין צוגעבונדן צו איר אַ גאַנצן לעבן, אָבער די שיידונג דאַרף זיין ליטיש. האָסטו מיך פאַרשטאַנען, ווילי?

קאטיעס האנדלונג, אירע מיטפילנדיקע און מענטשלעכע רייד אין באצוג צו איר ריוואלין, איר אפעל צו זיין געוויסן, האט קאטיען אופגע־הויבן אין זיינע אויגן גאר הויך. גלייכצייטיק האבן אירע רייד אים גע־שטאכן ווי א שארפער שפיז אין ריפ, ער האט זיך געהאלטן פאר שטארק שולדיק אין דער גאנצער געשיכטע. ער האט זיך באטראכט אין דעם מא־מענט, ווי אן אויסגעמוסערטער שול־יינגל. ער האט ארונטערגעלאזן די אויגן און איז ניט אימשטאנד געווען אווארט ארויסצוברענגען. ערשט, אז זי האט אים צום צווייטן מאל אופגעפאדערט, פארוואס ער ענטפערט ניט, האט ער געזאגט:

— געוויס קאטיע, וועל איך דערפילן דיין ווונטש. איך האב שוין אייגנטלעך לאנג באשלאסן דאס צו טאן, מאכן אן ענדע מיט סאניען. איך האב אבער געווארט די געלעגנהייט דיך צו זען און ריידן מיט דיר. טאקע פון דאנען פאר איך דירעקט קיין ריטעווע און וועל פארזוכן איר אופצו־קלערן דעם גאנצן ענין. אט דאס איז טאקע געווען די סיבה פארוואס איך האב אנגענומען דעם פאסטן אין דער געזעלשאפט. צו אזא זאך דארף מען האבן פיל געלט, בפרט... — ער האט איר געוואלט זאגן, בפרט ווען זי טראגט זיינס א קינד אונטערן לייב, אבער ער האט זיך פארכאפט און דאס ניט ארויסגעזאגט.

— בפרט וואס? — האט קאטיע איבגעפרעגט — וואס האסטו מיר געוואלט זאגן דערמיט? איך מוז דיר נאך עפעס זאגן, ווילי דו מוזט דאס וויסן און גוט נעמען אין אכט. מיר זיינעןביידע ניט קיין קינדערלעך, וואס נעמען די ליבע אומבאזארגט און אומאיבערגעלעגט. ליבע איז זייער אן ערנסטע זאך אין לעבן. מען מוז מיט ליבע אומגיין זייער פארזיכטיק. מיר מוזן דערוויל דערווייטערן פון אונדזער ליבע יעדער קערפערלעכן פאר־לאנג. דאס מוזן מיר דערשטיקן אין זיך. אבער אנפארטרויען מיר אלע דיינע סודות דאס מוזטו. דארפסט פולשטענדיק אופדעקן פאר מיר דיין הארץ. דארפסט מיר פון אלץ דערציילן, איך מוז וויסן אלע דיינע פאר־באַרגענישן, ווייל דו האסט קיינעם ניט אין דער וועלט ווער עס זאל דיך אזוי גוט פארשטיין ווי איך פארשטיי דיך. איך בין דיין געליבטע, גלייכ־צייטיק אבער אויך דיין מוטער. איך וויל פון דיר מאכן א גוט קינד.

— ניין, קאטיע, איך באהאלט פון דיר קיין זאך ניט, — האָט ער אַ פּאַרוויטלטער איר געענטפערט.

ער איז געווען אין דעם מאָמענט טיף גערירט פון דער ליבע פון אַזאַ אַריסטאָקראַטיע צו אים. נישט אַ יידיש מיידל און דאָך ליבט זי מיט אַזאַ ברען און ערנסט. אין זיין באַגייסטערונג צו איר, האָט ער געהאַט דעם הייסעסטן ווונטש, אַרומנעמען זי, צודריקן זי צו זיין ברוסט און באַדעקן זי מיט זיינע קושן. אים האָט זיך געוואָלט באַהאַלטן זיין קאָפּ אויף איר ברוסט און פאַרגיסן טרערן פון פרייד און גליקזעליקייט. אַזוי גרויס איז געווען אין דעם מאָמענט זיין עמאָציע. ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ אָן אַ זייט, קיינער האָט זיך ניט געזען לעבן זיי, זיי זיינען געווען אָפּגעגאַנגען אַ רעכטע שטיק פון די בעדער. האָט ער זי מיט ביידע הענט אַרומגעכאַפּט און אויסגעקושט אירע פון זון־פאַרברוינטע רונדע באַקן. קאַטיע האָט זיך דערשראָקן פון זיין שטורמישן קושן.

זי האָט זיך לאַנגזאַם פריי געמאַכט פון זיין אומאַרמען, האָט גאָרניט געזאָגט, בעת מעשה, נאָר מיט איר דינעם צייגפינגער אַ פיר געטאָן הין און צוריק, שעלמיש אַ שמייכל געטאָן און צופרידן אַרויסגערעדט:

— פאַרנונפּט, מיין קינד, ניט אַזוי שטורמיש. אַ גרויסער שטורם האַלט ניט לאַנג.

קום ווילי, — האָט זי אים אָנגענומען פאַרן האַנט און אַ שלעפּ־געטאָן — מיר גייען צוריק צו די בעדער. מיין מוטער וועט זיין אומרויק. זי וועט מיינען, ווער ווייסט ווו מיר זיינען פאַרשוווּנדן.

זיי זיינען צוגעקומען צו דער באַראָנין. זי איז געזעסן מיט די בענ־קענדאַרפס און געשמועסט. מען האָט וואַלדמאַנען פאָרגעשטעלט פאַר זיי. ער האָט זיי באַגריסט און ביידע האָבן געבעטן דערלויבעניש ווייטער צו גיין.

— זעט נאָר, הער וואַלדמאַן, — האָט די באַראָנין געזאָגט, — ווען זיי האָבן שוין געהאַלטן אין גיין. אייך טרוי איך זי אָן. זי האָט מיר געגעבן איר ערנוואָרט ניט צו שווימען. אָבער אונטער אייער אויפזיכט דערלויב איך איר יאָ אַביסל שווימען. איר זאָלט אָבער פון איר אייער אויג ניט אַרונטערנעמען!

אזוי ווי די יונגע הירשן זיינען זיי בײדע אריינגעשפרונגען אין ים און זיך אריינגעוואָרפן אין זיינע כוואַליעס. גלייך האָט מען שוין געקענט מערקן ווי גרויס עס איז געווען וואַלדמאַנס לײדנשאַפט צום באָדן. ווי א ווילדע חיה, וואָס מען האָט געהאַלטן א לאַנגע צייט פאַרשפּאַרט און ווען מען מאַכט זי פריי, נעמט זי שפּרינגען און טאַנצן, אזוי איז געווען וואַלד־מאַן, דערשפּירנדיק זיין קערפּער אין וואַסער. ער האָט זיך אריינגעוואָרפן אין די רווישיקע וואַסערן פון ים און איז גלייך פאַרשוווּנדן פון אויבער־פלאַך. א רעכטע צייט האָט מען אים ניט געזען. קאַטיע האָט אים מיט אירע אויגן געזוכט און ניט געפונען. ערשט שפּעטער איז ער אויפגעטויכט א רעכטע שטרעקע ווייטער ווו ער האָט זיך ארונטערגעלאָזן. ער האָט א טרייסל געטאָן פון זיך דאָס וואַסער און אויסגעשטרעקט זיינע הענט צו קאַטיען.

ווען זי האָט זיך דערנענטערט צו אים, האָט ער זי איינגעלאַדן צו שווימען.

— איך האָב טאַקע געגעבן א וואָרט מיינע עלטערן מער ניט צו שווימען, — האָט זי געזאָגט, — אָבער איך קען מיך ניט באַהערשן. דאָס איז מיין ליבלינגס־ספּאָרט געווען. און בײדע יונגע מענטשן האָבן זיך אריינגעוואָרפן אין וואַסער. נאָך אייניקע באַוועגונגען איז שוין אָבער וואַלדמאַן געווען ווייט פון איר. ער האָט געוואָרפן זיינע אָרעמס און געשווומען. אינמיטן האָט ער זיך דערמאָנט, אז מיט אים איז קאַטיע. ער האָט זיך אומגעדרייט און דערזען, אז זי איז נאָך ווייט פון אים, האָט ער גענומען מאַכן צייכנס מיטן האַנט, זי זאָל ניט מער שווימען און וואַרטן אף אים. ווען ער האָט זיך מיט איר אויסגעגלייכט, האָט זי אים גערופן צום ברעג.

— גענוג אף היינט, — האָט זי געזאָגט, — גייענדיק פון וואַסער האָט זי א צופרידענע זיך אָפּגערופן צו וואַלדמאַנען:

הער ווילי, דו שווימסט אָבער הערלעך. איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען אזוי שיין שווימענדיק ווי דו. איך באַווונדער דיר, ווי קרעפטיק און רויק די שווימסט. ווי אַן אמת'ער קינסטלער. הער מיך צו, האָט זי אים געזאָגט, אין צוויי טעג ארום דאַרף דאָ פאָרקומען א שווימראַיד פון דאַנ־

ציקער שווימקלוב. איך האָב געהערט, אז מען קלייבט זיך דיך אויך איינ־צולאדן נעמען אנטייל אין שווימגעוועט. איך פארשטיי אויך דעם פארבא־האלטענעם מיין פון זיי. מען דערוואַרט, אז דו וועסט דורכפאַלן, וועסט ניט קענען אזוי שווימען ווי זיי. זיי זיינען דאָך יאָרנלאנג איינגעטרענירט אין דעם ספּאָרט. ווייל מען דיך דערמיט דערנידעריקן און מאכן דיך צו־נישט אין אונדזערע אויגן. ווי מיינסטו, ווילי, וואָלסט זיך אָנגענומען צו באטייליקן אין דעם געוועט און ארויסגיין אַלס זיגער? איז פאַר מיר זייער וויכטיק אין דעם מאָמענט. איך וויל, אז זייער פּלאַן זאָל דורכפאַלן.

— שוין דאָס אַליין, אויב דו פארלאַנגסט דאָס, וועט מיר געבן קראַפט און מוט צו שווימען ניט ערגער ווי זייערע בעסטע שווימער — האָט ער געזאָגט. ווען איך וועל שווימען וועל איך האָב אין געדאנק, אז דאָס איז דיין ווונטש, וועל איך באשטימט זיגן. מיט א פּאָר וואָכן פריער האָבן מיר סטודענטן אין קיעוו געמאכט א שווימגעוועט איבערן דניעפּער און דער זיגער בין איך אַרויס.

קאטיע איז אזש אונטערגעשפּרונגען פון צופרידנקייט. — איך דאַנק דיר — האָט זי געזאָגט, — פאַר דיין פארזיכערונג, אָבער געדענק פאַר־שעם אונדז ניט. מיט די ווערטער זיינען זיי אריין אין האָטעל.

מיטיק האָבן די דאמען געגעסן צוזאמען מיט זייער גאסט, וואלדמאן, בּיידע יונגע מענטשן זיינען געווען אויסעראָרדנטלעך גוט אופגעלייגט און פריילעך. מיט זייער פריילעכקייט האָבן זיי אפילו אָנגעשטעקט די באראָנין אויך. אלע האָבן פארבראכט אויסגעצייכנט גוט און לוסטיק.

נאָכמיטיק האָבן זיך געמעלדעט בא זיי, ראָזענבערג און זיין חבר גע־רינג, נאָך א קענגזייטיקער באגריסונג, האָט מען זיך געזעצט אין האָל, און מען האָט זיך אונטערהאלטן. וואלדמאַן האָט ווייניק פארשטאנען דייטש, גערינג האָט גאָרניט פארשטאַנען קיין רוסיש, איז די גאנצע מיטשמועסערין געווען קאטיע.

— איך האָב געהערט, — האָט ראָזענבערג זיך געווענדעט צו וואלד־מאנען, — איז איר זייט א וווּנדערבארער שווימער. שוין דער פאקט אליין, וואָס איר האָט ארויסגעראָטעוועט אונדזער ליבע באראָנעסע פון טייך, זאָגט עדות פאַר דעם, אז איר זייט א געוואָגטער שווימער. איך ליב דעם

ספּאָרט אויסערגעוויינלעך כאָטש איך אַליין שווים ניט פיל. איך ליב אָבער צו קוקן ווי אנדערע שווימען. איר זייט דאָך א מייסטער אין דעם ספּאָרט, אפשר וואָלט איר אונדז פארשאפט דעם פארגעניגן און אונדז געוויזן וואָס עס הייסט גוט שווימען? א געלעגנהייט דערצו איז דאָ. גראד איבערמאָרגן קומט פאָר א שווימראיד באם דאנציקער שווימקלוב. פאַר־שרייבט זיך אין ראיד אלס באטייליקטער. עס וועט מיר פערזענלעך זיין א פרייד צו זען ווי אונדזער א לאנדסמאן באזיגט דעם קלוב. אויב איר זייט דערצו געניגט, וועל איך אייך דאָרטן פארשרייבן. איך פאָר היינט סיי ווי אין דאנציק. זאָגט אונדז ניט אָפּ, איך בעט אייך, פארשאפט אונדז דעם קליינעם פארגעניגן.

וואלדמאן האָט א קוק געטאָן אף קאטיען. זי האָט אים מיט אירע אויגן געענטפערט און וואלדמאַן האָט מיט פארגעניגן צוגעשטימט. ער האָט דערלאנגט ראָזענבערגן זיין קארטע: סטודענט־טעכנאָלאָג, וואָלף וואלדמאַן. ראָזענבערג האָט אים באדאנקט פאר די ליבנסווירדיקייט און גיבע אנטשלדיקונג. א ווײַלע האָבן זיי נאָך געמיטלעך פארבראכט. גאָרניט דער נעכטיקער ראָזענבערג איז ער היינט געווען. פריינטלעך און ביז גאָר העפ־לעך. עס איז שוין געווען שפּעט, ווען זיי האָבן פארלאָזן דעם האָטעל.

## פערטער קאַפּיטל

אלע געסט פון צאָפּאָטער קוראָרט, האָבן זיך געגרייט צום ספּעקטאקל פון צוואנציקסטן יולי, יעדער גאסט האָט געוואָלט זען דעם שווימראיד. די ליסטעס פון די אנטיילנעמען זיינען שוין געווען אויסגעהאָנגען אין קאסי־נאָ־האָטעל. צוועלף נעמען האָבן דאָרטן פיגורירט. צווישן זיי אויך דער רוסישער סטודענט־טעכנאָלאָג, וואָלף וואלדמאַן. אזוי איז ער געווען פאַר־שריבן אין דער ליסטע. אלע אנדערע באטייליקטע זיינען געווען דייטשן. צווישן זיי דער לייטענאנט הערמאַן געררינג.

דער ראיד האָט זיך געזאָלט אָנפאנגען ניין אזייגער פרי. די שטרעקע איז געווען באשטימט צוויי טויזנט מעטער, הין און צוריק. באם ענדע פון די צוויי טויזנט מעטער, איז געשטאַנען א שיפל מיט א מעדיקער, פאר אן אומגליקספאל. נאָך די שווימער האָט געזאָלט נאָכגיין פיר ליכטע באָטן, גרייט צו העלפן און אופנעמען די אָפּגעשטאַנענע. דער ערשטער זיגער באַקומט אלס פּרעמיע, דעם גאָלדענעם בעכער פון דאנציקער מוניציפּאַליטעט מיט דער געהעריקער גראווירונג. דער צווייטער זיגער באקומט פון קלוב, פונקט אזא בעכער א זילבערנעם. אויסערדעם וועט דער שווימערקלוב געבן אין באַר 300 מארק און א דיפּלאָם אַף ערנמיטגליד פון קלוב.

נאָך פאר ניין אזייגער זיינען אַלע נייגעריקע געסט געשטאַנען אפן שטראנד מיט בינאָקלען אין די הענט, גרייט אָנזען די שווימער ווען זיי וועלן זיך ווארפן אין וואסער. ניט ווייט פון ברעג איז געווען אופגעשטעלט אן אימפּראָוויזירטע עסטראדע, אַף וועלכער עס זיינען געזעסן די מוניציפּאַלע באהערדן, די לייטונג פון קלוב, איינגעלאַדענע געסט צווישן וועלכע עס האָבן פיגורירט די באַראָנין קארף מיט דער טאָכטער, גראף און גרעפין בענקענדאָרף, אַלפרעד ראָזענבערג און נאָך אנדערע הויכע געסט.

— געדענקט — האָט דער פּרעזידענט פון קלוב אָנגעזאָגט די שווימער — עס קעמפן היינט דייטשן און רוסן. איך פארשפּאָר דאָך אייך צו זאָגן, אז זיגן מוז דייטשלאַנד, „דייטשלאַנד איבער אַלעס". ס'האָט זיך דערהערט א געשריי ווי פון א ריזיקן כאָר. קאַטיע איז געשטאַנען לעבן וואלדמאַנען און אים דערמוטיקט, געקרעפּטיקט אים מיט א שטילן האנטדרוק. עס האָט זיך דערהערט דער ערשטער קלונג, א צייכן, אז מען מוז זיך גרייטן, באם צווייטן קלונג דארף מען זיך ווארפן אין וואסער.

דער עולם וואָס האָט דעם פּרימאָרגן אָנגעפילט די פּלאַזשע, האָבן מיט דער גרעסטער שפּאנונג צוגעקוקט צו דער פּראָצעדור. באלד האָט מען זיך איינגעטיילט אין גרופּעס. דער אויסגעשריי „דייטשלאַנד מוז זיגן" האָט אַלעמען איינטריגירט און גלייכצייטיק געהויבן דעם אינטערעס פון די צושויער. רוסישע געסט האָבן זיך גרופּירט באַזונדער, דייטשע באַזונדער און א גרופּע יידישע געסט האָבן זיך אויך געהאַלטן צוזאַמען.

— וואָס זאָגט איר, — האָט איינער א הער געזאָגט — צווישן די

באטייליקטע געפינט זיך איינער א ייד, ווער ווייסט, צו וואָס עס קען נאָך פירן זיין באטייליקונג.

— נאָך ווייניק לאכן זיי אָפּ פון אונדז אין די האָטעלן, — האָט א יידישע דאמע באמערקט, האָט נאָך אויסגעפעלט, אז דער יידישער סטודענטל זאָל זיך דאָ ארייננמישן. ווו וועט ער קענען שווימען, ער איז דאָך אזא דאַרער, אזוי שלאנק, אזא שטשופּלער, הוילע ביינער, א טראָפּן בלוט פארמאָגט דאָס ניט אין זיך און שטויסט זיך צו אזאַ זאַך.

דער צווייטער קלונג האָט זיך דערהערט. אלע צוועלף באטייליקער האָבן זיך ווי איין מענטש אַ וואָרף געטאָן אין וואַסער. די ערשטע פּאָר הונדערט מעטער האָבן זיך אַלע שווימער געהאַלטן אינייינעם. באלד אָבער האָבן זיך גענומען פאַרנאנדערשיטן איינצלנע **פערזאָנען. די** לאנגע, קרעפטיקע פיגור פון לייטענאנט געריננג האָט זיך גענומען מערקן. לאנגזאם האָט זיין פיגור זיך ארויסגערוקט אלץ פאָרויס. מיט יעדע הונדערט מעטער האָט זיך גענומען מערקן אלץ אַ גרעסערע דיסטאנץ צווישן אים און די איבעריקע, נאָך אים זיינען נאָכגעגאנגען נאָך א פּאָר שווימער. זיי האָבן געארבעט מיט אלע זייערע כוחות, אלערליי קונצן האָבן זיי באוויזן, אבי נאָר איבעריאָגן איינער דעם אנדערן. אָט רוקט זיך ארויס איינער א שטיק פאָרויס, אָט א צווייטער. שוין אַן ערך אַ העלפט פון דער שטרעקע האָט מען אָפּגעשווומען און די פיגור פון לייטענאנט איז אלץ פאָרויס, ער שווימט דער ערשטער.

וואַלדמאַן אין זיין הימל־בלויען באָד־קאָסטיום האָט זיך אויך געזען פון וויטן. צוערשט האָט ער זיך געהאלטן אין איין ריי מיט די איבעריקע שווימער. וואָס ווייטער אָבער האָט ער גענומען אָפּשטיין פון זיי. אין אָנפאנג מיט א קלייניקייט, אָבער וואָס ווייטער איז זיין צוריקבלייבן געוואָרן אלץ מערקבארער און גרעסער. בשעת די איבעריקע שווימער האָבן שוין דערגרייכט די העלפט פון דער שטרעקע, איז שוין וואלדמאן געווען א סך מער ווי הונדערט מעטער אָפּגעשטאַנען.

די גרופּעס שוישפּילער אַפן ברעג האָבן שוין גענומען קאָמענטירן די געשעעניש. איבערהויפּט איז דאָס געווען אַלאַרמירנדיק פאַר די רוסישע געסט.

— וואָס האָב איך געזאָגט? — האָט אַ יידישער הער באַמערקט — ווי קומט פאַר אַ יידן אַזאַ זאַך? עס איז ניט פאַר זיינע כוחות. אַזאַ שוואַ־כינקער יונגערמאַן און נעמט אַף זיך אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

— איר זעט — האָט אַ רוסישע דאַמע זיך געהיצט — געווים וועלן די דייטשן זיגן. ניט געווען, וועמען צו באַטייליקן זיך אין געוועט, שיקט מען אַזאַ יידליק. אָט אַזוי מאַכט מען צו שפּאָט און שאַנד דעם רוסישן נאָ־מען אין אויסלאַנד און אַלץ די יידן מיט זייער חוצפּה.

אין דער הויך אַף דער עסטראַדע האָט זיך אויך געהערט באַמערקונ־גען פון אַלע זייטן. דער קלוב־פּרעזידענט איז געשטאַנען מיטן גרויסן בי־נאָקל אַף די אויגן און אופמערקזאַם געקוקט.

יאָ — האָט ער געזאָגט אַ פריילעכער — דער דייטשער זיג איז געזי־כערט. גערינג איז אַף איבער הונדערט מעטער פאָר. ער דערגרייכט שוין די הילפסשיפל. די ערשטע העלפט פון געוועט איז גליקלעך פאַר אונדז פאַר־ענדיקט.

— איך האָב מורא פאַר וואַלדמאַנען — האָט שטיל די באַראָנין גע־פליסטערט צו דער טאָכטער — ער וועט ניט אויסהאַלטן ביז ענדע. זע, ווי ווייט ער איז נאָך. ער איז צו שוואַך דערצו. וואָס האָט ער געדאַרפט זיך אָנעמען אַזאַ זאַך...

קאַטיע איז אָנפאַנגס געווען זיכער אין וואַלדמאַנס זיג. זי האָט ניט אַף איין מאָמענט געצווייפלט אין זיינע כוחות. עס איז געווען פאַר איר זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז נאָר ער מוז זיגן. אָבער אין לעצטן מאָמענט איז זי אויך באַהערשט געוואָרן פון אַ צווייפל. זי האָט געקוקט אין בינאָקל און גאָרניט געענטפערט דער מוטער. אַ געפיל פון אַנטוישונג איז איר באַ־פאַלן. איר פריערדיקע זיכערקייט איז פון איר פאַרשוווּנדן. זי האָט זיך געשעמט צו קוקן אַף די אַנדערע געסט פון דער עסטראַדע. זי האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז מען לאַכט פון איר. אַלע האָבן דאָך באַמערקט מיט וויפל ליבע און זאָרג זי האָט דעם יונגנמאַן באַגלייט צום שווימען, און עס איז איר פאָרגעקומען, אַז אַלע קוקן אַף איר מיט איראָניע. זי האָט זיך גע־היט ניט צו טרעפן זיך מיטז זייערע בליקן.

דערווייל האָבן שוין גענומען די שווימער איינציקווייז דערגרייכן די

הילפּסשיפֿל. צוערשט איז געקומען גערינג, דערנאָך די איבעריקע. יעדער האָט אויסגענוצט זיינע פינף מינוטן, אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם. דער דייטש שטייט דאָרטן מיט אַ זייגער אין האנט און שרייט: — „לויז, לויז, פאָרווערטס"! און די שווימער לאָזן זיך צוריק צום ברעג. דער ערשטער האָט זיך געוואָרפן גערינג, נאַטירלעך.

וואַלדמאַן איז צוגעשווומען צום שיפֿל דער לעצטער. אַלע זיינען שוין געווען אַפּן וועג צוריק. ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט צום דייטש, דאָס האָט געהייסן, אַז ער דאַרף קיין הילף ניט, און פאַרציכטעט אַף זיינע פינף מינוטן, וואָס אים קומט לויטן רעגלאַמענט. ווי אַ שלאַנג גיט ער זיך אַ וואָרף מיט זיין דינעם קערפּער אַף צוריק. ער שווימט, צוערשט לאַנגזאַם, מאַט, ווי אַן אָפּגעשוואכטער. איינס פון די פיר רעטונגסבאָטן האַלט אים גוט אַפּן אויג, גייט גאָר נאָנט הינטער אים. מיטאַמאָל גיט ער זיך אַ דריי אויס אַפּן רוקן, ציט אויס זיינע פיס אין דער לענג איבערן וואַסער. אַ רעכטע ווייל זעט עס אויס, ווי ער ליגט גאָר אָן באַוועגונג. פּלוצלינג הייבט ער אָן אַרבעטן מיט זיינע דינע הענט. די אָרעמס הייבן אָן ריטמיש זיך צו דרייען, ווי אַ מילראָד אין וואַסער. די פיס געבויגן אין די קני שטויסן דעם וואַסער און רוקן זיין קערפּער אַלץ פאָרויס. ער ליגט איבערן וואַסער, ווי אַ וואַלפיש שטום און שווימט. איין אויגנבליק, און ער האָט שוין דעריאָגט זיינע חברים. באַלד איז ער שוין מיט אַ קערפּער־לאַנג פאָרויס פאַר זיי, און די הענט דרייען, די אָרעמס וואַרפן זיך פון וואַסער. די פיס שטויסן גלייכמעסיק. ער קימערט זיך ניט אום זיינע חברים, הערט ניט זייערע געשרייען, זעט ניט זייערע באַוועגונגען. מיטן קאָפּ גיט ער אַ דריי צו דער זייט, ווו גערינג שווימט. ער שטרענגט אָן זיינע באַוועגונגען, ער איז שוין מיט אים אין איין ליניע, און אָט איז שוין צו מערקן, אַז ער האָט אים איבערגעיאָגט. ער איז שוין באַ די פופציק מעטער פאָרויס פון אַלע שווימער.

קאַטיע האָט מיט איר שאַרפן בליק באַלד דערזען די ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין וואַסער.

— מאַמאַ, — האָט זי פריילעך אויסגעשריען, — וואַלדמאַן גייט פאָר! אָ, מאַמאַ, ווי הערלעך ער שווימט. ווי אַ וואַלפיש ציט ער זיין קער־

פּער איבערן וואַסער. ער איז דער זיגער. גאַנץ זיכער, מאַמאַ, — האָט זי אַ ציטערנדיקע פון פרייד צונעגעבן — ווי געשיקט ער האָט דאָס אָבער געמאַכט. ניט פאַרשווענדט זיינע כוחות, שווימנדיק אַהין. ער האָט זיי באַהאַלטן אַף צוריקוועגס. אָט איז שוין קלאָר, ער איז שוין ווייט פאָרויס...

דער פּרעזידענט פון קלוב האָט אָנגעשטרענגט זיינע אויגן אין בינאָקל. זיין געזיכט איז אָנגעכמורעט געוואָרן. ער איז שטום, רעדט קיין וואָרט ניט. ערשט, אַז די שווימער זיינען שוין געווען העלפט וועג פון ברעג, וואַלדמאַן איז שוין געווען אַ פּאָר הונדערט מעטער פאָרויס פאַר געריננגן און די איבעריקע שווימער זיינען שוין געווען אַ שטיק הינטער זיי, — האָט דער פּרעזידענט אַ וואָרף געטאָן דעם בינאָקל, ווי אַן איבעריקע זאַך, אַ קלאַפּ געטאָן מיטן פויסט אין טיש.

— פאַרלאָרן, דאָנערוועטער! — האָט ער אַ ברום געטאָן. — דער פאַרפלוכטער רוסע גייט פאָרויס! — האָט ער מיט כעס אויסגעשריען.

צווישן די גרופּעס צושויער האָט זיך אופגעהייבן אַ לעבעדיקע באַוועגונג. איינער האָט אויסגעשריען:

די רוסן זיגן!

די יידישע געסט האָבן דאָס אופגעכאַפּט:

— אַהאַ, איר זעט, וואָס אַ ייד קען! — האָט געשריען אַן עלטערער ייד — איר זייט שוין געשטאַנען מיט אַרונטערגעלאָזענע נעזער, ווי דערשלאָגענע, געמיינט, אַז דער יונגערמאַנטשיק וועט אייך פאַרשוואַרצן דאָס פּנים, נאַט זעט, וואָס ער קען. אַ ייד טאָר קיינמאָל ניט פאַרלירן זיין האָפענונג — האָט ער פילאָזאָפיש פאַרענדיקט.

און די שווימער? וואַלדמאַן דערנענטערט זיך צום ברעג. ער איז שוין אַ רעכטע שטיק אַריבערגעיאָגט געריננגען. פון די איבעריקע, גאָר ווייט. איצט האָט שוין קיינער ניט געצווייפלט, אַז ער קומט דער ערשטער צום ברעג. די שטימונג באַ די רוסן און יידן ווערט געהייבענער און פריילעכער, אין דערזעלביקער מאָס, וואָס באַ דא די דייטשן ווערט זי געדריקטער און דערשלאָגענער. אַ גרויסע נידערלאַגע פאַר זיי.

אַ דונער פון אַפּלאָדיסמענטן האָט מיט אַמאָל אָפּגעקלונגען אַף דעם גאַנצן צאָפּאָטער שטראַנד. געשרייען „וויוואַט„, „בראַוואָ” האָבן זיך דער־

הערט פון אַלע זייטן. דאָס איז געווען אין דעם מאָמענט, ווען וואַלדמאַן האָט זיך געשטעלט אַף די פיס. ער איז געבליבן שטיין אָפן ים־ברעג, מיד, שווער־אָטעמדיק, בלייך, ווי אַ טויטער, אויסגעשעפּט פון זיינע כוחות. אַ מאָמענט איז ער אַזוי געשטאַנען. דערנאָך האָט ער אויסגעדרייט זיין פּנים צו דער זייט פון זיינע מיטשווימער, אַ קוק געטאָן, ווי עס האַלט מיט זיי, און אַ שמייכלענדיקער גענומען אַרויסגיין פון וואַסער.

די ערשטע אים צו באַגריסן איז געווען די באַראָנעסע קאַרף. זי איז אַ שטראַלנדיקע צוגעלאָפן צו אים. געדריקט אים די האַנט און מיט איר ליב שמייכעלע אים אַריינגעקוקט אין די אויגן. אין דער צווישנצייט איז שוין אויך געריננג אַרוים פון וואַסער און נאָך אים די אַנדערע.

אַלע געסט האָבן אַרומגערינגלט די פאַרמאַטערטע שווימער. ווער עס האָט באַגריסט, ווער געלויבט און ווער קריטיקירט זייערע טעכניק, ביז דער גלאָק האָט גענומען קלינגען און ציען אַלעמענס אופמערקזאַמקייט.

עס איז געוואָרן שטיל. דער פּרעזידענט פון קלוב, שטייף און שטאָלץ, האָט זיך געשטעלט אַף דער עסטראַדע און מיט אַ הויכן קול, אָבער נער־ווען און אין אַ געבראָכענעם טאָן, האָט ער אויסגעשריען:

— איך דערקלער, דעם סטודענט וואַלדמאַן, פאַר דעם זיגער פון היינ־טיקן געוועט און שפּרעך אים צו די ערשטע פּרעמיע. די צווייטע — דעם לייטענאַנט געריננג! הער וואַלדמאַן, ביטע, זאָגט אייער ווונטש, וואָס עס זאָל אויסגעגראַווירט ווערן אָפן בעכער, וואָס איר באַקומט פון דער מוני־ציפּאַליטעט.

וואַלדמאַן איז צוגעגאַנגען צו דער עסטראַדע, באַשיידן און אַ ביסל פאַרשעמט און געזאָגט:

— „דער באַראָנעסע קאַרף, פאַר דערמוטיקונג און באַגייסטערונג, צום אָנדענק פונעם זיגער וואַלדמאַן".

קאַטיעס פּנים האָט זיך באַגאָסן מיט אַ רויטקייט, דערהערנדיק וואַלדמאַנס ווונטש. זי איז צוגעגאַנגען צו אים און אין קעגנוואַרט פון גאַנ־צן פּובליקום, אים האַרציק באַדאַנקט און אַ קוש געגעבן אים אין באַק.

— איך נעם דאָס אָן מיט פאַרגעניגן — האָט זי צוגעגעבן.

פון פּובליקום האָט זיך אַרויסגעשאַרט ראָזענבערג. ער איז אויך צו־

געגאַנגען צו וואַלדמאַנען, געדריקט אים די האַנט און מיט אַ ביטערן שמייכעלע געזאָגט:

— איר האָט באַוויזן בראַווקייט, איר האָט באַוויזן, אַז מיר, רוסן, טויגן אויך צו וואָס. איך באַגריס אייך אין מיין נאָמען און אין נאָמען פון אונדזערע לאַנדסלייט צו אייער היינטיקן זיג. מיר זיינען אַלע שטאָלץ מיט אייך.

דער לייטענאַנט גערינג איז געשטאַנען, ווי אַן אָפּגעמישפּעטער אַף דער שמחה. זיין מאַכטגיריקע נאַטור האָט בשום אופן ניט געקענט שלום מאַכן מיט דעם פאַקט, אַז ער זאָל זיין דער זיגער. און נאָך מער, עפּעס אַ ייד זאָל אים האָבן באַזיגט. זיין האַרץ האָט געפּלאַצט פון פאַרדרוס. ער האָט קיינעם גלייך אין די אויגן ניט געקענט קוקן. אַמבעסטן וואָלט ער גאָר אַנטלאָפן פון גאַנצן טומל און פאַראַד, וואָס דאָ וועט נאָך אופגעפירט ווערן. די קלובמיטגלידער האָבן נאָך געדאַרפט אופטרעטן מיט זייער כאָר און פאַראַנשטאַלטן פאַרשיידענע פייערלעכקייטן לכבוד דעם זיגער. אָבער זיין מיליטערישע דיסציפּלין האָט אים געצווונגען צו בלייבן און אַלץ מיטמאַכן.

— וואָס איז מיט דיר, הערמאַן? — האָט אים ראָזענבערג געפרעגט
— זעסט אויס אַזוי מוטלאָז און דערשלאָגן. מאַך ניט קיין וועזן פון דעם דורכפאַל. אויב דעם יידל איז געלונגען היינט צו טריומפירן איבער אונדז, וועט דאָס אים סיווי ניט רעטן פון דער פאַרניכטונג, וואָס איך גרייט פאַר אים און פאַר אַלע זיינע גלויבנגענאָסן. ער שטעקט מיר שוין פעסט אין האַלדז, דער שמוציקער ייד. דו האָסט געזען, ווי די קאַטיע, קלעפּט צו אים? דאָס טאָר מען ניט דערלאָזן. עס איז אַ רחמנות אַף קורטן. ער וועט זיך דאָס לעבן נעמען, אַז קאַטיע זאָל אים פאַרבייטן אַף דעם לומפּ. ניין, ער טאָר ניט עקזיסטירן.

— איך האָב מוראַ, אַלפרעד, אַז מיר וועלן דעם יידן ניט בייקומען
— האָט גערינג אַ טריוועריקער געענטפערט — איך דערמאָן מיך אָן מיין יידישן אָנקל פון בראַנדענבורג, מיין מוטערס אַ שוואָגער איז ער געווען. אונדזער גאַנצע פאַמיליע האָט אים געהאַסט. מיר האָבן אים שטענדיק פאַרפאָלגט, און ער האָט פון אונדז געלאַכט. ער האָט אַלץ געזאָגט, אַז ער האָט

פאַר אונדז קיין מורא ניט, אַז אַ יידן וועט מען קיינמאָל ניט באַזיגן. איך האָב מורא, אַז היינטיקער טריומף זיינער איז אַ סימבאָלישער צייכן פון אויבן און אַן אָנזאָג, אַז אין קאַמף מיט יידן, וועט דער ייד שטענדיק זיגן, ניט מיר. אפשר אַ שפּיי טאָן אַף דעם עקלדיקן יידן און אים לאָזן לויפן? מיין האַרץ קלעמט מיר פון ערגערניש און פאַרדרוס, אַז איך זאָל באַזיגט ווערן פון אַזאַ טויגעניכטסט.

— זיי ניט קיין דומער יונג, הערמאַן, וואַרף אַוועק דיין מיסטישן פּעסימיזם. וואָס האָסטו עפּעס מיטאַמאָל געגומען גלויבן אין אַן אויבן, אין סימבאָלישע צייכנס? מיר מוזן זיגן, און אויב דער אויבן וועט נישט זיין מיט אונדז, וועלן מיר מאַכן אַן אייגענעם אויבן. מוט, הערמאַן, מיר מוזן זיגן! דייטשלאַנד איבער אַלץ אין דער וועלט!...

— הער, הערמאַן, — האָט ראָזענבערג צוגעגעבן — דו מוזט מיר באַזאָרגן פון דער פעסטונג אין קיסטרין אייניקע עקזעמפּלאַרן פון די רעוואָלוציאָנערע דאָקומענטן, וואָס איר האָט אָנגעגרייט צו פאַרשפּרייטן אין רוסלאַנד, ווען די דייטשע אַרמיי וועט זיגרייך אַריינמאַרשירן דאָרטן און אַ פּאָר קאָפּיעס פון רוסישע פעסטונגען. זוך מיר אויס די שאַרפסטע פּראָקלאַמאַציעס, וואָס גרייפן אָן דעם רוסישן צאַר און אַ צייכענונג פון איינע פון די נאָנטסטע פעסטונגען. מאָרגן, אָוונט, מוז איך דאָס אומבאַדינגט האָבן דאָ אין צאָפּאָט. וועסט שוין זען, וואָס אין געציילטע טעג אַרום וועט ווערן פון דעם פאַרפלוכטן יידל... דערווייל מוז איך מאַכן אַ פּריילעכע מינע צום שפּיל. פאַרשפּרעכסטו מיר דאָס, הערמאַן?

— באַשטימט, אַלפרעד, איך וועל דיר באַזאָרגן אַלץ, וואָס דו פאַרלאַנגסט.

באַנאַכט האָט ראָזענבערג נאָך געהאַט אַ געהיימען געשפּרעך מיטן דר. דיל, שעף פון דאַנציקער קאַנטאָר פון דער רוסישער פרייער פּלאָט־געזעלשאַפט. ביז שפּעט האָבן זיי זיך געניששטערט אין די געהיימע אַרכיוון, ווו קיינער האָט ניט געהאַט קיין צוטריט. אַ צופרידענעם און זיכער אינעם דערפאָלג פון זיין געפּלאַנטער אונטערנעמונג, איז ער אַוועק שלאָפן.

מיטיק האָט ,פאַרשטייט זיך, וואַלדמאַן געגעסן צוזאַמען מיט די קאַרפּס.

זיי האָבן באשלאָסן איינאָרדענען א שטיקל יום טוב דעם טאָג, פייערן וואלדמאנס זיג און איינלאַדן זייער גאנצן באקאנטן־קרייז צו א קאָקטייל.

פינף א זייגער נאָכמיטיק האָבן זיך פארזאמלט אין די סאַלאָנען פון מעטראָפּאָל־האָטעל אַלע באַקאנטע זייערע, צווישן זיי, אויך ראָזענבערג. לייטענאַנט גערינג האָט זיך געלאָזט אנטשולדיקן, ער איז זייער מיד פון די אָנשטרענגונגען דעם טאָג און וויל זיך אויסרוען.

זעלבסטפארשטענדלעך, איז דער העלד פון טאָג געווען וואַלדמאַן.

אַלע האָבן געוואָרפן זייערע בליקן אַף אים. אַנדערע האָבן אין דער שטיל גערעדט, אַז די באַקאנטשאפט, זייער אינטימיטעט איז א סך ענגער, ווי מען שטעלט זיך פאָר. עס האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן אריינגעשושקעט אין אויער, אַז מען האָט זיי געזען ביידן צוזאמען און זיי האָבן זיך געהאַלטן ניט, ווי איינפאכע באַקאנטע נאָר, ווי א פּאָרל, וואָס פירט שוין לאנג א ליבע צווישן זיך. דאָס האָבן אָבער שוין אַלע געמוזט צוגעבן, אַז דעם אָוונט, איז קאַטיע געווען צו וואַלדמאַנען אויסעראָרדנטלעך צוגעלאָזן און ביז גאָר ליב.

## פינפטער קאַפּיטל

דער צופאַל האָט געוואָלט, אָדער אפשר האָט דאָס אַזוי קאַטיע אראַנזשירט, אַז ראָזענבערג איז געזעסן באַם טיש, האַנט באַ האַנט מיט וואַלדמאַנען. די גאַנצע צייט האָבן זיי צווישן זיך פריינטלעך זיך אונטערהאַלטן. א זייטיק אויג האָט בשום אופן ניט געקענט מערקן, אַז אָט דער פריינטלעכער און העפלעכער ראָזענבערג, וואָס אונטערהאַלט זיך אַזוי אינטערעסאַנט מיט זיין טיש־שכן, איז אים א דם־שונא און וויל אים צעקוועטשן, ווי א וואָרעם.

— ווען רעכנט איר, קאָלעגע, — האָט אים ראָזענבערג געפרעגט — צו פאָרן אהיים? בלייבט דאָ נאָך מיט אונדז אַ פּאָר טעג. עס איז אַזוי אַנגענעם מיט אייך צו פאַרברענגען. דאָ איז דאָך אויסגעצייכנט גוט, פרייליך און אַמוזאַנט. איך, לײדער, קען דאָ לאַנג ניט פאַרבלייבן, איך מוז דרינגענט נאָך זיין אין רור־געביט אַ פּאָר וואָכן. אָבער איר, בא אייך איז דאָך איצט וואַקאַציעס, פאַרוואָס זאָלט איר ניט טאָן דעם געפעלן און בלייבן מיט די דאַמען נאָך אַ קורצע צייט?

וואַלדמאַן איז געווען גערירט פון זיין ליבנסווירדיקייט. עס האָט זיך אים ניט געגלויבט, אַז דער העפלעכער יונגערמאַן זאָל טראַכטן וועגן אים עפּעס שלעכטעס. באַזונדער האָט אים אימפּאָנירט, וואָס ער רופט אים, קאָלעגע.

— איך דאַנק אייך, קאָלעגע, — האָט וואַלדמאַן אויך צו אים געזאָגט — וועגן אייער מיינונג פון מיר און פאַר אייערע פריינטלעכע ווערטער. אָבער מיר איז אומעגלעך דאָ לענגער צו בלייבן. איך מוז זיין אין דער היים און דערלײדיקן געוויסע אַנגעלעגנהייטן.

— איר זייט דאָך, אייגנטלעך, אונדזערער אַ נאָענטער שכן, ניט אַזוי? איר וווינט דאָך ניט ווייט פון אונדזערע גיטער, שטימט דאָס? — האָט ראָזענבערג געפרעגט.

— גאַנץ ריכטיק, מיין שטעטעלע איז ניט ווייט צו די גיטער פון די קאַרפּס. אויב איר וווינט אויך אין יענער געגנט, זיינען מיר שכנים.

— פרייט מיר אייך צו האָבן אַלס שכן. איר ווייסט גאָר וואָס, קאָלעגע? — האָט ראָזענבערג געזאָגט — לאָמיר ביידע מאַכן מאָרגן אַ באַזוך אין דער לאַנגפורער טעכנישער שולע. אַזאַ באַזוך וועט אייך ברענגען גאָר גרויסע נוצן. איר וועט דאָרט אָנזען די לעצטע מאָדערנע טעכנישע אינסטרומענטן פון דער שולע. זייער אינטערעסאַנטע צייכענונגען, גוט איינגעאָרדנטע פיזישע לאַבאַראַטאָריעס און עקספּערימענטאַלע קאַמערן, מאָדערנע און פּערפעקטע מאָדעלן פון מאַשינעס. קיעווער פּאָליטעכניקום האָט ניט אַזוינס. איר וועט דערפון אַ סך קענען לערנען.

ראָזענבערגס פאָרשלאָג האָט געצויגן די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט,

וואַלדמאַנס. זאַכן, וואָס געהער צו זיין שטודיום, האָט אים שטענדיק שטאַרק אינטערעסירט.

— אויב איר ווילט זיין אַזוי ליבנסווירדיק און מיך דאָרטן מיטנע־מען, וועל איך אייך בלייבן אומענדלעך דאנקבאַר. דאָס וועט באמת זיין פּאַר מיט אַ גרויס געווינס אַנצוזען אַזעלכע זאַכן אין מיין וואַקאַציע־צייט. אָבער איך פאַרשטיי ניט, ווי וועלן מיר קענען צוקומען דאָרטן. די שו־לע מוז דאָך זיין איצט געשלאָסן, עס איז דאָך וואַקאַציע?

— וועגן דעם זאָרגט אייך ניט, איך בין דאָ אַן אייגענער מענטש. איך האָב דאָ צוויי יאָר שטודירט אַפּן אַגראָנאָמישן פאַקולטעט. פאַר מיר זיינען אַלע טירן אָפן. די פּראָפעסאָרן, וואָס ווינען דאָ זיינען אַלע מיינע פריינט. איך האָב אַפילו אייניקע צייכענונגען פון דער שולע, וואָס איך וויל דאָס איבערשיקן מיינעם אַ פריינט אין רוסלאַנד. ער אינטערעסירט זיך שטאַרק פאַר די נייע מאָדעלן פון דער שולע. אַלזאָ, אָפּגעמאַכט, פאָרן מיר מאָרגן אַרויס אין לאַנגפור?

וואַלדמאַן האָט מיט פאַרגעניגן צוגעשטימט צו דער רייזע.

נאָכן קאָקטייל איז מען אַרויס אין פּאַרק אַביסל שפּאַצירן. מען האָט געוואָלט דעם רעשט אָוונט פאַרברענגען אַף דער פרישער לופט. וואַלדמאַן האָט געפונען אַ פּאַסיקן מאָמענט, ווען קאַטיע איז געווען אַביסל אָפּגע־זונדערט פון אירע פריינט און ער איז צו איר צוגעגאַנגען.

— איך קען מיך ניט אָפּוואונדערן פון דעם ראָזענבערגן — האָט ער איר געזאָגט — ער איז אַזוי פריינטלעך און ליבנסווירדיק, אַז איך קען דיר דאָס גאָרניט איבערגעבן. ער האָט מיך איינגעלאַדן מאָרגן באַזוכן מיט אים די לאַנגפורער טעכנישע שולע.

— אָ, דאָס האָט ער געטאָן? — האָט קאַטיע אַביסל פאַרוואונדערט גע־פרעגט — זייער שיין פון זיין זייט, און טו דאָס טאַקע. פאָר מיט אים בא־זוכן די הויכשולע. דאָס וועט דיר גוט טאָן. איך ווינטש דיר פון גאַנצן האַרצן דאָס בעסטע. איך וואָלט וועלן, אַז דו זאָלסט האָבן נאָר דערפאָלגן אין דיין לעבן. אַזאַ זאַך קען דיר פיל נוצן ברענגען אין דיין שטודיום. אומבאַדינגט פאָר מיט אים דאָרטן.

מאָרגן גאַנץ פרי איז שוין ראָזענבערג געווען בא וואַלדמאַנען אין

האָטעל. צוזאַמען האָבן זיי געטרונקען קאַפע, און גלייך נאָך קאַפע, געפאָרן אין לאַנגפור.

דער באַזוך אין דער טעכנישער הויכשולע האָט זיך איינגעגעבן גלענ־צנדיק. וואַלדמאַן האָט פיל געזען, פיל זאַכן פאַרצייכנט און באַטראַכט. ראָזענבערג האָט אים איבעראַל געפירט און אַלץ געוויזן.

— הער וואַלדמאַן, — האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגערופן ראָזענבערג, אַרויסגייענדיק פון דער שולע — איך לאַד אייך איין אַלס מיין גאַסט אַף היינט, מיטיק, טאַקע דאָ, אין לאַנגפור וועלן מיר עסן צוזאַמען. איר וועט דאָך מיר ניט אָפּזאָגן?

וואַלדמאַן האָט ניט געהאַט קיין גרונט אָפּצושלאָגן אַזאַ פריינטלעכע איינלאַדונג און ער האָט מיט פאַרגעניגן אָנגענומען.

באַם מיטיק עסן האָט אים ראָזענבערג געבעטן אַ געפעלן. ער דאַרף איבערשיקן זיינעם אַ פריינט אייניקע צייכענונגען און באַשרייבונגען. יע־נער האָט דאָס דרינגענד גיימיק. ביז ער אַליין וועט פאָרן אַהיים, וועט נאָך נעמען אַ רעכטע צייט. וואָלט ער ניט געוועזן אַזוי פריינטלעך און מיטנע־מען?

— — אָבער געוויס — האָט וואַלדמאַן גלייך צוגעשטימט — פאַרוואָס זאָל איך דאָס ניט טאָן? בפרט, אַז איר זייט געווען צו מיר אַזוי פריינטלעך און מיר געוויזן די הויכשולע. איך וועל מיטנעמען אַלץ, וואָס איר ווילט מיר געבן. זאָגט נאָר, וועמען איך זאָל דאָס איבערגעבן.

— איך דאַנק אייך, וואַלדמאַן, — האָט ראָזענבערג געענטפערט. — איך וועל אַלץ צוזאַמענלייגן אין אַ קאָנווערט, איך וועל דאָס פאַרמאַכן און שרייבן מיין פריינט, ער זאָל דאָס בא אייך אָפּנעמען.

ווען וואַלדמאַן איז געקומען צוריק פון לאַנגפור, האָט ער נאָך פאַר־בראַכט אייניקע שטונדן צוזאַמען מיט קאַטיען. זיי האָבן אַרומגערעדט אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו זייער ליבע. קאַטיע האָט אים אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל ניט שטורעמען מיט זיין ליבע. דאָס מוז גיין אַלץ מיטן געוויינלע־כן גאַנג. זי וועט נאָך האָבן פיל צו טאָן אין דער באַציונג מיט אירע על־טערן, ביז זי וועט באַווייזן צו אַ צושטימונג, און ער וועט נאָך האָבן פיל צו טאָן ביז ער וועט פאַרטיק ווערן מיט סאָניען. זי האָט אים געראַטן,

טראָגן געדולדיק זייער ליבע באַ זיך אין האַרצן, ביז די צייט וועט קומען, ווען זיי וועלן קענען עפנטלעך דערקלערן זייער ליבע פאַר דער גאַנצער וועלט. ווי אַ מוטער, ווי אַן עלטערע שוועסטער, האָט זי אים אַלץ אָנגע־זאָגט, אינסטרוירט און געלערנט, ווי ער זאָל לעבן, ווי ער זאָל זיך באַנע־מען און, ווי ער זאָל לערנען. עס איז צווישן זיי באַשלאָסן געוואָרן, אַז מאָרגן פאָרט ער אַהיים. זיין רייזע זאָל זיין איבער קעניגסבערג, איידקונען און קאָוונע.

ווען זיי זיינען געזעסן באַם אָוונטברויט, האָט מען אַריינגעטראָגן אַ טעלעגראַמע פאַר זיי. די באַראָנין האָט געעפנט די טעלעגראַמע, איבערגע־לייענט, אַ שמייכל געטאָן און דערלאַנגט דאָס פּאַפּיר קאַטיען:

— נאַ, לייען, — האָט זי געזאָגט, — דאָס איז פון פּאַפּאַ.

קאַטיע האָט איבערגעלייענט און געזאָגט:

— איר ווייסט, וואָס דאָס איז פאַראַ טעלעגראַמע? דער פּאַפּאַ איז באַשטימט געוואָרן פאַרן וואַרשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר. גאָר אינגי־כן וועט ער אַריבערפאָרן אַהין.

נאָכן עסן איז קאַטיע ערגעץ אַרויסגעגאַנגען. וואַלדמאַן איז פאַר־בליבן אַליין מיט דער באַראָנין. מען האָט אָנגעמעלדעט, ראָזענבערגן. ער האָט זיך באַגריסט מיט דער באַראָנין און וואַלדמאַנען, און אַנטשולדיקנ־דיק זיך פאַר דער דאַמע, האָט ער געבעטן וואַלדמאַנען, ער זאָל אים שענ־קען אייניקע מינוטן, ער וויל עפּעס מיט אים אַליין איבעררייד ן.

זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען אין צווייטן צימער און ראָזענבערג האָט אים דערלאַנגט אַ פּאַקעט.

— אָט דאָס איז דער פּאַקעט, ליבער וואַלדמאַן, וואָס איר וועט דאָס איבערגעבן מיין פריינט, וועלכער וועט זיך באַ אייך מעלדן. איך בעט אייך, טראָגט דאָס אַריין גלייך צו אייך אין צימער און באַהאַלט דאָס אין אייערע זאַכן. עס איז מיר זייער טייער און איך וועל האָבן פיל פאַרדרוס, ווען דאָס זאָל פאַרלאָרן גיין.

ראָזענבערג איז מיטגעגאַנגען מיט וואַלדמאַנען אין זיין צימער, אַכ־טונג געגעבן, ווי ער באַהאַלט דאָס אין זיין טשעמאָדאַן. ער האָט געזען, ווי ער האָט דאָס אַריינגעשטעקט צווישן זיינע ביכער, וואָס ער האָט מיטגע־

פירט. ערשט דאמאָלט האָט ער זיך באַרויקט און האָט זיך פאַראָפּשיידט מיט וואַלדמאַנען, ווינטשנדיק אים אַ גוטע רייזע.

שפּעט אינאָוונט איז וואַלדמאַן אַריין צו די קאַרפּס זיך געזעגענען מיט זיי. מאָרגן, גאַנץ פרי, מיטן ערשטן צוג האָט ער געדאַרפט אָפּפאָרן פון צאָפּאָט און נעמען דעם עקספּרעס, וואָס גייט צו דער רוסישער גרענעץ.

— דו ווייסט גאָרניט, קאַטיע, וואָס פאַרא ליבע עס איז געוואָרן צווי־שן ראָזענבערגן און וואַלדמאַנען — האָט די באַראָנין באַמערקט. — פרי־ער, ווען ער איז דאָ געווען, האָט ער אַרויסגערופן וואַלדמאַנען און אים עפּעס איבערגעגעבן אַ געהיימניש, וואָס מיר דאַרפן דאָס ניט וויסן. ניט אַזוי, הער וואַלדמאַן?!

— עס שטימט, פרוי באַראָנין — האָט וואַלדמאַן געענטפערט — איך אַליין בין אויך דערשטוינט פון זיין ענדערונג אין באַצוג צו מיר. ער האָט זיך פון אָנפאַנג געהאַלטן אַזוי רעזערווירט צו מיר. ער האָט זיך באַנומען מיט מיר מיט אַן אָנגעצויגנקייט און לעצטנס איז ער מיר געוואָרן אַ גוטער פריינט אף אַזוי ווייט, אַז ער האָט מיר אָנפאַרטרויט זייער וויכטיקע פאַ־פּירן און צייכענונגען, וואָס איך דאַרף דאָס איבערגעבן זיינעם אַ פריינט אין דערן היים.

— שוין גאָר שפּעט, האָט קאַטיע ניט פאַרגעסן אים אָנצוזאָגן, אַז ער זאָל באַלד פאָרן אין קיעוו אַרויסנעמען פון דאָרטן זיינע פּאַפּירן און זיך פאַרשרייבן אַלס סטודענט אין וואַרשע. דאָרטן וועלן זיי זיין נאָנט איינער צום אַנדערן, און האָבן זיך האַרציק געזעגנט מיט אייננאַנדער.

אַפּמאָרגן ניין אַ זייגער פרי, איז שוין וואַלדמאַן געזעסן אין זיין צוג, וואָס האָט אים געפירט אַ היים.

איך פאָר אַהיים, — האָט וואַלדמאַן געגומען טראַכטן — האָב איך דען אַהיים? ווו איז איצט מיין היים? באַ סאָניען, אין ריטעווע, האָב איך דאָך מער ניט קיין היים. איך פאָר דאָך פאַרברענען יענע היים. אייגנטלעך, האָב איך דאָך יענע היים פאַרברענט... דאָ אין צאָפּאָט האָב איך די היים מיינע צעבראָכן. איצט בין איך דאָך, ווי אַ וואַגאַבונד, אַ הימלאָזער טייוול. סאָניען פאַרטרייב איך פון מיר. קאַטיען האָב איך נאָך ניט. ווער ווייסט וויפל סורפּריזן דער גורל האַלט פאַר מיר גרייט, ביז איך וועל דער־

גיין צו מיין ציל. און ווער ווייסט איבערהויפּט אויב עס וועט מיר געלינגען צו קריגן קאַטיען, ווי איך שטעל מיך דאָס פֿאָר, אַז איך זאָל זי קענען אָנרופֿן, מיינע. אָט ווערט זי דאָך גאָר א טאָכטער פֿון א גרויסן גענעראַל־גובערנאַטאָר. וועל איך גאָר קענען דערלאַנגען צו אַזאַ הויכעניש?...

אָט אַזעלכע געדאַנקען האָבן אים באַהערשט גלייך, ווי די באַן האָט גערירט פֿון אָרט. אפשר איז נאָך צייט איצט חרטה צו האָבן אַף דעם גאַנצן עסק, פֿאַרגעסן דעם פּוסטן חלום? אפֿשר דאַרף איך אויסרייבן די אויגן און נעמען זען קלאָרער די זאַכן, באַטראַכטן ניכטערער וואָס איך גיי טאָן?... — אָבער דורכן קאָפּ טראָגן זיך דורך זיינע לעצטע איבערלעבונגען אין צאָפּאָט. דאָס איז דאָך געווען טעג פֿון גליק און פֿרייד — האָט ער זיך אַליין געזאָגט — פֿאַרבראַכט אַזוי וווּנדערבאַר מיט אָט דער ליבער קאַטיען... דער זיג אין שווימען, די באַוווּנדערונג פֿון דער גאַנצער געזעלשאַפֿט און די אַלע באַגריסונגען. ניין, אַזוינס קען מען ניט פֿאַרגעסן אַזוי לייכט, — האָט ער זיך געענטפֿערט.

ווידער באַווייזן זיך אין זיין פֿאַנטאַזיע די צוויי פֿרויענפֿיגורן, וואָס האָבן זיך לעצטנס אַזוי אָפּט געראַנגלט מיט איינאַנדער אין זיין נשמה. ער זיצט אין קופּע. דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אָן דער געפּלאַסטערטער וואַנט פֿון וואַגאָן־באַנק און לאָזט דורכלויפֿן דורך זיין פֿאַנטאַזיע די ביידע פֿרויענגעשטאַלטן, וואָס פֿאַרנעמען זיין מוח. אין דעם מאָמענט האָט ער זיך פֿאָרגעשטעלט קאַטיען און איר קעגנער, סאָניען. וואָס פֿאַראַ היפּוך דאָס זיינען די ביידע פֿרויען! — טראַכט ער זיך — טאָג און נאַכט, זיינען זיי ביידע. ביידע ליבן דאָך מיך — זאָגט ער זיך — און וועלכער אונטערשייד אין דער ליבע איז צווישן זיי ביידן. ווען איך בין געקומען פֿון קיעוו, איז סאָניע אַרויס אַפֿן גאַס מיך אופֿנעמען און, אַז איך האָב מיך באַוויזן אין צאָפּאָט האָט מיך אויך קאַטיע אופֿגענומען. עפּנטלעך, צווישן מענטשן האָבן מיך ביידע פֿרויען אופֿגענומען און אין די אופֿנאַמעס ליגט שוין דער גרויסער קאָנטראַסט צווישן זיי. סאָניע, אין קעגנוואַרט פֿון אַלע מענטשן, אַפֿן מיטן גאַס, ווו גאַנץ שטעטל איז געווען פֿאַרזאַמלט, איז זי מיר געפֿאַלן אַפֿן האַלדז, מיך גענומען קושן און האַלדזן. און וועלכע קושן? דאָס זיינען געווען קושן פֿון פֿרויענזשעדנעקייט, קושן פֿון דורשטיקייט. ווי

א דורשטיקער כאפט זיך צום פרישן וואסער, אזוי האט זי זיך געכאפט צו מיר. מיך געביסן, איינגעזויגט זיך אין מיין געזיכט מיט אירע גראבע פליי־שיקע ליפן. זי האט מיט דער אופנאמע אויסגעדריקט איר גאנצע קערפער־לעכע גלוסטעניש צו מיר. זי האט דערמיט געוואלט באווייזן, אז איך בין איר אייגנטום, איר זאך, זי קען טאן מיט מיר אומזשעגירט אלץ, וואס איר הארץ גלוסט. דאס איז אן אויסדרוק פון ווולגארע ליבע. אזא ליבע שטויסט מיך איינפאך אפ פון איר. צופיל ליבע דערוויטערט מיך, אנ־שטאט צו דערנענטערן. היינט, איר באנאלע באנעמונג, איר קליינבירגער־לעכע האלטונג. איר אומאנטוויקלונג און איגנאראנץ. דאס ווארפט זיך דאך אלעמען אין די אויגן...

און קאטיע? קען מען פארגלייכן זי צו יענער? מיט וועלכן טאקט, מיט וועלכע איידעלע ראפינירטקייט זי האט דאך מיך אופגענומען אין וואגאן אין קעגנווארט פון פרעמדע מענטשן. און ווי ווארעם, ווי הארציק אירע באציונגען זיינען געווען צו מיר, ווען מיר זיינען געווען אליין. קיין סימן פון ליבעדורשטיקייט, פון קערפערלעכע גלוסטענישן. אלץ אזוי איידל, פיין. יעדע באוועגונג, יעדעס ווארט איז געווויגן און געמאסטן. קיינמאל וואלט זי זיך ניט דערלויבט ארויסווייזן סימנים, אז איך בין איר זאך, איר אייגנטום. אין קאטיעס ליבע פילט מען, אז דאס אז א גייסטיקע ליבע. אונדזערע ביידנס נשמות האבן זיך צוזאמענגעגאסן אין איין איינס, ביי־דע נשמות אונדזערע ברענען אין איין גייסטיקן ליבעס־פייער. ווען מיר רייד־דן איז דאס נאר צוויי באזונדערע קערפערס, אבער פון איין הארץ ריידן מיר. ניטא בא קאטיען דער איבערפלוס אין ליבע, ווי בא סאניען. ניטא בא איר קיין פלאץ פונוואנען עס גיט זיך אפ מיט פריקרעקייט, ווי בא סאניען. היינט ,איר קלוגשאפט, איר פראקטישקייט, איר איידלקייט, איר פיינע דערציונג, איר אריסטאקראטישע באנעמונג. דאס איז דאך איינפאך גארניט אפצושאצן.

ניין, — באשליסט בא זיך וואלדמאן. — אז איך פארגלייך ביידע פרויען איז ניטא פאר מיר קיין צוריק, ניטא קיין חרטה. אויב איך וויל ארופקלעטערן אפן הויכן שטאפל פון סאציאלן לייטער, קען איך דאס דערגרייכן נאר מיט קאטיעס הילף. פעסט מוז איך גיין. זיך שיידן פון

סאָניען איז דער איינציקער וועג, וואָס איך מוז איצט באַטרעטן. יאָ, אַזוי בלייבט דאָס...

וואַלדמאַן איז אַזש אופגעשפּרונגען פון זיין ווייכן געזעס און נאָכאַמאָל פּעסט באַשלאָסן, אַז ער פאָרט איצט אַהיים. נעמענדיק אין אַכט אָבער סאָניעס צושטאַנד, וועט ער וואַרטן ביז עס וועט זיין נאָך אַלעמען, און דאַן ענערגיש האַנדלען.

און דער צוג טראָגט אים אַלץ נענטער צו דער גרענעץ, אַלץ ווייטער פון קאַטיען...

## זעקסטער קאַפּיטל

דעם פרימאָרגן, ווען דער צוג האָט אַוועקגעפירט וואַלדמאַנען פון צאָפּאָט, האָט די באַראָנעסע זיך אופגעכאַפּט זייער שפּעט. דער זייגער איז שוין געווען קורץ פאַר עלף. זי האָט גיך פאַרלאָזן איר בעט, אַרופגעכאַפּט איר זיידענעם פּעניאָור און אַריין צו דער מוטער, זאָגן איר „גוט מאָרגן", ווי זי פּלעגט דאָס טאָן אַלע טאָג און געבן איר דעם מאָרגנקוש.

— נו, וואָס מאַכסטו מיין קינד? — האָט די מוטער געפרעגט — האָסטו גוט געשלאָפן? איך וויל האָפן, אַז דו ביזט געזונט.

— הער מיך אויס, טאָכטער, — האָט די מוטער ווייטער גערעדט — איך האָב די גאַנצע נאַכט ניט געקענט שלאָפן. איך האָב מיט אַן אויג ניט צוגעמאַכט. איך האָב געקלערט: וואָס מיט אַמאָל איז ראָזענבערג געוואָרן אַזוי צוקער־זיס צו וואַלדמאַנען? כאָטש ער איז דאָך מיר אַ ווילד־פרעמדער, אָבער איך פיל צו אים אַ גרויסע סימפּאַטיע און אַן אמתע פריינטשאַפט. האָב איך מיך שטאַרק באַומרויקט, צי איז ניט אַמאָל ראָזענבערגס פריינטשאַפט צו אים דאָזעלביקע, ווי יענער פייער, וואָס האָט געפונען אַ פאַרפאָרענע שלאַנג און דאָס אַריינגענומען אין זיין בוזעם אָנצוואַ־

רעמען און שפּעטער האָט זי אים איינגעביסן... צי איז ניט ראָזענבערגס פּריינטשאַפט צו אים ניט מער, ווי אים דערנאָך אַ ביס צו טאָן? עס הייבט מיר ניט אָן צו געפעלן דער פאַקט, וואָס ער האָט אים געגעבן די געהיימע פּאַפּירן און צייכענונגען אַריבערצופירן. פאַרוואָס פירט ער דאָס אַליין ניט, די פּאַפּירן? איך קען אים, דעם ראָזענבערגן, זייער גוט. ער גייט אַרום פול מיט שנאה און האַס. ער איז פול מיט נידערטרעכטיקייטן און געמיינ־קייטן. ער איז פעיק אַף אַלץ אין דער וועלט, אויב ער וויל זיך מיט וועמען אָפּרעכענען.

— וואָס רעדסטו, מאַמע? אַזוי שטאַרק אומרויק ביזטו? — קאַטיע האָט זיך אַף אַ מאָמענט פאַרטראַכט און צוגעגעבן:

— ביזט גערעכט, מאַמע, מיר איז דאָס גאָרניט איינגעפאַלן פריער. איך האָב אויך מורא, אַז דאָ ליגט עפּעס אַ שפּיצל, וואָס ראָזענבערג האָט פאַרטראַכט אַף דעם אָרעמען וואַלדמאַנען. וואָס טוט מען? איך וועל דאָס ניט אַריבערטראָגן, אַז אים זאָל עפּעס שלעכטעס געשען, — האָט זי שיעור ניט וויינענדיק, געזאָגט.

— געוויס וואָלט דאָס געווען פאַר אונדז אַ גרויסער פאַרדרוס. מיר האָבן אים ניט פאַרהיט פון אַן אומגליק אין אונדזער אייגענער שטוב. מיין האַרץ קלעמט מיר זייער שטאַרק, מיין קינד. ער איז דאָך אַזאַ ווילער יונגערמאַן, מיר האָבן אים אַזויפיל צו פאַרדאַנקען — האָט די באַראָנין צוגעגעבן.

קאַטיע איז געבליבן שטיל. אַלערליי פאַרבן האָבן זיך געביטן אין איר געזיכט. זי איז געוואָרן אומעטיק, אירע אויגן האָבן אויסגעדריקט אין דעם מאָמענט קימער און טרויער. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אַף דעם דער־בייאיקן שטול, האָט איינגעגראָבן איר געזיכט איןביידע הענט און עס האָט זיך דערהערט אַ שטילער כליפּען פון איר.

לאַנג אָבער איז זי אַזוי ניט געזעסן. זי האָט זיך מיטאַמאָל אופגע־הייבן פון איר אָרט, האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, אָפּגעוואָרפן פון זיך די האָרלאָקן, וואָס זיינען איר אַראָפּגעהאַנגען איבער די אויגן און מיט אַן אַנטשלאָסענעם טאָן, פול מיט ענערגיע, האָט זי זיך אָפּגערופן צו דער מוטער:

— מאַמאַ, איך מוז אופּזוכן ראָזענבערגן און פּערזענלעך מיט אים ריידן. איך וועל שוין דערגיין פון אים, אויב ער האָט דאָ עפּעס געטאָן. ווי וועט אים זיין, אויב ער האָט עפּעס שלעכטעס פאַרגענומען קעגן וואלד־מאַנען. איך וועל גלייך פאָרן אין פּעטערבורג, צום פּאַפּאַ, און וועל אָנע־מען אַלע מיטלען, צו פאַרהיטן אים פון יעדער שלעכטס. מיין האַרץ זאָגט מיר, איך האָב שוין אַזאַ פאָרגעפיל, אַז דיין פאַרדאַכט, מאַמאַ, מוז זיין ריכטיק און ער געפינט זיך אין אַ גרויסער סכנה.

ערשט, נאָכמיטיק איז קאַטיע געלונגען צו געפינען ראָזענבערגן. ער איז געזעסן אין דער האָטעל־טעראַסע באַ גלאָז ביר און רויק געשמועסט מיט געריננגן.

קאַטיע האָט זיך מיט זיי ביידן באַגריסט, האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר געריננגן און געבעטן ראָזענבערגן, ער זאָל איר שענקען אַ פּאָר מינוטן אונטער פיר אויגן.

זיי האָבן זיך געזעצט אין אַן אָפּגעזונדערטן ווינקל פון דער זעלבי־קער טעראַסע און זי איז גלייך צוגעטרעטן צום ענין:

— הער, אַלפרעד, — האָט זי אָנגעהייבן, קוקנדיק אים גלייך אין די אויגן — איך האָב מיך היינט דערוווסט, אַז איר האָט איבערגעגעבן וואַלדמאַנען פּאַפּירן און צייכענונגען אַוועקצופירן אין רוסלאַנד, איבערן גרענעץ, קענט איר מיר ניט זאָגן, וואָס די פּאַפּירן אַנטהאַלטן?

— איך זע ניט איין, מיט וואָס דאָס קען אייך אינטערעסירן, — האָט ראָזענבערג אַביסל צעמישט איר געענטפערט. — דאָס איז דוכט מיר אַן ענין, וואָס עס איז נוגע נאָר מיר און וואַלדמאַנען. אייך גייט דאָס אַבסאָ־לוט ניט אָן.

קאַטיע איז אַן אופגעקאָכטע געוואָרן פון זיין ענטפער. זי האָט שוין פאַרשטאַנען, אַז ליידער איז דאָס טאַקע אמת. ער האָט געגעבן וואַלדמאַ־נען עפּעס אַזוינס, וואָס קען אים שטאַרק קאָמפּראָמעטירן און אים שטע־לן אין געפאַר. האָט זי מיט אַ ווילדן כעס גענומען שרייען צו אים:

— געדענקט, אויב עס וועט אַרויסקומען דערפון וועלכע ניט איז אומאַנגענעמלעכקייט פאַר אים, וועל איך דאָס ניט פאַרשווייגן. איך וועל זיין געצוווּנגען צו פאָרן אין פּעטערבורג און זאָגן וועמען מען דאַרף, ווער

עס האָט אַ האַנט אין דער גאַנצער זאַך. אָאוי וועל איך דאָס ניט דורכלאָזן. איך וועל ניט דערלויבן, אַז אים זאָל עפּעס שלעכטעס געשען.

ראָזענבערג איז אויך אופגערעקט געוואָרן. ער האָט אויך געענטפערט אין אופגערעקטן טאָן:

— איצט איז מיר שוין אַלץ קלאָר, באַראָנעסע, דער ייד שטייט אייך שוין גאָר נאָנט, אַז איר זייט גרייט טאָן פאַר אים אַלץ, וואָס איר קענט. ניין, דאָס וועל איך ניט דערלאָזן! דאָס הייסט באַ מיר פאַראט צום אייגע־נעם פאָלק, צו אייער דייטשן חתן, צו קורט מאַנטייפל. איר ווילט אים פאַרבייטן אַף אַ יידישן אַוואַנטוריסט. איר שעמט זיך ניט צו פאַרשווע־כן אייער דייטשן בלוט... אויב אַזוי, וועל איך שוין וויסן, ווי צו פאַרניכ־טן דעם דאָזיקן יידל. איך בין אַ ריינער דייטש און וועל דאָס ניט דערלאָזן. וואָס איז שייך אייער וואָרענונג, צו זאָגן אין פּעטערבורג דעם אמת, וועט איר דאָס ניט טאָן, ווייל אייער אייגענער פאָטער און איר אַליין וועלן ליי־דן די קאָנסעקווענצן דערפון. און איך זאָג אייך אָפנהאַרציק, איך האָב פאַר אייך קיין מורא ניט. עס איז אמת, אייער יידל איז שטאַרק קאָמפּראָ־מעטירט, און איצט טוט, וואָס איר ווילט.

קאַטיע האָט זיך אופגעהייבן פון איר פּלאַץ, איר פּנים האָט געברענט פון כעס, אירע אויגן האָבן געשפּריצט מיט פייער, זי האָט מיט איר פיי־ערדיקן בליק אָפּגעמאָסטן ראָזענבערגן פון אויבן ביז אַראָפּ

— איך האָב געהאַט אין אייך אַ גרויסן טעות, הער ראָזענבערג, איך האָב געמיינט, אַז איר האָט פּרעטענזיעס צו ווערן אַ מאָראַל־פּריידיקער, דערפאַר אפשר האָט איר זיך דערשלאָגן צו אַ פּאַטש פון אַ יידישקע. איצט, זע איך אָבער, אַז איר זייט פּשוט אַ משוגענער פאַנאַטיקער. דערצו, אַן אויסוווּרף אויך. דאָס איז מיין ענטפער צו אייך. איך פאָר קיין פּעטער־בורג, איך וויל ניט וויסן, וואָס איר פּלאַפּלט דאָ פון מיין פאָטער און מיר. — און מיט אַ צעפּלאַמט געזיכט האָט זי פאַרלאָזן די טעראַסע.

ראָזענבערג איז צוגעגאַנגען צום טישל, וווּ ער האָט געלאָזן זיין פּריינט. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אַפן שטול שטאַרק אַן אופגערעקטער און נערוועז. פאָכנדיק מיט דער האַנט אין דער לופט, האָט ער מיט כעס געשריען:

— איך וועל איר דאָס ניט שענקען! מיך אויסזידלען, ווי עפּעס אייר־נעם אַ גאַסניונג נײַין, דאָס וועל איך ניט שענקען!

— וואָס ביזטו אַזוי אופגערעקט, אַלפרעד? זע, ווי דו זעסט אויס? איר האָט געהאַט זייער אַן העפטיקן אונטערייד. זי האָט געברענט, ווי פייער אַף דיר. די געסט, וואָס זיצן דאָ, זיינען שוין געוואָרן אופאַלנד אַף אייך ביידן.

— דו ווייסט, הערמאַן, אַז זיי האָבן דאָך דערשנאַפּט די געשיכטע מיטן יידל? זיי ווייסן, וואָס מיר האָבן מיט אים געטאָן און, אַגב, האָב איך דאָס איצט אַליין מודה געווען. איך האָב פאַר זיי קיין מורא ניט. זי איז זייער אופגעבראַכט און סטראַשעט צו פאָרן אין פעטערבורג, צונישט מאַכן די גאַנצע זאַך. זי האָט מיך אויסגעשימפּט, ווי דעם ערגסטן גאַסניונג און איז אַוועק אַ צאָרנדיקע.

געריננ איז געזעסן און געקוקט אַף זיין אָפּגעטרונקענע גלאָז ביר, ווי ער וואָלט געווען פאַרטראַכט אין אַ האַרבן ענין. דערנאָך האָט ער זיך אָפּגערופן צו ראָזענבערגן:

— איך האָב מורא, אַלפרעד, אַז אונדזער זאַך מיטן יידל איז אַ פאַרשפּילטע. איך הייב אָן צו גלויבן, אַז אויך דאָסמאָל וועט ער אַרויסקומען דער זיגער.

— אָך, קוואַטש, שווייג בעסער הערמאַן. דו טאָרסט אַזוי ניט ריידן — האָט ער מיט כעס געוואָרעט — דו ביזט אַ דייטשער אָפיציר, אַ מאַן, וואָס שטרעבט צו כבוד און מאַכט, צו רום און גרויסקייט. און שוין, אין אָנפאַנג פון דיין קאַריערע, רעדסטו שוין פון מורא פאַר אַ יידל. אַ דייטש טאָר פאַר קיין זאַך אין דער וועלט ניט מורא האָבן. פעסט און זיכער מוז ער גיין צו זיין ציל און שטענדיק גלויבן נאָר אין זיג.

— מען קען היינט מיט דיר ניט ריידן, אַלפרעד, דו ביזט צופיל אופגערעגט. זי האָט דיך אודאי דערמאָנט דעם פּאַטש פון דער יידישקע, — האָט געריננ אַ באַליידיקטער אַביסל, געענטפערט. — איך האָב פאַר דעם יידן קיין מורא ניט. איך וואָלט אַזעלכע צען יידן צעמאָלן אין וווּרשט און אופגעפרעסן מיט זויערקרויט. אָבער דער פאַרפלוכטער שוואָגער פון מיין מוטער, מיט זיין וואָרט, אַז יידן באַזיגט מען קיינמאָל ניט, אַז נאָך קיין

יידישער שונא האָט יידן ניט באַזיגט, גייט מיר דאָך פון קאָפּ ניט אַרויס. דאָס איז שוין געוואָרן באַ מיר אַזאַ פּאַרדאַמטער פּאַרגעפיל, אַז דייטש־לאַנד, אין קאַמף מיטן יידן, וועט קיינמאָל ניט זיגן. שטענדיק וועט דער ייד טריומפירן. פאַרפאַלן, דאָס קען איך פון מיר ניט פאַרטרייבן.

קאַטיע איז געקומען צולויפן אין האָטעל צו איר מוטער, נאָכן אויסזידלען ראָזענבערגן, מיט אַ צעפלאַמט פּנים, אויגן פול מיט שרעק, די האַרץ האָט באַ איר געקלאַפּט ,ווי זי וואָלט אַרויסלויפן פון איר.

— מאַמאַ, — האָט זי וויינענדיק געשריען — ליידער, איז דיין פאַרדאַכט ריכטיק, דער אויסוווּרף האָט דאָס מיר אַליין מודה געווען און האָט זיך ציניש פון מיר אויסגעלאַכט, ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז איך וועל ניט דערלאָזן, אים זאָל געשען עפּעס שלעכטעס.

קאַטיע האָט פאַרבראָכן מיט די הענט, האָט גענומען אַרומלויפן אי־בערן צימער הין און צוריק און נאָר געשריען: — וואָס טוט מען? וואָס טוט מען?

מיטאַמאָל איז זי האַסטיק געבליבן שטיין אינמיטן צימער, און קוקנ־דיק אַף איר מוטער, האָט זי פעסט און אַנטשלאָסן געזאָגט:

— מאַמע, מאָרגן פאָר איך אין פּעטערבורג צום פאָטער. איך מוז אים זען און מוז מיט אים ריידן. ער מוז אָנעמען אַלע מיטלען, צו פאַר־היטן דעם אָרעמען וואַלדמאַנען פון אַן אומגליק. עפּעס האָט מיר דער שופט ראָזענבערג אַזעלכעס געזאָגט און האָט מיר אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט וועגן פאָטער, וואָס דאָס מוז אויך אופגעקלערט ווערן.

— קענסטו ניט, קינד, דאָס טאָן שריפטלעך? דו וועסט אופרייסן לייט די אויגן מיט דיין פאָרן. מען וועט טייטלען מיט די פינגער אַף אונדז, מען וועט זאָגן, אַז צוליב אַ יידן ביזטו זיך מקריב, מסתמא איז דאָס ניט אומזיסט.

— מאַמע, מיר מוזן אופהערן מיט אַזאַ לעבן. עס ווייזט אויס, אַז מיר לעבן, האַנדלען, אָטעמען און ריידן נאָר דאָס, וואָס לייט ווילן און, וואָס פאַר לייט פּאַסט. מיר מוזן אַמאָל אָנפאַנגען זעלבסטשטענדיק צו לעבן. איך, יעדנפאַלס, מאַמע, וועל אַזוי טאָן. זאָל מען זאָגן, וואָס מען וויל.

איך מוז דעם אָרעמען וואַלדמאַנען ראַטעווען פון זייערע הענט. קיין זאַך וועט מיר ניט אָפּהאַלטן. איך פאָר אין פּעטערבורג.

די באַראָנין האָט אַ קוק געטאָן אויף דער טאָכטער און גאָרניט געענט־פערט. זי האָט מיט רחמנות באַטראַכט קאַטיען. זי האָט געזען גוט, וואָס באַ איר אין האַרצן טוט זיך און האָט זי צוגערופן נענטער צו זיך.

— זאָג מיר, טאָכטער, דעם אמת, האָלט שוין אַזוי ווייט צווישן דיר און אים? האָסטו אים טאַקע אַזוי שטאַרק ליב, אַז דו ביזט באַרייט זיך צו אָפּפערן פון זיינעט וועגן? איז דאָס ניט אַביסל צו געאײַלט פון דיין זייט?

— מאַמע, און בעת וואַלדמאַן האָט זיך געאָפּפערט, מיך צו ראַטע־ווען, האָט מען אים געשטעלט אַזאַ פראַגע? וואָס איז דאָס פאַר אַ פראַגע, מאַמע? ווען אַ מענטש איז אין געפאַר, מוז מען אים ראַטעווען. דאָס איז אונדזער פליכט. אגב, וועל איך פון דיר ניט לייקענען, איך בין מיך פאַר דיר מודה, יאָ, איך ליב אים... און ליב אים ערלעך און אופריכטיק, מיטן גאַנצן ברען פון מיין יונגער נשמה ליב איך אים. ערשט איצט האָב איך מיך אין דעם איבערצייגט. איך פיל, אַז אָן אים, אויב איך וועל אים ניט זען פריי, גליקלעך און אין מיין נאָנטקייט, איז מיין לעבן גאָרניט ווערט. ביזן טויט וועל איך פאַר אים קעמפן, מאַמע, איך מוז אים האָבן...

— אויב אַזוי, אויב דו ביזט אַזוי אַנטשלאָסן, קען איך דיר נישט שטיין אין וועג. פאָר און טו, וואָס דו קענסט פאַר דעם אָרעמען מענטשן. זע אָבער, וואָס דו האָסט צו טאָן. וויים ווי צו האַנדלען אין דער היינ־זיכט מיטן פאָטער. איך באַדויער זייער דיין גורל, מיין קינד, וואָס דו האָסט אים ליב געקראָגן. עס וועט דיר אויסקומען זייער צו קעמפן. הלוואי זאָל איך ליגן זאָגן, אונטער איצטיקע אומשטענדן זע איך ניט די מעגלעכקייט, אַז דיין ליבע זאָל טריומפירן. סיידן די אומשטענדן וועלן זיך אומדער־וואַרט ענדערן און וועלן דיר העלפן אין דיין שווערן קאַמף. פאָר און האָב אַ גליקלעכע רייזע.

די באַראָנין האָט איר אַ קוש געטאָן אין שטערן און האָט אָפּגעדרייט פון איר, איר פּנים. אין אירע אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן.

---

# זיבעטער קאַפּיטל

**ענדע** יולי 1914, האָט דער צוג, וואָס איז געלאָפן פון אָסטפּרייסן צו דער ריכטונג פון דער רוסישער גרעניץ, זיך אַלץ מער דערנענטערט צו דער לעצטער דייטשער באַנסטאַציע, איידקונען. די פּאַסאַזשירן, וואָס זיינען געפאָרן אין דעם צוג האָבן זיך גענומען גרייטן צו פאַרלאָזן אים, פּאַסירן די גרעניץ און זיך אומזעצן אין דער רוסישער באַן, וועלכע האָט זיי ווייטער געזאָלט פירן. אין די וואַגאָנעס האָט זיך אָנגעהייבן די גע־ווייגלעכע באַוועגונג אין אַזעלכע פאַלן. מען האָט איבערגעפּאַקט די גע־פּעק. ווער עס האָט צוגערייט די רייזע פּאַפּירן און ווער עס האָט געהאַל־טן אין איינשנורעווען אָדער לויזבינדן די פּולגעפּאַקטע טשעמאָדאַנעס. נאָר איין וואַלדמאַן, וואָס איז אויך געפאָרן מיט דעם צוג, איז זיך געזעסן רויק. אים איז ניט אָנגעגאַנגען דער גאַנצער טומל, וואָס עס האָט זיך אופּ־געהייבן אַרום אים אין וואַגאָן. קיין גרויסע געפּעק האָט ער ניט געהאַט, זיינע פּאַפּירן און דאָקומענטן זיינען געווען אין בעסטער אָרדנונג. אָט נעמט ער זיי נאָך אַמאָל אַרויס פון דער קעשענע און טוט אַ קוק. דאָס ביכל מיט די בלויע טאָוועלעך, זיין אויסלאַנדס־פּאַס איז פולשטענדיק אין אָר־דענונג. אין ביכל ליגן די לעגיטימאַציעס פון דער רוסישער פרייער פּלאָט־געזעלשאַפט און פון דער רוסיש־אַזיאַטישער שיפסגעזעלשאַפט. (ביידע געזעלשאַפטן זיינען צו יענער צייט געווען צוזאַמענגעגאָסן אין איין פאַר־וואַלטונג). עס ליגט דאָרטן אויך דער דיפּלאָם, וואָס ער האָט נאָר־וואָס באַ־קומען פון דאַנציקער שווימקלוב, אַז ער איז דאָרטן אַן ערנמיטגליד. און ווי שטאָלץ ער איז דאָס מיט דעם דיפּלאָם! מיט גאָלדענע בוכשטאַבן זאָגט זיך דאָרטן, אַז דער סטודענט־טעכנאָלאָג, הער וואָלף וואַלדמאַן, איז ערנ־מיטגליד פון קלוב און געווינער פון דער מוניציפּאַלער פּרעמיע פון יאָר

1914. וואַלדמאַן טראַכט בעת מעשה, אַז זי, קאַטיע, זיצט אפשר אויך אין דעם מאָמענט און קוקט מיט שטאָלצקייט אַף דער פּרעמיע, וואָס ער האָט געקראָגן און איר דאָס געשענקט, און דערמאָנט אים איצט. אַלץ איז אין בעסטער אָרדענונג. זיצט ער און קוקט צו, ווי די אַנדערע פּאָרען זיך אַרום זייערע זאַכן און פּאַפּירן.

אַף דער אַנדער זייט גרעניץ, אַף דער רוסישער זייט, אינעם גרויסן וואָקזאַל פון דער גרעניץ סטאַציע קייבאַרטי, איז אויך דעם אָוונט געווען אַ באַוועגונג. אָבער פון גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער. דעם פאַרנאַכט, פאַרן אָנקומען פון דייטשן צוג, האָט זיך געמערקט אַן אָנגעצויגענע שטרענגקייט אין וואָקזאַל. די פּאַסאַזשירן וואָס האָבן אָפּגעוואַרט דעם אָנקומענדיקן צוג זיינען געשטאַנען און געקוועטשט מיט די פּלייצעס, זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר. פאַרוואָס איז עפּעס מיטאַמאָל דער גאַנצער וואָקזאַל אָנגעפּולט מיט זשאַנדאַרמען? מען דרייט זיך און מען זוכט. אַלעמען קוקט מען אָן מיט חשד. די זשאַנדאַרמישע אויגעלעך שטעכן דורך יעדן איינעם, וואָס געפינט זיך אין וואָקזאַל. מען באַאָבאַכטעט אַלעמען, ווער עס גייט אַריין און ווער עס גייט אַרויס.

אינעם זייטיקן צימער פון דעם גרויסן וואָקזאַל, בא אַ האַלבאָפּענער טיר, האָט מען געקענט זען, ווי דער ראָטמיסטער בעלאַיעוו, לויפט אַרום הין און צוריק איבערן צימער און דרייט נערוועז זיינע שיינע, געפלעגטע וואָנצעס. אַף אַ מאָמענט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין דער האַלבאָפּענער טיר, אַרויסגענומען פון קעשענע אַ שיינעם זילבערנעם, מאַסיוון פּאָרטסיגאַר, געעפנט אים, אַרויסגענומען פון דאָרטן אַ סיגאַרעט, אָפּגעקלאַפּט דעם מונדשטיק אָן דעקל פון פּאָרטסיגאַר, פאַרויכערט, און צוגערופן צו זיך דעם וואַכמיסטער.

—האָסטו אַלץ אויסגעפירט, ווי איך האָב דיר אָנגעזאָגט? — האָט ער אים שטרענג אַ פרעג געטאָן, בלאָזנדיק געדיכטע שטראָמען רויך פון מויל און נאָז, — אַ נו, דערצייל, ווי האָסטו דאָס אַלץ איינגעאָרדנט? זע, דו זאָלסט אָקאָרשט ניט האָבן קיין דורכפאַל, ווי דאָס טרעפט זייער אָפט בא דיר!

— פאַר קיין פאַל ניט, אייער הויכוויילגעבאָרן! — האָט דער וואַכ־

מיסטער, שטייענדיק אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע, געענטפערט. — איך
האָב אַוועקגעשטעלט צוויי מענטשן אין סאַלאָן, וווּ מען רעווידירט די זאַ־
כן. באַ די טירן פֿון די וואַגאָנען האָב איך אויך אויסגעשטעלט זשאַנדאַר־
מען פֿון ביידע זייטן. אַן אַנדער גרופּע זשאַנדאַרמען וועלן אַריינקומען
אין צוג, תּיכּף, ווי ער וועט אָנקומען און גוט אַכטונג געבן, אַז יעדער פּאַ־
סאַזשיר זאָל אומגעזאַמט גיין אין רעווידיר־סאַלאָן.

— געדענקט זשע — האָט דער ראָטמיסטער באַמערקט, אַז אַלץ זאָל
זיין אין בעסטער אָרדענונג, דער פֿאַרברעכער מוז אומבאַדינגט פֿאַרהאַלטן
ווערן. דאָס שיינט צו זיין אַ וויכטיקער רעוואָלוציאָנער. ווען ער דרייט זיך
אַרום פֿון דיינע הענט, ביזטו פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר אים! — און האָט
ווייטער גענומען נערוועז שפּאַנען איבערן צימער הין און צוריק.

דער קלונג פֿון גלאָק האָט אָנגעזאָגט, אַז דער צוג איז שוין דאָ. עס
האָט זיך אויפֿגעהייבן אַ טומל און געלאַף. טרעגער האָבן גענומען שלעפּן
פּעק. פֿריינט און באַקאַנטע האָבן זיך גענומען צוזאַמענשרייען, מען האָט
זיך אַרומגענומען און געקושט, אַלץ ווי געוויינלעך. גאָרניט צו מערקן, אַז
אין וואָקזאַל הערשט אַזאַ אָנגעצויגענע אַטמאָספֿערע און מען וואַרט אויף אַ
וויכטיקן פֿאַרברעכער און אויסעראָרדנטלעכע געשעענישן.

וואַלדמאַן איז אַרויס פֿון וואַגאָן. דעם טשעמאָדאַן אין איין האַנט,
זיין אויבערציער — אויף דער צווייטער, און לאָזט זיך גיין גלייך צום רע־
ווידיר־זאַל. רויק איז ער צוגעגאַנגען צום טיש, אַוועקגעלייגט און געעפֿנט
זיין טשעמאָדאַן און שטעקט אַריין זיין האַנט אין קעשענע, אַרויסצונע־
מען פֿון דאָרטן זיינע דאָקומענטן און רייזע־פּאַפּירן.

פֿון אַ זייט האָט אויף אים אַ קוק געטאָן דער הויכער וואַכמיסטער. ער
האָט מיט קליינע טריט זיך גענומען דערנענטערן צו אים. דערנאָך האָט ער,
גענומען זיינע טריט פֿאַרגרעסערן. זיינע שפּיציקע אויגן האָט ער אָנגע־
שטעלט אויף דעם רויק־שטייענדיקן וואַלדמאַנען און גענומען אים באַטראַכ־
טן פֿון אויבן ביז אַראָפּ. מיטאַמאָל גיט ער זיך אַ ריס פֿון זיין באַאָבאַכ־
טונגסאָרט, גיט אַ דריי מיטן קאָפּ, אַ ווונק מיט זיינע אויגן צו אַנדערע
זשאַנדאַרמען, וואָס האָבן זיך דאָרטן אַרומגעדרייט און אין איין אויגנ־

בליק, איז וואַלדמאַן, צו זיין גרעסטער דערשטוינונג, געווען אַרומגערינ־
גלט פון אַ כאָפּטע זשאַנדאַרמען.

— אייערע דאָקומענטן, יונגערמאַן, — האָט דער וואַכמיסטער אַ זאָג
געטאָן צו אים.

— אָט איז מיין רייזע־פּאַס, דאָס זיינען מיינע זאַכן, — האָט וואַלד־
מאַן, אַ דערשטוינטער געזאָגט.

דער זשאַנדאַר האָט אַריינגענומען דאָס ביכל אין האַנט, אָן עפן גע־
טאָן דאָס טאָוועלעך און גענומען לייענען:

— אייך רופט מען, וואָלף וואַלדמאַן? סטודענט פון קיעווער פּאָלי־
טעכניקום? זייט אַזוי גוט, נעמט אייערע זאַכן און קומט מיט מיר.

— וווהין שלעפּט איר מיך? — האָט וואַלדמאַן, שוין מיט שרעק
גענומען שרייען — איך מוז מיט דעם צוג גלייך וויטער פאָרן. וואָס טוט
זיך דאָ, אייגנטלעך? וואָס עפּעס אַזויפיל זשאַנדאַרמען אַרום מיר? איך
פּראָטעסטיר פאַר אַזאַ געמיינער באַהאַנדלונג קעגן מיר.

— דאָס אַלץ וועט אייך דערקלערן דער ראָטמיסטער — האָט אַ
טריומפירנדיקער זיך אָפּגערופן דער זשאַנדאַרם. — רעדט ניט פיל און
קומט, אייערע ריידן און פּראָטעסטן זיינען ניט ווערט גאָרניט. מיר קענען
שוין די דאָזיקע פּראָטעסטן! — און צוויי זשאַנדאַרמען האָבן אים גענו־
מען פאַר די הענט און געפירט אין צווייטן זאַל, ווו דער ראָטמיסטער האָט
שוין אַף אים געוואַרט.

וואַלדמאַן איז מיט זיי מיטגעגאַנגען. ער האָט זיך אָבער געהאַט פול־
שטענדיק באַרויקט. ער האָט געטראַכט: געוויס איז דאָ אַ מיספאַרשטענ־
דעניש, וואָס וועט זיך באַלד אופקלערן. דאָס איז ניט קיין נייס באַ דער
רוסישער ביוראָקראַטישער אָרדענונג. ער קען שוין אַזעלכע פאַלן גוט.
דער אינצידענט אַף דער מאַזשעיקער סטאַציע, ווען מען האָט אים פאַר־
האַלטן צוליב אַ טעות און שפּעטער האָט זיך דאָס געענדיקט גוט, גע־
דענקט זיך נאָך אים. דאָסזעלביקע וועט זיך אויסלאָזן דאָ אויך. מען וועט
דורכקוקן זיינע פּאַפּירן און מען וועט אים פריי לאָזן.

מען האָט אים אַריינגעפירט צום ראָטמיסטער אין קאַבינעט. ער איז
געזעסן באַ זיין שרייבטיש און זיך געמאַכט, ווי ער וואָלט געווען פאַר־

טיפט אין די פּאַפּירן, וואָס זיינען געלעגן פאַר אים. ווען די זשאַנדאַרמען האָבן אַריינגעפירט וואַלדמאַנען, האָט ער אופגעהייבן זיין קאָפּ, דורכ־דרינגענדיק מיט זיינע אויגן, האָט ער אים שאַרף אָנגעקוקט, און פאָלגענ־דיקער דיאַלאָג איז פאָרגעקומען צווישן זיי:

— ווער זייט איר, יונגערמאַן, און ווי אַזוי איז אייער נאָמען?

וואַלדמאַן האָט רויק און מיט אַ שטאָלצן בליק אַ קוק געטאָן אַפן ראָטמיסטער און קלאָר, מיט אַ פעסטער שטים, געענטפערט:

— איך בין סטודענט־טעכנאָלאָג פון קיעווער פּאָליטעכניקום, וואָלף וואַלדמאַן.

— פונוואַנען קומט איר איצט?

— איך קום פון דאַנציק.

— וואָס האָט איר דאָרטן געטאָן?

— איך האָב דאָרטן פאַרבראַכט אייניקע טעג אין צאָפּאָט, בא באַ־קאַנטע.

— ווער זיינען אייערע באַקאַנטע אין צאָפּאָט?

וואַלדמאַן האָט געשוויגן. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער דאַרף ניט דערמאָנען די נעמען פון די קאַרפּס. עס טויג ניט.

— פאַרוואָס ענטפערט איר מיר ניט?

— ווייל איך וויל אייך ניט זאָגן, ווער מיינע באַקאַנטע זיינען.

— אַזוי, אַזוי, איר ווילט ניט זאָגן, — האָט דער ראָטמיסטער געענט־פערט, — נו, דאָס וועלן מיר זען שפּעטער.

— דורך וועלכער גרעניץ זייט איר געפאָרן אַהין?

— אַהין בין איך געפאָרן פון ליבוי, מיט דער שיף.

— אַהאַ, האָט דער ראָטמיסטער געזאָגט — דער ריכטיקער סימן. מען פאָרט אַהין דורך איין גרעניץ, צוריק דורך אַ צווייטער, אַלץ צו פאַרווישן די שפּורן. אָ, אונדז וועט איר דעם קאָפּ ניט פאַרדרייען. מיר קענען אייך.

— הער ראָטמיסטער, — האָט וואַלדמאַן שוין געגומען ווערן ערנס־טער און זיין שטים האָט שוין געקלונגען ענערגישער — איך זע, אַז איר ווילט מיך פאַרדעכטיקן אין זאַכן, אין וועלכע איך האָב קיין אַנונג ניט.

איך פּראָטעסטיר אַמשאַרפסטן קעגן אייער באַהאַנדלונג. איר ווייסט, ווער איך בין? איך צייל צווישן מיינע באַקאַנטע און פריינט, פערזאָנען פון גאָר אַ הויכן מיליטערישן און אַדמיניסטראַטיוון ראַנג אין פּעטערבורג. איך וועל מיך פאַר זיי באַקלאָגן אַף אייך. איך פאָדער, איר זאָלט מיך תיכף פריילאָזן און לאָזן פאָרן מיטן צוג ווייטער.

— אַזוי? אַזאַ וואַזשנער העכט זייט איר? — האָט דער ראָטמיסטער איראָניש צו אים געזאָגט. אינטערעסאַנט, אָט וועלן מיר באַלד זען, — און דער ראָטמיסטער האָט זיך גענומען צו די פּאַפּירן, וואָס דער זשאַנדאַרם האָט אַוועקגעלייגט אַפן טיש.

— וואַסיליעוו! — האָט ער אַ געשריי געטאָן צום וואַכמיסטער — נעם דעם הער סטודענט און אונטערזוך אים! אַלע זאַכן זאָלסטו אַרויסנעמען און ניט פאַרגעסן אַ קוק טאָן אין די קעשענעס. אַלץ, וואָס דו וועסט געפינען, דערלאַנג מיר אַ הער!

דער זשאַנדאַר האָט גענומען וואַלדמאַנען, אַריינגעפירט אים אין דערבייאיקן צימערל און פּלייסיק גענומען אויספירן דעם ראָטמיסטערס באַפעל. אין געציילטע מינוטן האָט ער אויסגעליידיקט אַלע זיינע קעשענעס, געעפנט זיין אַקטנטאַש, גענישטערט אין זיין טשעמאָדאַן און אַלץ, וואָס ער האָט דאָרטן געפונען, אַרויסגעלייגט באַם ראָטמיסטער אַפן טיש.

וואַלדמאַן האָט דערזען, אַז די זאַך ווערט ערנסטער, דער ענין נעמט אָן גאָר אַן אַנדער ווענדונג, ווי ער האָט לכתחילה געמיינט. דאָ האָט ער געזען, איז שוין ניט, ווי יענעם מאָל אין מאַזשייק. אָבער פילנדיק, אַז ער איז דאָך אומשולדיק, האָט ער ווידער, מיט גאָר אַן ענערגישן טאָן אָנגעפאַנגען פאָדערן פון ראָטמיסטער, ער זאָל אים דערקלערן, אין וואָס מען פאַרדעכטיקט אים.

— איך דערקלער נאָך אַמאָל — האָט ער זיך געהיצט, — אַז איך פּראָטעסטיר קעגן אייער ברוטאַלער האַנדלונג. איר לאָזט מיך אַזוי געמיין אונטערזוכן פּונקט, ווי איך וואָלט טאַקע געווען דער ערגסטער פאַרברעכער. איך וועל באַלד טעלעגראַפירן אין פּעטערבורג צו איינעם פון מיינע הויכע באַשיצער.

— שווייגט, הער סטודענט, — האָט דער ראָטמיסטער בייז אַ געשריי

געטאָן, — איך לאַך פון אייערע דראָונגען. איך טו מיין פליכט און האָב קיין מורא ניט פאַר אייך.

דער ראַטמיסטער האָט זיך גאַנץ רויק געזעצט צום טיש, איינציק־ווייז האָט ער גענומען פאַרנאַנדערנעמען אַלע פּאַפּירן און דאָקומענטן.

— דאָס איז אייער אויסלאַנד־פּאַס — האָט ער געזאָגט — און וואָס איז דאָס? — האָט ער געפרעגט, ווייזנדיק אַף דער לעגיטימאַציע פון דער שיפסגעזעלשאַפט.

— דאָס איז אַ באַשטעטיקונג, אַז איך בין אָנגעשטעלט אין דער געזעלשאַפט.

— איר זאָגט דאָך, אַז איר זייט אַ סטודענט, טאָ ווי קומט דאָס, אַז איר זיינט גאָר אַן אָנגעשטעלטער?

— דאָס גייט אייך ניט אָן, הער ראַטמיסטער, דאָס איז מיין פּריוואַטע אנגעלעגנהייט.

— אָט וועלן מיר באַלד זען — האָט דער ראַטמיסטער אַ ברום געטאָן און זיך גענומען ווייטער נישטערן אין די פּאַפּירן. — וואָס באַדייט דער דיפּלאָם מיט גאָלדענע בוכשטאַבן? — האָט ער געוויזן אַף דעם דאָקומענט פון דאַנציקער שווימקלוב.

— דאָס איז אַ דיפּלאָם, אַז איך בין ערנמיטגליד אין דאַנציקער שווימקלוב און געווינער פון אַ פּרעמיע.

— אַהאַ, איר זעט, אַז איר זיינט אַ מיסטעריעזע פּערזאָן. אָט זיינט איר אַ סטודענט, אָט אַן אָנגעשטעלטער אין אַ שיפסגעזעלשאַפט, און דאָ — גאָר אַן ערנמיטגליד אין אַן אויסלענדישן שווימקלוב.

— נו, און וואָס ליגט דאָ אין פּאַקעט, — האָט ער אָנגעוויזן אַף דעם פאַרמאַכטן קאָנווערט, וואָס ראָזענבערג האָט אים געגעבן אַריבער־צופירן.

— דאָס איז ניט מיינס, — האָט ער רויק געענטפערט — אַ פריינט מיינער האָט דאָס מיר געגעבן, אַז איך זאָל דאָס אָפּגעבן זייַנעם אַ פריינט.

— קען איך וויסן, ווער דער פריינט איז, וואָס האָט אייך געגעבן די פּאַפּירן, ווי מען רופט אים און וועמען איר דאַרפט דאָס אָפּגעבן?

— איך ווייס ניט — האָט וואַלדמאַן, שוין אַ ביסל אַ פאַרדריסלעכער, מיט אַ נערוועזן טאָן געענטפערט.

— אהאַ, די אמתע טאַקטיק פון אַ געניטן רעוואָלוציאָנער. אַ פריינט, אַ באַקאַנטער און קיין נאָמען רופט מען ניט אָן.

לאַנגזאַם האָט דער ראָטמיסטער גענומען עפענען דעם פּאַקעט, אַרויסגענומען פון דאָרטן פאַרשיידענע פּאַפּירן און צייכענונגען און דאָס אַלץ אַוועקגעלייגט לעבן זיך. ער האָט רויק דערווייל פאַרויכערט אַ סיגאַרעט, געבלאָזן פון זיך, מעשה גרויסע שישקע, דעם רויך, און גענומען פאַרנאַנדערקנייטשן די פּאַפּירן.

פּלוצלינג, ווי אַ שלאַנג וואָלט אים געהאַט אַ ביס געטאָן, איז דער ראָטמיסטער אופגעשפּרונגען פון זיין אָרט. מיט אַ ווילדן געשריי האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אַף וואַלדמאַנען, שטופּנדיק אים אונטער דער נאָז די פּאַפּירן, און אַ קלאַפּ טוענדיק מיט זיין באַשפּאָרטן שטיוול אָן דיל, האָט ער ווילד זיך צעשריען:

— איר פאַרברעכער, וואָס איר זייט! איר מערדער, איר וואַגט נאָך צו ריידן און פּראָטעסטירן. איר וואַגט נאָך שרייען, אַז איר זייט אָן אומשולדיק לעמעלע. וואָס איז דאָס, האַ? אַן אופרוף צו די רוסישע בירגער, אַז זיי זאָלן אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם צאַרישן יאָך, אויסראָטן אַלע צאַרישע באַרבאַרן, אויסמאָרדן אַלע רעגירונגסלייט! אַזאַ פויגל זייט איר? הע, פּאַטערל, געכאַפּט דעם ריכטיקן העכט, דעם אמתן פאַרברעכער. איך וועל שוין איצט ווייסן, ווי מיט אייך אומצוגיין.

אַוועקגעלייגט די פּאַפּירן אָן אַ זייט, האָט ער זיך האַסטיק אַ כאַפּ געטאָן צו די איבעריקע פּאַפּירן.

— נו, און וואָס איז דאָס פאַר אַ צייכענונג? — האָט דער ראָטמיסטער געפרעגט.

וואַלדמאַן האָט גענומען מיטאַמאָל זיך געבן רעכענונג, וואָס מיט אים איז דאָ געשען. ער האָט גענומען באַגרייפן אין וועלכער אומאַנגענעמער לאַגע ער געפינט זיך איצט. ער האָט שוין געזען, אַז ער איז אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין אַ פּאַסטקע, וואָס מען האָט פאַר אים אויסגעשפּרייט, און זיין פריערדיקע שטאָלצע, ענערגישע האַלטונג האָט גענומען

פארשווינדן. א שרעק האט אים גענומען באהערשן. ער האט זיך געגעבן רעכענונג, אז מען האט אים דא געכאפט מיט באוויזן אין דער האנט, אז ער איז א פארברעכער. ער האט גענומען ווארפן צעשראקענע בליקן דא אפן ראטמיסטער, דא אף די פאפירן, וואס ליגן אפן טיש און ניט געוווסט וואס צו ענטפערן. ער האט קיין ווארט ניט געקענט ארויסברענגען פון מויל. איינס איז ער געווען זיכער, אז ראזענבערג האט אים אריינגעפירט אין א געפאר.

— נו, וואס שווייגט איר, וואס איז דאס פארא צייכענונגען?

— איך ווייס ניט, — האט ער מיט א געבראכענעם טאן געענטפערט

— ווי מיין פריינט ט'מיר פארזיכערט, זאלן עס זיין צייכענונגען פון נייע מאדעלן פון א טעכנישער הויכשולע לעבן דאנציק.

— נו, און וואס באדייט די צושריפט אין ווינקעלע: „קאפירט פון די אריגינאלן פון מ־וו".?

— איך האב קיין אנונג ניט, הער ראטמיסטער.

דער ראטמיסטער האט גענומען אופמערקזאם דורכקוקן די צייכע־נונגען, געבליבן אווילע זיצן פארטיפט. דערנאך האט ער ארויסגענומען א לופע, געקוקט, געדרייט אין אלע זייטן. מיטאמאל האט ער א הויב גע־טאן זיין קאפ, א קוק געטאן אף וואלדמאנען מיט א בליק פון א זיגער. ווי ער וואלט אים געזאגט „איך האב דיך געפאקט, מיין ליבער".

— אז איר ווילט מיר ניט זאגן, וועלכע צייכענונגען דאס זיינען, וועל איך אייך זאגן. דאס זיינען פלענער פון קאוונער פעסטונג. ווי קומען די פלענער צו אייך? וואס באדייט די אופשריפט אין ווינקעלע? שוין אף אן ארט זאלט איר מיר זאגן, אויב איר ווילט ניט, איך זאל אייך דערצו צווינגען!

— איך שווער אייך, הער ראטמיסטער, אז איך ווייס ניט, — האט וואלדמאן שיעור ניט וויינענדיק געענטפערט. — איך בין פולשטענדיק אומשולדיק אין דעם גאנצן ענין. דאס האט מען מיר אונטערגעשטעלט א פיסל און מיך אריינגעשלעפט אין דעם ענין, כדי זיך מיט מיר אפרעכע־נען אף דעם וועג. (נאטירלעך, האט וואלדמאלט דאמאלסט ניט געקענט וויסן, אז די אופשריפט אפן ווינקל פון דער צייכענונג האט באדייט, אפ־

קאָפּירט פון מיאַסאָיעדאָווס אָריגינאַל, אַ זשאַנדאַרמסקער פּאָלקאָווניק, וואָס מען האָט אים שפּעטער דערשאָסן פאַר פאַראַט. ד. מ).

— אַלע רעוואָלוציאָנערן און שפּיאָנען קענען שווערן. דאָס ווייס איך — האָט דער ראָטמיסטער טריומפירנדיק געשמייכלט — אָבער איצט וועט איר מיר שוין זאָגן, ווער אייער פריינט איז, וואָס האָט אייך דאָס געגעבן און וועמען איר באַדאַרפט דאָס אָפּגעבן?

— יאָ, הער ראָטמיסטער, דאָס איז איינער, אַ געוויסער ראָזענבערג. ער איז אַ זון פון אַ באַלטישן פריץ ,פון לעבן ריגע. אַן אַגראָנאָם. זיין באַקאַנטער וואָס האָט דאָס באַדאַרפט באַ מיר אָפּנעמען, ווייס איך ניט, ווי ער הייסט. ער האָט זיך געזאָגט מעלדן באַ מיר מיט זיינס אַ וויזיטקאַרטל.

—נו, דאָס וועט איר שוין אייער באָבען דערציילן, ניט מיר. מיר זיינען שוין געניט אין אַזעלכע תירוצים. ווו האָט איר זיך געטראָפן מיט דעמדאָזיקן פריינט אייערן, און ווו האָט איר מיט אים פאַרבראַכט און באַ וועמען? — האָט דער ראָטמיסטער שטרענג אים געפרעגט.

די פראַגע האָט שוין אינגאַנצן צעטרייסלט וואַלדמאַנס גלייכגעוויכט. ער האָט ניט געקענט ענטפערן אַף אַזאַ פראַגע. דאָס וועט דאָך הייסן, נאָכפרעגן און פאָרשן ,ציען די פעדים פון די פאָרשונגען און די פעדים וועלן פירן ביז קאַטיען... אפשר וועט דאָס גאָר זיין פאַר מיר דער בעסטער אויסגאַנג אונטער די געגעבענע אומשטענדן, האָט ער זיך אַ טראַכט געטאָן. סוף כל סוף וועט זיך דאָך אַף אַזאַ אופן אַרויסשטעלן מיין אומשולד. ניין, האָט ער זיך אָבער גלייך אַ כאַפּ געטאָן. דאָס קען אַריינפּלאָנטערן קאַטיען אין דעם פיינלעכן ענין. עס קען נאָך מעגלעכערווייז קאָמפּראָמעטירן איר פאָטער, דעם באַראָן אַליין, און ער איז דאָך איצט דער גענעראַל גובערנאַטאָר פון וואַרשע. עס קען אים שעדיקן אין זיין קאַריערע. ניין, באַשליסט וואַלדמאַן, דאָס טו איך ניט. דאָס וועט ניט זיין דזשענטעלמעניש. אומקאָרעקט פון מיין זייט. איר נאָמען און דעם נאָמען פון באַראָן טאָר איך ניט דערמאָנען.

— נו, וואָס שווייגט איר? — האָט אים דער ראָטמיסטער אופגעפּאָדערט.

— איך קען אייך ניט אָנרופן די נעמען, ווו איך האָב פאַרבראַכט די

עטלעכע טעג. אגב געהער דאָס ניט צום ענין. איך קען אייך נאָר זאָגן, אַז איך בין געפֿאָרן אין דאנציק מיטן צוועק אַ קוק צו טאָן די אַרבעט, וואָס איך האָב געזאָלט אויספֿירן אין דער שיפֿסגעזעלשאַפֿט. איך האָב דאָרטן געדאַרפֿט אָנזען ווי עס ווערט געפֿירט. איך האָב מיך באַנוצט מיט דער געלעגנהייט צו באַזוכן דעם צאָפּאָטער קוראָרט און פֿאַרברענגען דאָרטן אַ פּאָר טעג. צופֿעליק האָב איך מיך געטראָפֿן דאָרטן מיט דעם ראָזענבערג און פֿאַרברענגענדיק מיט אים, האָט ער דאָס מיך געבעטן מיטנעמען דעם פּאַקעט. איך פֿאַרזיכער אייך, בײַ מיין ערנוואָרט, אַז איך האָב ניט געוווּסט, וואָס דער קאָנווערט אַנטהאַלט.

— דאָס איז אַ לידל, וואָס אַלע פֿאַרברעכער זינגען — האָט דער ראָטסמיסטער געלאַכט — „איך ווייס ניט, איך האָב ניט געזען, איך קען ניט, איך האָב ניט געהערט". איבעריקנס, וועל איך מיר ניט געבן מער קיין מי פֿון אייך עפּעס צו דערגיין. איך זע שוין מיט וועמען איך האָב דאָ צו טאָן.

— וואַסיליעוו! — האָט ער אַ געשריי געגעבן — אָפּפֿירן דעם אַרעסטירטן אין אַרעסטהויז! שטרענג באַוואַכן! ער איז גאָר אַ וויכטיקער פֿאַרברעכער. מאָרגן, מיטן ערשטן צוג, אונטער אַ שטרענגער וואַך, אָפּשיקן אים אין קאָוונע צו דער דאָרטיקער זשאַנדאַרמסקער פֿאַרוואַלטונג. איך וועל דערווייל צוגרייטן אַלע באַגלייטפּאַפּירן.

אַף מאָרגן נאָך דער פּאַסירונג, איז דערשינען אין דער גרעסטער טייל צייטונגען פֿון רוסלאַנד אַ סענסאַציאָנעלע נייעס: נעכטן איז אַף דער גרעניץ - סטאַנציע קיבאַרטי פֿאַרהאַלטן געוואָרן גאָר אַ וויכטיקער און געפֿערלעכער רעוואָלוציאָנער, בײַ וועמען מען האָט געפֿונען וויכטיקע קאָמפּראָמעטירנדיקע דאָקומענטן. עס ווערט געפֿירט אַן אויספֿאָרשונג, צו דערגיין וועגן דער פּערזאָן פֿון פֿאַרהאַלטענעם און זיינע מיטהעלפֿער.



# אכטער קאפּיטל

קאַטיע האָט געהאַלטן וואָרט. זי האָט דורכגעפירט איר באַשלוס און אַף מאָרגן, נאָכן פאַרהאַלטן וואַלדמאַנען אַפן גרעניץ, איז זי אָפּגעפאָרן קיין פּעטערבורג.

די רייזע אירע האָט זי געמאַכט אַף דערזעלביקער שטרעקע, ווי וואַלדמאַן. אין איידיקונען אַפן גרעניץ, האָט זי זיך ניט געקענט איינ־האַלטן. זי איז אַרויס פון איר קופּע, מיט אירע אויגן האָט זי דורכגענישׂ־טערט דעם וואָקזאַל. זי האָט מיט דער נאָז געריכט, געזוכט און געקוקט אַף אַלעמען. זי האָט געוואָלט עפּעס הערן, פרעגן עמעצן, אויב דאָ האָט נעכטן קיין זאַך ניט פּאַסירט. אָבער אַלץ האָט איר אויסגעוויזן נאָרמאַל. ווי שטענדיק אַף די וואָקזאַלן האָבן זיך אַרומגעדרייט זשאַנדאַרמען. מיט זייערע אויגן האָבן זיי דורכגעדרונגען אַלע פּאַסאַזשירן, וואָס זיינען אָנ־געקומען מיטן צוג. קאַטיע, אָבער, האָט געהאַלטן פאַר געפערלעך, וועמען צו פרעגן. דעם בער אין די לאַפּעס דאַרף מען זיך ניט וואַרפן, האָט זי זיך געטראַכט. זי איז אָנגעקומען אין פּעטערבורג און גלייך זיך געלאָזט פאַר־בינדן מיט איר פאָטערס קאַבינעט.

— קאַטיע, קאַטיושאַ, וואָס איז געשען? ווי קומסטו מיטאַמאָל, אומ־דערוואַרט אין פּעטערבורג? און ווו איז די מאַמע? — האָט איר דער באַ־ראָן אָפּגעשאָסן מיט פראַגן דורכן טעלעפאָן. — האָט עפּעס פּאַסירט מיט אייך?

— ניין, פּאַפּאַ, — האָט זי געענטפערט — גאָרניט האָט פּאַסירט, אָבער איך מוז מיט דיר דרינגענד ריידן און טאַקע שוין אַף אַן אָרט.

דעם באַראָן איז פאַרגעקומען, אַז ער הערט אין טעלעפאָן איר שטים פאַרשטיקט פון טרערן.

— קום די מינוט צו מיר. איך וויל דיך זען, איך וויל הערן, וואָס עס

האָט פּאַסירט — האָט דער באַראָן, אַ דערשראָקענער אַרייַנגעשריען אין טעלעפאָנטרייבל.

דער באַראָן האָט זי אופגענומען אין דעם קלײנעם קאַבינעט זײַנעם, וואָס איז געווען רעזערווירט פאַר באַזוכער און פּערזאָנען פון גרויס וויכטיקייט. ער האָט זי אַרומגענומען, זײ האָבן זיך צעקושט און ער האָט זי צוגעפירט צו אַ סאָפע, אַנידערגעזעצט זי. קאַטיע האָט קײן וואָרט נישט אויסגערעדט. זי האָט נאָר אײַנגעבויגן איר קאָפּ אַף זײַן ברוסט און אַפן קול זיך פאַרנאַנדערגעוויינט.

— קאַטינקע, קאַטיושא, — האָט ער גענומען גלעטן איר פּנים — וואָס איז געשען? פאַרוואָס וויינסטו? זאָג, טאָכטער, פּײניק מיך ניט, רייד. פאַרוואָס ביזטו אַזוי פּלוצלינג געקומען? און ווו איז די מאַמע? פאַרוואָס האָסטו ניט געשיקט קײן טעלעגראַמע, אַז דו קומסט?

קאַטיע האָט אופגעהייבן איר קאָפּ. אירע אויגן זײַנען געווען פול מיט טרערן. זי האָט אַ קוק געטאָן אַפן פאָטער און געזאָגט:

— שרעק דיך ניט, עס איז אונדז קײן זאַך ניט געשען. איך און מאַמאַ זײַנען פולשטענדיק געזונט און עס גייט אונדז גוט. איך בין געקומען אָט צוליב וואָס — און זי האָט אַרויסגענומען פון איר האַנט־טאַש אַ שטיקל צייטונגסאויסשניט, האָט דאָס פאַרנאַנדערגענומען און דערלאַנגט דעם פאָטער.

דער באַראָן האָט שנעל דורכגעלאָפן מיט זײַנע אויגן דאָס שטיקל פּאַפּיר.

— איך פאַרשטײ אָבער נאָך אַלץ ניט, — האָט ער געשטאַמלט אַ צעשראָקענער, — דאָ זאָגט זיך, אַז מען האָט דעם זיבעטן פאַרהאַלטן אַף דער גרעניץ אין קייבאַרטי אַ געפערלעכן רעוואָלוציאָנער. טאָ, וואָס געהער דאָס צו מיר?

— ווייסט, ווער דער געפערלעכער רעוואָלוציאָנער איז, פּאַפּאַ? דו געדענקסט וואַלדמאַנען, וואָס האָט מיך אַרויסגעשלעפּט פון טייך.... דאָס איז ער. אים האָט מען דאָס פאַרהאַלטן פאַר אַ רעוואָלוציאָנער.

— וואָס רעדסטו טאָכטער, ווי קומט דאָס צו אים? איך האָב מיך

קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט, אַז ער זאָל זיין אַרעוואָלוציאָנער. און דער־צו נאָך אַ געפערלעכער.

— אָט דאָ ליגט דאָך דאָס גאַנצע אומגליק, פּאַפּאַ. ער איז דאָס ניט, ער וועט דאָס קיינמאָל ניט זיין. איך קען אים צו גוט. איך לייען דורך און דורך אַלע זיינע געדאַנקען. איך פאַרזיכער דיר, אַז ער איז דאָס ניט. נאָר אויב די נאָטיצן אין די צייטונגען, וואָס דערציילן, אַז מען האָט פאַרהאַל־טן אַ רעוואָלוציאָנער, אין וואָס איך צווייפל קיין מינוט ניט, און אויך דער פאַרהאַלטענער איז וואַלדמאַן, איז דאָס די פאַרברעכערישע האַנט פון ראָזענבערגן שולדיק אין דעם. דאָס איז זיינס, אַ שטיקל אַרבעט. — און קאַטיע האָט דערציילט דעם פאָטער אַלץ, וואָס איז געשען אין צאָ־פּאָט און דעם לעצטן געשפּרעך, וואָס זי האָט געהאַט מיט ראָזענבערגן.

דער באַראָן האָט אופמערקזאַם אויסגעהערט דער טאָכטערס דער־ציילונג. אַ ווײַלע האָט ער זיך פאַרטראַכט איבער דעם און זיך אָפּגערופן צו איר:

— באַרויק דיך, קאַטיע, איך וועל טאָן אַלץ, וואָס איז נאָר מעגלעך, דעם ענין קלאָר צו מאַכן. מאַך דיר צורעכט. מאַך אַ פריינטלעך געזיכט. איך וועל שיקן רופן איינעם פון מיינע אַדיוטאַנטן. ער דאַרף דיך ניט גע־פינען אין אַזאַ צושטאַנד.

ער האָט אָנגעקלונגען און עס איז אַריין אַ יונגער אָפיציר. ער האָט אים פאָרגעשטעלט פאַר דער טאָכטער און זיי קענגזייטיק באַקאַנט.

— קאַפּיטאַן קאַזלאָווסקי! — האָט דער באַראָן געזאָגט צום קאַ־פּיטאַן — איך האָב היינט באַמערקט אין די צייטונגען אַ נאָטיץ, אַז מען האָט געכאַפּט עפּעס אַ געפערלעכן רעוואָלוציאָנער אויף דער גרעניץ אין קייבאַרטי. קענט איר ניט דערפאַרן, ווער דער רעוואָלוציאָנער איז? ווי מען רופט אים?

— זייער איינפאַך, עקסעלענץ, — האָט דער אַדיוטאַנט געענטפערט — איך שיק זאָפאָרט אַ דרינגענדיקע טעלעגראַמע אין קייבאַרטי און אין אַ פּאָר שעה אַרום וועלן מיר דאָס וויסן.

דער באַראָן האָט באַגלייט קאַטיען אין איינעם פון זיינע פּריוואַט־צימערן, וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען. ער האָט זי אוועקגעלייגט אויף אַ

סאַפּע, און געהייסן זי זיך אויסרוען, ביז דער ענטפער וועט קומען.

שפּעטער מיט צוויי שעה איז אַריין צום באַראָן אין קאַבינעט דער אַדיוטאַנט און דערלאַנגט אים אַ טעלעגראַם. דער באַראָן האָט פאָלגענ־דיקעס דאָרטן אויסגעלייענט: פאַרהאַלטענער ייד. סטודענט קיעווער פּאָ־ליטעכניק, זאָגט, אַז מען רופט אים, וואָלף וואַלדמאַן.

— איך דאַנק אייך, הער קאַפּיטאַן, — האָט דער באַראָן ליבנסוויר־דיק געזאָגט צום אַדיוטאַנט. ער האָט זיך אופגעהייבן פון זיין פּלאַץ, דורכ־געקרייצט דעם גרויסן זאַל און איז אַריין צו קאַטיען אין צימער.

— אַ מערקווירדיקן אינסטיקט האָט איר, פרויען, — האָט ער גע־זאָגט צו דער טאָכטער — עס איז ריכטיק, ווי דו האָסט פאַרדעכטיקט. דער פאַרהאַלטענער איז טאַקע וואַלדמאַן. אָקאָרשט דערהאַלטן אַ טעלע־גראַם פון דאָרטן.

— פּאַפּאַ, דו מוזט אים העלפן, איך וועל דאָס ניט איבערטראָגן, ווען אים וועט עפּעס געשען אומאַנגענעמעס.

דער באַראָן איז געבליבן שטיין לעבן זיין טאָכטער און מאָדנע עפּעס זי אָנגעקוקט. ער האָט אויסגעשטעלט אויף איר זיינע אויגן און געפּאָרשט איר געזיכט־אויסדרוק. ער האָט געקוקט אויף איר פּונקט, ווי ער וואָלט זי ערשט האָבן דערזען. פון זיין בליק איז איר אַזש קאַלט געוואָרן אַפּן האַרצן. זי האָט ניט אויסגעהאַלטן זיינע דורכדרינגענדיקע בליקן און האָט אַראָפּגעלאָזן אירע אויגן. איר איז פאָרגעקומען, אַז דער פאָטער דרינגט אַריין מיט זיינע בליקן טיף אין דער פאַרבאָרגעניש פון איר נשמה און לייענט דאָרט אַלע אירע געדאַנקען. אויף איר פּנים האָט זיך באַוויזן אַ לייכטע רויטקייט.

— זאָג מיר אָבער, קאַטיע, ערשטנס, ווי קומט דער וואַלדמאַן אי־בערהויפּט אין צאַפּאַט? פונוואַנען האָט ער געוווּסט, אַז דו ביזט דאָרטן? צווייטנס, וואָס נעמסטו זיך אַזוי דאָס לעבן פון דער גאַנצער געשיכטע? נאָך אַלעמען פילסטו דאָך צו אים ניט מער, ווי אַ געפיל פון דאַנקבאַר־קייט, לאָמיר זאָגן, דאַנקבאַרקייט, וואָס גייט טאַקע אַרויס פון טיפן האַרצן, אָבער דאָך ניט מער. אָדער האָסטו צו אים אפשר העכערע גע־פילן?

קאַטיע האָט דערוואַרט די פראַגע. זי האָט אויפגעהייבן אירע אויגן, וואָס זיינען געווען פול מיט טרויער צום פאָטער און געזאָגט:

— האָט דיין פראַגע עפּעס צו טאָן מיט דער הילף, וואָס איך בעט? אָבער אַלציינס, איך וועל זיין פריי און אָפן צו דיר. קיין זאַך וויל איך פון דיר ניט באַהאַלטן. יאָ, איך ליב וואַלדמאַנען. איך ליב אים אויפריכטיק און ערנסט.

דער באַראָן האָט פאַרקרייצט די הענט איבער זיין ברוסט איינע איבער די אַנדערע. האָט עטוואָס איינגעבויגן זיין קאָפּ צו איר זייט און האָט געזאָגט:

— האָסטו, טאָכטער מיינע, גענומען אין אַכט דיינעם, אַזוי אויך מיין סאָציאַלן שטאַנד און הויכן ראַנג, וואָס איך טראָג, אַז דו האָסט גע־קענט פּועלן באַ זיך, אָפּצוגעבן דיין האַרץ, כמעט אַן אומבאַקאַנטן מענ־טשן, דערצו נאָך אַ ייד?

— אייביק, פּאַפּאַ, מיט די סאָציאַלע שטאַנדן, מיט די פּוסטע סאַלאָ־נע אָנגעבלאָזנקייט, מיט די אַריסטאָקראַטישע צירלעך־מאַנירלעכקייט, מיט די ניט פאַרדינטע גאווה, וואָס אונדזערע קרייזן זיינען שטענדיק פול מיט זיי. ווען אַ מענטש זאָל ניט קענען פריי דיספּאָנירן מיט זיין האַרץ און געפיל, ווען איך זאָל ניט קענען צופרידנשטעלן דעם באַגער פון מיין האַרץ, איך זאָל ניט קענען דערגרייכן די שטרעבונג פון מיינע אַמביציעס, — טאָ צו וואָס טויג מיר די גאַנצע פּאָמפּע און לוקסוס, וואָס רינגלט מיך אַרום?

— הער זיך איין מיט פאַרנונפט, טאָכטער, — האָט איר דער באַראָן געענטפערט — דו ווייסט, וועלכע דערציונג מיר האָבן דיר געגעבן. דיין מוטער האָט געשטרעבט איינצופלאַנצן אין דיר די פרייהייט־פּרינציפּן פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. איך האָב דערצו פּולקאָם מסכים גע־ווען. איך קען באַ מיר אין הארצן און אין פּריוואַטן לעבן ניט מאַכן קיין אונטערשייד פון מענטש צו מענטש. אין פּריוואַטן לעבן זיינען באַ מיר אַלע רעליגיעס און ראַסן פּולקאָם גלייך. איך אַליין געהער צו קיינע ניט פון זיי. סוף כל סוף, זיינען אַלע רעליגיעס דאָך גלייך. נאָך מער, איך גיב צו, אַז די קריסטלעכע רעליגיע איז אַ שלעכטע קאָפּיע פון דער יידישער.

זיי האָבןביידע דיזעלביקע עטישע און מאָראַלישע ווערטן. די דאָגמאַטישע פאָרמען פון די רעליגיעס זיינען נאָר פאַרשיידן. איך האַלט, פאָלגלעך, אַז דער ייד איז פונקט אַזאַ מענטש, ווי מיר. קיין אונטערשייד ניט. פונדעסטוועגן וואָלט איך ניט וועלן, אַז מיין טאָכטער זאָל זיין אַ פרוי פון אַ יידישן מאַן אָדער גאָר אַליין ווערן אַ יידישקע...

— מיר מוזן, טאָכטער מיינע, — האָט ער ווייטער געזאָגט — אָפּטמאָל ,און טאַקע גאָר אָפט, האַנדלען און טאָן קעגן אונדזער אייגענער איבערצייגונג און ווילן. באַ דעם איצטיקן לעבנסשטייגער, באַ דער געזעלשאַפטלעכער סטרוקטור אין וועלכער מיר לעבן, מוזן מיר זיך רעכענען מיט דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג, אַלציינס, אויב אַזאַ מיינונג איז ריכטיק, אָדער ניט. מיר זיינען נאָך ניט אַף אַזויפיל פאָרגעשריטן, אַז מיר זאָלן קענען פריי ווערן פון די הערשנדיקע געזעלשאַפטלעכע פאָרמען אין לעבן. איך האָף, אַז דו פאַרשטייסט מיך, מיין טאָכטער?

— נו, דערווייל, פאַפאַ, האַלט דאָס נאָך ניט אַזוי ווייט, אַז איך זאָל ווערן אַ יידישקע. און איך ווייס נאָך ניט וווהין מיין ליבע צו אים קען מיך פירן. אין דעם מאָמענט קען איך מיט דיר ניט דיסקוטירן איבער דעם פּראָבלעם. איך באַדאַרף איצט דיין הילף, פאַפאַ, און בעט דיך, מיר ניט אָנטזאַגן.

— אויב אַזוי, אויב דו וועסט האַנדלען ניט איבעראיילט, וועט דיין ווילן געשען, — האָט דער באַראָן אַנטשלאָסן איר צוגעזאָגט.

——oOo——

# ניינטער קאַפּיטל

דער באַראָן האָט זיך אופגעהייבן, איז צוגעגאַנגען צום פּריוואַט־טעלעפאָן און זיך געלאָזט פאַרבינדן מיטן מיניסטער פון צארישן הויף, באַראָן פרעדעריקס.

— דאָס ביזטו, עדגאַרד? — האָט דער באַראָן קאָרף אַריינגעשריען אין טרייבל.

— יאָ, ווילהעלם, דאָס בין איך, — האָט מען געענטפערט.

— קען איך מיט דיר פריי ריידן, שטערט אונדז קיינער ניט?

— קענסט ריידן גאַנץ פריי, ווילהעלם, קיינער וועט אונדזער גע־שפּרעך ניט הערן.

— הער מיך אויס גוט. אייערנעכטן האָט מען פאַרהאַלטן אין קיי־באַרט אַ יונגנמאַן. מען האָט געפונען באַ אים רעוואָלוציאָנערע דאָקו־מענטן און נאָך וואָס. דער יונגערמאַן איז מיר פערזענלעך באַקאַנט. דאָס איז איינער פון די, וואָס מיר נוצן אויס... ווייסט דאָך צו וואָס... מען טאָר אים ניט לאָזן שטעקן אין דער פאַרהיטונגס־אָפּטיילונג. פאַרשטייסט, אַז אומפאָרזיכטיק וואָרט, אַן אומשולדיקע פראַזע, קען אַמאָל זיין געפער־לעך פאַר אַלעמען. בעט דעם פירשט, מען זאָל אַרויסנעמען דעם ענין פון זייערע הענט...

— נו, און וועמען זאָל מען דאָס איבערגעבן? עס מוזן דאָך אָפּגעהיט ווערן געוויסע פאָרמאַליטעטן. מען קען דאָך גלאַט אַזוי אים ניט נעמען און באַפרייען. דאָס קען דאָך ווערן אופאַלנדיק, — האָט מען פון יענער זייט טעלעפאָן־דראָט געענטפערט.

— דערצו איז דאָ אַ מיטל, עדגאַרד, — האָט באַראָן קאָרף געזאָגט — איך פאָר די טעג אַרויס אין וואַרשע, אָפיציעל איבערנעמען מיין ניי־

עם אמת. אזוי ווי דאָר אָרט וווּ מען האָט אים פאַרהאַלטן, ליגט אין סו־וואַלקער גובערניע, אַף יענער זייט ניעמאַן, געהערט דאָס צו דער יוריס־דיקציע פון וואַרשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר... פועל באַ וועמען מען דאַרף, אַז מען זאָל דעם גאַנצן ענין, צוזאַמען מיט אַלע דאָקומענטן, וואָס מען האָט באַ אים געפונען איבערשיקן קיין וואַרשע. דאָס איבעריקע וועל איך שוין אַליין באַזאָרגן... פאַרגעס ניט, שרייבן דעם היציקן ראָ־זענבערגן, ער זאָל זיין פאָרזיכטיק מיט זיינע משוגעתן. אָן אונדז זאָל ער קיין זאַך ניט אונטערנעמען אין דער צוקונפט... ער קען נאָך איבערפירן אַלץ, וואָס מיר טוען...

— גוט, — האָט דער מיניסטער פרעדעריקס דורכן טעלעפאָן פאַר־שפּראָכן — דאָס אַלץ וועל איך באַזאָרגן — זיי גאַנץ רויק. טאַקע באַלד, וועל איך ריידן מיט ניעקאַן אַליין דעריבער. — און דער באַראָן האָט אופ־געהאַנגען דעם טעלעפאָנטרייבל.

— נו, קאַטיע, האָסט געהערט? די זאַך גייט אין אָרדענונג. ער וועט נאָך מוזן צולײַדן אייניקע טעג, דאָרטן באַ זיי, אָבער ער וועט שוין זיין אונגדזערער — האָט באַראָן קאָרף, שמייכלנדיק געזאָגט.

— איך דאַנק דיר, פּאַפּאַ, — האָט זי אויך שמייכלענדיק געענט־פערט, — איך האָב געוווּסט, אַז דו וועסט מיר העלפן. — זי האָט זיך אופגעהייבן פון איר פּלאַץ, צוגעגאַנגען צום פאָטער, אַ קוש געטאָן אים אין באַק און געזאָגט:

— הער, פּאַפּאַ, אַנטשולדיק מיר, איך וויל דיך וואָס פרעגן. איך האָב געהערט דיין געשפּרעך מיטן אָנקל ערגאַרד. עפּעס האָסטו דערמאָנט ווערטער, וועלכע זיינען מיר ניט פאַרשטענדלעך. איך וואָלט זאָגן, פאַר־דעכטיקע. ראָזענבערג האָט מיר אויך אַרייגעוואָרפן אַ וואָרט וועגן דיר, וואָס עס מאַכט מיך שטאַרק אומרויק. ער האָט געזאָגט, אַז אויב איך וועל זאָגן דעם אמת, וועט עס שטעקט הינטער דער געשיכטע מיט וואַלדמאַנען, וועט דאָס זיין אַ געפאַר פאַר דיר... וואָס באַדייט דאָס אַלץ, פּאַפּאַ? קענסטו מיר דאָס ניט זאָגן?

דעם באַראָנס געזיכט האָט זיך באַדעקט מיט אַ לייכטע בלאַסקייט. ער האָט אָפּגעדרייט זיין פּנים, כּדי ניט צו קוקן קאַטיען גלייך אין די אוי־

גן. ער האָט אויסגעמיטן אירע בליקן. אַ ווײַלע האָט ער געשוויגן. ער האָט זיך איבערגעלייגט מיט זיך אַליין, צי ער זאָל איר ענטפערן, אָדער ניט. דערנאָך האָט ער זיך אָפּגערופן:

— האָט טאַקע דער לומפּט, ראָזענבערג, אַזוי זיך אויסגעדריקט? נו, גוט, איך וועל דיר דאָס אויך זאָגן. שוין צייט, אַז דו זאָלסט עס וויסן. דו ביזט שוין אַ דערוואַקסענער מענטש און ניט קיין נאַריש קינד. וועסטו דאָס קענען פאַרשטיין. אין אַ געוויסן זיך דאַרף מען מיט ראָזענבערגן זיך ניט אָנפאַנגען. ער ווייסט צופיל. פאַרשטייסטו? מיר אַלע דייטשן, וואָס שטייען אין דינסט באַם צאַר, זיינען מיר אין אַ געוויסער מאָס פאַרפליכטעט צו אונדזער דייטשן בלוט... עס ליגט דערפאַר אַף אונדז אַ חוב, העלפן אין אַלץ, וואָס איז נאָר מעגלעך, אין פאַל פון אַ קריג מיט דייטשלאַנד, אַז דער זיג זאָל זיין אַף דער דייטשער זייט... דערפאַר וועלן מיר באַפרייט ווערן פון צאַרישן יאָך און וועלן האָבן אַן אייגן לאַנד...

— אָבער, פּאַפּאַ, דאָס געפין איך פאַר ניט ערלעך און ניט קאָרעקט, — האָט קאַטיע אים געזאָגט.

— עס ווענדעט זיך, ווי מען באַגרייפט אַזאַ אומקאָרעקטקייט און ניט-ערלעכקייט. הייסט דען, אומערלעך, ווען מיר העלפן אַוועקנעמען פון אַ רויבער דאָס, וואָס ער האָט אַמאָל אָנגערויבט? זאָל זיין אַפילו מיט אַ סך יאָרן צוריק. אונדזער קורלאַנד איז אַמאָל פון אונדז אַוועקגערויבט געוואָרן. רוסלאַנד האָט אונדז אונטעריאָכט, באַרויבט אונדז פון אונדזער זעלבסטשטענדיקייט. הייסט דען דאָס באַ דיר, אומרעכט? מיר ווילן זיך פאַרייניקן מיט אונדזערע ברידער, די דייטשן. ווען אַ נאַציע זוכט צוזאַמענעמען אירע צעריסענע און צעוואָרפענע גלידער, איז דאָס ניט מער, ווי נאַטירלעך. אין דעם איז ניטאָ קיין פאַרברעכן אָדער אומקאָרעקטקייט. דאָס איז אונדזער שטאַנדפּונקט. מיר האַלטן, אַז פּונקט, ווי דער איינצלנער מענטש איז פאַרפליכטעט זיך צו אונטערוואַרפן די אינדיווידועלע געזעצן פון געזעלשאַפטלעכער מאָראַל, איז ער גלייכצייטיק אויך מחויב צו האַלטן הויך און הייליק די נאַציאָנאַלע מאָראַל. דאָס, וואָס מיר טוען, איז אונדזער חוב צו דער נאַציאָנאַלער מאָראַל.

— איך פאַרשטיי דאָס אַנדערש, פּאַפּאַ — אָבער איצט בין איך ניט

אופגעלייגט צו דיסקוטירן מיט דיר דעם פּראָבלעם. איך וויל מיך איצט אויסרוען. אַן אַנדערש מאָל וועלן מיר וועגן דעם שמועסן. — און דער באַראָן האָט באַגלייט זיין טאָכטער צו זיין פּריוואַט־וווינונג.

באַראָן פרעדעריקס האָט געהאַלטן וואָרט. דעמזעלביקן טאָג נאָך, האָט ער ארויסבאַקומען פון צאַר אַ באַפעל, אַז דעם געפערלעכן רעוואָלוציאָנער, וואָס מען האָט פאַרהאַלטן אין קייבאַרטי, זאָל מען איבערגעבן אין רשות פון נייעם וואַרשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר. דער באַפעל איז טעלעגראַפיש איבערגעגעבן געוואָרן דורכן אינערנמיניסטער, גאָרעמיקין, דאָרטן ווו מען האָט באַדאַרפט.

מיט פינף טעג שפּעטער, פּונקט אין זעלביקן טאָג, ווען עסטרייך האָט צוגעשטעלט צו סערביע איר באַקאַנטן אולטימאַטום, וואָס האָט אָנגעצונדן אין דער וועלט אַ העלישן פייער, האָט מען דעם ארעסטירטן וואַלדמאַנען געבראַכט אין וואַרשעווער פּאַוויאַק און אים געהאַלטן צו דער דיספּאָזיציע פון וואַרשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר, באַראָן קאָרף.

## צענטער קאַפּיטל

**אינעם** זעלביקן טאָג, ווען קאַטיָע האָט פאַרבראַכט מיט איר פאָטער אין זיין לוקסוס־קאַבינעט, אין פּעטערבורג, און געבעטן הילף פאַר וואַלדמאַנען, איז זלמן דער פאַכטער, וואַלדמאַנס שווער אריינגעגאַנגען צו עטל, דער אַלמנה אין שטיבל. דעם קאָפּ זיינעם האָט ער געהאַלטן איינגעבויגן צו דער ערד, די אויגן זיינען געווען באַ אים, ווי מיט בלוט פאַרגאָסן, זיין צעקנייטשטער פּנים פאַרכמורעט און די ליפּן באַ אים האָבן זיך נערוועז באַוועגט, ווי ער וואָלט עפּעס געפירט אַ געשפּרעך מיט זיך אַליין.

— אַ גוטן טאָג דיר, עטל, — האָט ער געזאָגט אריינגייענדיק, — ני־

טאָ קיינער באַ דיר? איך האָב עפּעס מיט דיר איבערצוריידן, און דאָס מוז בלייבן נאָר צווישן אונדז ביידן. — ער האָט ניט געוואַרט ,ביז עטל וועט אים בעטן זיצן, אַליין זיך אַראָפּגעלאָזן אויף אַ שטול, טיף אָפּגעזיפצט און גענומען זיך פּאָרען אין די קעשענעס.

— אַז עס איז באַשערט אַ מענטשן צרות, נעמט ער דאָס מיט זיינע אייגענע הענט — האָט ער אָנגעפאַנגען — זאָג נאָר, עטל, דו האָסט גאָר קיין ידיעות ניט פון וועלוולען?

עטל האָט אופגעהייבן איר קאָפּ פון דער שטריקעריי, וואָס זי האָט ניט געהאַט אופגעהערט די גאַנצע צייט ,מיט אַן אויסדרוק פון אומרו־איקייט האָט זי באַטראַכט דעם זיצנדיקן מחותן אירן און מיט שרעק אין איר טאָן, האָט זי אים געפרעגט :

— וואָס עפּעס קומט איר מיט אַמאָל צו מיר פרעגן, אויב איך האָב ידיעות פון וועלוולען? מיר דוכט זיך, אַז די ידיעות פון אים דאַרפן זיין באַ אייך. אַ חתונה־געהאַט קינד איז, ווי אַן אָפּגעשניטן שטיק ברויט פון לאַבן... זיין ווייב איז אים בילכער, ווי די מאַמע. ר' זלמן, גאָט איז מיט אייך, איך זע אָן אייער פּנים, אַז איר זייט עפּעס צעטראָגן. עפּעס קוועטשט אייך, וואָס איר ווילט מיר ניט זאָגן. איר האָט מורא צו ריידן. איז עפּעס, חלילה, וואָס געשען מיט מיין וועלוולען? זאָגט ר' זלמן, האָט רחמנות. אויף אַ וויסטע מאַמע... זאָגט מיר, וואָס באַדייט אייער קומען אַזוי פּלוצ־לינג? — און אירע אויגן זיינען פול געוואָרן מיט טרערן.

— אָט דאָס איז דאָך די צרה, וואָס איך ווייס אַליין ניט, וואָס עס איז געשען. נאַ, קוק דאָס אָן, וועסטו זיך שוין אַליין אָנשטויסן. — און האָט איר דערלאַנגט אַן אופגעריסענעם קאָנווערט.

עטל האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם קאָנווערט פון זיין האַנט, האָט אַ בלאָז געטאָן אינעם אופגעריסענעם טייל, פאַרנאַנדערגענומען דאָס און אַרויס־געצויגן פון דאָרטן דריי פאָטאָגראַפיעס. זי איז צוגעגאַנגען צום פענצטער, אָפּגערוקט אַ שטיקל פאָרהאַנג און אַריינגעקוקט אין זיי.

— אוי, קינדערלעך! — האָט זי שמחהדיק אויסגעשריען — דאָס איז דאָך מיין וועלוול!

— אַזוי, האָסטו אים יאָ דערקענט? — האָט זלמן איר געזאָגט —

טאָ ווייסטו אפשר, וואָס דאָס באַדייט? געפאָרן נעמען בעדער אין ים, גע־
ווען קראנק און צום סוף שלעפּט ער זיך אַרום אַף שיפן און באַנען, ליגט
ערגעץ אין אַ קוראָרט און באָדט זיך צוזאַמען מיט שיקסעס. אַנדערש
פּאַסט אים ניט, נאָר מיט באַראָן קאַרפּס טאָכטער צוזאַמען זיך באָדן...

— וואָס רעדט איר ר' זלמן? — האָט עטל אָנגעפאַנגען — איך הייב
אייך ניט אָן צו פאַרשטיין, אַבי גאָט צו דאַנקען ער לעבט און איז
געזונט.

— אַהאַ, זעסט — האָט איר זלמן איבערגעשלאָגן — ווי זאָגט מען
דאָרטן באַ די גויים: דער פּאָפּ טוט זיך זיינס און דער טייוול זיינס. איך
ווייז דיר וואָס מיין טייערער איידעם, מיט וועמען מען האָט מיך אַזוי
מקנא געווען, טוט, ווארפט אַוועק זיין ווייב אַף דער צייט און שלעפּט זיך
אַרום מיט גויעס, און דו טענה'סט דאָס דייניקע, אַבי ער לעבט... נו, און
מיין קינד איז קיין קינד ניט? מיין טאָכטערס בלוט איז אפּנים וואַסער, ניט
קיין בלוט? באַרעכן דיר נאָר, וואָס עס וועט ווערן פון איר, אַז זי וועט
זיך דערוויסן דערפון. אַ קלייניקייט, דער מאַן פאָרט אין ליבוי אַ קראנקער
נעמען ים־בעדער, צום סוף איז ער גאָר אין אַלדע שוואַרציאָרן, ערגעץ
אין צאָפּאָט און לעבט אַ גוטן טאָג מיט אַ שיקסע, און די ווייב הייבט אים
ניט אָן צו אַרן! טפו זאָל דאָס ווערן! ווו איז דאָס געהערט געוואָרן
אַזאַ אַקט?

ר' זלמן, — האָט עטל אַ באַרויקטע שוין גענומען ריידן צו אים,
— זייט ניט אַזוי צורודערט. כ'לעבן, עס איז זיך ניטאָ פון וואָס זיך נעמען
אַזוי צום הארצן. באשר מיר זיינען שוין עלטערע מענטשן, מיר ליגן דאָ
איינגעגראָבן אין די לעבעדיקע קברים, אין די קליינע שטעטלעך און
ווייסן ניט פון קיין לעבן. מיר ווייסן ניט וואָס אַף דער וועלט טוט
זיך און ווי מען דאַרף אָנהויבן צו לעבן. מיין וועלוול איז דאָך אַ יונגער
און מאָדערנער מענטש. ער איז איצט אַ גרויסשטאָטישער, אַ סטודענט
וואָס וועט באַלד שוין ווערן אַן אינזשיניער. ער האָט גרויסע באַקאַנטשאַפט
אומעטום, אין אַלע הויכע פענצטער און באַ אַלע באַראָנען און פּריצים.
נו, מה רעש, אַז ער פאַרברענגט אַ פּאָר טעג מיט באַקאַנטע? נישקשה, ר'
זלמן. ער וועט מירצעשעם באַלד קומען אַהיים און וועט זיין דער

װעלװל, װאָס ער איז דאָס אַלע מאָל געװען: אַ ליטישער מענטש, אַ גוטער ייד און אַ מאַן צו זײַן װײַב און אַ פֿאָטער צו זײַן קינד, אין אַ גוטער שעה, לאַכט זיך אױס, ר׳ זלמן, פֿון דעם גאַנצן ענין, אַבי גאָט צו דאַנקען ער לעבט.

נאָר אָט װאָס מיר װוּנדערט — האָט עטל דערנאָך צוגעגעבן — װער עס האָט דאָס אײַך צוגעשיקט די פֿאָטאָגראַפֿיעס. װו האָט איר דאָס אַזעלכע נאָנטע בוזים־פֿרײַנט, װאָס זאָרגן זיך אַזױ פֿאַר אײַך? אפֿשר איז דאָס גאָר אַ שפּיצל פֿון אײַערן אָדער זײַנעם אַ שונא? פֿון דעם האָט איר ניט געטראַכט. אַ גוטער פֿרײַנט װעט דאָך דאָס ניט טאָן. ער װעט ניט װעלן אײַך פֿאַרשאַפֿן עגמת־נפֿש, זײַנער אַ גוטער פֿרײַנט װעט דאָך דאָס אודאי ניט טאָן, טאָ גיט אַ שפּײַ אױף דער גאַנצער געשיכטע. צו זײַערע קעפּ צו זײַער לײַב און לעבן זאָל דאָס אױסגײן.

עטלס רײד האָבן אַפּנים געװירקט. ר׳ זלמן האָט זיך אַביסל באַרויִקט, זי איז דאָך גערעכט, האָט ער זיך געטראַכט. אָבער פֿונדעסטװעגן, איז אים אַרײַן אַ געדאַנק אין קאָפּ, מען דאַרף זיך צוכאַפּן אין ליבױ, און אַלײן געװאָר װערן װאָס מיט אים טוט זיך.

— דו װײסט װאָס, עטל? — האָט ער לסוף געענטפֿערט — איך טראַכט זיך צוכאַפּן אין ליבױ און זען װאָס טוט זיך דאָרטן, אױב עס װעט ניט זײַן פֿון אים קײן ידיעה, הײנט־מאָרגן. זאָל טאַקע זײַן װי דו זאָגסט, אָבער שרײַבן האָט ער דאָך געקענט. און איצט, עטל, אַ גוטן טאָג און געדענק, פּתח שין־שאַ זאָל זײַן. קײנער דאַרף דערפֿון ניט געװאָר־װערן, קײנער דאַרף ניט װיסן װאָס אין אונדזער טעפּל קאָכט זיך, זאָלן שונאים זיך ניט דערפֿרײען, אגב, אױב סאָניע װעט זיך דערװיסן, האָב איך מורא פֿאַר איר געזונט, און זלמן האָט פֿאַרלאָזן עטל׳ס שטיבל.

דעם פּלאַן, אַריבערפֿאָרן אין ליבױ און אַלײן אַ קוק טאָן װאָס עס הערט זיך מיט װעלװלען, האָט שױן זלמן ניט געקענט דורכפֿירן. ער האָט אױך ניט געקענט פֿאַרהיטן, אַז סאָניע זאָל פֿון קײן זאַך ניט װיסן און שונאים האָבן זיך אױך דערפֿון דערװוּסט.

די װעלט זאָגט, אַז אַ צרה קומט קײנמאָל ניט אַלײן, זי װערט באַ־גלײט פֿון נאָך אַ צרה. אַזױ האָט פּאַסירט באַ זלמנ׳ען. אױף מאָרגן נאָך זײַן

שמועס מיט עטלען, איז צוגעפֿאָרן צו זיין שטוב א בריטשקע, געשפּאַנט אין צוויי פערד, מיט דעם טיפּישן גלעקל פון די רוסישע קאזיאנע פורן. פון דער בריטשקע איז אויסגעשטיגן: דער פּריסטאוו פון דעם ראיאָן, דער אוריאדניק, צוויי סטראזשניקעס און איינער א הער, געקליידעט אין ציווויל, און זיינען גלייך אריין צו זלמנ׳ען אין שטיבל.

— וווינט דאָ איינער, וואָלף וואלדמאן? — האָט דער פּריסטאוו שטרענג אַ פרעג געטאָן.

בא זלמנ׳ען אין שטוב, דערזעענדיק די געסט, זיינען אלע געבליבן פּאַרציטערטע, זיי האָבן פארלאָרן די שפּראך, ניט געקענט אַ וואָרט פון מויל ארויסברענגען פון שרעק.

איך פרעג אייך דאָך עפּעס, — האָט דער פּריסטאוו גענומען ריטשען און טופּען מיט די פיס, — ענטפערט, איר יידישע פּנימ׳ער

דער אלטער זלמן, אן איינגעבויגענער אין דרייען, ציטערנדיק מיט זיין גאנצן קערפּער, מיט זיין היטל אין די הענט, האָט זיך דערנענטערט צו אים און האָט געענטפערט:

— יאָ, הער פּריסטאוו, וואָלף וואלדמאן וווינט דאָ, אָבער ער איז נישטאָ איצט אינדערהיים. ער איז פאר א קורצער צייט צוריק אוועק געפאָרן אין ליבוי. ער האָט זיך געפילט קראנק, האָט אים דער דאָקטאָר פאראָרדנט צו פאָרן זיך באָדן אין ים.

— נו, און זיין ווייב, ווו איז? אויב ער איז דייער אן איידעם, איז דאָך זיין ווייב דיינע אַ טאָכטער, גיב מיר זי אהער.

— הארינקע, — האָט זלמן גענומען שטאמלען און בעטן מיט א צובראָכענעם קול, — זי איז אף דער צייט, דו וועסט זי איבערשרעקן, עס קען נאָך מיט איר אן אומגליק געשען. זי איז אין איר צימער. פרעג אלץ וואָס דו ווילסט בא מיר וועל איך דיר אלץ ענטפערן, אָבער די טאָכטער לאָז צורו.

— אהא, עס פאנגט זיך שוין אָן, אז מען באהאלט זיך אוים פון דער מאכט. דער מאן איז נישטאָ, די ווייב איז מעוברת. ניין, — האָט ער זיך צעשריען, — עס וועט אייך גאָרניט העלפן, איך מוז זי זען.

דער פּריסטאוו האָט זיך שטיל דורכגעשמועסט מיטן ציווילן פאר־

שוין דערנאָך האָט ער אַ געשריי געטאָן:

— הע, סטראַזשניקעס, איינער זאָל זיך שטעלן בא דער טיר, קיינעם פון דאָ ניט ארויסלאָזן, מיר מוזן מאכן אַן אונטערזוכונג אין הויז.

הער זיך צו, אַלטער — האָט דער פּריסטאַוו שוין אָנגעפאנגען אביסל רויקער צו רעדן — דו ביזט אפשר דאָ גאָרניט שולדיק, אָבער דיין איידעם איז א גרויסער פאַרברעכער, ער איז אַ געפערלעכער רעוואָלוציאָנער און שפּיאָן. מיר האָבן אַ באַפעל צו אונטערזוכן דאָס גאַנצע הויז און מיטנעמען אַלץ וואָס מיר וועלן דאָ געפינען פון ביכער, פּאַפּירן און דאָקומענטן. רוף אריין דיין טאָכטער, אויב זי איז ניט פאַרמישט אין דעם ענין, וועלן מיר איר קיין זאַך ניט טאָן, אָבער אונדזער באַפעל מוזן מיר דורכפירן.

איינזעענדיק, אַז עס וועט שוין דאָ גאָרניט העלפן, האָט זלמן גע־הייסן ארויסרופן סאָניען פון איר צימער. ווען זי איז אריין אין שטוב און דערזען די געסט וואָס האָבן אויף איר געוואַרט, איז זי געבליבן שטיין אין מיטן צימער, טויט־בלאַס, פון שרעק איז בא איר די אויגן פאַרגאָסן געוואָרן ווי מיט וואַסער, אירע שרעקנדיקע בליקן האָט זי גענומען וואַרפן דאָ אפן פאָטער, דאָ אויף דער פּאָליציי, פאַרבראָכן מיט די הענט און האָט ניט געקענט אַ וואָרט ארויסברענגען.

דער ציווילער הער האָט זיך איינגעבויגן צום פּריסטאַוו, עפּעס אים שטיל איינגערעדט, דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען אייניקע טריט צו איר ריכטונג און אין אַ פריינטלעכן טאָן גענומען צו איר רעדן:

— איר האָט זיך ניט וואָס צו שרעקן פאַר אונדז, ליבע־פרוי, מיר האָבן צו אייך גאָרניט און וועלן אייך גאָרניט טאָן. מיר ווילן בלויז וויסן, אויב איר זייט די פרוי פון וואָלף וואַלדמאַן און ווו איז איצט אייער מאַן?

— מיין טאַטע האָט דאָך שוין אייך געמוזט זאָגן ווו ער איז, — האָט סאָניע באַזאַכט גענומען רעדן — נאָכדעם פריינטלעכן טאָן פון דעם ציווילן פאַרשוין, האָט זי זיך גענומען באַרויקן — ער איז איצט אין ליבוי.

— טאָ ווי קומט ער אין קייבאַרטי? — האָט ער אַ פרעג געטאָן

— איך ווייס גאָרניט, אויב ער איז דאָרטן, — האָט זי געענטפערט,
— עס קען ניט זיין, אז ער זאָל דאָרטן זיין, דאָס מוז זיין א טעות, — האָט סאָניע געענטפערט.

— הערט זיך צו, פרוי וואלדמאן, — האָט דער הער אָנגעפאנגען, — איך זע אז איר זייט דאָ אַלע לייטישע מענטשן, אפשר ווייסט איר טאקע פון גאָרניט, מוז איך אייך, ליידער, זאָגן דעם גאנצן אמת. אייער מאן איז טאקע געווען אין ליבוי, אָבער פון דאָרטן איז ער געפאָרן אין דייטשלאנד. צוריק איז ער געפאָרן איבער קייבארטי און מען האָט בא אים געפונען שטארק קאָמפּראָמעטירנדיקע רעוואָלוציאָנערע פאפירן און זייער פארדעכטיקע מיליטערישע דאָקומענטן, איצט איז ער אין קאָוונער פעסטונג ארעסטירט. די מאכט האַלט איצט אין אויספאָרשן זיין שולד.

— אָבער מיין ליבער הער, — האָט סאָניע שוין ענערגישער אָנגעפאנגען צו רעדן — און טרערן האָבן זיך געגאָסן פון אירע אויגן — ווי אזוי קען דאָס זיין? מיין מאן איז דאָך קיינמאָל ניט געווען קיין רעוואָלוציאָנער. ער איז דאָך אזא שטילער, רויקער און געלערנטער מענטש, ער איז דאָך א סטודענט אין קיעווער פּאָליטעכניקום, דאָס איז א בלבול אויסגעטראכט אף אים. און די קני האָבן זיך גענומען בא איר בייגן אונטער איר, זי האָט מער קיין כוח ניט געהאט צו רעדן, איז אַנידערגעפאלן אף איר מוטערס הענט ווי אן אונטערגעשניטענע.

פאר דער צייט וואָס די שטוביקע האָבן זיך געפאָרעט ארום דער פארכאַלעשטער סאָניען, איז דערווייל זלמן צוגעגאנגען צום ציווילן הער און גענומען מיט אים איין׳מענה׳ן:

— איר דארפט וויסן, מיין הער, אז בסך הכל, איז מיין טאָכטער ערשט א קנאַפּן יאָר פארהיירט מיט אים, פאר דער גאנצער צייט האָבן זיי געלעבט צוזאמען וואָסערע פאָר חדשים, דערנאָך איז ער אוועקגעפאָרן שטודירן אין קיעוו. ערשט ניט לאנג ווי ער איז געקומען פון דאָרטן, ער איז דאָ אָפּגעווען אייניקע טעג און איז געפאָרן אין ליבוי. וואָס ווייסט זי פון אַזעלכע זאכן? זי איז איר גאַנץ לעבן אין ערגעץ ניט ארויסגעפאָרן. ער, דער איידעם, איז דאָך באקאנט מיט אַזעלכע פריצים און גרויסע לייט, טאָ ווי קומט דאָס ער זאָל זיין אזעלכער, פארשטיי איך ניט.

— נו גוט, דאָס וועלן מיר אַלץ באַלד זען. — הער פּריסטאַוו, שיקט אַריבער דעם אוריאַדניק מיט די סטראַזשניקעס, זאָלן זיי כאַפּן אַ קוק באַ זיין מוטער אין שטוב אויך, דערנאָך וועלן מיר זען וואָס ס'איז דאָ צו טאָן.

אין צימער באַ סאָניען, האָט מען איבערגעקערט אַלץ מיטן קאָפּ אַראָפּ, מען האָט גענישטערט און געזוכט, מען האָט אַרויסגענומען אַלע קליידער פון די שאַפעס, געעפנט די מעבל, געקוקט אין אַלע לעכער און שפּאַלטן, אָבער מער ווי אַ פּאָר יידישע בריוועלעך, וואָס ער האָט געשריבן צו סאָניען פון קיעוו, האָט מען ניט געפונען. מען האָט אויך ניט פאַרפעלט צו זוכן באַ זלמנ'ען אין שטוב, און ווי מען האָט גערעדט דערוואַרטן, האָט מען אויך דאָרטן קיין זאַך ניט געפונען. מיט דעם זעלביקן רעזולטאַט איז מען געקומען פון עטלס שטיבל, דאָרטן האָט מען אויך קיין זאַך ניט געפונען, און נאָך אַ פּאָר שעה טומלען און שרייען, האָט די פּאָליציי פאַרלאָזט דאָס שטעטל.

## עלפטער קאַפּיטל

**דאָס** שטעטל ריטעווע גופא, איז דעם טאָג געגאַנגען אויף רעדלעך, נאָך קיינמאָל האָבן זיי ניט געהאַט אַזוי פיל צו רעדן ווי אין דעם טאָג. מען האָט קאָמענטירט די געשעעניש מיט וואָלדמאַנען פון אַלע זייטן. ס'טייטש, האָבן זיי געשריען, אַזאַ ליטישער יונגערמאַן ווי ער איז געווען, אַזאַ קענער, אַזאַ איידעלער און צום סוף, גיי ווייס, גאָר אַ רעוואָלוציאָנער. מילאַ ער ווי ער, מען האָט אויסגעלאָזן צו זיין קאָפּ אַלע בייזע חלומות, מען האָט אים פאַרשיקט אויף סיביר, אויף אייביקע קאַטאָרגע, מען האָט געמאַכט פון אים אַ תכלית. אָבער אויף דער ווייבל, אויף סאָניען, האָט מען פאַרגאָסן ביטערע טרערן. מען האָט אויך שטאַרק באַדויערט זיין מוטער, די אַלמנה, און מען האָט מיטגעפילט דעם צער פון דער גאַנצער

משפחה זלמנ׳ס. א קליינקייט אזא ווייבל, מוז נעבעך איצט אזוי פיל לײדן. אזא אומגליק האט מען צוגעשאקלט מיטן קאפ, גאט וויים וואס עס קען נאך מיט איר פאסירן. הײנט דאס קינד, דאס איז דאך שוין געווים א לעבעדיקער יתום. דער פאטער וועט שוין פון זײערע הענט ניט ארוים א לעבעדיקער, דאס קינד איז שוין א יתום נאך אײדער דאס איז געבארן געווארן.

די נאכווייען פון דעם טאג האבן זיך ערשט גענומען באווייזן נאך דעם פאליציייאישן באזוך בא עטל׳ען אין שטיבל. זי איז געקומען צולויפן צו זלמנ׳ען, ניט טויט, ניט לעבעדיק, און אפן קול האט זי גענומען שרייען:

— געוואלט גזלנים — האט זי געקלאגט — מײן קינד גיט מיר אוועק, וואס ווילט איר פון מײן קינד. אזא גוטער, אזא טײערער, אזא שטילער, ער איז דאך די קרוין פון מײן קאפ, די ליכט פון מײן זון. דעם אײנציקן שטיקל נחת וואס איך האב פארמאגט אין מײן לעבן האבן זײ בא מיר צוגענומען מײן מאנס קדיש, ראטעוועט יידן. שווייגט ניט, רײסט איין וועלטן און גיט מיר אפ צוריק מײן קינד.

און פון סאניען האט מען געהאט א חויז צו זינגען און צו זאגן, ווען מען האט זי מיט צרות אפגעמינטערט, האט מען זי געמוזט לײגן אין בעט. זי איז קראנק געווארן בון צער און עגמת נפש. זי איז געווארן אזוי אפגעשוואכט פון וויינען, אז זי האט מער קיין כוח ניט געהאט צו רעדן. עס האט ניט געהאלפן וואס מען האט געהאלטן איר אין איין לײגן נאסע האנטוכער מיט עסיק צום קאפ. מען האט געמוזט לסוף שפאנען דעם וועגל און פארן ברענגען דעם דאקטאר. מען האט מורא געהאט פאר א פריציייטיקן געבורט.

דער דאקטאר איז געקומען באגינען. ער האט גלייך זיך גענומען צום באזיכטיקן די קראנקע. פאראדנט וואס עס איז נויטיק געוועז, פארשריבן א רעצעפט, פארזיכערנדיק, אז דא איז ניטא קיין געפאר, א שטארקער נערוון־צוזאמענברוך, ניט מער. אײניקע טעג לײגן אין בעט, ניט אופרעקן זי און זי וועט פולקאם געזונט ווערן.

באמערקנדיק דעם טרויער וואס האט זיך אויסגעשפרייט אין זלמנ׳ס

שטוב און דערזעענדיק דעם חורבן וואָס דאָ איז געוואָרן, האָט ער זיך גלייך געכאַפּט, אַז דאָס האָט פּארורזאכט דאָס אוועקפאָרן פון סאָניעס מאַן. אומדירעקט האָט ער זיך געפילט שולדיק אין דער גאַנצער געשיכטע. ער האָט רחמנות געקראָגן אַף די שטילע, אָרנטלעכע מענטשן און, ווען זלמן איז ארוים מיט אים, באגלייטן אים און העלפן אים ארופזעצן אַף דער פור, האָט דער דאָקטאָר אים געזאָגט:

— איך פארשטיי שוין, וואָס דער ליידאַק האָט דאָ אָנגעמאכט אין שטוב. ער האָט אים איבערגעגעבן די גאַנצע געשיכטע, ווי וואַלדמאַן האָט אים דאמאָלסט געבעטן, ער זאָל אים דערקלערן פאר קראַנק און אים פאראָרדנען קאַלטע בעדער אין ליבוי. ער האָט זיך אנטשולדיקט פאר זלמנ'ען און אויסגעדריקט זיין באדויערונג, וואָס אומבאוווסטזיניק איז ער געווען דער מיטהעלפער אין דעם דאָזיקן אומגליק.

דעם דאָקטאָרס ווערטער האָט געמאכט אַף זלמנ'ען א דערשיטערנ־דיקן איינדרוק. עס האָט אים אַ שטאָך געטאָן ווי מיט א שארפן שפּיז. אויב אזוי, האָט ער גענומען טראַכטן, קען מען דאָך שוין אַף אים אַלץ גלויבן, אויב אזוי מוז ער שוין זיין א ריכטיקער פויגל, מען טאָר ניט ווארטן ניט איין מינוט. מען מוז אָנעמען מיטלען ווי פּטור ווערן פון אים באַצייטנס, אז ניט קען נאָך סאָניע אומגליקלעך ווערן אַף איר גאנצן לעבן, און ער האָט גענומען קלערן וועלכע מיטלען אָנצוווענדן אין דעם פאַל.

קודם האָט ער באשלאָסן, אז מען מוז צוווארטן ביז סאָניע וועט פולשטענדיק געזונט ווערן. דערנאָך וועט ער מוזן מיט איר האָבן אַן ערנסטן שמועס, אופקלערן איר די געשאפענע סיטואַציע און דערנאָך... דערנאָך איז ער דאָך א פאָטער, וועט ער שוין זען וואָס מען דארף טאָן.

שפּעטער מיט אייניקע טעג, סאָניע האָט זיך שוין געפילט בעסער, כאָטש פון בעט איז זי נאָך אינגאנצן ניט אראָפּ, זי פלעגט פארברענגען אַ גאַנצן טאָג אין איר צימער. זי האָט ניט געקענט זען קיין פרעמדע מענ־טשן אין איר איצטיקן צער. גוטע פריינט וועלן דאָך האָבן פארדרום און שונאים וועלן זיך דאָך דערפרייען, איז זי געווען א גאַנצן טאָג איינגע־שלאָסן אין איר טרויער און ניט אָנגעזען די ליכטיקע וועלט.

אייגנטלעך האָט זי אַליין ניט געוווסט קלאָר, וואָס עס איז פּאָרגע־

קומען מיט איר וועלוועלען. וואָס איז דאָ מיטאמאָל געוואָרן? ווער האָט דאָס געקענט אויסקלערן אַף אים אַזעלכע שרעקלעכע זאכן? אז וועלוועל זאָל האָבן געוואָרן אַ רעוואָלוציאָנער אָדער גאָר אַ שפּיאָן, האָט זי בשום אופן ניט געגלויבט, אָבער דער פאקט, אז זי האָט ניט פון אים קיין ידיעה, איז שוין אויך גענוג געווען, אז איר לעבן זאָל ווערן פארביטערט, איז זי געזעסן אליין און זיך געבאָדן אין אירע טרערן. אין אַזאַ מאָמענט איז אמאָל אריין צו איר דער פאָטער.

— הער, סאָניע, — האָט ער זיך אָפּגערופן, — איך וויל מיט דיר עפּעס ריידן. מיר מוזן דאָך וויסן אַף וואָסער וועלט מיר זיינען, אייביק קען מען דאָך ניט אזוי זיצן און יאָמערן, פון קלאָגן וועט קיין זאך ניט ארויסקומען, עפּעס דאַרף מען דאָך נעמען טאָן.

— איך האָב, טאטע, קיין כוח ניט. איך קען איצט ניט רעדן מיט קיין מענטשן. קיין זאך קען איך ניט טאָן, איך קען נאָר וויינען און קלאָגן אַף מיין פינצטערן מזל, איך וויים נאָר איינס, מיין וועלוועל איז אין גוישקע הענט און ווער וויים, וואָס זיי וועלן דאָרט מיט אים טאָן, מען מוז אים ראַטעווען.

— נו, און האָסטו געטראַכט אויב עס איז כדאי די ארבעט אים צו ראטעווען? איז ער ווערט דיינע טרערן וואָס דו פארגיסט? צי איז ער ווערט וואָס דו נעמסט זיך אזוי דעם לעבן צוליב אים?

— וואָס רעדסטו עפּעס, טאטע? — האָט סאָניע אויסגעשטעלט אַף אים אַ פּאָר אויגן און זיך אַ בייזער געטאָן — וועלוועל איז מיין מאן, דער פאָטער פון דעם קינד וואָס איך טראָג אונטערן הארצן. ער איז מיין לעבן און מיין איינציקער גליק. איך האָב אים ליבער ווי מיין לעבן. פארוואָס זאָל ער עפּעס ניט ווערט זיין מיינע טרערן? פארוואָס איז ער ניט ווערט מען זאָל אים ראַטעווען? דאָס איז אַלץ ליגן וואָס זיי האָבן דאָ אָנגערעדט אַף אים. מיין הארץ זאָגט מיר, אז ער איז געפאלן אַ קרבן פון שלעכטע מענטשן. ער איז ווי אַן אומשולדיק קינד, אומדערפארן. איז ער אריינ־געפאלן אין זייערע הענט אומזיסט און אומנישט. מען מוז אים וואָס גי־כער ראַטעווען.

דו מוזט, טאַטע, פאָרן אין קאָוונע, אנדערש ניט, דו מוזט אָנשטעלן

אדוואָקאַטן, אָנקומען צו מענטשן, אריבערפּאָרן צו די פּריצים און אַלע מוזן אים העלפֿן.

זלמן האָט א קוקט געטאָן אַף זיין טאָכטער. ווי די פּאָר טעג האָבן דאָס אַף איר אַזוי שלעכט געווירקט — האָט ער געטראַכט — בלייך ווי קרייד, די באַקן איינגעפאַלן, די האָר צעוואָרפֿן, די אויגן פאַרוויינט, ווי זי זעט דאָס נעבעך אויס, אַ רחמנות אַף איר א קוק צו טאָן. ער האָט א ווײַלע נאָכגעטראַכט וואָס די טאָכטער האָט אים געזאָגט, דערנאָך האָט ער זיך געזעצט אַף א שטול לעבן איר און איר געענטפֿערט.

איך קוק אַף דיר סאָניע, און קוועטש מיט די פּלייצעס, איך טראַכט ווי נאַריש די ווייבער זיינען דאָס, באַזונדערס די פֿאַרליבטע פרויען, ווי דאָס דאָזיקע וואָס זיי רופֿן אָן ליבע פאַרבלענדט זיי די אויגן און פֿאַרטונקלט זיי דעם שכל, קיין זאַך זעען ניט די פֿאַרליבטע, קיין זאַך הערן זיי ניט, אין קיין זאַך גלויבן זיי ניט, זיי מיינען אַז דער וועמען זיי ליבן, איז א גאָט און אַלץ וואָס ער טוט, ווערט דערפֿון באַשאַפֿן א מלאך.

איך האָב געמיינט, אַז דו, ניט קיין נאַריש מיידל ווי דו ביזט געוועזן, ניט קיין צופּיל געלערנטע, וועסט אַף ליבע קוקן מיט מער פּראַקטישע אויגן ווי די אַנדערע ווייבער. די געבילדעטע פרויען קוקן אַף ליבע דורך זייערע געלערנטע ברילן און ווערן גלייך פֿון יעדער זאַך נתפּעל. ליבע איז באַ זיי אי, אי, צום סוף ביזטו ניט בעסער ווי זיי. איר ווייבער האָט אמאָל א צו גרויסן איבערפּלוס אין ליבע. מיט אייער איבערפּלוס אין ליבע, מיט אייער גלייכגילטיקייט ווי איר גייט צו צו דער דאָזיקער ליבע, שניידט איר זיך אָפּטמאָל אין אייער אייגן פֿלייש, איר מאַכט דערמיט די מענער פֿאַר געמיינע עגאָיסטן. דורך צופּיל ליבע צולאָזט איר דעם מאַן. אמת, א מאַן מוז מען אַכטן, רעספּעקטירן, שעצן און טאַקע ליבן אויך, אָבער ליבן מיט א מאָס, ניט צופּיל. ערשט דאַמאָלסט וועט ער זיין א גוטער מאַן. צופּיל ליבן איז אומגעזונט פֿאַר אייך. דו האָסט דיין מאַן צופּיל געליבט, איז ער פֿאַרדאָרבן געוואָרן און עס איז געקומען דער אומגליק.

סאָניע האָט גאָרניט געענטפֿערט דעם פֿאָטער, זי האָט געקוקט ערגעץ אָן א זייט און געטראַכט.

זלמן האָט ווייטער גערעדט. ניטאָ אַזאַ זאַך ווי דאָס וואָס די ביכלעך

רופן אָן ליבע. דאָס איז נאָר אויסגעטראַכט פון לייריקער. אזוי פאַר־שטיי איך דאָס. איך בין אן איינפאַכער מענטש, ניט קיין געלערנטער, קען איך דיר ניט געבן אן ערקלערונג דעם גאַנצן בלאָף וואָס איר רופט אָן ליבע, ווי איך פאַרשטיי מיינט אומגעפער ליבע, אויב צוויי יונגע מענטשן, א מאַן און א פרוי באַקענען זיך, די יונגע מענטשן קומען אָפט צוזאַמען, עס דערוועקט זיך בא זיי א נאַטירלעכע גלוסטעניש צו איינאַנדער. די גלוס־טעניש באַגייסטערט זיי, זיי ווערן ענטוזיאַסטיש געשטימט און רופן דאָס ליבע.

אָט די שטימונג געדויערט אַזוי לאַנג, ביז זיי פירן אויס דאָס זייער־עריקע. זיינען זיי נאָך מיט גלייכע כאַראַקטערן, מער אָדער ווייניקער, זייערע נאַטורן זיינען צוגעפּאַסט, איז נאָך א האַלבע צרה, האַלט נאָך אָן דער ליבע־בלאָף אביסל לענגער. זיינען אָבער זייערע נאַטורן קעגנזעצ־טע, ניט צוגעפּאַסט, לעשט זיך אויס זייער באַגייסטערונג באַלד און עס פּלאַצט ווי א פּענכער די גאַנצע ליבע־שמיבע. מיט דיר און וועלוולען איז פּאָרגעקומען דאָס זעלביקע. איר האָט זיך ביידע דערזען, באַקאַנט, א גלוסטעניש האָט זיך בא אייך אויפגעוועקט איינער צום אנדערן און איר האָט חתונה געהאַט, איר זייט אָבער ניט צוגעפּאַסט צו איינאַנדער, אייערע כאַראַקטערן זיינען פאַרשידענע, איר ציט ביידע אין אנדערע זייטן, ער פליט אין דער הויך, אפן הימל א יריד, אים ציט צו באַראָנען, פּריצים, ער וויל ווערן גרויס, כבוד, רייכקייט, דו אָבער ביזט א שטילע רויקע יידישע טאָכטער, דו זוכסט א שטילן, רויקן ווינקעלע אין לעבן. דערפאַר מיין איך, טאָכטער, אז איר מוזט זיך פונאַנדערגיין, עס וועט זיין גלייכער פאַר דיר. גראַד איצט איז דער פּאַסנדיקער מאָמענט דערצו, שפּעטער קען זיין ערגער.

— וואָס רעדסטו עפּעס, טאַטע, — האָט סאָניע אן אופגעקאָכטע זיך געגומען בייזערן. איך וויל אַזעלכע ווערטער ניט הערן. איך ליב וועלוולען און ער ליבט מיר אויך. אויב איך ליב אים מער ווי ער מיך, איז דאָס נאָך אַלץ ניט קיין גרונט, אז מיר זאָלן ניט לעבן צוזאַמען. מיט איין וואָרט, טאַטע, אָדער וועלוול אָדער קיינער ניט, ער איז דער איינציקער ציל אין מיין לעבן. איך ליב אים נאָך מער ווי זיך אַליין. איך הויב ניט אָן צו

פארשטיין, וואָס דו האָסט מיר דאָ דערקלערט און וויל דאָס גאָרניט פאַר־שטיין. איך וויים נאָר איינס, אז איך זאָל אים חלילה פארלירן, וועל איך מיך שונא ישראל עפּעס אָנטאָן.

— שאַ טאָכטער מיינע, רעג דיך ניט אזוי אוף. דו זאָגסט, אז וועלוול ליבט דיר אויך, טאָ וועל איך דיר וואָס ווייזן, אָבער דו מוזט מיר צוזאָגן אז דו וועסט זיך פארהאלטן רויק, — און זלמן האָט ארויסגענומען פון קעשענע די פאָטאָגראפיעס וואָס ער האָט פאר איניקע טעג דערהאלטן צוגעשיקט, און דערלאַנגט דער טאָכטער.

סאָניע האָט אריינגענומען די קארטלעך אין האנט, א קוק געטאָן, דאָ אף איינע, דאָ אף דער אנדערע: דאָס איז דאָך וועלוול! — האָט זי געזאָגט, האָט א קוק געטאָן אף דער דריטער — אוי, טאטע, איך האלט דאָס ניט אוים, אָט איז ער דאָך צוזאמען מיט דער באראָנעסע, — מיטאמאָל האָט זי האסטיק זיך אופגעהויבן פון איר אָרט, א כאפּ געטאָן די קארטלעך, נערוועז זיי גענומען רייסן און צופּן, מיט כעס גענומען די שטיקלעך שליידערן אף דער ערד. — ס׳איז א ליגן, ליגן ליגן, — האָט זי ווי ניט מיט איר קול, ווי א משוגענע, גענומען רעווען, און א היסטערישער כליפּען האָט פארהילכט דאָס גאנצע צימער.

זלמן האָט זיך שטארק איבערגעשראָקן פון דער פּלוצימדיקער היס־טעריקע וואָס האָט אָנגעכאפּט סאָניען. ער האָט א שפּרונג געטאָן צו דער טיר, אן עפן געטאָן און אריינגערופן די ווייב אין צימער. אלע האָבן זיך געוואָרפן צו סאָניען און מיט צרות זי בארויקט.

שפּעטער, ווען דער נערוועזענער אויסברוך בא סאָניען איז פאר ביי, ווען זי האָט זיך גענומען שפּירן קרעפטיקער און רויקער, האָט זי גע־לאָזט ארייגרופן דעם פאָטער צו זיך.

— טאטע, — האָט זי געזאָגט, — עס וועט דיר גאָרניט העלפן, דו מוזט פאָרן אין קאָוונע און זען, אז מען זאָל וועלוולען באפרייען.

— גוט טאָכטער, — האָט ער איר בארויקט, — איך וועל דאָס טאָן פאר דיר, ניט מער ווי דיך צו בארויקן. אָבער ער איז בא מיר ניט ווערט, אז איך זאָל א פינגער אין קאלט וואסער פאר אים איינעצן, ער איז שוין

בא מיר א פארשפּילטער מענטש, אָבער דיין געזונט און לעבן איז בא מיר טייערער.

זלמן האָט געהאַלטן וואָרט, ער האָט צוזאַמענגענומען אזוי פיל געלט וויפל עס איז אים געווען מעגלעך, באזאָרגט זיך מיט געהעריקע רעקאָמענדאציעס פון דעם אַלטן פירשט אגינסקי און אנדערע ארומיקע פּריצים און אין א שיינעם טאָג, איז ער אָפּגעפאָרן קיין קאָוונע, באפרייען זיין איידעם.

לײדער, איז שוין זלמן אָנגעקומען צושפּעט דאָרטן. ער איז צוגעקומען וווהין מען באַדאַרף, און אַלץ וואָס ער האָט געקענט דאָרטן דערגיין, איז געווען די אויסקונפט וואָס מען האָט אים געגעבן, אז דאָ איז טאקע געווען אַזאַ אַרעסטאַנט וואָס ער פרעגט, אָבער לויט א באַפעל פון פּעטערבורג, האָט מען אים אָפּגעשיקט ערגעץ, לויט ווי מען האָט אים געגעבן צו פארשטיין, דארף ער זיך געפינען איצט אין ווארשעווער ציטאַדעל.

זלמן האָט אָבער געבראכט פון קאָוונע אנדערע, אינטערעסאַנטערע נייעס, ער האָט דערציילט אין שטעטל, אז עמיצער האָט ערגעץ געשאָסן אַף טויט א פּרינץ פון עסטרייך, מען רעדט אין קאָוונע שטאַרק, אז דער שאָס קען ברענגען צו א מלחמה. דערוויילן, האָט ער צוגעגעבן, שמועסט מען אין שטאָט, אז עס לויפן ארום פּאַפּירן פון איין מלוכה צו דער אנדערער, פון עסטרייך קיין סערביען, פון דאָרטן קיין רוסלאַנד, פון רוסלאַנד קיין דייטשלאַנד און מען וואַרט וואָס פון די פּאַפּירן וועלן ארויסקומען. א סברה, האָט ער צוגעגעבן, אז עס וועלן אופהערן לויפן די פּאַפּירן קען נעמען פליען קוילן און גראַנאַטן.

— זאָל גאָט שומר און מציל זיין, — האָבן די צוהערער זיינע געענטפערט, — א קליינקייט וואָס דאָס איז מלחמה?

— עט נארישקייט, — האָבן נאָך אנדערע צוגעגעבן, — ווער וועט זיך דאָס וואגן אָנפאַנגען מיט דעם רוסישן בער?



## צוועלפטער קאַפּיטל

**אין** איינעם פון די לעצטע טעג פון חודש יולי 1914, איז באראָן קארף געקומען פון צארישן הויף ווו ער האָט געהאַט אַן אוידיענץ. ער האָט אויסגעזען זייער אופגערודערט אין דעם מאָמענט, נערוועז ער האָט געפילט אַ לייכטן ציטער, ארומגעלאָפן איבער זיין קאבינעט אביסל ווי צוטומלט, אפילו אין זיין שטים האָט זיך געפילט די אומרויקייט זיינע.

ער האָט געשיקט אריינרופן זיין טאָכטער און איר אָנגעזאָגט, אז מען מוז זאָפאָרט שיקן ברענגען די מוטער פון צאַפּאַט, זי זאָל דאָרטן אריבערשיקן דעם מאיאָרדאָם, אליין זאָל זי ניט פאָרן. איך מוז נאָך היינט אָוונט אריבערפאָרן קיין ווארשע איבערנעמען מיין נייעם אמט. איך האָב א באַפעל פון צאַר וואָס גיכער דאָס צו טאָן. איך האָב דעם אופטראג צו ברענגען די ווארשעווער פעסטונג אין א גוטן מלחמה־צושטאַנד. ווי עס ווייזט, ליבע קאטיע, וועלן מיר האָבן מלחמה. דער צאר הייסט ניט סער־ביען נאָכגעבן עסטרייכס פאָדערונגען. די מלחמה הענגט שוין איבערן קאָפּ. די דיפּלאָמאטן האָבן דאָ פארקאָכט א קאשע און הייסן אונדז מי־ליטארן דאָס אופעסן, — האָט ער מיט א שמייכעלע צוגעגעבן.

קאטיע האָט פון דעם אלעם גאָרניט געוואָלט פארשטיין. זי האָט גע־הערט נאָר איין זאך, אז איר פאָטער פאָרט קיין ווארשע. דאָרטן איז איצט וואלדמאן. ער איז איצט דער צענטער פון אלע געדאנקען אירע. מיט איר גאנצער נשמה רייסט זי זיך צו אים.

— איך פאָר מיט, פּאפּא, — האָט זי לעבעדיק, מיט א קוים באַ־מערקבארן פייערל אין אירע אויגן געזאָגט — זאָל דער מאיארדאם ברענ־גען די מוטער דירעקט קיין ווארשע.

— אהאָ, איך פארשטיי דיין אומגעדולד, טאָכטער, דו ברענסט וואָס גיכער צו קומען אין קאָנטאַקט מיט דיין פּראָטעזשע וואלדמאנען, וואָס געפינט זיך אין דער דאָרטיקער פעסטונג. נו גוט, זאָל זיין ווי דו ווילסט, דו פאָרסט מיט.

דעם זעלביקן טאָג נאָך, שוין שפּעט אין אָוונט, איז פון פעטערבור־גער וואָקזאל אָפּגעגאנגען א ספּעציעלער צוג, וואָס האָט אָפּגעפירט דעם

בּאַראָן קאָרף, דעם נייעם גענעראַל־גובערנאַטאָר פון וואַרשעווער ראַיאָן. מיט זיין גאַנצער סוויטע, צוזאַמען מיט זיין טאָכטער, קיין וואַרשע, וווּהין ער איז געפאָרן איבערנעמען די מאַכט.

אין די ערשטע צוויי טעג האָט דער באַראָן אופגענומען אַלע זיינע אונטערבאַאַמטע און געגעבן זיי די פּאַסיקע אינסטרוקציעס, ווי עס פּאַסט פאַר א נייעם מאַכטהאָבער, באַזונדערס אין א זעלכע ערנסטע מאָמענטן.

קאַטיע וואָלט אַמליבסטן שוין געלאָפן אין פּאַוויאַק און זען וואָס הערט זיך דאָרטן מיט איר וואָלדמאַנען. אייניקע מאָל האָט זי שוין אפילו דערמאָנט וועגן דעם איר פאָטער. דער באַראָן אָבער האָט איר אופגעפּאָדערט צו פאַרנונפט.

— עס פּאַסט ניט, — האָט ער געזאָגט, — פאַר דער טאָכטער פון גענעראַל־גובערנאַטאָר צו לויפן אין תפיסה, זיך זען דאָרטן מיט אַרעסטאַנטן. זיי רויק און האָב געדולד. איך אליין וועל שוין ברענגען די זאַך אין אָרדענונג. גאָר אינגיכן וועסטו אים זען, — האָט ער צוגעגעבן.

שוין אפן דריטן טאָג פון זיין איבערנעמען די מאַכט אין וואַרשע, האָט ער באַפוילן, ארויסרופן צו אים דעם קאָמענדאַנט פון וואַרשעווער פּאַוויאַק, פּולקאָווניק קוזניצין.

דער פּולקאָווניק איז געווען א מאַן אין די פופציקער. הויך, מאָגער אָבער שטאַרק געבויט. זיין פּנים איז שוין אָבער געווען צורונצלט און אָפּגעלעבט. א לאַנגע רויטע נאָז איז געזעסן אף זיין צעקנייטשטן פּנים. זיינע אויגן זיינען געווען ביסטרע, גזלנ'ישע וואָס האָבן זיך שטענדיק אומרויק באַוועגט. זיין קויל הייזעריק פון שיכרות. זיין הויכע פיגור איז געווען שטענדיק באַפּוצט מיט אַן עלעגאַנטן גוואַרדיע־ראָק. ער האָט זיך געהאַלטן פעסט און שטייף, זיינע באַפעלן זיינען געווען שניידנדיק און שטרענג. די אַרעסטאַנטן פון פּאַוויאַק האָבן אים גערופן תליון, פאַר זיינע אומ'ברחמנות'דיקע האַנדלונגען צו זיי. אוועקשיסן אַן אַרעסטאַנט, פאַרשמייסן אים, אָדער גלאַט אכזריות'דיק פאַרפייניקן, איז בא אים געווען פון די לייכטסטע זאַכן. ער האָט שוין אפילו געהאַט אויסגעאַרבעט זיין אייגענעם סיסטעם אין פּייניקן און האָט געהאַט א סאַדיסטישע הנאה פון די יסורים וואָס ער האָט פאַרורזאַכט די געפייניקטע. באַזונדערס מער־

דעריש איז ער זיך באגאנגען מיט די פּאָליטישע ארעסטאַנטן. זיי זיינען געווען אין זיינע אויגן ווי פאַרעטער פון זיין ליבן צאַר און פאַרברעכער קעגן זיין הייליקן פאָטערלאַנד.

— זיי מוז מען אָן רחמנות אומברענגען, — האָט ער אַלץ גע'טענה'ט.

אַמאָל איז דער פּולקאָווניק געווען אַ גלענצנדיקער גוואַרדיע־אָפיציר. אָבער איבער סקאַנדאַלן מיט פרויען, איבער זיין אויסערגעוויינלעכער שיכרות, האָט מען אים פון דאָרטן משלח געווען און געגעבן אים דעם פּאָסטן פון אַ קאָמענדאַנט אין פּאַוויאַק. אַזוי אַרום איז ער געוואָרן דער פּאַקטישער בעל הבית פון די טויזנטער אַרעסטאַנטן וואָס האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן אין דער באַרימטער ציטאַדעל.

דערהאַלטנדיק דעם באַפעל פון גענעראַל־גובערנאַטאָר, ער זאָל זיך מעלדן אויף אַ ספּעציעלער אוידיענץ בא אים, האָט פּולקאָווניק קוזניצין זיך אַביסל דערשראָקן. מסתמא זיינען שוין דערגאַנגען צו אים קלאַנגען פון שאַלטן און וואַלטן אין ציטאַדעל, האָט ער אַ טראַכט געטאָן. ער האָט זיך אָבער געמאַכט פאַרגעסן פון דעם און פאַרדאָפּלט די צאָל גלעזלעך וואָס ער האָט יעדן טאָג אַריינגעגאָסן אין זיך. אָנגעטאָן זיין פּאַראַדנעם מונדיר, מיט וועלכן ער האָט אַזוי געשטאָלצירט און האָט זיך געלאָזט פירן צום גענעראַל־גובערנאַטאָר.

צו זיין גרעסטער דערשטוינונג האָט אים דער גענעראַל־גובערנאַטאָר גאָרניט דערמאָנט פון פּאַוויאַק, גראָד פאַרקערט, ער האָט אים אויפֿגענומען זייער פריינטלעך און ביז גאָר העפלעך, האָט אים געבעטן זיצן, זיך אויסגעפרעגט ווי ער לעבט דאָ אין ווארשע, נאָך אזא דערפאָלגרייכן דינסט אין דער גוואַרדיע וואָס ער האָט הינטער זיך.

— זיי האָבן דאָרטן, אין פּעטערבורג, אינגאַנצן פאַרגעסן אָן אייך, פּולקאָווניק, אַז זיי לאָזן אייך זיך דאָ וואַלגערן. אַזאַ בראַווער גוואַרדיע־אָפיציר ווי איר זייט, דאַרפט קריגן אַ בעסערן מיליטער־פּאָסטן, ווי עפּעס אַ קאָמענדאַנט אין פּאַוויאַק.

דער פּולקאָווניק איז איינפאַך גערירט געוואָרן פון דער אויפנאַמע. זינט ער איז פון פּעטערבורג, האָט מען נאָך צו אים אַזוי פריינטלעך ניט

גערעדט און אזוי ווארעם זיך ניט באצויגן. א טייערער מענטש דער נייער גענעראל־גובערנאטאָר, האָט ער בא זיך געטראכט. ער איז פול־שטענדיק גערעכט, מען האָט מיר פארגעסן דאָ אין ווארשע. די ווערטער פון באראָן האָבן אים אזוי שטאַרק עמאָציאָנירט, אז ווען ער שעמט זיך ניט, וואָלט ער אים אויסגעקושט פאַר אַזעלכע רייד.

— איך דאנק אייך, עקסעלענץ, — האָט דער פולקאָווניק געענט־פערט, — איך דאַנק אייך פאר אייערע אופריכטיקע ווערטער און מיטגע־פיל צו מיין גורל. גאנץ ריכטיק האָט איר דאָס ארויסגעזאָגט, עקסעלענץ, זיי, דאָרטן אין פעטערבורג, האָבן מיר פאַרגעסן. יונגערע פון מיר זיינען שוין געוואָרן גענערעלער און קאָמאנדירן שוין מיט בריגאדעס און די־וויזיעס און איך קום דאָ אָפּ צווישן צארישע פארעטער און פארברעכער. איך זע דאָ ניט די ליכטיקע שיין. וועמען טרעפט איר דאָ אין דער פאַר־שאָלטענער ווארשע? נאָר פאָליאקן און יידן. אפילו אַ ריכטיקן פראַוואָס־לאוונעם טרעפט איר דאָ ניט. היינט ווי פארברענגט מען דאָ? ניטאָ די וואַ־סיליעווער אינזלען פון אונדזער פיטער. ניטאָ די ציגיינער־כאָרן מיט זייערע ברענענדיקע פרויען. מען זעט דאָ ניט קיין גוטע רעסטאָראנען ווי דאָרטן און מען קריגט ניט אפילו א ריכטיקע טראָיקע זיך דורכצופאָרן אמאָל איבער די גאסן, מיט די פעטערבורגער דאמען פון ביידע זייטן. ניט גוט, עקסעלענץ, — האָט ער מיט א טאָן פון באדויערונג פארענדיקט און שיער זיך ניט פארנאנדערגעוויינט פון פאַרדרוס.

— ניט געזאָרגט, מיין ליבער פולקאָווניק, — האָט דער גענעראל אים גענומען טרייסטן. — נישקשה, איך וועל אָן אייך ניט פארגעסן. איך וועל דערמאָנען פעטערבורג פון אייער עקסיסטענץ. איך וועל זען, אז מען זאָל אייך געבן דעם ראנג וואָס איר פארדינט און די קאָמאנדע וואָס איר זייט ווערט. מיר שטייען ערב א מלחמה, — האָט אים דער באראָן, פארטרויונגספול געזאָגט, — דאָס וועט זיין די בעסטע געלעגנהייט, אז איך זאָל אייך קענען באשטימען אף אַ פאַראַנטוואָרטלעכן פאָסטן ווו איר, אָן צווייפל, וועט איר זיך דערדינען און גוט זיך אויסצייכענען.

באם פולקאָווניק האָט זיך א פייערל אָנגעצונדן אין די אויגן, אזוי צופרידן איז ער געווען מיט די רייד פון באַראָן.

— איך דאַנק אייך פון גאַנצן האַרצן, — האָט ער זיך צעבליניעט — איך בין גרייט צו טאָן פאַר אייך און פאַרן צאַר אַלץ אין דער וועלט. איך וועל ניט וואַקלען אַפילו מיין לעבן מקריב צו זיין פאַר אונדזער טייער פאָטערלאַנד.

— נו, פּאָלקאָווניק, אַזוי ווייט האַלט דאָס נאָך ניט, אייער לעבן דאַרף קיינער ניט, — האָט אַ שמייכל געטאָן דער גענעראַל, — אָבער אייער דינסטגרייטקייט קענען מיר יאָ אויסנוצן. אָט טאַקע גיב איך אייך היינט אַ געלעגנהייט צו־לייסטן אַ דינסט דעם צאַר און מיר. באַ אייך אין פּאַוויאַק געפינט זיך זייט אייניקע טעג אַן אַרעסטאַנט, צוגעשיקט צו מיין דיספּאָזיציע, ער הייסט וואָלף וואַלדמאַן, אַ געפערלעכער רעוואָלוציאָנער, ניט אמת? קענט איר ניט איינאָרדענען אַזוי, אַז מען זאָל אַן אַנדער אַרעס־טאַנט כאַפּן אַנטלויפנדיק און יענעם שיסן, אונטער דעם נאָמען פון וואַלד־מאַנען? און דעם ריכטיקן אַרעסטאַנט וואַלדמאַן, זאָלט איר אין אַ נאַכט, גאַנץ פּאַרזיכטיק, ברענגען צו מיר אין פּאַלאַץ, אין מיין פּריוואַט־וווי־נונג, אַזוי, אַז קיין מענטש זאָל דאָס ניט מערקן און ניט דערפאַרן. דאָס דאַרף בלייבן אַלס מיליטערישער סוד צווישן אונדז ביידן. איך וויל פון אייך, ליבער פּאָלקאָווניק, קיין זאַך ניט באַהאַלטן. מיר דאַרפן דעם אַרעס־טאַנט וואַלדמאַן צו זייער אַ וויכטיקער אַרבעט פאַר אונדזער פאָטערלאַנד. ער וועט אונדז דינען אַלס געהיימער שפּיאָן, וואָס וועט זיך אַרומדרייען אין דייטשלאַנד און אונדז צושטעלן ידיעות פון דאָרטן. איר פאַרשטייט שוין ווי וויכטיק דער מאַן איז פאַר אונדז? אַזוי האָבן מיר מיטן צאַר און אייניקע מיניסטאָרן אָפּגעמאַכט. דערפאַר טאַקע האָט מען אים געשיקט אַהער, צו מיין דיספּאָזיציע. איך וואָלט זייער ניט וועלן, אַז די וועלט זאָל דערפאַרן פון אַזאַ פּערזאָן באַ אונדז. נאַטירלעך דאַרפט איר מיט אים קיין זאַך ניט רעדן איבער דעם סוד וואָס איך פאַרטרוי אייך, פאַרשטאַנען? און כדי צו זיין זיכער, אַז אַלץ וועט גוט אויסגעפירט ווערן לויט דעם צאַרס ווילן און מיין ווונטש, וויל איך אייך בעטן, אַז איר אליין זאָלט זיך מיט דעם ענין פאַרנעמען און איר פּערזענלעך זאָלט אים צושטעלן צו מיר אין פּאַלאַץ. שפּעטער, ווען איר וועט האָבן דאָס דורכגעפירט, זאָלט איר מאַכן אַן אָפיציעלן ראַפּאָרט און מיטיילן מיין קאַנצעלאַריע, אַז

אין דער און דער נאכט, איז דערשאָסן געוואָרן דער ארעסטאַנט וואַלדמאַן, מאכנדיק א פּאַרזוך צו אנטלויפן פון תּפסה. אָפּגעמאכט? קען איך מיך אף אייך פאַרלאָזן?

— זייט רויק, עקסעלענץ, האָט דער פּולקאָווניק פארזיכערט. איך וועל דורכפירן דעם ענין אזוי, אז סיי איר און סיי דער פּאָטערל־צאַר, וועלן בלייבן מיט מיר צופרידן.

## דרייצנטער קאַפּיטל

אין דער נאכט פון 27־סטן אף דעם 28־סטן יולי, פונעם טרויעריקן 1914־סטן יאָר, האָבן זיך געעפֿנט די שווערע טויערן פון וואַרשעווער פּאַוויאַק און האָבן אַרויסגעלאָזן פון דאָרטן א קאַרעטע, געשפּאַנט צו צוויי פערד. פאָרנט, אפן באָק פון דער קאַרעטע, איז געזעסן דער מילי־טערישער קוטשער פון קאָמענדאַנט און אינעוועניק. אין קאָטש, אין רעכטן ווינקל זיינעם, איז געזעסן דער פּולקאָווניק קוזניצין, אָנגעטאָן אין זיין גזוואַרדיע־אוניפאָרם און אין צווייטן ווינקעלע איז געזעסן איינגעהוי־קערט און איינגעקאָרטשעט, א צווייטע פּערזאָן, דעם קאָלנער פון פּאַלטן אופגעהויבן, דעם קאַפּעלוש אראָפּגעשלעפּט איבער די אויגן, אזוי, אַז זיין פּנים איז ניט מעגלעך געוועזן צו זען.

די צווייטע פּערזאָן איז געווע וואַלדמאַן. ער איז געזעסן טיף פארוקט אין קאָטש־ווינקל, איינגעהויקערט דעם קאָפּ צווישן די אקסלען און פאַר־זונקען אין זיינע פינצטערע געדאַנקען. וואָס טוט זיך דאָ? האָט ער גע־קלערט. ווו שלעפּט מען מיר איצט אין מיטן נאכט? ער האָט בשום אופן ניט געקענט באגרייפן וואָס דאָס אַלץ באַדייט. ער איז שוין געשלאָפן אף זיין האַרטער און אייזערנער בעטל אין זיין איינצל־קאמערל. פּלוצלינג האָט זיך געעפֿנט די טיר, עס האָט א בליץ געטאָן א לאַמטערנע אים אין

די אויגן און ער האָט דערזען לעבן זיך ניט קיין אנדערן ווי דעם קאָמענ־דאנט אליין. ער האָט ניט געשריען, ניט געלארעמט ווי זיין געוווינהייט איז געווען, נאָר אים געהייסן גיך זיך אָנטאָן און מיטגיין מיט אים. ער האָט אים ארויסגעפירט פון דער תפיסה. צוגעפירט אים צום קאָטש וואָס איז שוין געשטאַנען געשפּאנט. דער קוטשער האָט שנעל געעפנט די טיר־לעך, אריינגעלאָזט זיי ביידן אין קאָטש, אליין איז ער גיך ארופגעשפּרונ־גען אפן באָק און דער קאָטש האָט זיך א ריר געטאָן פון אָרט. מערקוויר־דיק איז דאָס אָבער געווען, פּונקט אין מאָמענט ווען דער קאָטש האָט געדארפט דורכפאָרן די טויערן פון פּאַוויאַק, האָט זיך דערהערט פון תפיסה־הויף צוויי ביקסן־שאָסן. אָט די קנאַלן וואָס האָבן זיך דערטראָגן צו אים אין דער שטילקייט פון דער פינצטערער נאכט, האָבן געמאכט אופשוויידערן. א שרעק איז אים באַפאַלן. דאָס שיסט מען שוין ארעסטיר־טע. יאָ, ער האָט געהערט אמאָל, אז די ארעסטירטע וואָס מען דערשיסט, ווערט דער מאָרד אויסגעפירט נאָר באנאכט. ווייל מען מיך אויך שוין אומברענגען? מען פירט מיך ערגעץ צום טויט? אָבער פאַרוואָס טוען זיי דאָס ניט דאָ, אין הויף פון דער תפיסה ווי מען האָט דאָס איצט געטאָן מיט יענע אומבאקאנטע? עס איז אים פלוצלינג אופגעפאַלן, אַז אייגנטלעך מוז דאָך שוין זיין דער באראָן קארף דאָ אין ווארשע, ער איז דאָך געוואָרן דער גענעראל־גובערנאַטאָר דאָ, ניט שוין זשע ווייסט ער ניט פון אים? אָדער ער האָט אים פאַרגעסן איינגאנצן? נאָר יאָ, ווי אזוי קען ער וויסן פון אים, ער האָט זיך דערמאָנט, אז קאַטיע איז דאָך געבליבן אין צאַפּאַט. זי אליין ווייסט אודאי אויך ניט וואָס מיט אים איז געשען און אין וועל־כער צרה ער איז ארייגעפאלן.

די קאַרעטע האָט דערווייל באַוויזן דורכקרייצן עטלעכע גאסן. זי דרייט זיך אין דער פינצטער. ער הערט נאָר ווי די רעדער קייקלען זיך אי־בער די ברוק־שטיינער. פון צייט צו צייט גיט דער קוטשער א קנאַל מיט דער בייטש און עס הערט זיך דער ריטמישער קלאַפּן פון די פערד־פּאָד־קאָוועס איבער די שטיינער.

וואלדמאַן האָט זיך אָנגענומען מיט מוט. ער האָט זיך אויסגעדרייט צו דער זייט ווו דער אָפיציר איז געזעסן און געפרעגט:

— ווהין פירט איר מיך אין מיטן דערנאכט? ניט שוין־זשע ווילט איר מיך דערמאָרדן גאָר אָן א געריכט, און אָן אן אויספאָרשונג?

— שווייגט, — האָט דער פּולקאָווניק אַף אים א ברום געטאָן. — דאָס איז ניט אייער עסק. און ווידער איז ער געבליבן שטום ווי פריער, ווידער האָט דער אָפיציר געקוקט מיט זיינע גזלנ׳ישע אויגן אפן רוקן פון קוטשער און קיין וואָרט ניט ארויסגעבראכט.

מיטאמאָל פילט וואלדמאן, אז די פערד זיינען געבליבן שטיין. עס האָט א סקריפּ געטאָן א שווערער טויער. דער קאָטש האָט ווייטער געדירט כדי מיט א מינוט שפּעטער ווידער שטיין צו בלייבן. דאָס מאָל האָט ער שוין געזען ווי דער קוטשער שפּרינגט אראָפּ פון באָק. עפנט די טירל פון קארעטע און זאָגט דעם פּאָלקאָווניק: „מיר זיינען שוין אָנגעקומען אייער הויכוויילגעבאָרן". דער קאָמענדאנט קריכט ארויס פון קאָטש, הייסט אים אויך טאָן דאָס זעלביקע און דערזעט זיך מיטאמאָל שטיין פאַר אַ גרויסארטיקן פּאַלאַץ. דער פּאָלקאָווניק שטייט לעבן אים, טשיקאַווע, גאָר אָן שמירה שטייען זיי דאָ ביידע, ער פילט ווי דעם אָפיצירס אויגן דרינגען אים דורך און דורך, ווי ער וואָלט וועלן זיינע גלידער איבערציילן. וואָס קומט דאָ פאָר, טראַכט נאָך אַלץ וואלדמאַן — ווהין האָט ער מיך דאָ געבראכט?

און דער פּאָלקאָווניק קוקט אַף אים און טראכט אויך. ער ווארט די טיר זאָל זיך עפענען. דאָס איז דאָס צווייטע מאָל וואָס ער באטראַכט דעם דאָזיקן ארעסטאַנט. איינמאָל ווען מען האָט אים געבראכט אין פּאַוויאַק. עס איז אים דעמאָלט געווען טשיקאווע פארוואָס מען האָט דעם ארעסטאנט געבראכט אהער, לויט א באַפעל פון צארישן הויף. איצט קוקט ער אַף אים און זאָגט צו זיך אליין: — דער טייוול ווייסט זיי דאָרטן אין פּעטערבורג, דאכט זיך א גאָרניט פון א מענטשל, א צעבראָכענער נפש, אזעלכער וואָס קען ניט א וואָרט אויסרעדן פון שרעק און מען מאכט פון אים א גאַנצן וועזן. ער איז דאָך אַזאַ פּחדן, ער האָט מורא פאַרן טויט און גראַד אים קלייבט מען דאָס אויס אַף אַזעלכע געוואַגטע און געפערלעכע אַרבעטן. לאַנג קלערן האָט ער שוין ניט געקענט. א זייטיקע טיר האָט

זיך געעפנט און מען האָט אים איינגעלאדן אריינגיין צוזאמען מיט זיין באגלייטער, דעם ארעסטאנט.

ביידן האָט מען אריינגעפירט אין א טונקל־באלויכטענעם גרויסן סאַ־לאָן און זיי געבעטן זיך זעצן.

— זיין עקסעלענץ גייט גלייך אריין, — האָט דער העַר, וואָס האָט זיי אריינגעלאָזן, געזאָגט און איז פארשוווּנדן.

דער פּולקאָווניק האָט זיך אריינגעוואָרפן אין א גרויסן לעדערנעם זעסל וואָס איז דאָרטן געשטאַנען און הייסט וואלדמאנען אויך טאָן דאָס זעלביקע.

לאַנג זיצן און טראַכטן, יעדער מיט זיינע געדאַנקען, האָבן זיי ניט געקענט. עס האָט זיך געעפנט א טיר אינעם סאַלאָן, עס האָט זיך אָפּגעַ־רוקט א שווערע פּלושענע פּארטיערע, וואָס איז געהאָנגען פאר דער טיר און אין טיר האָט זיך באוויזן באַראָן קאָרף.

דער פּאָולקאָווניק האָט זיך אופגעהויבן פון זיין פּלאַץ, א ווונק גע־טאָן אין דער ריכטונג צו וואלדמאנען, ער זאָל אויך דאָס זעלביקע טאָן.

דער גענעראל איז אריין טיפער אין סאלאָן. א פּליכטליקן בליק ווארפט ער אף דעם ציטערנדיקן וואלדמאנען און גייט צו צום קאָמענדאנט.

— גוטן אָוונט פּולקאָווניק — זאָגט ער צו אים פריינטלעך און דריקט אים די האנט. גיט זיך א דריי אויס צו דער זייט פון ארעסטירטן, ווארפט אים צו א פּיל באדייטיקן פריילעכן שמייכעלע און מאכט אים מיטן האנט א צייכן, ווי ער וואָלט אים וועלן זאָגן, ווארט אַ ווײַלע, מיט דיר וועל איך שפּעטער רעדן. ער דרייט זיך אום ווידער צום פּולקאָווניק און זאָגט:

— נו, ליבער פּולקאָווניק, ווי איז אייך געגאַנגען? אלץ איז געגאנגען אין אָרדענונג, אלץ ווי מיר האָבן אָפּגערעדט? איין מאָמענט, פּאָלקאָווניק וועל נאָר באזאָרגן דעם ארעסטירטן און וועל מיך מיט אייך אונטערהאלטן.

א קלונג מיטן עלעקטרישן גלעקל און דער זעלביקער הער וואָס האָט אריינגעלאָזן זיי ביידן אין סאלאָן פריער, באווייזט זיך אין טיר.

— פירט אָפּ דעם הער, — און ווייזט אים אָן אף וואלדמאנען, —

אין פּאווילִיאָן רעכטס, לאָזט אים אריין אין א באַזונדער צימער. זאָל דער הער ווארטן אף מיר דאָרטן. איך וועל באלד קומען.

— יאָ, עקסעלענץ, — האָט דער פּולקאָווניק געענטפערט. אלץ איז דערלײידיקט געוואָרן נאָך אייער ווונטש.

— אויסגעצייכנט, פּולקאָווניק, איך דאנק אייך פּערזענלעך און שרייב מאָרגן וועגן אייך אין פּעטערבורג. איך פארשפּאָר אייך צו זאָגן נאָך אמאָל אז די גאנצע געשיכטע מוז בלייבן שטרענג ווי א מיליטערישע געהיימניש, אונטערן שוץ פון אייער אָפּיצירסקן ערנוואָרט. איצט זייט איר פריי, מיין ליבער פּולקאָווניק, מאָרגן דערוואַרט איך דעם אָפּיציעלן ראפּאָרט פון אייך. איר קענט רויק זיין, אז דעם דינסט וואָס איר האָט היינט געלייסטעט פארן צער, פארן פאָטערלאנד און פאַר מיר, וועלן מיר ניט פארגעסן.

דער באראָן האָט זיך אופגעהויבן פון זיין פּלאַץ, געבנדיק דערמיט צו פארשטיין, אז זיין אונטערעדונג מיט אים איז צו ענדע און זיין דינסט פאר היינט איז דערלײידיקט.

באם באראָנס דערשיינען אין סאלאָן, ווי נאָר וואלדמאן האָט אים באמערקט, איז גלייך אריינגעטראָטן אן ענדערונג אין זיין גאנצער האל־טונג ער האָט זיך מיטאמאָל געגומען פילן, ווי ער וואָלט זיך אופגעכאפּט פון א שווערן קאָשמארנעם שלאָף. ער האָט גענומען פילן אן אָנגענעמע ווארעמקייט אין אלע זיינע גלידער. זיין קערפּער איז אים געוואָרן פרישער. ער האָט אויסגעגלייכט זיינע גלידער. זיין בלאַסע געזיכט האָט אריינבא־קומען פארב. א לייכטער שמייכעלע האָט זיך באוויזן אף זיינע ליפּן און די אויגן האָבן געקוקט מיט בליקן פון פארבאהאלטענער פרייד, און זיכערקייט. נו, צו מיינע צרות איז שוין געקומען אן ענדע, טראַכט וואלדמאן, אויב דער באראָן האָט מיך אין זיינע הענט, וועל איך שוין מסתמא אינגיכן פריי ווערן. זיין הארץ האָט אים גענומען קלאַפּן פון פרייד. דאָס איז דאָך קאַטיעס קאָפּ, טראַכט ער, ווי אזוי האָט זי זיך דערוווּסט פון מיר און ווו איז זי איצט?

גייענדיק דורך די קאָרידאָרן, באגלייט דורך דעם אומבאקאנטן הער, האָט וואלדמאן געהאט חשק צו פרעגן, וואָס דאָ טוט זיך, ווי אזוי מען האָט אים דאָ באפרייט, ער האָט אָבער באשלאָסן, אז ניין. ער וועט שוין

וואַרטן אַ ווײַלע. זיכער וועט דער באַראָן אים פון אַלץ זאָגן. ער וועט באַלד אַרײַנגײן צו מיר. ער האָט דאָך מיר געמאַכט אַ צײכן מיטן האַנט. און אפשר וועט גאָר באַלד זיך באַווײַזן קאַטיע? אַ געפיל פון אַ פרײדיקער וואַרעמקײט צוגיסט זיך איבער אַלע זײַנע גלידער, טראַכטנדיק פון איר.

נאָך אײדער וואַלדמאַן האָט באַוויזן אַרומצוקוקן גוט דאָס צימער ווו מען האָט אים איצט אַרײַנגעפירט, אײדער ער האָט נאָך באַוויזן אויסצוזוכן אַ באַקוועם פּלאַץ צו זיצן און טראַכטן, האָט זיך שוין געעפנט די טיר און דער באַראָן איז שוין אַ לאַכנדיקער געשטאַנען פאַר אים.

— נו, וואַלדמאַן, ווידער אַרײַנגעפאַלן? ווידער ווי אַמאָל אין מאַזשייק, איר געדענקט דעמאָלט? האַ, אָבער איצט זײט איר גוט אָפּגעקומען. גוט זיך געשראָקן אין די פאָך וואָכן פון אײער אַרעסט? דערפאַר זײט איר שוין איצט פרײ.

— אָ, איך דאַנק אײך, הער באַראָן, — האָט וואַלדמאַן מיט אַ פרײדיקער שטימע אים געענטפערט. איך האָב זײער פיל געליטן. זײער פיל האָב איך אין די פאָר וואָכן איבערגעלעבט. איך ווײס באמת ניט ווי אײך צו דאַנקען פאַר די פרײַהײט וואָס איר גיט מיר. באַזונדערס די מי און אומאָנגענעמלעכקײטן וואָס עס האָט אײך געמוזט פאַרשאַפן אַזאַ זאַך. איבערהױפּט האָט מיך פאַרדראָסן און עס האָט מיר געמאַטערט די גאַנצע צײַט דער געדאַנק, אַז אַזוי איר און אַזוי אויך אײער געשעצטע פאַמיליע קענען טאַקע גלויבן, אַז איך בין שולדיק אין אַלץ וואָס מען האָט מיך באַשולדיקט, בשעת אין דער אמת׳ן ווײס איך ניט פון וואָס צו זאָגן. און ווײסט איר ווער עס האָט מיך אַרײַנגעשלעפּט אין דער גאַנצער צרה, הער באַראָן? ניט קײן אַנדערער ווי דער נידערטרעכטיקער ראָזענבערג, אײער שכן און הויז־פרײַנט.

— איך ווײס שוין אַלץ, וואַלדמאַן, באַרויקט אײך, מאָרגן וועלן מיר דעריבער לענגער שמועסן. הײַנט מוזט איר קומען צו זיך פון אײערע צרות. איר מוזט זיך גוט אויסשלאָפן, אָרנטלעך אָפּעסן, זיך גוט אויסבאָדן און ווערן צוריק אַ מענטש, — האָט דער באַראָן לאַכנדיק צו אים געזאָגט.

דער באַראָן האָט אַרײַנגערופן אַ דינער. באַפוילן אים מאַכן פאַר וואַלדמאַנען אַ באָד, באַזאָרגן אים מיט רײנע וועש און קלײדער, געבן אים

עסן און טרינקען און אים אָנווייזן א צימער ווו ער זאָל זיך די נאכט אויסרוען. ער האָט געדריקט וואלדמאנען די האנט. געווונטשן אים א גוטע און אָנגענעמע נאכט און איז פארשוווּנדן.

אף מאָרגן, נאָך די אַלע פּאסירונגען פון דער נאכט, איז דער באראָן געזעסן מיט זיין פאמיליע באם פרישטיק־טיש. ער האָט זיך געמאכט ווי ער איילט זיך צו גיין אין זיין ארבעטס־קאבינעט פון זיינע ביוראָען.

— הער פּאפּא, — האָט זיך צו אים אָפּגערופן די טאָכטער זיינע.

— דו האָסט מיר פייערלעך פארשפּראָכן אז גלייך ווי מיר קומען אין וואר־שע, וועסטו דערליידיקן דעם ענין מיט וואלדמאנען. עס זיינען שוין פאר־ביי אייניקע טעג און איך הער גאָרניט, אז דו זאָלסט האָבן וואָס אָנגע־פאנגען אין דעם ענין. ווי לאַנג נאָך זאָל ער זיך קווילן אין די טורמעס אומשולדיקערהייט?

— הם, טאָכטער, — האָט ער געענטפערט. — ווי איך זע ביזטו גוט פארקאָכט אין דיין וואלדמאנען. דו האָסט קיין געדולד ניט צו ווארטן א פּאָר טעג. האָסט פארגעסן, אז איך בין געווען פארנומען מיטן אראָפּ־ברענגען דיין מוטער. ווי לאַנג איז ווי די מאמע איז אהיים? אָבער גוט, דו ביזט גערעכט. איצט וועל איך מיך שוין נעמען פאר דיין וואלדמאנען. ווילט איר ניט אריבערגיין מיט מיר, מיינע ליבע דאמען, אין קעגנאיבער־דיקן פּאוויליאָן? — האָט דער באראָן העפלעך איינגעלאדן זיין פרוי און טאָכטער. — דאָרטן זייט איר נאָך קיינמאָל ניט געווען. עס איז אינטערע־סאנט צו באזיכטיקן די דאָרטיקע צימערן.

די דאמען האָבן גערן אָנגענומען די איינלאדונג פון באראָן און זיי זיינען אַלע דריי אַרויס פון סאַלאָן, ווו זיי האָבן געפרישטיקט.

ער האָט זיי געפירט אין אַ דערבייאיקן פליגל, געפירט דורך טרעפּ און קאָרידאָרן, טירן האָבן זיך געעפנט און פארמאכט, ביז ער האָט גע־עפנט אַ טיר און געלאָזט גיין די דאַמען פאַרויס.

— וואָס טוט זיך דאָ? ווילי, דו ביזט דאָס? — האָט זיך דערהערט איבערן קאָרידאָר אַ פריידיקער אויסגעשריי פון קאַטיען. — ווי קומסטו אַהער? ווי נעט דאָס איז. דער פּאַפּאַ איז שטענדיק מיט זיינע איבערא־שונגען. פּאַר מינוטן האָב איך מיט אים גערעדט וועגן דיין באפרייונג און

דו ביזט גאָר דאָ שוין אַ פרייער. — זי איז האסטיק צוגעלאָפן צו וואַלד־מאַנען, וואָס איז געזעסן אַן איבעראַשטער אין זיין באַקוועמען זעסל און פון גרויס איבעראַשונג, אַפילו קיין צייט ניט געהאַט זיך אופצוהייבן פאַר די דאַמען, און האָט אים אַ קוש געטאָן אין באַק. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס זי האָט אים געקושט אין קעגנוואַרט פון אירע עלטערן.

— פאַפאַ, — האָט זי מיט איר פרייליך - קלינגענדיקע שטימע געשריען, — ווי וווּנדערבאַר דו האָסט דאָס אַראַנזשירט, ווי גליקלעך איך בין, אַז וואַלדמאַן איז שוין פריי. מאַמאַ, ווו ביזטו? קום אַהער נענטער, פאַרוואָס באַגריסטו ניט וואַלדמאַנען?

— הערט קינדער, — האָט דער באַראָן מיט אַן ערנסטן טאָן אָנגעפאַנגען — זיך פרייען מיטאַנאַנדער און שמועסן וועט איר האָבן צייט שפּעטער אויך. איך קען דאָ ניט פיל בלייבן מיט אייך. קודם מוזט איר אַלע ווייסן, אַז פאַר דער וועלט עקזיסטירט ניט מער קיין מענטש מיטן נאָמען וואָלף וואַלדמאַן. אַזאַ מענטש איז דערשאָסן געוואָרן די פאַרגאַנגענע נאַכט, באַם מאַכן אַ פאַרזוך צו אַנטלויפן פון וואַרשעווער פאַוויאַק. וואַלדמאַן מוז זאָפאָרט אָנעמען אַן אַנדער נאָמען און איר ביידע, דו קאַטיע און ער, דאַרפן זיין גרייט, שוין מאָרגן אָפּצופאָרן קיין דייטשלאַנד. איך וועל אייך שפּעטער דערקלערן דעם גרונט דערפון.

— פאַפאַ, ער וועט פון היינט אָן הייסן, ווילי וואַלד, געדענקסט, אַז אין צאָפּאָט האָב איך דיך אויך גערופן מיט דעם נאָמען, — האָט קאַטיע געזאָגט.

— מיר זאָל דאָס רעכט זיין — האָט דער באַראָן אַ שמייכלענדיקער צוגעשטימט. פון דעם מאָמענט אָן איז וועלוול וואַלדמאַן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פרייש אויסגעבאַקענעם, ווילי וואַלד.

נאָך אינעם זעלביקן טאָג האָבן זיך באַוויזן נאָטיצן אין די וואַרשעווער צייטונגען, אַז די נאַכט איז אין פאַוויאַק דערשאָסן געוואָרן אַ פּאָליטישער אַרעסטירטער באַם פאַרזוכן צו אַנטלויפן פון געפענגעניש. ער איז געפאַלן טויט גלייך אָפן אָרט פון דעם וועכטערס אַ קויל. דער נאָמען פון אַרעסטירטן איז אין די צייטונגען ניט אָנגעגעבן געוואָרן. אָבער נאָכמי־

טיק האָט אַן אָרדענאַנץ פון פּאַוויאַק געבראַכט אין קאָנצעלאַריע פון גע־נעראַלגובערנאַטאָר אַ ראַפּאָרט, אין וועלכן עס איז געווען מיטגעטיילט, אַז דער פּאָליטישער אַרעסטירטער, דער סטודענט פון קיעווער פּאָליטעכני־קום, וואָלף וואַלדמאַן, איז באַם פּאַרזוכן צו אַנטלויפן פון תּפיסה, דורך די וועכטער דערשאָסן געוואָרן. די לייכע פון געפאַלענעם אַרעסטאַנט איז באַערדיקט געוואָרן אַפן סעמענטער פון פּאַוויאַק.

דורכלייענענדיק דעמדאָזיקן ראַפּאָרט, האָט דער גענעראַל־גובערנאַ־טאָר אַ שמייכל געטאָן. מיט אַ רויטן בלײַשטיפט האָט ער אָנגעצייכנט אַפן ראַנד פון דאָקומענט: „מיטיילן דערפון דער פּאָליציי און פאַראָרדענען, מען זאָל דערפון פאַרשטענדיקן אַפן פּאָליצעישן וועג, דער פאַמיליע פון דערשאָסענעם״.

אינאָוונט, ווען דער באַראָן איז געווען צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע, האָט ער געהאַט אַ לענגערן שמועס מיט זיין טאָכטער און ווילין. ער האָט זיי דערקלערט די גאַנצע סיטואַציע אין וועלכער ער איז פאַרוויקלט אַלס עכטער דייטש, זיינע אַספּיראַציעס און זיינע האָפענונגען. דעם דראַנג, וואָס זיי, די באַלטישע דייטשן האָבן צום דייטשן וואָרצל, און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מאָרגן פאָרן זיי ביידע אין דייטשלאַנד. דער וועג זאָל זיין איבער טאָרן, שניידעמיל, בערלין. זיי פאָרן ביידע מיט לעגיטימע פּאַפּירן. זי, אַלס באַראָנעסע קאַרף, אַ טאָכטער פון גענעראַל־גובערנאַ־טאָרס אַ ברודער, וואָס האָט געלעבט אין זיינעם אַ מאַיאָנטעק, אין וואָ־לין, באַ דער עסטרייכישער גרעניץ, און ער, אַלס אַ דייטש, געבאָרן אין רוסלאַנד, אַ חתן פון דער באַראָנעסע. אויסערדעם, וועט זיי די קאַנצע־לאַריע זיינע באַזאָרגן מיט פּאַפּירן, אַז מען זאָל זיי ניט שווער מאַכן די דורכרייזע איבערן גרעניץ, ווייל, — האָט ער צוגעגעבן, — מען דער־וואַרט אַ מלחמה יעדן טאָג. איז דער גרעניץ־פּאַרקער שווערער איצטער.

אין זייערע געפּעק פירן זיי אַ האַלב טוץ זיידענע הערן־העמדער מיט אַ וואונדערבאַרע אויסנייעכץ, האַנטאַרבעט געמאַכט. די העמדער זיינען אַ מתנה פאַרן מאַיאָר צימערמאַן אין בערלין, אַ באַקאַנטער פון באַראָן, אַ פּערזאָן, וואָס זיי האָבן געהאַט די געלעגנהייט קענען צו לערנען אין צאָ־פּאָט. דער באַראָן האָט זיי אויך פאַרטרויט מיט דער געהיימניש, וואָס די

דאָזיקע העמדער אַנטהאַלטן. די אויסנייעכץ באַצייכנט אַלע גרעניץ־פּונקטן און די פעסטונגען, וואָס ליגן אין די פּונקטן און מיט וועלכע געווער זיי ווערן פאַרטיידיקט.

דער באַראָן האָט זיי אינסטרווירט: אויב די מלחמה וועט אויסגעמיטן ווערן, אַ זאַך, וואָס עס איז ניט צו גלויבן, זאָל קאַטיע קומען צוריק אַהיים, און ער, ווילי, זאָל זיך פאַרשרייבן אין אַ טעכנישער הויכשולע אין דייטשלאַנד. ער וועט שוין אַכטונג געבן, אַז ער זאָל אָן שוועריקייטן דאָרטן אָנגענומען ווערן און וועט זאָרגן פאַר זיין אויסהאַלטונג. אין פאַל אַז עס וועט נייטיק זיין צו דורכפירן וועלכע ניט איז געהיימע אַרבעט, וועט ער אַריבערקומען אַהער. פאַר דעם פאַל אָבער, אַז די מלחמה וועט יאָ אויסברעכן, בלייבן זיי אין דייטשלאַנד און וואַרטן אַזוי לאַנג, ביז זיי וועט געלינגען זיך צו פאַראייניקן. אַלציינס, מוז ווילי אָנקומען אין אַ הויכשולע.

## פערצנטער קאַפּיטל

דער פּייער, וואָס האָט זיך אָנגעזונדן צוריק מיט אַ פּאָר וואָכן האָט זיך שוין געהאַט פאַרנאַנדערגעפלאַקערט און האָט גיך אָנגעצונדן גאַנץ אייראָפּע. איין מלוכה נאָך דער אַנדערער זיינען אַריין אין קריג. מענטשלעכע לעבנס זיינען שוין געפאַלן, ווי זאַנגען נאָך דעם שניטער. ריזיקע שטחים פון גרויסן רוסלאַנד זיינען פאַרכאַפּט געוואָרן פון קריג. דער קריגספּיבער האָט אויך דערגרייכט אַזש קיין ריטעווע, דאָרטן, ווו סאָניע, וועלוול וואַלדמאַנס פרוי איז געלעגן טאָג ווי נאַכט און ניט אויפגעהערט צו באַקלאָגן איר מאַן. זי האָט טייכן טרערן פאַרגאָסן אַף איר גליק, וואָס איז אַזוי גיך צעשטערט געוואָרן. איר מאַן וואַלגערט זיך ערגעץ אין די טורמעס און קיין מוטער־מענטש ווייסט ניט ווו ער איז אַהינגעקומען.

עס איז אָנגעקומען דער סעפּטעמבער. עס האָט ווידער גענומען בלאָ־זן אין שטעטל מיט אלול־ווינטן. די שטימונג איז דאָס יאָר געווען נאָך טרויעריקער, ווי אַלע מאָל. אַף די אָסט־פּרייסישע פעלדער, אַף די זאמדי־קע בערגלעך פון אַרום סטאָלופּענען, האָבן שוין געפונען זייער אייביקע רו אייניקע יונגעליַיט פון שטעטל, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די דאָר־טיקע שלאַכטן. די וועלדער פון גאַליציע האָבן שוין אויך געציילט אַ סך קברים פון יידישע קרבנות.

באַ זלמן, דעם פּאַכטער, אין שטוב איז געווען אַ שטענדיקער תשעה־באב. עס איז געווען אַ וואָך נאָכן ברית באַ סאָניעס זונדעלע, זייער ערשט אייניקל. סאָניע איז געלעגן אין איר צימער און נאָכאַנאַנד געטרויערט. עטל, די אַלמנה פלעגט אויך ליגן באַ זלמנען אין שטוב און אַלץ געוויינט און געטענהט: — ווו האָט איר אַהין געטאָן מיין ליב קינד, פאַרוואָס האָט איר אים צוגענומען פון מיר? זלמן אַליין איז אויך אַרומגעגאַנגען מיט אַ צעבראָכן האַרץ און אַ געבויגן קאָפּ. ער האָט געשוויגן. ער האָט זיינע צרות געטראָגן אין זיך. ניט לייכטער געמאַכט זיך מיט שרייען און טענהן. — ווער קען מיר העלפן אין מיין בראָך? — האָט ער געזאָגט — וואָס וועט מיר העלפן, אַז איך וועל שוין ברעכן מיט די הענט און קלאָגן?

קליגערע און דערפאַרענע באַלעבאַטים האָבן אים אַפילו געצהט אַז, היות, באַראָן קארף איז דאָך איצט גענעראַל־גובערנאַטאָר אין וואַרשע, זאָל ער אַריבערפאָרן אַהין, זיך צושלאָגן צו אים אַליין, דערציילן אים פון דער צרה און בעטן אים, ער זאָל זיך אַריינמישן און העלפן. ער מוז דאָס טאָן, זאָל זלמן אים זאָגן. עפּעס איז ער דאָך, וועלוועלען, שולדיק פון אמאָל. אַ קלייניקייט איז דאָס ראַטעווען זיין טאָכטער פון זיכערן טויט? אָבער ווי פאָרט מען אין וואַרשע אין אַזאַ צייט, בשעת דאָרטן ערגעץ איז דאָך די סאַמע מלחמה. גאָט ווייסט, וואָס אין אַזאַ צייט און אין אַזאַ ווייַ־טן וועג קען פּאַסירן. דעמאָלט בלייבט אַ גאַנצע שטוב מיט ווייבער אַליין. וואָס פאָרט וועלן זיי אָנהייבן טאָן אַליין אָן אים? איז ער טאַקע אַרומגע־גאַנגען אַ דערשלאָגענער און זיך קיין עצה ניט געגעבן.

אין איינעם פון די טעג איז אַריין צו אים דער שטעטלשער אוריאַד־ניק.

— שוין, וואָס איז שוין ווידער פאַר אַ צרה? — האָט זלמנס ווייב זיך אָפּגערופן, דערזעענדיק דעם ניט געבעטענעם גאַסט.

דער גאַסט, אָבער, האָט זיך ברייטלעך צעזעצט אױף אַ שטול באַם טיש. אַוועקגעלייגט לעבן זיך זיין פּאָרטפעל מיט די פּאַפּירן, גענומען זיך דאַרטן פּאָרן, לסוף אַרויסגעשלעפּט אַ פּאַפּיר פול מיט אָפּיציעלע שטעמפּלען.

— זלמן, — האָט ער זיך אָפּגערופן צו אים, וואָס איז געשטאַנען און זיינע אויגן ניט אַרונטערגענומען פון אים — קום אַהער נענטער, איך האָב פאַר דיר אַ נייס, אָבער זייער ניט אַ פרייליכע.

— באַ דיר בלייב עס, — האָט אין דער שטיל זיך אָפּגערופן חיה־שיינע, זלמנס ווייב.

— דער רעוואָלוציאָנער דייַנער, איך מיין, דיין איידעם, וואָס מען האָט אים ניט לאַנג געכאַפּט מיט די פּאַפּירן אַפן גרעניץ, לעבט שוין נישט מער... מען מעלדעט דיר דאָס פון דער גובערניע, אַז דיין איידעם, וואָלף וואַלדמאַן, איז אין איינער אַ נאַכט, וועלנדיק אַנטלויפן פון דער תפיסה, דערשאָסן געוואָרן. פאַרשטאַנען? — האָט דער אוריאַדניק געפרעגט — טאַ, קום אַהער, שרייב דיך אונטער.

זלמן און די אַנדערע שטובלייט זיינען געבליבן שטיין, ווי עס וואָלט זיי געטראָפן אַ דונערשלאַג. מען האָט זיך שטום אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן און אַ וואָרט ניט אויסגערעדט, אַזוי האָט געווירקט אױף זיי די ידיעה. די ערשטע האָט חיה־שיינע רעאַגירט אױף דער ידיעה. אַ שטראָם טרערן האָט גענומען שפּאַרן פון אירע אויגן און אַפן קול האָט זי זיך צעשריען: — פאַרוואָס קומט דאָס מיין קינד זאָל אַזוי ביטער געשטראָפט ווערן, ליבער גאָט!...

— קום אָקאָרשט גיכער אַהער, זלמן, שרייב זיך אונטער, זאָג איך דיר, — האָט דער אוריאַדניק געאיילט. — וויינען קלאָגן וועט איר קענען שפּעטער.

— נאָך דיין קאָפּ — האָט חיה־שיינע, וויינענדיק צוגעוואָרפן דעם אוריאַדניק.

כאָטש די פּערזענלעכקייט פון וועלוולען איז לעצטנס שטאַרק גע-

פאַלן אין זלמנס אויגן, די מיאוסע שטיק, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן זיין פרוי און זיין מוטער, האָבן אים באַוויזן אין זייער אַ שלעכטער ליכט, — האָט אָבער די ידיעה פון זיין טראַגישן טויט געמאַכט אַף אים און אַף זיי אַלעמען אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק. מען האָט זיך געשטיקט מיט די טרערן, מען האָט מורא געהאַט צו וויינען אין דער הויך, טאָמער וועט סאָניע זיך דערוויסן. לאַנג אָבער האָט מען דאָס ניט געקענט באַהאַלטן, בפרט, אַז דער אוריאַדניק אַליין האָט פול געמאַכט די שטעטל דערמיט. אַלע אין שטעטל האָבן שוין דאָס געוווּסט. פאַרשטייט זיך, אַז סאָניע האָט דאָס אויך באַלד געקראָגן צו וויסן. עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד האָט זי ניט אופגעהערט צו וויינען און זיך רייסן די האָר פון קאָפּ. פון גרויס צער האָט זי וועלטן איינגעלייגט. — מען האָט מיר מיין גליק ניט פאַרגונען — האָט זי געטענהט. — מען האָט אים פון מיר אָפּגעריסן, אַוועקגענומען האָט מען אים פון זיין קינד, געמאַכט דאָס קינד פאַר אַ יתום. פאַרשאָלטן האָבן זיי מיך, די שונאים מיינע — האָט זי געשריען.

זלמן האָט ניט געקענט צוזען איר צער. ער האָט ניט געקענט זען, ווי זי נעמט זיך דאָס לעבן. איז ער אַמאָל צו איר צוגעשטאַנען:

— הער, טאָכטער, — האָט ער געזאָגט, — מילא, אַז דו האָסט פריער געקלאָגט און געוויינט, האָט מען געקענט האָפן, אַז ער וועט נאָך צוריקומען. מען האָט געקענט דערוואַרטן, אַז ער וועט זיך בייטן, ווערן אַ מענטש, זיך בעסערן, און אַלץ וועט ווידער גוט ווערן. אָבער איצט, טאָכטער, איז ער דאָך שוין טויט. אַ טויטן וועסטו מיט טרערן פון דער ערד ניט אופהייבן, וועסט אים שוין ניט לעבעדיק מאכן. איצט איז מלחמה־צייט, שטעל דיר פאָר, אַז ער איז געהרגעט געוואָרן אין דער מלחמה, ווי טויזנטער אַנדערע יונגעלייט ווערן טעגלעך אויסגעשאָכטן... עס איז פאַרפאַלן, מיין קינד, אים וועסטו שוין ניט לעבעדיק מאכן. אָבער אַף זיך דאַרפסטו רחמנות האָבן. דו ביזט אַ לעבעדיקער מענטש. דו דאַרפסט לעבן. דו מוזט דערנערן דיין עופהלע, דאַרפסט זיין אַ מוטער צו דיין קינד. הער אוף, טאָרסט זיך אַזוי דעם לעבן ניט נעמען. דו מוזט זיך קרעפטיקן און שטאַרקן, דו זאָלסט קענען אַריבערטראָגן דיין אומגליק. הער זשע אוף צו וויינען און קלאָגן — האָט ער זיך באַ איר געבעטן —

און זײנע אַרגומענטן, זײנע האַרציקע גוטע רײד האָבן געהאַט די געהעריקע װירקונג. ביסלעכװײז האָט סאָניע זיך בארויקט און װי ניט איז שלום געמאַכט מיט איר גורל.

ניט אַזױ לײכט איז דאָס אָנגעקומען צו באַרויקן עטלען. אַ גאַנצע װאָך האָט מען זיך מיט איר אָפּגעמאַטערט. מען איז ניט אָפּגעטראָטן פון איר שטיבל. מען האָט אײנפאַך מורא געהאַט, זי זאָל זיך דאָס לעבן ניט נעמען. אַזױ האָט זי געקלאָגט, אירע יסורים זײנען ניט געװען אַריבערצוטראָגן. אַ קלײניקײט, אַזױ טראַגיש פאַרלירן דאָס אײנציק קינד. סוף כּל סוף האָט די נאַטור אױך עטלען באַזיגט. זי האָט זיך אױך ביסלעכװײז גענומען באַרויקן און דאָס לעבן אין שטעטעלע איז אָנגעגאַנגען מיט זײן נאָרמאַלן גאַנג.

די שטעטלשע יידן האָבן אָבער נאָך לאַנג קאָמענטירט די געשעעניש מיט װאַלדמאַנען. — געהרגעט זאָלן װערן אַלע פּריצים, — האָבן זײ געטענהט — אַפילו די בעסטע און די אײדלסטע פון זײ זײנען רשעים און מערדער. אָט אַ שטײגער, דער באַראָן קאַרף, ער איז דאָך איצט גענעראַל־גובערנאַטאָר אין װאַרשע, האָט ער ניט געקענט אים אַרױסראַטעװען פון זײערע הענט? ער, דער געהרגעטער, האָט געמעגט ראַטעװען זײן טאָכטער פון זיכערן טויט, און דער באַראָן? אַפילו זײן פינגער אין קאַלט װאַסער האָט ער ניט אײנגעטונקט, עפּעס צו העלפן װעלװלען.

אין אַ טאָג האָבן אָבער די קאָמענטאַרן אָנגענומען אַן אַנדער װענדונג. אַ הויפקאַרעטע איז אײנמאָל צוגעפאָרן צו עטלס שטיבל און פון איר איז אַרויסגעשפּרונגען דער פאַרװאַלטער פון באַראָן קאַרפס גיטער אין װײנאָדן. ער איז אַרײן צו עטלען און איר איבערגעגעבן אין נאָמען פון באַראָן און זײן פאַמיליע זײער אופריכטיקסטן מיטגעפיל צו איר אומגליק, און האָט איר אָנגעזאָגט, אַז דער באַראָן האָט פאַראָרדנט, אין אָנדענק פון איר זון, זאָל זי באַקומען פון זײנע מאַיאָנטקעס אַלץ, װאָס זי דאַרף האָבן צו איר אופהאַלט: שפּײז, האָלץ און קלײדער. זי זאָל זיך אין קײן זאַך ניט נײטיקן. נאָך גרעסער איז געװען דער װוּנדער, װען מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער, איז געקומען דער פּריסטאַװ אַלײן אין שטעטל, געשיקט רופן עטלען און איבערגעגעבן איר דרײ הונדערט רובל באַר־געלט.

דאָס זאָל מען האָבן כלומרשט געפונען אין די קליידער פון דעם דערשאָ־
סענעם.

— איר זעט, — האָט מען אין שטעטל גערעדט — אַן איידעלער
פּריץ, בלייבט טאַקע אַן איידעלער. דער באַראָן האָ טדאָך ניט פאַרגעסן די
אַלטע מוטער וועלוולם. איי, פאַרוואָס האָט ער אים ניט געראַטעוועט?
מסתמא, האָט ער ניט געקענט... אַ דאַנק גאָט דערפאַר, — האָבן די יידן
געזאָגט.

מיטאַמאָל אָבער האָבן זיך גענומען שיטן אַף די יידישע קעפּ צרות
נאָך צרות און אומגליקן נאָך אומגליקן. באַזונדערס האָט דאָס געטראָפן
די יידן וואָס האָבן געלעבט אין די צפון־מערב געגנטן און אין די באַל־
טישע לענדער.

דער הויפּט־קאָמאַנדיר, גרויס־פירשט ניקאָלײַ ניקאָלאַיעוויטש, כדי
צו פאַרדעקן די גרויסע מפּלות אַף די פראָנטן, וואָס זיינען געקומען אַ
דאַנק די קאָרופּציע פון די צאַרישע גענעראַלן און הויכע באַאַמטע, אַ
דאַנק דער דעמאָראַליזאַציע און פאַראַט, וואָס האָט געהערשט אין זייערע
רייען, האָט ער באַפוילן, אַרויסטרייבן אַלע יידן פון יענע געגנטן, אונטער
דעם אויסרייד, אַז די געגנטן זיינען נאָענט צום פראָנט און מען קען די
יידן ניט טרויען. זיי קענען קומען אין קאָנטאַקט מיטן שונא.

אין בהמה־וואַגאָנעס האָט מען די יידן פאַרפּאַקט. ניט געגעבן זיי
קיין צייט, זיי זאָלן קענען עפּעס מיטנעמען פון זייער האָב און גוטס. מען
האָט צעריסן פאַמיליעס. פאָטערס פון קינדער, קינדער פון עלטערן, ברי־
דער פון שוועסטער, און מיט דער גרעסטער אַכזריות זיי פאַרטריבן ערגעץ
אין די ווייטע געגנטן פון גרויסן רוסלאַנד.

אויך ריטעווע האָט ניט פאַרמיטן דעם גרימצאָרן פון ניקאָלײַ ניקאָ־
לאַיעוויטש. אויך זלמן, דער פאַכטער, זיין טאָכטער סאָניע מיטן פּיצל
קינד, עטל די אַלמנה און די גאַנצע פאַמיליע, האָבן געמוזט פאַרוואָגלט־
ווערן. זיי האָבן אויך איבערגעלאָזן זייער האָב און גוטס, זייער פּראַצע
פון יאָרן, זייערע היימען, די קברים פון זייערע טייערסטע און וואַנדערן.

און פונדעסטוועגן האָבן די רוסישע מפּלות אַף די פראָנטן ניט אופ־
געהערט. איין פעסטונג נאָך דער אַנדערער איז געפאַלן. איין שטאָט נאָך

דער אַנדערער זיינען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון שונא. וואַרשע, די שיינע וואַרשע, די וועלט־שטאָט, מיט אירע אַלע פעסטונגען פון אַרום איר, זיינען אויך אַריינגעפאַלן צום שונא אין די הענט, כמעט גאָר אָן אַ ווידערשטאַנד. דער באַראָן קארף אַליין האָט געהאַט די אויבערקאָמאַנדע אין זיינע הענט. אין דער צייט פון פאַרטיידיקונג, איז ער גאָר אַריינגע־פאַלן אַלס קריגסגעפאַנגענער צו די דייטשן.

---

אין דערזעלבער צייט, ווען רוסלאַנד האָט שוין געבלוטעט פון די וווּנדן, וואָס זי האָט באַקומען פון איר שונא, דייטשלאַנד; ווען הונדער־טער, טויזנטער פון אירע בעסטע זין זיינען שוין געלעגן באַגראָבן אין די פעלדער און וועלדער פון אָסטפּרייסן, גאַליציע, ליטע, לעטלאַנד און אַנ־דערע געגנטן, זיינען צוויי יונגע רוסישע רעזרוו־אָפיצירן רויק געזעסן אין אַ צימער פון דעם אָפיצירן־קלוב אין דער דינאַבורגער פעסטונג און באַ אַ גלאָז ביר, האָבן זיי געפירט אַן אינטערעסאַנטן שמועס.

די ביידע רעזערוו־אָפיצירן זיינען געווען אונדזערע אַלטע באַקאַנטע: דער אַגראָנאָם אַלפרעד ראָזענבערג און דער גוטבאַזיצער, קורט מאַנטייפל.

— איז הייסט דאָס אַרויסגעוואָרפן דיין גאַנצע אַרבעט, אַלפרעד, דו האָסט געוואָלט אים אָפּראַמען פון וועג, ווי דו דריקסט זיך דאָס שטענדיק אויס, און דערפון איז גאָרניט געוואָרן. איך האָב שטאַרק רחמנות אַף דיר, מיין ליבער פריינט, — האָט קורט מיט אַן איראָניש שמייכעלע גע־זאָגט.

— יאָ, קורט, אַזוי ווייזט דאָס מיר אויס, כאָטש גאַנץ זיכער בין איך ניט אין דעם. ווי איך האָב נאָר באַמערקט די נאָטיץ אין די צייטונגען, אַז גראָד אין וואַרשע איז דערשאָסן געוואָרן אַ וויכטיקער רעוואָלוציאָנער, אַנטלויפנדיק פון טורמע, האָב איך גענומען פאַרדעכטיקן, אַז דער ענין איז עפּעס ניט גלאַטיק. פונקט האָט דאַמאָלסט דער באַראָן קארף איבערגע־נומען די מאַכט די דאָרטן. איך האָב גענומען חושד זיין, אַז קאַטיעס הענטל מוז דאָ שטעקן. איך האָב תיכף דורך מיינע מענטשן גענומען אויספאָר־שן דעם ענין און בין דערגאַנגען, אַז דער נאָמען פון דערשאָסענעם איז דר סטודענט וואָלף וואַלדמאַן. איצט פאַרשטייסטו שוין, אַז איך צווייפל

אין דער אויטענטישקייט פון דער גאנצער מעשה. איך גלויב, אז מען האָט דערשאָסן אַן אַנדערן אונטער דעם נאָמען, אָדער גאָרניט דערשאָסן קיינעם און דער סוביעקט געפינט זיך איצט אַף דער פריי, ערגעץ אין דייטשלאַנד, אָדער עסטרייך...

מאנטייפל האָט אויסגעהערט מיט אופמערקזאמקייט זיין פריינט און איז געבליבן שטיל זיצן. דערנאָך האָט ער אַ זופּ געטאָן פון זיין גלאָז, אופגעהייבן זיינע אויגן אַף ראָזענבערגן און געזאָגט:

— דאָס הייסט, פּשוט, מיין ליבער, אַז אין קאַמף מיטן יידן, האָסטו שוין צוויי מאָל געליטן נידערלאַגעס. איך האָב מורא, אַלפרעד, אַז דיין פריינט געריכנג איז גערעכט. דעם יידן וועסטו קיינמאָל ניט באַזיגן, ווייל דער ייד פירט אַ גערעכטן קאַמף, ער פאַרטיידיקט זיך פון זיינע אָנגרייפער, באַזונדערס געפעלט מיר ניט, וועןֹ דו וועסט ווייטער אָנגיין מיט דיינע אומענטשלעכע מעטאָדן אין קריג, אַזאַ קריג ווי דו פירסט, איז אוממאָראַליש, דאָס איז ניט קיין ערלעכער קאַמף, דאָס הייסט דאָך פּושט אַריינגעשטאָכן דעם שונא אַ מעסער אין רוקן. אַזאַ קריג פּאַסט ניט פאַר אַ דייטשן אַדלמאַן. אין אַזאַ קריג, מיין פריינט, וועסטו ווייטער אויך ליידן מפּלות, אַזאַ קאַמף מוז געווינען דער ייד, ווייל זיין קאַמף איז מענטשלעך, ערלעך און רעכטלעך, כאָטש דו צווינגסט אים, דעם קאַמף אַרויף.

— וואָס איז שייך מיר, — האָט מאנטייפל ווייטער גערעדט — פאַרציכטע איך אַף דיין הילף. עס איז אמת, איך ליב קאַטיען, איך וויל אָבער איר ליבע דעראָבערן מיט אויסדיוער, מיט טאַקט און ערלעכן קאַמף, אויב דאָס וועט לאַנג דויערן און מיינע געפילן צו איר וועלן זיך ניט האָבן געענדערט ,וועל איך זי דאָך אַמאָל געווינען. דאַמאָלט וועל איך איר קענען קוקן גלייך אין די אויגן און זאָגן: קאַטיע, איך האָב ערלעך געקעמפט פאַר מיין גליק, דיך צו באַזיצן. אין פאַל אָבער, דאָס וועט מיר ניט געלינגען, איז ניט צו מאַכן. מיין געוויסן וועט אָבער בלייבן ריין. פאָלג מיר, אַלפרעד, איך ראַט דיר, ווי אַ פריינט, וואַרף אַוועק דיין מעטאָד אין קאַמף. אַזאַ קאַמף פאָדערט אַ סך בלוט. איך האָב מורא, אַז איר קענט נאָך גאַנץ הייטשלאַנד פאַרטרינקען אין אַ טייך פון בלוט. נאָך וואָס דאַרפסטו וויסן, אַלפרעד, אַז פאַרגאָסענע בלוט קען מען נאָר אָפּוואַשן מיט בלוט. איך

האָב מורא פאַר אייך. אַזאַ דייטשלאַנד, ווי דו חלומסט, וואָס זאָל זיך אופ־הייבן אַף מיליאָנען מענטשנלייכעס, געפעלט מיר ניט. איך וויל ניט אַזאַ דייטשלאַנד, אַלפרעד...

— צום טייוול זאָלט איר אַלע גיין! — האָט ראָזענבערג ווילד אויס־געשריען — איר אַלע רעדט, ווי פּחדנים. גערינג איז אַ פּחדן און דו ביזט עס אויך! וואָס קוואטשסטו פון מאָראַל? וואָס הייסט באַ דיר מאָראַל? — האָט ער זיך צעקאָכט — אפשר איז דאָס די מאָראַל, וואָס אייער ייד, יעזוס, האָט אייך געלערנט, אַז מען פּאַטשט דיר אַף איין באַק, זאָלסטו אונטערשטעלן די אַנדערע?... דאָס איז יידישע מאָראַל, דאָס איז צעקראָ־כענע מאָראַל. מיר, דייטשן, באַזונדערס, די נייע דייטשן, פאַרשטייען אַנדערש מאָראַל. באַ אונדז מאָראַל הייסט מאַכט, געוואַלט, צוואַנג און ווו מען דאַרף אויך ברוטאַליטעט. אַ שונאַ מוז מען צעטרעטן, פאַר קיין זאַך אין דער וועלט טאָר מען זיך ניט אָפּשטעלן ווען מען וויל אַ שונאַ פאַר־פאַלגן. אָט וועלכע מאָראַל מיר דייטשן פאַרמאָגן און מיר וועלן זיגן; וואַרט, זאָל זיך נאָך די מלחמה ענדיקן, וועסטו זען, קורט וואָס מיר וועלן אופטאָן.

מאַנטייפל האָט זיך אופגעהויבן פון זיין פּלאַץ, גאַרניט געענטפערט, זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן און איינגעלאַדן ראָזענבערגן מיטגיין. גייענדיק האָט ער אים שטיל געזאָגט:

— שווייג משוגענער, דערווייל זיינען מיר נאָך רוסישע רעזערוו־אָפיצירן, היט דיך ניט אַזוי.

## פופצנטער קאַפּיטל

**זעקס** יאָר זיינען פאַרבייגעלאָפן נאָך די באַשריבענע געשעענישן. דער מבול פון בלוט און פייער וואָס האָט פאַרפלייצט גאַנץ אייראָפּע, איז שוין געוועזן אָפּגעשטעלט. נייע קאָנוווּלסיעס האָבן איצט אַרומגעכאַפּט די

אויסגעמאטערטע אייראָפּע. דאָ און דאָרט האָט מען געהערט פון רעוואָלו־ציאָנערע אויסברוכן. די אויסגעמאטערטע, פארפייניטע און רויניִרטע מענטשהייט אין אייראָפּע האָט ניט געוואָלט זיך אומקערן צו יענער וועלט, וואָס האָט פארורזאכט די נאָך ניט גוט אויסגעטריקנטע טייכן בלוט. יענע וועלט איז געווען א מיאוסע, א מערדערישע. מען האָט געזוכט א נייע וועלט, א בעסערע און א גליקלעכערע, א שענערע. האָבן די רעוואָלוציעס זיי פארשפּראָכן צו געפינען אזא וועלט נאָך וועלכע זיי בענקען אזוי. די רעוואָלוציע האָט פארשפּראָכן צו שאפן א זיכערע וועלט, רויקע היימען, פול מיט סאָציאַליסטישן כל טוב, האָט מען זיך געוואָרפן אין די אָרעמס פון דער רעוואָלוציע.

די גרויסע און מעכטיקע רוסלאַנד. דאָס לאַנד וואָס אַלע אומעגלעכ־קייטן איז דאָרט מעגלעך, איז געווען די ערשטע וואָס האָט גענומען ברעכן די מויער פון דער אַלטער וועלט. א וואַנט נאָך א וואַנט האָט גענומען פאַלן דאָרטן. די אַלטע אונטערגעפוילטע בנינים האָבן גענומען וואקלען, שפּאַל־טן. מען האָט זיי גיך איינגעוואָרפן און מען האָט זיך פארמאָסטן צו בוי־ען נייע אף זייער פּלאַץ. מאָדערנע, שענערע און פערפעקטערע בנינים האָט מען זיך געקליבן אופצושטעלן אָנשטאָט די אַלטע. אָבער ביז וואָס וועט, האָט מען דערווייל צוגעגרייט מאטעריאַל פאַר די געפּלאַנטע בנינים. דערווייל האָט מען געבראָכן און אָפּגעראַמט דעם ברוך.

די גאנצע יוגנט האָט מיט איר גאנצן יוגנטלעכן ברען וואָס זי פאַר־מאָגט, זיך אַריינגעוואָרפן אין אָט דער אַרבעט. די רעוואָלוציע האָט פאַר־כאַפּט מיליאָנען יונגע און שאפנדיקע כוחות. מען האָט נאָר געהערט איינס — בויען און שאַפן. מאכט פאַר אַרבעטער און סאָציאַליזם פאַר זייערע היימען.

און די אַלטע? די אַלטע זיינען געווען פארשיידן. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן מיט ביטול צוגעקוקט וואָס די יונגע טוען. זיי האָבן געקוועטשט מיט די פּלייצעס און אין דער שטיל צוגעמורמלט: — משוגע מיינע שונאים. לאָמיר אָקאָרשט זען וואָס פון זייער היצן זיך וועט ארויסקומען. געווען אויך אַזעלכע וואָס האָבן דערזען אין דער אַרבעט: פּלאַי פּלאים, בנאמנות. געווען אָבער אויך אַזעלכע אַלטע, וואָס זיינען פארכאַפּט און באַגייסטערט

געוואָרן פון דעם אַלעם און האָבן ניט געקענט בלייבן שטיין רויק. זיי האָבן געמוזט צולייגן אַ פּלייצע באַ דער אַרבעט.

אונדזער זלמן דער פאַכטער, מיט זיין גאַנצער פאַמיליע, מיט עטל דער אַלמנה, וואָס ניקאָליי ניקאָלאַיעוויטש, האָט זיי מיט פינף יאָר צוריק אַרויסגעריסן פון זייער שטעטעלע און פאַרשלעפּט זיי אַזש אין פּאָלטאַווע, זיינען אויך פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער רעוואָלוציע. איבערהויפּט די יונגע אַלמנה סאָניע וואַלדמאַן.

ווען זיי זיינען נאָך פיל וואָגלענישן און פּלאָגן אָנגעקומען אין דער גרויסער שטאָט, האָט זיך באַ סאָניען עפּעס ווי מיט אַמאָל געעפנט די אויגן. זי האָט פּלוצלינג דערזען, אַז אויסער איר אייגענער וועלט אין רידטעווע, וועלוול און אַגינסקים מאַיאָנטעק, איז דאָ נאָך אַ וועלט; זי האָט דערזען, אַז אויסער דעם לעבן וועלכן זי קען ביז היינט, זויגן דאָס קינד, וואַשן, טרויערן און וויינען נאָכן פאַרלאָרענעם מאַן, איז דאָ אַן אַנדער לעבן אויך און האָט דערזען אָט דעם לעבן פּנים אל פּנים. זי האָט געזען באַטאָג דעם רוישיקן הו־האַ, דאָס האָוועון און לויפן אין איין אָטעם, דעם געיעג נאָך רייכקייט, לוקסוס און איבערפלוס אין פאַרגעניגן; און זי האָט געזען דעם לעבן באַנאַכט, דאָס לויפעניש און זוכן געגוס, נישטערן און איבערטאַפּן אַלע אינטימסטע פאַרבאָרגענישן פונעם נאַקעטן לעבן; זי האָט געזען, ווי דאָס שווער פאַרדינטע באַטאָג, ווערט אַזוי לייכט פאַרטאַכלעוועט באַנאַכט, האָט זיך לאַנגזאַם גענומען בייטן באַ איר איר קוק אויפן לעבן און איר מיינונג וועגן די לעבעדיקע.

סאָניעס מיינונג וואָס זי האָט געהאַט איבערן לעבן ביז איצט, האָט גענומען פאַרטושט ווערן מיט אַ גאַנצע ריי ספקות. זי האָט געשפּירט, אַז דער ביז איצטיקער לעבן אירער, איז געווען אָן אינהאַלט, שטאַרק וואַסערדיק. זי איז געקומען צום באַוווסטזיין, אַז פּאָרען זיך שטענדיק אַרום מאַן, וואַשן וועש, ראַמען די שטוב, עסן און שלאָפן, צי איז דאָס ברויט באַשמירט דיקער מיט פּוטער אָדער ניט, דאָס איז נאָך ניט אַלץ וואָס מען קען דערוואַרטן פון אַ לעבן. עפּעס האָט זי גענומען פילן אַז לעבן האָט נאָך וואָס אין זיך. עפּעס פאַרמאָגט לעבן אַזוינס; וואָס איז העכער און איידע־

לער פון דעם, וואָס זי האָט ביז איצט געוווסט. און סאָניע האָט גענומען שטילערהייט פאַרשן וואָס אזוינס אַנטהאלט דאָס אמת׳ע לעבן, וואָס זי זעט אים דאָ נאָר אין דער אויסערלעכער פאָרם.

קודם, האָט זי באַשלאָסן, מוז מען אופהערן וויינען און טרויערן נאָכן טויטן מאַן. דער טאטע איז געשטאָרבן. א טויטן וועט מען פון דער ערד ניט ארויסנעמען. איי, זיין אָנדענק? זי האָט אין א מאָמענט פון טיפן זעלישן צער זיך אָנגענומען, אייביק אָפּצוהיטן זיין אָנדענק, מוז מען דאָס מיט געוואַלט ארויסרייסן פון הארצן. אפשר טאַקע איז ער גאָרניט ווערט גע־ווען, מען זאָל אזוי ליינען דאָס לעבן נאָך אים. די קאַרטלעך ווו ער באַד זיך צוזאמען מיט דער באַראָנעסע מוז דאָך עפּעס זיין, דאָס איז דאָך א פאקט, ער האָט דאָך יאָ געהאט צו טאָן מיט איר, טאָ פאַרוואָס קומט דאָס מיר, אז איך זאָל אייביק טראָגן די אלמנה קליידער? סיוויי איז דאָך די אלמנה־קליידער ניט מער ווי א שילד, די וועלט זאָל זען, אז אונטער דעם שילד איז עפּעס פאַראַן, טאָ צו וואָס נאָך טראָגן דעם שילד?

סאָניע האָט געמאכט די גרעסטע אָנשטרענגונג צו פאַרגעסן דעם שווערן לאסט וואָס זי האָט בשעתו אף זיך ארופגענומען פון טרויער און פיין. און אויב פאַרגעסן, דאַרף מען פאַרגעסן אַלץ, אפילו דעם יאָר פון גליק וואָס זי האָט כלומרשט גענאָסן פון וועלוולען, דאַרף מען אויך פאַר־געסן. מען דאַרף אויך ניט מער דערינערן די אָקאָרשט נאָך איבערגע־לעבטע טעג, אין פאַרבינדונג מיט זיין מיסטעריעזן אָפּפאָרן און פאַר־שווינדן. ניטאָ, עס איז געווען א שיינער חלום אפשר, אָבער איצט בין איך וואך, מען דאַרף ניט מער חלום׳ען.

גלייכצייטיק מיטן רייף ווערן די דאָזיקע געדאנקען אין איר, האָט זיך געלאָזט הערן פון איר אינעווייניק א שטים, צוערשט גאַנץ שטיל, שפּעטער אָבער אַלץ העכער און דרייסטער „סאָניע, מען דאַרף לעבן” און זי האָט גענומען ביסלעכווייז נאָכקומען דער פאָדערונג פון איר אינעווייי־ניקסטן דראנג. סאָניע האָט זיך געוואָרפן אין די אָרעמס פון לעבן.

דאָס קינד, וואָס אונטערוועגנס האָט זי דאָס אָפּגעהיט ווי אן אויג אין קאָפּ און האָט אים געבראכט אין פּאָלטאווע, פריש און קרעפטיק, האָט זי איצט גענומען איבערלאָזן אַלץ מער אונטער דער אופזיכט פון דער

באַבע עטל. זי זאָל אַף אים אַכטונג געבן. עס איז שוין אַלט געווען פינף מאָנאט דעמאָלט, אַליין האָט סאָניע באַשלאָסן זוכן עפּעס א באַשעפטי־קונג, מען דאַרף וואָס טאָן, קודם, — האָט זי געזאָגט, — מוז מען ווערן זעלבסטשטענדיק; ניט ליגן באַם טאַטן אַפן קאַרק, ער זאָל בכלל ווייניקער דעה האָבן אַף מיר. זי האָט גלייך געפונען אַרבעט. עס האָט אויסגעפעלט אַרבעטס־הענט. עס איז געווען קנאַפּ וויפל מען זאָל ניט האָבן אָנגעבאָטן. סאָניע איז אָנגעקומען אין א פאַבריק אַרבעטן צוערשט אַלס איינפּאַכע אַרבעטערקע, אָבער איר פעיקייט און פּראַקטישקייט האָט איר שנעל אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט פון די איבעריקע אַרבעטערקעס, זי איז געוואָרן די עלטערע איבער זיי און באַלד נאָכדעם ווערט זי אַריבערגעפירט אין קאַנטאָר צו אַרבעטן.

פון דער צייט אָן פאַנגט אָן די פאַקטישע ענדערונג אין איר לעבן. מען האָט גענומען באַמערקן איר שיינקייט און גראַציעזקייט, איר כמעט נאָך דאָרפישע פרישקייט. מען האָט דערזען אירע שיינע הימל־בלויע גרוי־סע אויגן און איר רייצנדיקן יונגן קערפּער, פון וועלכן עס האָבן אַזוי פאַר־פירעריש געלאָקט די שיינע פאָרמען פון אירע גוט אויסגעטאָקטע פרויען־גלידער.

שוין פון ערשטן טאָג אָן האָט איר ניט געפעלט קיין באַקאַנטשאַפט און פאַרערער. עס האָט איר ניט אויסגעפעלט קיין באַנאַלע ליבע־דערקלע־רונגען און אפילו חתונה־אָנבאָטן. זי האָט אמת, ניט אויסגעזאָגט, אַז זי איז אַן אַלמנה מיט אַ קינד, אָבער סאָניע האָט זיך ניט געאיילט. זי האָט געוואָלט לעבן, געניסן פון לעבן זי האָט זיך געפרייט מיט איר פרייהייט אין לעבן ווי א קינד פרייט זיך מיט א שיינע מתנה, זי האָט ניט געוואָלט די מתנה אַזוי גיך אַרויסלאָזן פון אירע הענט. זי האָט ערשט איצט דער־קענט דאָס לעבן, דאַרף מען זיך ניט איילן אַוועקצוואַרפן אים. אגב האָט זי געפילט, אַז טיף אין האַרצן באַ איר, זיינען נאָך פאַרבליבן שפּורן פון דאָס פאַרגאַנגענע, וואָס האָט דאָך, פון צייט צו צייט, געוואָרנט צו איר און געשריען, — סאָניע האַלט.

באַטש סאָניע האָט ניט אויסגעלאָזן קיין פאַרווײַלונג ווו זי זאָל ניט זיין. אַף אַלע אָוונטן, בעלער, שמחות, טעאַטערן און קאָנצערטן איז זי

פול געווען. אמאָל צוזאמען מיט איר שוועסטער, אמאָל, און אָפטער, צו־זאמען מיט אירע נייע פּילצאָליקע באקאנטע, אָבער זי האָט נאָך געפונען צייט פאר נאָך עפּעס אויך.

דער פּראקטישער שכל וואָס זי האָט גע׳ירשנ׳ט פון איר פאָטער, האָט איר אונטערגעזאָגט, אז כדי צו באגרייפן אלע קאָמפּליצירטע פּראָב־לעמען וואָס דער לעבן ברענגט ארויס, באדארף מען האָבן אינטעליגענץ, באהאוונטקייט, קענטעניש און וויסן. און סאָניע ווארפט זיך ווי א הונ־געריקער אף א שטיקל ברויט, אף ביכער, בראָשורן און לאָזט ניט אדורך קיין איין קולטורעלן אקט. מען זעט זי אף אלע רעפעראטן און לעקציעס. מען טרעפט זי אף די דיסקוסיע־אָוונטן און אופקלערונגס־אקטן. סאָניע רעדט, פאָרשט, פרעגט און זוכט אַלץ צו וויסן, יעדע זאך צו דערפאַרן און ווען די רעוואָלוציע ברעכט אויס, טרעפט זי שוין סאָניען אין די ערשטע רייען אין קאמף צוגלייך מיט אנדערע.

סאָניע איז געוואָרן אן אנדער מענטש. וואָכנלאנג זעט מען זי ניט אין שטוב. פארגעסן דאָס קינד. דאָס קינד איז איינגאנצן מיט דער באָבען, מיט דער באָבען עסט דאָס און מיט דער באָבען שלאָפט עס. זי האָט אפילו ניט געפונען קיין צייט ארײַנלויפן אמאָל אין שטוב, א קוק טאָן וואָס די קראנקע מאמע מאכט. שוין חדשים ווי זי איז געלעגן קראַנק צו־געשמידט צום בעט, האָט אַפילו ניט געוווסט, ווען זי איז געשטאָרבן, אז די מוטער אירע איז שוין ניטאָ מער.

זלמן איז אין דער לעצטער צייט אויך ארומגעגאנגען א נידערשלאָ־גענער. דער איבערברוך אין זיין לעבן האָט אים ניט גוט באקומען. די נייע סביבה איז אים געווען פרעמד. ער האָט ניט געקענט ארײַנדרינגען אין איר. צו קיין גוטער פרנסה איז ער ניט צוגעקומען. די קראנקע פרוי, רעוואָלוציע, היינט סאָניע, איר ארומלויפן און שמייען האָבן אים נאָר דערשלאָגן. וואָס פרויען זיינען, האָט ער זיך אליין געזאָגט, מען קען קיינ־מאָל ניט קלוג ווערן אף זיי. דאכט זיך אזוי געקלאָגט, אזוי פיל זיך דאָס לעבן גענומען, געמיינט, אז זי וועט שוין בלייבן אן אייביקער טרויער. צום סוף לויפט דאָס ארום מיט אַלע יונגעלייט און יינגלעך. חבר׳ט זיך מיט אַלעמען, טאנצט און זינגט, גאָרניט ווי איר מיינט מען דאָס.

ווען די פרוי איז אים אפגעשטארבן, האט ער גענומען זיך אביסל אויסטשוכען פון די שווערע און פינצטערע געדאנקען. אהיים, האט ער באשלאסן. צוריק אהיימפארן, דא וועט פון אונדז גארניט ווערן, — האט ער געזאגט צו דער יונגערער טאכטער און צו עטלען. — ניט איך בין בא זיך און ניט איר זייט בא זיך. מיר זיינען דא אין דער פרעמד, אין שכנות. מען לויפט דא ארום, מען שרייט, מען ליארעמט, מען שטופט זיך. חברה האבן דערשמעקט א פעט קעזל, וויל יעדער פארזוכן אשטיקל. אבער ניט איך און ניט איר וועלן צוקומען צום קעזל. עס זיינען דא בילכערע פון אונדז. דארטן בא זיך איז וואס אנדערש. דארטן מוז זיין נאך אגינסקי, אנדערע פריצים, אלע זיינען היימיש באקאנט, וועט מען ווי ניט איז לעבן. איי סאניע? מילא, וועט זי וועלן מיטפארן איז מה טוב, ווען ניט, איז ווי גאט וועט געבן, וואס קען איר העלפן?

— און מיינט ניט — האט ער געזאגט צו עטלען און צו דער טאכ־טער, — זי איז גארניט אזוי שלעכט ווי זי זעט אויס. דאס האט זי זיך ארייגעווארפן אין טומל, פשוט כדי צו פארגעסן אירע אמאליקע צרות. זי וויל זיך פארשיכורן מיט דעם נייעם לעבן. אבער קינדער, א שיכור שלאפט זיך אויס און דער ניכטערער לעבן קומט ווידער צום פארשטיין, דעמאלט אבער איז נאך ערגער.

אין איינעם פון די טעג, ווען סאניע האט זיך ארייגעכאפט אין שטוב אף א מאמענט, האט זלמן זיך אפגערופן:

— מיר קלייבן זיך פארן אהיים, וואס מיינסטו דערצו?

— פארט אייך געזונטערהייט. איך האב דארטן ניט וואס צו טאן. ווידער זיך דערמאנען אמאליקע צייטן? ניין, איך פאר ניט. גענוג געפינצ־טערט דארטן צוואנציק יאר, גענוג געלעגן אין בלאטע. איצט וויל איך לעבן אין דער ליכטיקייט, פאר דו מיט ראבקען, גענוג, אז דו וועסט האבן צו זארגן פאר איר, דארפסט מיר נאך אויך האבן אף דיין אלטן קארק?

— דו בלייבסט הייסט עס דא? נו, און וואס וועט זיין מיטן קינד? דער יינגל איז שוין פינף יאר אלט. מען דארף שוין אף אים אכטונג געבן. דערציען אים, ווי וועסטו דאס קענען טאן, אז דו גיסט אף זיך אליין

ניט אכטונג. טאָג ווי נאכט האלסטו אין איין ארומלויפן און ארומ־שמייען.

— נישקשה, טאטע, זאָרג דיך ניט, איך וועל שוין געפינען א מיטל ווי אף אים אכטונג צו געבן, — האָט סאָניע געענטפערט.

עטל, דערהערנדיק, אז מען רעדט וועגן קינד, האָט אויך זיך אריינ־געמישט אין געשפרעך.

— וואָס איז שייך מיין איצעלען, זאָלט איר זיך אומזיסט ניט דרייען דעם קאָפּ. איצעלע פאָרט מיט מיר אהיים. איך וועל אים דאָ ניט לאָזן. איצעלע איז אזוי צוגעבונדן צו מיר, אז ער וועט א שעה ניט בלייבן אָן מיר, און הלמאי זאָל איך מיך נארן, איך אָן אים וועל אויך ניט זיין. קען ער דען סאָניען פאר א מאמען? אָדער האָט אים סאָניע געהאלטן פאר א קינד. זיי זיינען דאָך ווי פרעמדע צו איינאנדער, גאָט זאָל זיך נאָר מרחם זיין.

— וואָס הייסט עפּעס צונעמען א קינד פון א מאמען? — האָט סאָ־ניע גענומען לייכט פּראָטעסטירן, אין איר טאָן אָבער, ווי זי האָט דאָס ארויסגעזאָגט, האָט זיך געמערקט, אז קיין גרויסן עגמת־נפש פון דער שוויגערס פאָרשלאָג האָט זי ניט. — און ווי קענט איר בכלל אף דער עלטער זיך אָנעמען אזא זאך, ווי ארומפירן זיך מיט א קליין קינד? — האָט זי כלומרשט גענומען ארגומענטירן, אָבער מער ניט פון יוצא זיין פאר זיך.

— שא, אמפּערט זיך ניט, — האָט זלמן זיך אריינגעמישט — איך וועל מאכן א פּשרה. לאָמיר פרעגן דעם בעל דבר אליין. מיט וועמען וויל ער בלייבן.

— קום נאָר אהער, איצעלע, — האָט ער זיך אָפּגערופן, און האָט צוגעצויגן פארן הענטל דאָס קינד צו זיך, — מיט וועמען ווילסטו זיין, מיט דער מאמען אָדער מיט דער באָבען?

דאָס קינד האָט א קוק געטאָן מיט זיינע קינדישע אייגעלעך אפן זיידן, ווי ער וואָלט וועלן זען, צי מיינט ער דאָס ערנסט אָדער טרייבט ער דאָס מיט אים א שפּאַס. דערזעענדיק אָבער די ערנסטע און טריבע גע־זיכט פון זיידן, איז ער צוגעלאָפן צו דער באָבען, ארומגעכאפּט זי מיט

זיינע קליינע הענטלעך און זיך שטאַרק צוגעטוליעט צו אירע פיס. איך וויל ניט בא דער מאמען, איך וויל צו דער באָבען, האָט ער וויינענדיק געזאָגט.

— אהא, וואָס האָב איך אייך געזאָגט? — האָט עטל טריומפירט, און ארופגעכאפּט דעם פינפיאָריקן איצעלע אפן האנט, באַדעקט זיין געזיכטל מיט קושן, — דאָס קינד פילט, נישקשה, ווער עס איז אים אן אמת'ע מאמע.

זלמנ'ען האָט דאָס אביסל פאַרדראָסן. ניט אזוי וואָס ער וויל ניט גיין צו דער מאמען, דאָס האָט אים ווייניק געארט, אָבער ער איז דאָך אויך אַ זיידע. ער האָט זיך דאָך געהאָדעוועט בא אים אין שטוב, און עס ציט אים נאָר צו עטלען.

— איז וואָס עפּעס נאָר בא אייך זאָל דאָס קינד זיין? נו, איך קער זיך דאָס גאָרניט אָן מיט אים?

— זאָלט איר מיר געזונט זיין, ר' זלמן, — האָט עטל געענטפערט, — איר האָט גאָט צו דאנקען נאָך אַ טאָכטער חתונה צו מאכן, איר וועט, מיט דער הילף פון די הענט ניט געוואשן, קריגן פאר איר א ליטישן חתן און איר וועט נאָך דערלעבן א דור יידן צו זען. אָבער איך בין דאָך א צעבראָכענער שארבן. קיין מאן האָב איך ניט. מיין איינציקער זון איז פארשניטן געוואָרן פון מיר. אז איך וועל נאָך הונדערט־און־צוואנציק יאָר קומען אף יענער וועלט, וועט מען דאָך מיר ניט ארייננלאָזן. מען וועט דאָך גאָרניט וויסן אויב איך בין א יידישע טאָכטער. איך וועל מ'ירצה־השם אויסהאָדעווען איצעלען, מאכן אים פאר א גוטן און געטרייען יידן, וועל איך האָבן א זכות און אן אָנדענק, אז איך לאָז כאָטש וועמען איבער אף דער וועלט. איר זעט דאָך, ר' זלמן ווי דאָ זעען אוים די יידישע קינ־דער. זיי האָבן א פּנים פון יידישע קינדער? און א סימן פון יידישקייט האָבן זיי? ריינע פאנקעס זיינען זיי דאָך, אמת'ע קאצאפּעס זיינען זיי, זאָל מיר גאָט ניט שטראָפן פאר מיינע רייד.

—נו, און איך דארף ניט האָבן קיין אָנדענק אף דער וועלט? — האָט סאָניע נאָכאמאָל געגומען פּראָטעסטירן. — דאָס איז דאָך וועלוולס בלוט און פלייש, ער דערמאָנט דאָך מיר מיין וועלוולען? נאָכאלעמען בין איך דאָך זיין מאמע, ניט איר.

— וואָס איז שייך דאָס, — האָט גיך עטל זיך ארויסגעכאפּט — גלויב איך ניט, אז וועלוולס אָנדענק זאָל דיר נאָך ליגן אין זינען. אנ־דערע האָבן שוין לאנג פארנומען זיין פּלאַץ בא דיר. האָב ניט קיין פאריבל אף מיך, איך מיין חלילה גאָרניט דיר צו מאכן א פאָרוואורף דערפאַר, — עטל, זעענדיק, אז זי האָט איר אפשר צופיל ארייגגעזאָגט, געוואָלט איר ווייכער מאכן. — א לעבעדיקער מענטש דארף לעבן, בפרט, אז דער לע־בעדיקער איז אזוי יונג און שיין ווי דו. קיינער קען דיר ניט זאָגן קיין דעה אין דער הינזיכט.

סאָניע איז אין תוך געווען צופרידן וואָס עס האָט זיך אזוי אויסגע־לאָזט. דערווייל ווערט זי פּטור פון א לאסט און וועט פארשפּאָרן זיך ארומפירן מיטן קינד. עס האָט איר אָבער ניט געפּאסט פארן פּאָטער און פאר דער שוועסטער אזוי גיך נאָכצוגעבן, האָט זי געזאָגט:

— איך וויל מיך מיט אייך, שוויגער, ניט קריגן וועגן קינד. איר זאָלט אָבער וויסן, אז אין א טאָג וועל איך קומען און אים אָפּנעמען פון אייך. איך וויל ניט, אז מיין קינד זאָל אויסוואקסן אן אומוויסנדיקער אין א קליין שטעטל ווו מיר זיינען אויסגעוואקסן. דערווייל זאָל ער זיין בא אייך געזונטערהייט. און דער גורל פון דעם קליינעם איצעלען איז אין דעם מאָמענט פאר׳חתמ׳עט געוואָרן.

סאָניע איז ארומגעלאָפן, האָט געהאָלפן צוזאמענקריגן אלע פּאפּירן פארן טאטן און שוויגער און האָט אָנפאנגס געהאט די אבזיכט זיי באגליי־טן ביז דער גרענעץ־סטאַנציע. אין א שיינעם טאָג איז זי אָבער געקומען און געזאָגט, אז פאָרן קען זי ניט, דער חתן אירער לאָזט זי ניט.

— וואָס, דו האָסט א חתן? — האָבן אלע אויסגעשריען, — מזל טוב דיר.

— פארוואָס־זשע האָסטו געשוויגן, פארוואָס האָסטו אונדז פריער ניט געזאָגט? און פארוואָס ווייזטו אונדז ניט דיין חתן? אדרבא, לאָמיר אים קענען איידער מיר פאָרן אוועק און דו בלייבסט דאָ אליין, — האָט דער פּאָטער געזאָגט.

— מיין חתן האָט ניט קיין אינטערעס אייך צו קענען, — האָט סאָניע נעענטפערט, האלטנדיק אירע אויגן אראָפּגעלאָזן צו דער ערד. — ער

וויל ניט האָבן צו טאָן מיט קליינבירגערלעכע מענטשן. אגב וועט זיין גלייכער פאר אייך, אז איר וועט אים ניט קענען. קיין איבעריקן פארגע־ניגן וועט דאָס אייך ניט פארשאַפן. מיין חתן איז ניט קיין ייד. ער איז דער אינזשעניער פון דער פאַבריק ווו איך אַרבעט.

די ידיעה, אז איר חתן איז ניט קיין ייד, אז ער וויל זיי ניט קענען, האָט זיי אַלעמען אזוי פרישטשמעליעט, אז זיי זיינען געבליבן זיצן ווי פון א דונער געטראָפן. א רעכטע ווײַלע האָט קיינער א וואָרט ניט אויס־גערעדט, ערשט אין א צייט ארום, האָט זיך זלמן אָפּגערופן:

— הייסט עס, אזוי ווייט ביזטו שוין אוועק, אז בא דיר איז רעכט זיך אָפּזאָגן פון דיין פאמיליע, איבערייסן מיט דיין גאנצן לעבן וואָס דו האָסט הינטער זיך, אפשר נאָך מיט דיין יידישקייט אויך? — זלמן האָט מער ניט געקענט ריידן. עס האָט אים פארקוועטשט דאָס הארץ, ער האָט אראָפּגעבויגן זיין קאָפּ און טרערן האָבן זיך גענומען קייקלען איבער זיינע באַקן.

— טאטע, דארפסט ניט האָבן קיין פארדרוס דערפון. — האָט סאָניע געזאָגט, — דו מוזט קוקן מיט אָפענע אויגן אויף די נייע צייטן. מיר בויען איצט אַ נייע און שענערע וועלט. אין די נייע וועלט רעכנט מען זיך ניט מיט די קליינבירגערלעכע סענטימענטן פון א טאטן און ברודער, מאמען און שוועסטער. דאָ דארף מען גיין פאָרויס. יעדער דארף בויען און שאַפן. שטעלן מיר זיך אָפּ און נעמען קוקן אויף צוריק, אויב מיר זאָלן נעמען ריקזיכטן אויף א טאטן, אויף אַ מאַמען אָדער קינד, וועלן מיר קיינ־מאָל ניט קענען קומען פאָרווערטס. מיר ווילן אופבויען א וועלט, ווו עס זאָלן ניט זיין קיין ייד אָדער קריסט. נאָר מענטשן דארפן זיין אין דער נייער וועלט. עס איז פאר מיר קיין אונטערשייד ניט ווער מיין חתן איז. איך פרעג ניט וועלכן רעליגיעזן פאַס ער האָט. ער דארף נאָר האָבן די קוואליפיקאציעס וואָס א מענטש מוז האָבן אין דער איצטיקער צייט. דאָס איז פאַר מיר גענוג.

זלמן האָט אויסגעווישט די אויגן, א קוק געטאָן אויף זיין טאָכטער און איר געענטפערט:

— אהא, סאָניע, איך האָב גאָרניט געוווסט, אז דו ביזט שוין אזוי

געבילדעט און אופגעקלערט. איך האָב ניט געוווסט, אז דו ביזט שוין אזא חכמה, אז דו קענסט מאכן אַ וועלט אָן יידן, אָן קריסטן, מער ניט ווי מענ־טשן. זייער שיין, בנאמנות פון אייער זייט. אָבער מיר האָבן שוין געהערט דאָס לידל. שוין לאַנג ווי מען זינגט אונדז דעם פזמון. שוין דאכט מיר, א פּאָר טויזנט יאָר ווי מען האלט אונדז אין איין איינריידן, קומט צו אונדז, וועט איר זיין גלייך מיט אלע מענטשן און ניט וויסן פון קיין צרה.

— איך ווייס ניט, טאָכטער, איך בין ניט קיין געלערנטער און קען מיט דיר ניט דיסקוטירן. אפשר ביזטו קליגער פון מיר, געלערנטער פון מיר און ווייסט בעסער ווי איך. אָבער מיר קומט אויס, אז דאָס זיינען פּוסטע רייד. דאָס איז ניט ערנסט גערעדט. אודאי וואָלט ניט געווען קרום, איר זאָלט מאכן יידן גלייך מיט אַלע פעלקער. געווים וואָלט דאָס געווען א יושר. אלע פעלקער האָבן אייגענע לענדער, גיט אונדז אויך אַן אייגן לאַנד און אן אייגענע מלוכה. ניין, ניט גיט אונדז, נאָר לאָזט אונדז נעמען אונדזערס, וועלן מיר ווערן גלייך מיט אייך. אָבער דאָס מיינט איר דאָך ניט. איר ווילט יאָ האָבן לענדער, שטאַרקע לענדער, מעכטיקע מלוכות, ארמייען און חיילות און מיר גאָרניט. מיר דארפן איינגעשלונגען ווערן אין אייערע געדערים. איר דארפט אונדז נאָר מיר זאָלן אייך העלפן קעמפן. איר ווילט נאָר אויסנוצן אונדזער ארבעט, אונדזער אינטעליגענץ, אונדזער פעיקייט און ארבעטסזאמקייט. דאָס מיינט איר דאָך, ווייטער גייט אייך ניט אָן. איז אויב אזא וועלט ווילט איר בויען, טאָ מוחל טאָכטער, נאָך אַזאַ וועלט בענקען מיר ניט. און נאָך וואָס קען איר דיר זאָגן טאָכטער. אז איר וועט דאָס קיינמאָל ניט אויספירן. ניט מיט גוטן און ניט מיט בייזן. מיין רבי האָט מיר אמאָל געזאָגט. עס שטייט ערגעץ געשריבן, אז אזוי ווי עס איז ניט מעגלעך, אז די וועלט זאָל עקזיסטירן אָן ווינטן, אזוי איז ניט מעגלעך, אז די וועלט זאָל אויסקומען אָן יידן. איצטער זע איך ווי ריכטיק דאָס איז. די גוים מוזן האָבן יידן, ווען יידן וואָלטן ניט געווען, וואָלטן זיי אויסגעטראכט און באשאפן יידן. זיי מוזן דאָס האָבן פּשוט אלס בליצאָפּלייטער אין יעדער צרה וואָס עס קומט אף זיי, דארפן זיי האָבן דעם יידן, כדי צו וואַרפן די שולד אף זיי. א גוטן טאָג טאָכטער. —

און זלמן האָט זיך אופגעהויבן און איז ארויס פון שטוב. ניט געוואָלט מער זען זיין טאָכטער, פאר וועלכער ער האָט 25 יאָר נאָכאנאנד זיך מקריב געווען און זיין לעבן געלייגט.

## זעכצנטער קאַפיטל

**אינמיטן** חודש יולי איז דאָס געווען, אינעם צווייטן זומער נאָך דער מלחמה. דער שוידער און שרעק וואָס האָט געהאט ארומגעכאפּט דייטשלאנד נאָכן באזיגן איר, האָט ביסלעכוויז גענומען פארשווינדן. די דייטשלאנד וואָס האָט נאָר וואָס זיך געקאָרטשעט אין יסורים און איז אָפּ־געגאנגען מיט בלוט פון די קלעפּ וואָס זי האָט באקומען, האָט לאנגזאם גענומען אופהייבן דעם קאָפּ, אויסרייבן די אויגן און שטיל, ווי א גנב, גענומען ארומקוקן ארום זיך, ווי אזוי און ווו זי קען אריינשטעכן אירע חיה'שע נעגל און אָף וועמען זי קען עפּענען איר פּיסק, כדי דאָרטן ארויס־גיסן איר גאנצן גיפט און פארגיפטן די וועלט מיט איר גאַליקער רציחה און ווילדער מערדעריי.

אָף איינער פון די אריסטאָקראטישסטע גאסן פון בערלין, קורפיר־שטנדאם, האָט זיך געפונען א לוקסוסווילע, ארומגערינגלט ארום מיט א פּארק פון אַקאַציעס און טאפּאלן. אין דער דאָזיקער ווילע האָט געהאט זייער פּריוואט־דירה די קארפּ'ס. דער געוועזענער גענעראל־גובערנאטאָר פון ווארשע, זיין פרוי און טאָכטער. אין דער מלחמה האָט עס געהייסן, אז באַראָן קאַרף איז אריינגעפאלן אין געפאנגענשאפט צו די דייטשן, בשעת אין דער אמת'ן האָט מען אים אָפּגעשיקט מיט גרויס כבוד און פּאראדע קיין בערלין צום קייזער, כדי פּערזענלעך אויסצוהערן דעם דאנק און אנערקענונג פאר זיין הילף וואָס ער האָט געלייסטעט דער דייטשער ארמיי

און דעם גאַנצן פֿאָלק, איבערגעבנדיק זיי די וואַרשעווער פֿעסטונג מיט אירע גאַרניזאָנען.

דעם טאָג זײַנען געווען פֿאַרזאַמלט באַם בראָן די גאַנצע פֿאַמיליע זײַנע, קרובים און גוטע באַקאַנטע. מען האָט זיך געקליבן דעם טאָג צו פֿײַערן דאָס קומען פֿון זײַער פֿראָטעזשע; אומאָפֿיציעלער חתן פֿון זײַער טאָכטער קאַטיע, וואָס האָט גלענצנד פֿאַרענדיקט זײַן שטודיום אַלס אינ־זשעניער־טעכנאָלאָג, ווילי וואַלד. ער האָט נאָר וואָס פֿאַרלאָזן די פֿראַנק־פֿורטער טעכנישע הויכשולע און איז מיט דעם גרעסטן דערפֿאָלג דורכגע־גאַנגען די פּראַקטישע אַרבעט, אויף איינער פֿון די גרעסטע דײַטשע פֿאַבריקן פֿון עלעקטריציטעט, די אעגע אין פֿראַנקפֿורט.

ער האָט געזאָלט אָנקומען מיט דעם צוג, וואָס קומט פֿון פֿראַנקפֿורט פֿינף אַ זייגער נאָכמיטיק און מען האָט זיך דאָס דאָרטן פֿאַרזאַמלט, כדי בײַזײַן זײַן אָנקומען.

דער זייגער האָט שוין מאַרקירט האַלב נאָך פֿינף און דער דערוואַר־טעטער איז נאָך אַלץ ניט געקומען.

קומט ער באַשטימט מיט דעם צוג, — קאַטיע? — האָט זיך אָפּגערופֿן דעם בראָן, — אַ שאָד, וואָס דו ביזט ניט געפֿאָרן צום באַנהויף אים אָפּוואַרטן.

— יאָ, פּאַפּאַ, ער קומט גאַנץ באַשטימט. ער האָט מיר טעלעגראַפֿירט פֿון פֿראַנקפֿורט, אַז ער קומט מיט דעם צוג. איך בין ניט געפֿאָרן צום באַן, ווײַל איך קען דאָך ניט לאָזן די געסט אַליין. איך האָב אים דערפֿון פֿאַר־שטענדיקט און ער איז מיט מיר אײַנפֿאַרשטאַנען. ווייסט דאָך, פּאַפּאַ, ווען ווילי פֿאַרשפּרעכט וואָס, האַלט ער וואָרט. עפּעס אַצופֿאַל מסתּמא האָט פֿאַרורזאַכט זײַן פֿאַרשפּעטיקונג.

דאָס וואַרטן און דאָס ניט אָנקומען צו דער צייט פֿונעם גאַסט, האָט אַרײַנגעבראַכט אַ ביסל לאַנגווײַליקייט אין דער געזעלשאַפֿט. מען איז גע־זעסן אין די באַקוועמע שטולן פֿון גרויסן זאַל און מען האָט ניט געפֿונען קיין פּאַסיקע טעמע איבער וואָס זיך צו אונטערהאַלטן.

— קאַטיע, — האָט זיך אָפּגערופֿן נאַדיע, די טאָכטער פֿון געוועזע־נעם צאַרישן העלד, רענענקאַמף, וואָס איז אין דער צייט געוואָרן אַ גרויס־

ארטיקע סאלאָן־דאמע, די פרוי פון דעם באקאנטן דייטשן דיפלאָמאט, גראף ראנצוי, — ווערסטו היינט אָפיציעל דערקלערן דיין פארלאָבונג מיט ווילי? ווי לאנג איז דער שיעור צו שלעפן א ליבע? אָדער האָסטו זיך אפשר פאר דער צייט אנדערש איבערלייגט און ליבסט אים ניט מער? מעגלעך, אז בא דיר האָט דערוואכט דיין אמאָליקע ליבע צו דעם, קורט?

— וואָס רעדסטו, נאדיע? — האָט קאטיע געענטפערט. — איך ליב נאָך אלץ ווילי, ער איז פיל לעבעדיקער, אינטערעסאנטער און רירעוודיקער, ווי דער פלעגמאטישער און קאָנסערוואטיווער קורט. אָבער היינט וועל איך מיך נאָך ניט דערקלערן אלס זיין כלה. איך האָב נאָך צייט. דו ווייסט, נאדיע, מיך שרעקט א ביסל ווילי. איך האָב מיך ארומגעזען, אז די יידן האָבן אין זיך אן איינגעוואָרצלטן סענטימענט צו זייער אייגנארטיקן יידישן לעבן און איך האָב מורא, אז ווילי האָט דאָס אויך. וויפל מאָל איך האָב מיך שוין געוואָלט דערנענטערן צו אים און עפנטלעך דערקלערן אונדזער פארלאָבונג, דערשרעק איך מיך. עפעס א פארבאָרגענער כוח האלט מיך דערפון אָפ. הגם ער האָט מיר מיט גאָרניט ארויסגעוויזן די גאנצע צייט זיין יידישקייט. ער האָט שוין מער אבסאָלוט ניט צו טאָן מיט יידן, פארקערט ניט אין זייערע קרייזן און וויל ניט וויסן פון זיי, האָב איך דאָך מורא. אף וויפל מיר איז דאָס געווען מעגלעך, האָב איך אויסגעוואָרצלט פון אים יעדע יידישע געוווינהייט. ער איז היינט אן עכטער דייטש. דאָך אָבער לאָזט מיך די הארץ ניט צו ווערן זיינע... איך וויל נאָך ווארטן. ווייסט, נאדיע? עס איז בעסער פאָרזיכט, ווי נאָכזיכט, — האָט קאטיע פילאָזאָפיש צוגעגעבן.

א דינער איז אריינגעקומען און אָנגעמעלדעט א נייעם באזוך. באראָן מאנטייפל, וואָס איז געקומען אף א קורצן באזוך אין בערלין צוזאמען מיט זיין זון, איז געקומען.

באראָן קארף מיט זיין פרוי האָבן זיך אופגעהייבן פון זייערע פלעצער און זיינען ארויס אופנעמען דעם גאסט. ער איז געווען אליין, אָן זון.

— ווו איז עפעס קורט? — האָט די באראָנעסע געפרעגט, גריסנדיק דעם גאסט.

— איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, קאַטיע, איך אַליין האָב אים צו־גערעדט ניט צו גיין היינט אַהער. ער ווייסט דאָך, אַז איר וואַרט היינט ווילין. עס וואָלט אפשר געווען אומאַנגענעם און ניט באַקוועם פאַר איי־נעם פון זיי ביידן. קורט וואָלט זיך געפילט, ווי אַ באַליידיקטער. ער וואָלט געהאַט דעם געפיל, אַז ער איז אַ פאַרבראַקירט שטיקל סחורה. זיין אָרט ווערט פאַרנומען דורך אַ קאָנקורענט, — האָט שמייכלענדיק באַראָן מאַנ־טייפל באַמערקט — גלייכער אַזוי, ניט אמת, קאַטיע?

— אַ מענטש טאָר קיינמאָל ניט אנטוישט ווערן און אַריינפאַלן אין אַ האָפענונגסלאָזער שטימונג — האָט קאַטיע, אויך שמייכלענדיק געענט־פערט, — אַזוי לאַנג, ווי מען לעבט, דאַרף מען האָפן. קיינער ווייסט ניט, וואָס דער מאָרגן קען ברענגען, — האָט זי פילאָזאָפיש, ניט אָן באַדיי־טונג צוגעגעבן.

ביידע פריינט, די באַראָנען און אַמאָליקע שכנים, האָבן זיך באַקוועם געמאַכט אין זייערע זעסלען, פאַרויכערט זייערע ציגאַרן און זיך באַלד פאַרטיפט אין אַ לעבעדיקן שמועס.

— נו, קאַרל, ביזט געווען דאָרטן? האָסטו אָנגעזען מינכען? ניט אמת, זייער אינטערעסאַנט? — האָט באַראָן קאַרל געפרעגט זיין גאַסט — האָסטו זיך צוגעהערט צו זייערע פּלענער? וואָס זאָגסטו צו אַזאַ חברה? בראַווע יונגען, וואָס?

— יאָ, ווילהעלם, איך בין דאָרטן געווען אייניקע טעג. איך בין אויך בייגעווען זייערע באַראַטונגען און געהיימע פאַרזאַמלונגען. איך האָב גענוי דורכשטודירט זייערע פּראָגראַמען און צוקונפטיקע פּלענער. איך וועל דיר זאָגן דעם אמת. איך געפין ניט אין זיי, קיין שום זאַך, וואָס זאָל מיך אָנלאָקן. איך ווייס ניט, אפשר בין איך שוין צו אַלט. איך קען שוין ניט מיטלויפן און אַלץ מיטמאַכן, וואָס די אומנאָרמאַלע צייט פאָ־דערט, אָבער מיר געפעלט דאָס ניט...

— פאַרשטיי מיך גוט, ווילהעלם, — האָט מאַנטייפל ניט אופגעהערט צו ריידן — מיר האָבן געשטעלט אונדזער לעבן אין געפאַר. מיר האָבן זיך פאַרנומען מיט זאַכן, וואָס זיינען ניט קאָרעקט און ניט גאַנץ מאָראַ־ליש. מיר האָבן געהאַנדלט קעגן דעם צאַר, ווי פשוטע פאַרעטער. האָבן

מיר דאָס אַלץ געטאָן, כדי צו שאַפן אַ ניי דייטשלאַנד, וואָס זאָל אָנשרייבן אויף איר נייער פאָן: בלוט, מאָרד, רויב און געוואַלט? אַנדערש קען מען דאָך ניט אָנרופן די משוגעת פון זייערע פּראָגראַמען. באַזונדערס באַגרייף איך ניט דעם פאַנאַטיקער ראָזענבערג, זיין פּלאַן צו שאַפן אַ נייעם, ריינעם, העכערן דייטש, קומט מיר אויס ווילד. מיט וואָס זיינען מיר דאָס ריינער און העכער ,ווי אַנדערע מענטשן? נאָך מער עקלט מיר פון זייער משוגענעם עסטרייכער - פעלדפעבעל, וואָס זיי האָבן ערגעץ־ווו אויסגעפישט... פאַר אַ גאַנצן נביא, אָדער גאָר פאַר אַ גאָט ווילן זיי אים קרוינען. פע, מיאוס. נאָך מיין מיינונג איז דאָס איינפאַכע שאַנטאַזש, — האָט דער באַראָן מאַנטייפל פאַרענדיקט.

— פון איין זייט ביזטו אפשר גערעכט, — האָט באַראָן קארף, לאַנדיק פון זיך דעם רויך פון זיין ציגאַר, געענטפערט — אַביסל, אפשר, גייט זי, די יוגנט, צו ווייט און צו שאַרף. באַזונדערס, וואָס זיי פּלאַנעווען אַוועקנעמען פון יידן זייערע פאַרמעגנס, באַרויבן זיי פון זייערע היימען, פאַרטרייבן זיי פון זייערע עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציעס. נאַטירלעך, דאָס איז כמעט, ווי אָפענער רויב. דאָס איז געוויס אומענטשלעך. אָבער פון דער אַנדער זייט, מוזן מיר צוגעבן, אַז מען גייט אין מלחמה, קוקט מען ניט אויף אַזעלכע סענטימענטן. מיט וואָס קענען זיי צוזאַמענהאַלטן די דייטשן פון אומעטום, ווו זיי זיינען צעשפּרייט? מיט וואָס קען מען פאַרלאָקן אַלע דייטשע מענטשן, זיי זאָלן זיך אומקערן צו זייער אייגענעם בלוט? נאָר מיט די פאַרשפּרעכונגען, אַז זיי וועלן געניסן פון יידיש פאַרמעגן. און וואָס זאָלן טאַקע טאָן אַלע געוועזענע אָפיצירן, מיליטאַרן, באַאמטע, אַריסטאָקראַטן, וואָס זיינען געבליבן נאָכן קריג און רעוואָלוציע, באַנאַל זיך אויסדריקנדיק, אַרבעטלאָז? וויל מען זיי מיט עפּעס פאַרגיטיקן, צוציען זיי נענטער, האַלטן זיי וואַרעם, מוז מען זיי דאָך עפּעס געבן. דאָס איז דאָס איינפאַכסטע, מען וועט אָפּנעמען בא יידן און געבן זיי. אין דייטשלאַנד לעבט מער, ווי אַ האַלב מיליאָן יידן. אין עסטרייך, טשעכאָסלאָוואַקיע און אַנדערע ראַנדגעביטן, נאָך אַ מיליאָן. אָנשטאָט זיי, קען מען דאָך אַוועקזעצן דאָרטן אַנדערהאַלבן מיליאָן דייט־

טשן און באַזאָרגן די אַרויסגעוואָרפענע מיליטערלייט מיט שטעלעס און פּאָסטנס...

נו, און אונדזערע אינטערעסן זיינען באַ דיר גאָרנישט? — האָט באַראָן קאַרפּ זעענדיק, אַז זיינע ווערטער איבערצייגן ווייניק זיין מיט־שמועסער, צוגעגעבן. — האָבן מיר דען ניט פאַרדינט, אַז די מלוכה זאָל אונדז אויסהאַלטן? דאַרף אונדזער דינסט ניט אַנערקענט ווערן? מיטן אָפּ־גענומענעם יידישן פאַרמעגן וועט מען אונדז קענען צאָלן אַן אָנשטענדי־קע פּענסיע. דאָרטן, ווו עס האַנדלט זיך פון אונדזערע אייגענע אינטערע־סן, מוזן מיר שווייגן. צי מיר זיינען מסכים מיט אַזאַ מעטאָד אָדער ניט...

— מיר וואונדערט אַף דיר, ווילהעלם, — האָט מאַנטייפל געזאָגט — ווי דו האָסט זיך דאָס אַזוי גיך געביטן. — אַזוין לאַנג, ווי מיר קענען אונדז, האָב איך דיך געקענט פאַר אַ קאָרעקטן, ליבעראַל־דענקענדיקן און ערלעך־האַנדלענדיקן מענטשן. סיי אין פּריוואַטן לעבן און סיי אין דיין מיליטערישן לעבן האָסטו זיך באַצויגן אַלע מאָל צו אַלע מענטשן, יידן ניט אויסגעשלאָסן, אָרנטלעך, שיין און איידל. זאָלסטו איצטער אַף דער עלטער בייטן דיין האַנדלען און דענקען? ניין, מיין פריינט, מיך וועט מען ניט איבערצייגן. איך בין קאָנסעקווענט. עס איז אַ גרויסער אומ־רעכט און אַ נידערטרעכטיקייט, אַז אַ מלוכה זאָל האָבן אַף איר פּראָגראַם: מענטשנמאָרד, רויב פון פרעמדע פאַרמעגנס, ווען אַפילו די פרעמדע זיי־נען יידן. ניין, ווילהעלם, איך מאַך ניט מיט אין אַזאַ מלוכה. מיט מיר רעכנט זיך ניט...

— המ... — האָט באַראָן קאַרפּ, אַביסל פאַרשעמט פון מאַנטייפלס רייד, געענטפערט. — גלויב מיר, קאַרל, איך בין ניט קיין שונא צו יידן. איך פערזענלעך האָב צו זיי גאָרניט. דו זעסט דאָך אַליין, עס איז זייער מעגלעך, אַז אַ ייד זאָל גאָר ווערן מיין איידעם... יעדנפאַלס, ווייסן אַלע, וואָס איך האָב געטאָן פאַר דעם יידן. איך זאָג נאָר, אַז די יונגען פון מינ־כען זיינען אין פיל זאַכן גערעכט. וויל מען אופבויען אַ גרויס און מעכ־טיק לאַנד, וויל מען פאַרוואַנדלען דאָס דייטשע פאָלק אין אַ גרויס און שטאַרק פאָלק, דאַרף מען זיך ניט רעכענען מיט קיינע סענטימענטן. מען דאַרף זיך ניט לאָזן פאַרפירן פון דאָס, וואָס מיר זיינען געוווינט צו רופן

מאַראַל. אַט גיב אַ קוק. די נייע רעגירער דייטשלאַנדס, די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, זיי האָבן געגומען בויען אַ ניי דייטשלאַנד. וואָס זשע איז אַרויסגעקומען פון זייער אַרבעט? זיי זיינען צוגעטראָטן צו זייער אַרבעט מיט צעקראָכענער ווייכקייט, מיט סענטימענטן, ניט גענוג ענערגיש. האָט זיך באַקומען אַ דייטשלאַנד פול מיט מיזעריע, אָרעמקייט, נויט, אַרבעטלאָזיקייט, אָן פּרעסטיזש, אָן כבוד, עפּעס אַ פאַרזעעניש פון אַ קאַפּיטאַליסטיש־סאָציאַליסטיש מפּיל־קינד. ניט דאָס לעבט, ניט דאָס שטאַרבט. איז דען אַזאַ דייטשלאַנד בעסער? ניין, מאַראַל, דאָס איז רחמנות און מיט רחמנות בויט מען ניט אויף קיין לאַנד און מען פאַרזינדיקט זיך ניט קיין צוקונפט...

## זיבעצנטער קאַפּיטל

אין דערזעלביקער צייט, ווען מען האָט געפירט דעם שמועס, צי מען דאַרף, אָדער מען דאַרף ניט באַרויבן די יידן און אויסמאָרדן זיי; אין דערזעלביקער צייט, ווען די באַראָנעסע קאַרף האָט געוואַרט מיט אומגעדולד, צו זען איר אויסדערוויילטן יידן, איז צום אַלעקסאַנדער באַנהאָף אין בערלין פּייפנדיק און סאָפּנדיק, אָנגעלאָפן דער שנעלצוג פראַנקפורט—בערלין און אַרויסגעוואָרפן גרופּעס פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן זיך באַלד געגומען צעשיטן איבער די אומענדלעכע גאַסן פון בערלין.

איינער פון די פילע פּאַסאַזשירן איז געווען דער אינזשעניער ווילי וואַלד. אַ שיינענדיקער, גלאַנצנדיקער, עלעגאַנט פאַרפּוצט, איז ער געלאָפן דורכן גרויסן האָל פון באַנהאָף, צופרידן אונטערשמייכלענדיק. ער איז געלאָפן גיך, ער האָט געאיילט, וואָס גיכער כאַפּן אַ טאַקסי און פאָרן צו די קאַרפס, ווו ער האָט געוווסט, עס וואַרט אויף אים אַ וואַרעמע אויפנאַמע און ליבע אָרעמס, וואָס ווען אים, ווי שטענדיק אויפנעמען מיט אַ

קוש און אנגענעמע צערטלעכקייט. שוין איצט, לויפנדיק דורכן באנהאף, האט ער זיך פארגעשטעלט, ווי פריילעך עס וועט דארטן זיין, ווי ער וועט זיך דאס טיילן מיט זייגע איינדרוקן, וואס ער האט איבערגעלעבט, אין וועלכע פארבן ער וועט דאס איבערגעבן די לעצטע וואכן פון זיין שטודיום און זיינע פראקטישע איבונגען, וואס ער האט אזוי דערפאלגרייך און גלענצנד דורכגעמאכט.

ווי אף צו להכעיס אבער, ווערט ער נאכאנאנד געשטערט אין זיין לויפן דורכן וואקזאל. עס זיינען אנגעקומען צום באנהאף א גרויסע צאל געוועזענע רוסישע געפאנגענע, וואס האבן געארבעט אין דייטשלאנד ביז איצט, אזעלכע וואס זיינען געלעגן קראנק אין די שפיטאלן און גלאט אזעלכע, וואס זיינען געווען עקסטרע פארהאלטן דארטן, ביז עס וועלן אנקומען די לעצטע דייטשע געפאנגענע פון דער ווייטער סיביר.

אט די געפאנגענע האבן זיך צעשאטן איבערן גאנצן באנהאף. אין אלע דורכגענג זייגען זיי פול געווען, אומעטום האבן זיי זיך געפלאנטערט אונטער די פיס, איבעראל האבן זיי אנגעווארפן זייערע קעסטלעך און פעקלעך און האבן שטארק געשטערט דעם פארקער אין באנהאף.

לויפט זיך אזוי דער נײַ־אויסגעבאקענער אינזשעניער, ווילי וואלד, אין רעכטן האנט טראגט ער זיין האנטערנצל, אף דער לינקער, זיין אויבערציער און שטויסט זיך אן אף א קליינע גרופע געפאנגענע. ער האט אפילו ניט באמערקט פונוואנען זיי האבן זיך דא גענומען. ער זעט נאר, אז זיי פארן זיך אין זייערע פעקלעך און פארשטעלן אים דעם וועג. הינטער דער גרופע האבן זיך באוויזן נאך אייניקע געפאנגענע רוסן, פון דער זייט איז פארלייגט מיט געפעק און קעסטלעך און ער קען זיך קיין ריר נישט טאן.

— פארדאמט נאך אמאל! — שרייט ער מיט כעס, אף דעם שטייגער, ווי אלע דייטשן שרייען דאס אויס, ווען זיי זייגען אופגערעגט, — לאזט דאך פריי דעם וועג, דאנערוועטער, פארוואס לאזט איר ניט דורכגיין? — און שטופט דעם געפאנגענעם מיט זיין רענצל, ער זאל זיך אפרוקן אן א זייט.

— זע, נאר זע, ווי דער יעקע שטופט זיך! — הערט ער ווי דער גע־

פאַנגענער, וואָס שטייט פאַר אים, זאָגט אין אַ ריינעם יידיש. און תוך, כדי דיבור, דרייט זיך יענער אום מיטן פּנים צו אים. דאָס איז געווען אַ מיטלהויכער יונגערמאַן, באוואקסן מיט אַ קליין בערדל, מיט אַן איינגע־שמירטן פּנים, איינגעדאַרטע באַקן, קליידער שמוציקע און אַלטע, לאַנגע, ניט געשאָרענע האָר האָבן באַדעקט זיין קאָפּ. דער געפאַנגענער הייבט אויף זיינע אויגן אַף דעם אינזשעניער, ווי מיט אַ פייער גיבן זיי אַ בלישטש אין זיין פּנים. ער קוקט אים גלייך אין געזיכט, וואַרפט אַף אים מיט זיינע פייערדיקע בליקן אין אַלע זייטן און גיט אַ געשריי:

— זע, נאָר זע, ווער דאָס האָט זיך אַזוי געשטופּט? וועלוול!... דו ביזט דאָך, וועלוול, עטל די אַלמנה'ס זון? אַ גאַנצער פּראָנט ביזטו דאָ געוואָרן, בנאמנות, אַן עכטער יעקע, שווער דיך צו דערקענען... ווי קומס־טו אַהער? פּאָרסט אפשר אויך אַהיים?

ווילי וואַלד איז געבליבן שטיין, ווי אַן אָפּגעגאָסענער מיט קאַלט וואַ־סער. וואָס, וואָס, אַז מען זאָל אים אין דער מינוט דערקענען און ריידן צו אים אַף יידיש, האָט ער זיך ניט געריכט. אַ בלאַסער, אַ פאַרלאָרענער איז ער געשטאַנען און געגלאָצט מיט זיינע אויגן אַף דעם געפאַנגענעם און געזוכט אַ פּאַסיקע געלעגנהייט, ווי צו פאַרשווינדן פון דעם אָרט, וווּ מען האָט אים דערקענט, ווער ער איז און וווּ מען האָט אים אָנגערופן מיט זיין פריערדיקן נאָמען. הגם, ער האָט באַלד דערקענט דעם געפאַנגע־נעם, האָט ער אָבער געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער דערקענט אים ניט און פאַרשטייט ניט וואָס יענער רעדט צו אים.

וואָס פּלאַפּלט איר דאָ? — האָט ער ניט זיכער גענומען שטאַמלען צום געפאַנגענעם — איך פאַרשטיי איין וואָרט ניט, וואָס איר רעדט. איך קען אייך איבערהויפּט גאָרניט. ווער זייט איר דען?...

— מיינע הערן! — האָט זיך אַריינגעמישט אַ פּאָליציימאַן — דאָ איז נישט קיין פּלאַץ זיך צו אונטערהאַלטן און פירן געשפּרעכן! איר שטערט דעם פאַרקער. ביטע, אויב איר ווילט ריידן, טרעט אָפּ אָן אַ זייט!

ביידע האָבן זיי ווי מעכאַניש אָפּגעטראָטן אָן אַ זייט און אַלץ אָנ־געקוקט איינער דעם אַנדערן.

— ווי, טאקע דו דערקענסט מיך ניט? אָדער מאַכסטו זיך בלויז

טאַמעוואַטע אַזוי? — האָט דער געפאַנגענער צו אים געזאָגט. — דו דער־קענסט ניט דיין אַמאָליקן חבר, נח הורוויץ? איך בין נח'קע, פון ריטע־ווע, דיין יוגנט־חבר...

ווילי האָט געזען, אַז עס וועט אים גאָרניט העלפן. ער וועט זיך ניט אַרויסדרייען פון זיין חברס האַנט, האָט ער געמאַכט אַ פרייליכע מינע צו שפּיל און געענטפערט:

— אָ, איצט דערקען איך דיך, טאַקע, דו ביזט נח הורוויץ. אָבער ווי זעסטו אויס? פונוואַנען קומסטו אַהער? ווי איך זע, ביזטו דאָ געווען באַ אונדז געפאַנגען. — ער האָט זיך גלייך געכאַפּט, אַז ער האָט זיך ניט גוט אויסגעדריקט — איך מיין, באַ די דייטשן, ביזטו געווען געפאַנגען... פאָרסט אודאי איצט אַהיים?...

— יאָ, דו האָסט געטראָפן, וועלוול, איך פאָר אַהיים. אָבער נישט אין ריטעווע וועט זיין איצט מיין היים. איך וועל פאָרן דאָרטן, ווו די פרייהייטס־לופט לאָקט. איך וועל פאָרן אין רוסלאַנד. דאָרטן, ווו די זון האָט ענדלעך אופגעשיינט פאַר אַלעמען גלייך. איך פאָר בויען אַ נייע וועלט און זען מיט מיינע אויגן, ווי אַ משיח, אין דער פערזאָן פון גרויסן לענין, האָט זיך באַוויזן... און דו, וועלוול? דו פאָרסט געוויס צו דיין ווייבל, אַהיים?

— איך... איך... —האָט ער גענומען שטאַמלען. דאָס דערמאָנען זיין ווייבל האָט אים ווידער פאַרדאָרבן די שטימונג. וואָס, וואָס, נאָר פון דער ווייבל האָט ער אַמווינציקסטן איצט געוואָלט הערן. — ניין, איך פאָר ניט אַהיים. איך קום איצט מיט דעם צוג פון פראַנקפורט, ווו איך האָב פאַר־ענדיקט אַלס אינזשעניער־טעכנאָלאָג, און פאָר אין בערלין... איך דאַרף דאָ עפּעס דערלעדיקן. איך בלייב דאָ אין דייטשלאַנד אַרבעטן. אין דער היים האָב איך ניט וואָס צו טאָן. אַגב, בין איך שוין מיט סאָניען פאַנאַנ־דערגעגאַנגען... דאָרטן איז ניט מער מיין היים...

— וועלוול, וועלוול, — האָט נח שאָקלנדיק מיטן קאָפּ צו אים גע־זאָגט, — זעסטו שוין, אַז איך בין געווען גערעכט? געדענקסט, וועלוול? ווען מיר האָבן אַמאָל געשמועסט באַ אונדז אין שטעטל, געדענקסט? איך האָב דיר געזאָגט, אַז די יידישע אינטעליגענץ פאַראַט, צום גרעסטן טייל,

די יידישע אינטערעסן און לויפט פון אונדזערע רייען. אַט זעסטו, דו האָסט געענדיקט אינזשעניער, זאָגסטו. ביזט אַן אינטעליגענטער מענטש, פאַרלאָזטו דיינע אייגענע רייען, אַנטלויפסט פון יידן און גייסט אַרבעטן פאַר דייטשלאַנד... דאָרטן ווילסטו אָנווענדן דיינע פעיקייטן און אינטע־ליגענץ. עפּעס האָסטו דאָך אַמאָל געטרוימט פון אַן אייגן פאָלק, אַן אייגן יידיש לאַנד, האָסטו אייביק געשריען... נו, ווו איז דאָס? פאַרוואָס קעמפס־טו ניט פאַר דער רעאַליזירונג פון דיין אידעאַל? פאַרוואָס גייסטו ניט בויען דיין אייגן לאַנד?

ווילי האָט אַרונטערגעלאָזן דעם קאָפּ. ער האָט ניט געוווסט און ניט געהאַט קיין חשק צו ענטפערן. עס האָט אים ווי געטאָן די רייד פון זיין אַמאָליקן חבר. ווי אַ שמיץ איבערן פּנים האָבן זיי אויף אים געווירקט. דערנאָך אָבער האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט, אופגעהויבן זיינע אויגן אויף זיין חבר, געוואָרן בא זיך דרייסטער.

— יאָ, — זאָגט ער — וואָס האָבן מיר יידן געגעבן, אַז איך זאָל ווידמען מיין יוגנט און ענערגיע זיי? אין די יונגע יאָרן מיינע האָב איך מיך געענוג אָנגעפלאָגט. איך האָב מיך וויניק געפּייניקט און געמוטשעט? ניט דערעסן און ניט דערטרונקען. האָבן מיר יידן דעמאָלט אַ סך געהאָלפן? האָבן זיי מיר געגעבן די מעגלעכקייט איך זאָל קענען דערגרייכן מיין ציל? די דייטשן האָבן מיר דאָס יאָ געטאָן. זיי האָבן מיר געהאָלפן. זיי האָבן געזאָרגט, אַז איך זאָל ווערן דער, ווער איך בין איצט. אַ דאַנק די דייטשן בין איך אַרויף אויף דעם סאָציאַלן לייטער צו וועלכן איך האָב געשטרעבט. דאָס איז פּשוט מיין פליכט דאָ צו בלייבן און דאָ אָנצווווענדן מיין אינ־טעליגענץ און קענטשאַפט. דאָס איז ניט מער ווי אָפּגעצאָלט אַ חוב.

— אַזוי וועלוול, די דייטשן האָבן דיר געהאָלפן. נו, און דו האָסט מיט גאָרניט פאַרדינט די הילף? דאָס זעסטו גלויב איך שוין ניט. די דיי־טשן גיבן גאָרניט אומזיסט. זעסט, — האָט נח צו אים געטענה'ט, שטופּנ־דיק צו אים אין פּנים זיין פינגער, — דו ביזט דער ריכטיקער פּראָטאָטיפּ פון דעם גרעסטן טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ. נאָכאַנאַנד האָבן זיי פּרעטענזיעס צום פאָלק. איר מיינט אודאי, אַז דאָס פאָלק איז דערצו באַשאַפן, כדי עס זאָל אייך צושטעלן אַלץ וואָס אייער האַרץ גלוסט: כבוד,

רייכקייט, באקוועמלעכקייט, גרויסקייט, מיט איין וואָרט אַלץ וואָס אייער גראָבער עגאָיזם פאַרלאַנגט. ניין, מיין ליבער, א קו א מעלקעדיקע, וועןָ מען פיטערט זי ניט, הערט אויך אויף צו געבן מילך. וואָס קענט איר פאַר־לאַנגען פון פאָלק, אַז איר גיט אים גאָרנישט. דו אליין, אויב איך האָב קיין טעות ניט, האָסט גע׳טענה׳ט, אַז יידן דאַרפֿן ווערן גלייך מיט אַלע פעלקער. יידן דאַרפֿן האָבן אַן אייגן לאַנד, אַן אייגענער מלוכה און אַן אייגענע מלוכה־שיסל, פון וואַנען צו שעפן. דאָס, ברודערקע, קומט ניט פון זיך אליין. מען מוז קעמפן, לייגן לעבנס, פאַרגיסן בלוט. מען מוז ברענגען קרבנות ביז מען דערגרייכט אַזאַ זאַך. קיינער וועט דיר ניט אונ־טערטראָגן אַפֿן טעלערל אַן אייגן לאַנד און אַן אייגענע מלוכה. וואָס־זשע האָסטו געטאָן פאַר דער זאַך, דו אינטעליגענט, דו האָסט דאָך דיין אייגענע אידייע אוועקגעוואָרפן ווי אַן אַלטע שמאַטע. האָסט גענומען פאַר זיך די באַקוועמלעכקייט, וואָס מען בעט דיר אָן. דו האָסט געזען, אַז אַן אנדער וועג איז באַקוועמער, לייכטער, רויקער, גליקלעכער, האָסטו דאָס גענומען. און דאָס פאָלק? זאָל זיך טאָן וואָס עס וויל. זאָל עס לעבן ווי עס פאַרשטייט. זאָל עס אונטערגיין אין פינצטערניש. ניין, מיר וועסטו ניט איינריידן. דער תירוץ דיינער, אַז דאָס פאָלק האָט דיר גאָרניט געגעבן, איז ניט מער ווי א קאַמאַפלאַזש צו פאַרדעקן דיין אייגענעם שלעכטן געוויסן. אין דער אמת׳ן זייט איר געוויסנלאָזע, צעקראָכענע אינטעליגענטן. איר זייט ניט פעיק צו גיין אין אַן ערנסטן קאַמף. איר ווילט, אַז אנדערע זאָלן פאַר אייך קעמפן און איר זאָלט קומען אַפֿ אַלעם גרייטן. איר זייט גיים־טיקע שקלאַפֿן.

— אָבער וואָס האָסטו זיך אַזוי צעהיצט, נח? דערווייל בין איך נאָך ניט קיין פאַרעטער. איך האָב פשוט קיין צייט ניט געהאַט עפּעס וואָס צו טאָן פאַרן כלל. איך האָב גענוג איבערגעלעבט. איך בין געוועזן פאַרנ־מען מיטן לערנען און אַרבעטן. איך האָב מיך אויסגעאָרדנטלעך אָנ־געשטרענגט כדי צו דערגרייכן מיין ציל. איך וועל מיך איינאָרדנען, וועל איך זיכער עפּעס וואָס טאָן פאַרן פאָלק אויך. איך בין פון אים ניט אוועק, — האָט ווילי וואַלד זיך גענומען פאַרענטפערן — איך האָב נאָך מיין גייסט ניט פאַרשקלאַפט.

— נו, עפּעס וועט זיך שוין שטענדיק געפינען וואָס וועט דיר ניט געבן קיין צייט צו טאָן וואָס. איז ניט לערנען, איז ארבעט, געשעפטן, א מיידל, פארגעניגן, א ווייב, געזעלשאפט, אָדער גאָר די אינטערעסן פון דיין נייעם פאָטערלאנד. וועסט מורא האָבן צו שעדיקן דיינע דייטשן מיט דיין אקטואציע צו גונסטן פון דיין פאָלק. אפשר וועסטו זיך גאָר ארומזען, אַז יידן זיינען ניט קיין פאָלק. זע ברודערקע, לערן זיך פון דאָס וואָס עס טוט זיך אין אנדערע רייען. ניטאָ קיין תירוצים. דארף מען איבערבויען אַ פאָלק, אופריכטן א לאנד, זיינען אלע אין קאמף. דעמאָלט פארשווינדט דער „איך" ניטאָ דעמאָלט דאָס וואָרט „מיין", פאָלק און לאנד שטייט העכער פאר אַלץ אין דער וועלט.

— העי, הורוויץ, — האָט זיך דערהערט אַ געשריי פון דער ווייטנס. א חבר זיינער האָט דאָס געשריען, — וואָס האָסטו זיך אַזוי צורעדט? גיכער צום צוג אויב דו ווילסט ניט דאָ בלייבן, דער צוג גייט שוין גלייך אָפּ.

נח האָט געכאַפּט זיין קעסטעלע און פעקל פון דער ערד, שנעל ארופּגעוואָרפן דאָס אפן אקסל, אריינגערוקט דעם נאָך אַלץ צוטומלטן ווילי אַ הארטע פארמאזאָלעטע האנט. דורכגעזייט דורך די ציין אַ „זיי געזונט" און גענומען לויפן צו דער ריכטונג פון פעראָן, וווּ דער צוג איז שוין טאקע געהאט געשטאַנען.. ער האָט נאָכאמאָל זיך אויסגעדרייט צו ווילוולען, ער איז געשטאַנען און געקוקט מיט אויסגעשטארטע אויגן צו דער אָפענער טיר דורך וועלכער עס האָבן געשפּארט מענטשן.

— ווילוול, — האָט ער געשריען און געמאכט צו אים מיטן ציינגפינגער, דו פארקריכסט אין א זומפּ, אנטלויף, וועסטו ניט אוועק פון זיי מיט גוטן, וועלן זיי דיר סיי ווי ארויסווארפן מיט בייזן. פילסטו דען ניט, אז דער שלאַנג הויבט שוין זיין קאָפּ? ער וועט פארגיפטן אלץ און אלעמען. דאָ איז ניט דיין פּלאַץ, דיין אָרט איז בא דייניקע. א גוטן טאָג. — און נח איז פארשוווּנדן צווישן די מאסע וואָס האָבן זיך געשפּארט פאר דעם איינגאַנג פון די וואַגאָנעס.

שוין לאַנג איז ווילי וואַלד ניט געווען אין אַזאַ שלעכטער שטימונג ווי אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט פארלאָזן דעם אַלעקסאנדער באַנהויף, בשעת ער האָט זיך געזעצט אין טאקסי צו פאָרן צו זיין קאטיען און צו די

ליבנסווירדיקע און ברייטהאַרציקע קאַרפּס. עס האָט אים ניט געוואַרעמט דער נייער דיפּלאָם, וואָס ער האָט מיטגעפירט אַזוי זאָרגפעליק איינגעפּאַקט אין קאַפער, בכדי דאָס צו ווייזן קאַטיען. עס האָט אים אויך ניט געוואַרעמט די האָפנונגספולע רייד פון דעם שעף פון דער מיליאָנען־פאַבריק אַעגע, וואַלטער ראַטענוי, וואָס האָט אים פאַרשפּראָכן אַ פּאָסטן און פּראָטעקציע. ער האָט געהאַט פאַרגעסן די ליוב־ווערטער און פריינטלעכע רייד פון זיינע פּראָפעסאָרן, וואָס האָבן אים פאָרויסגעזאָגט אַ גלענצנדיקע צוקונפט. עס איז אים ניט געקראָכן אין קאָפּ זיינע צוקונפטיקע פּלענער, וועלכע ער האָט די גאַנצע צייט אויסגעשמידט. נח'ס רייד האָבן אַף אים געווירקט צעשמעטערנדיק. עס איז אים אין דעם מאָמענט פאָרגעקומען, ווי ער וואָלט פּלוצלינג אַרונטערגעפאַלן פון הויכע הויכענישן אין טיפן אָפּגרונט.

# אַכצנטער קאַפּיטל

ווען ווילי וואַלד איז צוגעפאָרן צום הויפּט־אַריינגאַנג פון קאַרפּ'ס ווילע אַף קורפירנשטענדאַם, איז שוין געווען דער זייגער ווייט נאָך זעקס. קאַטיע איז געווען די ערשטע וואָס האָט אים באַמערקט און איז אַרויסגעלאָפן אים באַגעגענען.

— וואָס עפּעס אַזוי שפּעט? — האָט קאַטיע אַ פּאַרדריסלעכע, נאָכן באַגריסן זיך מיט אים, געפרעגט, — דו זעסט אויס, ווילי, זייער נידערשלאָגן און מוטלאָז. שוין ווידער אַ שלעכטע שטימונג? — האָט זי אים געפרעגט און אופמערקזאַם געקוקט אַף זיין פּנים.

— יאָ קאַטיושאַ, — ער האָט ליב געהאַט זי צו רופן אַפן רוסישן שטייגער — כ'האָב געהאַט אַפן באַנהויף אַן אומאַנגענעמע און גאַנץ אומדערוואַרטעטע באַגעגעניש. איינער אַן אַלטער חבר מיינער האָט מיר דער־

זען, ער האָט מיך דערקענט און גענומען מיט מיר ריידן, איז מיר דערפון אביסל שלעכט געוואָרן צום מוט. עס איז אָבער גאָרניט, אין גענצלשאפט וועל איך מיך גיך צעשטרייען און אַלץ וועט איבערגיין. אויסערדעם האָט מיט מיר גאָרניט פּאסירט.

ווען ווילי מיט קאטיען זיינען אריין אין זאַל, ווו די געסט זיינען געזעסן, האָבן אים אַלע פריינטלעך באגריסט און אויסגעדריקט זייער פרייד צו זיינע דערפאָלגן. מען האָט איינציקווייז געדריקט די האנט און געווונטשן גליק צו זיין אויסגעקליבענער קאריערע, אלס אינזשעניער פון מאַשינענבוי און עלעקטראָ־כעמיע.

— איר זייט א געמאכטער מאן, — האָט צו אים געזאָגט גראף ראנצוי, — דער אײדעם פון גענעראל רענענקאמף. אויב דער פּרעזידענט אליין פון די גרויסע ווערקן אעגע האָט אייך פארשפּראָכן א פּאָסטן און פּראָטעקציע, זאָלט איר שוין גאָרניט זאָרגן. דער פּרעזידענט פון די אעגע, וואלטער ראטענוי, איז היינט איינער פון די אָנגעזעענסטע מענער אין דייטשלאנד. ער איז רעספּעקטפול און זייער גוט אופגענומען אין די אויסלענדישע קרייזן. און ווי איך האָב געהערט, וועט ער די טעג באשטימט ווערן צום ווידעראופבוי מיניסטער פון דייטשן רייך.

נאָך אזא דערקלערונג פון דייטשן דיפּלאָמאט, איז ווילי נאָך מער געשטיגן אין אכטונג און פּרעסטיזש אין די אויגן פון אַלע געסט. אַלע האָבן געהאלטן פאר וויכטיק מיט אים אויסצוריידן א פּאָר ווערטער און אים געבן אַ קאָמפּלימענט, עס האָט אויך ניט געפעלט אַזעלכע וואָס האָבן צו אים חניפהדיק געשמייכלט און באדייטונגספול געדריקט די האנט.

טראָץ אַלעם דעם, איז די שטימונג אף דעם אָוונט געווען ניט קיין דערהויבענע. עס האָט געפעלט אינטימיטעט און פריילעכקייט. ניט געווען צו מערקן די הארציקייט און פריילעכקייט וואָס הערשט געוויינלעך אף אזעלכע פאמיליען־פארווײלונגען. ווילי אליין איז געזעסן דעם גאנצן אָוונט א שווייגזאמער. זייער ווייניק גערעדט, קוים וואָס ער האָט געענטפערט אף פראַגן וואָס מען האָט אים געשטעלט. מיט די געסט האָט ער כמעט גאָרניט פארבראכט. זיין פּנים איז דעם גאנצן אָוונט געווען פארכמורעט. די ליפּן אַלץ פארביסן. פיל פון די געסט האָבן זיך פשוט געטראָפן באליידיקט פון

די צו העפטיקע רייד און נערוועזן טאָן מיט וועלכן ער האָט זיי געענט־פערט. קאטיע האָט אפילו פארזוכט די לאַגע צו ראטעווען. זי האָט גע־וואָלט אופקלערן די געזעלשאפט מיט איר באַרעדעוודיקייט און געלעכ־טער, עס האָט זיך אָבער געפילט א געקינסטלטקייט אין אירע מאַנעוורעס, געפעלט הארציקייט, און עס האָט ניט געהאָלפן אירע באמיונגען אין דער הינזיכט. זי האָט אלע ווײַלע געוואָרפן א שטומען בליק צו ווילין, זי האָט אים געוויזן איר פּנים מיט א דערמוטיקונגס־שמייכעלע, זי האָט אים צו־געוואָרפן איר רייצנדיקן בליק, פון וועלכן ער פלעגט אַלעמאָל ווערן אַן אַנגעצונדענער, אָבער עס האָט קיין זאַך ניט געהאָלפן. עס האָט זיך ניט פארבונדן קיין לעבעדיקע אונטערהאלטונג און די געסט האָבן גענומען פארלאָזן די וווינונג אַ סך פריער ווי עס איז געווען צו דערוואַרטן.

ווען דער באַראָן מיט דער פרוי האָבן זיך צוריקגעצויגן אין זייערע צימערן און דיביידע יונגע מענטשן זיינען געבליבן אליין, האָט קאטיע, אַן אופגערעקטע און צאָרנדיקע, מיט א צופלאַמט געזיכט פון לאַנג איינ־געהאַלטענעם כעס, זיך אָפּגערופן צו ווילין:

— דו ביזט, ווילי, איינפאַך אומדערטרעגלעך געווען היינט, האָסט זיך געהאַלטן אין דער געזעלשאפט ווי אַן אמת׳ער ייד. מיט דיין באַנע־מונג האָסטו מיך דערנידעריקט און פארשעמט אין די אויגן פון די געסט. איך האָב איינפאַך מיינע אויגן ניט געקענט ווייזן פאר בושה. מאָמענטאַ־ווייז ביזטו איינפאַך גראָב געווען. דו מוזט זיך נעמען אין די הענט און אופירן זיך לייטיש. שוין צייט פאר דיר צו פאַרגעסן דיינע יידישע געוויינ־הייטן. דו מוזט וויסן, אז דו פארקערסט איצט אין א קרייז פון אדליים און אַריסטאָקראַטן, דאַרפסטו זיך האַלטן און באַנעמען ווי עס פאַסט פאַר אַזאַ קרייז.

ווילי האָט זיך געפילט זייער געטראָפן פון קאטיעס באמערקונגען. אויסער דעם האָט אים נאָך אלץ געפּרעסט היינטיקע אונטעריידונג מיט זיין געוועזענעם חבר. ער איז בייז געוואָרן און האָט געוואָלט רעאגירן אויף איר אַרויסטריט **ענערגיש, צוריקוואַרפן אירע באַהויפּטונגען** מיט שטאָלצקייט. האָט אָבער ווילי א קוק געטאָן איר אין פּנים, דערזען אירע בייזע בליקן וואָס זי האָט געוואָרפן מיט אירע גרויסע בלויע אויגן. ער

האָט באַמערקט די נערוועזע באַוועגונג אַף אירע ליפּן און האָט זיך אָפּגע־האַלטן דאָס צו טאָן. וואָס, וואָס, אָבער זיך קריגן מיט איר האָט ער ניט געקענט. ער האָט באַגריפן באַלד די מאָטיוון פון איר פאַרדרוס און באַ־רעכטיקונג פון איר כעס און זיין מוט און ענערגיע זיינען תיכף פאַר־שוווּנדן. ער האָט שוין מער ניט געטראַכט איבער די אַרגומענטן וואָס ער האָט איר געוואָלט זאָגן און אָנשטאָט אַן ענערגישן אַרויסטריט קעגן קאַטיען, האָט ער מיט א רחמנות פּנים זיך גענומען בעטן בא איר:

— קאַטיושאַ, אַנטשולדיק מיר, איך ווייס, אַז עס איז געווען פון מיין זייט ניט שיין און זייער ניט העפלעך. איך האָב מיך געהאַלטן צו סקאַנדאַליעז היינטיקן אָוונט. אָבער עס איז ניט מיין שולד. דער פאַל אינעם באַנהויף היינט האָט מיך אַזוי אויפגערייצט מיינע נערוון און מיך אַרויסגעפירט פון זעלישן גלייכגעוויכט, אַז איך האָב מיך ניט געקענט באַהערשן. איך בין אַף זיך אַליין אויפגעבראַכט דערפאַר. די פאַרשידענע דערינערונגען וואָס דער לומפּ האָט אַרויסגערופן בא מיר, האָבן מיר פאַר־דאָרבן מיין גוטע שטימונג. איך פאַרשפּרעך דיר אָבער, טייערע, אַז אין דער צוקונפט וועל איך מיך האַלטן פיל אָנשטענדיקער און בעסער ווי היינט.

קאַטיע, דערזעענדיק זיין רחמנות־פּנים און זיין בעטן, איז אויך ווייכער געוואָרן — אייגנטלעך, האָט זי געזאָגט — האָסטו מיר נאָך ניט דער־ציילט גענוי, וואָס דאָרטן איז פאָרגעקומען אַפּן באַנהאָף און ווער איז דאָס דער לומפּ, וואָס דו זאָגסט, וואָס האָט דיך צופעליק דאָרטן געטראָפן?

ווילי האָט איר גענוי דערציילן די גאַנצע פּאַסירונג מיט אַלע איינ־צלהייטן און איבערגעגעבן דעם גענויען געשפּרעך, וואָס ער האָט געהאַט מיט זיין חבר.

קאַטיע האָט אויסגעהערט זיין דערציילונג און זיך אַף א ווײַלע פאַר־טראַכט. דערנאָך האָט זי שטיל זיך אָפּגערופן צו אים:

— אייגנטלעך איז ער ניט שטאַרק אומגערעכט, דיין געוועזענער חבר. אַזוי באַדאַרף זיך האַלטן א מענטש מיט א פעסטן און ענערגישן כאַראַקטער. ער מוז זיין א באַוווּסטזיניקער מענטש, דיין חבר.

— הער, מיין ליבער, — האָט קאַטיע ווידער אָנגעפאַנגען דעם איי־

בערגעריסענעם געשפּרעך פון פריער. שוין באַלד זעקס יאָר, ווי מיר קענען אונדז, די גאַנצע צייט פירן מיר אונדזער ליבע צווישן זיך. די גאַנצע צייט ביזטו ניט צוזאַמענגעקומען מיט יידן און דאָך זיינען נאָך באַ דיר געוויסע יידישע ניט שייַנע שטריכן. איך מוז אָנעמען, אַז איר, יידן, זוינגט שוין איין מיט דער מאַמעס מילך אייערע עקלדיקע געוווינהייטן, איר קענט זיי קיינמאָל ניט אויסוואָרצלען. פע, ווילי, עס איז ניט שיין, נעם זיך גוט אין די הענט, מיין ליבער, ווען ניט... — און קאַטיע האָט ניט דערזאָגט, וואָס עס איז געלעגן באַ איר אַף דער צונג.

— ווען ניט, וואָס? — איז ווילי צוגעשטאַנען צו איר — וואָס מיינסטו דערמיט? זאָג, קאַטיע, און וואָס פאַרט האָסטו זיך היינט אָנגעזעצט אַף די „יידישע געוווינהייטן”? האָבן דען נאָר יידן אַזעלכע געוווינהייטן? נו, און א י ר זייט שוין פריי פון יעדער קריטיק אין דער הינזיכט?

— אַהאַ, זעסט, ווילי, דאָס איז שוין אַ בולטער און טיפּיש־יידישער שטריך. גלייך געפינט איר זיך באַליידיקט און געטראָפן. טאָמער רעדט מען אַרויס די מינדעסטע קריטיק אַף אייך, זייט איר שוין בייז און זעט אין דער פּערזאָן, וואָס דאָס האָט אַרויסגערעדט ,אייערן אַ שונא. אַף אונדז קען מען ריידן און זאָגן, וואָס מען וויל. מיר ווען זיך ניט פילן געטראָפן...

— הער, קאַטיע, עס איז אַ צו געפערלעכער געשפּרעך פאַר אונדז. אויב מיר קומען אַרוף אַף אַ טעמע „מיר און איר” אין אונדזער אונטערהאַלטונג, איז דאָ אַ געפאַר, אַז מיר זאָלן זיך נאָך צעקריגן אויך. לאָמיר אויסמיידן די דיסקוסיעס פון דער געפערלעכער טעמע.

ער איז צוגעגאַנגען צו איר, האָט זי מיט גרויס ליבשאַפט אַרומגענומען און באַדעקט זי מיט קושן.

— הער, קאַטיושאַ, — האָט ער זי דערנאָך אַ פרעג געטאָן, — פאַרוואָס האָסטו היינט ניט דערקלערט אָפיציעל אונדזער פאַרלאָבונג, ווי דו האָסט מיר פאַרשפּראָכן אין דיין בריוו? דו האָסט דאָס אָפּגעלייגט ביז איך וועל האָבן דעם דיפּלאָם און דאָס האָב איך דאָך שוין, דערצו נאָך מיט גוטע אויסצייכענונגען און גלענצנדיקסטע פּערספּעקטיוון אַף דער צוקונפט. ווער ראַטענוי איז, האָסטו דאָך אַליין געהערט, ער האָט זייער אַ

גרויסן איינפלוס אין דער רעפובליק. ער האָט מיר פארשפּראָכן אַ פּאָסטן אין איינעם פון זיינע ווערק. איך גלויב, אַז איצט איז דער פּאַסיקער מאָמענט און די רעכטע צייט, מיר זאָלן ווערן אָפיציעל חתן־כלה.

— ניין, ווילי, — האָט קאַטיע אין אַ קאַטעגאָרישן טאָן געענטפערט — איך האָב געמוזט אָפּלייגן די געפּלאַנטע אָפיציעלע פארלאָבונג אונדזערע. אמת, איך האָב דאָס טאַקע דיר פארשפּראָכן. אָבער דיין האלטונג היינט האָט מיך געצוווּנגען נאָך אַף אַ געוויסער צייט אָפּצולייגן. דו האָסט מיר אויך געהאט פאַרשפּראָכן, אַז דו וועסט זיך פולשטענדיק דערווייטערן פון יידן און זיך באַפרייען פון אַלע יידישע געוווינהייטן, און דאָס האָסטו נאָך ניט אויסגעפירט פולקאָם.

— אָבער, קאַטיע, וואָס אייגנטלעך האָסטו היינט אַריינגענומען אין קאָפּ „יידישע געוווינהייטן”? האָסטו דען פריער ניט געוווּסט, אַז איך בין אַ ייד? דאַכט מיר, אַז דו, די ערשטע, האָסט דערקלערט, אַז בא דיר שפּילט דאָס קיין ראָל ניט. דו מאכסט ניט קיין אונטערשייד פון מענטש צו מענטש און ראַסע צו ראַסע, טאָ וואָס איז דאָס פּלוצלינג מיט דיר געוואָרן? פאַרוואָס הער איך אַזעלכע ווערטער פון דיר?

— יאָ, מיין ליבער, איצט איז עפּעס אַנדערש, עס בלאָזן אַנדערע ווינטן בא אונדז. מען רעווידירט פריערדיקע באשלוסן און מען בייט פריערדיקע מיינונגען. מיר שרעקט דאָס האַרץ פון אַזעלכע כאַראַקטער־דיפערענצן, וואָס קומט אַלס קאָנסעקווענץ פון ראסנפארשיידנהייט. לאָמיר נאָך אַביסל אָפּוואַרטן. האָב נאָך אַביסל געדולד. מיין ליבע צו דיר איז ניט שוואכער געוואָרן, דאָס קענסטו זיכער זיין. דער מאָמענט צו וועלכן דו גאַרסט אַזוי, וועט אויך קומען.

אַגב, — האָט זי אים געזאָגט — ווי אַזוי קענסטו איצט טראכטן פון פאַרעפנטלעכן אונדזער פארלאָבונג, אַז דו האָסט נאָך ניט געמאכט אין אָרדענונג מיט דיין פרוי. אמת, מען האלט דיך דאָרטן פאַר טויט. אָבער, ווי לאַנג וועט אָנגיין דיין „טויט”? די וועלט שלאָפט ניט, מען דערוויסט זיך סוף כל סוף דעם אמת. אָט האָסטו היינט געהאט אַן אומדערוואַרטע באַגעגעניש, מען וועט דאָך זיך דאָרטן דערוויסן פון דיין עקזיסטענץ... ווילסטו, אַז באַראָן קאַרפּס איידעם זאָל געמשפּט ווערן פאַר ביגאַמיע?

געדענקסט, איך האָב דאָך דיר געזאָגט נאָך אין צאָפּאָט, אַז כל זמן דו וועסט ניט דערליידיקן אַף אַ לייטישן אופן מיט דיין פרוי, זאָלסטו ניט טראַכטן פון אַ פאַרייניקונג מיט מיר.

ווילי האָט אַראָפּגעלאָזן די נאָז. די ווערטער האָבן אים שטאַרק אַנטמוטיקט און אָפּגעקילט. — אָבער, ווי זאָל איך דאָס ברענגען אין אָרדענונג — האָט ער קלאָגנדיק געזאָגט — איך קען דאָך איצט ניט פאָרן אַהין. מיר ווילט זיך ניט וויזן פאַר די דאָרטיקע יידן און געוויס ניט פאַר איר. אַגב, ווייס איך גאָרניט, אויב זי געפינט זיך דאָרטן. איך האָב געהערט, אַז אין אָנפאַנג מלחמה האָט מען פאַרשיקט פון דאָרטן אַלע יידן. ווער ווייסט, ווו זי איז. איך האָב איינפאַך קיין עצה ניט, ווי דורכצופירן די זאַך און דערפילן דיין פאַרלאַנג.

— געדולד, מיין ליבער ווילי, עס וועט שוין קומען די געלעגנהייט ווי דאָס צו רעאַליזירן. איך וועל דיך העלפן. זיי נאָר רויק.

די יונגע מענטשן האָבן זיך צעקושט און זיינען געגאַנגען אין זייערע צימערן זיך אָפּרוען.

## ניינצנטער קאַפּיטל

ווילי האָט די גאַנצע נאַכט ניט געקענט איינשלאָפן. ער איז געלעגן אַף זיין געלעגער, זיך געדרייט אַף אַלע זייטן און דער שלאָף האָט אים דאָך ניט גענומען. וואָס איז דאָ פלוצלינג געוואָרן מיט קאַטיען? — האָט ער געטראַכט. — זעקס יאָר שוין, ווי מיר קענען זיך. זעקס יאָר, קען מען זאָגן, ווי אונדזערע ביידנס הערצער קלאַפּן אין איין טאַקט. ביידע האָבן מיר געהאַט די זעלביקע אַמביציעס, די זעלביקע האָפענונגען און דערוואַרטונגען און מיטאַמאָל, אַזאַ ענדערונג! קיינמאָל האָב איך פון איר ניט געהערט אַזעלכע ווערטער, ווי היינט. שטענדיק איז זי געווען אַזוי צוגע־

לאָזן, אַזוי ליב, אַזוי האַרציק, און מיטאַמאָל — גאָר אַזאַ שפּראַך...
קיינמאָל נאָך האָט זי מיר ניט געגעבן צו מערקן מיין אָפּשטאַם און היינט
האָט זי געהאַלטן אין איין איבערחזרן: „ייד און יידישע געוויסנהייטן".
ניין, דאָס איז עפּעס ניט גלאַט. עפּעס שטעקט דאָ. איינער האָט זיך גע־
מוזט אַריינוואַרפן צווישן אונדז ביידן. שאַ, — האָט ער געטראַכט, —
באַראָן מאַנטייפל איז דאָ אין בערלין, זיין זון אויך... צי איז זי גאָר
אפשר אַרונטערגעפאַלן אונטער זיין ווירקונג? ער איז דאָך איר יוגנט־
ליבע. אפשר גאָר האָט דער מנוול ראָזענבערג אַ האַנט אין שפּיל? ער
איז, האָט זי מיר געזאָגט, באַ די מינכענער חברה דער גאַנצער כל ולך.
דאָרטן בושעוועט דאָך די ניי געגרינדעטע נאַציאָנאַלע אַרבעטער פּאַרטיי,
און ער איז זייער פּירער. אפשר האָבן זיי אַף איר באַווירקט, אַז זי זאָל
ענדערן איר באַציאונג צו מיר? הגם, קאַטיע איז ניט פון די, וואָס לאָזן
זיך אַזוי לייכט באַייַנפלוסן. זי דענקט שטענדיק לאָגיש און אויסגעהאַלטן.
סוף כל סוף, איז זי דאָך ניט מער, ווי אַ פרוי און דערצו, אַ דייטשע פרוי.
ווי ענערגיש, ווי קלוג, ווי אינטעליגענט זיי זאָלן ניט זיין, בלייבן זיי דאָך
ניט מער, ווי אַ שוואַכע פעסטונג. נאָך אַ קירצערער אָדער לענגערער באַ־
לאַגערונג פאַלן זיי... אפנים, אַז עס מוז זיין פולשטענדיק ריכטיק די מיי־
נונג, וואָס איך האָב אַמאָל געהערט איבער פרויען: אַ פרוי איז, ווי אַן
אומבאַשריבן בלאַט, קיינער קען ניט לייענען, וואָס באַ זיי אין האַרצן טוט
זיך. די האַרץ פון אַ פרוי איז פאַרשלאָסן אונטער זיבן שלעסער, קיינער
קען דאָרטן ניט אַ קוק טאָן... איך מוז מיך אָנשטרענגען און אַן ענדע
מאַכן צו דער סיטואַציע, אַז ניט קען זי נאָך אַרויספליען פון מיינע הענט.
דאָס דאַרף ניט געשען. קאַטיע מוז זיין מיינע, איך מוז זי האָבן, איך מוז
זי באַזיצן.

מיט די געדאַנקען האָט ער זיך געדרייט די גאַנצע נאַכט. ערשט גאָר
שפּעט איז ער איינגעשלאָפן. ער איז אָבער זייער שלעכט געשלאָפן. שווע־
רע חלומות האָבן אים געפּייניקט די גאַנצע נאַכט. ער האָט זיך אופגע־
כאַפּט אינדערפרי, איז ער געווען נאַס פון שוויים. שטאַרקע קאָפּשמערצן
האָט ער געפילט. ער איז נאָך אַלץ ניט געווען פריי פון די שווערע געדאַנ־
קען, וואָס האָבן אים באַהערשט די נאַכט. אים איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק,

גיין אופזוכן זיינע פריינט און חברים, וואָס האָבן באַקאַנטע צווישן די מינכענער חברה און דורך זיי דערגיין, צי דער אויסוואורף ראָזענבערג שטייט מיט קאַטיען אין קאָנטאַקט, אָדער ניין. ער מוז אומבאַדינגט דער־גיין, וועמענס איינפלוס איז דאָס, וואָס זי האָט, נאָך זיין מיינונג, אירע באַציונגען צו אים געענדערט.

ווילי האָט זיך אין דער גיך אָנגעטאָן, קיינעם אין שטוב קיין וואָרט ניט געזאָגט. אפילו קאַטיען האָט ער ניט געזען פאַרן גיין, און האָט שטיל פאַרלאָזן דאָס הויז.

ניט געשלאָפן די נאַכט איז דער באַראָן קאַרף אַליין אויך. ער איז אויך געלעגן אַף זיין געלעגער און פאַרשיידענע געדאַנקען זיינען דורכגע־לאָפן זיין מוח. פאַר די זעקס יאָר, וואָס ער לעבט אין דייטשלאַנד האָבן אים שוין אָפט באַהערשט די דאָזיקע געדאַנקען, אָבער קיינמאָל ניט מיט אַזאַ אינסיסטענץ, אַזוי קאָפּלעכערדיק, ווי היינט.

באַראָן קאַרף האָט זיך פאַרקלערט, צי האָט אים געלוינט דער גאַנ־צער עסק. ער האָט דאָך געלעבט אַזוי גוט, אַזוי גדלותדיק. זיינע הויכע ראַנגען אין רוסלאַנד, זיין אָנזען, זיינע אַמטן האָבן אים דאָרטן פאַרשאַפט כבוד און פּרעסטיזש. דאָרטן האָט ער געהאַט פאַרמעגנס, רייכע מיטלען, קיין זאַך האָט אים דאָרטן ניט געפעלט, און דאָ, אין דייטשלאַנד, וואָס האָט ער?

אמת, האָט ער זיך געפּרוווט טרייסטן, רוסלאַנד איז איצט באַ־הערשט פון אַ באַנדע „באָסיאַקעס", וואָס באַלעבאַטעווען דאָרטן. דאָס וועט דאָך אָבער לאַנג ניט אָנהאַלטן. די אַלטע גוטע צייטן וועלן דאָך צו־ריקומען, די אַדלייט און פּריצים וועלן בלייבן, וואָס זיי זיינען געווען. וואָס האָב איך איצט דאָ? פאַרשטעקט, פאַרבאַהאַלטן, קיינער ווייסט ניט פון מיר און קיינער דאַרף מיך ניט. דער פּיפּיקער באַראָן ראַאַפּ האָט מיך איינגערעדט, אַז דאָס אַלץ, וואָס כ'האָב אין רוסלאַנד וועל איך נאָך מער האָבן אין דייטשלאַנד. אויסערדעם, וועל איך זיין צוזאַמען מיט מיינע דייטשע ברידער, פּלוס אַ פרייער קורלאַנד. צום סוף האָב איך גאָרניט. מיינע גיטער אין רוסלאַנד זיינען קאָנפיסקירט. אין קורלאַנד הערשן לעטן און אין דייטשלאַנד איז אַ כאַאָס און ווירוואַר. דאָס דייטשע פאָלק ליידט,

די רעגירונג, אַ האַלב־יידישע... אַף אונדז, די אַזוי־גערופענע, צוזאַמענ־געלאָפענע, קוקט זיך גאָר קיינער ניט אום. אמת, מיר האָבן טאַקע אין זיינער צייט געלייסטעט אַ וויכטיקע אַרבעט פאַר דייטשלאַנד. נאָך אַלעמען איז דאָך אָבער די אַרבעט און הילף געווען ניט מיט ערלעכע מיטלען, ניט גאַנץ קאָרעקט האָבן מיר געהאַנדלט. קוקט מען טאַקע אַף אונדז פון אויבן אַראָפּ. ווי לאַנג איז דער שיעור צו לעבן אַזוי אומבאַמערקט און צוריקגעצויגן?

אָט דער פּיפּיקער באַראָן ראַאַפּ, דער שלויער און כיטרער, אים איז גוט, — ציט ווייטער זיינע געדאַנקען דער באַראָן קאַרף. — די הייסע קוילן האָט ער געשאַרט מיט פרעמדע הענט. אַליין האָט ער גאָרניט געטאָן. ער האָט נאָר געזאַמלט אוצרות גאָלד. לאַכט ער היינט פון דער וועלט. ער האָט זיך געקויפט אַ גרויסאַרטיקע ווילע אין ביאַריץ. אַריינגענומען צו זיך אַ יונגע פּרינצעסין, אַ דייטשע, פון די וואָס די רעוואָלוציע האָט אַרויסגעוואָרפן אַפן גאַס און צעשפּרייט איבער דער וועלט, און געניסט היינט מיטן פולן ברוסט פון אַלע פאַרגעניגנס אין דער וועלט, און מיר פינצטערן אָפּ אונדזער לעבן אין דעם פאַראָרעמטן בערלין...

ניין, אַזוי טויג ניט, מען מוז עפּעס נעמען טאָן — האָט באַראָן קאַרף ווייטער געטראַכט — מען מוז זיך צו וואָס צושלאָגן. אפשר וועט טאַקע וואָס אַרויסקומען פון די פּלאַפּלערס, דאָרטן אין ביר־קעלער, אין מינכען, ווו איך בין אַ פּאָר מאָל געווען אַף זייערע געהיימע באַראַטונגען. דער, ראָזענבערג, איז דאָרטן דער גאַנצער מאַכער. מען דאַרף זיך האַלטן נאָענט צו זיי. אויב זיי זאָל טאַקע געליגגען דורכצופירן זייער געפּלאַנטע רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד... דאַמאָלט, יאָ, דאַמאָלט, קען מען אפשר יאָ צוקומען צו אַ נייעם לעבן. זיי קענען מיך מאַכן פאַר אַ פּערזאָן, וואָס זאָל ווידעך געניסן כבוד און אָנזען. נישט צו מאַכן, מען מוז זיך האַלטן מיט זיי. די יידן וועלן דאַמאָלט פליען פון דאַנען, וועט מען קענען אויסשפּרייטן די הענט. — באַ אָט די קאָמבינאַטאָרישע פּלענער איז ער ענדלעך איינגעשלאָפן.

דער באַראָן איז געשלאָפן אַביסל לענגער, ווי געוויינלעך. ער איז אופגעשטאַנען, זיך אָנגעטאָן און אַרויס אַף דער טעראַסע נעמען זיין

קאַפּע. אַפּן טיש לעבן אים זיינען שוין געלעגן אַלע צייטונגען, וואָס ער איז געוווינט צו לייענען יעדן פרימאָרגן. ער האָט זיך גלייך געכאַפּט צו דעם „בערלינער טאַגעבלאַט", די אייַנפלוסרייכסטע צייטונג אין יענער צייט. ער האָט אַ וואָרף געטאָן אַ בליק אַף די טעלעגראַמעס, אַ קער געטאָן אַ צווייטע זייט, זיינע בליקן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַף אַ פּאָר שורות, וואָס האָבן געצויגן זיין אויפמערקזאַמקייט. דאָרטן האָט זיך געזאָגט, אַז די אַליאירטע מלוכות פאָדערן מיט שטרענגקייט די דערפילונג פונעם ווערסאַלער אָפּמאַך, אַז דייטשלאַנד מוז צושטעלן צו פראַנקרייך צוויי מיליאָן טאָן קוילן מאָנאַטלעך. — פאַרפלוכט! — האָט ער מיט כעס אויסגעשריען — זיי לאָזן ניט דעם קאָפּ אופהייבן. — צוליב זיי זיינען מיר אַזוי דערשטיקט און דערוואָרגן! די יונגען דאָרטן, אין מינכען, זייַנען פולקאָם גערעכט. נאָך היינט פאָר איך צו זיי און באָט זיי אָן מיין מיטאַרבעט...

ער קערט ווייטער די צייטונג, ער דערזעט דעם אָפּטייל: לאַנדניים. ער גיט אַ בליק אין דער אָפּטיילונג, און... עס איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן:

ער דערזעט דאָרטן, אַז די בייערישע רעגירונג, נאָכקומענדיק דער פאָדערונג פון דער פעדעראַלער פּרייסישער רעגירונג פון דייטשן רייך האָט צעטריבן די אָרגאַניזאַציע, נאַציאָנאַלע אַרבעטער פּאַרטיי אין מינכען, אירע פירער זיינען צום טייל אַנטלאָפן און צום טייל אַרעסטירט.

— דאָנערוועטער, — האָט דער באַראָן אויסגעשפּיגן, — וואָס טוט מען איצט? פאַרשווונדן אויך די האָפענונג. הייסט דאָס, אַז די דערוואַרטונג וואָס איך האָב געהאַט אַף די יונגען פון בירקעלער איז אַ פּוסטער חלום. ניטאָ זיי מער, אָן וואָס כאַפּט מען זיך איצט? הייסט דאָס, אַז באַראָן מאַנטייפל מיט זיינע ספיקות איז גערעכט. ער האָט דערפילט מיטאַמאָל, ווי דער באָדן אונטער זיינע פיס גליטשט זיך אַרויס. ניטאָ אַף וואָס צו שטעלן אַ פעסטע פוס...

דער באַראָן לייענט ווייטער די צייטונג. נייס פון פּרייסישן רייך, דערזעט ער. דער נייער רייכסקאַנצלער, פאָן ווירט, האָט באַשטימט דעם פּרעזידענט פון די גרויסע פאַבריקס־קאָנצערנס, דעם אייגנטימער פון

דער „אעגע", וואלטער ראטענוי, אלס ווידעראופבוי־מיניסטער פון דייטשן רייך. — אהא, שוין ווידער א יידישער מיניסטער! — שרייט ער אויס, — מסתמא, זיצן שוין די יידן פעסט אין רייכס־זאטל, טראכט ער. מען וועט מוזן בייטן דעם זעגל, זאגט ער צו זיך. פארפאלן, מען מוז גיין מיטן ווינט. איז וואס־זשע טוט מען פארט איצט? ווי דערשלאגט מען זיך צו א לעבן פון כבוד און אנזען?

און מיטאמאל האט א געדאנק אופגעבליצט אין זיין קאפ. — יא, זאגט ער אפן קול — דאס וועט זיין דאס בעסטע. — און ער הייבט זיך אוף פון פלאץ מיט אן אויסדרוק פון אנטשלאסנקייט אף זיין פנים.

דער באראן האט פארלאזן זיין פרישטיק־טיש און איז אוועק אופזוכן זיין טאכטער. ער האט זי געפונען אין איר צימער. זי איז געזעסן בא איר טיש און פאר איר איז געלעגן א געעפנטער העפט. ער גיט א וואָרף מיט זיינע בליקן און לייענט איבער אן אנגעפאנגענע שורה, מיט די ווערטער: קורט האלט באם אוועקפארן... — אהא, אלטע ליבע, — גיט ער א טראכט.

— וואס מאכסטו עפעס, קאטיע? גוט געשלאפן? — גיט ער א פרעג דער טאכטער. ער האט איר א קוש געטאן און זיך צוגעזעצט אף א שטול לעבן איר טיש.

— איך וויל, קאטיע, מיט דיר אביסל זיך דורכריידן — האט ער זיך צו איר געווענדעט, נאכדעם ווי ער איז א ווײַלע געזעסן שטיל, — זאג מיר, איז ווילי אין שטוב איצט? ווו איז ער?

— ניין, פאפא, — האט קאטיע רויק געענטפערט — איך האב אים נאך היינט ניט געזען. די דינערשאפט האט מיר געזאגט, אז נאך גאנץ פרי איז ער ארויס פון שטוב און איך וויים ניט, ווו ער איז.

— הער, טאכטער, איך האב באמערקט, אז אין דיינע באציונגען צו אים, איז אין א געוויסער מאס, אריינגעטראטן אן ענדערונג. דו ביזט, אזוי שיינט מיר, אביסל קילער צו אים, ווי פריער. איז דאס אמת, אדער קומט דאס מיר נאר פאר?

— יא, פאפא, — האט קאטיע רויק געענטפערט, — איך מוז מיך

מודה זיין, אַז זינט אַ געוויסער צייט פיל איך, אַז מיינע געפילן צו אים זייר־נען ניט ווי די, וואָס איך האָב געהאַט פריער.

— איז דאָס די אורזאַך, וואָס דו האָסט נעכטן ניט געמאָלדן די פאַרלאָבונג מיט אים, ווי מיר האָבן דאָס אַלע דערוואַרט?

— יאָ, פּאַפּאַ, איך גיב מיר ניט אָפּ קיין רעכענונג, ווי אַזוי דאָס איז געקומען. אָבער מיטאַמאָל האָט מיר גענומען אָפּשטויסן פון אים דער פאַקט, וואָס ער איז אַ ייד...

— דו האָסט דאָך דאָס אָבער געוווּסט די גאַנצע צייט. ער האָט דאָך קיינמאָל פון דיר ניט אויסבאַהאַלטן זיין יידישן אָפּשטאַם. טאָ, וואָס האָס־טו זיך איצט אַרומגעזען?

— יאָ, פּאַפּאַ, איך בין עלטער געוואָרן מיט זעקס יאָר. איך האָב גענומען באַטראַכטן געוויסע זאַכן און פּראָבלעמען גאַנץ אַנדערש, ווי פריער. איך קוק איצט אויף דער אויסוויקלונג פון דער נייער וועלט מיט אַנ־דערע אויגן, ווי מיט זעקס יאָר צוריק.

— אָבער איך פאַרשטיי נאָך אַלץ ניט, קאַטיע. ווי איך זע, איז ווילי אַן אויסגעצייכנטער יונגערמאַן, אַ גוטער אינזשעניער, אַ גלענצנדיקע צו־קונפט, טאַדלאָזע אויפירונג... צווישן אונדזערע וועסטו אַזוינס זייער זעל־טן געפינען. ער האָט דיך ניט פאַראַטן און וועט דאָס קיינמאָל ניט טאָן. ער ליבט דיך מיט לייב און לעבן. ער וועט דיך שעצן און אַכטן. טאָ, וואָס אַזוינס האָט דיך באַוועגן צו קוקן אויף אים מיט אַנדערע אויגן?

— זייער איינפאַך, פּאַפּאַ, איך וועל דיר דאָס דערקלערן. איך האָב די אַנגעלעגנהייט גוט דורכגעטראַכט און גענוי אַנאַליזירט. ווי עס שטעלט זיך אַרויס, איז די ליבע, וואָס האָט דאַמאָלט אויפגעפלאַקערט אין מיין האַרצן צו ווילין ניט געווען די ריכטיקע ראָמאַנטישע ליבע, וואָס וואַכט אויף בײַ אַ יונג מיידל צו אַ מאַן. עס איז פיל מער געווען אַן אַמביציעזע ליבע. איך האָב דערזען ווילין און האָב אים באַוווּנדערט. איך בין פון אים באַגייסטערט געוואָרן. איך האָב מיר געזאָגט בעת מעשה: אויב דער אָרעמער יידישער יינגל, אַן מאַטעריעלע שטיצע, אָן מאָראַלישע הילף, האָט געקענט אין אַזאַ אָרעמען לעבן זיך דערשלאָגן צו אַן אַטעסטאַט אויף אַכט קלאַסן גימנאַזיע; אויב אַ מענטש, לעבנדיק אונטער נעגאַטיוו־

ווירקנדיקע אומשטענדן אין צאַרישן רוסלאַנד האָט געקענט דערגרייכן בילדונג און אינטעליגענץ, ווי ער האָט דאָס דאַמאָלט אַרויסגעוויזן. דערצו, זיין הערױשע האַנדלונג מיך צו ראַטעווען פון זיכערן טויט, — באַוויזט אַז אין אים שטעקט אַן אויסערגעוויינלעכע ענערגיע, אייזערנער ווילנקראַפט און פענאָמענאַלער טאַלאַנט, און עס האָט מיך באַהערשט אַן אַמביציע, אַרויסרופן בײַ אים אָט די באַהאַלטענע כוחות זיינע. מיר האָט זיך פאַרגלוסט שאַפן עפּעס פון דעם אָרעמען יינגל. אָנזען אים, ווען עס וועלן זיך אַנטוויקלען זיינע פעיקייטן. האָב איך מיך אַריינגעוואָרפן אין דעם שאַפונגס־פּראָצעס מיט מיין גאַנצער נשמה און געשאַפן פון אים, ווי דו זאָגסט, אַ גלענצנדיקן אינזשעניער און אַ וואונדערבאַרן מאַן. ווען איך האָב דערזען מיין שאַפונג, בין איך העכסט צופרידן. אָבער דאָס רוב, ווען אַ מייסטער האַלט אין שאַפן אַ וואונדערשטיק, איז ער באַהערשט פון דער שאַפונגסבאַגייסטערונג. האָט ער אָבער זיין מייסטערשטיק פאַרענדיקט, ווערט זיין באַגייסטערונג שוואַכער און זיין ענטוזיאַזם קלענער. ער אַליין קוקט שוין קריטיש אַף דאָס געשאַפענע און צווייפלט אין דעם געשאַפענעם. מיט מיר איז דאָס זעלביקע. איצט פאַרשטייסטו שוין, פּאַפּאַ?

— די גאַנצע צייט האָב איך געזען אין אים — האָט זי ווייטער גערעדט — מיין ווערק, וואָס איך שאַף. פון וואָס אַנדערש האָב איך ניט געטראַכט. איצט אָבער, אַז מיין ווערק איז פאַרטיק, האָב איך געפּרוווט זען אין אים דעם מאַן מיט וועמען איך דאַרף דורכגיין מיין לעבן. און אַלס אַזעלכער איז זיין אָפּקלאַנג אין מיר ניט גרויס. עס גיבן מאָמענטן, וואָס איז מיר דערווידער זיין יידישקייט און איך קוק אַף אים קריטיש.

— איך טייל פולשטענדיק דיין מיינונג, טאָכטער, אָבער מיר ליגט זיך דאָך ניט אַפן שכל, אַז דו זאָלסט קיינמאָל ניט האָבן געטראַכט פון אים אַלס דיין צוקונפטיקן מאַן. איך שטעל מיך פאָר די זאַך אין אַן אַנדער ליכט, אַנטשולדיק מיר, דו האָסט שוין יאָ געטראַכט פון אים אַלס דיין צוקונפטיקער מאַן. דו האָסט ניט געפונען אַף אים, וואָס אויסצוזעצן... אָבער אַ געוויסער פאַקטאָר, וואָס האָט זיך אַריינגעמישט אינמיטן, זאָגט מיר, דו האָסט דערזען אַן אַנדער מאַן. דו האָסט די בילדער פון די ביידע

מענער גענומען פאַרגלייכן אין דיין פאַרשטעלונג, און יענער בילד, וועלכער איז נאָך פאַר מיר דערוויייל אומבאַקאַנט, האָט זיך דיר אויסגעוויזן עפעקטפולער, שענער און צוציענדיקער. ממילא, איז שוין באַ דיר ווילי'ס בילד געוואָרן שוואַכער. דו האָסט דערזען אין ווילים בילד פיל שאָטנדיקע זייטן. אַז מען זוכט, געפינט מען אויך. דאָס מוז זיין גיכער די סיבה פון דער ענדערונג אין דיינע באַציונגען צו אים. זיי זיך מודה, קאַטיע, דו ווייסט דאָך, אַז מיר איז דאָס אַלציינס. איך מיש מיך ניט אין דיינע אינטימע אנגעלעגנהייטן. אין דער הינזיכט האָב איך דיר געגעבן פולע פרייהייט און קענסט האנדלען, ווי דיר געפעלט.

קאַטיעס פנים איז באַדעקט געוואָרן מיט אַ רויטקייט. זי האָט אירע אויגן אַרונטערגעלאָזן צו דער ערד. איר פאָטער האָט געטראָפן ריכטיק אין פינטל אריין.

— און אויב יאָ, פּאַפּאַ, אויב דאָס איז יאָ אַזוי, האָסטו וואָס קעגן דעם? — האָט זי אופהייבנדיק אירע אויגן אַ פרעג געטאָן.

— אַבסאָלוט ניט מיין טאָכטער, איך האָב דאָך דיר שוין דערקלערט, אַז אין דיינע ליבע־ענינים מיש איך מיך ניט... אָבער אַלס פאָטער, אַלס דיין פריינט, פאַר וועמען דו דאַרפסט ניט האָבן קיין סודות, קען איך פרעגן, ווער איז דער, וואָס האָט דיך מער פאַרינטערעסירט, ווי ער?

קאַטיע איז שוין געוואָרן אַביסל דרייסטער. זי האָט שוין אינגאַנצן אופגעהייבן אירע אויגן, רויק געקוקט דעם פאָטער גלייך אין פנים און געזאָגט:

— יאָ, פּאַפּאַ, איך קען דיר דאָס זאָגן, איך האָב פאַר דיר קיין סודות ניט. דער לעצטער באַזוך קורטס, האָט מיך איבערציינגט, אַז ער האָט נאָך אַלץ פאַר מיר אַ גרויסן אינטערעס. ער האָט מיר דערמאָנט אַמאָליקע יאָרן, אונדזער אַמאָליקן שיינעם, זאָרגלאָזן לעבן אין דער היים. זיינע רייד, זיין האַנדלען, די דערינערונג, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון יענע צייטן, ווען מיר ביידע האָבן צוזאַמען פאַרבראַכט, צוזאַמען געריטן, צוזאַמען שפּאַצירט. זיין טיפע אופמערקזאַמקייט, וואָס ער ווייזט אַרויס צו מיר לעצטנס, האָט קעגן מיין ווילן, מיר געגעבן אַ מאָטיוו צו פאַרגלייכן זייערע

ביידנס בילדער און צו מיין גרעסטן באַדויערן, האָב איך דערזען, אַז קורטס בילד צייכנט זיך אויס אין מייַנע אויגן מיט אַ שטאַרקערער מענערישער קראַפט. קורטס פּולבלוטיקייט, זיינע אידעלע מאַנירן, זיין שיינע, שטאָלצע האַלטונג אין פאַרגלייך צו ווילים, געפעלט מיר מער. ווילים בילד, געפין איך, איז אַ סך בלאַסער און שוואַכער. עס פעלט אין אים די זיכערקייט און פעסטקייט, וואָס יענער האָט. דאָס איז דער מאָטיוו, וואָס איך האָב פּלוצלינג געפונען שאָטנדיקע שטריכן אין ווילים בילד. נאַטירלעך, אַז דאָס ערשטע, וואָס איך האָב דערזען, איז זיין יידישקייט און זיין קליינבירגערלעכקייט.

— אָבער, פּאַפּאַ, — האָט זי באַלד צוגעגעבן — איך פאַרטרייב ניט ווילין פון זיך. איך פיל צו אים גענוי די זעלביקע אַכטונג ווי פריער. זאָל זיך פון מיינע שטילע פאַנטאַזיעס גאָרניט אויסלאָזן, וועל איך מיך, סוף־כל־סוף, מוזן צוגעוווינען צום געדאַנק, צו זען ווילין אַלס מיין מאַן. נאָך אַלעמען איז שוין צייט זיך צו אַנטשליסן. לאַנג וועל איך שוין ניט קענען ציען. סיי קורט און סיי ווילי דרינגען מיך, איך זאָל מיך ענדלעך קלאָר אַרויסזאָגן. אין אַזאַ פאַל, וועל איך מוזן אַראָפּשלינגען דעם ביטערן פּיל פון זיין אָפּשטאַם... איך וועל מיר מי געבן אים צו שעצן און אַכטן. דורך אַ פריינטלעכע האַלטונג, מיט דער הילף פון אַ פרויען־שמייכעלע, אַ ליב וואָרט וועל איך באַ אים אַלץ דערגרייכן. ער ליבט מיך גרעניצלאָז. ער איז אין מיינע הענט, ווי אַ טייג. איך קען פון אים אויסקנעטן, וואָס איך וויל. פאַר אַ גוט וואָרט און אַביסל צערטלעכקייט ,וועל איך אים נאָך פירן אין קירך אויך...

ביידע, סיי דער פאָטער און סיי די טאָכטער, האָבן געשמייכלט פון איר אויספירונג.

— ריכטיק האַנדלסטו, מיין טאָכטער, מען קען ניט אַרויסגיסן דאָס אומריינע ביז מען איז ניט זיכער מיט דעם ריינעם. דו ביזט שוין ניט קיין יונג מיידעלע. דו האָסט געוויס באַמערקט דעם פּרצוף פון דער איצטיקער נאָכקריג־געזעלשאַפט. די געזעלשאַפט איז דעמאָראַליזירט. דו זעסט בלויז שאַרלאַטאַנסטווע, קאָרופּציע, שווינדל און באַטרוג. ניטאָ מער די הויכע לעבנסווערטן פון אַמאָל. יעדער כאַפּט, איינער וויל באַשווינדלען דעם אנ־

דערן. ניטאָ מער די אָפּגעהיטע דיפערענצירונג צווישן מענטשן, ווי פאַר דער מלחמה. ניטאָ מער די אָפּגעהיטע אָפּגעזונדערטקייט אַף דער וועלט. אַלץ איז צעמישט. הויכע זיינען נידעריק געוואָרן. פּלעבייער זיינען פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַריסטאָקראַטן. אַדל־לייט, אין איינפאַכע אַרבעטער. יעדער נעמט, וואָס ער געפינט. מען כאַפּט, וואָס עס לאָזט זיך. ווער ווייסט, וואָס דער גורל גרייט אונדז צו. אָט האָב איך היינט געלייענט, אַז דער קאַנצלער האָט באַשטימט דעם פּרעזידענט פון אַלגעמיינער עלעקטרי־ציטעט געזעלשאַפט, דעם ייד ראַטענוי, וואָס האָט פאַרשפּראָכן ווילין אַ פּאָסטן אין פּראָטעקציע, פאַר דעם וויצטיקסטן און פאַראַנטוואָרטלעכסטן מיניסטער אין רייך... דאַרף מען זיך וואָרעם האַלטן אָן ווילין. איך האָב דעם געפיל, אַז ער וועט זיך נאָך אַרויסרוקן שטאַרק אין פאָדערגרונט. מיר וועלן אים קענען אויסנוצן צו אונדזער גונסטן...

— בשום אופן דערוווייטער איך ניט אים פון מיר. איך האַלט אים אַזוי וואַרעם פונקט ווי פריער. איך האָב דיר נאָר געזאָגט, פון דעם ווי־דערגעפיל צו זיין אָפּשטאַם, אָבער ניט צו אים פערזענלעך... איבעריקנס, האָב איך בדעה דורכצופירן נאָר אַ גרויסע זאַך. איך רעכן, אַז דאַמאָלט וועט אַלץ דערליידיקט ווערן אַפן בעסטן אופן. דער וואָלף וועט זיין זאַט און די ציג גאַנץ... איינס קען איך דיר פאַרזיכערן, אַז צו צוויי געטער וועל איך קיינמאָל ניט דינען. קאַטיע קאַרף וועט ניט זיין איינעמס אַ ווייב און דעם צווייטנס, אַ געליבטע!

דער באַראָן איז געבליבן צופרידן פון דעם שמועס מיט זיין טאָכ־טער. ער האָט איר אַ קוש געגעבן אין שטערן און אַ צופרידענער פאַרלאָזט איר צימער.

## צוואַנציקסטער קאַפּיטל

**אַ וואָך** איז אוועק זינט פאָטער און טאָכטער האָבן געהאַט צווישן זיך דעם אינטימען געשפּרעך. ווילי וואַלד האָט שוין ווידער געשיינט. זיי־

נע חברים האָבן ניט געקענט אויסגעפינען קיין פאַרבינדונג צווישן קאַטיען און דער חברה פון מינכענער ביר־קעלער. אין דער וואָך איז פאַרשוואונדן פון אים דער ביטערער בייגעשמאַק פון זיין געשפּרעך מיט זיין געוועזע־נעם חבר אין באַנהאָף, וואָס האָבן אים עטלעכע טעג יאָ געלעכערט זיין מוח. ער האָט פאַרגעסן זיין ברוגז אַף קאַטיען, ער האָט שוין ניט געדענקט אירע שטעכיקע באַמערקונקען און אָנצוהערענישן פון זיין אָפּשטאַם. קאַ־טיע האָט ווידער געקוקט אַף אים מיט אירע וואונדערלעכע ברענענדיקע בליקן, ווי צום אָנפאַנג פון זייער ליבע. זי האָט אים צוגעוואָרפן איר שמייכעלע, וואָס האָט שטענדיק אופגערייצט זיין בלוט און פאַרשיכורט זיין פאַרשטאַנד. ברייטהאַרציק האָט זי אים איינגעטיילט דאָ אַ קוש, דאָ אַ גלעט, דאָ אַ כישופוואָרט, וואָס מאַכט פאַרגעסן אָן אַלץ אין דער וועלט. די אָוונטן פלעגן זיי ביידע אַרויסגיין באַזוכן טעאַטער, קאָנצערטן און פאַרוויילונגען. מען האָט געהאַט דעם איינדרוק אַז אַלץ איז ווידער אַריין אין נאָרמאַלן וועג בא זיי ביידן.

אין איינעם אַ שבת האָבן זיי אָפּגערעדט דעם נאָכמיטיק צו באַזוכן דעם בערלינער טירגאַרטן. באַקוקן אַלע זיינע מערקווירדיקייטן און הנאה האָבן פון דעם וואונדערבאַר־שיינעם אָרט. ווי אַלע טאָג, איז פּאַרמיטיק, ווילי אַרויס אין שטאָט. ער האָט האָט ליב געהאַט צו פאַרברענגען איי־ניקע שעה אין פאַבריקן, בא באַקאַנטע אינזשעניערן. בא אים איז געווען אַ געניוס, ווען ער האָט געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו פאַרטיפן אין וועלכע ניט איז פּראַקטישע אַרבעטן פון זיין פאַך. בא אַזעלכע אַרבעטן איז ער בכוח געווען צו בלייבן שעה׳ן לאַנג. אין אַזעלכע מאָמענטן האָט ער פאַר־געסן אָן אַלץ. אַפילו פון קאַטיען האָט ער דאַן ניט געטראַכט.

אינעם זעלביקן פּאַרמיטיק האָט זיך באַוויזן פּלוצלינג בא די קאָרפּס אַ גאַסט. אַלפרעד ראָזענבערג איז אומדערוואַרט געקומען צו זיי. די קאָרפּס האָבן אים אופגענומען, ווי שטענדיק, העפלעך און זייער ליבנסווירדיק.

— נו, אַלפרעד, — האָט אים דער באַראָן אַ פרעג געטאָן — וואָס הערט זיך אין אייער באַוועגונג?

— וואָס באַטאָנט איר עפּעס, הער באַראָן, „אייער"? איז די באַווע־וועגונג בלויז אונדזערע? זייט איר דען ניט קיין דייטש? אונדזער באַווע־

גונג איז די דייטשע באוועגונג. בא יעדן, בא וועמען עס פליסט דייטשיש בלוט אין די אדערן מוז צושטיין צו אונדזער באוועגונג. מיר שטרעבן אופצוהייבן די דייטשע ראסע און אוועקשטעלן זי העכער ווי אלע אנדערע אין דער וועלט. אין קורצע ווערטער, אדער זיין א האר, דאס הייסט, זיין א דייטש, אדער זיין איר אונטערוואָרפן, דאס הייסט, זיין פון אן אנדער ראסע. איך גלויב, הער באראן, עס וועט זיך ניט געפינען קיינער צווישן די דייטשן, וואס זאל וועלן זיין אונטערגעוואָרפן. פאלגלעך, מוזן אלע דייטשן צושטיין צו אונדזער באוועגונג.

— איך האב דאך געלייענט, אז מען האט שוין אייער באוועגונג צעטריבן. אירע פירער אין האפט גענומען, — האט אים דער באראן געענטפערט.

— עט, נארישקייטן, הער באראן, דאס איז געווען דער ווונטש פון דער פרייסיש־יידישער רעגירונג. מען האט זיי צעטריבן נאר אפן פאפיר. אין דער אמת'ן וואקסט אונדזער באוועגונג פון טאג. זי ווערט אלץ אנגעזעענער און שטארקער. מיר הייסן שוין ניט מער „נאציאנאלע ארבעטער־פארטיי" מיר זיינען איצט „נאציאנאלע סאציאליסטן" אונדז איז געלונגען צו אנטדעקן א פערזאן, וואס וועט גיך אריבערשלעפן די מאסע צו אונדז און עס וועט לאנג ניט נעמען, וועלן מיר אויך האבן די מאכט.

— ווער איז דאס אזא כישוף־מאכער וואס איר האט אנטדעקט?
— איז דער באראן געווען נייגעריק צו וויסן.

— דאס איז איינער אן ארבעטסלאזער, ווי מיר אלע, א געוועזענער מיליטאר. ניט קיין דייטש איז ער. ער איז אן עסטרייכער. ער האט אבער געדינט אין דייטשן מיליטער. היינט איז ער בילדונגס־אפיציר בא דער רייכסווער אין בייערן. דער מענטש פארמאגט אן אויסערגעוויינלעכן רעדנער־טאלאנט. ער איז א גרויסער פאנטאזיאר און מאניאק און וויל ווערן גרויס און בארימט. מיר האבן אים איינגערעדט, אז ער איז געשיקט צו אונדז פון גאט, כדי צו העלפן דער אומגליקלעכער דייטשלאנד זיך שטעלן אף די פיס. איבער אלעם איז ער א שונא פון יידן און קאמוניסטן. א זאך וואס איז גראד צו דער האנט אין איצטיקן מאמענט. ער פארמאגט א פאר אויגן ווי פון א ווילדן סיבירישן קאטער. אבער די קעציש אויגן זיינע

האָבן אין זיך אַ גוואַלדיקע היפּנאָטישע קראַפט. אַז ער צילט אָן זיינע אויגן אויף איינעם, ווערט יענער סוגעסטירט און באַזיגט. אַזאַ פאַנאַטישע פּערזאָן האָבן מיר שוין לאַנג געזוכט פאַר אונדזער באַוועגונג. מיר וועלן אים איינריידן, אַז ער איז אונדזער מאָדערנער נביא, אונדזער פירער. פון מיינעטוועגן אפילו אונדזער גאָט, אבי נאָר ער זאָל שלעפּן די מאַסן נאָך זיך דעמאָלט וועלן מיר אַלץ דערגרייכן.

— יאָ, איר, זוכט, איר יאָגט זיך נאָך משוגענע נביאים, פאַנאַטישע מאַניאַקן. איר ווילט אַ וועלט איינעמען. אַלע דייטשן ווילט איר צוזאַמענקריגן. איר ווילט גאַנץ אייראָפּע צו די פיס פון דייטשלאַנד וואַרפן. וואָס העלפט דאָס, אַז מען דאַרף באַשטימען אַ מיניסטער, זוכט מען אים צווישן די יידן און ניט בײַ אייך, — האָט קאַרף איראָניש באַמערקט.

— איר מיינט אודאי, הער באַראָן, דעם נייעם ווידעראויפבוי־מיניסטער? נישקשה, הער באַראָן, זייט זיכער, מיר וועלן אים קליין קריגן. מיר וועלן פאַרניכטן די גאַנצע פּרייסישע רעגירונג, — האָט ראָזענבערג, מיט אַ פּיל באַדייטנדיקן שמייכעלע געזאָגט.

— איר ווייסט, באַראָן, נאָך וואָס איך בין געקומען? מיר מאַכן היינט אָן אָוונט אין קעמפּינסקים רעסטאָראַן. דאָס איז אַן אָוונט צו באַערן אונדזער חבר און פריינט, הערמאַן געריננג, וואָס מוז אויף אַ קורצע צייט פאַרלאָזן דייטשלאַנד. ער פאָרט אָפּ קיין שוועדן. ער האָט דאָרטן אָנגענומען אַ פּליער־פּאָסטן בײַ דער סווענסקאַ לופטפּאָרט־געזעלשאַפט. אגב ווילן מיר אויך אָפּשיידן קורט מאַנטייפל. ער פאָרט צוריק אין ריגע. לאַד איך אים איין צו קומען אפן אָוונט. דאָרטן וועלן זיין אַלע אונדזערע באַקאַנטע און אַלע פון אונדזער באַלטישער משפּחה. קומט איר אויך צוזאַמען מיט דער פרוי באַראָנין און באַראָנעסע. אומבדינגט מוזט איר זיין. איר טאָרט ניט פעלן אויף אַזאַ אָוונט.

— וואָס איז שייך אונדזביידן, איך און די באַראָנין, וועלן מיר באַשטימט קומען. עס וועט אונדז זיין זייער אָנגענעם צו פאַרברענגען צווישן אייגענע מענטשן, — האָט דער באַראָן געזאָגט, — אָבער קאַטיע ווייס איך ניט, זי לעבט איר אייגענעם לעבן און האָט איר אייגענעם פאַרווײַלונגס־פּראָגראַם. איר מוזט מיט איר אַליין דאַריבער ריידן.

ראָזענבערג איז אריין צו קאַטיען אין איר צימער.

— נו, קאַטיע, ווי גייט עס אייך? — האָט ראָזענבערג א זאָג געטאָן צו איר.

די באַראָנעסע איז געבליבן שטיין א דערשראָקענע פונעם אומדערוואַרטעטן באַזוך. ראָזענבערגס באַזוך אין איצטיקן מאָמענט, האָט זי באַטראַכט פאַר זייער אומאַנגענעם. זי האָט ניט געוואָלט, אז ער זאָל זיך טרעפן מיט ווילין בא זיי אין הויז. זי האָט ניט געהאַט די מינדעסטע אַנונג, אז ראָזענבערג געפינט זיך איצט אין בערלין. ווען זי וואָלט דאָס געוווּסט וואָלט זי געוועזן אַנגענומען אַנדערע מיטלען. בכלל האָט זי אים געוואָלט זען וואָס ווייטער פון זיך. דערפאַר איז זי זייער איבעראַשט געוואָרן בא זיין דערשיינען און געשוויגן, א וואָרט ניט אַרויסגערעדט פון איבעראַשונג.

ווען זי איז אביסל צו זיך געקומען, האָט זי אים באַגעגנט מיט די געוויינלעכע העפלעכקייטס־פראַזן:

— אָ, הער ראָזענבערג, וואָס מאַכט איר? שוין לאַנג אייך ניט געזען בא אונדז.

— דערפאַר וועט איר מיך שוין זען איצט אָפט און הערן פון מיר. איך בלייב שוין איצט אף שטענדיק אין בערלין. איך וועל זיין דער שעף־רעדאַקטאָר פון אונדזער צייטונג. איר וועט שוין האָבן די געלעגנהייט מיך צו הערן. זייט איר שוין פאַרשריבן אין אונדזער באַוועגונג? — האָט ראָזענבערג פּלוצלינג א פרעג געטאָן די באַראָנעסע? — איך מיין צי זייט איר שוין א מיטגליד אין דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. — ער האָט זייער שטאָלצירט מיט דעם נייעם נאָמען וואָס זייער באַוועגונג האָט געקראָגן — א דייטשע פרוי, האָט ער ווייטער גערעדט צו איר, — ווו זי זאָל ניט זיין, מוז געהערן צו א דייטשן. די דייטשע פרוי מוז אָפּהיטן די ריינע דייטשע בלוט, אויב זי וויל ניט ווערן קיין פאַרעטערין. באַזונדערס מיין איך דאָס אייך, קאַטיע, איר זייט נאָך אַלץ באַפריינדעט מיט אייער יידן, הער איך.

קאַטיע האָט אים אָנגעקוקט און ניט פאַרשטאַנען וואָס ער פּלאַפּלט דאָ. זי האָט אין האַרצן געפרעגט, וואָס וויל ער דאָ פון מיר? זי האָט אים

שוין געוואָלט עפּעס זאָגן אזוינס, אז ער זאָל פליען פון איר צימער, האָט אָבער ראָזענבערג ווייטער געקומען ריידן. ניט געלאָזן זי קומען צום וואָרט.

— ניט דאָס בין איך אָבער היינט אויסן. היינט בין איך ניט געקומען צו מוסר'ן. איך בין ספּעציעל געקומען איינלאַדן אייך אַף היינט אָוונט צו קעמפּינסקין. דאָרטן אראַנזשירן מיר א חבר'שע וועטשערע. עס וועלן זיין אַלע פריינט און באַקאַנטע.

קאַטיען איז אביסל לייכטער געוואָרן צום מוט.

— ליידער, — האָט זי געענטפערט, — קען איך היינט ניט גיין. איך האָב שוין היינט איינגעטיילט מיין פּראָגראַם און עס גייט ניט צו ענדערן. איך גיי היינט, אין געזעלשאַפט פון א פריינט, אין טירגאַרטען.

ראָזענבערג איז געבליבן שטיין און ניט געזאָגט גאָרניט. ער האָט דערוואַרט, אז זי וועט ניט אָנעמען זיין איינלאַדונג. ער האָט גענומען מיט די אויגן זיינע נישטערן אין איר צימער. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי ער וואָלט וועלן באַטראַכטן די שיינע אויסשטאַטונג פונעם צימער. ער האָט געקוקט אַף יעדע קלייניקייט און האָט באַמערקט די מינדערווערטיקסטע קעגנשטאַנדן פון צימער. ער האָט געקוקט אַפן שרייב־טיש, אריינגעקוקט אין דער ביבליאָטעק און האָט מיטאַמאָל דערזען, אַף א פּיעדעסטאַל לעבן שרייב־טיש, שטייען אויסגעשטעלט איניקע פאָטאָגראַפישע בילדלעך קאַטיעס.

— שענקט מיר א בילד אייערס. — האָט ער זיך א דריי געטאָן צו דער באַראָנעסע און געבעטן, — איך וויל האָבן אן אָנדענק פון מיינער א שילערין.

קאַטיען איז ניט איינגעפאַלן גאָרניט צו וואָס ער קען באַדאַרפן אירע א פאָטאָגראַפיע. איר האָט זיך געוואָלט וואָס גיכער פריי ווערן פון זיין אָנוועזנהייט בא איר. האָט זי קיין וואָרט ניט גערעדט. גענומען א בילדל און דאָס דערלאַנגט ראָזענבערגן.

— איך גיב אייך מיט פאַרגעניגן, — האָט זי שמייכלענדיק געזאָגט.

דערנאָך, וועלנדיק זיין מיט אים אין גוטע באַציונגען, — מאַלע וואָס עס מאַכט זיך, האָט זי געטראַכט, — האָט זי צוגעגעבן:

— אנטשולדיקט מיך זייער, וואָס איך קען היינט ניט אָנעמען אייער

זייער פריינטלעכע איינלאדונג. א צווייטן מאָל, וועל איך מיט דעם גרעסטן פאַרגעניגן דאָס טאָן. — און האָט ליבנסווירדיק ארויסבאגלייט ראָזענ־בערגן פון איר צימער. זיי זיינען ביידע אריין אין צימער ווו אירע על־טירן זיינען געזעסן. דאָרטן האָט ער זיך פאַראַפשיידט פון זיי און איז אוועק.

דעם מיטיק און א שטיק צייט נאָכמיטיק האָבן די קארפס פארבראַכט צוזאמען מיט ווילי וואלד. פארנאכט, קאפע־צייט, זיינען די ביידע עלטערן אוועקגעפאָרן צו קעמפינסקין, בשעת קאטיע און ווילי האָבן זיך צוגעקליבן צו זייער שפּאַציר אין טירגארטן.

מיט איניקע מינוט שפּעטער, ווי די קארפס האָבן פארלאָזן זייער וווינונג, האָט פלוצלינג דער טיר־גלאָק געקלונגען. דער הויז־דינער האָט געמעלדעט, אַז אַן אַמטמאַן וויל ריידן מיט הערן אינזשעניער וואלד.

ווילי איז ארויסגעלאָפן אין האָל, ווו דער אמטמאַן האָט געווארט, אים האָט זיך געוואָלט זען, ווער דאָס איז און צו וואָס דארף ער אים. א פּאָר מינוט שפּעטער, איז ער אריינגעלאָפן צו קאטיען אין צימער, זיך ניט אנטשולדיקט אפילו, פארוואָס ער האָט איר איבעראשט אין איר צי־מער ווען זי האָט געהאלטן איר טואלעט מאַכן. א שייַנענדיקער און א שטראַלענדיקער האָט ער צו איר געשריען:

—קאטיע, זע וועלכע איבעראשונג. א, וואָס פאר א גליק פאר מיר, פאר דיר, פאר אונדז ביידן. נא, לייען, — און האָט איר דערלאנגט א שיין באַפּוצטע לוקסוס־קארטע, באשריבן מיט דראָבנינקע קליינע בוכשטאַבן.

קאַטיע איז אויך נייגעריק געוואָרן. ווילים שיינען, זיין פריילעכער אויסגעשריי האָט איר נאָך מער נייגעריק געמאכט, האָט זי א כאַפּ געטאָן די קאַרטע און גענומען לייענען. זי האָט באמערקט דעם אופדרוק אויף דער קאַרטע „מיניסטער פון ווידעראופבוי פון דייטשן רייך". זי האָט א בליק געטאָן אונטן, אויף די אונטערשריפט און א פארוואונדערטע אויסגעשריען, דאָס איז דאָך פון פרעזידענט פון דער אעגע, דער וואָס האָט דיר ארויס־געגעבן אזא שיינע באשייניקונג און פארשפּראָכן א פּאָסטן און שוין. וואָס וויל דער הער? און לייענט ווייטער „דער אינזשעניער ווילי וואלד, ווערט העפלעך געבעטן, היינט זיבן אור, צו דערשיינען אין דער פריוואט־וווינונג

פון מיניסטער צו א דרינגענדיקע געשעפטלעכע באשפּרעכונג. בעסטן דאנק פאַרויס. אונטערגעשריבן וואַלטער ראַטענוי".

קאַטיע האָט אַוועקגעלייגט די קאַרטע אפן טישל, איז צוגעלאָפן צו דעם נאָך אַלץ שטראַלענדיקן ווילי, ארומגעכאַפּט אים מיט בײדע הענט, צוגעצויגן אים צו זיך און אַ קוש געטאָן אין בײדע באַקן.

— אָ, ווי שיין דאָס איז, ווי נעט דאָס איז, ער איז שוין מיניסטער און האָט זיך דערמאָנט דיך צו רופן. איצט, ווילי, ביזטו שוין דער ריכטיקער מאַן. גייסט דאָך באַשטימט, ניט אַזוי, ווילי?

— אָבער געוויס, קאַטיע, דאָס קען דאָך ווערן אַ גליקלעכע ווענדונג אין מיין לעבן, ווי אַזוי זאָל איך ניט גיין? איצט איז דער זייגער קורץ נאָך זעקס, איך גיי מיך איבערטאָן און גלייך פאָרן אין גרונעוואַלד צום מיניסטער. אונדזער שפּאַציר, קאַטיע, וועלן מיר שוין מאַכן אַ צווייטן מאָל. אָבער דו, ליבע, שטער דיר ניט. פאַרברענג דעם אָוונט ווי דיר געפעלט, אַף מיר זאָלסטו ניט וואַרטן, ווייל איך ווייס ניט ווען איך וועל פריי ווערן. — ער האָט איר אַ קוש געגעבן און איז ארויס פון איר צימער.

# איינאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

ווען ווילי האָט פאַרלאָזן באַראָן קאַרפּס ווילע כדי צו פאָרן אין גרונעוואַלד צום מיניסטער וואַלטער ראַטענוי, איז אַ טאַקסי אָנגעפאָרן צום באַראָנס הויז און פון טאַקסי איז אויסגעשטיגן דער יונגער באַראָן מאַנטייפל. ער איז אריין אין הויז, האָט זיך געלאָזט מעלדן בא קאַטיען פון וועלכער ער איז תיכּף אופגענומען געוואָרן.

— איך האָב געמיינט, — האָט באַראָן קורט מאַנטייפל אָנגעפאַנגען, — אַז דו וועסט מיך ניט אופנעמען. איך בין אין דער מיינונג, אַז דו האָסט זיך שטאַרק דערווייטערט פון מיר און ווילסט מיך שוין מער ניט

זען. באזונדערס אין די לעצטע טעג, זינט אייער פּראָטעזשע איז געקומען צו אייך..

— פאַרוואָס זאָלסטו אזוי דענקען, קורט, — האָט אים קאַטיע פריינט־לעך געענטפערט. — האָב איך דיר דען געגעבן א מאָטיוו אזוי צו דענקען?

— דער מאָטיוו איז שטענדיק דער זעלביקער. דיין פריינטשאַפט צו ווילין האָט זיך געשטעלט אין מיטן צווישן אונדז און דערלאָזט ניט צו אן ענגערע פאַרבינדונג צווישן אונדז ביידן.

— ניין, קורט, דאָס איז ניט קיין מאָטיוו. איך קען ליבן ווילין, פילן צו אים סימפּאַטיע און, אויב דו ווילסט אפילו אויך פריינטשאַפט, און קען גלייכצייטיק ליבן דעם צו וועמען מיין הארץ ציט.

— ווי זאָל איך פארשטיין דיינע ווערטער? — האָט מיט א ציטער אין זיין קול, געפרעגט קורט. — עפּעס פאַרבאַהאַלטסטו היינט אין דיינע רייד וואָס איך פארשטיי דאָס ניט גוט.

— גאַנץ איינפאַך, קורט, איך קען איינעם פאַרגעטערן, איך קען פילן צו אים אן אופריכטיקע פריינטשאַפט און גלייכצייטיק קען אין מיין האַרץ זיין באַהאַלטן די וואַרעמסטע ליבעס־געפילן צו אַ צווייטע פּערזאָן.

— פאַרמאָגסטו דען אַזוי פיל ליבע אין דיין הארצן, אז דו קענסט זי איינטיילן פאַר צווייען? מעגלעך, אז די צוויי קענען זיך פילן צו ענג בא דיר און וועלן זוכן א צווייטן פּלאַץ, א באַקוועמערן און א וואַרימערן ווי בא דיר.

— אָ, ניין, קורט, דו טייטשט אוים מיינע ווערטער אין א פאַרקערטן זין. ליבן ליב איך נאָר איינעם. איך פאַרמאָג ניט קיין ליבע, אז איך זאָל דאָס קענען פאַרשווענדן פאַר צווייען. פאַרגעס ניט, אז איך בין קאַטיע קאַרף, — האָט זי מיט שטאָלץ אין אירע אויגן געזאָגט, — אָבער איך פאַר־מאָג גענוג פריינטשאַפט און אופריכטיקייט, אפילו מער ווי פאַר צווייען.

— גוט, קאַטיע, — האָט איר קורט געענטפערט. — דאָס וועלן מיר שפּעטער זען. דו רעדסט היינט ווי מיט רעטענישן, מען קען דיך ניט פאַר־שטיין. איך בין געקומען, קאַטיע, אום מיך פון דיר צו פאַראַפּשיידן. מיר דענקען מאָרגן צוריק פאָרן אהיים, אין ריגע, מיר זיינען שוין פון דאָרטן א לענגערע צייט און מען מוז כאַפּן אַ בליק וואָס טוט זיך דאָרטן מיט

אונדזערע גיטער. איך זע אָבער, אַז איך בין ניט געקומען אין דער ריכ־טיקער צייט. קלייבסט זיך, זע איך, ערגעץ אוועקגיין. אודאי זיך טרעפן מיט אַ נענטערן פריינט ווי איך.

— אַלץ רעדסטו היינט מיט שטעכלקעס. פאַר דיר, קורט, האָב איך שטענדיק צייט. זיינען מיר ניט קיין אַלטע גוטע פריינט און באַקאַנטע פון אַלע צייטן? זיינען מיר ניט פריינט פון אונדזערע קינדער־יאָרן?

— יאָ, קאַטיע, דאָס זיינען מיר אַלעמאָל געווען. אָבער צייטן בייטן זיך. דיינע נייע פריינט, שיינט מיר, זיינען בילכער ווי איך. ביזט צופיל פאַרנומען מיט דיינע נייע פריינט. פאַר מיר האָסטו זייער ווייניק צייט.

— ניין, קורט, דיר האַלט איך נאָך אַלץ, פאַר מיין בעסטן פריינט, דו ביזט באַ מיר פאַרעכנט פאַר די נאָנטסטע פערזאָן און שטענדיק האָב איך צייט געננוג פאַר דיר. דיך האָב איך ניט פאַרגעסן און וועל דאָס אויך ניט.

— אַ גרויסן דאַנק, קאַטיע, פאַר דיין גנאָד צו מיר. דיינע רייד, האָב איך שוין פריער געזאָגט, זיינען פאַר מיר אַ רעטזעל, אָבער ניט אַן האָפ־נונג. שטענדיק האָסטו מיך געשפייזט מיט האָפנונג, שטענדיק האָסטו מיר געראָטן געדולד. איך וועל דאָס ווייטער טאָן. איך וועל זען ווו די געדולד און האָפנונג וועלן מיך פירן.

— ווייסטו וואָס, קורט? איך האָב געהאַט אין זינען צו מאַכן אַ שפּאַציר אין טירגאַרטן, ווילסטו מיך ניט באַגלייטן? דאָרטן וועלן מיר קענען פאַרברענגען אַ פּאָר שעה אָנגענעם און דאָרטן וועלן מיר נאָך קע־נען שמועסן אַף דער טעמע.

— מיט פאַרגעניגן, קאַטיע, — האָט מאַנטייפל אַ צופרידענער גע־ענטפערט. סיי ווי האָב איך קיין חשק ניט צו גיין צו קעמפּפינסקין. איך קען ניט ליידן יענע חברא. וואַרט איין מאָמענט, איך וועל בלויז טעלעפאָנירן אהינצו, אַז איך בין פאַרנומען און קען ניט קומען צו זיי היינט. זיי זאָלן מיך ניט וואַרטן אומזיסט.

אין אַ האַלבער שעה אַרום זיינען זיי שוין ביידע געגאַנגען איבער די גאַסן פון בערלין, אין דער ריכטונג צום טירגאַרטן.

אָנגעקומען צום בראַנדענבורגער טויער, זיינען זיי אריין אין אַ קאַפע.

זיי האָבן געוואָלט אביסל זיך אָפּרוען, עפּעס וואָס אויסטרינקען און הערן אביסל מוזיק.

זיי זיינען אריין אי טירגארטן, ווען די זון האָט שוין געהאלטן אין פארשווינדן. זיי זיינען געגאנגען אין שאָטנדיקע, גרינע, מיט בלומען אויס־געצירטע אלייען און האָבן מיט פארגעניגן געשלונגען די דופטיקע לופטן פון גאָרטן. אין פּארק האָט זיך דערווייל גענומען שפּרייטן די טונקלקייט. די שטילע דעמערונג פון דעם פּרעכטיקן אָוונט וואָס האלט אין אריינקומען, האָט ראָמאנטיש געווירקט אַף אלע שפּאצירנדיקע. אָרעם אין אָרעם גע־שלאָסן, קערפּער צו קערפּער געטוליעט, איז מען דאָרטן ארומגעגאנגען. בלוטן האָבן געברויזט. יונגע הערצער זיינען איבערפולט געוואָרן מיט עמאָציע פון די ליבעסגעפילן וואָס די ראָמאנטישקייט האָט אזוי צויבע־ריש פאַר זיי געפּאלן. בא אנדערע האָבן זיך די דאָזיקע געפילן אריבערגע־גאָסן איבערן ראנד פון הארץ. שטראָמען פון די שענסטע, שיכורנדיק ווירקנדיקע ווערטער, האָבן זיך געגאָסן און שטיל געפליסטערט איינער צום אנדערן. די צארטע רייד, האָט געקלונגען אין די אויערן ווי די איידל־סטע און שענסטע מוזיק־טענער. א כוואליע פון פרייד, גליק און פארגעניגן האָט געהערשט צווישן די שפּאצירנדיקע. די אויגן פון די יונגע פּאָרלעך האָבן געשטראלט פון גענוס און האָבן צעהיצט די לייבער. די לופט איז פול געווען מיט לייִדנשאפט און באַגער אין טירגארטן.

קורט און קאַטיע זיינען אויך פארשיכורט געוואָרן פון דעם צויבער וואָס האָט געהערשט יענעם אָוונט אין טירגארטן. דער ליבעס־טשאד מיט וועלכן דער גאָרטן איז געווען פול, האָט אויך אַף זיי געווירקט. שוין אַ אַ שעה, ווי זיי גייען אַרום צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן. די הענט גע־קלאמערט, און ריידן אלץ פון יענע גוטע צייטן, פון יענע גליקלעכע טעג ווען זיי האָבן צוזאמען פאַנטאזירט פון אייביקער ליבע, ווען מען האָט צוזאמען געבויט פּלענער פון צוקונפט, ווען דאָס לעבן איז פול געווען מיט זאָרגלאָזיקייט און פארגעניגן, ווען קיינער האָט נאָך ניט געטראכט. אז דיקע כמארעס וועלן באדעקן די זוניקע שטראלן, וואָס האָבן זייער יוגנט מיט אזוי פיל פרייד און ראָזע פארבן באשטראלט. אָבער די צייט, באַ־זונדערס ווען זי ווערט איבעראשט מיט אומדערווארטעטע אומשטענדן,

ברענגט דאָך געוואַלדיקע סורפּריזן פאַר ליבעס־פּאָרלעך.

— קום קורט, לאָמיר זיך ערגעץ צוזעצן, — האָט קאַטיע זיך געבעטן בא אים, — איך פּיל מיך אביסל מיד. עס וועט מיר גוט מאכן אביסל רו.

קורט, אָן א וואָרט אויסצורײדן, האָט ארומגענומען איר שלאַנקן, שײן פאָרמירטן קערפּער, און האַלטנדיק זי בא דער טאַליע, האָט ער זי גע־פירט צו אײנער פון די נאָנטסטע בענק. ווי אף להכעיס זײנען אַלע בענק געווען באַזעצט. ער האָט אופגעהויבן זײנע אויגן, גענומען זוכן ערגעץ א לײדיקע באַנק. פון דער ווײטנס האָט ער באַמערקט א שטיל ווינקעלע, אביסל אָן א זײט פון דער הויפּט־אַלײע. צווישן געדיכט־באַוואַקסענע אקאַ־ציעס זײנען געשטאַנען צווײ פרײע בענק. דאָרטן האָט ער צוגעפירט זײן דאַמע און בײדע האָבן זיך געזעצט.

— דו ביזט, קאַטיע, זײער ליבלעך אָנגעטאָן, — האָט קורט באַמערקט,

— איז דיר ניט קאַלט? אפשר ווילסטו איך זאָל דיך פירן אהײם?

— נײן, קורט, איך וויל נאָך בלײבן א ווײלע. עס איז דאָ אזוי שײן און גוט. מיר איז דאָ מיט דיר אזוי אָנגענעם, אז עס ווילט זיך גאָרניט אוועקגײן פון דאַנען. עס דערינערט מיך אונדזערע פאַרברענגעכצן אין אונדזער פּאַרק אין ווײנאַדן, געדענקסט, קורט? איך ווײס ניט פאַרוואָס, אָבער עס איז מיר הײנט אזוי גוט און אָנגענעם דאָ לעבן דיר, בא דײן זײט, קורט. — און קאַטיע בויגט צו איר קאָפּ צו זײן ברוסט, טוליעט זיך צו אים נאָך שטאַרקער, הויבט אוף אירע אויגן צו זײנע, און שטיל, ווי פאַר זיך, שעפּטשעט זי:

— אײ, קורט, מײן קורט, מײן שאַץ, מײן ליבלינג...

— קאַטיע, מײן קלײנע קאַטינקע. — ענטפערט קורט, אויך שעפּ־טשענדיק, איך בין גליקלעך. דו ווײסט וואָס פאַרא גליק דו האָסט מיר געגעבן הײנטיקן אָוונט, האָסט אין מיר א נײע נשמה ארײנגעזעצט. דײנע ווערטער האָבן מיר געגעבן קראַפט און ארײנגעבראַכט מוט צו האָפן און וואַרטן. איך זע, אז דאָס וואַרטן מײנס האָט א זין. דײן זיסער פליסטערן איז פאַר מיר ווי א שטאַרקונגס־באַלזאַם צו לײדן און צו קעמפן. איך וועל קעמפן אזוי לאַנג, ביז דו וועסט זײן אינגאַנצן מײנע. איך וועל וואַר־

טן, ביז דו וועסט ניט צוטיילן מער דיין ליבע און איך וועל מיך איינגאנצן קענען באזעצן אין דיין הארצן.

— יאָ, קורט, האָסט, ווארט. איך ווידערהאָל דיר נאָכאמאָל. איך האָב אין דער לעצטער צייט קאָנטראָלירט גוט מיינע געפילן צום אָרימען ווילי. איך געפין ניט אין זיי קיין שפור פון אינטימיטעט און באגער צו א קערפערלעכן קאָנטאקט מיט אים. מיינע געפילן צו אים זיינען שטרענג צוריקגעהאַלטענע. זיי בינדן מיך אַבסאָלוט ניט צו אים, ווי צו אַ מאן צו וועמען מיין הארץ גלוסט און בענקט. איך האָב פעסטגעשטעלט, אז דאָס זיינען ניט מער ווי געפילן פון טיפער דאנקבארקייט און פריינטשאפט. איך פיל אז אין מיין גאנצן וועזן קומט פאָר אן איבערברוך, ווארט, מיין טייערער קורט, ביז דער איבערברוך אין מיר וועט אָננעמען מער קאָנקרעטערע פאָרמען. דאמאָלס וועט דיר אַלץ קלאָר ווערן.

— בכלל, מיין ליבער קורט, פיל איך, אז מיין גאנצער געדאנקענגאנג האָט גענומען שטראָמען צו אן אנדער ריכטונג. אָט צום ביישפיל: איך האָב אַלעמאָל געלאכט פון „דייטשלאנד איבער אלעס”, איך האָב דאָס געהאלטן פאר א נארישן אבסורד. איצט שפיר, איך אז איך אליין בין געוואָרן אַ דייטשקע. איך ליב אַלץ, וואָס איז דייטש. איך אינטערעסיר מיר פאר דייטשער פאָליטיק. איך וויל זען נאָר דייטשע דערפאָלגן. איך נעם באגריפן, אז א דייטש מוז זיין א ריינער דייטש, ניט מישן זיין בלוט. דאָס אייגנטלעך האלט מיך אין א געוויסער דיסטאנץ פון ווילי. איך האלט ניט פון פלאטאָנישע ליבע. איך האלט, אז ליבע צווישן צוויי סעקסן מוז זיך אויסדריקן אין א רעאלע נאטירלעכקייט. אויב דער נאטירלעכער קאָנטאקט צווישן אונדז ביידן איז ניט געקומען און איך האָב ניט דעם באַגער, אז דאָס זאָל קומען, איז א באַוויז, אז אונדזער ליבע איז שוין איבערגעבליט. זעסטו שוין, מיין ליבער, אַז די צייט אַרבעט פאר דיר און וועט דיר זיכער העלפן.

— אמת, איך האָב נאָך ניט דעם מוט און ניט די דרייסטקייט, אופצוקלערן דאָס דעם אָרימען ווילי. איך קען אים מיט אַזאַ דערקלערונג דער'הרג'ענען. אָבער איך וועל שוין מוזן געפינען די געלעגנהייט דאָס צו טאָן און דאן, קורט...

— דערפֿאַר, קאַטיע, ביזטו ווערט הונדערט קושן, — און זייערע קערפּער, האָבן זיך נאָך מער דערנענטערט, אונטערן שוץ פֿון די געבענטשטע פֿינצטערניש. זייערע ליפּע האָבן זיך שנעל געפֿונען, איינגזויגט זיך איינע אין די אַנדערע. און טיף האָבן דיביידע יונגע מענטשן איינגעאָטעמט אין זיך די ליבע-לופֿט, וואָס מאַכט פֿאַרגעסן אַלץ אין דער וועלט.

פֿאַרטיפֿט אין זייערע געשפּרעכן. זייערע געדאַנקען זיינען געווען פֿאַרנומען מיט דעם אַנקומענדיקן גליק זייערן, האָבן זיי ניט באַמערקט, ווי א הויכער, ברייטפּלייציקער סוביעקט דרייט זיך אין זייער נאָענטקייט. זיי האָבן ניט געהאַט די מינדעסטע אַנונג, אז דער סוביעקט גייט זיי שוין נאָך א רעכטע צייט, ווען זיי האָבן נאָך שפּאַצירט אין די אַלייען. זיי האָבן דאָס געמערקט, ערשט ווען ער איז שוין געשטאַנען האַרט לעבן זיי און געוואָרפֿן דעם שיין פֿון א טאַשלעמפּל אַף קאַטיעס געזיכט, פֿון וואָס אירע אויגן האָבן זיך גענומען שטאַרק פֿאַרזשמורען.

— דו פֿאַרפֿלוכטער יודנשוויין, — האָבן זיי דערהערט א געשריי מיט א ווילדער רציחה, ווי נאָר א דייטש קען דאָס, — דו ווייסט האָבן די חוצפּה צו קושן א דייטש מיידל, א ריינע אַרישע, נאָך דאָ, אין אונדזער טירגאַרטן? און נאָך איידער מאַנטייפֿל האָט צייט געהאַט זיך אופּצוהויבן פֿון זיין פּלאַץ און אויסריידן א וואָרט, האָט זיך א שטאַרקע האַנט אַרונטערגעלאָזן איבער זיין פּנים, איבערן נאָז, איבער די ציין און ער איז שוין געלעגן א פֿאַרבלוטיקטער אַף דער ערד, לעבן קאַטיעס פֿיס. פֿון זיין מויל האָט געשטראָמט בלוט.

קאַטיע איז געזעסן א פֿאַרלאָרענע אין ערשטן מאָמענט, זי האָט גאָרניט פֿאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פֿאָר. ווי א פּאַראַליזירטע איז זי געזעסן פֿון איבעראַשונג און שרעק. ערשט, אז זי האָט שוין געזען קורטן ליגן אַף דער ערד אין א טייך בלוט איז זי צו זיך געקומען און גענומען שרייען צום ברייטפּלייציקן מאַן:

— ווי וואַגסטו אַזוי ברוטאַל אַנצופֿאַלן אַף א דייטשן מאַן? דאָס איז דאָך ניט קיין ייד. — זי האָט גענומען שרייען און געוואַלדעווען, גענומען

בעטן הילף. אינעם זעלביקן מאָמענט אָבער זיינען שוין געשטאַנען לעבן איר נאָך צוויי מענטשן.

— שטום, — האָבן זיי געָרעוועט צו איר, — דו דייטשע הור, דו גייסט נאָך אונדז נארן, אז דאָס איז א דייטשער, אָט האָסטו. — און נאָך קלעפּ האָבן זיך גענומען שיטן אַף דעם אומגליקלעכן קורטן פון אַלע זייטן. זיי האָבן זיין קערפּער איינפאַך געקנאָטן מיט די פיס. פארשטאָפּט אים דאָס מויל, אז ער זאָל אפילו אַ געשריי ניט קענען טאָן.

— הילפע! הילפע! — האָט קאַטיע, ניט מיט איר קול גענומען שרייען — מען דערמאָרדעט דאָ א מענטשן.

— האַלט דאָס מויל, דו חזיר, — האָבן די איבערפאַלער געריכטעט צו איר. א צווייטן מאָל אז מיר וועלן דיך פּאַקן מיט א יידן, וועסטו אויך קריגן דעם זעלבן חלק.

און נאָך איידער מענטשן האָבן באוויזן צוזאמענקומען אַף איר געשריי, איז שוין פון די דריי איבערפאַלער קיין שפּור ניט פארבליבן.

אַף אן אמבולאַנס פון גיכער הילף האָט מען שפּעטער קורטן אָפּגעפירט צום באַראָן קאַרף אין שטוב. אריינגעלייגט אים אין בעט, א דאָקטאָר האָט אים באזיכטיקט און דערנאָך דערקלערט:

— לעבנסגעפערלעך איז דאָס ניט, אָבער ליגן אין בעט א לענגערע צייט וועט ער מוזן. זיי האָבן אים צו טיכטיק צעקיילט.

און אַף דער לייפּציקער שטראַסע, אין אריסטאָקראַטישן רעסטאָראַן בא קעמפּינסקין, זיינען געזעסן די גאַנצע חברה און געהוליעט. צעהיצטע, פאר׳שיכור׳טע, האָבן זיי געגעסן און געטרונקען און געשאָטן פעך און שוועבל אַף די יידן און אַף דער פּרייסישער רעגירונג. מיט געביילטע פויסטן האָבן זיי געדראָט דער יידישער רעגירונג פון דייטשן רייך.

— אין אַלץ זיינען די יידן שולדיק, — האָט ראָזענבערג געקלאַפּט אין טיש און זיך געהיצט.

דער באַראָן קאַרף, — ווערט פארלאַנגט צום טעלעפאָן, — האָט אן אויסגעפּוצטער קעלנער געמעלדעט, צוגייענדיק צו זייער טיש.

דער באַראָן האָט זיך אופגעהויבן און איז נאָכגעגאַנגען דעם קעלנער. ווען ער איז צוריקגעקומען צום טיש, האָט ער אויסגעזען בלאַס ווי א

טויטער.

מען איז שוין אין בערלין מיטן לעבן ניט זיכער, — האָט ער א פאַר־ערגערטער געזאָגט, — א שיינע רעגירונג האָבן מיר.

— קארל, — האָט ער זיך געווענדעט צום באראָן מאַנטייפל, — מיר מוזן פאָרן אהיים. קאַטיע מעלדעט מיר איצט, אז אָקאָרשט איז מען באַפאַלן קורטן, ווען זיי האָבן געמאַכט א שפּאציר אין טירגארטן און מען האָט שטאַרק צעשלאָגן. ער ליגט איצטער בא מיר אין שטוב. לאָמיר אריי־בערפאָרן זען וואָס האָט פּאַסירט.

אלע געסט ארום טיש זיינען געבליבן זיצן ווי שטומע. קיינער האָט א וואָרט ניט ארויסגערעדט, אזוי האָט אף זיי געווירקט די ידיעה וואָס באראָן קארל האָט דאָ איבערגעגעבן. ראָזענבערג געהיימנישפול זיך איבערגעוואָרפן מיט זיינע בליקן מיט גערינגן, דער לעצטער האָט אים גע־וויזן מיט זיינע אויגן אף דעם קאפּיטאַן גערארד, וואָס איז געזעסן מיט זיי שוין גוט שיכור.

— מען האָט שוין דאָ ווידער פאַרקאָכט א קאַשע, זע איך, — האָט גערינג דער ערשטער איבערגעריסן די שטילקייט. — וואָס האָסטו שוין ווייטער אָנגעמאכט אלפרעד? דו ביזט איינפאַך אידיאָטיש מיט אלע דיינע פּלענער.

— איך האָב דאָך אָבער גאָרניט געטאָן, — האָט ראָזענבערג גענו־מען זיך פאַרענטפערן. אונדזער פריינט קאַפּיטאַן גערארד, האָט מיר פאַר־שפּראָכן, שיקן אַ פּאָר זיינע יונגען, אָנברעכן די ביינער קאַטיעס יידל. דאָס איז אלץ וואָס איך האָב געטאָן. איך האָב אים געגעבן קאַטיעס פאָטאָגראַ־פיע, זיי זאָלן ניט האָבן קיין טעות. איך האָב זיי אויך אָנגעזאָגט, אז היינט וועלן זיי שפּאצירן אין טירגארטן. דאָרטן וועט מען זיי קענען טרעפן. איז אזוי קאַפּיטאַן, האָט ער זיך געווענדעט צום שיכורן.

— געוויס אזוי. דער טייפל וויים וואָס זיי האָבן דאָרטן געמאַכט. איך האָב די פאָטאָגראַפיע איבערגעגעבן דעם לאַנגן קלינגער. איך האָב אים גענוי אינסטרוירט וואָס ער האָט צו טאָן. אויסדריקלעך האָב איך אָנ־געזאָגט, אַז דאָס מיידל טאָרן זיי ניט טשעפּען.

געринג האָט אראָפּגעלאָזן זיין קאָפּ. זיינע אומרויקע אויגן האָבן געוואַנדערט, דאָ אַף איינעם, דאָ אַף דעם אנדערן פון דער גרופּע. דערנאָך האָט ער זיך א הויב געטאָן פון זיין פּלאַץ, א שפּיי געגעבן.

— שרעקלעך איז דאָס — האָט ער געדעוועט מיט זיין פאַר'שיכור'-טן קול. ווידער האָט דער ייד געזיגט. פאַרשאָלטן זאָל זיין מיין יידישער אָנקל. זיין יידישער שפּרוך, אַז דער וועט שטענדיק ארויסגיין דער זיגער, פאַרפאָלגט מיך איינפאַך. דאָס איז א פאַטאלער צייכן פאַר אונדז. הויבט מען זיך אָן מיטן יידן, בלייבט ער דער זיגער.

— שוויג דו אידיאָט, פּיגלינג! — האָט ראָזענבערג גענומען שרייען און געקלאַפּט מיטן פויסט איבערן טיש. — מיינסט, אַז דער אידיאָט קאָפּ, אויב ער איז דורכגעפאַלן אין מינכען, איז אויס וועלט און דו לויפסט שוין אין שוועדן, ווערן דאָרטן אַ פליער. שעם דיך, הערמאַן, דו געוואַגטער, דייטשער פליער, זאָלסט אַזוי ציטערן פאַר א יידישן וואָרט. ניין, צען מאָל ניין, ניט נאָכלאָזן, פעסטער צוזאַמענדריקן דעם פויסט און שלאָגן דעם יידן. וואַרט, דו וועסט נאָך זען, מיט דער קראַפט פון געזעץ וועל איך אמאָל צווינגען די יידן, זיי זאָלן צורולאָזן אונדזערע דייטשע פרויען.

קאַפּיטאַן געראַרד האָט אויך געהאַלטן פאַר נייטיק זיך אריינמישן אין דעם אין דעם איבערייד צווישן די צוויי פריינט.

— וואָס שרייסטו אַלפרעד, גיב הערמאַנען בעסער א שמעק צו טאָן, וועט ער ווערן צוריק דער אמאָליקער העלד. קריגט ער צו שמעקן איז ער אַ דייטשער העלד, האָט ער דאָס ניט, איז ער אַ דייטשער לומפּ.

## צוויי און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

ווילי וואַלד איז צוריקגעקומען פון מיניסטער ראַטענוי שטאַרק צופרידן. דער מיניסטער האָט אים אויפגענומען זייער פריינטלעך, ער האָט

אים אויסגעפרעגט פון זיין לעבן, זיין שטודיום, זיין פאַרגאַנגענהייט. ער האָט זיך אויך פאַרינטערעסירט מיטן באַראָן קאַרף. אים איז שטאַרק געפעלן דער פאַקט, וואָס ער האָט אים געהאָלפן צו דערגרייכן זיין ציל. הגם דאָס דער מיניסטער באַמערקט, דאָס איז דאָך אייגנטלעך ניט מער ווי אַן אָפּגעצאָלטער חוב. אָבער צאָלן אַ חוב, דערצו נאָך אַ מאָראַלישן חוב, איז שוין אַ גרויסע זאַך אין אונדזערע צייטן. ער האָט פאַרשפּראָכן באַ דער ערשטער מעגלעכקייט, שענקען זיין אויפמערקזאַמקייט דעם באַראָן.

קאַטיען האָט ער ניט געקענט זען דעם אָוונט. זי האָט זיך געלאָזט אַנטשולדיקן, אונטער דעם אויסרייד, אַז זי פילט זיך ניט גוט און קען אים ניט אויפנעמען.

ווילי איז אָבער געווען איבערפולט מיט גליק און פרייד דעם אָוונט. דער גליק איז אים געקומען אַזוי שטורמיש, אַזוי איבעראַשנדיק, אַז ער האָט ניט געקענט בלייבן אַליין מיט זיין גליק. ער האָט געמוזט האָבן מיט וועמען צו טיילן זיין צופרידנקייט און איבערפלוס פון פרייד. ער איז אַריין צום באַראָן אין קאַבינעט, ווו ער איז געזעסן צוזאַמען מיט אַלטן מאַנטייפל און געריכערט אַ ציגאַר.

די ביידע באַראָנען האָבן שוין דערפאַרן פון אַלץ. זיי האָבן שוין געוווסט, אַז די קלעפּ, וואָס קורט האָט אַריינגעכאַפּט, זיינען געווען באַשטימט פאַר ווילין, ווען זיין פּלאַץ וואָלט צופעליק ניט פאַרנומען קורט. זיי האָבן אָבער די זאַך פאַרשוויגן פון ווילין. זיי האָבן אים ניט געוואָלט ווייטאָן. זיי האָבן אים דערציילט, אַז קורט איז אַרונטערגעפאַלן פון אַ פערד רייטנדיק און האָט זיך שטאַרק צעשעדיקט.

— נו, און איר ווילי? — האָט דער באַראָן געפרעגט — קאַטיע האָט מיר דערציילט, אַז מען האָט אייך דרינגענד אַרויסגערופן צום מיניסטער. וואָס האָט ער אייך אַזוי שטאַרק נייטיק געהאַט?

ווילי האָט זיי איבערגעגעבן דעם גאַנצן געשפּרעך, וואָס ער האָט געהאַט מיט ראַטענוי. די זאַך איז געווען זייער איינפאַך. ווען ראַטענוי האָט אָנגענומען דעם מיניסטער־פּאָרטפעל, איז ער זייער באַשעפטיקט באַ דעם אַמט. אויסערדעם מוז ער זייער אָפט אַרומפאָרן צו לייזן פּאָליטישע פּראָבלעמען, אין פאַרבינדונג מיט דער דערפילונג פונעם ווערסאַלער אָפּ־

מאַך, האָט ער אופגעגעבן דעם אמט פון פּרעזידענט פון די אעגע־קאָנצער־נען. אַן אַנדער הער האָט איבערגענומען דעם פאַראַנטוואָרטלעכן אמט און יענער הער נייטיקט זיך אין אַ טיכטיקער הילפסקראַפט. ראַטענוי גע־דענקט אים גאַנץ גוט. ער איז אין דער בעסטער מיינונג פון זיינע פעּ־איקייטן, און האָט פאָרגעשלאָגן אים אַלס די פּאַסיקסטע הילפס־קראַפט.

— עס פאַרשטייט זיך, איך האָב באַלד מיט שמחה אָנגענומען דעם אַמט. איך האָב באַדאַנקט דעם מיניסטער פאַר זיין פריינטלעכקייט און געדענקען אַז מיר און האָב פאַרשפּראָכן צו אַרבעטן מיט מיין גאַנצער ענערגיע, טריי דער געזעלשאַפט און איבערגעבן צו דייטשלאַנד.

— באַ דער געלעגנהייט — האָט ווילי ווייטער פאָרגעזעצט — האָב איך ניט פאַרגעסן צו דערציילן דעם מיניסטער פון אייך, הער באַראָן. איך האָב אים דערמאָנט פון אייער טיכטיקייט און דערפאַרונג אַף דעם גע־ביט פון מלוכה־דינסט. איך האָב דאָס אים געזאָגט, זאָנדירנדיק דערביי, אויב עס איז דאָ אַ מעגלעכקייט פאַר אייך אייער ברייטהאַרציקייט און מאַטעריעלע הילף מיט וועלכע איר האָט מיר דערמעגלעכט צו דערגרייכן מיין קאַריערע.

— נו, וואָס האָט דער מיניסטער אייך געענטפערט? — האָט דער באַראָן זיך פאַראינטערעסירט צו וויסן.

— ער האָט מיר געזאָגט, אַז איר זייט דאָס זיכער ווערט, מען דאַרף אייך געווויס האָבן אין זינען. אייער האַנדלונג בנוגע מיר איז אים זייער געפעלן געוואָרן. ער האָט דאָס אָנגערופן, נאָבל געהאַנדלט. ער האָט גע־זאָגט, אַז באַ דער רעגירונג איז דאָס שווער צו דערגרייכן, אָבער ניט אוּ־מעגלעך. די סאָציאַליסטישע רעגירונג — האָט דער מיניסטער געזאָגט, — קוקט ניט זייער גערן אַף די אַלטע מלוכה־לייט. אָבער ער האָט פאַרנאָטירט אייער נאָמען און באַ דער ערשטער מעגלעכקייט וועט ער האָבן אייך אין אויג. אַזוי האָט ער מיר פאַרשפּראָכן.

דער באַראָן קאַרף האָט באַדאַנקט ווילין פאַר זיינע באַמיונגען אין דער הינזיכט און האָט אויסגעדריקט זיין ווונטש צו האָבן, באַ פּאַסיקע געלעגנהייט אַ פּערזענלעכע אונטעררעדונג מיטן מיניסטער. אויב ער, ווילי, וואָלט דאָס געקענט פאַר אים טאָן, אויסווירקן אַן אוידיענץ פאַר אים.

נאטירלעך, האָט די געפּלאַנטע אָפּרייזע פון מאַנטייפלס געמוזט אָפּגעלייגט ווערן אַף אַ געוויסע צייט, ביז קורט וועט פּולקאָם געזונט ווערן און וועט קענען שטיין אַף זיינע פיס.

אין פאַרלויף פון דער וואָך האָט געדאַרפט פאָרקומען אַ צווייטע באַשפּרעכונג צווישן ווילי און ראַטענוי, אין פאַרבינדונג מיט זיין נייעם אַמט, וואָס ער האָט באַקומען. ווילי האָט געזאָלט באַקומען גענויע אינסטרוקציעס פון ראַטענוי און גלייך אָפּפאָרן קיין פראַנקפורט אַף זיין אַמט.

ווילי, ווענדיק אופריכטיק אַרויסווייזן דעם באַראָן קאַרף זיין דאַנקבאַרקייט, האָט געהאַלט וואָרט און געפּועלט באַם מיניסטער, ער זאָל דעם באַראָן ניט פאַרגעסן און שאַפן אים אַ מעגלעכקייט צו אַרבעטן אין זיין מיניסטעריום.

דער טאָג פון ווילים אָפּרייזע איז אָנגעקומען. ער איז געווען אין זיין צימער, באַשעפטיקט באַם צוזאַמענלייגן זיינע זאַכן. ער האָט געוואַרט דאָס דערשיינען פון קאַטיען. זיי האָבן זיך באַדאַרפט פאַראָפּשיידן. ווילי האָט געברענט פון אומגעדולד. ער איז אַרומגעלאָפן איבערן צימער הין און צוריק און האָט זיך ניט געקענט דערוואַרטן איר דערשיינונג.

„עפּעס קומט פאָר מיט איר" — האָט ער שוין צום וויפלטן מאָל געטראַכט. — אַז דער קראַנקער קורט ליגט דאָ אין שטוב, האָט ער ניט געוווסט. עפּעס ווייזט זי זיך פאַר מיר אין די לעצטע טעג זייער ווייניק און זעט מען זי שוין יאָ אַמאָל, איילט זי זיך אַזוי, ווי זי וואָלט זיין שטאַרק פאַרנומען. בכלל, זעט זי אויס אַזוי סודותדיק, אַזוי פאַרזאָרגט. איר פּנים איז פול מיט צער. איך קען זי בשום אופן ניט פאַרשטיין, טענה'ט ער צו זיך. אַזוי איז זי נאָך קיינמאָל ניט געווען, זינט מיר קענען זיך און זינט מיר ליבן אונדז. זאָל זי דאָס זיין אַזוי באַזאָרגט צוליב דעם יונגן מאַנטייפל? ווייטער די יוגנט־ליבע אין שפּיל?...

די טיר פון זיין צימער האָט זיך געעפנט און איבערגעריסן דעם פאָדעם פון זיין געדאַנק. קאַטיע האָט זיך באַוויזן אין צימער.

— נו, ווילי, ביזטו שוין צוגעקליבן? — האָט זי אים געפרעגט — איך שטעל מיר פאָר, ווי גליקלעך דו ביזט אין דעם מאָמענט. ניט אמת? איך פאַרשטיי דאָס אויסגעצייכנט. איך פיל מיט דיר צוזאַמען דיין פרייד.

ניטאָ קיין גרעסערע פרייד אין דער וועלט, ווען דער מענטש דערזעט, אַז זיינע אַמביציעס ווערן דערגרייכט, אַז זיינע שטרעבונגען אין לעבן ווערן דערפילט. לאָמיר אונדז פאַראָפּשיידן, ליבער ווילי, איך האָב ניט פיל צייט. איך וויל נאָך באַזוכן דעם קראַנקן קורטן.

ווילי האָט שאַרף אָנגעקוקט קאַטיען. ר'האָט געוואָלט דורכדרינגען איר האַרץ מיט זיין בליק. זי האָט זיין קוק ניט אויסגעהאַלטן. זי האָט אָפּגע־קערט איר בליק פון אים געקוקט אַף דעם אָפענעם טשעמאָדאַן, וואָס איז געשטאַנען אַף אַ שטול. דאָס איז דאָס ערשטע מאָל זינט זיי קענען זיך, אַז זי זאָל ניט אויסהאַלטן זיין קוק.

— עפּעס רעדסטו מאָדנע היינט, קאַטיע, — האָט ער צו איר געזאָגט.

— דו רעדט פון דערגרייכן אַמביציעס, דו פרייסט זיך מיט מיין גליק. מיט מיין פרייד... גלייכצייטיק איילסטו אַוועקגיין, דאַרפסט זען קורטן, פּונקט אין דעם מאָמענט, ווען איך דאַרף אָפּפאָרן. עס פילט זיך ניט מער אין דיינע ווערטער די אופריכטיקייט פון אַלע מאָל. דו זאָגסט צו מיר, דיין גליק, דיין פרייד. איז דען דאָס ניט מער, ווי מיין פרייד? דיינס איז דאָס גאָרניט? איז דען מיין גליק און מיין דערפאָלג אויך ניט דיינער? דאָס דאַרף דאָך זיין אונדזער ביידנס גליק און פרייד. דאָס, וואָס איך האָב דערגרייכט אין לעבן איז ניט פאַר מיר אַליין, דאָס איז פאַר אונדז ביידן. אויב איך וועל האָבן גליק און דערפאָלג, טייל איך דאָך דאָס מיט דיר. קאַטיע, קאַטיע, — האָט ער געזאָגט — שוין זעקס יאָר, ווי מיר ליבן זיך, ווי מיר ווערן באַטראַכט פון דער געזעלשאַפט, ווי חתן־כלה, און דאָך ביזטו פאַר מיר אַן אומלעזבאַרע בלאַט. דיין האַרץ איז נאָך אַלץ פאַר־שלאָסן פון מיר מיט זיבן שלעסער. איך פאַרשטיי נאָך אַלץ ניט דיין נשמה. איך פיל אינסטינקטיוו, אַז באַ דיר אין האַרצן ליגט עפּעס פאַר־באָרגענעס פון מיר. איך האָב מורא פאַר מיין גליק. איך האָב מורא, אַז עפּעס אומדערוואַרטעטעס קען צעשטערן און צונישטמאַכן אַלע מיינע האָ־פענונגען און זיסע חלומות, וואָס איך האָב געהאַט אין די זעקס יאָר...

— אפשר איז דאָך, קאַטיע, — האָט ער ווייטער גערעדט — איצט דער מאָמענט, אַז דו זאָלסט עפענען דיין פאַרשלאָסן האַרץ פאַר מיר און פאַר דער גאַנצער וועלט? מאַך קלאָר דער וועלט אונדזער קאָמישע באַ־

ציונג. מיר זיינען אַ געליבט פּאָרל און מיר זיינען דאָס ניט. מען פאַר־דעכטיקט אונדז אין נאָנטקייט און עס איז ניט דער פאַל. מענטשן ריידן וועגן אינטימקייט צווישן אונדז, בשעת אין דער אמת'ן זיינען מיר זייער ווייט פון איינאַנדער. אפשר וועסטו דאָך באַשליסן מאַכן אַן ענדע צו אַזאַ אומנאָרמאַלער לאַגע און זאָגן אָפן פאַר דער גאַנצער וועלט, וואָס מיר געהערן זיך אָן צו איינאַנדער? איצט איז גראָד דער פּאַסיקער מאָמענט דערצו. איך טרעט אַרויף אַף אַ נייעם און הויכן אַמט.

קאַטיע האָט אים מער ניט געלאָזט ריידן. זי האָט אַרופגעלייגט איר קליין הענטל אַף זיין מויל.

— גענוג, — האָט זי געזאָגט — דו ווייסט גוט מיין שטאַנדפּונקט. ווילי, צוערשט ברענגען אין אָרדענונג דיינע פאַמיליאַרע אַנגעלעגנהייטן, וועלן מיר דאַמאָלט קענען ריידן וועגן אונדזער לאַגע. האָב אַ גליקלעכע רייזע, מיין ווילי. שרייב מיר אָפט, ווי דו וועסט אַרבעטן, ווי דו וועסט דאָרטן לעבן. איך מוז דאָס אַלץ וויסן, ווייל איך אינטערסיר מיך מיט אַלע קלייניקייטן, וואָס איז נוגע דיין לעבן.

די יונגע מענטשן האָבן זיך צעקושט, זיך אַרומגענומען, און קאַטיע האָט אייליק פאַרלאָזן דאָס צימער.

ווען קורט מאַנטייפל האָט זיך שוין גענומען פילן בעסער, איז דער אַלטער באַראָן געפאָרן אַהיים. קורט איז נאָך געבליבן אין בערלין אַף אַ קורצער צייט, ביז ער וועט פולשטענדיק זיך פילן גוט. פון יענעם שבת אָן האָט קורט ניט געקענט פאַרטראָגן בערלין. די שטאָט איז אים געווען דער־ווידער. פון די ראָזענבערגס און זייערע חברים האָט ער ניט געוואָלט מער הערן. — דאָס זיינען ניט קיין פּאָליטיקער — האָט ער זיך אַמאָל אויסגע־דריקט פאַרן באַראָן קאַרף — דאָס זיינען איינפאַכע, קאַלטבלוטיקע סאַ־דיסטן און מערדער. זיי זוכן אַזאַ רעגירונג וואָס זאָל נאָך לעגאַליזירן זייע־רע נידעריקע רויב־אינסטינקטן. זיי ווילן אַ רעגירונג, אַף וועמעס פאָן עס זאָל זיין געשריבן „רויב, געוואַלט און מאָרד". ניין, דאָס וועט ניט זיין די ריכטיקע דייטשלאַנד, וואָס מיר קענען. די דייטשלאַנד פון היינע, בער־נע, העגל און לעסינג. זיי ווילן אַזאַ דייטשלאַנד, ווי די ווילדע הונישע

אטילן האָבן געהאט. אזא לאַנד וועט קיין אָנשטענדיקער דייטש ניט ווע־
לן קענען...

ווען קורט האָט זיך שוין געקליבן אהיים, האָט איינמאָל קאַטיע זיך אָפּגערופן צו אים:

— הער, קורט, כ'האָב מורא דיך צו לאָזן פאָרן אַליין. דו ביזט נאָך שוואַך. ווער ווייסט, וואָס עס קען זיך מאַכן אין וועג. דו קענסט האָבן שוועריקייטן אונטערוועגס. איך וועל דיך באַגלייטן. סיי ווי האָב איך געוואָלט פאָרן דאָרטן. איך מוז דאָך אַמאָל אַ קוק טאָן, וואָס עס טוט זיך דאָרטן מיט אונדזערע גיטער (אַלע מאָיאַנטקעס דעם באַראָנס, זיינען גע־ווען איבערגעשריבן אויף קאַטיעס נאָמען). וועלן מיר שוין פאָרן צוזאַמען.

פאַרשטייט זיך, אַז קורט האָט גאָרניט געהאַט קעגן איר פאָרשלאָג און פריינטלעכן אָנבאָט. ער האָט מיט פאַרגעניגן דאָס אַקצעפּטירט, און די יונגע מענטשן האָבן זיך שנעל צונעקליבן און ביידע זיינען גלייך אָפּגע־פאָרן פון בערלין.

קורץ נאָך זייער אָפּפאָרן, האָט אין אַ טאָג, דער באַראָן דערהאַלטן אַן אָפיציעלע איינלאַדונג פון ווידעראופבוי מיניסטעריום, צו אַ פּערזענ־לעכער אוידיענץ באַם מיניסטער.

דער באַראָן האָט זיך ניט ווייניק געפרייט מיט דער איינלאַדונג.

— ענדלעך — האָט ער געזאָגט צו זיין פרוי — האָט מען זיך דער־מאָנט אָן מיר. נו, וועל איך איצט שוין אַרויסגיין פון מיין איינגעשלאָפנ־קייט. גענוג זיין אומבאַמערקט. איך וועל צוריק נעמען קלעטערן אויף די שטאַפּלען פון סאָציאַלן שטאַנד. איך וועל מיך אומקערן צוריק צו די יאָרן פון כבוד און רום. ווידער וועלן מיר האָבן אונדזער אָנגעזעענקייט, ווי פריער. וואָס איז מיר די נפקא־מינה, צי איז דאָס דער רוסישער אָדער דער דייטשער שטאַפּל? אַלציינס ער שטייט. אבי דער רעזולטאַט איז דערזעלביקער. דער עיקר איז כבוד און פרעסטיזש, ראַנג און אַנטשפּרע־כנדיקע געהעלטער...

איננאָוונט, פאַר דער באַשטימטער אוידיענץ, זיינען מאַן און פרוי קאַרף געזעסן אין קליינעם טיי־סאַלאָן און געפירט צווישן זיך אַ שמועס.

— ווי מיינסטו, שאַרלאָטע, — האָט דער באַראָן זיך אָפּגערופן צו

זיין פרוי. — ווען מען מיר צוריקגעבן מיינע ראנגען, וואָס איך האָב גע־האַט באַם צאַר? אייגנטלעך מוזן זיי מיר דאָס געבן. איך האָב זיי פאַר־לאָרן, ניט מער ווייל איך האָב געלייסטעט אַ דינסט דעם דייטשן רייך... עס איז אַ שאָד, אַז איך זאָל זיי צוריק ניט קריגן.

— המ... — האָט די פרוי געענטפערט. — איך קען דיר גאָרניט זאָגן וועגן דעם. אייגנטלעך, וואָס טויגן דיר די ראַנגען? צו וואָס דאַרפסטו זיי בכלל האָבן? ווען עס וואָלט זיך געווענדעט אָן מיר, וואָלט איך איבער־הויפּט אָפּגעשאַפט די אַלע אויסצייכענונגען און ראַנגען. אין דער מאָדער־נער געזעלשאַפט פּאַסן זיי זיך איבערהויפּט ניט אַריין .זיי זיינען איבעריק.

— דו הויבסט שוין ווידער אָן מיט דיינע פראַנצויזישע נאַרישקייטן. דיינע פראַנצויזן אַליין פּאַרציכטן ניט פונדעסטוועגן אַף אויסצייכענונגען און ראַנגען — האָט דער באַראָן, אַביסל פּאַרדריסלעך, צו איר געזאָגט.

— דו לאַך ניט פון מיינע פראַנצויזן, ווילהעלם. די דייטשן פאַרמאָגן ניט אַזעלכע פּערזאָנען, אייזנפעסטע פּאָליטיקער, ווי קלעמאַנסאָ, פּואַנ־קאַרע און אַנדערע. זיי האָבן גוט איינגעקלאַמערט דעם באַש אין אייזערנע צוואַנגען, ער זאָל זיך ניט קענען רירן...

— יאָ, דאָס איז אַביסל אמת, — האָט דער באַראָן צוגעגעבן. — אָבער מיר, דייטשן, האָבן איצט אויך גענוג שטאַרקע מענטשן אין רעגי־רונגס־רודער. מען זאָגט, אַז דער נייער ווידעראופבוי־מיניסטער, וואַלטער ראַטענוי, איז גאָר אַ זשעניע... ער מוז זיין גאָר אַ גרויסע פּערזענלעכקייט. מען לייגט אַף אים די גאַנצע האָפענונג, אַז נאָר ער אַליין קען ראַטעווען דייטשלאַנד פון גאַנצן כאַאָס און אַנאַרכיע, וואָס האָבן זיך איינגעוואָרצלט אין לאַנד..

— אָבער דער מיניסטער איז דאָך ניט קיין דייטש. ער איז דאָך אַ ייד. דו האָסט דאָך דאָס אַליין געזאָגט, ווילהעלם, — האָט די פרוי באַ־מערקט.

— נו, און אויב אַ ייד, איז וואָס? אַבי ער אַרבעט פאַר דער גרויס־קייט פון דייטשלאַנד.

— אָט ווען מיר טאַקע זען, מיט וואָס אייערע דייטשן וועלן אים אָפּדאַנקען דערפאַר. דו זעסט דעם ראָזענבערגן? דאָס זיינען אייערע מאָ־

דערנע דייטשן. באַנדיטן און אויסוואורפן זיינען זיי, ווייטער גאָרניט.

— וואָרט, זאָל נאָר דער מיניסטער מיך באַשטימען אַף אַ פּאָסטן, וועסטו זען, ווי איך וועל אים העלפן קעגן דער באַנדע — האָט דער באַראָן געזאָגט. עס איז געווים ניט לייטיש פון זיי אַלע טאָג צו באַפאַלן און שימפן דעם מיניסטער, דעם פּרעזידענט און די גאַנצע רעגירונג. איך וואָלט די חברה איינפאַך אויסגעשאָסן, וואָלט געגומען אַן ענדע צו זייער העצע.

— יאָ, און אין אייער רוסלאַנד האָט מען וויניק געשאָסן? דער סוף איז געווען, אַז ניקאָליי אַליין איז דערשאָסן געוואָרן. דו וועסט אַזוי לאַנג שיסן, ביז מען וועט דיך אויך דערשיסן. הער אוף מיט אַזעלכע נאַרישקייטן.

— נו, דערבייי האַלט עס נאָך ניט, שרעק דיך ניט. לאָמיר איבערהויפּט אופהערן זיך קריגן. סיי ווי האָט דאָך שוין דייטשלאַנד געשלאָסן שלום מיט פראַנקרייך, — האָט ער שמייכלענדיק פאַרענדיקט.

אַף מאָרגן איז באַראָן קאַרף אופגענומען געוואָרן פון מיניסטער ראַטענוי, אַף דער שוין פון פריער באַשטימטער אוידיענץ.

— אייער נאָמען איז באַראָן ווילהעלם קאַרף? — האָט אים דער מיניסטער מיט זיין שטענדיק פריילעכער מינע, געפרעגט.

— יאָ, אַזוי איז דאָס, הער מיניסטער, — האָט קאַרף געענטפערט.

— ווי דער אינזשעניער וואָלד האָט מיר דערציילט, זייט איר געווען איינער פון די פירנדיקע מענער באַם צאַר. אויב מיין זכרון נאַרט מיך ניט, זייט איר אויך געווען וואַרשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר אין קריג.... איר האָט אַלס גרויסער פּאַטריאָט אַ סך מיטגעהאָלפן אונדזערע טרופּן באַם נעמען די פעסטונג? ניט אמת?...

— יאָ, הער מיניסטער, עס שטימט גאַנץ גענוי.

— איך דאַרף נייטיק האָבן דערפאַרענע שטאַטסמענער, ווי איר. איר קענט אונדז זייער גוט צונוצקומען מיט אייער קענען די רוסישע אַנגעלעגנהייטן. איר קענט אונדז גרויסע דינסטן לייסטן באַ די אונטערהאַנדלונגען מיט די אַליאירטע. איבערהויפּט, ווי איך זע דאָס פּאָר, וועלן מיר עקסטרע פאַרהאַנדלען מיט די רוסן, און איך וואָלט זייער שעצן אייער מיטאַרבעט באַ די פאַראַנטוואָרטלעכע פּראָבלעמען, וואָס מיר קלייבן זיך

צו לייזן. איך זע אָבער אַ שוועריקייט. די רוסן וועלן ניט וועלן פאַרהאַנד־לען מיט אַזאַ דעלעגאַציע, אין וועלכער עס נעמען אַנטייל געוועזענע הויכע באַאַמטע פון אַמאָליקן רעזשים. באַזונדערס אַזעלכע, וואָס האָבן ניט אינגאַנצן לאָיאַל געהאַנדלט קעגן זיי... האָט קיין פאַריבל ניט, הער באַראָן, אויב איך דריק מיך אַזוי אויס. מיין ווילן איז אָבער טראַצדעם צו געווינען אייער קאָמפּעטענטע מיטאַרבעטערשאַפט, שוין דערפאַר אַליין, ווייל איר האָט אַזוי נאָבל געהאַנדלט בנוגע אונדזער געשעצטן קאָלעגע, דעם אינזשעניער וואַלד. איך האָב דאָס אים טאַקע פאַרשפּראָכן. גיט זשע איר אַליין אַן עצה, ווי אַזוי צו באַזייטיקן די דאָזיקע שוועריקייט.

דער באַראָן איז געבליבן אַביסל אין פאַרלעגנהייט פון מיניסטערס פּאָרזיכטיקע באַמערקונג, אין באַצוג צו זיין אומלאָיאַליטעט צו רוסלאַנד. ער האָט אַפילו געטראַכט, אַלס געוועזענער שטאָלצער מיליטערמאַן, ענערגיש צו רעאַגירן קעגן מיניסטער. ער האָט געוואָלט זאָגן, אַז דאָס איז די דייטשע דאַנקבאַרקייט פאַר אונדזער אָפּפּערוויליקייט צו די דייטשע אינטערעסן... דער גייסט איז אָבער נאָך כבוד און אָנזען איז בא אים געווען שטאַרקער, ווי זיין אייגנליבע. ער האָט דעם ביטערן פּיל רויק אַראָפּגעשלונגען. ער האָט זיך געמאַכט מוט, דער מיניסטער זאָל ניט מערקן, ווי עס האָט אים ווייט געטאָן זיין באַמערקונג, און נאָך אַ ווײַלע טראַכטן, האָט ער אים געענטפערט:

— דאָס איז אַ קלייניקייט, הער מיניסטער, איך קען מיין נאָמען ענדערן אַזוי, אַז עס זאָל ניט אויפפאַלנד ווערן. מיין פאָטער איז געווען דער זון פון דער באַקאַנטער עסטרייכער באַראָנעסע, פאָן וואַרטענבערג. איך וועל מיר לאָזן לעגאַליזירן דעם נאָמען און אין דער צוקונפט וועל איך מיך רופן, באַראָן ק. פאָן וואַרטענבערג.

— אויסגעצייכנט, הער באַראָן, — האָט דער מיניסטער געזאָגט. — ברענגט אין אָרדענונג די לעגאַליטעט פון דעם נאָמען און איר קריגט אַ באַשטימונג אין מיין מיניסטעריום, אַלס מיין ספּעציעלער מיטאַרבעטער אין דער רוסישער אָפּטיילונג פון מיניסטעריום.

— גאָר אינגיכן, — האָט דער מיניסטער צוגעגעבן — קלייבן מיר זיך אין ספּאַא, אָף אַן אונטערהאַנדלונג מיט די אַליאירטע. מיר זייען

שטאַרק דערקוועטשט מיט די צאָלונגען. מיר מוזן פּאָליטיש אַזוי באַלאַנ־סירן, אַז עס זאָל הייסן, מיר ווילן צאָלן, נאָר מיר קענען ניט... דערנאָך וועלן מיר פאַרהאַנדלען מיט די רוסן. איר וועט זיין איינער פון די דעלע־גאַטן.

ווען דער באַראָן וואָלט געקענט, וואָלט ער אַזש אופגעשפּרונגען פון שמחה, אַזוי צופרידן איז ער געבליבן מיט דער אוידיענץ. ער האָט גע־האַלטן פאַר זיין חוב צו באַדאַנקען דעם מיניסטער און אַרויסזאָגן אים זיין לויב און באַוווּנדערונג פון זיין פּערזענלעכקייט.

— איך דאַנק אייך, — האָט ער געזאָגט, — אונדזער דייטשלאַנד מעג שטאָלץ זיין מיט אַזעלכע שטאַטסמענער ווי איר זייט. אַזעלכע פּער־זענלעכקייטן ווי איר, פאַרשאַפן גלאַנץ און אָנזען אונדזער רעגירונג און דעם דייטשן נאָמען בכלל.

— מיר לעבן אין אַ שלעכטער צייט, — האָט אים דער מיניסטער געענטפערט אף זיין דאַנק, — אונדזער דור האָט אָפּגעווישט אַלע ווערט־פולע פאָרמען פון לעבן. עס זיינען פאַרשוווּנדן די אָנשטענדיקייט און די מאָראַל אין אונדזער עפּאָכע־מאַכנדיקער צייט. פינצטערע כוחות בושע־ווען באַ אונדז. איך האָב מורא, אויב עס וועט ווייטער אַזוי אָנגיין, וועט זיין אַ שאַנדע צו זיין אַ דייטש.

— איך בין שטענדיק צו אייער דיספּאָזיציע, הער מיניסטער. מיט מיין דערפאַרונג אין קאַמף קעגן די פינצטערע כוחות. — און די אוי־דיענץ האָט זיך פאַרענדיקט.

דער באַראָן איז געקומען אהיים זייער צופרידן. ער האָט געריבן די הענט פון שמחה. ער האָט דערציילט גענוי זיין פרוי וואָס זיי האָבן גערעדט אף דער אוידיענץ. ער געפעלט מיר זייער גוט, דער יידישער מי־ניסטער. ער איז קלוג, אינטעליגענט, טיפזיניק און אַ גרויסער פּאָליטיקער. אָבער אַ ייד בלייבט אַ ייד. ער האָט מיר געזאָגט, אַז עס דערנענטערט זיך אַ צייט, ווען עס וועט זיין אַ שאַנדע זיך צו רופן דייטש.

— איך געפין דאָס פון אים זייער ריכטיק, זייער קלוג און ווייטזיכ־טיק, — האָט די פרוי באַמערקט, — אויב די אַלע ראָזענבערגס, גערינגס און ווייס איך נאָך ווי זיי הייסן דאָרטן, אויב זיי וועלן ווערן די פירער

פון נייעם דייטשלאנד, וועט באמת זיין א שאנדע צו זיין א דייטש.

## דרייאונצוואנציקסטער קאפיטל

א טשיקאווע נייעס האט זיך געקומען ארומטראגן אין דער שטעטעלע ריטעווע. דאס גאנצע שטעטל האט שוין געקאכט מיט דער נייס. מען האט דארטן גערעדט א סברה, אז וועלוול, עטל די אלמנה׳ס, איז גאר ניט דערשאסן געווארן. די גאנצע מעשה מיט זיין טויט איז א ליגן. ער לעבט און געפינט זיך גאר אין בערלין. ער זאל דארטן זיין א גאנצער פריץ. ער האט אויסשטודירט פאר אינזשיניער און לעבט א גוטן טאג.

אז די קלאנגען וועגן וועלוולען זיינען געווארן שטארקער, האט מען דאס פארבונדן מיט די קלאנגען וועגן דער ווארשעווער פעסטונג. מען האט געוווסט צו דערציילן, אז די פעסטונג וואלט אזוי גיך ניט געפאלן, ווען מען וואלט זי ניט איבערגעגעבן צו די דייטשן, און איבערגעגעבן האט זי ניט קיין אנדערער ווי דער גענעראל־גוברנאטאר אליין, דער באראן קארף. מען האט גערעדט, אז מען זאל האבן געפונען צווישן די ארכיוון, וואס די דייטשן האבן דארטן איבערגעלאזן, קלארע באווייזן דערצו.

מען איז אויך געקומען צו דער השערה, אז די געשיכטע מיט וועלוולען מוז אויך זיין די ארבעט פון באראן קארף. היות זיין טאכטער האט זיך אין אים פארליבט, האט מען דאס אזוי איינגעארדנט, אז די וועלט זאל מיינען, אז וועלוול איז טויט. זי, די טאכטער זיינע, האט דאס אפגעווישט אלע שפורן פון אים און איז אנטלאפן מיט אים ערגעץ אין דייטשלאנד ווו זיי לעבן ביידע א גוטן טאג.

עס האבן זיך געפונען סקעפטיקער וואס האבן די גאנצע געשיכטע ניט געגלויבט. — ווי איז דאס מעגלעך — האבן זיי געזאגט — אז די

רוסישע פּאָליציי אַליין האָט דאָך געבראַכט צו זלמנ'ען אַ פּאַפּיר, ווו שוואַרץ אויף ווייס האָט זיך געזאָגט אַז וועלוול וואַלדמאַן איז דערשאָסן געוואָרן. פּאָליציי וועט דאָך קיין ליגן ניט זאָגן. זיי וועלן דאָך אַזאַ געשיכטע ניט אויסטראַכטן. בפרט, אַז די גאַנצע מעשה, האָט מען דעמאָלט געזאָגט איז געווען באַשריבן אין די צייטונגען.

— באַ פּאַניען איז אַלץ מעגלעך, — האָבן אַנדערע געענטפערט, — אויב עס איז מעגלעך געווען, אַז מען האָט אַליין איבערגעגעבן פּעסטונגען דעם שונא, איז מעגלעך צו מאַכן פּאַר אַ לעבעדיקן מענטשן אַ טויטן. והא ראיה, — האָבן זיי צוגעגעבן — נח הורוויץ האָט דאָך אים געזען מיט זייַנע אייגענע אויגן. בשעת ער האָט זיך אומגעקערט פון געפאַנגענשאַפט האָט ער אים געטראָפן און גערעדט מיט אים. ער האָט דאָך דאָס אונדז דאָ אַליין דערציילט.

אַז די קלאַנגען זייַנען דערגאַנגען צו עטל דער אלמנה, האָט זי צו־ערשט ניט געשענקט זיי קיין אויפמערקזאַמקייט. מאַלע וואָס לייט ריידן, — האָט זי געזאָגט, — מען האָט ניט וואָס צו טאָן, טראַכט מען אויס אַלער־ליי באָבע־מעשיות און מען רעדט. וואָס ווייטער אָבער זייַנען די רייד געוואָרן אַלץ מער איינטיסטירנדיקער. לייט האָבן גערעדט וועגן דעם ווי וועגן אַן אמת, האָט עטל שוין אויך זיך גענומען פאַרטראַכטן. זי האָט אין האַרצן זיך געווונטשן, הלוואַי זאָל דאָס טאַקע זייַן אמת. ווי אַזוי דאָס שיקט זיך? פאַרוואָס האָט מען אַרויסגעלאָזן אַ קלאַנג, אַז ער זאָל זייַן דערשאָסן. ווי אַזוי ער לעבט, ווו ער לעבט, וואָס טוט ער? דאָס אַלעס האָט זי גאָרניט געוואָלט וויסן. איבער די אַלע פּרטים האָט זי זיך ניט פאַרטראַכט. עס איז געווען מלחמה און אין מלחמה־צייט איז אַלץ מעג־לעך. פאַרקערט, די אויסטערלישע פאַסירונג האָט זי אָנגענומען ווי אַ צייכן פון הימל. די הענט ניט געוואַשן, — האָט זי געזאָגט, — האָט אַזוי געוואָלט מסתמא. איר מוטער־אינסטינקט האָט איר שוין דערנאָך אונ־טערגעזאָגט, אַז דאָס איז טאַקע אמת. איר האַרץ, דאָס האַרץ פון אַ ליבנ־דיקער מוטער האָט איר באַשטעטיקט, אַז דאָס איז געוויס אמת, כאָטש זי האָט ניט געהאַט קיין שום באַווייז, אַז דאָס איז אַזוי, אָבער פאַר איר

איז גענוג געווען דאָס וואָס מען רעדט דערפון, זי האָט דאָס בּיסלעכווייז פאַרוואַנדלט אין אַ פאַקט.

— הערסט, איצעלע, — האָט זי אַמאָל געזאָגט צו איר אייניקל, — דו האָסט דאָך אַ טאַטן, דיין טאַקע לעבּט מיין קינד.

— ווו איז ער, מיין טאַטע, — האָט דאָס נאַיווע קינד געוואָלט וויסן. איך וויל אים זען.

— וואַרט צו אַביסל, ליכט פון מיינע אויגן, — האָט זי אים געזאָגט, — מיר וועלן אים געפינען וועסטו אים שוין זען. — האָט זי מיט אַ זיכערקייט אין איר טאָן געענפערט.

— באַ גאָט איז אַלץ מעגלעך, — האָט זי געטענה'ט פאַר אירע שכנים — דאָס איז ניט אַנדערש, ווי דער זכות פון זיין טאַטן, אונדז צו לאַנגע יאָר, ער האָט זיך דאָס געמיט פאַר אים. ער האָט דאָס אים געראַטעוועט פון זייערע הענט.

אין אַ שיינעם טאָג איז עטל אַריין צו זלמנ'ען.

איר האָט דאָס אויך געהערט, ר' זלמן — האָט זי געזאָגט. מען זאָגט, אַז וועלוול לעבּט און עס איז אַ ליגן, אַז מען האָט אים געהאַט דערשאָסן. די גאַנצע מעשה שטאַמט דאָס פון דער פּאָליציי. זיי האָבּן דאָס אויסגעטראַכט.

— אודאי האָבּ איך דאָס אויך געהערט. די גאַנצע שטעטל רעדט וועגן דעם, ווי זאָל איך דאָס ניט הערן? וואָס איז אָבּער די פּעולה, — האָט ער זיפצנדיק צוגעגעבּן, — אויבּ ער לעבּט יאָ ערגעץ, ניט איך האָבּ אים און ניט איר האָט אים. איך מיין, אַז איך וועל אים שוין קיינמאָל ניט האָבּן. ווו איז ער און ווו איז סאָניע? פאַר מיר איז ער פאַרלאָרן אויף אייבּיק. אייך זאָל גאָט געבּן, אַז איר זאָלט האָבּן נחת פון אים.

— וואָס רעדט איר עפּעס, ר' זלמן? און אַז ער זאָל זיך געפינען אין עק וועלט וועל איך אים דען ניט אויפזוכן? אַ מאַמע קען אַלץ באַווייזן. איך וועל אים זוכן אין בּערלין. דאָס איז דאָך ניט קיין וואַלד. דאָרטן מוזן דאָך אויך לעבּן יידן, וועלן זיי מיר העלפן געפינען אים. וואָס איז שייך וואָס איר זאָגט, אַז פאַר אייך איז ער פאַרלאָרן. גלויבּט זיך מיר גאָרניט אויף אייך, ר' זלמן, איר זאָלט ריידן ווי אַ יידענע, האָט ניט

קיין פּאַריבל. איר זעט דען ניט וואָסער וועלט מיר האָבן איצט? נייע מלכים, נייע גזירות. באַלעבאַטים זיינען ניט קיין באַלעבאַטים. גבירים ניט קיין גבירים. טאַטעס ניט קיין טאַטעס, קינדער ניט קיין קינדער און חתנים זיינען ניט קיין חתנים. איך פאַרשטיי דאָך וואָס איר מיינט מיט אייערע רייד. איר זעט ניט, אַז האָט מען חתונה און אָט איז אויס חתונה. איר מיינט טאַקע, אַז סאָניע האָט דעמאָלט חתונה געהאַט? איר האָט דען ניט געזען, אַז דאָס וואָס זי האָט דעמאָלט אַלץ געטאָן, איז געווען, נאָר אַרויסגעשלאָגן ווערלוולען פון קאָפּ? זי האָט זיך אַליין געבעדך גע־וואָלט איינרעדן, אַז זי טראַכט ניט מער פון אים, האָט זי זיך געכאַפּט אָן אַ חתן. עס איז אַ צומישעניש געקומען אויף דער וועלט, וועט זיך דאָס אַלץ צוריק אויסמישן. מיר פּראָסטע מענטשן פאַרשטייען דאָס גאָרניט. די יונגע פירן איצט די וועלט און באַ זיי איז אַלץ מעגלעך, וואָס אַרט אייך, ר׳ זלמן..

— יאָ, עטל, — עס קען זיין, אַז איר זייט טאַקע גערעכט, — האָט זלמן, גלעטנדיק זיין גרויע באָרד געזאָגט, — מיר פאַרשטייען גאָרניט. זיי די יונגע זיינען איצט די חכמים, טאָ לאָמיר זען וואָס זיי קענען אופטאָן.

עטל האָט געהאַלטן וואָרט. זי האָט זיך גענומען קלייבן אין וועג אַריין. איר פּלאַן איז געווען צו פאָרן אין בערלין און וועט פון דאָרטן ניט אָפּטרעטן, ביז זי וועט דערגיין דעם אמת וועגן איר ווערלוולען און אויב ער לעבט טאַקע, מוז זי אים געפינען.

— נשקשה, — האָט זי געזאָגט צו די שטעטלשע יידן, וואָס האָבן איר געפּרופּט אָפּריידן פון דער רייזע — מיין ווערלוול איז ניט קיין שלעכ־טער. ער איז אַ וווילער קינד, אַזאַ יאָר אויף מיר. איי, וואָס עס האָט מיט אים פּאַסירט, דאָס איז גאָרניט. עפּעס אַ קליפּה, רחמנא ליצלן, איז אין אים אַ־ריין אין יענעם מאָמענט. אַן עין הרע האָט אים געשאַדט. אַזוי גיך אָבער, ווי ער וועט דערזען זיין מאַמען, וועט ער צוריק ווערן דער זעלביקער גו־טער, געטרייער יידישער זון, ווי ער איז דאָס אַלע מאָל געווען. הלוואי, ליבער גאָט, זאָל דאָס נאָר אמת זיין, אַז ער לעבט טאַקע.

— און הערט איר, — האָט זי שטיל צוגעגעבן, — ווען סאָניע

וואָלט דאָ געווען, ווען זי שפּאַרט זיך ניט איין צו בלייבן אין רוסלאַנד, וואָלט צוריק אַ לעבן געווען צווישן זיי ביידן.

די ערשטע און נאָנטסטע דייטשע שטאָט, וואָס איז געלעגן לעבן זייער שטעטעלע איז געווען מעמעל. סך־הכל וואָסערע פינף מייל פון זיי. פאַרשטייט זיך, אַז דער פּלאַן פון איר רייזע האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט דער שטאָט און פון דאָרטן קיין בערלין. מעמעל איז אָבער געווען דעמאָלט באַזעצט פון פראַנצויזישע טרופּן. מען האָט געמוזט קריגן בײַ די פראַנצויזישע מיליטער־באַהערדן אַ שיין ווייטער צו רייזן. דאָס האָט אָבער אַף אַ האָר ניט אָפּגעשראָקן עטלען. זי האָט מיטגענומען איר אייניקל מיט זיך און אין אַ שיינעם טאָג איז זי אַרויסגעפאָרן אין מעמעל. אינעם זעלביקן טאָג, ווען זי איז דאָרט געקומען, האָט זי ווייטער ניט געקענט פאָרן. עס האָט געדאַרפט נעמען צייט צו באַקומען דעם נייטיקן שיין ווייטער צו פאָרן, איז זי געבליבן דאָרטן נעכטיקן.

אַף מאָרגן, גאַנץ פרי נאָך, איז שוין עטל געשטאַנען בײַ דעם שאַלטער פון דער פראַנצויזישער קאָמענדאַנטור, וווּ מען גיט אַרויס די רייזע שיינען. אירע דאָקומענטן האָט זי שוין געהאַט דאָרטן אַריינגעגעבן און האָט רויק געוואַרט אין ריי מיט די איבעריקע פּאַסאַזשירן דעם מאָמענט, ווען מען וועט איר אַרויסגעבן דעם פּאַפּיר.

עטל האָט געקענט אַזוי שטיין אַן ערך אַ האַלבע שעה, .ביז דער שאַלטער האָט זיך געעפנט און אַ באַאַמטער האָט גענומען אויסרופן די נעמען פון די, וואָס האָבן געבעטן אַ רייזע־שיין. מיטאַמאָל הערט עטל, ווי דער באַאַמטער שרייט אויס אַפן קול: מאַדמאַזעל באַראָנעסע קאַרף"! — און זי זעט, ווי ער דערלאַנגט אַ יונגער שיינער דאַמע, וואָס איז געשטאַנען צוזאַמען מיט אַ יונגן הער, אירע פּאַפּירן מיטן שיין.

— האַ, — האָט זיך עטל אַ כאַפּ געטאָן — ווי האָט ער געשריען? דאַכט מיר, אַז ער האָט געזאָגט, באַראָנעסע קאַרף? אוי וויי איז צו מיר! — און זי האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַרן האַרץ, ווי זי וואָלט וועלן צוהאַלטן דאָס האַרץ, עס זאָל פון איר ניט אַוועקשפּרינגען. דער נאָמען האָט דאָך עפּעס אַ שטיקל שייכות צו מיר. דאָס איז דאָך די קליפּה, שונאי ישראל, וואָס האָט זיך אָנגעקלעפּט אָן מיין וועלוולען. דאָס איז דאָך די זעלביקע,

וואָס האָט פאַרפירט מיין קינד. ווי קומט זי אַהער? אויב זי איז דאָ, איז אַ קשיה אַף אַ מעשה, אפשר איז דאָ אויך וועלוול? וואָס טוט מען? ווי דער־ וויסט מען זיך? נישטאָ קיין אַנדער מיטל, ווי צו ריידן מיט איר אַליין. זי מוז מיר זאָגן דעם אמת.

אָבער די דאַמע, וועלכע מען האָט אָנגערופן באַראָנעסע קאַרפּ, גע־ אָרעמט מיט דעם יונגנמאַן, וואָס איז לעבן איר געשטאַנען, פאַרלאָזט שוין דעם זאַל. זיי זיינען אַרוים אַפן גאַס. און אַרויסלאָזן, ניט גערעדט מיט איר, טאָר מען ניט. עטל באַשליסט אין דער גיך, אַז זי מוז איר כאַפּן, און טאַקע דאָ, אַף דער שטעלן ריידן מיט איר. זי פאַרלאָזט איר ריי באַם שאַלטער, מעג זי אַפילו פאַרשפּעטיקן אַף אַ טאָג איר רייזע, עס שאַדט ניט, אָבער זי מוז כאַפּן די גויע...

— פריצטע, יונגע האַרנטע, — לויפט עטל און שרייט. דעם אייניקל שלעפּט זי פאַר אַ הענטל מיט זיך און יאָגט זיך נאָך דער אַוועקגייענדיקער דאַמע. שוין ווייט אַפן גאַס האָט עטל זי דעריאָגט און ציט זי זי פאַרן אַרבל:

— אַנטשולדיקט, פריצטע, איך מוז מיט אייך ריידן. איך האָב גע־ הערט, ווי מען האָט אויסגערופן אייער נאָמען, באַראָנעסע קאַרפּ. זייט איר ניט די טאָכטער פון יענעם באַראָן קאַרפּ, וואָס האָט זיינע גיטער לע־ בן וויינאַדן?

— יאָ, — זאָגט קאַטיע אַ צעטומלטע — איך בין דאָס. — און אַ פאַרוווּנדערטע, מיט פאַרחידושטע אויגן, קוקט זי אָן די אַלטע. — ווער זייט איר, אַז איר קענט מיך און מיין פאָטער?

— אוי, אַ קלאָג, איר ווייסט ניט ווער איך בין? איך בין דאָך עטל, עטל די אַלמנה, פון ריטעווע, וועלוול וואַלדמאַנס מאַמע, — האָט איר עטל געענטפערט.

— ווי? איר זייט וואַלדמאַנס מוטער? — האָט קאַטיע אַן איבעראַש־ טע אויסגעשריען, און די פאַרבן אין איר פנים האָבן זיך גענומען בייטן. אָט איז זי געוואָרן בלאַס און גלייך זיינען אירע באַקן רויט געוואָרן ביז איבער די אויערן. מעכאַניש איז זי אָפּגעטראָטן אַף צוריק אַ פאָר טריט. זי האָט אויסגעשטעלט אַף איר אירע גרויסע בלויע אויגן, וואָס האָבן אין

דעם מאָמענט אויסגעדריקט פריידיקע איבערראשונג, ווי זי וואָלט וועלן זי גוט אָנזען און דערקענען, דערנאָך האָט זי געזאָגט:

— זייט איר דאָס טאַקע די זעלביקע, טאַקע וואַלדמאַנס מאַמע? וואָסער גליקלעכער צופאַל! איך פאָר איצט אַהיים און האָב געהאַט בדעה אייך אופצוזוכן און זיך מיט אייך דורכשמועסן. איך האָב זייער פיל מיט אייך צו ריידן.

די באַראָנעסע האָט נאָך ניט באַוויזן צו פאַרענדיקן די פראַזע, האָט עטל איינגעבויגן איר קאָפּ. פון אירע אויגן האָבן געשטראָמט טרערן. מיט איר אויסגעדאַרט האַנט האָט זי אָנגעכאַפּט קאַטיעס קליינע צאַרטע הענטל און גענומען טראָגן זי צום מויל אַ קוש צו טאָן.

קאַטיע האָט זיך גלייך געכאַפּט, וואָס עטל וויל דאָ טאָן, האָט זי לייכט באַפרייט איר האַנט און געזאָגט:

— וואָס טוט איר, ליבע פרוי וואַלדמאַן? באַרויקט אייך, זאָגט, רעדט, וואָס האָט איר מיר געוואָלט זאָגן. וואָס גייט איר עפּעס קושן מיין האַנט?

— פריצטע, האַרנטע, — האָט עטל נאָך אַלץ אַ וויינענדיקע אָנגעפאַנגען. — טוט אַ טובה, ראַטעוועט דאָס לעבן פון אַן אַלטע, וויסטע אַלמנה. זאָגט מיר דעם אמת, וואָס איז מיט מיין זון? לעבט ער נאָך טאַקע? דערקוויקט דאָס האַרץ פון אַן עלנטע, אַלטע מוטער. זאָגט, ווו קען איך אים געפינען? דערציילט מיר, איך בעט אייך, איז ער נאָך אַ ייד?...

— אָבער געוויס וועל איך אייך אַלץ דערציילן. איר דאַרפט מיך ניט אַזויפיל בעטן, און וויינען דאַרפט איר אודאי ניט. איר זייט אַ גליקלעכע מוטער מיט אַזאַ זון. איך ווייס אַלץ פון אים. איך וועל אייך דאָס איבערגעבן מיט אַלע פּרטים. קודם כל, וועל איך אייך באַרויקן און זאָגן, אַז ער איז אַ ייד, ווי געווען.

— ווער איז דאָס קינד? האָט קאַטיע, דערזעענדיקט ווי איצעלע מורליעט זיך מיט צעשראָקענע אויגעלעך צו דער באָבען געפּרעגט.

— דאָס איז דאָך מיין זונס קינד. ער קען אים נאָך גאָרניט. אַ לעבעדיק יתום׳ל איז ער נעבעך. דער פאָטער אַף איין אָרט, די מוטער, ווער ווייסט, ווו זי איז איצט... אַ שיינער תכלית געוואָרן פון זיי אַלעמען...

— אזוי, דאָס איז זײַן קינד? האָט קאַטיע געזאָגט. — דאָס האָב איך ניט געוווסט. איך האָב גאָר קיין אָנונג ניט געהאַט, אַז אײַער זון האָט אַ קינד. ער האָט דאָס מיר קיינמאָל ניט דערציילט. אַך, וואָסער, שײנער זי־סער בוב דאָס איז! — האָט זי גלעטנדיק זײַן קעפּל און קושנדיק אים אין בעקל געזאָגט.

— קורט, — האָט זי זיך געווענדעט צו אים, וואָס איז געשטאַנען אָן אַ זייט און מיט נײַגעריקייט צוגעקוקט צו דער גאַנצער סצענע. — דו וועסט מיך אַנטשולדיקן. הער, דו וועסט מוזן פֿאָרן אַליין אַהיים. עס איז דאָך שוין סײ זוי ניט ווײַט, סך הכל פֿיר שעה רײַזע. איך מוז דאָ בלײַבן מיט דער פֿרוי וואַלדמאַן אַ פּאָר טעג. איך מוז ברענגען אין אָרדענונג די גוטע פֿרוי און העלפֿן איר אין אַלץ, וואָס וועט מעגלעך זײַן צו טאָן פֿאַר איר.

— איך ווייס, קאַטיע, אַז דו האָסט אַ גאָלדן האַרץ. איך האָב שוין פֿאַרשטאַנען, אַז דו וועסט זיך ניט רירן פֿון אָרט ביז דו וועסט טאָן אַלץ, וואָס דו קענסט צוהעלפֿן דער פֿרוי. גוט, איך פֿאָר, אָבער דו זאָלסט זיך ניט פֿיל פֿאַרזאַמען דאָ. קום באַלד, מיר וועלן דיך וואַרטן מיט אומגעדולד.

קאַטיע האָט אַ שמייכל געטאָן. אַ שטאַרקן דריק אין האַנט איז געווען איר ענטפֿער: — דאָס גייט אַרײַן אין מײַן פּראָגראַם — האָט זי שטיל געזאָגט — און זי איז צוגעלאָפֿן צו דער וואַרטנדיקער עטלען.

## פּיראָנצוואַנציקסטער קאַפּיטל

— נו, איצט ליבע פֿרוי וואַלדמאַן, בין איך צו אײַער דינסט. זאָגט מיר קודם, ווו איר זייט פֿאַרפֿאָרן. איר וועט דאָ מוזן בלײַבן אַ פּאָר טעג. טעג. איך וועל אײַך ברענגען דאָ אײַער זון. קומט מיט מיר אין האָטעל. איך וועל אײַך דאָרטן אײַנאָרדענען מיטן קינד. איך וועל אײַך דערווײַל

דערציילן אַלץ, וואָס איך ווייס פון אייער זון. — און קאַטיע האָט גענומען איצעלען פאַר איין הענטל; עטל, פאַר דער צווייטער, און האָבן זיך געלאָזט גיין.

גייענדיק, האָט עטל צו זיך אַליין געזאָגט: אַ דאַנק דעם לעבעדיקן, וואָס ער האָט מיר צוגעשיקט אָט די גויע. ווי גוט זי איז דאָס. ווי פריינט־לעך זי באַגייט זיך דאָס מיט מיר. הלוואי וואָלט זי געווען אַ יידיש קינד, אַזאַ יאָר אַף מיר, וואָס פאַר אַ ווייב דאָס וואָלט געווען פאַר מיין וועל־וולען. זי זעט גאָרניט אויס ווי אַ קליפּה...

אָנגעקומען אין האָטעל, האָט קאַטיע אַנידערגעזעצט עטלען לעבן זיך. געלאָזט באַזאָרגן דעם יינגל מיט זיסוואַרג, און גענומען דערציילן פאַר עטלען וואַלדמאַנס איבערלעבונגען.

— יאָ, — האָט זי אָנגעפאַנגען — אייער זון לעבט. ער איז ניט דער־שאָסן געוואָרן, ווי מען האָט דאָס אייך געמאַכט גלויבן... מיין פאָטער האָט דאָס אַלץ אַראַנזשירט, כדי מיר זאָלן אים קענען ראַטעווען פון זייע־רע הענט, אין וועלכע שלעכטע מענטשן האָבן אים אַריינגעוואָרפן. ער איז געווען פולשטענדיק אומשולדיק. דערנאָך האָב איך אים אַריבערגעפירט אין דייטשלאַנד. מיט דער הילף פון מיין פאָטער האָט ער זיך דאָרטן איינ־געאָרדנט, אָנגעקומען אין אַ טעכנישער הויכשולע, צו וואָס ער האָט זיין לעבן לאַנג געשטרעבט. ווען, דערנאָך זיינען מיינע עלטערן געקומען אין דייטשלאַנד, האָבן מיר אים באַזאָרגט מיט אַלעם נייטיקן, כדי ער זאָל דער־פאָלגרייך ענדיקן זיין שטודיום און דערשלאָגן זיך צו אַ קאַריערע. היינט איז אייער זון אַן אָנגעזעענער אינזשעניער און פאַרנעמט אַ שטעלע אין איינע פון די גרעסטע דייטשע פאַבריקן. זיין באַלעבאָס איז ניט קיין אַנדע־רער, ווי דער מיניסטער אַליין. נו, איצט ווייסט איר שוין, ווער אייער זון איז? — האָט קאַטיע געזאָגט, און אַריינגעקוקט עטלען אין די אויגן. — נו, איצט זייט איר שוין רויק? יאָ, איר קענט רויק און שטאָלץ זיין מיט אייער זון.

עטל איז געווען אַזוי פאַרחידושט פון דאָס, וואָס זי האָט געהערט, אַז טרערן פון פרייד און גליק האָבן גענומען שטראָמען פון אירע אויגן. איר האַרץ איז פול געוואָרן מיט דאַנקבאַרקייט צו קאַטיען, וואָס איז לעבן

איר געזעסן און געקוקט אױף איר. לאַנגזאַם האָט עטל זיך גענומען באַ־רויקן. מיט איר אַרבל האָט זי אויסגעווישט די נאַסע אויגן אירע און אויפ־הייבנדיק זיי צו קאַטיען, האָט זי זיך אָפּגערופן:

— איר זייט דאָך אַ מלאך פון הימל, ניט קיין מענטש. טייערע פריצ־טע מיינע. איר זייט דאָך אַזאַ גוטע, אַזאַ איידעלע. ווי קען איך דאָס אייך אָפּדאַנקען פאַר אַלדאָסגוטס, וואָס איר האָט געטאָן צו מיין זון. דער פאָ־טער אין הימל זאָל אייך באַצאָלן. אָבער איך בעט אייך, זאָגט מיר דעם אמת, האָט ניט קיין פאַריבל אויף מיר, וואָס איך פרעג דאָס אייך, איר ווייסט דאָך, איך בין אַ מאַמע, מיין האַרץ טוט מיר ווי פאַר אים. זאָגט מיר, זייט איר טאַקע אַנטלאָפן פון דער היים מיט אים? זייט איר טאַקע, ווי מאַן און ווייב... ביידע? — האָט זי גאַנץ שטיל, ווי פאַרשעמט, גע־פרעגט. דערנאָך האָט זי אופגעהייבן אירע אויגן, אַ קוק געטאָן דער באַ־ראָנעסע אין געזיכט און צוגעגעבן — זאָגט דאָס מיר נאָכאַמאָל, איז ער נאָך אַלץ אַ ייד?

— ערשטנס, ליבע פרוי וואַלדמאַן, בעט איך אייך, רופט מיך ניט, פריצטע, איך בין דאָס ניט. רופט מיך, קאַטיע, אַזוי איז מיין נאָמען. צוויי־טנס, וועל איך אייך באַרויקן און זאָגן, אַז אַלץ, וואָס איר האָט געהערט, איז פולשטענדיק ליגן. אין ערגעץ זיינען מיר ניט געלאָפן. איך וועל צו אייך ריידן ווי אַ פרוי צו אַ פרוי, פאַרשטייט מיך גוט, מיר זיינען ניט ווי מאַן און ווייב. מיר זיינען דאָס קיינמאָל ניט געוועזן. אמת, מיר האָבן זיך זייער ליב געהאַט. מיר האָבן זיך נאָך היינט אויך ניט פיינט, אָבער צו אינטימקייט איז צווישן אונדז ניט געקומען. אייער זון איז אין דער באַ־ציונג פולשטענדיק ריין און אומשולדיק. אַז ער איז אַ ייד, האָב איך אייך שוין איינמאָל געזאָגט. איך קען אייך נאָר צוגעבן, אַז ער האָט גאָר קיינ־מאָל ניט געטראַכט, דאָס ניט צו זיין.

— אָ, לאַנג לעבן זאָלט איר, קאַטיע, — האָט די אַלטע, שוין שמייכ־לענדיק און אַ צופרידענע געענטפערט. — זאָל אייך דער ליבער גאָט אַזוי דערפרייען, ווי איר האָט מיך דערפרייט. איצט בין איך טאַקע די גליקלעכ־סטע מאַמע אין דער וועלט.

— יאָ, ליבע פרוי וואַלדמאַן, איר זייט דאָס טאַקע — האָט קאַטיע

געזאָגט — איר האָט אַ גוטן און בראַוון זון. דאָס, וואָס ער האָט אייך ניט געשריבן ביז איצט, איז אַ ריינער צופאַל. פריער די מלחמה, אָפּגעריסנ־קייט, דערנאָך זיין שטודיום, צופיל אַרבעט. אָבער איר זאָלט ניט מיינען, אַז ער וויל פון אייך ניט וויסן. איעך קען אייך פאַרזיכערן, אַז אין צוויי, שפּעטסטנס, אין דריי טעג וועט ער קומען אַהער צו אייך. ער וועט אייך איבערבעטן פאַר דעם צער, וואָס ער האָט אייך, ניט ווילנדיק, פאַרשאַפט און פאַר דעם עגמת נפש, וואָס איר האָט געהאַט די גאַנצע צייט, וועט איר איצט האָבן נאָר נחת. ער וועט אייך האַלטן, ווי אַ גוטער זון דאַרף האַלטן זיין מוטער.

קאַטיע האָט געוואָלט איינאָרדענען עטלעך מיטן קינד אין איר האָטעל ביז זי וועט האָבן אַלץ דערליידיקט, אין שייכות מיטן פאַרשטייענדיקן טרעפן זיך מיט איר זון. אָבער עטל האָט זיך גענומען בעטן באַ איר, זי זאָל זי איינאָרדענען בעסער אין אַ יידישן האָטעל, זי וועט זיך פילן צוויי־שן יידן אַ סך בעסער און פרייער.

— יאָ, איך וועל דאָס גערן טאָן. איר זייט גערעכט, אַ מענטש דאַרף שטענדיק זיך האַלטן באַ זיין אייגענער סביבה. איך בין אויך מיט דערזעל־בער מיינונג. — און קאַטיע האָט זי אָוועקגעפירט צום האָטעל „צום שוואַרצן אָדלער", וויו זי האָט זי דאָרטן באַקוועם איינגעאָרדנט. ס'איז באַ־שלאָסן געוואָרן, אַז זי טעלעגראַפירט תיכף צו ווילין, ער זאָל אומבאַדינגט אַריבערקומען אין מעמעל, ניט זאָגן אים וועגן וואָס. דאָס איבעריקע וועט זי שוין שפּעטער אַלץ באַזאָרגן.

ווען דער אינזשעניער ווילי וואַלד האָט דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע פון קאַטיען, אַז ער זאָל אומבאַדינגט און זאָפאָרט אַריבערקומען אין מעמעל אַף אַ זייער וויכטיקער און איבעראַשנדיקער באַשפּרעכונג צווישן זיי, — האָט ער אין ערשטן מאָמענט גאָרניט געוווסט ,וואָס דאָ טוט זיך. קאַטיע אין מעמעל... ווי קומט זי דאָרטן? ער האָט אָבער לאַנג ניט געקענט טראַכ־טן. דאָס וויכטיקסטע פאַר אים איז געווען, אַז דאָס איז פון קאַטיען. זי רופט אים אַף אַ וויכטיקער און איבעראַשנדיקער באַשפּרעכונג... זי וויל אים, הייסט דאָס, דרינגענד האָבן. און אַ וואַרעמער שטראָם בלוט האָט גע־נומען ברויזן אין זיינע אָדערן. ענדלעך, ענדלעך, האָט ער זיך געקלערט,

גיט זי זיך אונטער. זי רופט מיך, זי וועט שוין מאכן אַז ענדע צו אונדזע־
רע אומנאָרמאַלע באַציונגען. ענדלעך וויל זי שוין ווערן מיינע, אינגאַנצן
מיינע. אָך, ווי איך פריי מיך איבער דעם געדאַנק. ער האָט זיך טאַקע גע־
פרייט, ווי אַ קינד. הויך אויפן קול האָט ער אויסגעשריִען: — אָ, ווי ליב
דו ביזט מיר, מיין קאַטיע!...

גיך האָט ווילי זיך צונויפגעקליבן, געכאַפּט די גייטיקע פּאַפּירן און איז
געלאָפן אויף דעם רוף פון זיין קאַטיען. אין קאָפּ פון וואַגאָן איז ער געלעגן
באַקוועם אויסגעצויגן אויף דעם ווייכן דיוואַן און האָט זיך אינגאַנצן אי־
בערגעגעבן זיין פאַנטאַזיע. ער האָט געלאָזט לויפן זיינע געדאַנקען פריי
און האָט פאַנטאַזירט: ווי דער גליק באַגלייט דאָס מיך, זינט איך האָב מיך
באַקאַנט מיט דער קאַטיען. איך האָב געמוזט געבאָרן ווערן אין אַ זיידן־
העמדעלע... דאָס טרעפן זיך מיט איר אויף אַזאַ אויסטערלישן אופן. שפּע־
טער, דאָס אַרויסרייסן מיך פון וואַרשע אַזוי וווּנדערלעך. אַ געזיכערטע
קאַריערע, גליקלעכע צוקונפט־פּערספּעקטיוון. איך וועל זיכער שטייגן אויף
מיין פּאָסטן. איך אַרבעט טריי און איבערגעגעבן. מען איז פון מיר זייער צו־
פרידן. הייַנט, מיין פּריוואַטער לעבן? איך פאַרמאָג אַזאַ אומאָפּשאַצבאַרן
אוצר, ווי קאַטיע. אַזאַ ליבע און טייערע נשמה. אַזאַ גאָלדן האַרץ. אַזוי גיך,
ווי מיר ווערן פאַרמעל פאַרבונדן — דערצו רופט זי מיך דאָך איצט געוויס
— וועל איך איר איינאָרדענען אַ הויז אין פראַנקפורט אָדער בערלין, אַלץ־
איינס, וווּ זי וועט וועלן... איך וועל זי אַרומרינגלען מיט דעם גרעסטן קאָנ־
פאָרט און לוקסוס. איך וועל איר פאַרשאַפן דעם אומדערגרייכבאַרסטן
פאַרגעניגן, זי זאָל קענען לעבן, ווי אַ קעניגין. זי איז דאָס ווערט. זי האָט
דאָס פאַרדינט בײַ מיר. מיט אַזוינע פאַנטאַזיעס איז ער געווען פאַרנומען
דעם גאַנצן וועג, ביז ער איז אָנגעקומען אין מעמעל.

זיי האָבן זיך ביידע געטראָפן אויפן פּעראָן אין מעמעל. זיי האָבן זיך
אַרומגענומען און צעקושט, ווי אַלטע פאַרליבטע.

— ווי קומסטו אַהער, קאַטיע? און צו וואָס האָסטו מיך אַזוי דרינ־
גענד אַרויסגעפאָדערט? וואָס אַזוינס וויכטיקעס און איבעראַשנדיקעס
האָסטו דאָ פאַר מיר צוגעגרייט? — האָט ער זי געפרעגט, אַריינקוקנדיק
איר אין די אויגן.

— אַלץ וועל איך דיר דערציילן, ווילי, אָבער זאָלן מיר פריער קומען אין האָטעל. דאָ איז ניט קיין פּלאַץ פאַר אַזאַ געשפּרעך, — האָט זי אים מיט איר ליבן שמייכעלע געענטפערט.

ווען זיי זיינען אָנגעקומען אין האָטעל „ליבויער האָף”, וווּ קאַטיע האָט געוווינט, האָט זי אים אַריינגעפירט צו זיך אין צימער, אַראָפּגעוואָר־פן די קליידער פון זיך, געהייסן אים אויך זיך מאַכן באַקוועם און פריי.

— נו, — האָט זי געזאָגט — איצט דערצייל מיר, ווי דיר גייט אין פראַנקפורט אַף דיין פּאָסטן. ביזטו צופרידן מיט דיין נייע שטעלע? האָס־טו עפּעס גוטע אויסזיכטן אַף דיין אַמט?

— יאָ, קאַטיע, איך בין גליקלעך און זייער צופרידן. אָבער מיר דוכט אַז ניט דאָס צו פרעגן האָסטו מיך אַרויסגערופן אַהער אַזוי דרינגענדיק. זאָג מיר טייערע, וואָס האָסטו מיך גערופן, איך וויל עפּעס הערן פון דיר, וואָס זאָל מיך פריידיק איבעראַשן.

— יאָ, דאָס זאָלסטו הערן פון מיר. איך האָב געמוזט פאָרן אין לעט־לאַנד צו כאַפּן אַ בליק אין אונדזערע מאַיאָנטקעס. דעם פּאַפּאַ איז דאָס ניט באַקוועם צו טאָן, האָב איך געטראַכט, אַז זייענדיק ניט ווייט פון דיין היים, וואָלט געווען ראַטזאַם, זיך שטעלן מיט זיי אין פאַרבינדונג, איך מיין דאָט, מיט דיין פאַמיליע. דו האָסט דאָך אַ מוטער, אַ פרוי האָסטו דאָך אויך געהאַט. ווער ווייסט, אפשר נאָך אַ קינד אויך. ווי לאַנג איז דער שיעור צו זיין פאַר זיי טויט? מען דאַרף דאָך קומען מיט זיי, פריער אָדער שפּעטער, אין קאָנטאַקט. מיר וווּנדערט פון דיר, וואָס דו האָסט דאָס ביז איצט ניט געטאָן. דאָס איז דאָך דיין עלעמענטאַרסטער חוב אַזאַ זאַך צו טאָן. דערפאַר האָב איך דאָס דיך אַרויסגערופן, מיין טייערער ווילי, — און האָט אַ קוק געטאָן אַף אים, זען, וועלכן איינדרוק האָבן אירע ווערטער גע־מאַכט אַף אים.

ווילי איז געבליבן זיצן, ווי מען וואָלט אים אָפּגעגאָסן מיט אַן עמער קאַלטן וואַסער. אין איין רגע האָט זיך אויסגעלאָזן אַ רויך פון אַלע זיינע פאַנטאַסטישע פּלענער, וואָס ער האָט דעם גאַנצן וועג צוזאַמענגעשטעלט. פאַרשוווּנדן פון אים די פרייד מיט וועלכער ער איז געפאָרן און געקומען. עס האָט זיך אים געחלומט אַ גוטע זאַך און ער האָט זיך אופגעכאַפּט און

דערזען, אַז עס איז ניט מער ווי אַ חלום. הייסט עס, האָט ער באַ זיך גע־טראַכט, אַז זי וויל נאָך אַלץ ניט ענדערן אונדזער אומנאָרמאַלע סיטואַציע. וואָס פאַרט וויל זי? וואָהין שלעפּט זי מיך מיט אירע קאַפּריזן? וואָהין צילן אירע ווערטער? שוין גאָר מאָראַל האָט זי גענומען פּריידיקן...

אַ ברוגזער האָט ער פון דער זייט אַ בליק געטאָן אַף קאַטיען און זיך אָפּגערופן:

— וואָס עפּעס מיטאַמאָל האָסטו זיך דערמאָנט אָן מיין היים? איך האָב איינפאַך קיין צייט ניט געהאַט דערצו. עס האָט מיר געפעלט די געלעגנהייט צו טראַכטן פון מיין היים. פריער דער אָנגעשטרענגטער שטודיום, דערנאָך מיין נייער אַמט, וואָס פאָדערט פון מיר פיל צייט און גרויס אופמערקזאַמקייט. אָבער אינגיכן וועל איך דאָס טאָן.

— גוט, מיין טייערער, איך גלויב דיר. אַנטשולדיק מיר, ווילי, — האָט זי אים געזאָגט, אופהייבנדיק זיך פון איר פּלאַץ. איך מוז גיין טעלעפאָנירן אַף אַ פּלאַץ. איך קום זאָפאָרט צוריק. — און האָט שנעל פאַרלאָזן דאָס צימער.

בלייבנדיק אַליין, איז ווילי אַביסל צו זיך געקומען פון דער פריערדיקער קאַלטער באָד, וואָס ער האָט באַקומען פון קאַטיען. ער האָט באַשלאָסן באַ זיך, אַז ער וועט מיט איר ריידן ענערגיש. ער וועט זיך ניט לאָזן פירן פון אירע קאַפּריזן אַזוי ווייטער. בין איך שוין יאָ דאָ, מוז מען אויסנוצן די געלעגנהייט און קלאָר מאַכן אַלע ספיקות צווישן אונדז.

— הער, קאַטיע, — האָט ער זיך צו איר געווענדעט, ווען זי איז צוריק אַריין אין צימער. — מילא, איך זע דאָך, אַז דו האָסט מיך אַרויסגערופן צוליב דיינע קאַפּריזן. איך בין דאָס דיר מוחל. איך וויל אָבער אויסנוצן די געלעגנהייט און ריידן מיט דיר קלאָרע דיבורים וועגן אונדזער סיטואַציע. ווי לאַנג וועסטו אַזוי ציען די אומגעוויסנקייט צווישן אונדז? מיר קענען אונדז ניט פון נעכטן. אונדזער קעגנזייטיקע ליבע איז נישט קיין נייע. טאָ, פאַרוואָס פייניקסטו אי מיך, אי דיך אַליין. איך לייד פיזיש און גייסטיק פון אַזאַ אומקלאָרער לאַגע. דאַכט מיר, אַז מיר זיינען שוין פון יאָרן באַשטימט איינער פאַרן אַנדערן. דער גורל אַליין האָט אונדז אַף אַזאַ וווּנדערבאַרן אופן צוזאַמענגעבראַכט. איך בין איצט אין אַ פּאָזיציע,

וואָס דערלויבט מיר איינצואָרדענען דיין פּריוואַטן לעבן אַלס מיין פרוי, ווי עס פּאַסט פאַר דיין שטאַנד און ווירדע. טאָ וואָס ציסטו מיט דיין צו־שטימונג. באַשלים דיך, זאָג דיין וואָרט. ברענג אַריין פרייד אין מיין האַרץ. גיב מיר אַריין לעבן אין מיין נשמה. זאָג, קאַטיע, אַז דו ביזט שוין מיינע, און זאָג דאָס דער גאַנצער וועלט...

— אָבער, ווילי, צו וואָס אַזוי ערנסט? האָב איך דען דיר ניט געזאָגט אַז כל זמן דו וועסט ניט דערליידיקן די אַנגעלעגנהייט מיט דיין פרוי, קען איך דיר דאָס פאַרלאַנגטע וואָרט ניט זאָגן? האָב געדולד מיין ליבער, אויב איך זאָג דיר ניט דאָס באַגערטע וואָרט, וועט אפשר דאָס די צייט טאָן פאַר מיר.

— אַלץ, געדולד, אַלץ וואַרטן, מער ווי דאָס הער איך ניט פון דיר — האָט ער איר געענטפערט. — פאַרוואָס גייסטו ניט אַריין אין מיין לאַגע, קאַטיע? דו ווייסט, אַז זינט מיר האָבן דאַמאָלסט אין צאָפּאָט גערעדט פון אונדזער ליבע, קען איך ניט קיין אַנדער פרוי. פאַר מיר עקזיסטירט ניט קיין אַנדערע פרויען אויסער דיר. איך האָב נאָך קיין פרויענקערפּער ניט באַרירט זינט דעמאָלט... דו ביזט פאַר מיר הייליק. איך זע ניט קיין אַנדער פרויענגעשטאַלט, ווי נאָר דיינעם. זיץ איך בײַ מיין אַרבעטסטיש, שטיי איך בײַ די פאַבריק־מאַשינעס, צי עס איך מיין מיטיק, אָדער ליג איך אין מיין בעט, זע איך נאָר דיין געשטאַלט פאַר מיר. איך בין צעבראָכן גייס־טיק דערפון און לייד אומגעהייער אויך פיזיש פון אַזאַ לעבן. די אומ־ווויסנהייט אין אונדזערע באַציונגען און די דיסטאַנץ, די קערפּערלעכע דערוווייטערונג פייניקן מיך געוואַלטיק, און דו האָסט ניט דעם מינדעסטן ווילן צו לינדערן מיינע גייסטיקע און פיזישע ווייטיקן. אין קעגנטייל, דו מאַכסט מיר נאָך אַלץ שווערער. אָט בין איך געקומען אַהער, אין דער דערוואַרטונג, אַז דו ביזט שוין געקומען צום פאַרשטאַנד און דו רופסט מיך צו דיר. צום סוף גאָר, אַ נייע זאַך. זאָג מיר אָפן, קאַטיע, זיי פריי מיט מיר, ליבסטו מיך אָדער ליבסטו מיך מער ניט? זאָל געשען וואָס עס וויל זיך. אָבער איך מוז וויסן דעם אמת...

קאַטיע האָט ניט באַוויזן אַ וואָרט אויסצורייידן, ווי די טיר פון צימער

האָט זיך געעפנט, און עטל, האַלטנדיק איצעלען פאַרן הענטל, האָט זיך באַוויזן אין טיר.

קאַטיע האָט אַ קוק געטאָן אַף ווילין און גענומען שמייכלען. דער־נאָך האָט זי אַ דריי געטאָן איר בליק צו דער זייט פון דער טיר און גע־זאָגט:

— קומט אַריין, ליבע פרוי וואַלדמאַן, שרעקט אייך ניט, קיין פרעמ־דע מענטשן זיינען בײַ מיר ניטאָ, נאָר אייער ליבער און גוטער זון.

ווילי איז אויך נייגעריק געוואָרן, דערהערנדיק, אַז די טיר עפנט זיך ער האָט אויסגעדרייט זיין פּנים צו דער טיר און אַ שרעק איז אים באַפאַלן. ער האָט גלייך דערקענט אין דער אַריינגייענדיקער, זיין מוטער. וואָס, וואָס, צו זען זיין מוטער, אין דעם מאָמענט, וואָס ער האָט פאַרבונדן מיט קאַ־טיען אַזאַ ערנסטן געשפּרעך, האָט ער בשום אופן ניט געקענט דערוואַרטן. ער איז געוואָרן בלייך, ווי קרייד. ער האָט זיך אופגעשטעלט פון זיין פּלאַץ, געוואָלט שטעלן אַ פאַר טריט פאָרויס, אָבער זיינע פיס האָבן אים ניט געדינט. ער האָט ניט געקענט גיין. דער גאַנצער קערפּער האָט אים גע־נומען טרייסלען און ציטערן. עס איז אים פאָרגעקומען, ווי אַן עלעקטרי־שער שטראָם וואָלט דורכגעלאָפן דורך זיין קערפּער. די קני האָבן זיך אים געבויגן פון ציטעריניש. ער וואָלט אפשר געהאַט אַנידערגעפאַלן צו דער ערד, ווען ער וואָלט זיך ניט אָנגעכאַפּט אָן ברעג טיש. אַזוי האָט אַף אים געווירקט די אומדערוואַרטעטע דערשיינונג פון זיין מוטער.

עטל, אָבער, האָט שוין ניט געוואַרט. זי איז צוגעלאָפן צום זון, און אַרופגעפאַלן אים אַפן האַלדז.

— וועלוול! — האָט זי געשריען — מיין טייער קינד, מיין איינצי־קער זון, וואָס מאַכסטו? וואָסער גאָט מיר האָבן דאָס! פון טויט לעבעדיק האָט ער דיך געמאַכט! — און זי האָט אים גענומען באַדעקן מיט קושן. מיט אירע אויסגעדאַרטע הענט האָט זי אים אַרומגענומען און צוגעדריקט צו זיך. מער האָט זי קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסברענגען אין דעם מאָ־מענט. טרערן האָבן איר געשטיקט. ווילי האָט נאָר געשפּירט, ווי זי האָט איר קאָפּ אָנגעשפּאַרט אַף זיין אַקסל און געבליבעט. דערנאָך, ווי זי וואָלט זיך עפּעס דערמאָנט, האָט זי אופגעהייבן איר קאָפּ, פריי געלאָזן דעם זון,

געבאַפּט דעם צעשראָקענעם קינד, וואָס איז געשטאַנען און געקוקט אַף דער באָבען, צוגעשלעפּט אים צו וועלוועלען.

— זע, מיין זון, דאָס איז דאָך דיין קינד, דיין בלוט און פלייש. איצעלע, גיב אַ קוש דעם טאַטן דיינעם, דאָס איז דאָך דיין טאַטע, דו האָסט דאָך אים אַזוי געוואָלט זען, — האָט זי צו אים געזאָגט.

ערשט איצט, איז ווילי געקומען צו זיך. ערשט איצט האָט ער מיט אַ קלאָרן געדאַנק באַגריפן, וואָס אַרום טוט זיך.

— מאַמע... — האָט ער גענומען שטאַמלען — ווי קומסטו אַהער? פונוואַנען האָסטו זיך דאָ גענומען אַזוי פּלוצלינג? וואָס מאַכסטו? — ער האָט גענומען ווארפן זיינע אומרויקע בליקן דאָ אַף דער מוטער, דאָ אַפן קינד, ער האָט געזוכט מיט זיינע אויגן קאַטיען, געוואָלט זען, וועלכן איינדרוק עס האָט געמאַכט אַף איר די גאַנצע סצענע. אָבער זי איז שוין אין צימער ניט געווען. זי האָט געהאַלטן פאַר טאַקטיש איבערלאָזן זון און מוטער, פאָטער און קינד, אין מאָמענט פון זייער צוזאַמענטרעפן זיך אַליין. אין מאָמענט פון זייער צעטומלטקייט, האָט זי אומבאַמערקט פארלאָזן דאָס צימער.

ווען זי איז שפּעטער צוריקגעקומען אין צימער, האָט זי שוין געטראָפןביידן באַרויקט. זיי זיינען געזעסן געמיטלעך באַם טיש און עטל האָט דערציילט דעם זון אַלע אירע איבערלעבונגען פון דער גאַנצער צייט וואָס ער איז אַוועק און אַלץ, וואָס האָט פּאַסירט מיט סאָניען.

— אָט איז זי, די טייערע נשמה, — האָט עטל אויסגעשריען מיט שמחה, דערזעענדיק קאַטיען אריינגייענדיק. — ווייסטו כאָטש וואָסער טייערע נשמה דאָס איז. קענסט זיך גאָרניט פאָרשטעלן די גוטסקייט און איידלקייט פון אונדזער באַראָנעסע. ווי גוט זי איז דאָס. אַ מלאך איז זי ניט קיין קענטש. וועגן אַלץ זאָרגט זי, פון אַלץ קימערט זי זיך. וואָס פאָרט וואָלט איך געטאָן אָן איר? ווי וואָלט איך דיך געפינען אָן איר? ווילי האָט ארונטערגעלאָזן זיינע אויגן און ניט געקענט קוקן קאַטיען גלייך אין פּנים. ער האָט זיך געשעמט פאַר איר. ער האָט זיך געשעמט וואָס ער האָט פארשוויגן פון איר דאָס קינד און וואָס זי האָט אים געמוזט צוזאַמענברענגען מיט דער מוטער.

קאטיע האָט אָבער געשיקט געבראַכט די זאַך אין אָרדענונג. מיט איר ליבן שמייכעלע מיט א פּאָר פריינטלעכע ווערטער, האָבן זיי אלע אופ־געלעבט. דעם גאנצן נאָכמיטיק האָבן זיי אלע פארבראַכט אלע דריי צוזא־מען. קאַטיע האָט געטראַכט יעדע קלייניקייט. יעדן פּינטעלע האָט זי פאַר־רויסגעזען, יעדע זאַך האָט זי באוואָרנט. עס איז באשלאָסן געוואָרן, אז עטל פאָרט שוין ניט מער צוריק צו איר שטעטעלע. זי בלייבט דאָ אין מעמל. מען האָט צוערשט אפילו געפּלאַנט, אז זי זאָל פאָרן מיט ווילין אין פראנקפורט אָדער גאָר אין בערלין, ווו זי זאָל לעבן מיטן קינד. אָבער עטל האָט דאָס ניט געוואָלט. זי האָט זיך געשראָקן פאַר די גרויסע אומ־באקאנטע שטעט. דאָ אין מעמל, האָט זי געזאָגט, איז עפּעס אַנדערש. דאָ איז נאָנט צו איר היים. דאָ וועט זי אלע ווײַלע טרעפן אירע היימישע מענטשן און באקאנטע. דאָ, האָט זי נאָך א גרונט אָנגעגעבן, וועט זי כאָטש קענען דערציען איר איצעלען פאר א יידן. וואָס דאָס איז איר הויפּטזאַך. זי וויל, אז דאָס קינד זאָל אויסוואקסן צו גאָט און צו לייט. זי זעט דאָך, אז דער פאָטער האָט ניט קיין צייט דערצו. אזוי האָט עטל אויסגעדריקט איר ווילן און איז באשטאַנען אף דעם. און קאַטיע האָט איר אויך אונטערשטיצט.

עס איז געבליבן, אז ווילי וועט שיקן גענוג מיטלען זי אָנשטענדיק אויסצוהאלטן. פון צייט־צו־צייט, וועט ער זיך אליין ארויסכאַפּן אהער אף א פּאָר טעג און אכטונג געבן אף איר און קינד.

נאָך א פּאָר טעג האָט קאַטיע זיך אופגעהאלטן אין מעמל, זי האָט געהאָלפן ווילין צו באזאָרגן אלץ וואָס עס האָט זיך געפאָדערט פאר דער מוטער און זון. נאַטירלעך, בא די אומשטענדן האָט שוין ווילי ניט גע־קענט נאָכאמאָל אָנפאנגען זיין ענערגישן געשפּרעך מיט קאַטיען, וואָס זיין מוטער האָט איבערגעריסן. ער איז צוריק געפאָרן קיין פראנקפורט מיט דעם זעלביקן מיט וואָס ער איז געקומען און קאַטיע איז אָפּגעפאָרן אין איר גוט, וואָס ליגט בסך־הכל, א פּאָר שעה רייזע פון דאָרטן.



# פינפאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

צוויי חדשים זיינען שוין פאַרביי, זינט קאַטיע קאַרף פאַרברענגט אין זייערע גיטער. א דאַנק איר פּראַקטישן שכל, איר פּריינטלעכקייט און ליבשאַפט צו אַלעמען, און א דאַנק איר גוטסקייט, איז איר געלונגען צו ראַטעווען א גרויסן טייל פון זייערע גיטער און הייזער אין ריגע. די צייט איז בא איר אַוועק לויפנדיק פון איין רעגירונגס־ביוראָ צו דער אַנדערער. א גרויסן טייל צייט האָט זי פאַרבראַכט בא די שכנים, בא די באַראָנען אין מאַנטייפלס גוט. ווען אָבער זי האָט זיך געגוויטיקט אין רו און איינ־זאַמקייט, פלעגט זי פאַרברענגען אין זייער גוט אין ווייגאַדן.

פון דערהיים, פון בערלין האָט זי באַקומען גוטע בריוו. איר פאָטער איז געווען אויסעראָרדנטלעך צופרידן. ער איז שוין געווען א ראַטגעבער אין מיניסטעריום פון ווידעראויפבוי. ער האָט זיך באַטייליקט אין דער דעלעגאַציע פון ספּאַא, ווו מען האָט פאַרהאַנדלט מיט די אַליאירטע. נאָך א דערפאָלגרייכער דערפילונג פון זייער מיסיע, איז ער איצט געקומען אהיים. דער פאָטער בעט זי דורכוים קומען וואָס גיכער אהיים. ער בענקט נאָך איר און וויל זי זען.

פאַר ענדע אויגוסט האָט זי באַשלאָסן איר צוריקרייזע. א פּאָר טעג פריער נאָך, איז זי שוין געווען פאַרטיק און איז געקומען אין זייער ווייגאַנדענער גוט, צוקלייבן זיך צו דער רייזע. דעם לעצטן טאָג פאַר איר אָפּפאָרן האָט זי געוואַרט אף קורטן. ער האָט געזאָלט קומען צו איר באַ־הילפיק זיין און באַגלייטן זי שפּעטער ביז מעמל.

פאַר זיין אָנקומען האָט זי געלאָזט סערווירן דעם נאָכמיטיק־קאַפע אין זייער גאָרטנשטיבל. די טעג ווען זי האָט פאַרבראַכט בא זיך אין גוט, האָט זי ליב געהאַט צו פאַרברענגען אין דער אַלטער גאָרטנשטיבל וואָס זי האָט געלאָזט אופראַמען, אויספוצן, און אוועקשטעלן נייע מעבל. די גאָרטנשטיבל האָט זי ליב געהאַט, ווייל זי האָט איר פאַרבונדן מיט א סך

אַנגענעמע דערינערונגען פון גליקלעכע מאָמענטן אין איר לעבן. דאָ אין שטיבל האָט זי ניט איינמאָל פאַרבראַכט פריילעך און זאָרגלאָז, און טאָקע אין דער זעלביקער שטיבל, האָט זי, מיט אייניקע יאָר צוריק, זיך געוואָרפן, קען מען זאָגן, ווילין אפן האלדז און דערקלערט זיך צו אים אין ליבע.

איצט איז זי אויך אין גאָרטנשטיבל. זי וואַרט אף קורטן און טראַכט, וואָס פאַראַ שווערן שטעמפּל האָט דאָס די צייט אַרופגעלעגט אף איר לעבן זינט יענעם אָוונט. ניטאָ מער יענער לעבן, פול מיט זיסע חלומות און ראָזיקע האָפענונגען. די אומשטענדן האָבן אויסגעפאָרמט, אפשר גאַנץ אומבאַוווסטזיניקע, ניט דערוואַרטנדיק, אַ לעבן פול מיט זאָרג, אַ לעבן פון אומזיכערקייט, אַ לעבן מיט מורא פאַרן מאָרגנדיקן טאָג. דאָס לעבן פליסט איצט אין אַן אַנדער ריכטונג. עס האָט זיך אַנטוויקלט פון זיך אַליין אַ לעבנס־פּראָגראַם, פון וועלכן זי·האָט קיינמאָל ניט געחלומט, און אָט דער פּראָגראַם האָט אויסגעשמידט באַ איר אַ ווילנסקראַפט צו גיין פאָרויס, און דורכזעצן, אונטער אַלע אומשטענדן, איר ווילן.

פון ווייטנס האָט זיך געהערט טריט פון אַ רייטנדיק פערד. קורט מאַנטייפל קומט דאָס אָן, זי האָט אַ בליק געטאָן אין קליינעם שפּיגל וואָס איז געהאָנגען אפן וואַנט, אַרומגערינגלט מיט גרינע צווייגלעך און אַ האַלב פאַרוועלקט בלום, גיך האָט זי מיט איר קוואַסטאַל אַ שמיר געטאָן די באַקן און האָט זיך געײלט אַרויסצוגיין באַגעגענען קורטן. זי האָט אים געפירט אונטערן האַנט איבער די מיטלסטע אַלייע פון פּאַרק און אַריינגעפירט אין שטיבל, טרינקען צוזאַמען מיט אים איר לעצטן קאַפע, פאַרן אָפּפאָרן צוריק אין בערלין.

— נו, קאַטיע, ווי איך זע ביזטו שוין פאַרטיק, פאָרסט שוין פון אונדז אַוועק, און וואָס לאָזטו פאַר מיר? דאָס געגאַרטע וואַרט, אף וועלכן איך וואַרט שוין יאָרנלאַנג, האָב איך נאָך אַלץ פון דיר ניט געהערט. אין יענעם אומגליקלעכן שבת נאָכמיטיק, ווען מיר זיינען געוועזן ביידע אין טירגאַרטן, האָסטו מיר יאָ געגעבן אַ מאָטיוו צו האָפן, דו האָסט מיר געהייסן האָבן געדולד. איך האָב שוין געהאַט צופיל געדולד, אָבער לײדער זע איך, אַז מיין געדולד האָט מיר אויך קיין זאַך ניט געבראַכט.

— זאָג דאָס ניט, קורט, דו האָסט יאָ שוין עפּעס דערוואַרט — האָט קאַטיע צו אים געזאָגט, אַרופֿלייגנדיק איר הענטל אויף זיינע.

— יאָ, איך האָב דערוואַרט — האָט ער מיט ערגעריש אין זיין טאָן איר געענטפֿערט, — איך האָב דערוואַרט, אַז דו לאָזט מיך איבער אַליין, דו פֿאָרסט צוריק אין בערלין, דאָרטן וועסטו ווידער האָבן לעבן זיך דעם ווילי און ווייטער וועסטו ווידמען דיין צייט, דיין יוגנט און דיין לעבן פֿאַר אים און איך וועל בלייבן באַם וואַרטן.

— הער, קורט, און פֿאַרשטיי מיך גוט. איך וועל דיר דערקלערן דעם אונטערשייד אין די געפֿילן וואָס איך האָב פֿאַר אייך ביידן. איך לייקן ניט, איך האָב געליבט ווילין און אויב דו ווילסט, ליב איך אים היינט נאָך אויך. אָבער זיינע וועל איך קיינמאָל ניט קענען זיין. איך קען דאָס ניט אויס צוויי גרונטן. ערשטנס, די בלוט־דיפֿערענץ. קענסט פֿון מיר לאַכן, קורט, איך ווייס דיין אָנזיכט, כאָטש איך געהער ניט צו ראַזעבערגס מענטשן און פֿאַרדאַם זייער טעאָריע פֿון אייגענעם בלוט און ראַסנריינקייט, אָבער דער עצם־געדאַנק פֿון אַ נאַציאָנאַלער אָפּהאַלטונג געפֿין איך פּאַטריאָטיק און אויסגעהאַלטן. אָט דער אַבסורד זייערער האָט אויף מיר געווירקט. זיי האָבן אַזוי פֿיל דערפֿון גערעדט און געשריבן, אַז קעגן מיין באַוואוסטזיין, האָט דאָס אויף מיר געווירקט און געשאַפֿן אַ דיסטאַנץ צווישן מיר און ווילין און דאָס דערלאָזט מיך ניט צו זיין זיינע, אינעם זין ווי מיר דאַרפֿן דאָס פֿאַרשטיין. עס שרעקט מיר פּשוט דער געדאַנק צו לעבן מיט אים, מיט דעם פֿרעמד־בלוטיקן.

— און צווייטנס, — האָט קאַטיע געזאָגט, — קען איך ניט זיין זיינע, ווייל איך פֿאַרשטיי ליבע אויף מיין אַרט. איך האַלט, אַז ליבע איז ניט נאָר דער אויסדרוק פֿון איידעלע נשמה־געפֿילן, וואָס מיר פֿילן צו דעם וואָס מיר ליבן, ליבע איז ניט נאָר אַ באַגייסטערונג וואָס פּאָעטן דאַרפֿן באַזינגען און מער ניט. איך האַלט, אַז ליבע צווישן צוויי סעקסן, צווישן מאַן און פֿרוי, שטרעבט צו אַ געוויסן ענדפּונקט. אמת, ליבע פֿאַנגט אָן פֿון דער באַגייסטערונג פֿון אונדזערע נשמה־געפֿילן, וואָס צוויי יונגע מענטשן לעבן איבער ווען זייערע נשמות רייסן זיך צו אייגאַנדער. די געפֿילן

פון דערנענטערונג דערגרייכט בא זיי זייער הויך, ביז צו אַן עקסטאַז. דער עקסטאַז ווערט, דורך אומזעבארע עלעקטרישע פעדימלעך איבערגעטראָגן אין בלוט, ווו עס געפינט זיך אַן עראָטישער פונקט. דער עראָטישער פונקט ווערט עקזאַלטירט, קומט אין קאָנטאַקט מיט דעם נשמה־עקסטאַז, און פון אַזאַ קאָנטאַקט צינדט זיך אָן דאָס בלוט באַ זיי. עס הייבט אָן צו זידן און צו ברויזן. עס רופט און עס מאָנט. די נאַטור הויבט אָן פאָדערן דאָס איריקע, לייבער קומען אין בארירונג, קערפּערס ווערן צעהיצט. דער דער־נענטערונגס־באַגער פונעם מענטשן פאַרייניקט די קערפּערס ביז די בלוטן גיסן זיך צוזאַמען, די נשמות זייערע קרייצן זיך, ביז דער באַגערונגס־ווונטש האָט דערגרייכט צו זיין קולמינאַציע־פונקט. עס איז דערגרייכט געוואָרן דאָס צו וואָס די סעקסן האָבן געשטרעבט. דער נשמה־עקסטאַז, וואָס האָט דעם קאָנטאַקט פאַרורזאַכט, ווערט דאַמאָלט באַפרידיקט און אויסגעלאָשן.

— אָט די ליבע האָב איך ניט פאַר ווילין — האָט קאַטיע געזאָגט, — מיין באַגער צו אים וועט קיינמאָל ניט דערגרייכן צו אַזאַ עקסטאַז. איך האָב געהאַט גענוג צייט מיינע געפילן צו קאָנטראָלירן. איך האָב פריער איבערגעהויפּט ניט געקענט די ליבע, ווי איך קען זי היינט. מיר האָבן אונדז טאַקע געקענט שוין אַ לענגערע צייט. אָבער מיר האָבן זיך געזען זייער ווייניק. בלויז צוויי אָדער דריי מאָל אַ יאָר. ער איז געווען פאַרנומען מיט זיין שטודיום. ער האָט זייער פליייסיק געלערנט. איך ווי־דער, בין געווען פאַרכאַפּט מיטן סטימולירן אין אים דאָס שטודירן. מיר האָט זיך זייער געוואָלט ארויסרופן אין אים זיינע פאַרבאָרגענע פעיקייטן און באַגאַבונג, האָב איך ניט געקוקט אף אונדזער ליבע. איצט האָבן מיר ביידע שוין דערגרייכט די אָנגעמערקטע צילן, האָב איך גענומען וועגן און מעסטן אונדזער קעגנזייטיקע ליבע, אויסגעפאָרשט זי ביז אָן אפן גרונט און האָב פעסטגעשטעלט אז איך ליב אים ניט ווי אַ פרוי דאַרף ליבן אַ מאַן און אַזוי וועל איך אים קיינמאָל ניט ליבן.

— און מיין ניט, קורט, — האָט קאַטיע נאָ דאַ ווײַלע שווייגן ווײַ־טער געזאָגט, — אז איך בין אַן אויסערגעוויינלעכע פרוי. איך בין פונקט אַזוי פיל פרוי ווי אַלע אַנדערע אין מיין עלטער. איך בין איצט אין רעכטן

בליען פון מיין יוגנט. אין מיינע אדערן פליסט ניט קיין וואסער. איך האב די זעלביקע פארלאנגען ווי אלע יונגע מענטשן. די נאטור פאדערט איר טריבוט. ווען איך בין אין א געזעלשאפט פון אנדערע יונגע מענטשן, וועקט זיך דער פארלאנג בא מיר אויף. צומאל גיט עס מאמענטן גאנץ קריטישע. בין איך אבער אין זיין געזעלשאפט שלאפט איין בא מיר דער פארלאנג און עס אינטערעסירט מיר ניט. איך האב נאר איין פארלאנג דעמאלט, צו זען אים א גליקלעכן. דאס איז די דיפערענץ צווישן אייך ביידן, מיין ליבער קורט, — האט קאטיע פארענדיקט — איצט ווייסטו שוין, אז מיין ריכטיקע ליבע, מיין פרויען־ליבע געהערט נאר דיר אליין.

קורט האט איר אופמערקזאם אויסגעהערט און איז געווארן ביז גאר עמאציאנירט פון איר דערקלערונג. ער האט קיין זאך ניט געענטפערט. זיין קרעפטיקע מענער האנט האט בלויז קרעפטיק ארומגענומען איר שלאנקן קערפער און זי צוגעבויגן צו זיך. און לויט קאטיעס אויסדרוק, זיינען זייערע נשמות געקומען אין קאנטאקט. דער דערנענטערונגס־עקסטאז האט דערגרייכט זיין קולמינאציע־פונקט. די בלוטן האבן זיך אנגעצונדן. הענט האבן זיך געקלאמערט. לייבער האבן זיך צעהיצט. ליפן האבן זיך איינגעזויגן, און ווי א קוואל וואס האט אקארשט דורכגעלעכערט די ערד און שיסט אין דער הויך מיט זיין גאנצער אומבארירטער קראפט, אזוי האט זיך געעפנט דער קוואל פון ליידנשאפט בא קאטיען, וואס איז געווען יארנלאנג איינגעצוימט און דערשטיקט. מיטן גאנצן כוח פון איר ברויזנדן בלוט האט זי ארומגעכאפט קורטן און שטיל געפליסטערט: — נעם מיך, נעם מיך, שאץ מיינער, איך בין אינגאנצן דייניע. — און קורט האט אופגעהייבן איר צארטן צאפלדיקן קערפער, אוועקגעלייגט זי אף דער סאפקע וואס איז דארטן געשטאנען און... אין דער זעלביקער שטיבל, וואס קאטיע האט מיט זעקס יאר צוריק אויסגעדריקט איר ליבע צו ווילין בלויז אין ווערטער, האט זי אף דעם זעלביקן פלאץ דאס אויסגעדריקט צו קורטן מיט מעשים. זי איז געווארן זיינע.

קורט איז געשטאנען אין טיר פון גארטנשטיבל, מיטן רוקן אויסגעדרייט צו קאטיען, געבנדיק איר די מעגלעכקייט צו ברענגען אין ארדענונג איר צעקנייטשטע געווארענעם טואלעט. ווען זי איז פארטיק געווארן,

איז זי שטיל צוגעגאנגען צו אים און פון הינטן ארופגעלייגט איר הענטל אַף זיין ברייטן אַקסל.

— וואָס טראַכסטו איצט? — האָט זי אים נאָך מיט אַ צערויטלטן פּנים געפרעגט. — ביזטו נאָך אַלץ ניט זיכער מיט מיר?

— אָ... יאָ... — האָט ער זיך אויסדרייענדיק געזאָגט. — איך קלער בלויז, ווי דער לעבן איז פול מיט סורפריזן. דער גליק קומט אָפט גאַנץ אומגעריכט. די גליקלעכע מינוטן, וואָס מיר האָבן נאָר וואָס איבערגעלעבט זיינען געווען פאַר מיר אַן איבעראַשונג. דער געניוס פון אונדזער ליבע איז געווען פאַר מיר, ווי אַ זיסער חלום. איך פרעג מיך, פאַרוואָס האָבן מיר דאָס געמוזט געניסן אַף אַזאַ ווולגאַרן אופן, פּונקט, ווי אַן איינפאַכער דאַרפסיונג מיט אַ מיידל פון זיין גלייכן, וואָס זיי געניסן פון ליבע, ווען און וווּ און עס לאָזט זיך? פאַרוואָס האָבן מיר ניט געקענט דאָס טאָן אין די אויגן פון דער גאַנצער וועלט, און מיט ווירדע טרינקען פון בעכער פון אונדזער ליבע? אונדזער גליק האָט געדאַרפט אויסגעשריען ווערן פון אונדזערע ווענט. מיר האָבן געדאַרפט מיט שטאָלץ שרייען דער וועלט אין פּנים, אַז מיר ליבן זיך און מיר זיינען די גליקלעכסטע מענטשן אונטער דערזון. פאַרוואָס זאָלן מיר נאָך מוזן פאַרשווייגן אונדזער גליק?

— דו ביזט אַביסל צו קאָנסערוואַטיוו, מיין ליבער, — האָט קאַטיע, זיך אָנשפּאַרנדיק אָן זיין שולטער געזאָגט. — די מאָדערנע נאָך מלחמה־וועלט האָט דעם פּראָבלעם פאַריינפאַכט. מען באַפרידיקט די דאָזיקע נאַטור־פאָדערונג איינפאַך, ווי און וווּ עס קומט אונטער דער האַנט. דאָס איז אַ פּראָדוקט פון דער דעמאָראַליזאַציע, וואָס די וועלט־צעטרייסלונג האָט מיטגעבראַכט מיט זיך, אַ דאַנק דער מלחמה. נעם ניט די זאַך אַזוי ערנסט. קלער ניט דעריבער. דאָס וועט זיין געזינטער. מיט דער צייט וועלן מיר גע־ניסן אונדזער ליבע ניט באַהאַלטענערהייט. פאַר אַלעמען אין די אויגן. אָבער איצט טאָרן מיר נאָך ניט אויסשרייען אַלעמען פון אונדזער גליק. איך האָב נאָך צו פאַרענדיקן אַ ווערק, וואָס איך האָב אָנגעפאַנגען... איך האָף דאָס גאָר איינגיכן צו פאַרענדיקן. איך האָב פאַרורזאַכט מענטשן שלעכטעס און מוז דאָס צוריק גוטמאַכן. דעמאָלט, קורט, וועלן מיר מיט שטאָלץ באַקאַנט מאַכן אַלעמען אונדזער ליבע.

— שטענדיק, קאַטיע, האָסטו וואָס צו טאָן, וואָס צו שאַפן, אַלץ פאַר אַנדערע: צייט, ליבע, גליק. ווען וועסטו וואָס טאָן פאַר זיך?

— דאָס איז אַ נייע אַנטדעקונג, וואָס איך האָב אין מיר אויסגעפונען. איך האָב אַן אינעווייניקסטן דראַנג צו טאָן עפּעס שיינעס און גוטעס. דאָס איז, אויב דו ווילסט, אַ פאַרגיטיקונג פאַר דעם אַבסורד פון דער דייטשער בלוטריינקייט, וואָס האָט זיך אין מיר איינגעוואָרצלט — האָט קאַטיע פאַרענדיקט.

## זעקסאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

אַז קאַטיע איז דורכגעפאָרן מעמעל, אַף איר צוריקרייזע קיין בערלין, איז די ערשטע זאַך אירע געווען לויפן באַזוכן די אַלטע עטלען. אַ קוק טאָן, ווי זי לעבט, וואָס זי מאַכט, אויסגעקושט דעם קליינעם איצעלען. געגעבן אים די אַלע ווערטפולע מתנות, וואָס זי האָט איינגעקויפט. ערשט דערנאָך האָט זי באַזאָרגט אירע רייזע פּאַפּירן אין דער קאָמענדאַנטור און איז געפאָרן ווייטער.

אין דער היים איז זי אָנגעקומען אין זייער אַ געהייבענער שטימונג. זי איז געווען אויסעראָרדנטלעך פריילעך, אופגעלייגט און לוסטיק. עס האָט געוויעט פון איר גאַנצן וועזן צופרידנקייט, גליק און לוסטיקייט. איר פריילעכקייט האָט אַפילו געצויגן די אופמערקזאַמקייט פון איר מוטער.

— דו האָסט געמוזט האָבן אַ גוטע רייזע און דו האָסט, ווי עס שיינט, זייער גוט פאַרבראַכט, אַז דו ביזט אַזוי פריילעך און גוט געשטימט, — האָט די מוטער צו איר געזאָגט.

— יאָ, מאַמאַ, — איך האָב אויסגעצייכנט פאַרבראַכט און זייער אַן אַנגענעמע רייזע האָב איך געהאַט. איך וועל די רייזע געדענקען מיין לעבן לאַנג, אַזוי אַנגענעם איז זי מיר.

אינאווגט האבן זיך פארזאמלט בא די קארפס אייניקע פריינט זייערע און אלטע באקאנטע. נאטירלעך, האט דארטן ניט אויסגעפעלט אלפרעד ראזענבערג אויך. די טעמע פון געשפרעך איז געווען, ווי תמיד, פאליטיק. מען האט קאמענטירט די באשטימונג פון ראטענוי פאר דעם אויסערנמיניסטער פון דייטשן רייך.

— דאס איז א חרפה פאר דייטשלאנד —האט ראזענבערג זיך געהיצט און געשריען. — דער ייד וועט פארקויפן דייטשלאנד! ער וועט אונדז אלעמען פאראטן צו די קאמוניסטן. מיר טארן ניט דערלאזן אזא שאנדע. מיר מוזן ראטעווען דייטשלאנד פון די יידישע הענט, — האט ער געשריען.

— איך צווייפל, הער ראזענבערג — האט דער באראן באמערקט — אויב אייערע מעטאדן צו ראטעווען דייטשלאנד זיינען די ריכטיקע. מיר וועלן גארניט מאכן מיט נייע רעוואלוציעס. מיר מוזן רויק און געלאסן האנדלען, וועט מען ווי ניט איז ארויספירן דאס לאנד פון דעם כאאס, וואס יענע רעוואלוציע האט אריינגעבראכט. וואס איז שייך, דעם יידישן מיניסטער, מוז איך מודה זיין, איך בין געווען מיט אים צוזאמען אין ספאא באם פארהאנדלען מיט די אליאירטע. ער איז א גענעיאלער און ווייטזיכטיקער קלוגער פאליטיקער. זיין פעיקייט איז ניט אפצושאצן. ער איז דער ריכטיקער מאן אף זיין פלאץ.

— אבער ער איז דאך א ייד — האט ראזענבערג זיך געערגערט און געקלאפט אין טיש. — מיר טארן ניט דערלאזן, אז יידן זאלן האבן אן איינפלוס אף אונדזער פאליטישן און עקאנאמישן לעבן.

— עס וועט דיר גארניט העלפן, — האט זיך אריינגעמישט ראזענבערגס נייער בוזעם־פריינט, קאפיטאן געראַרד. — מיר וועלן מוזן אנווענדן טעראר צו דער יידישער רעגירונג. אויסמארדן זיי ווי הינט, און ניט זיי אליין, נאר אלע זייערע מיטהעלפער מוז מען אויך עלימינירן. אנדערש וועלן מיר פון זיי ניט פריי ווערן.

דער ציניש‌ער, חוצפהדיקער און אומפארשעמטער ארויסטריט פון דעם אייביק פארשיכורטן קאפיטאן, האט אופגערעגט קאטיען ביז גאר.

זי האָט מער שוין ניט געקענט שווייגן, כאָטש זי פֿלעגט זיך זייער ווייניק באַטייליקן אין זייערע פּאָליטישע דיסקוסיעס.

— וואָס טוט זיך דאָ?! — האָט זי מיט אויגן, וואָס האָבן געברענט פֿון צאָרן אויסגעשריען — נאָר איר רעדט פֿון טעראָר און מאָרד. נאָר איר פּאַנטאַזירט פֿון ברוטאַליטעט און געוואַלט. איז דאָס דורכויס אַזאַ פּראָגראַם אײַערע? דורך אַקטיווע און לאָיאַלע מיטאַרבעט, ווילט איר ניט העלפֿן ברענגען אָרדענונג אין לאַנד. ווי די פּחדנים מאַכט איר נאָר מיט אײַערע פֿויסטן פֿון באַהאַלטענע ווינקעלעך. אויב אַזוי, אויב איר ווילט אופֿבויען אַ נײַע דײַטשלאַנד דורך אַזעלכע מעטאָדן און איר שעמט זיך ניט נאָך אָנצורופֿן, דאָס נײַע דײַטשלאַנד, אַן אַרישע, ריינע, פֿולבלוטי־קע דײַטשלאַנד! איר ווילט אײַער נײַע גרויסע און מעכטיקע דײַטשלאַנד אופֿבויען אַף טײַכן בלוט און בערג פֿון לײַכעס, עקלט מיר פֿון אַזאַ דײַ־טשלאַנד און פֿון אירע בויער. איך בין אויך אַ דײַטשקע — האָט זי צו־געגעבן. — איך שטרעב אויך, אַז אַלע דײַטשן זאָלן זײַן צוזאַמען. איך האַלט אויך אַזוי, פּונקט, ווי איר, אַז מען מוז אָפּהיטן דאָס ריינע דײַטשע בלוט. יעדע נאַציע מוז האַלטן איר בלוט ריין. אָבער ניט מיט די פֿון אײַך געפּלאַנעוועטע מעטאָדן. אַזאַ דײַטשלאַנד, אָנשטאָט זי זאָל גרויס ווערן, וועט זייער נידעריק פֿאַלן.

— עס פֿרייט מיר, באַראָנעסע, — האָט ראָזענבערג געזאָגט, — אַז איר אָנערקענט שוין אונדזער שטאַנדפּונקט, אַז מען מוז אָפּהיטן דאָס דײַטשע בלוט... אָבער אַנדערש קענען מיר דאָס ניט פֿאַרווירקלעכן, ווי דורך טעראָר. דאָס איז אומפֿאַרמײַדלעך פֿאַר אונדז. און טאַקע, אין דער ערשטער ריי, איבער די ייִדן. זיי מוזן אומבאַדינגט פֿאַרטיליקט ווערן. דאָס מוז געטאָן ווערן, אויב מיר ווילן געווינען די מאַסן. אַ פֿאָלקסמאַסע איז ווי אַן אומגעצוימטע חיה, מען קען זי נאָר דאַמאָלט פֿאַרלאָקן, ווען מען וואַרפֿט איר צו אַ שטיקל רויע פֿלייש... די ייִדן זײַנען דער פֿאַרלאָ־קונגס־מיטל פֿאַר דער חיה־מאַסע און דאָס מוזן מיר האָבן.

— איר זעט, אָקאָרשט, — האָט באַמערקט איינער פֿון די געסט, — אַז די ייִדן זאָלן אײַך פֿריער ניט פֿאַרטיליקן. איינפֿאַך דערפֿאַר, ווײַל זיי זײַנען פֿעיקער, ווי איר. אָט האָט מיר דערציילט מײַנער אַ פֿרײַנט, דער

אינזשעניער פאסס, האָט געענדיקט די פראַנקפורטער טעכנישע הויכשו־לע און גייט אַרום אָן באַשעפטיקונג, בעת זיין יידישער חבר, טאַקע דער פּראָטעזשע פון באַראָן, האָט שוין אַ הויכן פּאָסטן אין דער אַעגע... ווען מיין פריינט האָט וועגן דעם באַמערקט אין אַ געשפּרעך דעם הויפּטדירעק־טאָר, האָט יענער פשוט און פּראָסט געענטפערט, אַז יענער איז פעיקער פון אייך, האָבן מיר אים אָנגעשטעלט.

— אַהאַ, זעסטו, בין איך ניט גערעכט? — האָט טריומפירנדיק באַ־מערקט ראָזענבערג. עס שאַדט ניט, לאַנג וועלן מיר פון זיי ניט ליידן. די צאָל פון אונדזערע אָנהענגער וואַקסט פון טאָג. די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטי־שע פּאַרטיי ציילט שוין אין די טויזנטער אירע מיטגלידער. דער טאָג פון אונדזער טריומף וועט גאָר גיך קומען.

ווען די געזעלשאַפט האָט פאַרלאָזן דאָס הויז, האָט דער באַראָן זיך אָפּגערופן צו דער טאָכטער:

— מיינסט, אַז די יונגע זיינען ניט גערעכט? שוין צופיל האָבן יידן גענומען הערשן איבער דייטשלאַנד. אָט גיב אַ קוק אויף מיר. איך בין אַ מענטש פון אַ הויכן ראַנג, מיין לעבן לאַנג פאַרנומען הויכע אַמטן אין מלוכהדינסט. בין געווען באַשטימט אויך דאָ צו פאַרנעמען אַזעלכע אַמ־טן, מוז איך זיין אונטערוואָרפן אונטער אַ יידישן שעף... איז דאָס ניט פאַרדריסלעך?

— דו האָסט ניט קיין רעכט אַזוי צו דענקען, פּאַפּאַ, — האָט קאַטיע געענטפערט. — סך הכל, וואָס האָסטו געטאָן פאַר דייטשלאַנד? גאָרניט. וואָס דו האָסטו געהאָלפן מיט וואַרשע, נעם ניט פאַר אומגוט, דאָס איז דאָך געווען ניט לאָיאַל און אומקאָרעקט פון דיר. אויב מען האָט דיך באַ־שטימט בא ראַטענוי אין מיניסטעריום, האָסטו דאָס צו פאַרדאַנקען גאָר ווילין. ער האָט דיר געוואָלט מיט עפּעס פאַרגיטיקן פאַר דיינע הילף צו אים. ווען ניט ער, וואָלט זיך קיינער אויף דיר ניט אומגעזען. מוזטו זיין איצט לאָיאַל און דאַנקבאַר.

— בכלל, פּאַפּאַ, — האָט זי ווייטער גערעדט — מוזטו נעמען אין אַכט, אַז דיין אַרט דענקען געהער צום אַלטן סיסטעם פון אָפּגעלעבטן רעזשים, וואָס איז שוין אויף אַלע מאָל פאַרשוווּנדן. מיר מוזן איצט אַנ־

דערש דענקען. אויב מיר גלויבן, אַז מיר האָבן דאָס רעכט צו פאַרלאַנגען פון אונדזערע מיטמענטשן רעספּעקט, קאָרעקטקייט און דאַנקבאַרקייט, האָבן מיר די פליכט דאָס אַליין אויך צו טאָן. אין דער מאָדערנער געזעל־שאַפט גיט עס ניט רעכט אָן פליכטן.

— ווי איך זע, קאַטיע, — האָט דער באַראָן אַ פאַרשעמטער באַ־מערקט דער טאָכטער — ביזטו שוין געוואָרן אַ גאַנצע פילאָזאָפקע. פונ־וואַנען נעמט זיך דאָס בא דיר? איז דאָס ניט אַמאָל די השפעה פון דיין ווילי? פילט זיך ניט אין דיינע רייד דער יידישער איינפלוס?

— און אויב יאָ, פּאַפּאַ? אויב אַזעלכע געדאַנקען קומען צו אַ מענ־טשן אַ דאַנק דעם יידישן איינפלוס, געפין איך גאָרניט אַזוי שלעכט אַזאַ זאַך. אָבער שרעק דיך ניט. מיך האָט קיינער ניט באיינפלוסט. איך לערן בלויז פליסיק די לעקציעס, וואָס דאָס לעבן גיט מיר, און באַהאַלט גוט דעם מוסר השכל פון די לעקציעס. איר אָבער, זייט שוין, ווי עס שיינט, צו אַלט צו באַנעמען די לערע, וואָס די צייט האָט געבראַכט. אָט דער פאַקט זעצט אייך אַרויס פון די נאָרמאַלע רעלסן איבער וועלכע עס דאַרף לויפן אייער לעבנסבאַן. אגב, פּאַפּאַ, וועל איך דיר נאָך וואָס זאָגן. מיר שרעקט מיין האַרץ איבער דיר. דו האָסט געהערט, וואָס דער שופט האָט געזאָגט, און דו גיסט נאָך זיי געדעכט. ער האָט געזאָגט, אַז מען מוז אויס־ראָטן אויך די, וואָס אַרבעטן מיט און העלפן דער איצטיקער רעגירונג. זיי פאָרזיכטיק, ליבער פּאַפּאַ.

— נאַרישקייטן, קאַטיע, — האָט דער באַראָן געענטפערט. — קיי־נער חוץ זיי ווייסט ניט, אַז דער נייער ראַטגעבער פון מיניסטעריום, שעף פון רוסישן אָפּטייל, ווילהעלם וואַרטענבערג, איז אידענטיש מיט באַראָן קאַרף. קיינער, אויסער זיי, וועט עס אויך ווייטער ניט וויסן. זיי זיינען אייגענע חברה, פאַר זיי איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבן. ז

די צייט איז דערווייל געלאָפן. עס איז געוואָרן ווינטער. מען האָט אין בערלין שטאַרק געשמועסט, אַז דער נייער אויסערנמיניסטער ראַטענ־נוי, פּלאַנט אַ צוזאַמענקום מיט די רוסן און וויל האָבן מיט זיי אַ דירעקט־טע אונטעררייידונג, אויב מעגלעך, אויך אַן אָפיציעלע קאָנפערענץ, בנוגע

אַלע פּראָבלעמען, וואָס די ביידע מלוכות דאַרפן לייזן. ראַטענוי וויל דורכ־
אויס זיך צוזאַמענריידן מיט די נייע רוסישע רעגירער.
און די קלאַנגען האָבן זיך פולשטענדיק באַשטעטיקט. דער צוזאַמענ־
קום מיט די סאָוויעטישע פאָרשטייער איז שוין געוואָרן אַ פאַקט, עס איז
שוין אַפילו באַשטימט געוואָרן דער אָרט, וווּ מען זאָל זיך טרעפן. ראַפּאַ־
לאָ, די שיינע איטאַליענישע שטעטל איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס אָרט
פאַר דער באַפאָרשטייענדיקער קאָנפערענץ צווישן די דייטשן און רוסן.

## זיבנאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

אין מיטן ווינטער, האָט קאַטיע דערהאַלטן אַ פרייליכן בריוו פון
ווילין. ער זאָגט איר אָן די שמחה, אַז ער, אין דערשפּיץ פון אַ גרופּע מע־
כאַניקער פון דער פאַבריק, האָט באַקומען דעם אויפטראַג צו פאָרן אין
ליטע, אין דער הויפּטשטאָט אירער, קאָוונע. זיי וועלן דאָרטן אינסטאַלירן
אַ נייע עלעקטרישע צענטראַלע, וואָס די ליטווישע רעגירונג האָט בא זיי
באַשטעלט. ער שרייבט, אַז ער וועט אויסנוצן די געלעגנהייט און וועט
באַזוכן זיין מוטער אין מעמעל אַזוי אָפּט, ווי דער גאַנג פון דער אַרבעט
וועט דאָס אים דערלויבן. ווען ער וועט האָבן פאַרענדיקט זיין אַרבעט,
וועט ער אַריינפאָרן אין בערלין. ער דריקט אויס זיין האָפענונג, אַז צו
יענער צייט וועט ער שוין האָבן דאָס גליק, צו הערן פון איר מויל, די
ווערטער, נאָך וועלכע ער בענקט אַזוי שטאַרק, שוין זייט זיבן יאָר באַלד.
שוין זיבן יאָר זייגען פאַרלאָפן, זינט וועלוול וואַלדמאַן האָט זיך
דערווייטערט פון זיין היים. די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין
דייטשלאַנד איז דאָס געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער האָט געהאַט די
געלעגנהייט צו זען פון דער נאָנט אַ יידישע סביבה. ער האָט דערזען אין
קאָוונע אַ נייעם יידישן לעבן, אַ לעבן פון אַ געאָרדנטער יידישער געזעל־

שאַפט. ער האָט געקוקט מיט פאַרחידושטע אויגן אַף אַלץ, וואָס עס טוט זיך דאָרטן. מיטן פולן ברוסט האָט ער געשלונגען די אומגעבונג, פון וועלכער ער האָט אַזויפיל פאַנטאַזירט אין זיין יוגנט. ער האָט צוגעזען, ווי דער נייער יידישער לעבן שפרודלט דאָרטן מיט זיין גאַנצן קראַפט. ער האָט צוגעזען מיט זיינע אייגענע אויגן די אָפּשפיגלונג פון אַ לעבן אין וועלכן ער איז געוואַקסן און דערצויגן געוואָרן. ער וואָלט זיך צוגעכאַפּט צוריק צו דעם לעבן, ווי אַ דורשטיקער כאַפּט זיך צו צו אַביסל קאַלט וואַסער אין אַ הייסן זומערדיקן טאָג. ווען ניט זיינע חברים, וואָס זיינען געווען דאָרטן מיט אים, אין דער שטיל, זיינע חברים זאָלן ניט מערקן, האָט ער זיך צוגעכאַפּט צו די יידישע צייטונגען און זשורנאַלן, וואָס ער האָט דאָרטן געפונען. ער איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם ברענענדיקן טאָן מיט וועלכע די צייטונגען האָבן דיסקוטירט און פּאָלעמיזירט פאַרשיידענע יידישע פּראָבלעמען און אַקטועלע פראַגן. אַלץ האָט אים געוואַלטיק פאַרינטערעסירט. ער וואָלט זיך אַריינגעוואָרפן אין דעם שטאַרקן לעבנסשטראָם פון דער יידישער געזעלשאַפט און וואָלטן דאָרטן געשווומען פונקט, ווי ער שווימט אין אַן אמתן טייך־שטראָם. אָבער... קאַטיעס געשטאַלט האָט געשוועבט פאַר זיינע אויגן. ער האָט זיך געשראָקן פאַר אָט דער געשטאַלט. וואָס וועט זי זאָגן, אַז זי וועט זיך דערוויסן פון זיין דערנענטערונג צו יידן? זי איז שוין אַזוי אויך אומצופרידן מיט זיין יידישקייט. מער פעלט אים ניט. עס האָט אים געקאָסט איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונג צו בלייבן פונדערווייטנס פון אַזאַ אינטערעסאַנטן יידישן לעבן, וואָס ער האָט צוגעזען. אַ קליינינקייט, אַן אָפיציעלער יידישער נאַציאָנאַלראַט, אַ יידישער מיניסטער מיט אַ שטאַב יידישע באַאַמטע, וואָס ריידן און אַקטוירן אין יידיש. עס האָט אים געקאָסט געוואַלטיקע אָנשטרענגונגען אין די קרייזן וווּ ער איז געקומען אין באַרירונג, צו פאַרשווייגן זיין יידישקייט און זיין שטאַרקן בענקען צו דעם יידישן לעבן.

מיטאַמאָל האָט אים באַהערשט אַ געהיימער כח, אַן אינעווייניקסטער דראַנג האָט אים געטריבן, עס האָט אים געשטויסן, מיט געוואַלט געשלעפּט דאָרטן פונוואַנען ער האָט זיך אַזוי אָנשטרענגענדיק געזוכט צו דערווייטערן. כאָטש אַ פּאָר טעג האָט זיך אים געוואָלט פאַרברענגען אין אַ

ריינער יידישער אטמאָספערע. שלינגען די לופט פון אַ יידישער סביבה. זיין הארץ זאָל כאָטש איין שעה שלאָגן אין טאקט מיט אַלע יידישע הער־צער.

עס האָט זיך דערנענטערט פסח־צייט. מער האָט ער שוין קיין כח ניט געהאט זיך קעגנשטעלן דעם דראנג זיינעם, וואָס האָט זיך פּלוצלינג בא אים דערוואכט. ער האָט געשריבן אַ בריוול צו זיין מוטער אין מעמעל, אַז ער וועט קומען צו איר אַף פּסח, פאַרברענגען צוזאמען מיט איר אַ פּאָר טעג און אַ קוק טאָן אַפן קינד. אגב, וועט ער זיך בא איר אָפּרוען אַביסל פון זיין אָנגעשטרענגטער אַרבעט.

עטל, דערהאלטנדיק דאָס בריוול, איז אַזש אופגעשפּרונגען פון שמחה און גליק. וויפל טרערן איך האָב דאָס פאַרגאָסן, האָט זי געטראַכט, וואָס מיין קינד איז אַזוי דערווייטערט פון יידישקייט. וויפל איך האָב דאָס דער־פון געליטן. אָבער דער זכות פון אים, ער זאָל זיך דאָרטן מיען, איז מסתמא, געווען גענוג גרויס. ער'האָט אים לעבעדיק געמאכט און ער ברענגט אים צוריק צו זיין פאָלק. יאָ, מיין וועלוול איז געווען אַ גוטער ייד און וועט דאָס בלייבן אויך ווייטער. קיין טייוול וועט ניט זיין בכוח אים אָפּצורייסן פון יידן, אַפילו ניט די באַראָנעסע קארף. גאָט צו דאנ־קען, האָט זי אופהייבנדיק די אויגן געזאָגט, באשערט צו האָבן אַביסל נחת פון אים.

ווילי האָט שטארק הנאה געהאט פון זיין באשלוס וואָס ער האָט גע־פאסט צו פאַרברענגען אַ פּאָר טעג פּסח בא זיין מוטער. אין פאָרויס האָט ער שוין גענומען טראכטן און פאנטאזירן, ווי זיין מאמע וועט אים דאָס אופנעמען, ווי זי וועט זיך דאָס פרייען מיט אים. וועלכע מאכלים זי וועט דאָס צוגרייטן אַף יום טוב. שוין אַ צייט האָט ער דאָס ניט געגעסן. ווי ער וועט דאָס געמיטלעך פאַרברענגען מיטן קינד די פּאָר טעג. היינט וואָסער שמחה דאָס וועט זיין פאר דער מוטער. זאָל זי זיך טאַקע אַביסל פרייען, האָט ער צו זיך געזאָגט, זי איז דאָס ווערט. זאָל זי האָבן כאָטש אַף דער עלטער אַ קאַפּ נחת פון מיר. וויניק האָט זי זיך אויסגעליטן פון מיר? קנאַפּ צער האָט זי געהאט פון דער גאנצער געשיכטע מיינער?

און טשיקאווע. דאָס מאָל איז דער באשלוס געווען בא אים אייזנ־

פעסט. קיינמאָל טרעפט דאָס גאָרניט מיט אים. דאָס רוב קען ער צוליב א קלייניקייט ענדערן זיין באשלוס. אָבער איצט האָט ער זיך געקלאָ־מערט אָן דעם געדאנק מיט זיין גאנצן כוח. אפילו א טעלעגראַם וואָס ער האָט דערהאלטן פּערזענלעך פון ראַטענוי, אַז ער האָט אים פאַרעכנט צו דער דעלעגאציע וואָס וועט פארהאנדלען מיט די רוסן, ער זאָל באלד קומען, אויב נאָר די ארבעט דערלויבט אים, האָט אויך ניט געענדערט זיין באשלוס. ניט איין מאָמענט האָט ער געקווענקלט. ער האָט תיכף טעלעגראַפירט, אַז לײַדער איז די ארבעט אין אזא סטאדיע, וואָס דער־לויבט אים ניט אָפּצופאָרן און האָט זיך קאטעגאָריש אָפּגעזאָגט פון דער דעלעגאציע. די מאמע איז בילכער, האָט ער געזאָגט צו זיך אליין. דאָס בעפאָרשטייענדיקע פארברענגען מיט דער מאמען און מיטן זון, איז בא אים געווען א הייליקער אידעאַל. אפילו קאטיען, פון וועלכער צד ער האָט קיינמאָל ניט געהאט קיין סודות, האָט ער אויך ניט געשריבן, אַז ער פאָרט צו דער מאמען אַף פּסח.

דעם זעלביקן אַף דער נאכט, ווען ווילי האָט אָפּגעשיקט די טעלע־גראַם, אַז ער וויל ניט פאָרן מיט דער דעלעגאציע, איז באראָן קארף, אַלא פאָן װארטענבערג, געקומען אהיים פון מיניסטעריום אין זייער א פריי־לעכער שטימונג.

— איר וױיסט, — האָט ער זיך אָפּגערופן צו זיין פרוי און טאָכטער. ווילי פאָרט דאָך קיין ראפאללא. ער איז איינגעשלאָסן אין דער ליסטע פון די דעלעגאטן אלס טעכנישער ראטגעבער. נאט זעט, אָט האָב איך געבראכט די ליסטע. היינט האָט מען דאָס צוזאמענגעשטעלט. מען האָט אים שוין דערפון טעלעגראַפירט. איר דארפט אים איבערמאָרגן דערווארטן, ער וועט קומען אין בערלין.

א פאפא, ווי איך פריי מיך פאר אים, — האָט קאטיע געזאָגט. — דער מאַן וואקסט פון מינוט צו מינוט און ער איז דאָס אויך ווערט. ער איז א טיכטיקער און פלייסיקער אינזשיניער. דאָס האָב איך שוין געהערט פון פילע וואָס קומען מיט אים אין בארירונג.

— קאטיע, — האָט זיך פלוצלינג אָפּגערופן די מוטער. — איצט ווען ווילי וועט צוריקקומען פון ראפאללא, זאָלסטו זיך אָפיציעל מיט אים

פארלאָבן און גלייך חתונה האָבן. וואָס וואַרטסטו אַזוי לאַנג? איך פאַר־שטיי ניט וואָס דו ציסט אַזוי אין דער לענג מיט דער חתונה. ער איז דאָס אַזאַ אויסגעצייכנטער יונגערמאַן, אַרבעטסזאַם, פעיק ניט קיין שאַרלאַ־טאַן, ניט קיין שיכור. ווו וועסטו היינט געפינען אַזאַ פּרעכטיקן מאַן ווי ער? צווישן דיינע דייטשן געווים ניט. אויסערדעם ליידט ער שטאַרק דער־פון. ער ווערט אויסגעצערט פון בענקשאַפט נאָך דיר. ער ליבט דיך אויס־סיגעוויינטלעך און דו ליבסט דאָך אים אויך, טאָ צו וואָס איז דאָס וואַרטן?

— מאמא, — איך ווער אביסל אייפערזיכטיק אַף דיר, — האָט קאַטיע מיט אַ שמייכל געענטפערט, — איך הער דאָס צום ערשטן מאָל, אַז דו זאָלסט אַזוי ליבן ווילין. אָבער בּאַ מיין בעסטן ווילן קען איך נאָך ניט חתונה האָבן. איך מוז נאָך וואַרטן. איך האָב עפּעס פאַרטראַכט אַ זאַך וואָס איך מוז דאָס אויספירן. וועל איך דאָס האָבן פאַרענדיקט, דעמאָלסט, יאָ, דעמאָלט האָב איך חתונה איינס און צוויי. דאָס איז בּאַ מיר פעסט באַשלאָסן.

— קאַטיע איז גערעכט, — האָט דער באַראָן זיך אריינגעמישט — זי מוז די זאַך גוט איבערלייגן. ער איז טאַקע אַגוטער און וווילער יונ־גערמאַן. איך האָב צו אים גאָרניט, אָבער דאָך אַ ייד. ווער ווייסט וואָס די צייט קען נאָך ברענגען? זיי, די חברה, די ראָזענבערגס, האָבן זיך שוין אָנגעטאָן ברוינע העמדלעך און צוזאַמען מיט זייער מאַניאַק און פאַנטאַזיאָר וואָס זיי האָבן ערגעץ אויסגעפונען, ווערן פון טאָג צו טאָג חוצפה׳דיקער און צודרינגלעכער. זיי וועלן ניט דערלאָזן אַזוי לייכט, אַז קאַטיע זאָל הייראַטן אַ יידן.

— קוואַטש מיט דיינע דייטשן, — האָט די באַראָנין זיך אַ בייזער געטאָן אַף איר מאַן. — יידן זיינען אַלעמאָל געווען און וועלן זיין. איך זע ניט אַיין וואָסער שלעכטס זיי טוען דיר. דייטשלאַנד וועט די יידן ניט אומברענגען גיכער וועט זי אַליין אומגעבראַכט ווערן. אַף ראָזענבערגן צו להכעיס דאַרף קאַטיע גראַד הייראַטן ווילין.

— שאַ, שאַרלאַטע, ניט כדאי זיך צו אַמפּערן איבער אַזעלכע נאַ־רישקייטן — האָט דער באַראָן נאָכגעגעבן. פון מיינטוועגן זאָל זי.

אף א צווייטן פלאץ אין בערלין האָט מען אויך געהאלטן א קאָפּיע פון דער ליסטע ווו די נעמען פון דער דעלעגאציע איז געווען אויסגע־רעכנט און מען האָט שטארק און פארביסן קאָמענטירט.

דאָס איז געווען אין דער רעדאקציע פון „פעלקישן באָאבאכטער", בא ראָזענבערגן אין פריוואטן קאבינעט. דאָרטן זיינען געזעסן אייניקע אייגענע מענטשן, צווישן זיי קאפּיטאן גערארד, דער ספּעציאליסט אָפּצוראמען פון וועג וועמען מען דארף. זיינע ביידע געטרייע מיטהעלפער, פישער און האָרן, טאקע די וואָס האָבן שפּעטער דערמאָרדעט דעם מיניסטער ראטענוי. דער צוריקגעקומענער פון שוועדן, הערמאן גערינג, וואָס האָט דאָרטן פּראָוואָצירט א סקאַנדאל וועגן א פרוי, און דער באַקאַנטער דעגענעראַט אין בערלין, קאַפּיטאַן רעהם.

— אלזאָ, האָט ראָזענבערג געזאָגט, — ער פאָרט דאָך מיט דער דעלעגאציע. אַזאַ שאנדע, אזא חרפּה, א פרעמדער ייד. אן אויסוואורף, א געוועזענער שפּיאָן, וועט ער גאָר פאָרשטייער פון דייטשן רייך און העלפט דעם לומפּ ראטענוי פארשאכערן דייטשלאנד צו די קאָמוניסטן. נקמה! דאָס איז דער איינציקער ענטפער וואָס מיר קענען אים געבן. ראַכע אָן די פארשאָלטענע יידן. אָפּראמען זיי פון וועג אָן רחמנות, אָן ריקזיכט, — האָט ער א בייזער און פארכליניעטער, גענומען קלאפּן אין טיש און שרייען, — אומבאדינגט אומברענגען מוז מען דעם אויסוואורף.

— זיי רויק, אלפרעד, די זאך איז שוין באזאָרגט און וועט קלאפּן פערפעקט. דער פארפלוכטער ייד וועט שוין פון דאָרטן ניט קומען מער, — האָט זיך אָפּגערופן גערארד. — מיר האָבן דערשנאפּט א טייערן קערל פאר אונדזערע פּלענער. דאָס איז אן עקס־פּולקאָווניק פון רוסישן מיליטער. א פארברענטער פּאטריאָט איז דער מאן און דערצו א געפּער־פּערלעכער שונא פון די קאָמוניסטן, שפּיאָנען און פארעטער האסט ער אומפּארגלייכלעך. דער מאן איז שוין סיי ווי א פארפאלענער. ער איז א גרויסער שיכור און האָט ניט וואָס צו עסן. ער וואלגערט זיך ווי א וואַגאבונד. ער לעבט נאָר מיט שנאפּס. מיר האָבן שוין מיט אים דעם ענין פארהאנדלט. ער פארשפּרעכט דעם שפּיאָן מיט די ציין צורייסן, אז מען וועט דאָס דארפן. איך האָב אים געזאָגט, אז דאָס איז א געוועזענער

שפּיאָן וואָס האָט איבערגעפירט די פּלענער פון וואַרשעווער פעסטונג צו אונדז. זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט אַ ווילדן פייער, ווען ער האָט דאָס דערהערט. ער איז גרייט צו טאָן אַלץ וואָס מיר וועלן פון אים פאָדערן, נאָר מיר זאָלן אים לאָזן זיך אָפּרעכענען מיט דעם שפּיאָן.

— אָבער פּאָרזיכטיק חברה, איר זאָלט ניט טשעפּען די קאָמוניסטן דאָרטן. דאָס וועט אַרויסרופן פּאָליטישע קאָמפּליקאַציעס און קען נאָך פאַרשלעפּן אונדזער רעוואָלוציע ווער ווייסט ווי לאַנג, — האָט ראָזענבערג זיי געוואָרנט.

— נאַטירלעך נעמען מיר דאָס אין אכט. אַזאַ זאַך וועט ניט געמאַכט ווערן אויף דער דייטשער טעריטאָריע און ניט דורך אַ דייטשע האַנט, — האָט געראַרד באַמערקט, — האָרן פאָרט מיט מיט דעם עקס־פּולקאָווניק קיין ראַפּאַללאַ. זיי וואַרטן דאָרטן אויף דאָס אָנקומען פון דער דעלעגאַציע און וועלן געפינען אַ מיטל ווי דאָרטן גופא פון אים פּטור צו ווערן. מען דאַרף נאָר דעם עקס־פּולקאָווניק גוט אָנטרינקען וועט ער שוין די זאַך אויספירן.

ראָזענבערג האָט געעפנט אַ שופלאָד אין זיין טיש, אַרויסגענומען פון דאָרטן אַ פּעקל פאָטאָגראַפיעס, אַרויסגעצויגן איינע פון זיי און דערלאַנגט האָרנען.

— נאַ, דאָס איז דער סוביעקט. קוק דיך גוט צו. האָב נאָר קיין טעות ניט ווי אַמאָל אין טירגאַרטן.

— האָרן האָט גענומען די פאָטאָגראַפיע, איבערגעלייענט די אונטערשריפט „ווילי וואַלד, אינזשיניער באַ דער אעגע". אַ קוק געטאָן אויף דער פאָטאָגראַפיע, ווי ער וואָלט וועלן איינקריצן גוט אין זכרון דעם פּנים וואָס ער האָט געזען און דאָס אַריינגעלעגט צו זיך אין קעשענע. דערנאָך האָט אים ראָזענבערג דערלאַנגט אַ רעוואָלווער, געלאַדן מיט זעקס קוילן.

— דאָס גיב דיין פּולקאָווניק, — האָט ער באַמערקט. ער דאַרף דאָך האָבן מיט וואָס צו אַרבעטן. ער וועט דאָך אים מיט די לײדיקע הענט ניט דערשטיקן. זע, פּאַס אויף, אַז אַלץ זאָל זיין אין אָרדענונג. ווען די זאַך וועט גלאַט אָפּגעטאָן ווערן, דאַן טעלעגראַפיר מיר „אַלעס פּאַר־

קויפט״ געלינגט דיר ניט אינגאנצן דעם קערל צו עלעמינירן, טעלעגראַ־פיר ״פּארקויפּט האלב״ וועלן מיר זען דאָ די איבעריקע צו דערליידיקן. נאָך דיין קומען, פארגלייכן מיר דיינע רעכענונגען.

— האָסט די אידענטיטעטס־קארטן — האָט ראָזענבערג זיך גע־ווענדעט צום פּאָליציי־אָפיציר, קאפּיטאַן רעהם.

— געוויס. — דער קאפּיטאַן האָט ארויסגענומען פון קעשענע צוויי אידענטיטעטס־קארטן פון בערלינער געהיים־פּאָליציי, די קארטן האָבן באשטעטיקט, אז דיביידע מענער, האַרן און דער פולקאָוניק, זיינען אגענטן פון דער פּאָליציי. דאָס האָט זיי באדארפט דינען אלס דעקונג, אין יעדן פאל.

ראָזענבערג האָט זיך אופגעהויבן צום גיין.

— איין מאָמענט, קאמעראד ראָזענבערג, — האָט אים האַרן אָפּגע־האלטן, — איך פארזיכער דיר, אז דאָס מאָל וועט ער זיך שוין פון אונדזע־רע הענט ניט ארויסדרייען, אָבער אף רייזע־הוצאות, אן אוואַנס מוזטו תיכף געבן.

ראָזענבערג האָט אף אים געוואָרפן א פאראכטנדיקן בליק, האָט אופ־געעפנט זיין שופלאָד, ארויסגענומען פון דאָרטן א הויפן פּאַפּיר־געלט און אים דערלאנגט.

גערינג, וואָס איז ביז איצט געזעסן א שווייגנדיקער, ניט גענומען קיין אנטייל אין דעם געשפּרעך, פונקט ווי אים וואָלט דאָס גאָרניט אָנגע־גאנגען, האָט איצט, בא האַרנס ארויסגיין, אופגעהויבן זיין קאָפּ און אים צוגעשריען:

— הער האַרן, אויב דו ועסט דעם מאַן גאָרניט קענען טאָן, ווייסטו וואָס דו האָסט צו טעלעגראפירן? זאָלסט דעפּעשירן „גאָרניט פארקויפט״.

— האַרן האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו גערינגן, א קוק געטאָן אף אים מיט זיינע גזלנ׳ישע אויגן און גאָרניט געענטפערט. ער איז געגאנגען זיין וועג.

— דו ביזט שוין ווידער דאָ מיט דיין משוגעת, הערמאַן? — האָט ראָזענבערג מיט כעס א געשריי געטאָן אף אים. — בעסער האָסטו ניט גע־דארפט קומען פון שוועדן, געזאָלט דאָרטן בלייבן א פליער בא דער

סוּוענסקא. דו פֿאַרדאַרבסט נאָר אונדזער שטימונג און מאַכסט אָן ערגער, מער גאָרניט. שפּריץ דיר בעסער אַריין אַ דאָפּלטע פּאָרציע, וועסטו ניט זיין אַזוי דום.

— ניין, אַלפרעד, דאָס איז ניט קיין דומהייט. איך האָב דאָך דעם פֿאָרגעפיל, אַז דעם יידן וועלן מיר ניט באַזיגן. איך האָב נאָך ניט געזען אין דער געשיכטע, אַז מען זאָל האָבן די יידן פֿאַרניכטעט. צום טייפל מיין יידישער אָנקל איז גערעכט.

— איצט קומט אָבער אַ נייע געשיכטע, הערמאַן, אַ נייע פילאָזאָפיע, אַ נייע רעליגיע און אַ ניי פֿאָלק. דייטשלאַנד וועט זיין די איינציקע אין דער געשיכטע וואָס וועט דעם יידן יאָ באַזיגן, — האָט ראָזענבערג מיט גאַל פֿאַרענדיקט.

# אַכטאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

די היסטאָריש־געוואָרענע שטעטל ראַפּאַללאַ, ליגט אויסגעשפּרייט צו־פֿוסנס פֿון אַ גרופּע גרויסע בערג, אין דעם טייל איטאַליע, וואָס ליגט האַרט באַם מיטלענדישן ים. די שטעטל און די לאַנדשאַפט אַרום שטעטל איז וווּנדערבאַר שיין. איינע פֿון די שענסטע ערטער אין איטאַליע. די פּרעכטיקע ווילעס אין ראַפּאַללאַ זעען אויס ווי רייצנדע ליבעס־נעסטן. זיי ליגן באַהאַלטן טיף אין דער געדיכטעניש פֿון גרינע פּאַרקן און גערטנער. פֿון ווייטנס זעען זיי אויס ווי זיי וואָלטן זיין באַשאָטן מיט בלומען פֿון פֿאַר־שידענע פֿאַרבן, ווו ניט ווו זעט זיך אַרויס פֿון צווישן די ביימער אַ שטיקל וואַנט וואָס שימערירט מיט איר ווייסקייט קעגן דער שייַנענדיקער זון אָדער עס קוקט קאָקעטיש אַרויס אַ פּאַס פֿון אַ רויטן דאַך, וואָס שלאָגט אָפּ צווי־שן די גרינע ביימער־צווייגן, ווי אַ פּורפּור רויטע דעקע.

דער אַריינגאַנג צו די ווילעס איז דורך לעבעדיק באַוואַקסענע קאָרי־

דאָרן. גרינע צווייגן זיינען פאַנטאַסטיש דורכגעפלאָכטן מיט די הערלעכ־סטע בלומען און בילדן א מאַלעריש־שיינעם לעבעדיקן געוועלב.

אין הינטערגרונט פון די אויסגעפוצטע ווילעס, רייצט דאָס אויג פון די קינסטלעריש געפלעגטע פּאַרקן, פאַנטאַנען און געצירטע, מיט געדיכטע צווייג־באַוועקסענע, לויבעס.

דער שטראַנד פון ראַפּאַללא האָט זיך זיין שיינקייט. א גאַנצע ריי פון לוקסוס־האָטעלן, איינער שענער און רייכער פאַרן אַנדערן, ליגן לענג־אויס דעם שטראַנד. דער ים דערגרייכט ביז צו זייערע פראָנטן, בשעת די שלאָפצימערן און פּאַרוויילונגס־פּלעצער פון די האָטעלן, ליגן צום זייט פון די פּאַרקן. די אָפענע פענצטער זייערע קוקן ארויס אינעם שאָטן פון געדיכטע אקאציעס, ציפּרוסן און פּאַלמען.

נאָך אנטציקנדער און רייצנדער זעט אויס די שטעטל, ווען מען זעט איר אָן פון די בערג וואָס רינגלען איר ארום. אויבן אף די בערג ליגן די פּריוואַטע סאַנאַטאָריעס און פּענסיאָנען, וואָס זיינען א קיילעכדיק יאָר פאַרנומען מיט לונגען־קראַנקע און שוואַך־ברוסטיקע. אָנזעענדיק זיי פון דערווייטנס, קען מען מיינען, אז דאָס זיינען אידילישע ליבעס־נעסטן אָדער גאָר פאַרכישופטע שלעסער פון טויזנט און איין נאַכט. די ראָמאַנישע שפּיצן וואָס קוקן ארויס שטיפעריש דורך די צווייגן פון די נאָדל־ביימער וואָס רינגלען זיי ארום, שמידן צו דאָס אויג און עס איז שווער אָפּצורייסן איידער עס זעטיקט זיך אָן מיט זייער צויבערישער שיינקייט. דער פרעמ־דער וואָס קומט אין ראַפּאַללא, ווערט בוכשטעבלעך באַצויבערט פון איר שיינקייט. די בערגיקע לופט פון דער געגנט, אויסגעמישט מיט דער ים־לופט, באַרוישן דעם גאַסט אין די ערשטע טעג פון זיין באַזוך און ער פאַרגעסט אין דער גאַנצער וועלט. ער וואָלט נאָר שטיין דאָ, באַוואונדערן די רייכקייט פון דער נאַטור און איינשלינגען וואָס מער לופט אין זיינע לונגען.

מיט 2 טעג פריער, איידער די אָפיציעלע דעלעגאַציע זיינען געקומען אין ראַפּאַללא, האָבן זיך באַוויזן צוויי געסט דאָרטן. זיי זיינען אריינגע־פאָרן אין א פּענסיאָן, וואָס איז געלעגן אין א זייטיקער געסל. דער בעל־הבית'טע פון פּענסיאָן האָבן זיי דערקלערט, אז זיי זיינען צוויי באַאַמטע

פון בערלין. זיי זיינען געקומען אהער פארברענגען זייער אורלויב. די צוויי געסט זיינען געווען: הארן און דער עקס־פאלקאווניק.

זיי זיינען געזעסןביידע אף דער ווערענדע פון זייער פענסיאן און האבן געשמועסט, טריקנדיק זייער קאפע.

— איר זייט ווערט, הער פולקאווניק, א גוטן שנאפס. אזוי גיך האט איר שוין באוויזן צו דערגיין, אז די רוסישע דעלעגאציע וועט אריינפארן אין האטעל „פרינציפעסא זשיאוואני" און די דייטשע אין האטעל „הומ־בערטא". ווי איך זע זייט איר גאנץ טיכטיק, מען קען זיך אף אייך פאר־לאזן, — האט צו אים געזאגט הארן.

— אויסצוראטן די פארעטער פון מיין אומגליקלעך לאנד, די שפיא־נען וואס האבן פארקויפט רוסלאנד און געבראכט צום מארד פון אונדזער פאטערל דעם צאר און זיין גאנצער פאמיליע, איז פאר מיר קיין זאך ניט שווער. פון אונטער דער ערד וואלט איך זיי ארויסגעגראבן און צור־ריסן מיט מיינע ציינער. מיינט ניט, אז איך גיי דאס טאן ווייל איר האט מיר פארשפראכן באצאלן, אדער גאר פארן שנאפס וואס איר גיט מיר. איך שפיי אף אייך און אייער געלט. איך דארף קיין געלט ניט. איך האב פארלארן מיין פאטערלאנד, מיין צאר, מיין געזעלשאפטלעכע פאזיציע, לאקט מיך ניט מער קיין געלט. איך טו דאס פון טיפער איבערצייגונג. מיין געוויסן פאדערט פון מיר, איך זאל נקמה נעמען פון די שונאים פון מיין פאטערלאנד — האט דער פולקאווניק פאטעטיש אויסגעשריען.

אף מארגן, נאך דעם געשפרעך פון ראזענבערגס אגענטן, זיינען טא־קע ביידע דעלעגאציעס אנגעקומען אין ראפאללא. מיט דעם צוג וואס קומט פון מילאן, איז אנגעקומען די רוסישע דעלעגאציע און טאקע פארפארן אין האטעל „פרינציפעסא זשיאוואני" פונקט ווי דער פולקאווניק האט דאס געזאגט פריער. נאכמיטיק־צייט איז אנגעלאפן דער צוג פון רוים וואס האט מיטגעבראכט די דייטשע דעלעגאציע.

דער קליינער ראפאלער באנהויף איז געווען געפאקט מיט מענטשן, נייגעריקע האבן זיך געשטופט פון אלע זייטן. פאליציי זיינען ארומגעלאפן צוטומלטע. געהיים־אגענטן האבן דורכגעשטאכן מיט זייערע אויגן די פאר־בייגייענדיקע דעלעגירטע. ביידע מערדער ראזענבערגס זיינען אויך גע־שטאנען אן א זייט, לעבן טיר פון באנהויף און האבן אופמערקזאם גע־

קוקט אף די דייטשע דעלעגאטן, וועלכע זיינען דורכגעגאנגען הארט פאר זייער נאָז, מיט די אקטן־טאשן זייערע אין די הענט.

ווען אלע זיינען שוין פארבייגעגאנגען, דער וואקזאלעכל האָט זיך גענומען אָפּליידיקן, האָט האָרן א צופּ געטאָן דעם פּולקאָווניק פארן ארבל.

— קום, וואָס שטייסטו אזוי קאָמיש פארטראַכט, — האָט ער אים געזאָגט. יענער איז נישטאָ צווישן זיי, אָדער ער וועט אפשר נאָך קומען שפּעטער מיטן צווייטן צוג.

— וואָס פּלאפּלסטו מענטש, ער איז שוין יאָ דאָ, — האָט דער פּול־קאָווניק געענטפערט, — און אין זיינע רויטע אויגן האָט זיך באמערקט א מאָדנער פייערל.

ביידע זיינען זיי ארוים פון וואָקזאל צוזאמען און האָבן זיך געלאָזט גיין צו זייער פּענסיאָן. דעם גאנצן וועג האָט דער פּולקאָווניק א וואָרט ניט אויסגערעדט. שטיל און פארטראַכט איז ער געגאנגען און ניט געענטפערט גאָרניט אף זיין חבר'ס פראגן. ער האָט זיך ניט צוגערירט צום גלאָז וויס־קי, וואָס דער חבר זיינער האָט אים אָנגעגאָסן אין זייער צימער, א וויילע איז ער אזוי געזעסן און דערנאָך האָט ער זיך אומבאמערקט ארויסגערוקט פון צימער און איז פארשוווּנדן פון פּענסיאָן.

די דייטשע דעלעגאציע, ווי נאָר זי איז אריין אין האָטעל, האָבן זיי לויט דעם מוסטער פון דייטשער פּינקטלעכקייט, גלייך זיך גענומען צו זיי־ערע שרייב־מאשינקעס. סעקרעטאָרן האָבן גענומען ארומלויפן און אָפּגע־בן באפעלן, שעפן האָבן זיך געוואָרפן צו די טעלעפאָנען. פיבערהאפט האָט מען זיך גענומען גרייטן צו דער ערשטער קאָנפערענץ, וואָס האָט גע־זאָלט פאָרקומען גלייך מאָרגן אום 9 אין דער פרי.

דער דייטשער אויסערן־מיניסטער ראטענוי האָט שוין באוויזן זיך צו טרעפן מיט זיין רוסישן קאָלעגע. ביידע האָבן געמיטלעך פארבראכט אף א פּריוואַטן אופן אין אונטערשטן זאל פון האָטעל און האָבן געמאכט א שמועס וועגן אלע ענינים וואָס זיי זיינען פארינטערעסירט.

באראָן קארף, אלא פאָן ווארטענבערג, ספּעציעלער ראטגעבער פון דייטשן אויסערן־מיניסטעריום איבער רוסישע אנגעלעגנהייטן, האָט זיך אויך געגרייט צו דער מאָרגנדיקער קאָנפערענץ. ער האָט שוין דורכגעקוקט

די ליסטע מיט די נעמען פון די רוסן און איז געווען צופרידן. ניטאָ דאָרטן קיין באַקאַנטע נעמען. אַלץ אַזעלכע אומבאַקאַנטע: טשיטשעריין, יאפע, ראקאָווסקי, אַלץ נעמען פון יידן, האָט ער זיך געטראַכט. ער האָט אַריינ־געררופן זיין סעקרעטאַר, געגעבן אים די נויטיקע באַפעלן און איז געבליבן שטיין אין אָפּענעם פענצטער פון זיין האָטעל־צימער. צופרידן, מיט א שיי־נענדיקן פּנים, האָט ער געקוקט אויף דער שיינער פּאַנאָראַמע פון ראַפּאַללאָ. ער איז געוואָרן ממש באַצויבערט פון דער וואונדערבאַרער שיינקייט וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר זיינע אויגן. אים האָט זיך פאַרגלוסט א ווײַלע אַרויסגיין כאַפּן א שפּאַציר אין דער שיינער געגנט און אַריינאָטעמען אין זיך אַביסל פרישע לופט. ווער ווייסט, האָט ער זיך געזאָגט, צי איך וועל קענען דאָ רויק שפּאַצירן. מאָרגן פאַנגען זיך אָן די קאָנפערענצן, ווען מען שוין ניט קענען שפּאַצירן. דאָס וואָלט געווען אַן אמת׳ער פאַרברעכן, זיין אין אזא פון גאָט געבענטשט ווינקל, און ניט אָנזען דאָס גוט.

— הער דאַנצער, — האָט ער א געשריי געטאָן צו זיין סעקרעטאַר, — איך וויל אַביסל אַרויסגיין צום ים כאַפּן א קליינעם שפּאַציר. איך וויל א בליק טאָן אויף די וואונדערבאַרע ראַפּאַללאָ. איך בין איינפאַך באַצויבערט געוואָרן פון איר שיינקייט און הערלעכקייט. די דופּטיקע לופט דאָ רייצט מיין נאָז. אויב דער מיניסטער זאָל אויף מיר פרעגן, זאָגט אים, אז אין א האַלבער שעה שפּעטסטנס בין איך צוריק, — און דער באַראָן האָט פאַר־לאָזן זיין צימער.

דער באַראָן איז אַרויס פון האָטעל און איז געבליבן שטיין א פאַר־כּישופטער פון דער פּרעכטיקער אומגעבונג. ער איז געשטאַנען און ניט געוווּסט אויף וואָס פריער צו קוקן און ווו, אין וועלכער ריכטונג צו גיין. אים האָט זיך געוואָלט גיין לענגאויס דעם זאַמדיקן שטראַנד און זיך קוויקן מיט דעם מילדן, פרישן ים־ווינטל וואָס האָט געבלאָזן פון ים. אים האָט זיך געוואָלט שטיין און קוקן ווי די לעצטע שטראַלן פון דער אונטערגיי־ענדיקער זון שפּילן זיך אזוי צויבעריש שיין מיט די בלויע וואַסערן פון מיטלענדישן ים. אים האָט זיך געוואָלט גאָרניט גיין, נאָר שטיין מיט אַן אָפענער מויל און שלינגען אין זיך די מחיה׳דיק־פאַר׳שיכור׳נדיקע לופט וואָס טראָגט זיך פון די ציטרוס־גערטנער און גרינע פעלדער פון די אַרו־

מיקע בערג. ער איז באגייסטערט געוואָרן פון די שיין־אויסגעפּוצטע ווילעס און הייזלעך, וואָס ווינקען און לאָקן אזוי פארפירעריש צום פרעמדן וואָס באווייזט זיך אין ראַפּאַללאָ. א מאָמענט איז ער געשטאַנען אַזוי א צערו־דערטער באם ארויסגאנג פון האָטעל, לסוף האָט ער באשלאָסן. ער וועט גיין אביסל אין די בערג. אין קעגנזעצלעכער ריכטונג פון האָטעל.

די זון האָט זיך געהאלטן אין זעצן. צווישן די געדיכטע און הויך־באוואקסענע גערטנער און פּארקן ארום די ווילעס, האָט שוין די טונקל־קייט גענומען צופּאַלן... דער באַראָן שפּאַנט לאַנגזאַם ארוף. פון קיין זאַך טראַכט ער ניט אין דעם מאָמענט. ער האָט אַלץ פארגעסן. אים האָט זיך נאָר געגלוסט מיט פולע לונגען איינאָטעמען אין זיך וואָס מער פון די לופט ארום אים. ער איז געווען אָפּגעגאַנגען א רעכטע שטיק און אליין ניט געמערקט, אז ער איז שוין היבשלעך אָפּגעגאנגען פון האָטעל און פון צענטער־שטאָט. די ווילעס דאָ זיינען שוין געווען שיטערער. מענטשן האָבן זיך געזען ווייניקער. אלע זיינען געלעגן אין די גערטנער און זומער־בייד־לעך, הינטער די ווילעס. ווו ניט ווו האָט א הונט אויסגעשטעלט אף אים זיינע אויערן און ארויסגעשטעקט א ראָזיקן צונג, דערקענענדיק אין אים א פרעמדן פארשוין. דער הונט האָט אים מקבל פּנים געווען מיט א פוילן ביל און אויך פארשווונדן אין הויף זיך קילן מיט דער נאכטיקער פריש־קייט.

ווען דער באראָן האָט זיך געגעבן רעכנונג, אז ער איז שוין צו־ווייט פארקראָכן, האָט ער זיך א מאָמענט אָפּגעשטעלט, ווי ער וואָלט וועלן זיך אָריענטירן ווו ער איז דאָ אין דער וועלט, ער האָט געוואָרפן מיט זיינע בליקן ארום און ארום. אים האָט זיך זייער ניט געוואָלט שיידן מיט די פּרעכטיקע לאַנדשאַפט וואָס איז אויסגעשפּרייט פאר זיינע אויגן. קיין מענטש ארום האָט זיך ניט געזען. אַלץ איז געווען שטיל און דרימלענדיק, ווי דאָס וואָלט איינגעוויגט געוואָרן פון דער שיינער נאַטור. ענדלעך האָט ער זיך אויסגעדרייט און זיך געלאָזט גיין צוריק צום שטאָט. ניט ווייט איז ער געווען אָפּגעגאנגען, ווען ער האָט באמערקט, אז א הוכער שלאַנקער מאַן, מיט טונקעלע אויגנברילן אף דער נאָז גייט אים פונקט אנטקעגן. אים איז פאָרגעקומען ווי דער מאַן איז ארויסגעגאנגען פון די דערבייאיקע

צוויי גרויסעביימער, וואָס זיינען געשטאַנען באַם ראַנד פון שאָסיי.

דער בעראַן האָט לכתחילה קיין שום באַדייטונג ניט געגעבן דעם פאַל און ניט געהאַט קיין מאָטיוו עפּעס צו פאַרדעכטיקן. ווען דער מאַן האָט זיך אָבער דערנענטערט און איז שוין געווען האַרט פאַר אים, האָט ער אינסטינקטיוו אַ ציטער געטאָן. עפּעס איז אים פאָרגעקומען די פיגור באַקאַנט. ער האָט שוין ערגעץ געזען די געזיכטסציגן. ער האָט זיך אָנגעשטרענגט צו דערמאָנען ווו ער האָט געקענט האָבן באַגעגנט אַזאַ פּערזאָן און האָט ניט געקענט זיך דערמאָנען. ער האָט געוואָלט אויסמיידן דעם אַנטקעגנקומענדיקן און גיין זיין וועג.

— דאַכט זיך בעראָן קאַרף? — האָט דער מאַן פאַרשטעלנדיק אים דעם וועג זיך אָפּגערופן צו אים, — וואַרשעווער גענעראַל גובערנאַטאָר? ווי קומט איר אַהער? אָדער וואַנדערט איר אויך איבער דער וועלט אָן אַ פאָטערלאַנד, אָן אַ היים און אָן אַ צאַר?

— איר האָט אַ טעות, מיין הער, — האָט דער בעראָן, אַביסל צעשראָקן, מיט אַ געמאַכטער זיכערקייט געזאָגט, — איך בין ניט דער פאַר וועמען איר האַלט מיך. איך הייס פאָן וואַרטענבערג. איך בין איינער פון דער דייטשער דעלעגאַציע וואָס איז היינט אַהער געקומען צו פאַרהאַנדלען מיט די רוסן. — און דער בעראָן האָט געמאַכט אַן אומבאַמערקבאַרע באַוועגונג, אַריינצושטעקן זיין האַנט אין דער הינטערשטער קעשענע פון זיינע הויזן.

— רויק שטיין. די האַנט ניט באַוועגן, — האָט מיטאַמאָל דער אומבאַקאַנטער אַ דונער געטאָן אין רוסיש, — איר זייט בעראָן קאַרף. איך קען אייך אויסגעצייכנט. איר זייט אַ נידערטרעכטיקער פאַרעטער און עקלדיקער שפּיאָן. איר האָט איבערגעגעבן די וואַרשעווער פעסטונג צו די דייטשן. איר דערקענט מיך אפשר ניט? איר געדענקט, ווי איר האָט אַרויסגענאַרט פון מיינע הענט אַ געפערלעכן פאַרברעכער פון פּאַוויאַק? איר האָט פאַרורזאַכט דעם טויט פון אונדזער ליבן צאַר. איר האָט געבראַכט אומגליק אונדזער פאָטערלאַנד. איר זייט אַ פאַרברעכער און אַזעלכע ווי איר האָבן נאָר איין שטראָף: טויט; איצט דערקענט איר מיר שוין? איך

בין פּולקאָווניק קוזניצין און איך וועל מיך מיט אייך אָפּרעכענען פאַר אייער פאַראַט.

און אין דער שטילער טונקלקייט פון דער צוגעפאַלענער נאכט האָבן זיך דערהערט צוויי רעוואָלווער־קנאַלן. דער באַראָן האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט זיינע הענט פאַר דער ברוסט. ער האָט דערשפּירט אַ וואַרימע פייכט־קייט אַף זיין לייב און אַ שאַרפן ווייטיק אין האַרצן. ער האָט געוואָלט עפּעס אויסריידן, אָבער זיין קערפּער האָט זיך אין דעם מאָמענט אַ וואַקל געטאָן, זיך איינגעבויגן אָן אַ זייט און אַ פאַל געטאָן אַפן ראַנד פון שאָסיי.

גלייכגילטיק און קאַלט, ווי אַ כירורג וואָס איז געוווינט צו שניידן מענטשן־פלייש און ווערט פון קיין זאַך ניט נתפּעל, האָט דער פּולקאָווניק זיך איינגעבויגן איבער דעם אַנידערגעפאַלענעם קערפּער פון באַראָן, אַ ווײַלע אים באַטראַכט, זיך צוגעהערט און האָט אַ מורמל געטאָן: טויט. לאַנגזאַם, ניט געאײַלט האָט ער אַרויסגענומען פון קעשענע אַ שטיקל פּאַ־פּיר, אַף וועלכער עס איז געווען מיט רויטן בליישטיפט אויפגעשריבן די ווערטער „באַשטראָפט פאַר פאַראַט צום פאָטערלאַנד", און ווי גאָרניט וואָלט געשען, האָט ער זיך געלאָזט גיין צו דער ריכטונג פון דער שטאָט.

אין פּענסיאָן איז ער געקומען רויק און געלאַסן, ווי ער וואָלט זיך אומגעקערט פון אַ אומשולדיק שפּאַציר. זיין חבר האָט ער געטראָפן זיצנ־דיק באַם טיש. אָן ווערטער האָט ער זיך צוגעזעצט נעבן אים. מיט אַ גוטן אַפּעטיט פאַרצערט דעם אָוונטברויט וואָס מען האָט זיי געגעבן. נאָכן עסן האָט ער זיך אויפגעהייבן פון זיין פּלאַץ און זיך אָפּגערופן צו זיין חבר.

— איך בין שוין פאַרטיק. נישטאָ אים מער. אוועקגעלייגט אים ווי אַ הונט דעם פאַרעטער און שפּיאָן.

— וואָס רעדסטו עפּעס, פּולקאָווניק? — האָט אים זיין חבר אָנגע־קוקט מיט פאַרוווּנדערונג. וועמען האָסטו אוועקגעלייגט? דער וועמען מיר האָבן געזאָלט אָפּראַמען פון וועג איז דאָך נישטאָ. ער איז ניט געקומען, מיטן צווייטן צוג איז ער אויך נישטאָ. איך האָב שוין נאָכגעזען, ביזט פון זינען אַראָפּ צי וואָס?

— איך בין שוין יאָ באַם זינען, — האָט דער פּולקאָווניק געענט־

פערט. — איך האָב אים דערשאָסן ווי א הונט. אָט מיט דעם רעוואָלווער האָב איך אים אוועקגעלייגט. איצט גיי איך מיך מעלדן בא דער פּאָליציי. פּולקאָווניק קוזניצין איז אן ערן־מאַן, — האָט ער זיך געקלאַפּט אין הארצן. — איך בין ניט קיין געדונגענער מערדער. איך האָב אים באַשטראָפט ווי ער האָט דאָס פאַרדינט. איצט קען דאָס געריכט זאָגן זיין וואָרט.

מיט א שעה שפּעטער האָט ער זיך געלאָזט מעלדן דער פּאָליציי־פּערפעקט פון ראַפאַללאַ באַם אויסערן־מיניסטער פון דייטשן רייך.

הער מיניסטער, — האָט דער פּערפעקט געזאָגט, — איך ברענג אייך לײדער א טרויעריקע ידיעה. איך האָב מורא, אז דאָס זאָל אייך ניט פאַרשאַפן שטערונג אין אייער מיסיע. נאָר־וואָס האָט זיך בא מיר געמעלדעט אן אומבאַקאַנטער. ער האָט זיך לעגיטימירט פאַר א רוסישן עקס־מיליטאַר און האָט זיך פאַר מיר מודה געווען, אז ער האָט מיט א שעה פריער דערמאָרדעט א געוועזענעם רוסישן הויכן מיליטאַר, פאַר שפּיאָנאַזש און פאַרראַט. מיר האָבן דעם דערמאָרדעטן טאַקע געפונען און באַם אונטערזוכן, האָבן מיר, לויט זיין אידענטיטעטס־קאַרטע, פעסטגעשטעלט, אז דאָס האַנדלט זיך גאָר פון איינעם א פאָן וואַרטענבערג, וואָס געהער צום פּערסאָנאַל פון אייערע דעלעגאַטן. וואָס וועט איר באַפעלן אין דעם פאַל, הער מיניסטער? די לייכע געפינט זיך צו אייער דיספּאָזיציע, אין דער פּערפעקטור.

ראַטענוי, דערהערנדיק די מעלדונג פון פּאָליציי־שעף, איז געוואָרן א צורודערטער. ער האָט זיך פאַרלאָרן. א צעטומלטקייט איז אים באַפאַלן אין דעם מאָמענט. שלעכט, אומאַנגענעם ביז גאָר, האָט ער זיך א טראַכט געטאָן בעת מעשה. עס קען ברענגען צום דורכפאַל פון דער גאַנצער קאָנפערענץ. הײנט דער בלאַמאַזש, פאָרוואורף, שאַנדע, ניט אופריכטיקייט. לאַנג אָבער איז ער ניט געבליבן אין דער שטימונג. ער האָט זיך באַלד קאָנצענטרירט. ער האָט געמאַכט א געוואַלדיקע אָנשטרענגונג איבער זיך, כדי צו פאַרהאַלטן זיך רויק און האַנדלען זאַכמעסיק. ער האָט אופגעהויבן זיינע קלוגע, דורכדרינגענדיקע אויגן אף דעם פּאָליציי־שעף, און מיט א פעסטע און אָנגענעמע שטימע האָט ער אים געזאָגט:

— הער פּרעפעקט. איר האָט רעכט. זייער אַן אומאַנגענעמע נאָכריכט האָט מיר געבראַכט. אין נאָמען פון מיין רעגירונג און אין מיין פּערזענלע־כן נאָמען, בעט איך אייך, און וועל אייך זיין זייער דאַנקבאַר, ווען איר וועט מיר קענען טאָן די געפעליקייט און העלפן מיר אין מיין אומאַנגע־נעמער לאַגע. אייער הילף וועט זיין, דערמעגלעכן מיר, אַז די קאָנפערענץ צווישן אונדז און די רוסן זאָל ניט דורכפאַלן. איר מוזט זען דעם פאַל צו דערשטיקן. ניט באַקאַנט מאַכן דאָס דערוויַיל פאַר דער עפנטלעכקייט. פאַרשטעקט דעם מערדער ערגעץ אין אַ לאָך, אַז ער זאָל קיינעם ניט זען און קיינער זאָל ניט קענען ריידן מיט אים, וויניקסטנס, ביז נאָך דער קאָנ־פערענץ. לאָזט וויסן, איך וועל אויך אַזוי טאָן, אַז דער דערמאָרדעטער איז אומגעקומען פון אַן אַקצידענט, אַראָפּפאַלנדיק פון אַ באַרגיקן שטיין, ווו ער האָט געקלעטערט. מאָרגן גאַנץ פרי וועל איך די לייכע אָפּשיקן קיין בערלין. דער גאַנצער ענין מוז בלייבן שטיל. קענט איר דאָס טאָן פאַר אונדזער רייך, ווילט איר אונדז העלפן? — האָט דער מיניסטער זיך גע־בעטן בא אים.

— מיט דעם גרעסטן פאַרגעניגן, הער מיניסטער. איך וועל האַנד־לען גענוי לויט אייער ווונטש און פאַרשפּרעך אייך מיין אַבסאָלוטע דיס־קרעציע.

ווען דער פּרעפעקט האָט פאַרלאָזן דעם מיניסטער, האָט ער געלאָזט רופן צו זיך זיין סעקרעטאַר און אים אָנפאַרטרויט דעם טרויעריקן פאַל. ער האָט אים געבעטן זאָפאָרט פאַרשפּרייטן די ידיעה ציווּשן די איבעריקע דעלעגאַטן, אַז וואַרטענבערג איז אַראָפּגעפאַלן פון אַ באַרגיקן שטיין און געפונען זיין טויט. מאָרגן גאַנץ פרי זאָל ער אָפּנעמען די לייכע פון דער פּאָליציי און דאָס אָפּשיקן אין בערלין צו זיין פאַמיליע.

אָט אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער רווישיקער און רומפולער לעבן פון דעם אַמאָל אַזוי באַרימטן צאַרישן הויכן אַריסטאָקראַט, באַראָן קאַרף. זיין פאַמיליע האָט אופגענומען די ידיעה פון זיין טויט מיט פאַרצווייפלונג. די לויה אָבער האָבן זיי איינגעאָרדנט זייער אַ שטילע און באַשיידענע. די פאַמיליע האָט, ווי עס שיינט, אויך געהאַט דעם געפיל, אַז זיין אַקטו־

אציע אין די לעצטע יאָרן איז געווען ניט קיין ערנהאפטע. זיין לעבן האָט זיך פאַרענדיקט מיט בזיונות. קומט אים ניט קיין פּאָמפּעזע לויה.

## ניינאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

**אין** די ערשטע טעג, נאָך דעם באַראָנס טויט, זיינען די פרויען גע־ווען זייער צוריקגעצויגן און איינגעשלאָסן אין זייער הויז. ביידע, סיי די פרוי און סיי די טאָכטער, זיינען געווען זייער צוגעבונדן צום באַראָן און האָבן אים שטאַרק ליב געהאַט. באַזונדערס נידערשלאָגן איז אָבער געווען די פרוי.

— לאָמיר פאַרלאָזן דעם מערדער־הייל, — האָט די באַראָנין ווייַ־נענדיק אַמאָל געבעטן די טאָכטער. — איך קען מער ניט לעבן צווישן באַנדיטן און מערדער. איך קען שוין ניט מער אַריבערטראָגן זייערע הע־צעס און אינטריגעס צו מאָרד און רויב, צו גוואַלט און ברוטאַליטעט. לאָמיר פאַרלאָזן אויף אַלעמאָל די פאַרשאָלטענע בערלין און זייערע פּנים׳ער ניט מער אָנקוקן.

— יאָ, מאַמע, איך פאַרשטיי דיך זייער גוט. איך פיל דיר מיט. איך קען זיי אויך ניט פאַרטראָגן, דו ווייסט דאָס גאַנץ גוט. איך וויל אויך וואָס גיכער פאַרלאָזן בערלין. יאָ, מאַמאַ, מיר וועלן פאָרן אין אונדזער גוט אין וויינאַדן און אין איינזאַמקייט וועלן מיר דאָרטן ביידע טרויערן נאָך אונדזער ליבן פאָטער. אָבער צוערשט מוז איך נאָך עפּעס דערליידיקן. איך טראָג נאָך וואָס אויף מיין געוויסן און מוז דאָס ריין מאַכן.

נאָך אין דער זעלביקער וואָך האָבן זיי געהאַט דעם באַזוך פון די ביידע פריינט זייערע, די באַראָנען מאַנטייפל. פאָטער און זון. זיי האָבן זיך דערוווסט פון דעם אומגליק זיינען זיי געקומען פערזענלעך אויסדריקן זייער טרויער־מיטגעפיל די דאַמען. אינעם טאָג פון זייער קומען האָבן זיך

פאַרזאַמלט באַ די קאַרפּס אַלע זייערע אַלטע באַקאַנטע. ראָזענבערג האָט דאָרטן אויך ניט געפעלט. זיין בוזעם־פריינט גערינג איז געווען, קאַטיעס אינטימע פריינדין, נאַדיע רענענקאַמפּ, איצט גרעפין ראַנצוי, איז געקומען און זי האָט גלייך געוויזן וועלכע טיפע שווארצע קליידער זי האָט זיך אָנגעטאָן, אַלס אויסדרוק פון איר טרויערן נאָך דעם באַראָן און איר מיטגעפיל צו קאַטיען.

אַמאָל איז די רענענקאַמף געווען באַרימט אַלס אויסערגעוויינלעכע שיינהייט. מען האָט זי געהאַלטן פאַר די שענסטע שילערין אינעם טעכטער אינסטיטוט פון פּעטערבורג. מיט שכל אָבער האָט זי זיך ניט געקענט באַרימען. זי איז געווען נאַיוו ווי אַ קינד, קולטורעל זייער נידעריק געשטאַנען. דער איינציקער אידעאַל אירער אין לעבן איז געווען ליבע און ווערן געליבט. די איינציקע טעמע פון אירע געשפּרעכן איז געווען נאָר ליבע. ליבע איז באַ איר געווען די העכסטע און שענסטע טוגענד, וואָס די וועלט פאַרמאָגט. מיט קאַטיען איז זי געווען שטאַרק באַפריינדעט נאָך פון אינסטיטוט אָן. באַזונדערס אינטים איז זי געוואָרן מיט איר אין בערלין. זי האָט איר פּשוט פאַרגעטערט. קאַטיע איז געוואָרן אין אירע אויגן אַ באַרימטע העלדין. אַ ראָמאַנטישע געטין איז זי געווען באַ איר. זי איז געווען אַנטציקט פון איר פאַר איר ליבע צו ווילין. אַט דאָס הייסט אמת׳ע ליבע, האָט זי אַלץ געטענה׳ט. זיך פאַרליבן אין אַן איינפאַכן יינגל, וואָס שטייט סאָציאַל אַ סך נידעריקער פון איר, דערצו נאָך אַ ייד און בלייבט אים געטריי אַזוי פיל יאָרן, דערציען אים אַזוי, אַז פון אים זאָל אויסוואַקסן אַן אמת׳ער שיינער און לייטישער מאַן. דאָס איז איינפאַך לעגענדאַריש, דאָס דאַרף מען קענען — האָט זי פאַר אַלעמען מיט התפעלות געזאָגט.

דעם אָוונט איז זי געזעסן לעבן קאַטיען, זי האָט זיך שטאַרק צו איר צוגעטוליעט, אַרומגעכאַפּט מיט אירע הענטלעך די טאַליע קאַטיעס און מיט גרויס מיטגעפיל געקוקט איר אין די אויגן.

— הער, קאַטינקע, — האָט זי צו איר שטיל געזאָגט, — דו האָסט געדאַרפט מאַכן אַן ענדע מיט דיין באַציונג צו ווילין. ס׳איז אַ רחמנות אויף אים. דו פּייניקסט אים צופיל. אפשר האָט דאָס דיר גאָט באַשטראָפט,

ווייל דו קוועלסט אים צופיל. זיין האַרץ, גייט געבעך אויס נאָך ליבע צו דיר, ער וויל דיך אַזוי האָבן און דו לאָזט אים זיך פּייניקן. זע, טייערינקע, האָב שוין חתונה מיט אים, — האָט זי זיך געבעטן.

יאָ, — נאַדיע ליבינקע, — האָט קאַטיע געענטפערט, — איך וועל שוין לאַנג ניט ציען. דו ביזט גערעכט. איך וועל שוין מאַכן אַן ענדע צו דער לאַגע. גאָר אין גיכן וועל איך פאַרענדיקן מיט דער אומנאָרמאַלער סיטואַציע צווישן אונדז ביידן.

דאַכט זיך, אַז זיי האָבן גערעדט צווישן זיך גאַנץ שטיל, קיינער האָט ניט געקענט הערן, אָבער ראָזענבערג, מיט זיינע שפּיציקע אויערן, האָט יאָ אויפגעכאַפּט וואָס זיי ריידן.

— געוויס דאַרף מען דאָס באַטראַכטן ווי אַ שטראָף פון גאָט, — האָט ער זיך אָפּגערופן צו די דאַמען, — קאַטיע באַנעמט זיך ניט גוט. זי איז אַ דייטשע טאָכטער. אין אירע אָדערן פליסט ריינע דייטשע בלוט און האָט צו טאָן מיט אַן אומריינעם יידן. געוויס איז דאָס אַ שטראָף פון גאָט. מען פאַרשוועכט דאָס דייטשע בלוט. מען באַגייט אַ פאַרברעכן קעגן דייטשן פאָלק.

קאַטיע האָט אויסגעדרייט איר קאָפּ צו זיין זייט. זי האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט אַ בייזן בליק פון אויבן ביז אַראָפּ; איר געזיכט האָט געפלאַמט פון כעס. די אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט אַ פייער. די ליפּן זיינען בלוי געוואָרן פון צאָרן וואָס מען האָט איר אָנגעכאַפּט. האַסטיק האָט זי זיך אַ הויב געטאָן פון איר אָרט, אַ טופּע געטאָן מיט איר פיסל און אַ געשריי געטאָן צו אים:

— שווייגט, הער ראָזענבערג, איר האָט די העזה צו ריידן פון גאָט? ווי וואַגט איר דאָס צו דערמאָנען זיין נאָמען? איר, וואָס אייערע הענט זיינען אויסגעשמירט אין מענטשנס בלוט, איר, וואָס איר זייט איינגעטונקט אין מאָרד און רויב, פאַרברעכן און געמיינקייט, רעדט איר פון גאָט? איר מעגט אייך שעמען, הער ראָזענבערג, איר זייט אַ געמיינער מערדער, אַ נידערטרעכטיקער פאַרברעכער. איר מיינט, אַז איך ווייס ניט אַז מיין פאָטער איז געפאַלן אַ קרבן פון אייערע פאַרברעכערישע הענט? איר געמיינע ברואים וואָס איר זייט, איר האַלט נאָך גאָטס נאָמען אין אייער

מויל. איר זייט דאָך אַלע ציניקער. בשעת איר האָט זיך געטשעפּעט צו דער יידישקע, פאר וואָס איר האָט געקראָגן א פּאטש, איז דער ייד געווען ריין. איצט האָט איר זיך ארומגעזען, אז דער ייד איז אומריין.

קאטיע איז שטיל געבליבן. טרערן האָבן זיך גענומען גיסן פון אירע אויגן. די טרערן האָבן איר געשטיקט און זי האָט ווייטער ניט געקענט ריידן. די געסט האָבן איר אופמערקזאם באטראכט. קיינמאָל נאָך האָט מען זי ניט געזען אין אַזאַ אופגערעקטן צושטאַנד. באלד איז זי געקומען צו זיך און ווידער געשריען.

— יאָ, — האָט זי געזאָגט — געוויס בין איך אַ דייטשע טאָכטער און וועל דאָס שטענדיק בלייבן. איך בין פונקט אזא דייטשער פּאטריאָטקע ווי איר. איך האלט אויך אז יעדער מוז אָפּהיטן די ריינקייט פון זיין בלוט און ראסע. איך ליב דייטשלאנד אזוי גוט ווי איר אַלע. אָבער אויב אַזאַ דייטשלאנד, ווי איר שטעלט זיך פאָר און ווי איר אַלע ווינטשן דאָס, דארף אופגעבויט ווערן אף בערג קברים, אויב אַזאַ דייטשלאנד קען זיך דער־הויבן נאָר איבער ימים בלוט,, איבער טייכן שוויים, וויל איך ניט זען אַזאַ דייטשלאַנד, ווי איר שטעלט זיך פאָר און ווי מיר אַלע ווינטשן דאָס, דארף וועט סוף כל סוף, דערטרונקען ווערן אין דעם בלוט וואָס זי פאַרגיסט. א לאַנד וואָס בויט זיך מיט שוויים און פּראַצע פון אונטערדריקטע מענטשן, וועט ניט לאנג באשטיין. זי וועט איינפאַלן און באגראָבן ווערן אונטער אירע אייגענע חורבות. די האנט וואָס שטרעקט זיך אויס יענעם צו ווערגן, וועט דערנאָך דערשטיקן איר אייגענעם קערפּער. היט זיך ה׳ ראָ־זענבערג, — האָט קאטיע נאָך אַלץ ברענענדיק פון כעס אויסגעשריען און א מידע איז זי ארייגעפאלן אין נאדיעס אָרעמס.

ראָזענבערג איז געשטאַנען די גאנצע צייט בלייך ווי א טויטער. ער האָט נאָך קיינמאָל קאטיען ניט געזען אזוי אין כעס. מיט זיינע גרויסע מער־דערישע אויגן האָט ער געוואָרפן בליקן אף די געסט, ער האָט געזוכט עפּעס א בליק וואָס זאָל אים אויסדריקן סימפּאטיע, אָבער קיין בליק האָט דאָס ניט אויסגעדריקט. קיין פּנים האָט ניט געוויזן צו אים די מינדעסטע סימפּאַטיע.

— עס פרייט מיך זייער, באַראָנעסע, — האָט ער צולעצט זיך אָפּ־

גערופן, וואָס ענדלעך זייט איר געקומען צו דעם באַוווסטזיין, אַז די דייי־טשע ריינע בלוט מוז אָפּגעהיט ווערן. דאָס איז זיכער אַ פּלוס צו אייער אַזוי שוואַכן אַקטיוו. אייער באַליידיקונג אָבער צו אונדזער דייטשלאַנד איז אומפּאַרציילעך. איר מוזט דאָס וויסן. דאָס דייטשע פֿאָלק וועט ניט דולדן קיינע באַליידיקונגען. באַזונדערס נאָך, ווען דאָס קומט פֿון אירע אייגענע פֿאָלקס־גענאָסן. דייטשלאַנדס שטראָפֿנדיקע האַנט וועט דערגרייכן אומעטום, ווו זיי זאָלן זיך ניט אויסבאַהאַלטן. זייט פֿאָרזיכטיק מיט אייערע רייד באַראָנעסע. איך וואָרן אייך. — אַ ברוגז'ער האָט ער זיך דערנאָך אופֿגעהויבן פֿון זיין פּלאַץ און איז אַרויסגעלאָפֿן פֿון שטוב.

אַ פּאָר טעג שפּעטער, נאָכן אינצידענט צווישן ראָזענבערגן און די באַראָנעסע, זיצנדיק איינמאָל באַם פֿרישטיק, האָט דער דינער אַריינגע־טראָגן אַ טעלעגראַם וואָס איז נאָר וואָס אָנגעקומען.

— פֿון וועמען איז דאָס? — האָט די מוטער אַ פֿרעג געטאָן.

דאָס איז פֿון ווילין, — האָט קאַטיע געענטפֿערט, — ער שרייבט, אַז ער האָט שוין דערפֿאָלגרייך פֿאַרענדיקט זיינע אַרבעטן אין קאָוונאַ און פֿאָרט צוריק אין פֿראַנקפֿורט. דורכפֿאָרנדיק בערלין, וועט ער באַ אונדז בלייבן אַ פּאָר טעג.

די באַראָנין האָט רויק אויסגעהערט קאַטיען, פֿאַרטראַכטערהייט איז זי געזעסן און געמישט דעם קאַפֿע, דערנאָך האָט זי אופֿגעהויבן איר בליק אויף קאַטיען און אַ זאָג געטאָן.

— הער זיך צו, קאַטיע, פֿאַרוואָס זאָלסטו איצט ניט מאַכן קיין ענדע צו דיין צווייפֿלען בנוגע ווילין? שוין צייט, אַז דו זאָלסט באַשטי־מען דיין חתונה מיט אים. מיר זיינען איצט געבליבן צוויי עלנדע פֿרויען אליין, פֿאַראייִנזאַמט און עלנד. די צייט איז שטורמיש. עס הערשט געוואַלט און ברוטאַליטעט, פֿרייהייט און זיכערקייט זיינען אונטערדריקט געוואָרן דורך זייערע הענט. האָב חתונה מיט ווילין, וועט ער באַטש אונדז באַשיצן אין אַ נויט פֿון זייערע ברוטאַלע אַגרעסיעס, אָדער האָסטו וואָס אויסצו־זעצן קעגן אים?

— ניין מאַמאַ, קעגן אים פֿערזענלעך האָב איך גאָרניט. ווייסט דאָך ווי איבערגעגעבן איך בין צו אים און ווי איך ליב אים נאָך היינט. אָבער

צו חתונה האָבן מיט אים צווייפל איך. ערשטנס, אויב דו מיינסט, אז ווילי וועט אונדז באַשיצן פון שלעכטס, קען איך דיר זאָגן, ווי די זאַכן זיינען היינט, איז ער דערצו ניט באַרופן. גיכער וועלן מיר אים מוזן באַשיצן ווי ער אונדז. צווייטנס, מאַמאַ, האַלט מיך אָפּ דערפון זיין פרעמד־אָפּשטאַמיקייט. אָפן געזאָגט, זיין יידישקייט. איך צווייפל שטאַרק, אויב א הייראַט צווישן צוויי פרעמד־בלוטיקע עלעמענטן קען ברענגען גליק. סוף־כל־סוף, זיינען גראַד אין דער הינזיכט, די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן ניט אומגערעכט. די אָפּהיטונג פון ראַסן־ריינקייט אין א פאָלק, ווירקט זייער פיל אַף זיין אַנטוויקלונג און שטאַרקונג פון גייסט. אָט פאַרוואָס איך האַלט מיך אָפּ חתונה צו האָבן מיט אים.

— אָבער, קינד, דאָס איז דאָך ריינער אומזין. ער ליבט דיר דאָך אַזוי שטאַרק. ער איז גרייט צו טאָן פאַר דיר אַלץ אין דער וועלט. צוליב דער ליבע צו דיר, האָט ער דאָך שוין אַפילו זיין אָפּשטאַם פאַרגעסן. זעסטו דען דאָס ניט אַליין? און ווייסטו נאָך וואָס? איך גלויב, אַז צוליב זיין ליבע צו דיר וועט ער זיך ניט אָפּזאָגן פון טויף אויך, ווען דו וועסט דאָס פון אים פאַרלאַנגען. איך פאַרשטיי ניט ווי מען קען דאָס זיין אַזוי גרויזאַם. דו האַנדלסט מיט אים זייער ברוטאַל, עס איז איינפאַך א רחמנות אַף אים.

— מאַמאַ, אין דער פראַגע פון הייראַטן מיט דעם אָדער יענעם מאַן, — האָט קאַטיע געענטפערט, — טאָר מען ניט נעמען אין אַכט קיינע סענטימענטן. רחמנות־געפילן קענען ניט זיין קיין מאָטיוו פאַר חתונה האָבן. וואָס איז שייך אים אָפּטויפן, ווייסטו דען ניט, מאַמאַ, אַז טויפן ענדערט נאָר די פאָרם אָבער ניט דעם אינהאַלט? טויפן איינעם, איז דאָס זעלבע ווי אָפּפאַרבן אַן אַלטע פאַרפוילטע שטיק מעבל. דער אויבן וועט טאַקע, נאָכן פאַרבן, זייער שיין גלאַנצן, אָבער אונטער דער פרישער פאַרב וועט אַלץ בלייבן די אַלטע פאַרפוילטקייט. דער טויף וועט ניט ענדערן דעם כאַראַקטער פון מענטשן. מיט זיין טויפן וועט ניט פאַרשווינדן פון אים זיין ראַסע. ניין, דאָס טויג ניט איך האָב עפּעס בעסערס צוגעקלערט. לאָז נאָר מיר דאָס רויק דורכפירן. דאָס וועט זיין געזונטער פאַר אונדז ביידן.

— טו ווי דיר געפעלט, מיין טאָכטער, דו ביזט דאָך די אויפגעקלער־

טע, און פארשטייסט אפשר בעסער פון מיר, — האָט איר די מוטער געענטפערט.

אף מאָרגן נאָך דעם שמועס איז ווילי אָנגעקומען. פון באראָנס טויט האָט ער נאָך ניט געוווסט. קאטיע האָט דאָס אים ניט געוואָלט שרייבן. זי האָט פארשטאַנען, אז ער וועט האָבן דערפון גרויס צער. ער איז געוואָרן באמת שטארק צוגעבונדן צום באראָן און האָט אים האָט אים זייער גערן געהאַט. ער האָט שוין לאַנג אופגעהערט צו זען אין אים דעם רוסישן הויכן באַאמטן, וואָס האָט אונטערדריקט זיין פאָלק. אזא זאַך האָט אים שוין ניט מער אינטערעסירט. ער האָט אין אים געזען בלויז דעם נאָבעלמאַן, וואָס מיט זיין גוטסקייט, האָט ער אים דערמעגלעכט ארופצושטייגן אף דעם שטאַפּל, אף וועלכן ער שטייט איצט. אים, דעם באראָן, האָט ער צו פאַרדאַנקען זיין פאָזיציע און געזעלשאפטלעכן פּלאַץ וואָס ער פארנעמט.

ווען ער איז אריין אין שטוב און די ביידע דאמען האָבן אים באַגעגנט אין טרויער־קליידער, דער באראָן האָט זיך ניט געזען, האָט ער תיכף פארשטאַנען, אז אין הויז איז אן אומגליק געשען. ער האָט זיך באגריסט מיט קאטיען און מיט שטומע בליקן געקוקט אף איר. ער האָט איר מיט די אויגן געפרעגט וואָס דער טרויער באדייט, און קאטיע, אָנשטאָט ווערטער, איז אים ארופגעפאלן מיט איר קאָפּ אפן ברוסט און א שטראָם טרערן האָט זיך גענומען גיסן פון אירע אויגן. כליפּענדיק און שטיקנדיק זיך מיט אירע טרערן, האָט זי אים דערנאָך דערציילט וואָס עס איז געשען.

ווילי האָט זיך אויך ניט געקענט איינהאלטן. ער האָט דערפילט באַ זיך אן אופריכטיקן צער איבער דעם באראָנס טויט. ער האָט ארומגענומען איר קאָפּ מיט ביידע הענט און אויך גענומען וויינען.

— וויין ניט, מיין ליבער ווילי, — האָט קאטיע, אָפּרייסנדיק איר קאָפּ פון זיין ברוסט געזאָגט, און מיט איר האנט האָט זי אים גענומען אויסווישן די טרערן פון זיינע אויגן. — דו טאָרסט ניט וויינען און דארפסט ניט האָבן קיין פאַרדרוס. איך און די מאמא ווייסן זייער גוט ווי צוגעבונדן דו ביזט געווען צו אונדזער ליבן פארשטאָרבענעם. מיר זיינען איבערצייגט אין דער אופריכטיקייט פון דיין צער. אָבער דו מוזט האָבן א

ריינעם קאָפּ און אַ קלאָרן געדאַנק. קיין זאַך טאָר דיר ניט שטערן. דו האָלסט איצט אין רעכטן בליען. דו מוזט שטייגן און גרויס ווערן. טרויער און צער קען שטערן דיין אַנטוויקלונג און דיין אַקטיוויטעט. טאָרסט זיך ניט לאָזן אָפּלענקן פון קיין זאַך. דיין גרויס ווערן, דיין באַרימט זיין און דיין לייסטן נוצלעכע אַרבעט פאַר אונדזער אומגליקלעך לאַנד, וועט זיין דער בעסטער אָנדענק פאַר מיין זעליקן פּאָפּאַ, וועמען דו האָסט אַזוי גערן געהאַט.

נאָכמיטיק, ווען אַלע דריי זיינען געזעסן באַם קאַפע אין האָל, האָט זיך קאַטיע אָפּגערופן:

— הער, ווילי, איך האָב צו דיר אַ גרויסע ביטע. איך דערוואַרט אָבער, אַז דו וועסט מיר אין דעם ניט אָפּזאָגן. איך ווייס, אַז דער מיניס־טער ראַטענוי שטעלט איצט צוזאַמען אַ פּערסאָנאַל פון אינזשעניערן און טעכניקער, כדי לויט דעם אָפּמאַך פון ראַפּאַלאָ אָרגאַניזירן די שווערע אינדוסטריע אין רוסלאַנד. די ספּעציאַליסטן דאַרפן דאָך האָבן אַ געהילפס־פּערסאָנאַל: סעקרעטאַרן, סטענאָגראַפן א. א. וו. איך וויל, מען זאָל מיר געבן אַ פּאָסטן אין דעם פּערסאָנאַל. איך וויל דורכויס זיין אין רוסלאַנד. אויף אַן אַנדער וועג קען איך דאָרטן ניט קומען. איך מוז דאָרטן אומבאַ־דינגט זיין. קענסטו אויסווירקן פאַר מיר אַזאַ פּאָסטן?

ווילי האָט אויסגעשטעלט אויף איר אַ פּאָר פאַרוווּנדערטע אויגן און זי אָנגעקוקט, ווי מען קוקט אָן אַ זעלטנהייט. אַ צייט האָט ער צו איר ניט געקענט אַ וואָרט אויסריידן פון איבעראַשונג.

— וואָס קוקסטו אויף מיך מיט אַזעלכע אויגן? — האָט זי אים גע־פרעגט.

— איך קוק — האָט ער ענדלעך געזאָגט, — און איך פאַרשטיי דיך ניט. — איך בין געקומען אַהער מיט דעם געדאַנק, אַז איך זאָל מיט דיר ריידן קלאָרע דיבורים. איך וויל, אַז דו זאָלסט דערקלערן אונדזער פאַרלאָ־בונג און טאַקע באַלד די חתונה. צום סוף, גאָר אַ נייער קאַפּריז. שוין גאָר פאָרן אין רוסלאַנד האָט זיך דיר פאַרוואָלט. נו, און וואָס וועט ווערן מיט אונדז? דיין ביטע האָט מיך איינפאַך איבעראַשט און איך ווייס ניט, וואָס דיר צו זאָגן.

— קאַטיע, — האָט די מוטער זיך אַריינגעמישט, — וואָס רעדסטו עפּעס, קינד? דו ווילסט מיך אַליין לאָזן צווישן די ווילדע רויבער און אַוועקפאָרן? ווי אַזוי קענסטו דאָס גאָר אַרויסלאָזן אַזאַ זאַך פון דיין מויל? איך וועל דאָס ניט איבערטראָגן. פאַרגעסט מסתמא, אַז דאָרטן קומט פאָר אַ ברודער־מלחמה. ווער ווייסט, וואָס מיט דיר קען געשען דאָרטן.

— מאַמאַ, האָב ניט קיין מורא, עס וועט מיר גאָרניט פּאַסירן. איך פאָר ניט דאָרטן האַלטן מלחמה און ניט מאַכן קיין רעוואָלוציע. וואָס איז שייך דיר — האָט קאַטיע געזאָגט — האָבן מיר שוין מיט די מאַנטייפּלס די זאַך אַרומגערעדט און באַזאָרגט. דו פאָרסט אין ווייניאַרדן, אין אונדזער גוט. זיי וועלן דיר באַזאָרגן דאָרטן מיט אַ געזעלשאַפטלערין, גוטע דינער־שאַפט און וועלן אַף דיך אַכטונג געבן די גאַנצע צייט, וואָס איך וועל זיין אין רוסלאַנד. איבעריקנס בלייב איך ניט לאַנג דאָרטן. איך קום באַלד צוריק. דעמאָלט, מאַמאַ, וועט שוין נעמען אַ סוף צווישן מיר און ווילין. מיר וועלן שוין קענען איינאָרדענען אונדזער לעבן נאָרמאַל און גיין אונדזער וועג.

— נו, ווילי, — האָט קאַטיע זיך געווענדעט צו אים — דו האָסט גע־הערט? וואָס שווייגסטו נאָך? פאַרוואָס ענטפערסטו מיר ניט? קענסטו דערפילן מיין ווונטש אָדער ניט?

ווילי האָט זיך אַביסל באַרויקט. ער האָט דערהערט, אַז קאַטיע דער־מאָנט זייער צוקונפט. הייסט דאָס, אַז זי האָט יאָ אין זינען זייער צו־קונפטיקן צוזאַמענלעבן. ער איז געוואָרן מוטיקער.

— איך טראַכט, — האָט ער געזאָגט, — ווי משוגעדיק זיינען די ווייבערישע קאַפּריזן. מיר דוכט, אַז קיין פּסיכאָלאָג אין דער וועלט, אַפילו פרויד איז ניט בכוח צו דערגרונטעווען זיך צו זייער נשמה. דו ביזט אין אַזאַ טרויעריקער לאַגע, איבערגעלעבט אַזאַ טראַגישן מאָמענט... דו מוזט האָבן איצט רו. דו מוזט האָבן לעבן זיך די צערטלעכקייט פון אַ מאַמען, די לאַסקעס פון אַ ליבנדיק האַרץ, דו נייטיקסט זיך אין טרייסט פון אַ טרייען פריינט. פאַרווילט זיך דיר גאָר מיטאַמאָל פאָרן אין רוס־לאַנד, שטיין אינמיטן פון ברודער־קריג, ליידן דאָרטן אַלערליי אומאַנגע־

געמלעבקייטן. אָבער אַלציינס, דיין פאַרלאַנג איז פאַר מיר אַ געזעץ. איך וועל דיין פאַרלאַנג געווים דערפילן, אַפילו דאָס זאָל מיר גיין אין לעבן. אָבער זיי וויסן, מיין טייערע, פון מיין ליבע וועסטו אַלציינס ניט אַנט־לויפן. מיין ליבנדיק הארץ וועט דיך נאָכגיין, אַזש אין רוסלאַנד אַפילו... דיין ליב פנים וועט זיין מיט מיר דאָ. מער ניט דיין נאָנטקייט וועל איך ניט האָבן.

— איך דאנק דיר, מיין ליבער ווילי, — האָט קאַטיע אים געזאָגט דריקנדיק זיין האנט. — איך האָב געוווסט, אַז דו וועסט טאָן פאַר מיר. איך ווייס אויך, ווי שטארק דו ליבסט מיך. גלויב מיר, אַז איך טו אַלץ, וואָס עס איז מיר מעגלעך, דיך צו זען אַ גליקלעכן און אַ געזיכערטן. איך האָף, אַז גאָר אינגיכן וועל איך דאָס זען. אין אויסלאַנד בלייב איך נישט לאַנג. אַזוי גיך, ווי איך קום צוריק, זעען מיר זיך, מיין ליבער, און דאַן האָף איך, וועלן מירביידע בלייבן צופרידן.

באַ ווילין איז דאָס הארץ געשפּרונגען פון פרייד, אַזוי אופגערעגט איז ער געוואָרן פון שמחה. קאַטיעס ווערטער זיינען געווען פאַר אים אַ גע־נוג קלאָרער און אומצווייפלהאַפטער באַווייז, אַז אַזוי גיך, ווי זי קומט פון רוסלאַנד, וועט זי ענדלעך ווערן זיינע. ער האָט געקוקט אַף איר מיט שטראַלנדיקע אויגן און אַ שיינענדיק פנים און געאיילט, וואָס גיכער צו דערפילן איר בקשה.

## דרייסיקסטער קאַפּיטל

פאַר זיין אָפּפאָרן פון בערלין האָט ווילי באַזוכט דעם מיניסטער ראַטענוי. דער מיניסטער איז נאָך אַלץ געווען זייער פאַרינטערעסירט אין דעם גאנג פון זיינע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, כאָטש זיין גאנצע צייט האָט ער געווידמעט דעם אויסערנמיניסטעריום. באַזונדערס האָט אים

אינטערעסירט זיין גרויסע אונטערנעמונג, די אעגע. בא יעדער געלעגנהייט, ווען ער האָט נאָר געקענט אָפּרייסן אַ מאָמענט פרייע צייט, האָט ער זיך אַראָפּגעכאַפּט אין פראנקפורט, כאַפּן אַ בליק אַף דעם ריזן ווערק, וואָס ער האָט געשאַפן. זיינע מיטאַרבעטער האָט ער געליבט, ווי אַ פּאָטער ליבט זיינע קינדער. אַלעמען האָט ער פּערזענלעך געקענט, מיט אַלעמען האָט ער זיך אינטערעסירט. דערזעענדיק איצט בא זיך אין קאַבינעט דעם אינזשע־ניער ווילי וואַלד, זיין מיטאַרבעטער, ועמען ער האָט פּאָרויסגעזען אַ גלענצנדיקע צוקונפט, האָט ער זיך שטאַרק מיט אים דערפרייט.

— נו, ליבער קאָלעגע, — האָט ער אים געזאָגט, — קודם וויל איך אייך אויסדריקן מיין אופריכטיקן ביילייד צום טויט פון באַראָן קאַרף, וואָס האָט אייך אַזויפיל גוטס געטאָן. דערנאָך וויל איך אייך גראַטולירן פאַר דער דערפאָלגרייכער אַרבעט, וואָס איר האָט געלייסטעט מיין ווערק, לייטנדיק די אַרבעט אין קאָוונע אַף אַזאַ גלענצנדיקן אופן. דער ליטוויי־שער מיניסטער האָט מיר פּערזענלעך איבערגעגעבן, אַז זיין רעגירונג איז זייער צופרידן מיט דער אַרבעט. דערפאַר קומט אייך געוויס אַ גוט פאַר־דינטער דאַנק. די טעג וועט אונדזער ווערק אין פראנקפורט שליסן נאָך אַן אָפּמאַך, דאָסמאָל מיט דער רעגירונג אין לעטלאַנד, איבערבויען און פּער־פּעקציאָנירן די ריגער עלעקטרישע צענטראַלע. די נייע אַרבעט וועט אויך אָנפאַרטרויט ווערן אייער לייטונג. איך האָב שוין דעריבער גערעדט מיט דעם הויפּטדירעקטאָר פון ווערק.

ווילי האָט אים באַדאַנקט פאַר דער אויפמערקזאַמקייט, וואָס ער שענקט אים און פאַרשפּראָכן, אַז ער וועט טאָן דאָס בעסטע צו וואָס ער איז פעיק פאַר דעם דערפאָלג פון דער אעגע, וועלכע ער האָט אַזוי ליב באַקומען. בא דער געלעגנהייט האָט ער איבערגעגעבן דעם מיניסטער קאַ־טיעס פאַרלאַנג, אָנגעשטעלט צו ווערן אין פּערסאָנאַל, וואָס וועט פאָרן קיין רוסלאַנד.

— זעלבסטפאַרשטענדלעך, וועל איך דערפילן איר פאַרלאַנג. עפּעס זיינען מיר דאָך איר שולדיק. איר פאָטער האָט דאָך פאַרלאָרן זיין לעבן, שטייענדיק אין אונדזער דינסט. — און דער מיניסטער האָט זאָפאָרט פאַרנאָטירט אין זיין נאָטיצביכעלע.

אין אַ וואָך אַרום האָט קאַטיע דערהאַלטן אַן אָפּיציעלע מעלדונג פון מיניסטעריום, אין וועלכער מען האָט איר מיטגעטיילט, אַז זי איז באַשטימט געוואָרן אַלס געהילפּסקראַפט צום פּערסאָנאַל, וואָס פאָרט קיין רוסלאַנד. זי האָט זיך תיכף צו מעלדן באַם אינזשעניער טשאַבעל, וועלכער וועט איר געבן די גענויערע אינסטרוקציעס.

דער אינזשעניער האָט איר אויפגענומען אויפן דייטשן אופן, זייער העפלעך און פריינטלעך. ער האָט איר אָנגעזאָגט, זי זאָל זיין גרייט. אומגעפער אין צוויי וואָכן אַרום וועלן זיי פאָרן אין מאָסקווע. דערביי האָט דער אינזשעניער געהאַלטן פאַר זיין פליכט איר צו באַמערקן, אַז היות זי איר האָך פון אַמאָליקן רוסישן אַדל, זי האָט געוויס אַ שנאה צו די איצטיקע רוסישע מאַכטהאָבער, זאָל זי בשום אופן ניט אַרויסווייזן איר קעגנערשאַפט עפנטלעך. אַזאַ זאַך וועט ער ניט דולדן. ער וויל דורכויס, אַז זייער פאַרברענגען אין מאָסקווע זאָל אָפּלויפן גלאַט, אָן אינצידענטן.

קאַטיע האָט דאָס אים פאַרזיכערט און האָט צוגעגעבן, אַז כאָטש זי איז אַ דייטשקע, באַטראַכט זי אָבער אַלע מענטשן גלייך. איר קימערט ניט, ווי דער מענטש דריקט אויס זיין גלויבן אין גאָט, עס אַרט מיר ניט, — האָט זי נאָך צוגעגעבן — אויב ער גלויבט אינגאַנצן ניט. — מיר קימערט אויך ניט, וועלכן פּאָליטישן גלויבן דער מענטש האָט. איך זוך באַם מענטשן זיינע עטישע קוואַליפיקאַציעס, באַזיצט ער אַזעלכע, איז ער באַ מיר אַ מענטש. האָט ער דאָס ניט, איז ער באַ מיר אַ דעמאָן, גאַנץ גלייך, צי ער איז אַ ייד, אַ רוס, אָדער אַ דייטש.

גיך האָט קאַטיע צוגעקליבן איר מוטער צו פאַרלאָזן בערלין. פּערזענלעך האָט זי איר באַגלייט צו זייער אַלטער היים, און צוזאַמען מיט די מאַנטייפלס האָט זי די מוטער איינגעאָרדנט און באַזאָרגט מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן. ווען זי איז געקומען צוריק, האָט זי שוין געפונען אַן איינלאַדונג, אַז אין צוויי טעג אַרום דאַרף זי קומען אין ביוראָ פון אינזשעניער טשאַבעל, פונוואַנען זיי וועלן צוזאַמען פאָרן אין מאָסקווע.

פאָרנדיק צוריק פון איר גוט, האָט קאַטיע געמאַכט אַ באַזוך אין מעמעל. זי איז גלייך אַוועק צו דער אַלטער עטלען זען, וואָס זי מאַכט און ווי עס גייט איר דאָרטן מיטן קינד.

— איר ווייסט, פרוי וואַלדמאַן, — האָט זי געזאָגט צו עטלען — איך פאַר דאָך די צייטן אין רוסלאַנד.

— פאַרט געזונטערהייט און האָט אַ גליקלעכע רייזע — האָט עטל איר געענטפערט. — איר פאַרט, מסתמא, דאַרפט איר דאָך פאַרן.

— קענט איר מיר ניט זאָגן דעם אַדרעס פון זיין מוטער? — האָט זי אַ פאַרטראַכטע, באַוויזן אַף איצעלען.

עטל האָט אַ מאָדנעם קוק געטאָן אַף איר, ווי זי וואָלט וועלן דורכ־דרייגען מיט אירע אויגן. צו וואָס דאַרף דאָס קאַטיע אַזוי נייטיק וויסן איר אַדרעס און וואָס באַדאַרף זי איר האָבן בכלל... דערנאָך האָט זי זיך אָפּ־גערופן:

— וו וועט איר זי געפינען אין רוסלאַנד? פונקט, ווי איר וואָלט זוכן אַ נאָדל אין אַ וואָגן היי. איך ווייס, אַמאָל האָט זי געלעבט אין פּאָל־טאַווע, היינט, ווייס איך אַליין ניט. ווען מיר זיינען פון דאָרטן אַרויסגע־פאָרן, האָט זי געזאָגט — האָט זי געזאָלט גיין חתונה האָבן. הגם, כ'גלויב דאָס ניט. זי האָט דאָס עקסטרע געזאָגט, ווייל זי האָט געוואָלט מאַכן פאַרדרוס איר פאָטער. זי איז געווען זייער פאַרביטערט, טראָץ אירע אַלע פאַרווייליונגען און פריילעכע פאַרברענגענס. עס האָט איר שטאַרק געדריקט וואָס אַפּן האַרצן. זי האָט ניט געקענט פאַרגעסן איר וועלוועלען, וועמען זי האָט דאָך אַזוי שטאַרק געליבט. זי האָט שרעקלעך געליטן, האָט זי געזוכט אַ מיטל, ווי ניט איז, איבערגעוואַלט אים צו פאַרגעסן. אויב איר ווילט, זי ניט אַנדערש אויפזוכן,וועט איר זי שוין יאָ געפינען... גיט איר אָפּ אַ גרוס פון מיר, פון איצעלען און... טאַקע פון אים אויך. — און עטל האָט איר געגעבן סאָניעס אַלטן אַדרעס. — איר זאָלט פרעגן אַף סאָניע וואַלדמאַן, וועט מען אייך ווייזן, אַלע האָבן זי דאָרטן געקענט.

---

די דייטשע טעכנישע קאָמיסיע, וואָס איז געקומען אין מאָסקווע העלפן אָרגאַניזירן דאָרטן די שווערע אינדוסטריע, איז איינקוואַרטירט געוואָרן אין איינע פון די שענסטע הייזער, אינעם שטאָט־פּערטל, וואָס האָט אַמאָל געקלונגען איבער גאַנץ רוסלאַנד, אין דער געגנט „אילינסקאַיאַ וואָראָטאַ". צו דעם טייל פּערסאָנאַל, וואָס איז געקומען פון דייטשלאַנד,

האָט די סאָוועטישע רעגירונג אויך צוגעגעבן איר פּערסאָנאַל. צוזאַמען מיט קאַטיען איז אַריינגעפאַלן דאָרטן אַרבעטן, טאַקע אין איר אָפּטייל, אַ רוסיש מיידל, נאַסטאַסיאַ גאָרקאָוואַ, האָט זי געהייסן. נאַסטאַסיאַ איז געווען אַ הויך, שיין מיידל, פריינטלעך און גוטהאַרציק, ווי די טיפּישע רוסן זיינען דאָס אַלע מאָל געווען. זי האָט געשטאַמט פון אַ שטאָטישער פאַמיליע, געווען אַמאָל רייך, אָבער דורך דער רעוואָלוציע איז איר פאַמיליע אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון אירע באַלעבאַטישע רעכטן און זיי זיינען פאַראָרעמט געוואָרן. כאָטש דאָס מיידל האָט זיך געגעבן די גרעסטע מי, זיך גיך איינצופּאַסן אין די נייע לעבנספאָרמען פון סאָוויעטישן רוסלאַנד, אַזוי צו זאָגן, זיך פּראָלעטאַריזירן, אַרבעטן פלייסיק און זיך אונטערוואַרפן די פאָדערונג פון אירע פאָרגעזעצטע, איז דאָך בא איר אין האַרצן פאַרבליבן געוויסע דערינערונגען פון אַמאָליקן לעבן ,פון וועלכע זי האָט זיך אַזוי גיך ניט געקענט באַפרייען. זי האָט נאָך געהאַט געוויסע קעגנערשאַפט צום נייעם לעבן. מיט קאַטיען איז זי גיך באַפריינדעט געוואָרן. זי האָט אין איר געפונען אַ חברטע, מיט וועלכער זי האָט געקענט פריי ריידן פון אַמאָליקע גליקלעכע צייטן. די פריינטשאַפט צווישן דיביידע מיידלעך איז געווען אַן אופריכטיקע און האַרציקע. צוזאַמען האָבן זיי דאָס רוב געגעסן, זייער אָפט האָבן זיי אַפילו צוזאַמען אין איין בעט געשלאָפן. אין די פרייע אָוונטן האָבן זיי צוזאַמען פאַרבראַכט און שפּאַצירט און האָבן זיך פאַרטרויט קעגנזייטיק אַלע סודות פון זייער צופעליקן צוזאַמענלעבן.

— זאָג מיר, נאַסטאַסיאַ, — האָט אַמאָל קאַטיע געפרעגט — אָבער זאָג דאָס מיר אָפן און פריי. געפעלט דיר דער נייער לעבן דאָ? האָסטו זיך שוין צוגעוווינט צום לעבן און קענסט מיטגיין מיטן שטראָם? בענקסטו ניט נאָך די אַלטע גוטע צייטן?

נאַסטיע האָט אַ קוק געטאָן אויף איר חברטע, געוואָלט זען, ווי ווייט ערנסט זי מיינט דאָס מיט איר פראַגע. און זעענדיק, אַז זי מיינט דאָס טאַקע ערנסט, האָט זי געענטפערט:

— אין אַ געוויסער מאָס, געפעלט דאָס מיר, קאַטיע. איך האָב מיך צוגעוווינט צום נייעם לעבן און עס גייט. איך קען מיטגיין. אָבער, דאָך

גיט דאָס נאָך פֿאַרשיידענע זאַכן צו וועלכע עס פֿאַלט מיר שווער זיך צו־געוווינען. אָט נעמען מיר, צום ביישפּיל, דער נייער סיסטעם פֿון פֿאַמיליען־לעבן באַ אונדז. דאָס איז פֿאַר מיר פֿרעמד און שווער אָראָפּצושלינגען. עפּעס קומט מיר אויס, אַז דאָ איז אַ פֿרוי קיינמאָל ניט זיכער מיט איר גליק און איר היים. טאָמער געפֿינט שוין דאָ די פֿרוי אַ יינגל, וואָס איז איר ליב, וואָס איז איר צום האַרצן און וויל מיט אים לעבן, איז זי קיינ־מאָל ניט זיכער מיט אים. אָט גייען זיי און פֿאַרשרייבן זיך. דאַכט זיך, שוין גוט, מען איז מאַן און ווייב. זי מיינט, אַז ער איז שוין אירער אַף אייביק און וועט געניסן פֿון גליק און פֿרייד פֿונעם לעבן. הויבט זיך גאָר־ניט אָן .דער מאַן דרייט זיך אַרום אין דער געזעלשאַפֿט, טרעפֿט זיך צופֿע־ליק מיט אַן אַנדער פֿרוי, אַ שענערע, אַ קליגערע, אַ יינגערע, אָדער אַזאַ, וואָס פֿאַרשטייט בעסער אים דעם קאָפּ צו פֿאַרדרייען, און ער פֿירט דיך שוין ווידער אין ביוראָ. מען שרייבט זיך אויס, הייסט דאָס באַ אונדז. און אויס מיט דיין גליק, אויס מיט דיין פֿרייד, אויס מיט דיין היים. דאָס לעבן ווערט ווידער צעבראָכן, מאַנאַטאָן, דאָס היים צעשטערט. דאָס איז דאָס איינציקע אומבאַקוועמע, וואָס איך געפֿין אין דעם סיסטעם, — האָט נאַסטיע צוגעגעבן.

— איך פֿאַרשטיי דיך, איך פֿאַרשטיי דיין סענטימענט, נאַסטיע, — האָט קאַטיע איר געענטפֿערט. — דאָס ריידן פֿון דיר די רעשטלעך פֿון דיין אַמאָליקן, אַזויגערופֿענעם בירגערלעכן לעבן. אָבער דו האָסט אַ טעות. מיין ניט, אַז אין יענע קרייזן איז די זאַך בעסער. ניט אַלץ איז גאָלד, וואָס עס שיינט. פֿאַרקערט, איך געפֿין דעם נייעם סיסטעם אינעם פֿאַמיליען־לע־בן דאָ בעסער און פּראַקטישער. אין דער הינזיכט איז דער אַלטער סיסטעם פֿיל אָפּגעשטאַנענער, אַלטמאָדיש, אָפּגעלעבט און פֿיל ערגער. באַ דעם אַלטן סיסטעם האָט מען ליבע געגנבעט, מען האָט גערויבט ליבע איינער פֿון אַנדערן. אַ פֿרוי האָט געגנבעט ליבע פֿון איר חברטע, אַ מאַן האָט געגנבעט ליבע פֿון זיין פֿריינט. ווי קעשענע־גנבים האָבן זיי די ליבע געגנבעט, ווו און ווען עס האָט זיך נאָר געלאָזן. מען איז אין יענע קרייזן אויך קיינמאָל ניט זיכער מיט דער פֿרייד פֿון לעבן. דורך דער געגנבעטער ליבע ווערן אויך לעבנס צעבראָכן, גליק רוינירט, וואַרעמע נעסטן פֿון אַ

פֿאַר זיך־ליבנדיקע נשמות ווערן גרוזאַם צעשטערט. בײַ דעם נײַעם סיס־טעם, ווײַניקסטנס, נעמט מען די ליבע לעגאַל, געזעצלעך, פּראַנק און פֿרײַ. מען גנבעט זי ניט. קיינער קען צו דיר קיין טענות ניט האָבן. דער מאַן געפֿעלט דיר ניט מער, אָדער די פֿרוי געפֿעלט דעם מאַן ניט מער, פֿירן זיי דאָס דורך אויף אַ לײַטישן אופֿן, און פּטור. אָט נעם מיך, נאַסטיע. איך בין אויך אַ גנבטע. איך האָב אויך געגנבעט ליבע פֿון אַ צווייטער פֿרוי. איך טראָג מיך אַרום נאָך הײַנט מיט דער געגנבעטער ליבע. דאָס איז שרעקלעך, אומענטשלעך, געמיין. דאָס פּײַניקט מיך זייער און איך לײַד דערפֿון. איך האָב אַ געפֿיל, ווי איך וואָלט מיך אַרומגעטראָגן מיט אַ שטיק געגנבעטע צירונג און אַלע טייטלען אויף מיך מיט די פֿינגער, אַז אָט גייט דער גנב... איך מיין, אַז אַלע דערקענען דאָס געלאַטכנטע שטיק צירונג...

— נו, טאָ ווער הייסט דיר גנבענען ליבע? אויב בײַ דיר איז דאָס אַזוי שרעקלעך? — האָט נאַסטיע איר געפֿרעגט. — דו זאָגסט, אַז דיר פּײַניקט דאָס. עס איז בײַ דיר ווי אַ געגנבעטע שטיק צירונג. נעם, גיב דאָס אָפּ צוריק, וועסטו פֿאַרשפּאָרן צו לײַדן, וועסטו האָבן אַ רויקן געוויסן.

— יאָ, קינד, נאַסטיע ליבינקע, — האָט קאַטיע זיך צוטוליענדיק צו איר געענטפֿערט. — דאָס וויל איך טאַקע טאָן. צוליב דעם בין איך טאַקע אַהער געקומען. מײַנסט טאַקע, מיר פֿעלט די שטעלע דאָ? איך בין געקו־מען אַהער, אָבער איך קען זי ניט געפֿינען. איך ווייס ניט, וווּ זי צו זוכן. מען האָט מיר מיטגעגעבן איר אַדרעס, אַז זי זאָל זיך געפֿינען אין פּאָל־טאַווע. איך האָב שוין געזוכט דאָרטן, זיך נאָכגעפֿרעגט, געפֿאָרשט און איך געפֿין זי ניט. איך האָב דערפֿון זייער פֿיל צער. איך האָב צעבראָכן אַ לעבן און וועלן וואָלט ווידער דאָס גוט מאַכן.

נאַסטיע איז גערירט געוואָרן פֿון קאַטיעס צער. זי האָט געשפּירט, אַז קאַטיע לײַדט טאַקע דערפֿון אין דער אמתן. זי האָט געפֿילט, אַז אירע ווערטער גייען אַרויס פֿון אַ צעווייטיקט האַרץ. זי האָט געשפּירט, אַז קאַ־טיע טראָגט זיך אַרום מיט אַ ווונד אין האַרצן. האָט זי אויף איר שטאַרק מיטלייד געהאַט.

— נעם זיך ניט אַזוי צום האַרצן, — האָט זי איר געזאָגט, און גע־

גלעט זי איבערן קאָפּ. — איך וועל דיר העלפן אויסגעפינען און קער איר אום די געגנבעטע ליבע, ווי דו האָסט זיך דאָס אויסגעדריקט. אָבער איך פאַרשטיי ניט, ווי דו וועסט דאָס מאכן. דאָס איז דאָך פאָרט ניט קיין שטיק צירונג. מען קען דאָך דאָס ניט נעמען און געבן.

— וואָס איז שייך דאָס, — האָט קאַטיע געזאָגט, — וועל איך שוין דאָס קענען טאָן. איך האָב פאַרשטאַנען צו נעמען, מוז איך אויך פאַר־שטיין צוריקצוגעבן.

— הער זיך צו, קאַטינקע. איך האָב דאָ אַ באַקאַנטע פאַמיליע — האָט נאַסטיע, נאָך אַ ווײַלע שווײַגן געזאָגט — זיי זײַנען אַהער געקומען מיט אַ יאָר צוריק פון פּאָלטאַווע. דאָס איז אַ מוטער מיט אַ טאָכטער. זייער פיינע און ליטישע מענטשן. איך וועל זיי פרעגן. זיי וועלן אודאי וויסן פון דער פרוי. פּאָלטאַווע איז דאָך ניט קיין גרויסע שטאָט. וועט מען זיך מיט דער פרוי דײַנע צוזאַמענשרייבן.

— אָ, ווי גוט! — האָט קאַטיע אַ פריילעכע אויסגעשריען. — אַ גרויסן דאַנק דיר, נאַסטינקע, פאַר דײַן פריינטלעכקייט.— און האָט איר אַזש אַ קוש געטאָן פון צופרידנקייט.

ביידע מיידלעך האָבן דערנאָך גאַנץ פריילעך פאַרבראַכט דעם אָוונט בײַ קאַטיען אין צימער. נאָכן עסן זײַנען זיי אַרויס אין גאַס אביסל זיך דורכ־שפּאַצירן. דורכקרייצנדיק אַ גאַס האָבן זיי דערהערט ווי, צייטונגס־פאַר־קויפער שרייען: „סענסאַציאָנעלער מאָרד אין בערלין! דערמאָרדעט דעם אויסערנמיניסטער ראַטענוי! די מערדער זײַנען פון דער פּאַרטיי נאַציאָ־נאַל־סאָציאַליסטן"!

קאַטיע האָט זיך אָפּגעשטעלט. איר פּנים איז פּלוצלינג באַדעקט גע־וואָרן מיט אַ בלאַסקייט. זי האָט אופגעציטערט אינגאַנצן. — אוי, נאַס־טינקע, עס איז שרעקלעך, — האָט קאַטיע זי גענומען רייסן און שלעפּן פאַרן אַרבל. זיין לעבן איז איצט אין גרויס געפאַר. אויב מען מאָרדעט שוין באַ'אונדז מענטשן אין די גאַסן... איך ציטער פאַר זיין לעבן. זע, נאַסטינ־קע, קום וואָס גיכער. העלף מיך אים ראַטעווען... — און קאַטיע האָט זיך אָפּן גאַס פאַרנאַנדערגעוויינט, ווי אַ קליין קינד.

— אָבער, וואָס איז מיט דיר געוואָרן? — האָט נאַסטיע, ניט וויסנ־

דיק די באַדייטונג פון אירע ווערטער, אַ צעשראָקענע געפרעגט. — איך פאַרשטיי ניט איין וואָרט. ווער איז דאָס דער „ער", פאַר וועמענס לעבן דו ציטערסט, און וואָס איז דאָס פאַר אַ וויינען אין גאַס? באַרויק דיך, קאַטיע, איך וועל טאָן אַלץ, וואָס עס איז מעגלעך דיר צו העלפן. נאָך היינט וועל איך זיין באַ דער פאַמיליע פון וועלכער איך האָב דיר געזאָגט און וועל פאַרזוכן אויסצוגעפינען די פרוי, וואָס דו זוכסט.

נאַסטיע האָט געהאַלטן וואָרט. דעמזעלביקן אָוונט איז זי געווען באַ דער פאַמיליע און געגומען נאָכפרעגן אַף אַ פרוי אין פּאָלטאַווע, וואָס מען רופט זי, סאָניע וואַלדמאַן און שטאַמט פון פּליכטלינגע. אָבער די מוטער און טאָכטער האָבן אַזאַ פרוי ניט געקענט. זיי האָבן זיך אָבער אָנגעבאָטן צו שרייבן צו זייער אַ באַקאַנטע און גוט באַפריינדעטע פרוי, סאָפיאַ סאַלאָמאָנאָוונאַ ליכט, הייסט זי. זייער אַ ווױלע און אָנשטענדיקע דאַמע. זי איז די געוועזענע כלה פון זייער זון און ברודער, אַן אינזשעניער, וואָס איז דערשאָסן געוואָרן דאָרטן, פאַר מכלומרשטע סאַבאָטאַזש. זי, די פרוי אַליין, האָבן מוטער און טאָכטער צוגעגעבן, איז אויך פון די אַמאָ־ליקע פּליכטלינגע, וועט זי זיכער קענען אַזאַ פרוי. נאַסטיע האָט מיט דאַנקבאַרקייט אָנגענומען זייער פאָרשלאָג און האָט שפּעטער איבערגעגעבן קאַטיען פון איר אונטערריידונג מיט דער פאַמיליע.

אין אַ וואָך אַרום, איז איינמאָל נאַסטיע אַריינגעלאָפן צו קאַטיען אין אַרבעטסצימער און איר פּנים האָט געשיינט פון פרייד. זי האָט גע־האַלטן אין האַנט אַ בריוו און פונוויטן האָט זי שוין אים געוויזן קאַטיען.

— זעסט, — האָט זי נאָך פונוויטנס געשריען — אָט איז אַ בריוו פון פּאָלטאַווע, און זייער אַ גוטער בריוו. מיין באַקאַנטע פאַמיליע האָט שוין באַקומען אַן ענטפער פון דער סאָפיאַ ליכט. זי שרייבט, אַז זי קען אויסגעצייכנט סאָניע וואַלדמאַן. יענע וויל אָבער ניט קומען אין קיין פאַרבינדונג מיט קיינעם, בעפאָר זי וועט ניט וויסן, ווער איז די פרוי, וואָס פרעגט אַף איר.

קאַטיע האָט אויסגעלייענט די עטלעכע ווערטער און האָט זיך פאַר־טראַכט איבער זיי אַף אַ מאָמענט. דערנאָך האָט זי זיך אָפּגערופן צו איר פריינדין:

— נאסטיע, דו מוזט מיך באקענען מיט דער פאמיליע דיינער. איך זע, אז שרייבנדיק אהין און צוריק וועט גארניט ארויסקומען. איך וויל א בריוו פון דער פאמיליע צו סאפיא סאלאמאנאוונא ליכט. איך וועל פער־זענלעך פארן אין פאלטאווע און מיט איר מיטהילף מוז איך זען סאניע וואלדמאן און ריידן מיט איר. איך מוז דאס טאן, וואס גיכער. די צייט אין דייטשלאנד איז איצט א געפערלעכע. מיט יעדן טאג, וואס עס גייט אוועק, ווערט גרעסער די געפאר פאר זיין לעבן. זיין לעבן הענגט אף א האר.

— אבער אום גאטעס ווילן, — האט נאסטיע אויסגעשריען — ווער איז דאס דער „ער" פון וועמן דו הערסט ניט אוף צו ריידן און פאר וועמענס לעבן דו ציטערסט אזוי טאג ווי נאכט? איז דאס דערזועלביקער, וועמען דו האסט צוגעגנבעט פון אן אנדער פרוי? אויב דו שרעקסט זיך אזוי פאר זיין לעבן ליבסטו דאך אים נאך היינט אויך. טא וואס אזא איילעניש מיטן אפגעבן צוריק דאס געגנבעטע? האלט אים בעסער פאר זיך, גיב אים קיינעם ניט.

— ניין, נאסטינקע, מער קען איך דאס ניט אריבערטראגן. איך לייד אויסערגעוויינלעך פיל דערפון. איך וועל אין מיין לעבן קיינמאל ניט גליק־לעך זיין, אז איך זאל ניט אומקערן צוריק דאס, וואס איך האב גענומען, ווי א גנב, ניט ערלעך, ניט לעגאל. איך מוז דאס טאן אונטער אלע אומ־שטענדן.

## איינאונדרייסיקסטער קאפיטל

די אמאליקע סאניע וואלדמאן פון ריטעווע, איצט באקאנט אונטערן נאמען, סאפיא סאלאמאנאוונא ליכט, איז די לעצטע טעג ארומגעגאנגען שטארק צערודערט און צעטראגן. שוין א לענגערע צייט, ווי מען האט בא־

מערקט, אַז זי איז ניט מער די פריערדיקע, פריילעכע און לוסטיקע סאָפּיאַ. עפּעס האָט זיך געטומען באַוויזן אַן אומעט אין אירע שיינע אויגן. איר שיינעם, פרישן פּנים האָט באַדעקט אַ טרויער. זי איז געוואָרן איינגעשלאָסן אין זיך און ניט אַזוי באַריידעוודיק ווי אַמאָל. באַזונדערס אָבער איז זי אַרומגעגאַנגען פאַרקלערט און צעטראָגן זינט זי האָט דערהאַלטן דעם בריוו פון מאָסקווע, פון אירע אַמאָליקע פריינט. עפּעס האָט זי דעם בריוו ניט געקענט רעכט פאַרשטיין. דער בריוו האָט אין איר אַרויסגערופן אַ גאַנצן שטורעם פון דערינערונגען, וועלכע זי האָט זיך אַזוי געסטאַרעט צו פאַרגעסן און האָט זיי ניט געקענט פאַרגעסן. מען שרייבט איר, אַז עפּעס אַ דייטשקע, פון טעכנישן פּערסאָנאַל, וואָס אַרבעט אין מאָסקווע פרעגט זיך נאָך אַף איר און וויל דורכויס מיט איר ריידן. אָט דער בריוו האָט באַ איר אַוועקגענומען איר גאַנצע רו. ווער קען דאָס זיין די דייטשקע? האָט זי זיך געשטעלט די פראַגע, שוין צום וויפלטן מאָל. זי האָט זיך אַלץ געבראָכן דעם קאָפּ, ווער קען דאָס זיין די דייטשקע, וואָס קען זי מיט איר פריערדיקן נאָמען. אַף וויפל זי קען זיך דערמאָנען די לעצטע יאָרן פון איר לעבן, סיי אין רימעוועו, סיי דאָ, האָט זי ניט קיין באַקאַנטע דייטשקע. זי האָט קיינמאָל מיט קיין דייטשקעס ניט געהאַט צו טאָן. יאָ, פון איינער אַ דייטשקע ווייסט זי יאָ... יענע דייטשקע, וואָס האָט איר דאָס לעבן צעבראָכן, וואָס האָט געטריבן איר טייערן וועלוועלען צום טויט. דאָס איז אַ טייוול אין דער געשטאַלט פון אַ דייטשקע. דאָס איז דער דעמאָן, וואָס האָט אַוועקגערויבט די פרייד פון איר לעבן, וואָס האָט צוגענומען איר שטיקל גליק און וואָס האָט זי עד היום אומגליקלעך געמאַכט. ווייטער קען זי קיינעם ניט.

היינט אויך. זי איז געקומען פון איר דינסט. זי איז מיד און באַדאַרף האָבן רו. זי האָט זיך גענומען מאַכן אַ גלאָז טיי. עפּעס וואָס איבערכאַפּן. דערנאָך האָט זי באַדאַרפט גיין אין זייער קלוב, אויסהערן דעם רעפעראַט פון אירן אַ שעף, וואָס מען מוז אים הערן, צי מען וויל אָדער מען וויל ניט... ווידער איז איר אַרופגעקומען אַפן געדאַנק דער בריוו פון מאָסקווע. ווידער האָט איר גענומען ברעכן דער קאָפּ, ווער קען דאָס זיין? און נאָך פון דייטשן טעכנישן פּערסאָנאַל, בשעת זי קען קיינע דייטשע פרוי־

ען ניט. שאַ, איז איר אַריינגעקומען אַ געדאַנק אין קאָפּ. אפשר איז דאָס טאַקע די זעלביקע טייוול, די קאַטיע קאַרף? איי, ווי קומט זי אין טעבנישן פּערסאָנאַל? מאַלע וואָס קען פּאַסירן? היינטיקע צייטן זיינען אומנאָרמאַלע. אויב באַ אונדז האָט זיך איינגאַנצן געביטן דער אַספּעקט פון לעבן, האָט דאָך דאָסזעלביקע געקענט פּאַסירן אויך דאָרטן. דייטשלאַנד האָט אויך איבערגעלעבט אַ רעוואָלוציע. קען זייער זיין, אַז די אַריסטאָקראַטקע, די אַמאָליקע באַראָנעסע, איז היינט אַזוי ווי איך, אַן איינפּאַכע ביוראָ־אָנגעשטעלטע. אַלץ קען פּאַסירן. דערמאָנענדיק אָבער יענעם נאָמען, האָט זי אופגעשוידערט פון שרעק. ווען איך זע זי איצט, ווען זי פּאַלט אַריין אין מיינע הענט, איך וואָלט זי צעריסן, ווי אַ הערינג. איך וואָלט זי מיט מיינע הענט צעקוועטשט, ווי אַ לימאָנע. איך וואָלט אַף איר אויסגעגאָסן דעם גאַנצן גאַל, וואָס עס האָט זיך באַ מיר אָנגעקליבן פאַר דער צייט.

טראַכטנדיק פון דער דאַמע איז איר מיטאַמאָל אַרוף אַפן זינען איר שטעטעלע און איר פאַמיליע. אפשר ניט באַדאַרפט איבערייסן מיט זיי? וואָס זיינען זיי שולדיק אין מיין אומגליק? איך וואָלט געשטאַנען מיט זיי אין פאַרבינדונג, וואָלט איך געהערט פון מיין קינד, זיין קינד. ער מוז שוין זיין אַ גרויסער יונג. ער איז שוין אודאי אָפּגעפרעמדט פון מיר. און אפשר איז אַזוי גלייכער. ער וואָלט מיר שטענדיק דערמאָנט אָן אים. אייביק וואָלט מיין האַרץ געבלוטיקט, דערמאָנענדיק זיך אָן מיין פאַרלאָרן גליק. ווי נאַריש איך בין דאָס, האָט זי ווייטער געטראַכט, איך זאָג, איך וואָלט מיך דערמאָנט אָן אים... אַפנים, אַז איך האָב אים כאָטש איין מאָמענט אַרויסגעלאָזן פון זינען? וויפל איך האָב מיך ניט באַמיט זיך צו פאַרשיכורן מיט אַנדערע געדאַנקען, פאַרווייַלונגען און פאַרגעניגנס, איז דאָך דאָס מיר ניט געלונגען. נאָר מיין געדאַנק איז פול מיט אים און נאָר איך טראַכט פון אים.

אַ קלאַפּ אין טיר האָט איבערגעריסן דעם פאָדים פון אירע געדאַנקען.

— אַריין! — האָט סאָניע אַ געשריי געטאָן — און איז געלאָפן צו דער טיר זען, ווער איז דאָס דער גאַסט, וואָס קומט צו איר.

עס האָט זיך געעפנט די טיר און אַ יונגע, עלעגאַנט־געקליידעטע דא־

מע, מיט אַ שוואַרצע וואָלקע אויפן פּנים, האָט זיך באַוויזן.

סאָניע איז געבליבן שטיין און מיט פאַרחידושטע אויגן גענומען באַטראַכטן די עלעגאַנטע קליידונג פון דער דאַמע. אַזעלכע קליידער האָט זי ניט געזען צו יענער צייט אין רוסלאַנד. איר איז באַלד אויפגעפאַלן, אַז דאָס מוז ניט זיין קיין רוסישע פרוי. ווער זשע קען דאָס זיין? צי איז עס גאָר ניט אַמאָל די דייטשקע, וואָס זוכט זי אַרום, פון וועלכע אירע מאָס־קווער פריינט האָבן איר געשריבן?...

לאַנג האָט איר די דאַמע ניט געלאָזט טראַכטן.

— האָב איך דעם כבוד צו ריידן מיט סאָפיאַ סאַלאָמאָנאָווגא ליכט?

— האָט די דאַמע געפרעגט אין זייער אַ העפלעכן טאָן און אין אַ גוטן רוסיש.

באַקומענדיק אַ צושטימענדיקן ענטפער, האָט די דאַמע גענומען עפענען איר האַנט־טאַש.

— איך האָב פאַר אייך אַ בריוו פון מאָסקווע — האָט זי געזאָגט, אָנקוקנדיק שאַרף איר פּנים. — אַנטשולדיקט, אייער געזיכט קומט מיר פאַר זייער באַקאַנט. ווו האָב איך אייך געזען אַמאָל? — און אַלץ אויפ־מערקזאַם געקוקט איר אין פּנים, וועלנדיק זיך דערמאָנען, ווו זי האָט זיך געטראָפן מיט איר.

סאָניע איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויפן זעלביקן אָרט און האָט אויך אויפמערקזאַם באַטראַכט די פרעמדע, האַלטנדיק אויסגעצויגן איר האַנט, אָפּצונעמען דעם בריוו פון איר.

— אָבער, גאָט מיינער! — האָט פלוצלינג קאַטיע אויסגעשריען — וואָס טוט זיך דאָ! איצט דערמאָן איך מיך, ווו איך האָב אייך געזען! איר זיינט דאָך סאָניע, סאָניע וואַלדמאַן, די וועמען איך זוך!...

— יאָ, דאָס בין איך — האָט סאָניע שטאַמלענדיק געענטפערט. — ווער זשע זיינט איר, וואָס איר קענט מיך אַזוי גוט?

— נו, און איר דערקענט מיך טאַקע ניט?

זי האָט אויפגעהייבן איר וואָלקע פון די אויגן. — איך בין קאַטיע, די טאָכטער פון באַראָן קאַרפּ. איצט ווייסט איר שוין ווער איך בין?...

סאָניעס קערפּער האָט קאָנוולסיוו זיך גענומען ציטערן. עס האָט

איר געוואָרפן, ווי אין קדחת. די פאַרבן אין איר געזיכט האָבן זיך געביטן. זי איז אָפּגעטראָטן אַף צוריק אַ פּאָר טריט. אירע גרויסע אויגן זיינען פול געוואָרן מיט פייער און צאָרן. זי האָט דערשפּירט אין זיך, אַז זי איז באַהערשט געוואָרן פון אַ ווילדן כעס. זי האָט זיך איינגעגעסן מיט אירע ברענענדיקע אויגן אין קאַטיעס געזיכט, וואָס איז געשטאַנען באַוועגונגסלאָז, נאָך אַלץ האַלטנדיק אין האַנט די אופגעהייבענע וואַלקע, ווי זי וואָלט זאָגן: נאַ, קוק מיך גוט אָן. און אָפּמעסטנדיק זי מיט אַ פאַראַכטנדיק בליק פון אויבן אַראָפּ, האָט זי מיט רציחה אַ געשריי געטאָן:

— איר גיפטיקע שלאַנג, איר נידערטרעכטיקע בריאה, וואָס איר זייט! ווי וואַגט איר צו קומען פאַר מיינע אויגן! איר, וואָס האָט אַזוי מערדעריש צעבראָכן מיין לעבן אַף אייביק! איר, וואָס האָט מיך אומגליקלעך געמאַכט אַף מיין גאַנץ לעבן! איר האָט נאָך די חוצפּה צו באַטרעטן מיין צימער?

מער האָט סאָניע ניט געקענט ריידן. אַ פּלוצלינגער אויסברוך פון אַ היסטעריע האָט זי געכאַפּט. זי האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין אַ שטול, איינגעגראָבן איר פּנים אין ביידע הענט, זיך אַ וואָרף געטאָן אַפן טישל און מיט אַ הויך קול גענומען כליפּען.

קאַטיע איז נאָך אַלץ געשטאַנען אַף איר פריערדיקן פּלאַץ. אין ערשטן מאָמענט האָט זי ניט געוואַגט זיך דערנעטערן צו דער צאָרנדיקער סאָניען. זי האָט געלאָזט סאָניען וויינען. זאָל זי זיך אויסוויינען, האָט קאַטיע געטראַכט,, זאָל צוזאַמען מיט די טרערן אַרויס פון איר דער איינגעוועיקסטער צער, וואָס זי האָט אין זיך אַזוי לאַנג געטראָגן, וועט איר לייכטער ווערן. אָבער לאַנג האָט קאַטיע ניט געקענט בלייבן אַזוי. זי האָט ניט געקענט גלייכגילטיק צוזען יענעמס יסורים. זי איז צוגעגאַנגען צו דער כליפּענדיקע סאָניען, אַראָפּגענומען פון האַנט אירע הענטשקעס, מיט איר צאַרט הענטל האָט זי גענומען גלעטן סאָניען איבערן קאָפּ. דערנאָך האָט זי זיך איבערגעבויגן איבער איר און געזאָגט:

— סאָניע, פרוי וואַלדמאַן, ליבע פרוי באַרויקט אייך — האָט זי מיט אַ וויינענדיקן טאָן זיך גענומען בעטן באַ איר. — איר האָט מיך אָקאָרשט אָנגערופן, גיפטיקע שלאַנג, נידערטרעכטיקע בריאה, איך נעם דאָס אייך ניט פאַריבל. איך פיל מיט אייער שמערץ. איך זע, וואָס באַ

אייך אין הארצן טוט זיך. אָבער איך פאַרזיכער אייך, טייערע, אַז איך האָב אייער מאַן ניט צוגענומען... איך האָב בלויז גענומען, כדי אים אייך צוריק צו געבן... אַ פולשטענדיקן, פערפעקטן און איידעלן מאַן, ווי ער האָט געדאַרפט זיין און ווי ער איז דאָס געוואָרן...

סאָניע האָט אויפגעהערט צו כליפען. זי האָט אויפגעהייבן אַביסל איר קאָפּ. קאַטיעס ווערטער האָבן איר פאַרינטריגירט.

— וואָס הייסט, איר האָט ניט אַוועקגענומען פון מיר מיין מאַן? און וואָס פּלאַפּלט איר עפּעס, אַז איר וועט מיר אים צוריקגעבן? ווער האָט אים געשלעפּט קיין דאַנציק, ווען ניט איר? ווער האָט אים געשיקט מיט געפערלעכע פּאַפּירן איבערן גרעניץ, אַז ניט איר? ווער האָט אים אריינגעוואָרפן אין די צאַרישע בלוטיקע הענט און פאַרורזאַכט אים דעם טויט, אַז איך ווייס ניט אַפילו ווו זיין אָרעמער געביין איז אַהינגעקומען? איר האָט דאָס אַלץ געטאָן און שרייט, אַז איר זיינט ניט שולדיק. איר האָט מיך געמאַכט פאַר אַן אַלמנה און מיין קינד — פאַר אַ לעבעדיקן יתום, און איר... — און ווידער האָט סאָניע אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

— יאָ, איך זע שוין אייער טעות — האָט קאַטיע צוטוליענדיק איר קאָפּ צו סאָניעס, געזאָגט. — איר זייט, מסתמא, ניט אין פאַרבינדונג מיט אייער פאַמיליע, ווייסט איר פון גאָרניט. באַרויקט אייך, טייערע, איך וועל אייך פון אַלץ דערציילן. איך האָב אייך צו דערציילן זייער פיל אינטערע־סאַנטע זאַכן. אָבער טוט מיר אַ טובה, איך בעט אייך, דערלויבט מיר זיך זעצן. מיר טוען איינפאַך די פיס וויי.

סאָניע האָט אויפגעהייבן איר קאָפּ. דאָס נערוועזע באַוועגן פון אירע אַקסלען האָבן אויפגעהערט. די אויגן אירע זיינען נאָך אַפילו געווען פול מיט טרערן, אָבער איר בליק איז שוין געווען רויקער, ווי פריער.

— זעצט אייך, — האָט זי געוויזן מיט איר בליק אויף אַ שטול. — וואָס האָט איר פריער געזאָגט, אַז מיין מאַן לעבט נאָך? אָבער, ווי אַזוי קען דאָס זיין, אַז ער איז דאָך שוין פון לאַנג טויט. מען האָט אים דער־שאָסן אין וואַרשעווער פאַוויאַק. די צאַרישע משרתים האָבן אים דער־מאָרדעט בשעת ער האָט געמאַכט אַ פאַרזוך צו אַנטלויפן. די פאָליציי

אַליין האָט דאָך אונדז געבראַכט די ידיעה. טויטע שטייען דאָך ניט אויף פון זייערע קברים...

— אָט אַזוי איז גוט, — האָט קאַטיע זעצנדיק זיך געזאָגט. — איצט, אַז איר זייט שוין אַביסל רויקער, קענען מיר ריידן. יאָ, אייער מאַן לעבט, איך פאַרזיכער אייך, אַז ער לעבט פונקט, ווי מיר ביידע לעבן. ער איז איצט אַ טיכטיקער אינזשעניער, אַן אָנגעזעענער מאַן און ער אַרבעט אין איינע פון די גרעסטע דייטשע פאַבריקן.

— די ידיעה, אַז ער איז טויט — האָט קאַטיע פאָרגעזעצט — האָבן מיר, איך און דער פאָטער געלאָזט פאַרשפּרייטן, כדי אים צו ראַטעווען פון די פּאָליציייאישע הענט. ער איז אַריינגעפאַלן צו זיי, ניט ווי איר מיינט, דורך מיר, נאָר דורך איינעם אַ נידערטרעכטיקן פּערזאָן, וואָס איז היינט אין דייטשלאַנד. איך וויל ריידן צו אייך ווי אַ פרוי צו אַ פרוי. אָפן און פריי. איך שווער אייך בא דעם אָנדענק פון מיין אומגעקומענעם פאָטער, אַז איך בין פולקאָם ריין פון אייער מאַן. אייער מאַן איז אַ הייליקער. ער איז ריין געבליבן ווי אַ יונג קינד.ביז היינטיקן טאָג איז ער ריין און אומ־שולדיק. איך וועל פון אייך ניט לייקענען. איך האָב אים אין אָנפאַנג געליבט. איך בין געווען אומדערפאַרן אין לעבן. איך האָב געגלויבט אַז ליבע נעמט מען איינפאַך. געפונען, געזען, פאַרליבט. איך האָב געמיינט, אַז ליבע קען מען צונעמען און מען האָט דאָס. איך בין עלטער געוואָרן בין איך אָבער געוואָרן דערפאַרענער, אַז די ליבע וואָס איך פיל צו ווילין, אַזוי רופט ער זיך איצט אין דייטשלאַנד, איז ניט קיין ערלעכע ליבע, זי איז אַ גע'גנב'טע. איך האָב דאָס פון אייך גע'גנב'עט. און פונקט, ווי מיר וואָלט עקלען אָנצוטאָן אַ שטיק גע'גנב'עטע צירונג, וואָס יעדער קען ווייזן, איר זעט, דאָס איז גע'גנב'עט, אַזוי עקלט מיר פון דער גע'גנב'עטער ליבע. איך האָב פעסט באַשלאָסן, די גניבה צוריקגעבן וועמען דאָס געהער. דאָס איז איינער פון די מאָטיוון וואָס האָבן מיך געבראַכט צו אייך. איך וויל אומקערן אייך אייער מאַן. עס זיינען נאָך דאָ אַנדערע מאָטיוון אויך וואָס באַוועגן מיר דאָס צו טאָן, מאָטיוון ריין פּסיכאָלאָגישע. וואָס איך וועל אייך נאָך שפּעטער זאָגן. איז דאָס גענוג פאַר אייך, אַז איר זאָלט זיך באַרויקן? אויב איר זעט מיך דאָ היינט, איז דאָס נאָר מיט דעם איינציקן

צוועק צו העלפן אייך, אז איר זאָלט צוריק האָבן אייער מאַן, וועלכן איך האָב, אומבאַוווסטזיניק, אָפּגעריסן פון אייך אויף א צייט. נאָר דאָס זאָלט איר וויסן, מיט אייער קינד האָב איך אים שוין צוזאַמענגעבראַכט. אייער קינד לעבט איצט צוזאַמען מיט זיין באַבען אין מעמל. ער איז אַ גליקלעך קינד. עס איז צייט, אז איר זאָלט אַלע צוזאַמען לעבן און זיין גליקלעך, האָבן פריידן פאַר אייערע צרות וואָס איר האָט געהאַט.

די גאַנצע צייט וואָס קאַטיע האָט גערעדט, איז סאָניע געזעסן און געקוקט איר טיף אין די אויגן. זי האָט ניט געהערט נאָר געשלונגען אירע רייד. מיט יעדן וואָרט וואָס קאַטיע האָט אַרויסגעבראַכט פון איר מויל, איז איר געזיכט געוואָרן אַלץ רויקער, מילדער און שיינענדיקער. די אויגן אירע האָבן גענומען קוקן מיט אַן אויסדרוק פון זעעלישער פרייד און צופרידנקייט. עס האָט זיך גענומען דערוועקן בא איר אין האַרצן, צו דער ריידנדיקער קאַטיען, געפילן פון גרענעצלאָזער דאַנקבאַרקייט. ווען קאַטיע איז שטיל געוואָרן, האָט זי זיך אופגעהויבן פון איר פּלאַץ, אַרומגענומען איר און באַדעקט איר פּנים מיט הארציקע קושן.

— מיין גוטער מלאך, — האָט סאָניע אָנגעפאַנגען, אנטשולדיקט מיר וואָס איך האָב אייך אופגענומען אזוי גראָב, ניט שיין. איך האָב ניט געוווסט וואָס פאַרא גאָלדן האַרץ איר האָט מיטגעבראַכט, אז בסך־הכל, ביז מיט א שעה צוריק, זייט איר געווען מיין ערגסטער שונא. איך האָב אייער נאָמען מיט א קללה שטענדיק דערמאָנט, און איר האָט מיר געבראַכט אזוי פיל פריינטלעכקייט.

סאָניעס רייד האָבן אריינגעבראַכט קאַטיען אין אַן עמאָציאָנירנדיקע שטימונג. זי איז געבליבן זייער צופרידן פון איר אונטערנעמונג. זי האָט אויך אַרומגענומען סאָניען און האָבן זיך צעקושט, ווי צוויי אַלטע גוטע פריינט.

— טייערע באַראָנעסע. האָט סאָניע א שטראַלנדיקע געזאָגט, — איך בין א פאַרדאָרבענע, איך בין א שלעכטע, איך בין דאָס גאָרניט ווערט. איך האָב מיך די גאַנצע צייט אזוי שלעכט באַנומען. אָ, כ׳בעט אייך, באַראָ־נעסע, רעדט, דערציילט נאָך פון אים. זייט גוט צו מיר, זייט מיר א פריינט. איך האָב קיינעם ניט אויף דער וועלט, אַלע זיינען מיר דאָ פרעמד. קיינער

וועט מיר ניט פארשטיין אזוי ווי איר. איך וועל פאַר אייך עפּענען מיין הארץ. קוקט זיך איין אין מיינע בלוטיקע ווונדן וואָס איך טראָג אין הארצן. איר זיינט די איינציקע וואָס וועט מיר פארשטיין.

— רעדט, רעדט, — האָט קאטיע, האלטנדיק איר פאר ביידע הענט, געזאָגט, — רעדט זיך ארויס פאר מיר. איר זייט טאקע דאָ עלנט, איר האָט ניט פאר וועמען צו עפּענען אייער הארץ, דעקט זי אוף פאר מיר. ווער נאָך ווי איך קען אייך אזוי גוט פארשטיין?

און סאָניע האָט זיך ניט געלאָזט בעטן, זי האָט גערעדט; זי האָט ארויסגערעדט פאר קאטיען אלץ וואָס האָט זיך אין משך פון די יאָרן אָנגעקליבן אין איר הארצן און ניט געהאט פאַר וועמען ארויסצוריידן.

— איך האָב מיין מאן געליבט גרענעצלאָז, — האָט סאָניע אָנגעפאנגען, — איך האָב אים אזוי שטאַרק געליבט, אז איך ווייס ניט אויב עס איז נאָך דאָ א צווייטע פרוי אין דער וועלט, וואָס קען אזוי ליבן. איך בין בא זיך זיכער, אז ווען ער וואָלט פארלאנגט פון מיר איך זאָל שטאַרבן צוליב אים וואָלט איך קיין איין מאָמענט ניט געקווענקלט און וואָלט דאָס געטאָן. ער איז מיר געוואָרן איינגעבאקן אין הארצן פון ערשטן מאָמענט וואָס איך האָב אים דערקאָנט. מיין ליבע צו אים איז געוועז אזוי גרויס, אז ווען איך האָב אים געזען אף די פאָטאָגראפיעס וואָס מען האָט אונדז צוגעשיקט, זיך באָדנדיק צוזאמען מיט אייך, הייסט דאָס, אז ער האָט מיך גענארט, אָנשטאָט וואָס ער האָט געדארפט פאָרן אין ליבוי, איז ער גאָר געפאָרן צו אייך, האָב איך דאָס ניט געגלויבט. איך האָב אזא געדאַנק פשוט פארטריבן פון זיך, איך האָב קיין איין מאָמענט ניט געצווייפלט, אז דער גוטער מענטש און איידעלע נשמה, זאָל פעיק זיין מיך צו פאַראַטן. שפּעטער, ווען מיר האָבן דערהאַלטן די ידיעה פון זיין טויט, האָב איך מיר דאָס לעבן גענומען, טרויערנדיק און וויינענדיק. איך פאַרשטיי נאָך היינט ניט, וועלכער געהיימער כוח האָט מיך אופגעהאלטן, אז איך זאָל מיך ניט נעמען דאָס לעבן אין יענעם מאָמענט. ווען ניט דאָס קינד וואָס איך האָב א ליאדע מינוט געדארפט געבאָרן, וואָלט איך דאָס זיכער געטאָן. ווען מען האָט אונדז שפּעטער פארטריבן פון דערהיים, ווען מיר האָבן זיך געפּלאָגט און אָנגעמוטשעט אונטערוועגנס, איז מיר איינמאָל

אריין א געדאנק, וואָס אייגנטלעך מאַך איך מיר דעם טויט. ער האָט דאָך מיר פּאָרט מיאוס פּאַראַטן מיט אַ פרעמדע. און דער געדאנק האָט מיך שוין מער ניט פריי געלאָזן. ווי אַ וואָרעם האָט עס מיך געטאַטשעט און געגנאָגט, לאכט ניט פון מיר, ליבע באַראָנעסע, איך האָב ערשט דעמאָלט געגומען פילן אייפערזוכט צו מיין מאַן, וואָס נאָך מיין וויסן, איז שוין געווען טויט. ניין, — האָב איך איינמאָל צו זיך געזאָגט, — איך מוז אים פאַרגעסן. ניט כדאי אזוי פיל צו טרויערן נאָך אזעלכן, ארויסרייסן אים מיט געוואַלט פון הארצן. אָבער גיי רייס אַרויס א שטיק לעבעדיק הארץ פון א מענטשן, אז ער איז פּאָרט געווען איינגעוואקסן אין דעם פלייש פון מיין הארץ. איך האָב דאָס אָבער געוואָלט טאָן מיט געוואַלט, איך האָב מיך א כוח אָנגעטאָן, איך האָב מיר געוואָלט פּשוט פאַר־שיכור'ן ווי איינער וואָס שיכור'ט זיך אָן דורך טרינקען און פאַרגעסט אַלץ, איך האָב געוואָלט אזוי ארום ארויסרייסן יעדער זכר פון הארצן. איך האָב מיר געוואָרפן אויף אַלע פוסטע און נארישע פאַרגעניגנס און פאַר־ווײַלונגען. איך האָב געלייענט, געלערנט, ניט צוליבן וויסן, נאָר צו פאַר־נעמען מיין געדאנק, איך זאָל מיך ניט דערמאָנען אָן אים. איך האָב מיר דערוויטערט פון קינד. כדי דאָס קינד זאָל מיר ניט דערמאָנען אָן אים. מיט איין וואָרט, איך האָב געטאָן אַלץ וואָס איך האָב געקענט אים צו פאַרגעסן.

סאָניע האָט זיך אויף א מאָמענט אָפּגעשטעלט, זי האָט געוואָלט אָפּ־כאַפּן דעם אָטעם. צו שווער איז איר געווען צו ריידן וועגן איר פאַרגאַנ־גענעם לעבן, עס האָט געדויערט א רעכטע ווײַלע, ביז זי האָט ווייטער אָנגעפאנגען.

— איך בין נאָך ווייטער געגאנגען, — האָט זי געזאָגט, — איך האָב איבערגעריסן מיינע באַציונגען מיט מיין פאמיליע. איך האָב געוואָלט טאָן ווי צו להכעיס מיין אייגענעם טאַטן. פּונקט ווי ער וואָלט געווען דער שולדיקער אין מיין אומגליק. איך האָב מיך אויסגעזוכט א חתן און דוקא א פרעמדן, ניט א יידן, איך האָב געהאַט הנאה, ווען איך האָב געזען, אז מיין טאַטן קאָסט דאָס געזונט. מיין פאַמיליע האָט זיך אומגעקערט אהיים, איך בין געבליבן אַליין דאָ. ערשט דעמאָלסט האָט מיר די משוגעת אַביסל

נאָכגעלאָזן, דער כעס אין מיר איז קלענער געוואָרן. איך האָב דעמאָלסט געבענקט נאָך זיי, איך האָב שוין חרטה געהאט אף דעם אומבארעכנטן שריט וואָס איך האָב געטאָן בנוגע נאָכאמאָל חתונה צו האָבן, אָבער דער חתן האָט שוין ניט נאָכגעלאָזן, ער האָט געפאָדערט זיינס, ביז דער בלינ־דער גורל האָט זיך ארייננגעמישט און געהאָלפן מיך, אויסצומיידן נאָך מער ערגעניש און פארדרוס.

— מיין חתן איז געוועזן א זון פון דער פאמיליע אין מאָסקווע, וואָס האָט אייך געשיקט צו מיר. אין א געוויסן טאָג איז ער דערשאָסן געוואָרן פאר סאבאָטאזש קעגן דער מאכט. דאָס ערגסטע איז געוועזן, וואָס אין דער לעצטער צייט בין איך באפאלן געוואָרן פון שטאַרקע חרטה־געפילן. איך בין ארומגעגאנגען און האָב מיר אופגעגעסן, עס האָט מיר געקרענקט ביז גאָר פאר מיין אופירונג. עס האָט מיר גענומען פייניקן א געדאנק, אז איך האָבן פארשוועכט דעם אָנדענק פון מיין ליבן פארשטאָרבענעם. איך האָב געליטן פון שרעקלעכע חלומות און האלוציאָנאציעס, קאָשמארע געדאנ־קען און שטאַרקע בענקשאפט. אייער פלוצלימדיקער דערשיינען, בראָנע־סע, איז פשוט פאַר מיר ווי פון הימל געשיקט. ווי גליקלעך איך וואָלט דאָס געוועזן, אז איך וואָלט געקענט ארויסרייסן פון מיין לעבן די עטלע־כע יאָר, אז עס זאָל פון זיי זיין שפור ניט בלייבן.

— די צייט, מיין טייערע, איז פארביי, — האָט איר קאטיע גע־טרייסט, — און לאָמיר האָפן אף אייביק. דאָס געליטענע דארף אונדז דינען אלס לעקציע, אז מיר טאָרן ניט ווערן קיין שקלאפן צו אונדזערע סענטימענטן און ליידנשאפטן. מיר מוזן לערנען געזונטער און לאָגישער צו דענקען און צו באטראכטן די פראָבלעמען פון אונדזער לעבן. מיר טאָרן ניט ווערן פארכאפט פון קיין איבעראשונג, נאָר רויק און קאלטבלו־טיק יעדער זאך באגעגענען.

— און איצט, טייערע סאָניע, גענוג גערעדט, מיר מוזן זיך איילן מיט דעם ראטעווען דאָס לעבן פון אייער מאן. מיר מוזן אים וואָס גיכער ארויסרייסן פון דייטשלאנד, ווייל דאָרטן איז זיין לעבן אין גרויס געפאר, מען לויערט דאָרטן אף זיין לעבן. צום גליק איז ער צייטווייליק ניט אין דייטשלאנד איצט.

— אָבער איר רעדט אַלץ, באַראָנעסע, פון ברענגען אים צו מיר, פון צוזאַמענקומען מיט אים. איר באַטראַכט דאָס ווי אַ געשעענער פאַקט. עס איז דאָך אַ פראַגע, אויב ער וועט ווע̄לן, אויב ער וועט מיר מוחל זיין די לעצטע פאַר יאָר? ער זאָל מיך איצט אינגאַנצן פון זיך ניט פאַרשטויסן.

— ערשטנס, — האָט קאַטיע געזאָגט — רופט מיך ניט, באַראָנעסע. ניטאָ מער איצט קיין פּריווילעגירטע קלאַסן אין רוסלאַנד. אַלע זיינען מיר גלייך. צווייטנס, סאָניע, צווייפלט ניט אין זיך. אייער מאַן איז אַ פּראַכט־פולער מענטש, ער איז איידל און גוט. וואָס איז שייך מוחל זיין, האָט איר אים אויך אַ סך מוחל צו זיין. ווע̄לן זיך אייערע רעכענונגען אויסגלייכן. איבעריקנס, פאַרלאָזט אייך אַף מיר. איך קען אייך פאַרזיכערן, אַז איר וועט צוריק האָבן אייער מאַן.

סאָניע האָט איר ניט געענטפערט, נאָר מיטביידע הענט אַרומגע־כאַפּט איר קאָפּ און ניט אופגעהערט זי צו קושן.

ווען דער שטורעם פון סאָניעס קושן האָט נאָכגעלאָזן, האָט זיך קאַ־טיע אָפּגערופן:

— מיר ביידע האָבן אַ סך געליטן און פיל איבערגעלעבט. לאָמיר־זשע איצט דערוואַרטן בעסערע צייטן און פריידיקערע מאָמענטן. פון איצט אָן וועט אונדז זיין גוט. אָבער פריער פון אַלץ, סאָניע, מוז איך אייך בעטן, איר זאָלט מיך אָנקאָרמענען. איך בין טויט הונגעריק און מיד. איך בלייב דאָ בא אייך די נאַכט. מיר ווע̄לן באַנאַכט אַלץ אַרומריידן און אויסאַרבעטן אונדזער ווייטערדיקן פּלאַן. מאָרגן פאָר איך צוריק אין מאָסקווע. אַזוי גיך ווי איך וועל דערהאַלטן פון אייך די ידיעה, אַז איר זייט פאַרטיק אַרויסצופאָרן צו אייך אַהיים, וועל איך אויך פאָרן צוריק אַהיים און וועל טאָן דאָס מייניקע. איך וועל תיכף אַרויספאָדערן צו מיר ווילין. איך האָב דאָך אייך שוין געזאָגט, אַז אַזוי רופט מען איצט אייער מאַן, אונטער דעם נאָמען האָט ער שטודירט אין דייטשלאַנד און אַזוי האָט ער זיך דיפּלאָמירט. אין געציילטע שטונדן, האָף איך, וועל איך דער־גרייכן דעם שלום צווישן אייךביידן. אָפּגעמאַכט, סאָניע?

— זאָל נאָר גאָט געבן, אַז איר זאָלט אייער אופּגאַבע גליקלעך דורכ־

פירן. איך פאַרשפּאָר אייך צו זאָגן, אַז איך בלייב אייער אייביקער פריינט און מיין לעבן לאַנג וועל איך אייך דאַנקבאַר זיין, — האָט סאָניע א שמייכלענדיקע געענטפערט.

אינעם זעלביקן אָוונט נאָך, האָט קאַטיע אָנגעשריבן צוויי בריוו. איינעם קיין מעמעל, צו ווילים מאַמען. זי האָט איר געשריבן, אַז זי האָט געפונען סאָניע, זי איז אַ ווײלע און גוטע פרוי, זי בענקט זייער נאָך איר זונעלע. עס איז אַ ליגן, אַז זי זאָל האָבן חתונה געהאַט. זי לעבט אַליין, צוריקגעצויגן פון יעדער געזעלשאַפט. אַ צווייטן בריוו האָט זי געשריבן צו ווילין.

## צווייאוןדרייסיקסטער קאַפּיטל

**אינעם** גערדאַנקענגאַנג פון אינזשעניער ווילי וואַלד איז לעצטנס פאָרגעקומען אַ מערקבאַרער פּסיכאָלאָגישער איבערברוך. ער האָט גענו־מען קוקן אַרום זיך מיט אַנדערע אויגן, ווי פריער. באַזונדערס שטאַרק האָט אויף אים געווירקט די דערמאָרדונג פון מיניסטער ראַטענוי. כאָטש די ענדערונג האָט זיך שוין געמערקט זינט ער האָט געאַרבעט אין ליטע, נאָך פון דעם אָוונט, ווען ער האָט פאַרבראַכט מיט זיין מוטער און קינד.

ער האָט גענומען באַמערקן מיטאַמאָל זאַכן, וואָס ער האָט פריער דאָס גאָרניט געמערקט. ער האָט געזען די שנאה צו יידן אין דייטשלאַנד, דאָס לאַנד, וואָס ער האָט אַזוי ליב באַקומען, שפּאַרט פון אַלע לעכער און שפּאַלטן. דער אַנטיסעמיטיזם וואַקסט פון טאָג. די דראָאונג צו יידן ווערט אַלץ חוצפּהדיקער און פרעכער. האָט זיך וואַלד גענומען אָפּגעבן חשבון, ווו איז ער איינגנטלעך אין דער וועלט.

איינגנטלעך האָט ער שוין דאָס געטראַכט נאָך זייענדיק אין ליטע, ווען ער האָט זיך דאָרטן געשעפטלעך אופגעהאַלטן, ווו ער האָט דערזען פּנים

אל פנים דעם רוישיקן און פולסירנדיקן לעבן פון די יידן. זיין צוזאמענקומען אבער מיט קאטיען אין בערלין איידער זי איז אפגעפארן קיין רוסלאנד האט אים ווידער אף א ווײלע פארמאכט די אויגן. זיינע פאנטאסטישע פלענער אין פארבינדונג מיט קאטיען אלס זיין פרוי, ווי ער וועט ערגעץ לעבן מיט איר אין א ווינקל אין דייטשלאנד, געשיצט דורך די אדעליקע און אריסטאקראטישע פריינט, האט אים אזוי פארבלענדעט, אז ער האט פארגעסן דאס בילד וואס ער האט געזען אין ליטע און דאס פארגעניגן פון פארברענגען צוזאמען מיט דער מוטער און קינד. איצט געפינט ער זיך אין זיין ריגע און זיין געדאנק האט זיך ווידער גענומען אויסטשוכען און קלערער ווערן. ער האט זיך נאכאמאל דערמאנט דעם פסח אוונט, וואס ער האט פארבראכט מיט זיין מוטער. ווי א צויבער האט אף אים געווירקט דאמאלט דער אוונט. ער דערמאנט זיך נאך איצט, וואס פאר א מאדנער געדאנק עס איז אים דאמאלט אופגעקומען אין קאפ. ער האט דאמאלסט געטראכט אז אמאל האבן יידן פארשקלאפט זייערע קערפערס צו די אמאליקע פרעה׳ס, האט זיך געפונען א שטארקע האנט, א משה, וואס האט באפרייט זייערע קערפערס פון שקלאפעריי. היינט האבן יידן פארשקלאפט זייער גייסט צו דער אלץ וואקסנדיקער אסימילאציע, אדער גאר צו דער אייגענער לייד׳נשאפט און עס איז ניטא קיין שטארקע האנט. ניטא קיין מאדערנער משה, וואס זאל זיי באפרייען פון דער מאדער׳נער שקלאפעריי.

וואלד האט זיך דערמאנט אן דעם בריוו, וואס ער האט אקארשט דערהאלטן פון קאטיען. ער האט אריינגענומען אין האנט דעם בריוו, נאכאמאל איבערגעלייענט און קען ניט קלוג ווערן פון אים. הער א מעשה, זאגט ער זיך, וואס טראכט זי זיך? פליט אין מאסקווע, זוכט אויס סאניען דארטן, רעדט מיט איר, ווערט מיט איר פריינט. דאס פארשטיי איך שוין ניט. הם... טראכט זיך ווילי, קאטיע שרייבט, אז זי האט גערעדט מיט סאניען איבער מיר. סאניע איז א פרעכטיקע פרוי געווארן. שיין און עלעגאנט, דו וואלסט זי זיכער ניט דערקענט... זי איז שוין אינטעליגענט און איידל, אט פונקט ווי א געבארענע אריסטאקראטקע. פון דיר, זאגט סאניע, ווי זי מער ניט וויסן. זי זאגט, אז דו ביזט ניט ווערט איר ליבע. ווער האט

איר געבעטן זיך טרעפן מיט איר? נאָך מער האָט אים פאַרדראָסן דער פאַקט, וואָס קאַטיע האָט אונטערגעשטראָכן אין בריוו, אַז ס'איז ליגן, סאָניע האָט ניט חתונה געהאט מיט קיינעם און טראכט גאָרניט דאָס צו טאָן. וואָס זשע וועט איצט ווערן?

אין אַ מאָדנער סיטואַציע בין איך איצט, טראכט ווייטער ווילי. ווי אַ שיפּסברוכיקער בין איך איצט. איך טרייב מיך אַרום אינמיטן ים, איך ווער געטריבן פון די רווישיקע כוואַליעס און קען זיך צו קיין ברעג ניט צושלאָגן. פון יידישן ברעג בין איך אַוועק, צו זייער ברעג האָב איך מיך נישט דערשלאָגן. הייַנט, קאַטיע, זי איז איינפאַך פאַר מיר ווי אַ מיראַזש. איך יאָג מיך נאָך איר און קען זי ניט כאַפּן. אָט האַלט איך זי שוין דאכט זיך אין האנט, גיט זי זיך אַ דריי אויס און ווייטער ניטאָ איר. טראַכטנדיק וועגן קאַטיען, קומט אים אַרויף אַפן געדאַנק גאָר סאָניע. יאָ, אַ יידיש מיידל וואָלט מיך אַזויפיל ניט געפּייניקט. נאָך אַ מיידל פון מיין גלויבן, וואָלט איך מיך ניט גענדארפט אַזויפיל יאָגן. טשיקאַווע, ווי שטאָלץ סאָניע איז דאָס דאָרטן געוואָרן: וויל פון מיר ניט מער וויסן. איך בין אַ בעלן זי אָנצוקוקן, אויסריידן מיט איר אַ פּאָר ווערטער. וואָלט זי טאַקע איצט אויך ניט וועלן וויסן פון מיר? זיין איינגליבע האָט אים אַ ביסל אָנגעריירט. עס האָט אים פאַרדראָסן אַף סאָניען. ניין, ווען זי זעט מיך איצט, וואָלט זי זיכער געביטן איר מיינונג, האָט ער זיך אַליין געטרייסט.

און צוריק ברענגען אים זיינע געדאַנקען אַף זיין טראַגיקאָמישער לאַגע. ווו און ווער בין איך? ניט קיין דייטש, ניט קיין רוס און ניט קיין ייד. איך האָב איבערהויפּט ניט קיין פרייען ווילן. מיין ווילן איז פאַרשקלאַפט צו קאַטיען און צו איר דייטשלאַנד. איך טו, וואָס זיי ווילן. איך בין, הייסט דאָס, ניט מער ווי אַ גייסטיקער שקלאַף. אָנשטאָט, אַז מיין גייסט זאָל זיך באַוועגן פריי און שטרעבן צו זיין מקור, אָנשטאָט מיין אַרבעטסקראַפט זאָל דינען מיין אייגענעם שטאַם און שטיין צו דינסט מיין פאָלק, איז ער פאַרשקלאַפט צום ווילן פון אַ פרוי. זי באַצווינגט מיין גייסט. דאָס איז אַן אומנאָרמאַלע דערשיינונג. דאָס הייסט, געגאַנגען קעגן די געזעצן פון דער נאַטור. איך האָב מורא, אַז די נאַטור־סטיכיעס קענען זיך ביטער אָפּרעכענען פאַר אַזאַ אומנאַטירלעכקייט.

דעם נאָכמיטיק האָט אינזשעניער וואַלד אופגענומען אין דער נייער עלעקטרישער צענטראַלע אין ריגע, וועמענס איבערבוי ער האָט געלייטעט, א גרופּע סטודענטן פון ריגער טעכנישן פאַקולטעט. ער האָט זיי באַדאַרפט וויזן די נייע מאַשינעס און דערקלערן די פונקציאָנירונג פון די מאָדער־נע טורבינען, וואָס ער האָט דאָרטן איינגעבויט. אין דער גרופּע האָט ער באַמערקט אייניקע סטודענטן, מיט יידישע פּנימער. — „אָט זיי זיינען אויך צוקונפטיקע „גייסטיקע שקלאַפן" — האָט ער בעת מעשה געקלערט. — „זיי פאַרשקלאַפן זייער גייסט צו אַ פרעמדן ווילן. אַנשטאָט זיי זאָלן אים לאָזן לויפן פריי, אין דער ריכטונג פון די אייגענע רייען, פאַרשקלאַ־פן זיי אים באַ די לעטן, ליטווינער אָדער אַן אַנדער פאָלק. ווי ריכטיק און צוטרעפלעך האָט דאָס געזאָגט דער אַנאָנימער דיכטער אין דער פּאָעמע „שיר השירים": פאַר היטער פון פרעמדע וויינגערטנער האָט מען אונדז געמאַכט, אָבער אַכטונג געבן אַפן אייגענעם גאָרטן, האָבן מיר ניט גע־טראַכט".

— ניין, — האָט אינזשעניער וואַלד באַ זיך באַשלאָסן — אַזוי גיין ווייטער קען דאָס ניט. קאַטעגאָריש און אַנטשלאָסן מוז געהאַנדלט ווערן. אַ מענטש מוז האָבן זיין פעסטע גראַדע ליניע. אין דעם מאָמענט האָט ער זיך דערמאָנט אָן זיין אַמאָליקן חבר נח. אָך, ווי גערעכט ער איז געווען. טויזנט מאָל גערעכט. מיר, יידישע אינטעליגענטן, אַנטלויפן פון פאָלק. מיר פאַרשקלאַפן אונדזער גייסט. מיר בינדן אונדזער פרייען ווילן. צי איז דאָס צוליב אַ קאַפּריז פון אַ פרוי, צוליב כבוד, צוליב גרויסקייט, אָדער צוליב רייכקייט, אַלציינס ווערן מיר גייסטיקע שקלאַפן...

צומאָרגנס האָט ווילי דערהאַלטן אַ טעלעגראַם פון פראַנקפורט, וואָס רופט אים, וואָס גיכער קומען אַהין. מען טיילט אים מיט, אַז צוליב דעם טויט פון ראַטענוי, איז פאָרגעקומען ענדערונגען אין די דירעקטאָריומס. ער ווערט באַשטימט פאַר דעם אַמט פון וויצע־דירעקטאָר אין בערלינער ווערק פון דער „אעגע". זיין שמחה איז ניט געווען צו באַשרייבן. באַזונ־דערס האָט ער זיך געפרייט מיט דער דירה אין גרונעוואַלד, וואָס איז באַ־שטימט פאַר דעם וויצע־דירעקטאָר. די דירה האָט ער געקענט. זי איז אויסגעשטאַט מיט גרויס קאָמפאָרט און געשמאַק. עס פעלט ניט מער דאָר־

טן, ווי דאָס אויג פון א טרייע, ליבנדיקע פרוי... ער האָט תיכף דעפּע־שירט צו קאַטיען אין מאָסקווע, אַז זי זאָל קומען אין בערלין, מאכן א סוף צו דער לאַגע און איבערנעמען זייער נייעם וואַרעמען נעסט.

אָנשטאָט אָבער אַן ענטפער אף זיין טעלעגראַם, באקומט ער פּלוצ־לינג פון איר א בריוו גאָר פון מעמעל. זי שרייבט, אַז זי איז אונטערוועגס אהיים. זי האָט באַזוכט מוטער און קינד דאָרטן. זי פאָדערט אים אוף, ער זאָל דרינגענד אַריבערקומען אין מעמעל. זיי וועלן איבערריידן די געשאַפע־נע לאַגע און מאכן אַן ענדע צו דעם אַלעם.

ווילי האָט זיך אויסעראָרדנטלעך דערפרייט מיט דעם בריוו. דער פאַקט, אַז דער בריוו קומט פון מעמעל זאָגט שוין אַליין פאר זיך, אַז זי אַליין וויל שוין אויך מאכן אַן ענדע צו דער לאַגע. זי איז דאָרטן, מסתמה, בכדי צוגרייטן דער מאַמען צו דער חתונה. זי איז דאָך אַזוי קלוג און פּראַקטיש, וועט זי שוין געפינען אַ מיטל, ווי אַזוי צו באַזייטיקן דער מאַ־מעס שטערונג צו זייער פאַרבינדונג. פון סאָניעס זייט, האָט זי דאָך אַליין איינגעזען, אַז עס איז ניטאָ קיין מניעה. זי האָט דאָך אויסדריקלעך דער־קלערט, אַז זי וויל מער פון מיר ניט וויסן.

ווילי האָט אויסגענוצט די ערשטע געלעגנהייט און איז צוגעפאָרן אין מעמעל. ער איז גלייך פאַרפאָרן צו איר אין האָטעל, איידער נאָך ער האָט זיך געזען מיט דער מאַמען און מיטן קינד.

— נו, קאַטיע, — האָט ער אָנגעפאַנגען, נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך באַגריסט — דו האָסט מיך גערופן און איך בין געקומען. איך וויל הערן, וואָס דו האָסט מיר צו זאָגן. האָפנטלעך, האָסטו שוין אַליין אויך איינגע־זען, אַז איצט איז צייט צו מאכן אַן ענדע און דערקלערן זיך אָפיציעל, אַלס חתן־כלה. די אַלע שטערונגען פאר וועלכע דו האָסט זיך אַזוי געשראָ־קן, זיינען באַזייטיקט. מיט מיין מוטער און קינד האָסטו אַליין געוואָלט, אַז איך זאָל שטיין אין פריינטלעכע פאַרבינדונג. מיט סאָניען האָסטו גער־רעדט. פון איר זייט איז אויך אַלץ אין אָרדענונג. איך עקזיסטיר ניט מער פאַר איר, ווי זי האָט זיך פאַר דיר אויסגעדריקט. טאָ באַשלים שוין איין מאָל פאַר אַלעמאָל, און זאָל נעמען אַ סוף.

— יאָ, ווילי, דו האָסט רעכט. אַזוי ווייטער גיין קען ניט. מיר געפי־

נען זיך באַם גרעניץ פון אונדזער מעגלעכקייט. מיר מוזן מאַכן אַן ענדע צו דער אומנאָרמאַלקייט, וואָס האָט זיך צווישן אונדז איינגעשטעלט. ניט אַזוי?

— געוויס האָסטו רעכט, קאַטיע, — האָט ער ציטערנדיק פון פרייד געענטפערט.

— הער, ווילי, דו ווייסט, אַז מיר זיינען שוין ניט מער קיין קינדער, וואָס פאַרליבן זיך פון ערשטן בליק, און איידער זיי האָבן צייט צו קאָנ־טראָלירן ווי שטאַרק זייער ליבע איז, זיינען זיי שוין פאַרייניקט, כדי באַלד זיך אָרומצוזען, אַז זייער ליבע איז געווען אַ טעותדיקע. זי איז ניט שטאַרק געגעבן צו האַלטן זיי אייביק פאַרייניקט. מיר זיינען שוין ביידע דערוואַקסענע מענטשן. אונדזערע ביידנס איבערלעבונגען אין משך פון דער צייט האָט אונדז אויסגעלייטערט, קריסטאַליזירט און פאַרהאַרטעוועט אונדזערע כאַראַקטערן, און איך האָף, אַז מיר קענען גוט אָפּשאַצן וואָס ליבע הייסט...

— אָבער, צו וואָס די גאַנצע פּאָרעדע? — האָט ווילי אומגעדולדיק צו איר געזאָגט. — רייד פון דעם רעכטן עיקר. רייד איבער אונדזער פאַ־רייניקונג.

— יאָ, איך טו דאָס. אָבער בעפאָר איך וועל דעריבער ריידן, מוזטו מיר פאַרשפּרעכן, אַז דו וועסט זיך פאַרהאַלטן רויק, ווי עס פּאַסט פאַר אַ ציוויליזירטן און אינטעליגענטן מענטשן. וואָס איז שייך מיר, וועל איך מיך האַלטן קורץ און רויק.

— נו, גוט, איך פאַרשפּרעך דאָס דיר, קאַטיע. — און ער האָט אַלץ ניט פאַרשטאַנען, צו וואָס די גאַנצע פאָרבאַרייטונג.

— זאָג מיר, ווילי, האָסטו זיך ווען אַריינגעטראַכט אין דעם אייגנט־לעכן באַגריף פון ליבע? ווייסטו, וואָס ליבע פאַרלאַנגט פון מענטשן?

— איך פאַרשטיי ניט דיין פראַגע — האָט ווילי, קוקנדיק אויף איר מיט פרעגנדיקע אויגן געזאָגט — אוודאי ווייס איך וואָס ליבע איז. דאָס איז די פאַרייניקונג פון צוויי מענטשלעכע וועזנס, מאַן און פרוי, אויף דער באַזע פון האַרמאָניע און קעגנזייטיקע פאַרשטענדעניש.

— טאָ, ווי קומט דאָס, ווילי, וואָס מיר זעען אָפט, לײדער צו אָפט,

ווי אָט די צוויי מענטשלעכע וועזנס, ווי דו רופסט זיי, באַ דעם ערשטן קלענסטן צוזאַמענשטויס, שפּרינגט אין דער לופט זייער האַרמאָניע און זייער קאָנגזייטיקע פאַרשטענדעניש אַזוי, אַז פון גרויס ליבע ווערן זיי שונאים אויפן גאַנצן לעבן?

— איך קען דיר דאָס ניט דערקלערן — האָט איר ווילי געענטפערט.

— איך האָב פשוט דערפון ניט געקלערט אין דעם מאָמענט. איך בין געקומען עטוואָס אַנדערש צו הערן, ניט קיין ליבע־פילאָזאָפיע.

— נו, וועל איך דיר דאָס דערקלערן — האָט קאַטיע געזאָגט — איך האָב שוין יאָ דעריבער געקלערט. דאָס קומט דערפון, וואָס דאָס רוב מענטשן האָבן אַ טעות אין באַגריף ליבע. זיי גלויבן, אַז ליבע ברענגט האַרמאָניע. עס איז ניט אַזוי. האַרמאָניע ברענגט צו ליבע. האַרמאָניע קען ערשט דאַן ברענגען צו ליבע, ווען זי האָט די צוויי העלפטעלעמענטן אין זיך, דעם גייסטיקן און דעם פיזישן. די צוויי העלפטעלעמענטן, ווען זיי זיינען דורך דער האַרמאָניע צוזאַמענגעשמאָלצן אין איין איינס, קען אַרויסקומען אַן אמתע, אופריכטיקע און ריינע ליבע. אַזאַ ליבע קען זיין האַלטבאַר, דויערהאַפטיק און קאָנפליקטלאָז און די פאַרייניקונג פון דער ליבע איז אַ געבענטשטע. אין אונדזער ליבע, ווילי, ווי לייד מיר דאָס טוט דיר צו זאָגן, מוזן מיר פעסטשטעלן, אַז עס פעלט די צוזאַמענשמעלצונג פון די צוויי העלפטעלעמענטן. דו האָסט געזען אין דער ליבע צו מיר נאָר דאָס פיזישע, דאָס שיינע. דו האָסט געזוכט אין מיר די באַפרידיקונג פון דיין גראָבן מענער ענגאָ. דו האָסט געוואָלט, אַז די גאַנצע וועלט זאָל טייטלען מיט די פינגער און זאָל זאָגן: זע, וואָסער שיינע, אַריסטאָקראַטישע ווייבל דער אינזשעניער וואַלד האָט. איך, דאַקעגן, האָב געזען אין דיר בלויז דאָס גייסטיקע. איך האָב געוואָלט זיין דער מיטלפונקט פון דיין רום און גרויסקייט. אַזאַ ליבע וועט קיינמאָל ניט האָבן די האַרמאָניע, וואָס זי מוז האָבן. זי וועט ניט זיין קיין דויערהאַפטע און האַלטבאַרע. זי וועט באַלד שפּרינגען אין דער לופט. איז ניט גלייכער פאַר אונדז ניט זיך פאַרייניקן? ניט בעסער מיר זאָלן בלייבן אַזוי גוטע פריינט?

ווילי איז געוואָרן אויסער זיך פון אירע ווערטער. זיין פּנים איז געוואָרן ווייס ווי קאַלך. די אויגן האָט ער אויסגעשטעלט ערגעץ אין אַ פונקט

אַף דער ערד און איז געבליבן זיצן, ווי אַ פּאַראַליזירטער. אַזוי דערשיטערנדיק האָט געווירקט אַף אים דער אויסגאַנג פון געשפּרעך. דאָס האָט ער קיינמאָל ניט דערוואַרט. קאַטיעס רייד האָבן אים געטראָפן ווי מיט אַ שווערן האַמער איבערן קאָפּ. אירע רייד האָבן אים פאַרורזאַכט טיפע ווונדן אין האַרצן. ער האָט דערשפּירט אין דעם מאָמענט, אַז אַלע זיינע חלומות זיינען אַוועק מיטן ווינט. די האָפענונג, וואָס ער האָט געלייגט אַף זיין צוקונפט, ווי ער האָט זי געוועבט, אין פאַרבינדונג מיט קאַטיען אַלס זיין פרוי, איז איינגעפאַלן ווי אַ קאָרטנשטיבל. ער האָט ניט געפונען קיין ווערטער וואָס צו ענטפערן.

אויך קאַטיע האָט געשוויגן. זי האָט געשוויגן ניט דערפאַר, ווייל זי האָט ניט געהאַט וואָס צו זאָגן, נאָר זי האָט ניט געוואָלט ריידן, כדי געבן אים די מעגלעכקייט, אַז ער זאָל קענען פאַרשמערצן דעם ווייטיק, וואָס זי האָט אים פאַרורזאַכט מיט איר דערקלערונג. זי האָט אַליין געפילט, אַז דאָס איז געווען אַ צו שאַרפער שניט אין זיין פלייש. דאָס בלוט טריפט נאָך פון דער וווּנד.

ענדלעך האָט ווילי גענומען ביסלעכוויז רעאַקציאָנירן. ער האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און געזאָגט:

— קאַטיע, וואָס טוט זיך מיט דיר? ווי אַזוי קענסטו מיר אַזוי אומברחמנותדיק פאַרוווּנדן? איך האָב דאָך דיר אַזוי געגלויבט. מיין גאַנצן לעבן האָב איך געבויט נאָר מיט דיר. איך האָב דאָך דיך אַזוי ליב, אַז איך בין גרייט אַלץ אין דער וועלט מקריב צו זיין פאַר דיר. צום סוף לאַכסטו זיך אויס פון מיין ליבע און בלינדן צוטרוי, וואָס איך האָב געהאַט אין דיר. איך זע ניט אין דיינע אַרגומענטן גאָרניט, וואָס קען באַרעכטיקן דיין טויט אורטייל אַף מיר. דו זאָגסט, אַז אונדזער ליבע איז געווען אַ טעותדיקע, ווי דו דריקסט זיך אויס, פעלן אין אונדזער ליבע דיביידע עלעמענטן, פון וואָס ליבע דאַרף זיין צונויפגעשמאָלצן, טאָ ווער שטערט אונדז צו שאַפן די עלעמענטן, אַז אונדזער ליבע זאָל זיין אַ גליקלעכע און דויערהאַפטע?

— אָט דאָ, מיין טייערער, ליגט דער צווייטער און הויפּט־טעות — האָט קאַטיע מיט פאַטאָס אין איר שטימע, געענטפערט. — אַזאַ ליבע, ווי איך מיין, וואָס באַדאַרף אַנטהאַלטן די ביידע, זייער וויכטיקע עלעמענטן,

קען געשען נאָר צווישן מענטשן, וואָס האָבן געזויגן איין מילך, אין וועט־מענס אָדערן עס פליסט איין און דערזעלביקער בלוט, צוויי מענטשן, וואָס לעבן אונטער די זעלביקע באַדינגונגען, וועמען עס אינטערעסירן די זעלביקע פּראָבלעמען. בײַ אונדז ביידן, ליידער, איז ניט דער פאַל. מיר קענען ניט געפינען דעם געמיינזאַמען כעמישן שטאָף, וואָס זאָל קענען צונויפשמעלצן אין אַ האַרמאָנישן איינס אונדזער ליבע. דערפאַר, מיין טייערער ווילי, וואָלט אונדזער פאַרייניקונג געווען אַ פאַלשע. ווי שווער דאָס זאָל אונדז ניט פאַלן, ווי שמערצלעך דאָס זאָל אונדז ניט זיין, מוזן מיר זיין שטאַרק גענוג צו מאַכן אַ סוף צו אַזאַ באַציונג. ווייל אייביק וועלן מיר בלייבן צוויי קאָנטראַסטן אין אונדזער לעבן.

— אָבער, קאַטיע, דו זאָלסט אַזוי ריידן? — האָט ווילי מיט טרערן אין די אויגן גענומען אַרגומענטירן. — דו ביזט דאָך אַלעמאָל געווען אַזוי פּראָגרעסיוו, אַזוי פאָרגעשריטן, געהאַלטן פאַר אַ גרויסן אַבסורד אַזעלכע דיפערענצן, נעמסטו מיטאַמאָל פאַרטיידיקן ראַסנדיפערענצן?

— האָסט אַ טעות, ווילי, — האָט קאַטיע מיט היץ אים אָפּגעשלאָגן.

— איך פאַרטיידיק ניט קיין ראַסנדיפערענץ צווישן מענטש און מענטש. איך לערן בלויז די לעקציעס, וואָס דער שטרענגער לעבן טראָגט אונדז אונטער. די מאָדערנע וועלט האָט גענומען נאַציאָנאַליזירן דאָס אייגענע בלוט... דייטשלאַנד האָט דאָס געטאָן די ערשטע. זי שרייט, אַז מען מוז אָפּהיטן די ריינקייט פון נאַציאָנאַלן בלוט. פּוילן טוט דאָס נאָך. איטאַליע גייט אויך אויף דעם וועג. די פּראָגרעסיווע רוסלאַנד שטייט אויך ניט אָפּ פון דעם מעטאָד. און, לאָמיר דיר זאָגן, אַז איך געפין דאָס פאַר ריכטיק. אַ קאָלעקטיוו קען אופּלעבן, שטאַרק ווערן, אַרויסווייזן זיין לעבנספעיקייט, ווען ער זאָל אָפּהיטן זיין ריינקייט. אַ פאַמיליע איז אַ קליין רינגעלע אין קייט פון קאָלעקטיוו. דערפאַר מוזן מיר אָפּהיטן די פאַמיליענריינקייט, כדי עס זאָל אויסוואַקסן אַ ריינער און שטאַרקער קאָלעקטיוו.

ווילין האָט אַזש פאַרקלעמט דאָס האַרץ. אירע לעצטע אַרגומענטן האָבן אים איננאַנצן צעבראָכן. זיין לעבן איז שוין איצט גאָרניט ווערט. דאָס האָט אים געערגערט ביז טרערן. ער האָט זיך געקאָרטשעט פון ווייטיק און ניט געקענט איינזיצן.

— דו ביזט אַ מערדערין, קאַטיע, נאָך אַכט יאָר, ווי מיר קענען זיך, נאָך אַזויפיל יאָרן פון זיכערער ליבע צו מיר,טראָגסטו מיר אַרום אַזאַ טויטאורטייל. דו האָסט מיין לעבן אַף אייביק צעבראָכן. ווי קען איך איצט בלייבן אַליין אָן דיר? צו וועמען קען מען שוין האָבן צוטרוי? אַז דו, די פּערפעקטסטע פון אַלע פרויען, די איידעלסטע פון דיין קלאַס, גייסטו אויך אַרום מיט גיפט אין דיין בלוט. דערבאַרעם דיך, קאַטיע, — האָט ער אָנגעפאַנגען מיט אַ צעבראָכענער און וויינענדיקער שטימע, — וואַרף אַוועק דיין משוגעת, פאַרשטויס מיך ניט פון דיר. איך קען אָן דיר ניט לעבן. איך באַדאַרף דיך, ווי מען דאַרף לופט צום אָטעמען.

— גענוג, ווילי, קינדיש דאַרף מען זיך ניט מאַכן. וואָס עס זאָל זיך ניט מאַכן אין לעבן, מוז מען בלייבן מוטיק און ווירדיק. הער אויף צו בעטלען אַ קאַפּיטשקע ליבע, ווי אַ קינד. אויסגעבעטלטע ליבע איז גאָרניט ווערט. דאָס, וואָס דיר טוט וויי, איז ניט מער ווי דיין אייגנליבע, וואָס איז אָנגערירט געוואָרן. עס פאַרדריסט דיר, אין דיין פאַנטאַזיע האָסטו מיך שוין געזען אַלס דיין אייגנטום. דו האָסט אין דיין פאַרשטעלונג געשטאַל-צירט מיט מיר. דו האָסט דיר אין געדאַנק געגרויסט מיט דעם געווינס, וואָס איך בין פאַר דיר. איצט, אַז דו האַלטסט דאָס באַם פאַרלירן, פאַר-דריסט דאָס דיר, דאָס וועט שנעל פאַרגיין און דיין האַרץ וועט געהיילט ווערן.

— איבעריקנס, ווילי — האָט זי נאָך אַ מאָמענט שווייגן, געזאָגט — איך האָב שוין געלעבט. איך בין מיך מודה, אַז איך לעב מיט קורטן, ווי מאַן און ווייב... אַנדערש קען שוין ניט זיין. דאַרפסט וויסן, טייערער, אַז ליבע איז קאַפּריזנע, ווי אַ קינד און באַגייט צום מאָל זייער פיל נאַריש-קייטן. איינעם קען זי פאַרשאַפן די גרעסטע יסורים, אַ צווייטן פאַרגעטערט זי, ווי אַ מלאך. פאַרפאַלן. מיר מוזן אופנעמען מיט ווירדע און האַרטקייט וואָס דער גורל ברענגט אונדז. איך פאַרזיכער דיר, ווילי, אַז איך בלייב צו דיר דיזעלביקע קאַטיע, ווי איך בין דאָס געווען די גאַנצע צייט. מיט דער-זעלביקער אַכטונג און ליבע. אָבער דיין פרוי קען איך ניט זיין...

— איך דאַנק דיר, קאַטיע, פאַר דיין נדבה, וואָס דו גיסט מיר אַזוי ברייטהאַרציק — האָט ער צו איר צוגעוואָרפן. ער איז געבליבן זיצן. זיין

קאָפּ אַראָפּגעבויגן צו דער ערד. דער פּנים בלייך. די אויגן פאַרוואַסערט, אָן אויסדרוק. די ליפּן האָט ער נערוועז געביסן נאָכאַנאַנד און מער קיין וואָרט ניט אַרויסגעבראַכט. קאַטיעס ווידוי האָט אים פולשטענדיק צע־שמעטערט. אַז זי האָט געלעבט מיט אַן אַנדערן אין דער צייט, ווען זי האָט אים געליבט, האָט אים גאָר צעמישט דעם קאָפּ. ער האָט איצט ניט געקענט אופנעמען דעם קלענסטן געדאַנק.

אויך קאַטיע איז געבליבן זיצן. זי האָט מיט אַ פּנים פול מיטלייד, פון דער זייט באַאָבאַכטעט ווילין. זי האָט געלייענט אַף זיין פּנים, וואָס עס טוט זיך באַ אים אין האַרצן. זי האָט מיטגעפילט זיין שמערץ און גע־שפּירט זיין ווייטיק וועלנדיק מאַכן אַ סוף צו דער פּיינלעכער לאַגע, האָט זי זיך אָפּגערופן:

— הער, ווילי, דו האָסט דאָך נאָך דיין מוטער ניט געזען. די לעצטע עטלעכע טעג פילט זי זיך ניט גוט. גיי אַריבער צו איר, דו דאַרפסט זיין באַ איר.

ווי פון אַ טיפן שלאָף האָט ער זיך אופגעכאַפּט. ער האָט אופגעהייבן זיין קאָפּ, אַ קוק געטאָן אַף קאַטיען, דערזען איר פּנים־אויסדרוק, האָט אַ שוואַכער פונק פון האָפענונג גענומען טליען באַ אים. אים איז פאַרגעקו־מען, אַז ער זעט אַף אירע אויגן טרערן.

— יאָ, — האָט ער געזאָגט. — נאָך דעם טויטאורטייל, וואָס דו האָסט מיר אַרויסגעטראָגן, האָב איך דאָ ניט, וואָס צו טאָן באַ דיר, באַזונ־דערס נאָך, דיין צעשמעטערנדיקער ווידוי. ער האָט זיך אופגעהייבן פון זיין פלאַץ, גענומען זיין האַנטערנצל און מאַנטל און אַ דערשלאָגענער פאַרלאָזן איר צימער.

— היינט אין אָוונט וועל איך נאָך זיין באַ דיר! — האָט זי אים נאָכגעשריען שוין דורך דער טיר.

— אַליין אָדער מיט דיין קורטן? — האָט ער אַ פאַרדראָסיקער איר צוגעוואָרפן, און איז אַוועק.

ווען ווילי האָט פאַרלאָזן דאָס צימער, האָט קאַטיע זיך שנעל צוגע־כאַפּט צום טעלעפאָן.

— האָטעל „צום שוואַרצן אָדלער״? — האָט זי געשריען אין טעלע־

פאַנטרייבל — האַלאָ! קענט איר מיך פאַרבינדן מיט דער פרוי ליכט, צי־מער צוועלף?

פון דער אַנדער זייט דראָט האָט מען איר געענטפערט, אַז די פרוי ליכט איז ניטאָ אין דעם מאָמענט. זי איז איצט באַ דער פרוי וואַלדמאַן, אַף בראָדוויי גאַס, צוויי.

קאַטיע האָט באַדאַנקט און אַוועקגעלייגט די טרייבל. אַ טריומפירנ־דיק שמייכעלע האָט זיך באַוויזן אַף אירע ליפּן. זי פאַרענדיקט איר פּראָ־גראַם מיט דערפאָלג. זי האָט זיך געזעצט צום טיש און גענומען שרייבן אַ בריוו, צו איר קורטן.

# דרייאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

ווילי איז אַרויס פון האָטעל. די פרייע לופט אין דרויסן האָט אַף אים געווירקט דערפרישנדיק. דער קאָפּ איז אים געוואָרן קלערער. די גע־דאַנקען, לאָגישער. דער טומל און די צערודערונג האָבן גענומען פאַר־שווינדן. ער האָט געקוקט אַפן גאַס. דעם קאָפּ האָט ער אופגעהייבן הויך און מיטן גאַנצן אָטעם געשלונגען די פרישע לופט, וואָס עס האָט זיך גע־טראָגן פון ים.

אים האָט זיך געגלוסט גיין צופוס. ער האָט געוואָלט זיך דורכשפּאַ־צירן אין דעם שיינעם אַף דער נאַכט. ער האָט געוואָלט בלייבן אַליין מיט זיך און גענוי אַנאַליזירן די איבערלעבונג, וואָס ער האָט אָקאָרשט דורכגע־מאַכט. זאָל דאָס הייסן, אַז זי איז מיר געווען די גאַנצע צייט פאַלש? אומ־מריי. אין דער צייט ווען זי האָט מיר פאַרזיכערט אין ליבע, מיך געקושט און געצערטלט, האָט זי גאָר געהאַט אַן אַנדערן, אַן אייגענעם, אַ דייטשן, הייסט עס, אַז אַפילו זינדיקן, ווילן די דייטשן אויך נאָר מיט אַן אייגע־נעם. די אמת'ע תורה פון די פעלקישע. הייסט דאָס, אַז זי איז די ריכטי־

קע נאציאָנאַל־סאָציאַליסטקע. און איך, אידיאָט, האָב זי געהאַלטן די גאַנ־צע צייט פאַר די בעסטע און פּערפעקטסטע, כמעט ווי א הייליקע האָב איך זי געהאַלטן. ניין. — האָט ער אפן קול אויסגעשריען. ניטאָ צווישן די פרויען קיין איינע קיין פּערפעקטע. די הייליקסטע פון זיי קען מען קריגן. שלמה המלך איז גערעכט געווען מיט זיין בארימטע אקסיאָמע, אז צווישן טויזנט האָט ער ניט געפונען קיין רעכטע.

ווילי גייט און ציט ווייטער זיין געדאַנק. אכט יאָר האָב איך מיר געקווענקלט, קיינמאָל ניט באַרירט קיין פרויענוועזן. איך האָב מורא געהאַט צו פאַרשוועכן די ריינקייט פון קאַטיען. אכט יאָר האָב איך אויסגעמיטן די געזעלשאַפט פון פרויען. איך האָב אזוי פיל געבענקט נאָך דער וואַ־רעמקייט פון א פרויענקערפּער. איך האָב געגאַרט נאָך דער צערטלעכקייט פון א פרוי. אַלץ געוואַרט אף אירע לאַסקעס. לסוף האָט זי דאָס אָפּגעגעבן אן אַנדערן, א בילכערן, א דייטשן. ווער ווייסט, אפשר נאָך יענעם אויס־וווּרף ראָזענבערגן אויך. ער איז דאָך אויך א דייטש. ניין. ניט כדאי גע־ווען.

אומדערוואַרטעטערהייט, גאַנץ ספּאָנטאַן איז אים גייענדיק, סאָניע ארוף אפן זינען. זי, סאָניע, וואָלט צו אַזאַ געמיינקייט ניט פּעיק געווען. זי וואָלט ניט געקענט שפּילן אַזאַ פאַלשע ראָל.

און האָט ער שוין דערמאָנט איינמאָל סאָניעס נאָמען, איז זי אים שוין געבליבן אין זינען. אים האָט זיך גענומען פאָרשטעלן איר געשטאַלט. ער האָט זיך דערמאָנט איר רייצנדע פיגור. אָט זעט ער זי ווי זי שטייט פאַר אים מיט אירע גרויסע אויגן. מיט אירע רונדע פולע בריסטן, מיט איר צאַרט ווייסן האַלדז. ער זעט זי אין אירעכטער, ניט געקינסטלטער פרויען־חן. איר דאָרפישע פרישקייט רייצט אים, ער שפּירט אירע זאַפטי־קע און הייסע קושן, וואָס פלעגן אים אזוי פאַרשיכורן. און פונקט ווי אַמאָל, האָבן זיין פאַנטאַזיע פאַרנומען צוויי פרויען־געשטאַלטן, קאַטיע און סאָניע. דעמאָלט איז קאַטיעס פיגור געשטאַנען אפן פאָדערגרונט, אזוי האָבן זיך איצט ווידער באַוויזן די צוויי פרויען־געשטאַלטן אין זיין פאַנטאַזיע, אָבער סאָניע האָט איצט פאַרנומען דעם פאָדערגרונט. ווי א לעבעדיקע האָט ער געזען איר בילד פאַר זיינע אויגן.

פאַרן בריק וועלכן ער האָט געמוזט קרייצן, האָט ער געטראָפן צוויי יידישע מיידלעך שטיין. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז איינע פון זיי איז אים אַמאָל פאָרגעשטעלט געוואָרן אױף אַן אָוונט, בײַ דעם מעמלער פאַר־טרעטער פון זייער ווערק. ער איז דאָרטן אַמאָל געווען איינגעלאַדן. ער דערמאָנט זיך, ווי די פרײַלן האָט זיך געריסן פון דער הויט, געוואָלט דורכויס אַלעמען איבערצייגן, אַז נאָר דייטשלאַנד פאַרמאָגט עכטע קונסט, שענסטע ליטעראַטור און די הערלעכסטע מוזיק. ער האָט געצויגן זײַן הוט פאַר זיי ביידן און איז ווייטער געגאַנגען. זיי, די יידישע מיידלעך, האָט ער בשעת מעשה געטראַכט, האָבן געדאַרפט לערנען בײַ קאַטיען. ניין. בײַ אַלע דייטשן דאַרפן זיי לערנען. בשעת די דייטשן ציט נאָר צו אייגן בלוט, זיי זוכן די ריינקייט פון זייער אייגענער ראַסע, וואָס־זשע טוען אונדזערע יידישע דאַמען? וואָס מער געבילדעט זיי זיינען, וואָס מער אינטעליגענט זיי זיינען, אַלץ ווייטער לויפן זיי אַוועק פון די אייגענע. דער גרעסטער יחוס פאַר זיי איז, די פאַרבינדונג מיט פרעמדבלוטיקע. אַסימילאַציע מיט פרעמ־דע, איז בײַ זיי דער העכסטער אידעאַל. אינטערעסאַנט, האָט ער געטראַכט, וועלכע שטעלונג האָט דאָס יידישע פאָלק צו דעם פּראָבלעם פון איינבלו־טיקייט. האַלטן יידן אויך, אַז די שטאַרקייט פון אַ פאָלק, זײַן גרויסקייט און אינטעליגענץ ווערט אויסגעשמידט נאָר דורך ראַסנריינקייט און אָפּ־היטונג פון ריינעם בלוט?

ווילי איז אַריין אין דער מאַרק־גאַס, אַ גאַס וווּ יידן האָבן צו מייג־סטן זיך קאָנצענטרירט. איז אים ווידער אַרויף דער געדאַנק פון יידן און יידישן פאָלק. אַ צעשוומען פאָלק, זיינען מיך — האָט ער געטראַכט, — אָט לעבן דאָ יידן. נעכטן זיינען זיי געווען דייטשן, היינט זיינען זיי פראַנ־צויזן מאָרגן וועלן זיי מן הסתם זײַן ליטווינער. אַזוי איז שוין דער יידי־שער גורל. צי איז ניט צייט, אַז מען זאָל ווערן אַמאָל ריכטיקע יידן? זיך אײַנגאַנצן אומקערן מיטן פּנים צום יידישן פאָלק?

און בין איך ניט דאָס טיפּישע יידישע קינד? פריער האָב איך געהאַט סאָניען, דערנאָך קאַטיען, מאָרגן ווער ווייסט וועמען. צי איז ניט צייט זיך אומקערן אײַנגאַנצן מיטן פּנים צו סאָניען? אומזין, — זאָגט ער צו זיך

אליין, — זי איז דאָך ניטאָ, איך וועל דאָך ניט פאָרן אין רוסלאַנד זי אופזוכן.

ער איז אריין צו זיין מוטער אין שטוב. די דינסטמיידל האָט אים געעפנט די טיר. ער האָט געמיינט, אז די מוטער וועט זיין אין איר צימער און ליגט אודאי אין בעט. קאטיע האָט אים געזאָגט פריער, אז זי פילט זיך ניט גוט. גליקלעכערווייז האָט ער זי געטראָפן אין קלייגעם סאַלאָנכל, זי איז געזעסן און געלייענט א יידיש בוך.

— אָ, וועלוול, — זיין מוטער האָט ניט געהאט קיין אנדער נאָמען פאר אים, — איך האָב דיר טאקע געוואַרט. איך האָב געוווּסט אז דו באדארפסט קומען. וואָס מאכסטו עפּעס? זעסט אויס, מיין זון, עפּעס אביסל צערודערט, ביזטו אפשר ניט געזונט? אָדער גאָר ניט אויסגעשלאָפן. פארמאַטערט. זיץ דיר הין, רו דיך אויס, בא א מאמען קען מען זיך בעסער אָפּרוען ווי בא אנדערע.

וועלוול האָט אַ קוש געטאָן די מוטער, זיך אַנידערגעזעצט.

— איך בין געזונט, מאמע, — האָט ער געזאָגט, — וואָס דו געפינסט מיין אויסזען, שלעכט, איז דערפאַר, וואָס איך האָב געהאט שלעכטע ידיעות, דאָס האָט געווירקט אביסל אף מיינע נערוון. נו, און דו וואָס מאכסטו? איך האָב געהערט, אז דו ביזט געווען עפּעס ניט געזונט.

— א דאַנק זיין ליבן נאָמען, — האָט עטל געענטפערט, — פריער די הענט ניט געוואַשן דערנאָך די גוטע קראַנקנשוועסטער. זי זאָל נאָר געזונט און שטאַרק זיין. א דאַנק אירע באַמיונגען בין איך געזונט געוואָרן. זי איז געווען צו מיר אזוי גוט און געטריי, בעסער ווי אַן אייגענע טאָכ־טער.

— ווו איז עפּעס איצעלע? — האָט ווילי געפרעגט.

— ער איז דאָ, דער יונגאטש, די קראַנקנשוועסטער באָדט אים איצט. ער וועט באלד אריינקומען.

— איך וואָלט געוועזן א בעלן אָנצוקוקן דיין קראַנקנשוועסטער, אז דו צערייסט זיך לויבנדיק איר. ווו האָסטו זי באקומען?

— גאָט האָט זי מיר צוגעשיקט, א דאַנק זיין ליבן נאָמען, — האָט עטל געענטפערט.

— הער וועלוול, — האָט עטל זיך אָפּגערופן און געקוקט גלייך אים אין די אויגן, — דו האָסט געדאַרפט נעמען א פרוי. ווי לאַנג איז דער שיעור צו לעבן ווי א היימלאָזער און ארומגיין אליין? א מאַנסביל אליין האָט שלעכטע געדאַנקען און קען אָפּטאָן ווער ווייסט וועלכע נארישקייטן. אגב, מיר אליין איז שווער צו האָדעווען דאָס קינד. איך בין שוין אלט און שוואַך. ער איז שוין אָן עין הרע, גרויס. ער דאַרף האָבן שטענדיק אן אויג וואָס זאָל אף אים אכטונג געבן. איך אליין קען דאָס ניט.

— מיינסט, איך ווייס ניט, אז דו ביזט ארומגעגאַנגען מיט דער מחשבה חתונה צו האָבן מיט דער באַראָנעסע. כאָטש זי איז א גאָלדענע פרוי, א טייערע נשמה, א צדיקת, אַזאַ יאָר אף מיר, אָבער פאַר דיין פרוי טויג זי ניט. א גוט און גליקלעך לעבן קען מען האָבן נאָר מיט אן אייגענע. אייגן בלוט איז די געזונטסטע זאַך. א ייד דאַרף האָבן א יידישע פרוי, יעדער באַדאַרף האָבן. דאָס זייניקע, מיין קינד, מיינסט, אז מען דאַרף חתונה מיט א גויע כדי אָנצופליאַדן נאָך קינדער, נאָך מער יידישע שונאים? קנאַפּ האָבן מיר זיי איצט? זאָלסט גאָרניט טראַכטן דערפון, מיין זון, אויב דו ווילסט רויק לעבן אף דער וועלט. די בעסטע זאַך וואָלט געווען, ווען דו קומסט צוזאַמען צוריק מיט סאָניען. א טייער קינד דאָס איז. גענוג מיט דיינע נארישע פאַנטאַזיעס.

— אָבער, מאַמע, וואָס האָסטו זיך דערמאָנט אָן סאָניען? זי איז דאָך ניטאָ דאָ, ווער ווייסט ווו זי איז און וואָס זי טוט דאָרטן?

— שאַ, מיר דוכט, אז די קראַנקנשוועסטער מיטן יינגל קומען, — האָט עטל געזאָגט.

די טיר האָט זיך טאַקע געעפנט און אין סאַלאָנכל איז אריינגעלאָפן איצעלע. דערזען דעם פאָטער, איז ער האַסטיק ארופגעשפּרונגען אים אפן שויס, ארומגעכאַפּט אים מיטביידע הענטלעך און א קוש געטאָן. דערנאָך האָט ער גענומען וואַרפן מיט זיינע אויגעלעך הין און אהער און ממזריש געשמייכלט, וואַרפנדיק שעלמישע בליקן דאָ אף דער באָבען און דאָ אפן טאַטן און דאָ גאָר צו דער האַלב אָפענער טיר פון צימער.

— קום אריין, סאָניע, ווו ביזטו דאָרטן? — האָט עטל מיט אמאָל זיך אָפּגערופן און א קוק געטאָן אויף ווערלווערן, — און אין דער אָפענער טיר פון צימער האָט זיך באוויזן די לעבעדיקע סאָניע. זי איז אריין אומ־דרייסט, געשטעלט א פּאָר טריט און געבליבן שטיין אין באוועגונג, אויס־שטעלנדיק אירע גרויסע אויגן אויף דעם זיצנדיקן ווערלווערן.

ווערלוול איז צוערשט, דערזעענדיק די אריינגייענדיקע סאָניען, גע־בליבן זיצן פּאַראַליזירט. ער האָט זיינע אייגענע אויגן ניט געקענט גלויבן, ער האָט אָפּגעשטופּט דעם לאַכנדיקן יינגל פון זיך און געקוקט אויף איר מיט דערשטוינונג און איבעראַשונג. — וואָס טוט זיך דאָ, — האָט ער שטיל געמורמלט. דערנאָך האָט ער זיך אופגעהויבן פון זיין פּלאַץ, צוגע־גאַנגען א פּאָר טריט אין איר ריכטונג ווי ער וואָלט וועלן זיך איבערצייגן צי איז דאָס טאַקע סאָניע. האָבנדיק זיך איבערצייגט, אז דאָס איז זי, האָט ער, א ציטערנדיקער, שטיל, קוים וואָס מען האָט געהערט, ארויסגע־רעדט:

— סאָניע, ווי קומסטו אהער פּלוצלינג. מאַמע — האָט ער א דריי געטאָן מיטן קאָפּ צו איר, — וואָס טוט זיך דאָ? איך הויב שוין אָן צו פארשטיין אליץ, — האָט ער דערנאָך געזאָגט.

— זע נאָר זע, — האָט עטל געזאָגט, — אכט יאָר ניט געזען זיך און מען צעקושט זיך ניט, מען דערלאַנגט זיך ניט צומאָל די הענט.

ווילי האָט אויסגעשטרעקט זיין האנט צו איר. סאָניע האָט אָבער ניט געקענט מער שפּילן איר ראָל. איר האַרץ האָט א צאַפּל געטאָן. זי איז ארופגעפאלן ווערלווערן אפן האלדז און א פארשטיקטער געוויין האָט זיך דערהערט פון איר.

— נאַרעלע, וואָס וויינסטו איצט? וויינסט האָסטו זיך אָנגעוויינט די גאַנצע צייט? — האָט עטל זיך אָפּגערופן.

ווערלוול פון זיין זייט, איז אויך אביסל גערירט געוואָרן פון איר וויינען. ער האָט באַזאַכט אראָפּגענומען אירע הענט פון זיין האלדז, צו־געפירט איר צו א שטול, אנידערגעזעצט זי און גענומען בארויקן זי, ווי ער האָט געקענט.

— גענוג, זאָג איך דיר, טאָכטער — האָט עטל זיך געבייזערט, — וויין ניט מער. גאָט צו דאנקען, דו ביזט געקומען צו דיר אהיים, געפונען דיין מאַן און קינד, אלע ברוך השם, געזונט, א שטוב פון כל טוב, א דאַנק זיין ליבן נאָמען, האָסטו ניט וואָס צו וויינען. שמחות זאָל פון איצט זיין.

סאָניע האָט געפאָלגט, זי האָט אופגעהויבן איר קאָפּ, אויסגעווישט די טרערן פון די אויגן און געקוקט אף וועלוולען, געלויערט זיין מינע, געוואָלט זען דעם אויסדרוק פון זיין פּנים.

וועלוול האָט זיך פאַרהאַלטן רויק, ער האָט ניט ארויסגעוויזן קיין צו גרויסן ענטוזיאַזם צו איר דערשיינען, אָבער אויך ניט קיין פאַרדרוס. ער האָט מיט איר גערעדט, געפרעגט פון איר לעבן, ווו זי האָט געלעבט, וואָס זי האָט געטאָן און ווי זי האָט זיך דאָ מיטאמאָל באוויזן. ער האָט איר פליכטיק דערציילט אביסל פון זיך אויך.

— דאָס האָט מיך געבראַכט די באַראַנעסע. איך האָב דאָך גאָרניט געוווסט אז דו לעבסט, — האָט סאָניע דערציילט. — איך האָב ניט קיין פאַרבינדונג מיט דעם טאַטן. זיי האָבן אפילו ניט געוווסט ווו איך געפין מיך. זי האָט דאָס מיך אויסגעזוכט און געבראַכט די פרייליכע ידיעה פון דיין לעבן.

— טשעקאַווע, — האָט ער א ברום געטאָן, — ווי אַלץ האָט מען דאָס אָפּגעטאָן אונטער מיין רוקן, איך האָב ניט געהאַט די מינדעסטע אַנונג דערפון.

עטל האָט זיך דערוייל, אומבאַמערקט, ארויסגעדרייט פון צימער. זיי זיינען געבליבן אליין. סאָניע האָט געקומען דערציילן אירע איבערלעבונגען. איר וויינען און קלאָגן, איר בענקען נאָך אים. איר ווילן מיט געוואַלט ארויסרייסן זיין אָנדענק פון הארצן און ווי זי האָט דאָס בשום אופן ניט געקענט דערגרייכן, ווי שטאַרק איינגעוואַקסן ער איז דאָס געווען אין איר הארץ, אַלץ האָט זי אים דערציילט.

— נו, און איצט וואָלף, אז דו ווייסט שוין פון אַלץ, בעט איך דיר, זיי מיר מוחל, טו מיט מיר, וואָס דו פאַרשטייט, וואָס דו ווילסט, נאָר לאָז מיך זיין אין דיין נאָענטקייט, דערלויב מיר צו זיין א מאַמע צו מיין קינד,

אויב מיר איז ניט באַשערט צו זיין אַ פרוי צו מיין מאַן. — און סאָניע האָט זיך ווידער פאַנאַנדערגעוויינט.

וועלוול איז געזעסן שטיל, פאַרטראַכט, און זיך צוגעהערט וואָס סאָניע האָט דערציילט, זיינע געדאַנקען האָבן דערווייל פיבערהאַפט געאַר־בעט. אזוי, הייסט דאָס, די ביטערע קאַטיע האָט מיר אינטריגירט, זי האָט געוואָלט ארויסרופן בא מיר אייפערזוכט, דערפאַר האָט זי מיר געשריבן, אַז סאָניע וויל פון מיר ניט מער וויסן. פון דער אַנדערער זייט האָט ער אויך הנאה געהאַט פון דער גאַנצער סצענע. זאָל זי זען, די ביטערע פוקס, אַז ער איז נאָך ניט דער לעצטער, עס זייַנען נאָך דאָ פרויען וואָס גייען אויס נאָך אים, וואָס שלינגען אים פשוט מיט די אויגן.

און טיף אין הארצן האָט זיך בא אים אַ פונק אָנגעצונדן. אפשר, האָט ער געטראַכט, וועט זי נאָך חרטה האָבן און עס וועט זיך אַלץ ענדי־קן גוט.

אַ רעכטע ווייַלע זייַנען זיי אזוי געזעסן ביידע און האָבן געשוויגן. קיינער האָט ניט געהאַט מער וואָס צו זאָגן. יעדער איינער איז געווען פאַר־נומען מיט זיינע אייגענע געדאַנקען.

— נו, גוט, סאָניע, — האָט זיך צו לעצט אָפּגערופן וועלוול, — מיר ביידע זיינען איצט איבערפולט פון די איבעראַשונגען און איבערלע־בונגען, אַז מיר זיינען ניט פעיק ווי עס באַדאַרף צו זיין, צו באַטראַכטן עפעס. לאָמיר די זאַך לאָזן אויף מאָרגן. איבער נאַכט וועלן מיר ביידע קלוגער ווערן. פאַרשטייסט דאָך אַליין, אַז די געשעעענישן זיינען געקומען אַזוי אומדערוואַרט, אַז עס איז מיר אומעגלעך צו פאַסן אין איין מאָמענט אַ באַשלוס. זאָג מיר, ווו ביזטו אַריינגעפאָרן?

— דערווייל בין איך אין האָטעל, — האָט סאָניע געענטפערט, איר הארץ האָט איר שטאַרק געקלאַפּט. זי האָט ניט געקענט אופכאַפּן אין זיין פנים די ווירקונג וואָס איר פּלוצלימדיקער באַווייזן זיך האָט אויף אים געמאַכט.

עטל איז אַריין אין צימער: — קומט ,קינדער, — האָט זי גע־זאָגט — טיי טרינקען. זי האָט זיי אריינגעפירט אין קליינעם עס־צימער, אויסגעזעצט זיי באַם טיש און מען האָט גענומען ריידן פון צופעליקע

זאכן, ווי קיין זאך וואלט ניט געשען, קיינער האט ניט באריט דאס וואס זיי האט צומיינסטן אינטערעסירט, ביז קאטיע איז ווי א ווינט ארייננגע־לאפן אין צימער.

## פינראונדרייסיקסטער קאפיטל

קאטיע איז אריינגעלאפן א פריילעכע און לעבעדיקע. זי האט זיך באגריסט מיט סאניע און ווילין, א קוש געטאן עטלען און דאס קינד און האט זיך צוגעזעצט צום טיש.

— נו, ווילי, — האט זי געזאגט, — ווי געפינסטו סאניען? איז דאס ליגן וואס איך האב דיר געשריבן? זעט זי ניט אויס פריש, שיין און רייצנדיק?

ווילי האט איר ניט געענטפערט. ער האט ערגעץ געקוקט מיט זיינע פארומערטע אויגן.

— וואס ביזטו אזוי פארוואלקנט?, וועלוועל, — האט עטל זיך אפ־גערופן, — זע, קאטיע האט אריינגעבראכט זונענשיין און ליכט, ווו זי קומט ווערט פריילעך אין אלע ווינקעלעך. איר דערשייניגן ברענגט אלע־מאל גליק.

— ניט פאר אלעמען, — האט ווילי בייז געענטפערט — עס זיינען דא אזעלכע וועמען זי ברענגט אומגליק.

— שווייג, ווילי, — האט קאטיע זיך א בייזער געטאן גוטמוטיק, — דו רעדסט אויך פון אומגליק? דו, וואס אלץ האט דיר אזוי אפגעגליקט אין לעבן. זע נאר ארום זיך, אלע ליבן דיך, אלע ווינטשן דיין גליק, פרויען גייען אויס נאך דיין בליק. א שיינע פרוי, א רייצנדיק קינד, א טרייע מאמע, און דו רעדסט פון אומגליק. מעגסט זיך שעמען, ווילי.

— גוט אזוי, קאטיע, גיט אים, גיט אים, — האט די אלטע זיך

אָפּגערופן. — ער זינדיקט פאר גאָט און פאר לייט מיט זיינע רייד.

— איר ווייסט, סאָניע, — האָט קאטיע געזאָגט, — די מענער זיינען צעלאָזן, זיי פארשטייען ניט אָפּצושאצן די ליבע מיט וועלכע מיר פרויען רינגלען זיי ארום. מיר ליבן זיי איינפאך צופיל. מיר זאָגן זיך אָפּ פון אלץ אין דער וועלט פאר ליבע צו אונדזערע מענער, און דאָס טויג ניט. מיר אליין מאכן זיי פאר צו גרויסע עגאָיסטן אין דער הינזיכט. צופיל ליבע פון א פרוי פארדארבט דעם מאן.

און קאטיע האָט גענומען דערקלערן איר געדאנק:

—— אָט, זעט סאָניע, א פרוי ליבט איר מאן, וואָס האָט זי פאַר דער ליבע? וועלכן פרייז באצאָלט מען זי פאר דעם? איר קומט פאָר, אז די פּאָר גליקלעכע מאָמענטן וואָס דער מאן שענקט איר, דאָס איז שוין דער גאנצער גליק פון איר לעבן. זי באַרעכנט אָבער ניט, ווי טייער זי צאָלט פאר די פּאָר גליקלעכע מאָמענטן. צו א הויכן פרייז צאָלט זי. די פרוי אנטזאגט זיך פון איר אייגענעם לעבן, פאַרקויפט זיך צום מאן פאר אַ דינסט, כּיאנטשעט זיינע קינדער, איז אַן אומזיסטע קראנקנוועכטערין און אַן אייביקע ארבעטערקע פאר אים. דאָס איז א צו הויכער פרייז וואָס מיר צאָלן אונדזערע מענער פאר דעם פארגעניגן. וואָס זיי דערלויבן אונדז צו זיין זייערע געליבטע. דערפאַר טאקע ווערט זיי אונדזער ליבע באלד איבערדריסיק און מיר זיינען קיינמאָל ניט זיכער מיט זיי. מיר פרויען מוזן זיך לערנען אונדזער ליבע צו מאכן ראציאָנעלער. מיר דארפן קענען ארייננדרינגען מיט אונדזער ליבע, ניט נאָר אין די שלאָפצימערן, נאָר דארפן טיילן מיט זיי אויך די קאבינעטן און ארבעטס־צימערן. מיר מוזן פארשטיין צו ווערן זייערע ארבעטס־חברים. דער מאן זאָל שטענדיק אָטעמען די לופט מיט אונדז צוזאמען. די דערפאָלגן וואָס ער האָט אין לעבן דארפן ווערן ביידנס דערפאָלגן און די דורכפאַלן וואָס ער האָט, דארפן אויך זיין ביידנס. נאָר אַזאַ ליבע קען ווערן א פעסטער בונד און לאנג אָנהאַלטן. די פרוי וועט אים דעמאָלט ווערן א חבר אין לעבן און וועט אים ניט מיאוס ווערן, ווייל ער וועט איר שטענדיק נייטיק האָבן. האָב איך רעכט אָדער ניין? זאָג ווילי.

— איך בין ניט קיין עקספּערט אין ליבעס, ווי דו, איך קען דיר גאָר־

ניט זאָגן דעריבער, — האָט ער בייסיק געענטפערט.

— געוויס, קאַטיע, האָט איר רעכט. הלואי וואָלטן אַלע פּרויען גע־קענט אַזוי לאָגיש דענקען ווי איר. וואָלטן געוויס געווען ווייניקער צעבראָ־כענע הערצער אויף דער וועלט און עס וואָלט אויסגעמיטן געוואָרן רואי־נירטע לעבנס, — האָט סאָניע געענטפערט, — מיין פאָטער האָט עס מיר אויך אַמאָל אַזוי דערקלערט.

— איר ווייסט וואָס, קינדער, האָט קאַטיע זיך אָפּגערופן, אופהויבנ־דיק זיך פון איר פּלאַץ; — לאָמיר לאָזן אונדזער ליבע מוטער זיך אָפּרוען. זי וויל שלאָפן. עס איז שוין שפּעט דער יינגל וויל שוין אויך שלאָפן. ער דרעמלט שוין. קום, ווילי, לאָמיר באַגלייטן סאָניען צו איר האָטעל.

אַלע האָבן זיך אופגעהויבן, האָבן זיך אָנגעטאָן זייערע אויבערקליי־דער און, ווינטשענדיק דער אַלטער אַ גוטע נאַכט, זיינען זיי אַרויס פון שטוב.

אונטערוועגנס, האָט זיך קאַטיע פּלוצלינג דערמאָנט, אַז זי האָט פאַרגעסן עפּעס צו דערליידיקן אַ געוויסן ענין.

— אַנטשולדיקט מיר, — האָט זי זיך אָפּגערופן צו זיי, — איך דאַרף דערליידיקן אַ דרינגענדיקן ענין אין האָטעל. ווילי, דו וועסט שוין זיין אַזוי גוט און אַליין באַגלייטן סאָניען צו איר האָטעל. אַ גוטע נאַכט.

— און ניט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער האָט זי זיך אַרויסגעדרייט און איז פאַרשוואונדן.

זי איז ביטרע ווי אַ פוקס, — האָט ווילי געטראַכט, — זי מאַכט אַלע קונצן, איך זאָל בלייבן מיט סאָניען אונטער פיר אויגן. זי מיינט, אַז אַלע מאָל וועט איר געלונגען אירע ביטרע שפּילכעלעך. דאָס מאָל ניט. איך באַגלייט זי ביזן האָטעל און קער מיך אום צוריק. זאָל זי זען, אַז זי פירט ניט אויס.

זיי זיינען צוגעקומען צום האָטעל. ווילי האָט אַרופגעפירט סאָניען אויף די טרעפּ, צוגעפירט זי ביז איר צימער און דערלאַנגט איר די האַנט, זיך צו פאַראָפּשיידן.

— גייסט גאָרניט אַריין אַ מאָמענט צו מיר, ווילוול? — האָט סאָניע געזאָגט, — דו האָסט טאַקע, ווי עס ווייזט אויס מורא פאַר מיר?

האָב קיין מורא ניט, איך וועל דיר קיין זאַך ניט טאָן — האָט זי צו אים געשמייכלט — קום אריין, איך וועל הייסן געבן אַ גלאָז טיי און מיר וועלן אַ ווײַלע שמועסן. מיר האָב דאָך אַזוי פיל צו ריידן.

ווילי האָט ניט געהאַט קיין אַנדער ברירה. ער איז אַרײַן מיט איר אין צימער.

סאָניע האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם מאַנטל. צוגערוקט אים אַ שטול און אײַנגעלאַדן צום זיצן. ווידער האָט זי גענומען ריידן פון אַמאָליקע איבערלעבונגען. דעם אײַנדרוק וואָס האָט געמאַכט אויף איר זײַן אַרעסט. שפּעטער די ידיעה פון זײַן טויט. זי האָט אים דערציילט פון איר טרויער, פון איר צער, די יסורים וואָס זי האָט געליטן, די בענקשאַפט נאָך אים. איר צעבראָכן לעבן וואָס זי האָט געפירט די גאַנצע צײַט. ווילי זיצט און הערט זיך צו. ער קוקט אויף איר. ער באַטראַכט די שטיק ראָזיקע ברוסט וואָס זעט זיך אַרויס פון איר דעקאָלטע. ער קוקט אויף אירע גרויסע אויגן וואָס קוקן אויף אים מיט אַזאַ בענקשאַפט, מיט אַזעלכע בעטנדיקע בליקן. ער זעט ווי אירע שיינע, רונדע בריסט, וואָס ער האָט ניט אײנמאָל געהאַלטן אין זײַן האַנט, הויבן זיך איצט ריטמיש. אירע רונדע באַקן זײַנען אָנגעצונדן פון רויטקייט. ער קוקט אויף אירע קערפּער־פאָרמען, וואָס ער האָט זיי ניט אײנמאָל אין דער שטיל באַוווּנדערט און געקוויקט זיך מיט זיי. ער דערמאָנט זיך אירע לאַסקעס, איר אַמאָליקע צערטלעכקייט צו אים. ער דערשפּירט איצט די זיסע וואַרימקייט פון איר שיינעם קערפּער און אַ היץ גיט אים אַ שלאָג אין געזיכט. זײַן בלוט הויבט אָן צו זידן, די שלייפן אין קאָפּ הויבן אָן קלאַפּן, די אויגן ווערן פאַרגאָסן און מעכאַניש ציט ער אויס זײַנע הענט צו איר זײַט. סאָניעס פלײשיקע ליפּן זויגן זיך אײַן אין זײַנע. ווילי פאַרגעסט אין אַלע זײַנע ספיקות אין דעם מאָמענט. ער דערפילט נאָר, אַז אַ יונגער, צאַרטער פרויענקערפּער צאַפּלט זיך אין זײַנע אָרעמס. די היץ וואָס שלאָגט פון קערפּער פאַרשיכורט אים, זײַנע הענט הויבן זיך אָן באַוועגן און קומען אין באַרירונג מיט דער נאַקעטקייט פון דעם הייסן ברענענדיקן לייב, און... ווילי איז געבליבן די נאַכט שלאָפן בײַ סאָניען אין צימער.

עס איז נאָך געווען גאנץ פרי, ווען דער טעלעפאָן בא קאטיען אין צימער האָט זיך פארנאנדערגעקלונגען.

— האַלאָ — שרייט קאטיע א פארשלאָפענע, — ווער רעדט? — דאָס בין איך, — הערט זי א פרייליכע שטימע שרייענדיק צו איר. סאָניע רעדט דאָס. עס איז געשען, טייערע. שרייט זי דורכן טעלעפאָן. איך שיק אייך טויזנט קושן דורכן טעלעפאָן. א גרויסן דאנק אייך, קאטיע. ניין, ניט איין דאנק, טויזנט דאנקען אייך. א נייער לעבן האָט פאר מיר אָנגעפאַנגען. א נייער גליק פאַר מיר, און דאָס האָב איך אייך צו פאַרדאנקען. איר זייט מיין גוטער מלאך.

מיט א וואָך שפּעטער, האָבן א גרופּע גליקלעכע מענטשן זיך פאַרזאמלט אין טונקעלען זאַל פון האָטעל „צום שווארצן אדלער" אין מעמל, צו פייערן דאָס באנייטע צוזאמעגלעבן פון אינזשיניער ווילי וואלד מיט זיין פרוי סאָניע.

די גרופּע איז באשטאַנען: באראָן מאַנטייפל, זון קורט, זיין כלה, קאטיע קארף, די אלטע עטל, א פאַרהייראטע שוועסטער פון סאָניען און דער אלטער זלמן.

כאָטש די הויפּט־העלדן פון אָוונט האָבן געזאָלט זיין ווילי וואלד און זיין פרוי, איז אָבער קאטיע פארוואנדלט געוואָרן אין דער העלדין פון אָוונט. נאָך אָוונט־ברויט, באם שאמפּאניער, האָט זי גענומען דעם בעכער אין האנט און געבעטן זיין שטיל. זי וויל ריידן א פּאָר ווערטער געווידמעט די בעלי שמחה.

— מיר זיינען זיך צוזאמענגעקומען, — האָט זי געזאָגט, — פייערן דעם באנייטן לעבנסבונד פון א גליקלעך פאמיליע. זאָל אונדז די פייערונג שטענדיק דערמאָנען, אַז דער גליק, שטארקייט, צוזאַמענהאַלטונג און גאנצקייט פון א פאַמיליע, איז נאָר דעמאָלט שיין און עכט, ווען די פאַמיליע איז צוזאמענגעשטעלט פון גלייכע, ריינע און געזונטע מיטגלידער. די פרייד און דער גליק פון אַזאַ פאמיליע, איז אומפארגלייכלעך. לאָמיר־זשע אויך ניט פאַרגעסן, אז אַ פאָלק ווערט צוזאמענגעשטעלט פון איינצלנע פאַמיליעס, פארשטייען נאָר די איינצלנע פאַמיליעס אָפּצוהיטן זייער ריינקייט און ראַסנפארוואַנדשאַפט, בילדן זיי די שטאַרקסטע פונדאמענטן

פון א שטאַרק־גייסטיקן און גליקלעכן פאָלק.

— צוויי באַזונדערע פעלקער זיינען מיר דאָ פאַרטראַכטן אפן אָוונט. לאָמיר ביידע אונדזער פריינטשאַפט אף אייביק טריי אָפּהיטן, אָבער ניט לויט דעם מוסטער פון די אויסוואורפן ראָזענבערג און גערינג, נאָר אף דער באַזע פון אופריכטיקער און קעגנזייטיקער אכטונג. מענטשן פון גאָר דער וועלט זיינען ברידער. פעלקער פון גאָר דער וועלט זיינען פאַר־וואַנדטע פאַמיליעס. לאָמיר־זשע אינערהאַלב די פאַמיליעס לעבן ווי ברי־דער און שוועסטער און בילדן א גרופּע פון גליקלעכע פאַמיליעס אף דער וועלט.

— און צום שלום, מיינע טייערע, בעט איך אייך, נעמט צו פון מיר א קליינע מתנה אלס צייכן פון מיין פריינטשאַפט צו אייך און אלס מינ־דערוועדטיקע פאַרגיטיקונג פאַר דעם צער וואָס איך האָב אייך פאַרשאַפט,

— און קאַטיע האָט דערלאַנגט סאָניען א צוזאַמענגעלייגט פּאַפּיר.

סאָניע האָט פאַנאַנדערגענומען דאָס פּאַפּיר און איבערגעלייענט הויך אפן קול פאָלגענדיקעס:

„איך באַראָנעסע יעקאַטערינע קאַרף, שענק אף אייביק, מיט מיין גוטן ווילן, פון קיינעם ניט געצוואונגען, צו מיינע פריינט, אינזשעניער ווילי וואַלד, זיין פרוי סאָניע און זון איסאַק, מיין הויז וואָס געפינט זיך אין רינגע אף דער גערטרודגאַס נומער צען, מיט אַלע געביידעס, מיט אַלץ וואָס געפינט זיך אין די הויפן פון הויז, אלס פאַרגיטיקונג פאַר דאָס אומרעכט וואָס איך האָב זיי אָנגעטאָן אמאָל".

די געזעלשאַפט איז געווען גערירט פון דער באַראָנעסעס זשעסט. אַלעמענס אויגן זיינען פול געוואָרן מיט טרערן פון עמאָציע. א הילכיקער אויסרוף: „זאָל לעבן די באַראָנעסע קאַרף, איר חתן און אירע פריינט" — האָט פאַרהילכט דעם גאַנצן זאַל.

## עפּילאָג

**זעכצן** יאָר זיינען פאַרלאָפן נאָך דער באַשריבענער געשעעניש. קאַטיע, פריערדיקע באַראָנעסע קאַרף, איצט באַראָנין מאַנטייפל, איז

אַרויס אין אַ זונמערדיקן פרימאָרגן פון איר זומער־רעזידענץ אין זייער גוט. זי האָט געוואָלט באַגעגענען איר מאַן קורט, וואָס האָט געדאַרפט אָנ־קומען פון ריגע מיט דעם פרימאָרגן־צוג.

מיט לאַנגזאַמע טריט איז זי געגאַנגען צו דער ריכטונג פון וואַנען קורט האָט געזאָלט אָנקומען. אויף איר פּנים האָט זיך געמערקט אַ שאָטן פון טיפער זאָרג. זי איז אין דעם פרימאָרגן געווען אַביסל צעטראָגן, אומ־צופרידן. זי האָט געהאַט אַן אינצידענט מיט איר פּופּצן־יאָריקער טאָכטער, די באַראָנעסע עליזאַ.

איר האָט זיך געוואָלט בלייבן אַליין אין דעם מאָמענט. פון קיינעם ניט זיין געשטערט און רויק באַטראַכטן איר טאָכטערס אַרגומענטן, וואָס זי האָט אָנגעגעבן אין זייער איבערייד. דערווייל האָט זיך שוין באַוויזן איר מאַנס קאָטש אַרויספאָרנדיק פון וועלדל. זי האָט פאַרטריבן פון זיך יעדן שפּור פון זאָרג, געמאַכט אַ פריילעכע מינע און איז געלאָפן דעם מאַן אַנטקעגן.

— גוט־מאָרגן, מיין ליבע, — האָט קורט איר באַגריסט, אַרויס־שפּרינגענדיק פון קאָטש.

מאַן און ווייב האָבן זיך האַרציק צעקושט.

— נו, וואָס מאַכסטו מיין ליבע? — האָט ער איר געפרעגט. — ווו איז עפּעס עליזאַ? פאַרוואָס איז זי ניט אַרויסגעקומען מיט דיר, אָדער שלאָפט זי נאָך?

— קום, לאָמיר גיין אַביסל צופוס, — האָט קאַטיע צו אים געזאָגט, — איך וועל דיר דערציילן, — זי האָט אַריינגעשטעקט איר האַנט אונ־טער זיין אָרעם און זיי זיינען געגאַנגען מיטן ראַנד פון שאָסיי.

— איך האָב געהאַט היינט אַ העפטיקן איבערייד מיט אונדזער עליזאַ — האָט קאַטיע אָנגעפאַנגען — און האָב זי גוט אויסגעשימפּט. זי איז ברוגז געוואָרן אויף מיר און איז ניט אַרויס פון איר צימער.

— וואָס־זשע אַזוינס האָט פּאַסירט? — האָט קורט באַאומרויקט גע־פרעגט, — אַז דו האָסט איר באַדאַרפט שימפּן. זי איז דאָך שטענדיק אַזאַ גוטע און געהאָרכזאַמע קינד?

— שטעל דיר פאָר, קורט, מיט איינמאָל דערקלערט זי מיר, אַז זי

וויל ניט מער פאָרן אין קעניגסבערג פאַרזעצן איר שטודיום. ווי געפעלט דיר אזא קאַפּריז? און ווייסטו וועלכן גרונט זי גיט אָן? דערפאַר וואָס מען האָט דערוויטערט פון איר שולע די בעסטע שילערנס, ניט מער, ווייל זיי זיינען יידישע קינדער.

— הם... — האָט קורט א ברום געטאָן, — איך האלט דאָס ניט פאַר קיין גרויסן אומרעכט פון איר זייט. זי וויל בלייבן סאָלידאריש צו אירע חבר'טעם און פריינט. צוליב דעם דאַרפסטו זיך ניט אזוי אופּרעגן, מיין טייערע, זי וועט פאַרזעצן איר לערנען בא אונדז אין ריגע. מען דאַרף דאָס ניט נעמען אזוי טראַגיש.

— יאָ, אָבער זי וויל ניט אנדערש ווי פאָרן אין פּאַריז — האָט קאַטיע מיט פאַרדרוס געענטפערט.

— אויך ניט אזוי קרום, — האָט קורט רויק דערקלערט, — דאָרטן לערנט איזי וואלד, וועט זי האָבן א גוטע געזעלשאַפט און ער וועט אַף איר אכטונג געבן.

— ווי איך זע, קורט, הויבן ניט אָן די מענער צו פאַרשטיין פון דאנען ביז אהין. איך פאַרשטיי שוין די זאַך גאַנץ אנדערש. דערפאַר וויל זי דאַך פאָרן אין פּאַריז, ווייל איזי געפינט זיך דאָרטן. זי וויל זיין נאָנט צו אים. איך וויל דאָס אָבער ניט. איך וויל זי דערווייטערן פון אים. פאַר־שטייסטו שוין? צו נאָנט צו אים קען זיין געפערלעך פאַר איר. זי איז שוין אזוי אויך משוגע פאַר אים.

— אָבער, קאַטיע, איך זע נאָך אַלץ ניט קיין געפאַר אין דעם. וואָס געפעלט דיר ניט, איזי? וואָס האָסטו מורא פאַר אים? ער איז אַן אויסגע־צייכנטער יונג. גוט און איידל דערצויגן. זיין פאָטער האָט איינגעפלאַנצט אין אים געזונטע און פארנונפטיקע אידעען. ער לערנט אויסגעצייכנט. ער איז פיזיש און גייסטיק פּערפעקט און וועט באַלד ווערן א גלענצענדער אינזשיניער. שוין בא די לעצטע וואקאציעס האָט ער ארויסגעוויזן אויס־סעראָרדנטלעכע פעיקייטן אין זיין פאַך. נאָך א יאָר, איז ער שוין א גראַ־דווירטער אינזשיניער. איך זע ניט אין דעם קיין געפאַר. באזונדערס איז נאָך עלזא א קינד פון פופצן יאָר. וואָס איז דאָ צו טראַכטן פון אזעלכע זאכן.

— איך זע אָבער ווייטער פון דיר, קורט. דו ביזט אביסל צו קאָנסער־וואטיוו. מען קען דיר ניט פון דיין גלייכגעוויכט ארויסברענגען. דו ווייסט ניט, אז היינטיקע פּופּצניאַריקע מיידלעך, נעמען שוין אויף דעם פּראָבלעם גאנץ אנדערש ווי אמאָל. אונדזער עלזא ווייסט שוין וואָס אזוינס ליבע איז, און ווי איך פאַרדאַכט, ליבט זי איזין.

— הער, קאטיע, לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אז דו ביזט טאקע גערעכט, אז אונדזער עלזא הויבט אָן ליבן איזין, טאָ וואָס שרעקסטו זיך אזוי? זיינען דען ווילי און זיין פרוי ניט אונדזערע בעסטע פריינט? זיינען זיי דען ניט גוטע און אָנשטענדיקע מענטשן?

— געוויס זיינען זיי דאָס, — האָט קאטיע געענטפערט, — איך ליב ווילין און סאָניען ביז גאָר. איזין ליב איך ווי אן אייגן קינד, אָבער זיי זיינען דאָך פאָרט יידן. עס ווילט זיך מיר ניט, אז מיין טאָכטער זאָל הייראטן א יידן, מעג ער זיין דער בעסטער. איך האלט מיך בא דאָס מייניקע, מען מוז אָפּהיטן די אייגענע ראסע און די בלוטריינקייט.

— זע, נאָך האָסטו ניט דעם אבסורד ארויסגעוואָרפן פון דיין קאָפּ. האָסט זיך ארייננגענומען די נארישקייט און האלסט דאָס ביז איצט. כאָטש דו אליין זעסט צו וועלכע מערדערייען און גרוילטאַטן דאָס האָט געבראַכט. דורך דעם אבסורד איז דייטשלאַנד טיף געזונקען.

קאטיע האָט א שמייכל געטאָן, — איך וואָלט וועלן זען, — האָט זי געזאָגט, — ווער עס וואָלט געווען איצט דיין פרוי, ווען איך וואָלט ניט געהאלטן פון דעם אבסורד און וואָלט געווען איצט פרוי וואלד.

— יאָ, דאָס איז דאָס איינציקע פארנופטיקע אין דעם אבסורד — האָט ער אויך מיט א שמייכל געענטפערט און א קושגעגעבן איר. — לאָמיר בעסער דעריבער זיך ניט מער אמפּערן. די זאך וועט זיך שוין ווי ניט איז דערליידיקן און וועט גיין איר נאטירלעכן גאנג.

און פונקט ווי קאטיע אמאָל האָט אלץ אויסגעפירט באַ אירע עלטערן האָט איר טאָכטער אויך איצט אויסגעפירט אלץ. זי איז שוין מער קיין דייטשלאַנד ניט געפאָרן. זי איז געפאָרן אין פּאריז.

איבער די גרויסע אייזערנע טויערן פונעם צוויי־שטאָקיגן הויז, אף דער גערטרוד־גאַס 10 אין ריגע, מיט דעם באנייטן מאָדערנעם פראָנט,

איז געווען אָנגעבראַכט אַ גרויסער שילד, וואָס האָט מיט שטאָלץ פון זיינע גאָלדענע בוכשטאַבן געלאָזט וויסן דער גאַנצער וועלט, אַז אין דעם הויף געפינט זיך די „געזעלשאַפט פאַר מאַשינענבוי און עלעקטריציטעט פון אינזשיניער וואַלד און מאַנטייפל", אויבן איז געווען די פּריוואַט־וווינונג פונעם אינזשיניער וואַלד.

אַ יאָר אומגעפער נאָך דעם שמועס צווישן באַראָן מאַנטייפל און זיין פרוי, איז אין דעם הויף פאָרגעקומען די צוגרייטונג פון אַ באַנקעט, וואָס דער אינזשיניער וואַלד האָט געגעבן לכבוד זיין זון איזי, וואָס האָט נאָר וואָס גלענצענד פאַרענדיקט זיין שטודיום אין פּאַריז. ער איז געקומען אַהיים, גראַדווירט מיט אַן ערשטקלאַסיקן דיפּלאָם, אַלס אינזשיניער־טעכנאָלאָג, פּונקט ווי זיין פאָטער.

דער באַנקעט איז געפייערט געוואָרן דעם אָוונט מיט גלאַנץ און פּראַכט. עס זיינען געווען אויפן באַנקעט פיל געסט און פאַמיליען־אָנגעהע־ריקע. אינזשעניער וואַלד שותף, באַראָן מאַנטייפל און פרוי זיינען, זעלבסטפאַרשטענדלעך געווען. סאָניעס פאַרהייראַטע שוועסטער מיט איר מאַן, איר פאָטער זלמן און אַנדערע, עס האָבן שוין געפעלט דער אַלטער מאַנטייפל, די אַלטע עטל, זיי האָבן שוין ניט דערלעבט דעם נחת פון זייערע קינדער. דערפאַר האָבן דאָרטן ניט געפעלט פאָרשטייער פון דער ריגער יידישער געזעלשאַפט, פאָרשטייער פון מוניציפּאַליטעט, רעגירונגס־פאַרטרעטער און אינדוסטריאַלן.

ווי שוין די מאָדע, האָבן אַלע באַגריסט דעם אינזשעניער. מען האָט אים, זיין פרוי און זון צוגעווונטשן און אין אַלע באַגריסונגען איז געקו־מען צום אויסדרוק, זיינע הויכע פאַרדינסטן וואָס ער לייסטעט, סיי צו זיין פאָלק און סיי צו דער רעגירונג, מיט זיינע איניציאַטיווען שטענדיק אויס־צובעסערן און באַרייכערן די לאַנד־אינדוסטריע. פאַר זיין ענערגיע און מיטאַרבעטערשאַפט אין אַלע פאַריינען און געזעלשאַפטן, וואָס צילן אויפ־צוהויבן דעם קולטורעלן און סאָציאַלן ניווא פון לאַנד, און פאַר זיין מוסטערהאַפטע דערציונג וואָס ער האָט געגעבן דעם זון זיינעם, דעם יונגן אינזשיניער וואַלד.

דעם שלום־וואָרט אפֿן באנקעט האָט געהאַט דער יונגער אינזשעניער אליין:

— געשעצטע פריינט — האָט ער אָנגעהויבן — דערלויבט מיר אויסצודריקן אייך מיין אופריכטיקן דאנק פאַר אייער פריינטשאַפט צו מיר, וואָס איר האָט היינט ארויסגעוויזן מיר און מיינע עלטערן, און פאַר אייערע ליבּ־ווערטער אף מיין אדרעס און אף דעם אדרעס פון מיינע עלטערן.

— וואָס איז שייך מיין צוקונפֿט, איבּער וועלכער מען האָט זיך דאָ אזוי פיל ארויסגעזאָגט, וויל איך באַמערקן, אז איך בין ניט בעסער און אויך ניט ערגער פון אלע יונגע מענטשן אין דער היינטיקער מאָדערנער וועלט. היינט צו טאָג, פאָדערט די מאָדערנע וועלט פון אלע יונגע פּראָפעסיאָנאלן און אינטעלעקטואלן, זיי זאָלן ווידמען זייער אינטעליגענץ און פעיקייט, זייערע רעספּעקטיווע פעלקער און לענדער. אזוי טוען די דייטשן, אזוי טוען די איטאַליענער, פּאָליאַקן, פראנצויזן, טשעכן, רוסן און אנדערע. איך געפֿין דאָס פאַר גאַנץ ריכטיק און נאָרמאַל. מען מוז ארבעטן פאַרן אופבוי און פּראָגרעס פון אייגן פאָלק און אייגן לאנד. דאָס זעלביקע וועל איך אויך טאָן. איך ווידמע מיין אינטעליגענץ און פעיקייט מיין אייגענעם פאָלק און מיין לאנד.

— איך בין טיף איבערצייגט, אז אונטער די אומשטענדן וואָס מיר לעבן, איז דער עלעמענטארסטער חוב פון א יידישן אינטעלעקטואַל, גלייכצייטיק מיט דער געטריישאַפט און דאנקבּארקייט צו דעם לאנד וואָס גיט אים גאַסטפריינטלעכקייט, אויך צו ארבעטן פאַר זיין אייגן לאנד און פאָלק. אונדזער פאָלק איז אופשטייג, אונדזער לאנד איז אופבוי, נויטיקן זיך אין אונדזער אינטעליגענץ און אונדזער הילף. דערפאַר, מיינע פריינט, האָב איך באשלאָסן, מיינע פאַך־טעטיקייט אָנצווווענדן אין פּאַלעסטינע. נאָכן פארברענגען א קורצע צייט מיט מיינע עלטערן, פאָר איך צוריק אין פּאריז און פון דאָרטן אין פּאַלעסטינע.

די באַראָנין קאַטיע מאַנטייפל, א שיינענדיקע און צופרידענע, איז צוגעגאנגען צום יונגן מאַן און אים א קוש געטאָן.

— איך בין גליקלעך מיט דיין ריכטיקע אופאסונג פון דיין חוב צו דיין פאָלק. דאָס איז דער חוב פון יעדערן צו זיין פאָלק.

---

מיט אייניקע מאָנאטן שפּעטער, איז אין דעם אריסטאָקראטישן קוראָרט קעמערן, אויך געווען א וויכטיקער צוזאמענקונפט. אין דער גרויסער ווילע פון די מאַנטייפלס, ווו קאטיע האָט געהערשט און געלאָזט פילן איר ווילן און ווו די צארישע סאטראָפּן פון אמאָל פלעגן ניט זעלטן זיך צוזאמענקומען, האָבן זיך איצט פארזאמלט די קרוין פון די באלטישע דייטשן. מען האָט דאָרט געזאָלט דיסקוטירן צוויי פאָרשלאָגן. איינער אַן עקסטרעמער, לויט דעם פארלאַנג פון דעם אַלטן באקאנטן ראָזענבערג, וואָס איז ווידער געוואָרן א נאָנטער פריינט מיט קאטיען; שאפן גינסטיקע באדינגונגען אינעם געגעבענעם מאָמענט ארייננצולאָזן אין לעטלאנד דייטשע טרופּן, פארטרייבן די לעטישע רעגירונג, עלעמינירן דאָרטן אלע יידן און זיך אָנשליסן אַן דייטשלאנד. א צווייטער, א מעסיקער. דאָס איז געווען קאטיעס פאָרשלאג. אינעם געגעבענעם מאָמענט שטירצן די לעטישע רעגירונג. זיך באפרייען דאָרטן פון יידישן איינפלוס, שאפן אן אייגענע דייטשע רעגירונג אין לעטלאנד, וואָס זאָל רעגירן אונטער דער פּראָטעקציע פון דער דייטשער רעגירונג.

דער באראָן קורט מאנטייפל איז שוין אריין צום סוף פון דער פאָרמולירונג פון קאטיעס פאָרשלאג. ער איז געווען אביסל צערודערט. זיין פּנים האָט אויסגעזען פארכמורעט.

— צו־שפּעט, — האָט ער געזאָגט צו זיין פרוי, — האָסטו זיך געכאפּט צו דער עלעמינירונג פון יידישן איינפלוס. נא לייען עטלעכע ווערטער פון אונדזער עלזאן, ספּעציעל פאר דיר צוגעשיקט.

די באראָנין האָט האסטיק א כאפּ געטאָן דאָס שטיקל פּאפּיר פון זיין האנט און גענומען לייענען:

„ליבע מוטער, — האָט זי געלייענט, — איך ווייס, אז איך וועל דיר פארשאפן פארדרוס מיט דער מיטיילונג, אָבער איינמאָל מוזטו דאָך דאָס ווייסן. אין קעגנטייל צו דיר, טראַכט איך אריין אין לעבן מיט אן אנדער מיינונג ווי דו. דו האָסט אין דיין צייט געליבט א יידן, האָסט אָבער ניט

געהאט דעם מוט די ליבע צו פארווירקלעכן. דו האסט דיין אופריכטיקע ליבע צעטראטן מיט דיינע פיס, ווייל דו האסט אריינגענומען אין קאפ די משוגעת און ווילדקייט פון דיין אמאליקן לערער, זיין טעאריע פון א ראסנריינקייט און בלוטריינקייט. דו האסט אזוי ארום פארשקלאפט דיין אייגענעם פרייען ווילן און גייסט צו א משוגענעם מאניאק. איך וויל ניט פארשקלאפן מיין ווילן און גייסט. איך וויל לעבן פריי, מיין גייסט זאל קענען זיין פריי און איך זאל ניט טאן דאס וואס אן אנדערער וועט פאר מיר באשטימען.

„איך ליב אופריכטיק און אמת'דיק איזין, איך ליב אים מיט דעם גאנצן ברען פון מיין יוגנט. איך ליב אים נאך פון מיינע פריע קינדער יארן און איצט גיי איך מיך פאראייניקן מיט אים אף אייביק. איך נעם איצט העברעישע קורסן, אזוי גיך ווי איך ווער דערמיט פארטיק, ווער איך א יידישקע און פאר מיט אים אין פאלעסטינע.

„דאס צו וואס דיר האט אויסגעפעלט מוט און אנטשלאסנקייט, טו איך מיט מיין גאנצן באוווסטזיין, אן וואקלעניש, פעסט און אנטשלאסן".

---

אומגעפער מיט א יאר שפעטער, האבן ארץ ישראל'דיקע צייטונגען אפגעגעבן זייער פיל פלאץ פאר דעם פאלגענדיקן פאקט:

„לעבן דער קאלאניע פתח תקוה, ניט ווייט פון שאסיי וואס פירט צו ירושלים, האבן צוויי אינזשעניערן אויסגעבויט א פאבריק און פאבריצירן די בעסטע און פערפעקטסטע מאשינען פאר דער לאנדווירטשאפט און אינדוסטריע. די מאשינען זייען אזוי פערפעקט און פרעציז, אז זיי שטייגן אריבער די מאדערנסטע און בעסטע מאשינען וואס ווערן פאברי־צירט אין ענגלאנד און דייטשלאנד. די גרעסטע סענסאציע איז אבער געווען, ווען די ביידע אינזשעניערן האבן פארעפנטלעכט זייערס א גע־וואגטן און פאנטאסטישן פראיעקט. דער פראיעקט באשטייט אין דעם: אויסבויען א קאנאל, וואס זאל פאראייניקן דעם געזאלצענעם ים מיטן מיטלענדישן. צום קאנאל זאל פאראייניקט ווערן אלע טייכלעך פון ארץ ישראל, און אזוי ארום וועלן זיי אופבויען א ריזיקע עלעקטריציטעט־ווערק, וואס וועט, מיט דער הילף פון מאדערנסטע און פערפעקטסטע

טורבינען און דינאמאָס, פּראָדוצירן די גאנצע עלעקטרישע קראפט וואָס דאָס לאנד באַדאַרף צו האָבן. די עלעקטרישע קראפט וועט זיין אומשטאַנד צו באַלויכטן אַלע ווינקעלעך אין לאנד און עלעקטריפיצירן אַלע אינדוס־טריעס. אַ דאַנק דעם ווערק, וועט ארץ ישראל זיין בכוח צו בויען די קאָמ־פּליצירטסטע פאבריקן און אינדוסטריעס און וועט קענען ווערן דער רע־זערוו פון אינדוסטריע פארן גאנצן אָריענט. בא דער דורכפירונג פון דעם פארעפנטלעכן פּראָיעקט און זיין רעאַליזירונג, שפּאָרט די רעגירונג פופ־ציק פּראָצענט פון איר בודזשעט וואָס זי גיט אוים איצט אַף באַלייכטן דאָס לאנד און אַלע אינדוסטריע־ארטיקלען וועלן ביליקער ווערן.

„די ביידע אינזשעניערן וואָס האָבן אַזאַ פּראָיעקט אויסגעארבעט, זיינען פאָטער און זון, זאב און יצחק וואַלד״.

ע נ ד ע

מיין האַרציקער יישר כוח דעם קאָמיטעט, וואָס האָט מיך באַערט מיט אַ טיי־אָוונט לכבוד דעם דערשיינען פון מיין בוך „גייסטיקע שקלאַפן״, דערמוטיקנדיק מיך צו ווייטערע ליטעראַרישע שאַפונגען און האָבן מיר דערמעגלעכט מאַטעריעל צו אַרויסגעבן דאָס בוך.

אַ גרויסן דאנק אויך אַלע לייענער, וואָס האָבן אַזוי ענטוזיאַסטיש זיך אָפּגערופן וועגן מיין ערשט דערשינענעם ראָמאַן.

ד ע ר מ ח ב ר

## פונעם זעלבן מחבר:

עם גרייט זיך צום דרוק

## פאַרקריפּלטע נשמות

אַ גרויסער ראָמאַן וואָס נעמט ארום
דעם מאָדערנעם יידישן לעבן אין
אַמעריקע, אין צוויי טיילן.